ש. טענענבוים

# דער אמת זאָל זיין דיין שטערן

אין דעם דאָזיקן ערשטן באַנד פון מיינע
אויטאָביאָגראַפישע שריפטן האָב איך
געפּרוווט צייכענען די פּאָרטרעטן פון
מיינע טאַטע-מאַמע. אויך צו געבן אַן
אַריינבליק אין דער אָפּשטאַמונג און כאַ-
ראַקטער פון מיין משפחה. ווי אויך צו
שילדערן די ערשטע אימפּרעסיעס און
איבערלעבענישן פון מיין קינדהייט און
פריער יוגענט בשעת דער ערשטער
וועלט-מלחמה.

ניו-יאָרק, 1960

S. TENENBAUM

# THE TRUTH SHOULD BE YOUR STAR

## BOOK I.

Address of the Author:
SHEA TENENBAUM
45-35 44th Street
Long Island City 4, N. Y.



Printed in U.S.A. by:
Futuro Press, Inc., 476 Broadway, New York 13, N. Y.
200

# דאָס טויטע געלט פון אַן אימפּעריע

אין איינעם פון מיינע ביכער, „אַ האַנט פאַרשרייבט", שרייב איך וועגן מיין פאָטער פאָלגענדע סך־הכל׳דיקע שורות וועגן זיין כאַראַקטער: „פון מיינע עלטערן האָט איך געירשנט אַלץ וואָס עס איז פאַראַן אין דעם דאָזיקן בוך און אין אַלע מיינע שריפטן. מיין פאָטער האָט געשטורעמט מיט קינסטלערישן טעמפּעראַמענט און מיט גייסטיקן אומרו. ער איז געווען אַ פילפאַרביקער, דראַמאַטישער כאַראַקטער, ווי פון בייראָנ׳ס אַ פּאָעמע. אים האָט כל־ימיו געצויגן צו מאַלעריי און צום שרייבן. די שטובן און דאָס מעבל האָט ער אָנגעטאָן אין גאָלדענע און אין זילבערנע קאָלירן. אויף אַלע ווענט און קעסטלעך האָט ער געמאָלן בונטעביימער און פאַנטאַסטישע מענטשן־פיגורן. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער פאַרשריבן די מאַרגינעזן פון די ספרים מיט מלחמה־געשעענישן און מיט משפחה־כראָניק. אים האָט געצויגן צו היסטאָריע. ער האָט גערעדט שיין און אויף אַ בילדלעכן אופן. און זיין טעגלעך לשון איז פול געווען, ווי רייפע פרוכטן, מיט זאַפטיקע שפּריכווערטער, מיט גערדיכטן פאָלקלאָר און מיט דורותדיק־אַלטע חכמה. מיין טאַטע האָט זיין גאַנץ לעבן געשטרעבט, געטראַכט, געחלומט און געזוכט גליק... מיין טאַטע האָט ביטער געקעמפט מיט זיין שיקזאַל. זיין שטערן אין הימל איז צו אים געווען אומפריינטלעך. אינסטינקטיוו האָט ער געפילט אַז אין אים גייען פאַרלוירן אוצרות פון שאַפונג. אַז דער קינסטלער אין אים ווערט באַגראָבן אין דעם קאַמף פאַרן שטיקל ברויט. דאָס האָט אים אָפט געמאַכט ביטער. אָפטמאָל אומפריינטלעך אַפילו צו אייגענע, צו ווייב און צו קינדער. זיין גאַנץ לעבן איז געווען אויסגעפילט מיט אומגעווייַנלעכער אַמביציע, מיט טיפער אַנטוישונג, מיט ביטערער אָרעמקייט און מיט אָפטע שלאַפקייטן. עס ציט מיך תמיד אָנצושרייבן אַ בוך מיין פאָטערס לעבן..."

* * *

יאָ, מיין טאַטנס לעבן ציט מיך שטענדיק אָנצושרייבן אין אַ בוך. און איצט, צום קאַפּיטל: „דאָס טויטע געלט פון אַן אימפּעריע". דאָס דאָזיקע קאַפּיטל וואָלט אין דער אמתן געדאַרפט שרייבן דער מייסטער פון דער נאָוועלע פון נייַנצענטן יאָרהונדערט, אָנאָרע דע באַלזאַק. וואָרים עס איז ער

וואָס האָט געוואָגט צו געבן אַ פרעסקאָ אין הונדערט בענדער פון דער ראָלע פון געלט אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. עס איז דער דאָזיקער מעכטי־קער נאָוועליסט וואָס האָט מיט זיין געניאַלער מייסטער־פען אָנגעשריבן די דראַמע פון געלט...

* * *

דאָס איז געווען באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דאָס רוסישע געלט האָט זיך ממש געוואַלגערט אין די גאַסן. מיין טאַטע, מער ווי יעדער אַנדערער מענטש אין פוילן, האָט נישט געקענט באַגרייפן ווי אַזוי דאָס געלט פון אַן אימפעריע, פון דער מעכטיקער צאַרישער אימפעריע, קען פאַרלירן איבגאַנצן זיין ווערט. מיין פאָטער, מיט זיין געוואַלטיקן זכרון און פאַנטאַזיע, האָט ווויל געדענקט די צייטן, ווען יעדער גראָשן פון אָט די מיליאָנען און מיליאַרדן טויטע רובעלס איז געווען אַ יש, האָט געמיינט ריינע און אמת׳דיקע גאָלד. ווען אַ האַלבע קופּערנע פרוטה האָט זיך געציילט. ער האָט ביי קיין שום אופן נישט געקענט פאַרגעסן די צייטן ווען אַ גרויער דרייער־רובעל איז געווען אַ היפּש פאַרמעגן. דאָס רוסישע, דאָס צאַרישע געלט איז געווען ריינער כישוף צו מיין טאַטנס זכרון. ער האָט גוט געדענקט וואָס אַלץ אַן אָרעמער מענטש איז דורכגעגאַנגען כדי צו קריגן אַ רובעל פאַרדינסט. ווי ביטער עס איז אָנגעקומען צו מאַכן אַ צאַרישן רובעל. ס׳איז מיט מיין טאַטן שטענדיק מיטגעגאַנגען אַ וואַלד מיט דערינערונגען פון גע־וואַלטיקער אָרעמקייט און ביטערע יסורים. פון הונגער און פון נויט. און די אַלמאַכט, דער צויבער, די קאָלאָסאַלע באַדייטונג פון רוסישן געלט האָט פאַר אים טאָג און נאַכט געלעבט. דאָס רוסישע געלט האָט צו מיין טאַטן קיינמאָל נישט געקענט שטאַרבן.

מיין פאָטער איז קיינמאָל נישט געווען קיין סאָציאַליסט. טראָצדעם וואָס ער איז געווען אַ ביטערער אָרעמאַן, איז ער געווען אַ פאַרברענטער ראָיאַ־ליסט. אין זיין כאַראַקטער איז געווען עפּעס שטאָלצס, אַריסטאָקראַטישס, אימפּעריאַלעס. ער וואָלט זיך אַוודאי גוט געפילט אין אַ קעניגלעכן הויף. אין אַלטן רוים וואָלט ער געווען צעזאַרס אָדער אויגוסטוס׳ס אַ גענעראַל. אָדער ער וואָלט אַליין געזוכט צו פאַרכאַפּן אַ קרוין, צו אוזורפּירן אַ טראָן. ער וואָלט אפשר אויך געגאַנגען צו זיין ציל מיט נישט שטענדיק די סאַמע ריינסטע מיטלען... וואָרים אַמביציע און דראַנג צו מאַכט רוּאינירן כמעט תמיד די מאָראַל פון אַ מענטש. ער איז פון שיקזאַל באַשטימט געוואָרן צו זיין אַ פירער, אַ גרויסער מאַרשאַל פון קעניגלעכע אַרמייען, אפשר אַליין אַ קיסר. ער האָט פיינט געהאַט די „סיציליסטן״ און האָט גערעדט מיט פאַראַכטונג וועגן די „נאַראָדניקעס״. די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן פון 1905טן יאָר האָבן אין אים איבערגעלאָזן אַ ביטערן נאָכטעם. אין אים

איז אָן ספק געווען דאָס שטאָל און דאָס אייזן פון אַ מענטש פון קעניג. וואָלט ער נישט געבוירן געוואָרן קיין איד, ביי אַ טאַטן אַ למדן, און וואָלט ער געווען ביי אַן אַנדער פאָלק פאָליטיש טעטיק, וואָלט ער אַוודאי געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער געשיכטע, אין די שטורעמדיקע, פּאָלי־טישע געשעענישן פון זיין צייט, אפשר די הויפּט־פּערזענלעכקייט פון אַן עפּאָכע.

צו מיין טאַטנס וויסן זיינען דערגאַנגען לעגענדעס וועגן דעם אופן ווי אַזוי די ראָטשילד'ס זיינען רייך געוואָרן. פאַרשטייט זיך אַז אַלץ איז געווען פאַרגרייזט. ער האָט וועגן דעם רייך ווערן פון דער משפחה ראָטשילד נישט געליינעט אין קיין ביכער פון געשיכטע און פינאַנץ. ער האָט נישט גע־ווּוסט די גענויע היסטאָרישע פאַקטן, די פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן פון זייער עפּאָכע. ער האָט אויף אַ פאַרנעפּלטן אופן גע־הערט אַז ראָטשילד האָט אין דער צייט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע אויפגעקויפט טויטע, פאַרלאָשענע געלדטער, בערגער מיט ווערטלאָזע באַנק־נאָטן, און שפּעטער, ווען די בורבאָנען זיינען צוריקגעקומען צו דער מאַכט אין פראַנקרייך, האָבן די שפּאָט־ביליק אויפגעקויפטע געלדטער צוריקגע־קרוגן זייער פריערדיקן גאָלד־ווערט... מיין פאָטער האָט פעסט געגלויבט אַז דער רוסישער צאַר וועט צוריקקומען צו דער מאַכט אין זיין ריזיקער מדינה. די טויטע רוסישע אימפּעריע, וואָס איז אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן דורך אַ „באַנדע אַוואַנטוריסטן, באַנדיטן און אינגלעך", וועט צוריק גלאָררייך אויפ־געלעבט ווערן. מיין פאָטער האָט באַשלאָסן צו ווערן אַמאָל אַ גרויסער גביר, אַ מיליאָנער. ווי אַזוי? ער וועט אויפקויפן די טויטע שמות, די שיינע, ווערטלאָזע באַנקנאָטן פון דער צאַרישער אימפּעריע. דאָס איז געווען אַ גראַנדיעזער חלום און אַ פאַנטאַסטישער פּלאַן...

* * *

עס איז געווען די צייט, ווי געזאָגט, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די וועגן פון דער וועלט זיינען צוריק אויפגעעפנט געוואָרן און ווען מיר האָבן אָנגעהויבן צו קריגן בריוו פון אונדזערע ברידער אין אַמעריקע. צוזאַמען מיט די דערהאַלטענע בריוו פלעגן אָנקומען גרינע, לענגלעכע באַנקנאָטן: אַמעריקאַנער דאָלאַרן. מיינע ברידער זיינען געווען קליינהענד־לער, בעלי־מלאכות. יעדער טאָלער האָט זיי געקאָסט בלוט. מיין טאַטע, ווי נאָר ער האָט געקראָגן אַ באַנק־אַנווייזונג אויף געלט, פלעגט יעדן טאָלער באַלד אויסטוישן אויף רוסישן געלט. דאָס צאַרישע געלט איז געוואָרן זיין גרויסע אילוזיע. זיין גראַנד־מאַניע, זיין גראַנדיעזער חלום, זיין לעבנס־דיכטונג.

צו אונדז אין הויז אַריין פלעגן קומען אידן און אידענעס פון די וויטסטע קאַנטן פון דער מדינה קרוינפּוילן. מיין טאַטנס רום האָט דערגרייכט אַלע

ווינקלען פון לאַנד. מען האָט געהערט פון אַ מין „באַנקיר" וואָס קויפט אויף דאָס אַלטע רוסישע געלט. נישט די באַנקנאָטן פון קערענסקי און קאָרנילאָוו, פון דעניקין און מאַכנאָ, פון קאַלטשאַק און פעטלורא, נאָר דאָס אמת'דיקע, אימפעריאַלע, צאַרישע געלט. מען האָט אין די פנימער פון די דאָזיקע שוין נישט יינגע מענטשן געקענט לייענען די געשיכטע פון די ליידן און יסורים ביים פאַרדינען דאָס דאָזיקע רוסישע געלט, וואָס איז יאָרנלאַנג געלעגן באַגראָבן אין אייזערנע קאַסעס, אין געקאָוועטע קופערטס, אונטער צעפוילטע שעניקעס, אין טיפענישן פון אַלערליי ווינונגס־באַהעלטענישן און פאַרבאַרגענישן. דאָס געלט האָט געשמעקט מיט נאַפטאָלין און געשטונקען פון וואַנצן.

אין געציילטע יאָרן זיינען געפאַלן טראָנען און דינאַסטיעס. ריזיקע שטאַטס־מאַשינען זיינען פאַרניכטעט געוואָרן. צאַרן און קעניגן האָבן פאַרלוירן זייערע קרוינען און זייערע לעבנס. ס'האָבן אין גרויסן רוסישן לאַנד, פונם דניעפּער ביז דער וואָלגע, פונם איראָפּייאישן ביזן אַזיאַטישן רוסלאַנד, געבושעוועט די פאַרביסענע רעוואָלוציאָנערן. ס'האָבן געקלונגען ווייט און ברייט איבער דער וועלט לעגענדאַרע נעמען: קערענסקי, לענין, טראָצקי און דזשערדזשינסקי. די ציטונגען זיינען פול געווען מיט נייעס פון וועלט־פּאָליטישע קאָנפערענצן. די נעמען קלעמאַנסאָ, פּואַנקאַרע, בריאַנד, טשיטשערין און גראַף טשערני האָט מען כסדר געליינט אין דער אידישער פּרעסע פון פּוילן: אין „היינט" און אין „מאָמענט". הונגער האָט געהערשט אין אַ סך לענדער. קרעציקייט, טיפוס, אַלערליי ווילדע עפּידעמיעס, ווי די „הישפּאַנקע", וואָס האָבן אויסגעקאָסעט וועלדער מיט מענטשן, האָבן ברייט און שטורמיש געהערשט איבער דער חרוב געוואָרענער ערד פון אייראָפּע. מחנות אינסעקטן און טויטלעכע באַצילן האָבן זיך פּראַנק און פריי געמערט. און איין און איינציקער מענטש האָט געלעבט אין שטעטל פּולאַוו, וואָס האָט אין זיין מרה־שחורה און טרויעריקער בענקשאַפט נאָך רייכקייט, באַשלאָסן אויפצוקויפן דעם צאַר'ס טויטע געלט, וואָס האָט צו אים געהאַט אַ געוואַלטיקע צוציאונגס־קראַפט, אַ משוגענעם כישוף...

מיין פאָטער'ס רום האָט זיך, ווי געזאָגט, פאַרשפּרייט איבער גאַנץ פּוילן, און אַריבער די גרענעצן אַפילו, ביז פּראָג, לייפּציק און אַזש ביז וויען און בערלין... איך האָב דערזען פאַר זיך אַ מאָדנע פאָלק: אידן און אידענעס, אַלע קלאַסן מענטשן, פון אַ שדכן ביז אַ בדחן, אַ קצב, אַ רב, אַ פערדגשינדער, אַ פאַרזעסענע כלה, אַ שמוגלער, אַ גלח, אַ זייגערמאַכער, אַ שמאַטשאַרזש. די דאָזיקע פּערסאָנאַזשן פון אַ מאָדנער און פאַנטאַסטישער דראַמע פלעגן אָננעמען אַ פאָזע פון וויכטיקייט און געהיימנישפולקייט. זיי פלעגן אָנקלאַפּן אין די גרינע לאָדנס, אין די פאַריגלטע טירן, אין טינט־בלויען און לייוואַנט־גרויען באַגינען. שפּעט ביינאַכט פלעגט אַמאָל פאַרבלאָנדזשען

אַן אַלטער פאַרבאַרגענער איד מיט אַ אידענע, מיט אַ גראָבן, פינצטערן קיישל. זיי פלעגן מיט ציטערנדיקע, ליים־געלע הענט אַרויסציִען פון טיפע זעקלעך צעקנייטשטע פּעקלעך רוסיש געלט. דאָס איז געווען אַ שטאָלץ, אַמאָל מעכטיקע געלט. עס איז דורכגעגאַנגען די גייציקע הענט פון אַלע קלאַסן מענטשן. עס איז געווען צעקנייטשט און צעקנאָדערט. עס האָט געהאַט אויף זיך פלעקן פון אייגעלעכלעך און טיי, פון קנאָבל און פון הערינג, פון רייז און פון צימעס. פון ציבעלעס און פון וויין. דאָס געלט האָט דערציילט אַ געוואַלטיקע געשיכטע! אַ גראַנדיעזע עפּיק! מענטשן האָבן איבער דעם געבלוטיקט, צום לעבן און צום טויט, אַזוי ווי ביים געבורט פון מענטש און ביים שטאַרבן. מענטשן האָבן עס גערויבט און זיינען געהאַנגען געוואָרן אויף תליות. עס איז געווען פאַרפלעקט אין בלוט און אין טרערן פון דער מענטשהייט. עס האָט געבלוטיקט איבער ריזיקע שטערנס פון די שטאָלצע צאַרן. עס איז געווען דאָס געלט פון אַן אימפּעריע, פון אַ זעקסטל פון פּלאַנעט. עס איז געקומען פון פּאַלאַצן מיט דעכער פון גאָלד און פון ליימיקע כאַטעס באַדעקטע מיט שטרוי. עס האָט געקענט דערציילן די עפּישע געשיכטע פון קעניגלעכע שלעסער און הייזער, פון קעניגן, קורטעזאַנעס און קורוועס. פון פירשטן און פון קאָרטנשפּילער. דאָס איז געווען דאָס פּלאַם־פאַרבלוטיקטע געלט פון פּאָלק. און עס האָט צו מיר דערציילט די ברייטע, די עפּישע היסטאָריע פון אַ גאַנץ פּאָלק. פון אַ סך פעלקער פון דער אַלטער, צאַרישער מלוכה.

בייטאָג האָט ביי אונדז געשוויבלט און געגריבלט מיט יידן און אַפילו גוים, וואָס האָבן געבראַכט דאָס רוסישע געלט. מיין מאַמע איז אַרומגעגאַנגען אַ קליינע, אַן איינגעשרומפּענע, אַ תמיד־הונגעריקע, ווייל זי האָט כל־ימיו געפאַסט. וואָרים מען האָט אין שטוב אַריין קיין עסן נישט געקויפט. מען האָט זיך פּשוט נישט פאַרגינען קיין שטיקל ברויט, קיין פלייש, קיין הערינג, קיין ביסל פעטס. ווער שמועסט נאָך פון וויין, קאַווע, פון צוקער צי פון צימערינג. אַלע זיינען מיר טאָג־און־נאַכט געווען טויט־הונגעריקע און פאַרקלעמטע פון ביטערער קריינקונג. וואָרים מיר אַלע האָבן קלאָר און מורא־דיק געזען דאָס פאַרברעכן וואָס אונדזער פאָטער באַגייט אַנטקעגן אונדז: נישט געענוג וואָס מיר האָבן שווער געליטן און געהונגערט דורך די פינצטערע מלחמה־יאָרן, נעמט ער און גיט אַוועק די שווער־אויסגעהאָרעוועטע טאָלערס וואָס עס שיקן אונדז פון ניו־יאָרק און פון אָקלאַהאָמאַ אונדזערע ברידער, און ער קריגט דערפאַר שווערע פודן מיט טויטן, אָפּגעבלאַקירטן, געלן רוסישן געלט וואָס האָט נישט קיין שום ווערט. דאָס איז געווען אַ רציחה נישט איבערצוטראָגן.

מיין מוטער איז דערצו אויך געווען אייפערזוכטיק... וואָרים ס'האָבן

זיך פּלוצלינג באַוויזן שיינע פרויען, אַלערליי פּריצות און פּראָסטיטוטקעס, וואָס האָבן דורך כּל המינים פינצטערע און פאַרדעכטיקע פּראָפעסיעס אָנגעזאַמלט פאַבלהאַפטע פאַרמעגנס וואָס זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַש און פּראָך. אוצרות און האָפענונגען וואָס האָבן זיך אויסגעלאָזט אין טויטע טייכן. די פרויען פלעגן אויספּאַקן גאַנצע פּעק מיט צאַרישע באַנקנאָטן. זיי האָבן דערביי געשמייכלט צו מיין טאַטן... זיי האָבן געוווסט אַז מען קען מיט אַ ווינק פונם אויג, מיט אַ פאַרשייטן שמייכל און מיט אַ צווייִדייטיקן וואָרט מאַכן אַ בעסערע טראַנזאַקציע... דעם טאַטנס אויגן האָבן געפלאַמט איבערן פּיזישן עשירות... איבערן מעכטיקן, עראָטישן לייב פון פרויען... פון אונטער ייִנגע בריסטן האָבן זיי אַרויסגענומען אויסגעוואָרעמטע געלדטער... פון אונטער הויך־פאַרצויגענע זיידענע זאָקן זיינען אַרויסגענומען געוואָרן הייסע פּעקלעך באַנקנאָטן מיט פאַרטרעטן פון אויפגערעגטע צאַרן... שיינע, גראַציעזע דאַמען־הענט האָבן פלינק געציילט פאַנטאַסטישע פאַרמעגנס... מיין טאַטע איז געווען אַרומגערינגלט פון אַ פאָלק פון פרויען וואָס ער האָט קיינמאָל אין זיין לעבן נישט געחלומט צו זען. וואָרים צווישן די איצטיקע וועשינס זיינען געווען אַמאָליקע וואַזשנע פּרינצעסינס און קרובים פון קעניגלעכע דינאַסטיעס, פרויען מיט מאַניערן און מיט שיק, אין טייערע, פירשטלעכע און פילפאַרביקע קליידער... עס איז דעריבער נישט קיין שום וואונדער וואָס מיין מוטער איז געווען פאַרשעמט און פאַרצווייפלט פון ברענענדיקער אייפערזוכט. אָבער נישט די דאָזיקע רייצנדיקע פרויען האָבן אַזוי שטאַרק פאַרדרייט דעם צעהיצטן קאָפּ פון מיין געלטשיכורן טאַטן — נאָר די צאַרן און די צאַריצאַס פון טויטע בערג און פּיראַמידן פון אַמאָל פאַנטאַסטיש־מעכטיקע באַנקנאָטן האָבן אים געהאַלטן געפאַנגען... נאָך מער ווי די לעבעדיקע עראָטיק פון די זינדיקע און אויסגעלאַסענע פרויען ,האָבן אים באַהערשט אָפּגעדאַנקטע און אַבדיקירטע הערשער מיט זייער אַמאָליקער געוואַלטיקער מאַכט און גאָלדענעם רייץ...

אין דער צייט פון דער מלחמה און אַ היפּשע עטלעכע יאָר אויך דערנאָך, פלעגט מען קוקן צי די באַנקנאָטן זיינען נישט אַדורכגעלעכערטע. פאַרן מינדעסטן לעכל אינם געלט פלעגט מען די באַנקנאָטן אויסבראַקירן. מען פלעגט אָצינדן לאָמפּן און קוקן ביים פלאַם פון דער קנויט צי דאָס געלט איז נישט אַדורכגעלעכערט. איך געדענק ווי מען פלעגט אָנצינדן חלבנע ליכט ביי אונדז אין שטוב און דורכקוקן דאָס געלט. דערביי זיינען געבליבן שטעקן אין מיין זכרון פאַנטאַסטישע פּנימער פון ייִנגע מענטשן און פון זקנים, פון פירשטן און שפּעקוליאַנטן, פון צאַרישע עמיגראַנטן און פּאָגראָמשטשיקעס ; פון פּרינצן און גענעראַלן, פּאַריאַגטע ווי בלעטער אין שטורעמווינטן פון דעם צאַר׳ס אימפּעריע. פּנימער גראָטעסקע און מאָדנע, וואָס איך

האָב זיי ווידער באַגעגנט, אין די שפּעטערדיקע טעג פֿון מיין לעבן, אין דער רוסישער ליטעראַטור. פֿנימער וואָס איך האָב דערזען אויפֿלייכטן אין די ברייטע, שטורעמדיקע בלעטער פֿון טאָלסטאָיס און דאָסטאָיעווסקיס ראָמאַנען; אין טשעכאָווס, אין גאָרקיס, אין קופּרינס און אין אַנדרעעווס דערציילונגען. פֿנימער פֿון שיינע, שטראַלנדיקע פֿרויען, אַזוי ווי אַרויס־געגאַנגען פֿון דעם אַלטמאָדישן גאָלד און קאָפּעטש פֿון הערלעכע איקאָנעס. אַרויסגעגאַנגען פֿון פּראַוואָסלאַוונע צערקוועס, פֿון מאָנאַכישע מאָנאַסטירן און קאָנווענטן. איך האָב וועגן זיי געלייענט אין די ווערק פֿון מאַקסים גאָרקי, לעאָניד אַנדרעעוו און טשעכאָוו, אין די שפּעטערדיקע טעג פֿון מיינע ליטע־ראַרישע אַספּיראַציעס. ביים שיין פֿונם דריי־ער־לעמפּל, אָדער חלבנע ליכטל, האָבן אויפֿגעלויכטן, ווי אָנגעטאָן אין זייד־און־זונען, הערלעכע קעפּ פֿון פֿרויען און פֿון מענער. עס איז אָפּט אויפֿגעגאַנגען אינמיטן נאָכט אַ פּובלי־קום וואָס האָט פֿאַרגעשטעלט די בונטע פּרעסקאָ פֿון שטורעמדיקער גע־שיכטע אין די לעצטע צענדליקער יאָרן. דאָ האָט מען געקענט לייענען, אין ליכט פֿון לאָמפּ און ליכטלעך, די שטורמישע עפּיק פֿון מלחמה, רעוואָלוציע, פֿון פֿלעקן־טיפֿוס און הונגער. אין די אויגן פֿון די דאָזיקע מענטשן איז גע־ווען געשריבן אָפֿן פֿאַרן שרייבער פֿון די דאָזיקע שורות די געשיכטע פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

ביי טאָג האָט אין אונדזער הויז געטומלט ווי אין אַ גרויסער באַנק אין צענטער פֿון אַן איימפּעריש־גרויסער שטאָט. אויך ביינאַכט פֿלעגן קומען אַלערליי פֿאַנטאַסטישע מענטשן, וואָס דער שרייבער אין מיר פֿלעגט דער־זען ווי געוואַלטיקע דערשיינונגען. שפּעט ביינאַכט, נאָכן טומל און משוגע־נעם טאַנץ פֿון געלט און כאַראַקטער, נאָך די מאָדנע און ביזאַרע דערשיינונ־גען פֿון מענטשלעכע שיקזאַלן — פֿלעגן מיר זיך נעמען צום אויסקנייטשן דאָס רוסישע געלט. עס אויסקנייטשן פֿון די קנייטשן וואָס מיליאָנען און מיליאָסן מענטשן האָבן דערין אַריינגעקנייטשט און אַריינגעקנאָדערט. מען האָט באַדאַרפֿט עס אויסגלייכן און אויספּרעסן פֿון די שטורעמס פֿון די צייטן, פֿון די ציין פֿון רעוואָלוציעס און מלחמות, פֿון די גיריקע פֿינגער פֿון די דורות, פֿון די משוגענע הענט פֿון מיליאָנען מענטשן אין דער גרויסער רוסישער אימפּעריע. אונדזערע מידע, מאַטע און פֿאַרצערטע פֿינגער, אונד־זערע ציטערנדיקע און נערוועזע הענט, דערשעפּטע פֿון הונגער, דורשט און שלאָפֿלאָזיקייט, פֿלעגן אויפֿקנייטשן טויזנטער און מיליאָנען רובעלס, וואָס אַ ריזיקע אימפּעריע מיט פֿעלקער און מענטשן האָט אין משך פֿון יאָרהונ־דערטער איינגעקנייטשט און איינגעבראָדיקט מיט איר שטויב, איר בלוט און אירע טרערן. פֿיינלעך און טרויעריק זיינען געווען די דאָזיקע נעכט פֿון שלאָפֿלאָזיקייט. די לאָדנס פֿון די פֿענצטער זיינען געווען פֿאַרמאַכט, פֿאַר־

העמערט און פּאַרפּעסטיקט מיט אײזערנע פּרענטן. כּדי מען זאָל פּאָרט נישט קענען אַדורכקוקן דורך די דינע שפּאַרונעס, פלעגט די מאַמע אויפהענגען פון אינעווייניק איבער די פענצטער פינצטערע זעק און אַלטע שמאַטעס און מלבושים. די ליכטלעך פלעגן טריפן, שפּריצן און שטינקען און קנאַקן, ווייל דאָס חלב איז געווען פון אַ שלעכטער, אָרעמער קוואַליטעט. נאָפט איז צו יענע צייטן געווען אַ געוואַלטיקער לוקסוס, וואָס נאָר שמוגלערס און שפּע־קולאַנטן האָבן זיך געקענט פאַרגינען. און ביי אָט דעם קאַרגן ליכט האָט מען געקנייטשט און אויפגעקנייטשט דאָס געלט פון דער אַמאָל מעכטיקער צאַרישער הערשאַפט. און טראָץ די קנייטשן און די פינצטערע פאַרברודיקט־קייט פון מיליאָסן הענט פון אַלע שיכטן פונם פאָלק, וואָס האָבן דאָס געלט געקנייטשט, געקנאָדערט, געקניפּן און געריסן — אין אייביקן וואַנזיניקן הונגער און דעליר נאָך געלט, וואָס איז כּישוף און טייוול און גאָט אויף דער ערד — איז עס געווען אַ שטאָלצע, אימפּעריאַלע געלט. עס האָט פון זיין מאַיעסטעטישער חשיבות נישט פאַרלוירן. קעניגן און סצעפּטערס האָבן שטאָלץ אַרויסגעלויכטן ווי די שטערן פון די פּרעכטיקע געלט־דעקאָראַציעס. מיט פאַרשלאָפענע און באַטריבטע אויגן פלעג איך באַטראַכטן די שיינקייט פונם געלט. עס זיינען מיר געבליבן אין זכרון געמעוי די דעטיילן פון קונסט און שיינקייט. דער ברוד פון יאָרהונדערטער האָט נישט געקענט פאַרטונק־לען און פאַרנאַכטיקן דעם אימפּעריאַלן גלאַנץ און גלאָריע פון שטאָלצע, מאָנומענטאַלע צאַרן און צאַריצעס. דאָס גאָלד איז געווען דאָס אַמביציעזע און דאָס שטאָלצע געלט פון אַ גראַנדיעזער און פינצטער־דעספּאָטישער מאַכט.

דער טאַטע פלעגט אָפט צורופן דער מאַמען, וואָס איז געזעסן שפּעט ביינאַכט אין אַ ווינקעל און האָט געצערעוועט אַ זאָק, אָדער פאַראַכטן אַ צע־פליקטן מלבוש. ער פלעגט צו איר זאָגן:

— נו, רחל־לאה, קוק נאָר אָן די קייסעריגע יעקאַטערינע! האָסט שוין ווען עס איז געזען אַזאַ שיינע ווייבספאַרשוין? האָסטו זיך געקענט פאַר־שטעלן אַז מיר וועלן האָבן אַזאַ אוצר?!

די מאַמע, אַ געוואונענע פון טאַטנס פלוצלינגער אויפמערקזאַמקייט צו איר, פלעגט זיך איינבויגן און אָנקוקן אויפן ברייטן הונדערטערדובעל די קייסערינע יעקאַטערינע. יעקאַטערינאַ די גרויסע, אַ דייטשע פּרינצעסין, קוקט אַרויס אַזאַ מין שטאָלצע און אַ קעניגלעכע פונם פּאָרטרעט אַרויס. די קליינע קרוין פון געשמידטן גאָלד שטעקט אין איר גרויסן קאָפּ מיט גע־לאָקטע, גאָלדענע און רייצנדיקע האָר. איר פּנים איז גרויס און בלייך. עס מוז איר זיין שרעקלעך הייס אין דעם דיקן, קעניגלעכן פוטער מיט די פילע קליינע ווינדעלעך. נעבן איר שטייט אַ נאַקעטיקער מאַן, מיט אַ לאַנגער

שווערד, און ער באַשיצט די צאַריצאַ, די רוסישע קלעאָפּאַטראַ... דער מאַן איז דווקא נישט פון די געוואַלטיקע גבורים. אַרום זיין טונקעלן קאָפּ האָר איז אַרומגעוויקלט אַ ווייסער באַנד. די לאַנגע שווערד האַלט ער גיכער אין זיינע הענט ווי אַ מין דעקאָראַציע. די צאַריצאַ האָט שוין געהאַט מעכטיקערע מענער... פון וואַסער־פּאַפּיר קוקט זי אַרויס, די טויטע קעניגין, וואָס האָט קאָרעספּאָנדירט מיטן פילאָזאָף וואָלטער. ווי אַ גייסט, ווי אַ ספּעקטער, קוקט זי אַרויס פונם וואַסערפּאַפּיר... עס דערמאָנט מיך אין דער קעניגין פון שבא, וואָס קומט צום קלוגן קיסר שלמה אין דעם גלעזערנעם שלאָס און מיינענדיק אַז דער קעניג איז אין באָד, הויבט זי זיך אויף דאָס זיידענע קלייד, אַזוי הויך אַז דער קיסר דערזעט אַזש די טונקעלע האָר פון אירע פיס... ווי אַזוי האָט די צאַריצאַ יעקאַטערינאַ זיך געקענט אַריינלעגן אין טרומנע אויף אַזאַ לאַנגער צייט, אָן אַ מאַן, ווייסט בלויז איין גאָט... און עס טראַכט זיך אין דער שפּעטער נאַכט: די מעכטיקע קעניגין פון גרויסן רוסלאַנד. זי איז געגאַנגען שלאָפן צוגלייך מיט אַלע שיינע דאַמען פון איר צייט... אַ ריזיקע האָט זי זיך געלעגט אין איר גאָלדענער טרומנע... האָט זי זיך נישט אַנטקעגנגעשטעלט דעם טויט מיט איר געוואַלטיקער עראָטיק? האָט זי זיך נישט געשלאָגן מיטן מלאך המות? האָט זי מיט אים נישט גע־פלירטעוועט און אים נישט איינגעלאַדן אין איר קעניגלעכן בעט, צו איר מיט רויזן און בשמים־שמעקנדיקן געלעגער?...

די מאַמע קוקט אָן אַ טרויעריקע די שיינע צאַריצע. זי זאָגט ענדלעך:

— זע נאָר טאַטע, מאַטל, ווי שיין עס איז די פּריצה!

— עס איז נישט קיין פּריצה, רחל־לאה! — זאָגט שוין איצט אַ בייזער דער טאַטע. — עס איז די אַלמעכטיקע הערשערין פון דעם גרויסן רוס־לאַנד. — און ער רייסט אַרויס פון דער מאַמעס געלט, רעוומאַטישע הענט דעם אימפּעריאַלן באַנקנאָט. דער טאַטע איז אַליין אין דעם מאָמענט פאַר־וואַנדלט געוואָרן צו אַ שטיק צאַרנדיקער צאַר. דער טאַטע רירט געוויינלעך אָן יעדער באַנקנאָט מיט גרויס צערטלעכקייט. דער טאַטע האָט אַ סך פאַר־געניגן ביים קנייטשן אַזוי פיל געלט. אמת, די גאַנצע וועלט ווייסט אַז עס איז טויטע, ווערטלאָזע געלט. אָבער פאַר אים, פאַרן טאַטן, שטייט אַלץ די צייט ווען דאָס דאָזיקע געלט איז געווען אַזוי מעכטיק. ווען מען האָט זיך דערמיט געקענט פאַרשאַפן אַלע פאַרגעניגנס און רייכטימערס פון דער ערד.

דער טאַטע פּאַקט איין דאָס געלט אויף אַ פאַרזיכטיקן אופן. ער ציילט עס אָפּ:

— איין טויזנט רובעל. צוויי טויזנט... צען טויזנט... הונדערט טויזנט... אַ גאַנצער גרויסער מיליאָן מיט צאַרסקע רובעלס...

יעדער פּעקל געלט הילט ער איין אין אַ געלן באַנדעראָל און שרייבט

אָן דערויף גענוי, אין קאַליגראַפיש־ריינע און גרויסע ציפערן, די חשובע סומע... די מאַמע נעבעך צערעוועט שטילערהייט דעם זאַק, אַן אייפּערזוכ־טיקע... ווער איז דען די דאָזיקע איבערגעוואַקסענע, דייטשע פּריצה וואָס איז אויסגעשלאָפן מיט אַ וועלט מיט מענער?!... זע, מאָטל, ווי דיין אייגן ווייב גייט אויס פון הונגער און אומעט... טו בעסער אַ שמייכל צו דיין לעבעדיקן ווייב, וואָס לעגט דיר צו אַ גאַנץ לעבן הייסע קאָמפּרעסן צום בויך, וואָס שמירט דיר אויס דאָס לייב מיט טערפּענטין ווען דו ביסט שלאַף. וואָס שטעלט דיר ביינקעס אויף דער פּלייצע ווען דו ביסט צוגעקילט; וואָס שטעלט דיר אַוועק יעדער נאַכט אַ גלעזעלע מילך ביים בעט, אויף צום שטילן דיין הוסט... האָב רחמנות, מאָטל, אויף דיין אָרעם און צעבראָכן ווייב...

דער טאַטע האַלט איצט אין האַנט אַ פּעקל מיט פינף הונדערטער רו־בעלס. אים געפעלט שטאַרק אויפן ברייטן, בלייכן און קלאָרן פינף הונדער־טער רובעל דאָס געשטאַלט פון פאַריסענעם צאַר פּעטער דער גרויסער. דער שטאָלצער, פּראַקטישער צאַר, וואָס האָט אַמאָל געקעמפט מיט די שוועדן און האָט פאַרנומען עסטאָניע און לאַטוויע; וואָס האָט אויפן ברעג פון דער נעוואַ אַוועקגעשטעלט פאַר די קומענדיקע דורות אַ ריזיקע שטאָט, סאַנקט פּעטערסבורג, אין וועמענס גאַסן פּושקין און לערמאַנטאָוו האָבן ביינאַכט אַרומגעשפּאַצירט, מיט בייראָניסטישן טרויער אויף זייערע בלאַסע שטערנס, איינגעהילטע אין וועלט־שמערצלערישן לבנה׳דיקן ליכט... דער טאַטע רימט פּעטערן און ער זאָגט:

— אָט דאָס איז אַ קיסר! ווען נישט צאַר פּעטער, וואָלט נאָך רוסלאַנד היינט געווען אַן אַזיאַטישע מדינה. דו דאַרפסט פאַרשטיין אַז ער האָט זיך געלערנט ווי אַזוי מען בויט שיפן אין האָלאַנד. ער האָט מיטגעבראַכט פון אייראָפּא געשולטע בעלי־מלאכות, אַרכיטעקטן און אַפילו שיפס־קאַפּיטאַנען. ער האָט געבויט אַ פלאָט און האָט אָרגאַניזירט די אַרמיי. פּעטער האָט אויפ־געשטעלט פּאַלאַצן, גערטנער, פאָנטאַנען און סטאַטועס. דאָס איז מיין צאַר.

דער טאַטע רעדט ווי ער וואָלט אויסווייניק געלייענט אַ געשיכטע פון רוסלאַנד אין אַ שולע פאַר קינדער. ער פאַרשווייגט פּעטערן דעם טיראַן און דעם מערדער פון זיין אייגענעם זון... דער טאַטע קנייטשט פאַרזיכטיק און מיט גרויס פּיעטעט דעם פינף הונדערטער באַנקנאָט. צאַר פּעטער טראָגט אַזאַ פיינעם, ערשט־אָפּגעפּוצטן אַנצוג. די לאַנגע, קעניגלעכע לאָקן הענגען לויז אַרונטער, שוין אַביסל גרוילעכע. ער זעט אויס אַזוי ווי אַ רוימישער שטאַטסמאַן. און פונם דורכזיכטיקן וואַסער־פּאַפּיר קוקט ער אַרויס, עפּעס גרעסער, געשוואָלענער און נאָך מעכטיקער... עס איז ווי ער וואָלט אַרויסגעקוקט פון וואַסער אַרויס, פון די וואָלקנס, פון גלאָז פון צייט, אַזוי ווי אַ גייסט, אַנגעטאָן אין אייביקייט, אין אומשטערבלעכקייט. דער גע־

וואָלטיקער צאַר פון די רוסן וואָס האָט דעספּאָטיש און קאָנסטרוקטיוו געבויט זיין אימפּעריע. פאַר אַזאַ שטאָלצן באַנקנאָט האָט מען זיך געקענט דינגען אַ פּאַלאַץ ערגעץ ביים שווארצן ים אין דעם פּאַלמענרייכן קרים... דעם קעניגלעכן, גאָלדענעם סצעפּטער האַלט אין איר האַנט אַ יינגע פרוי, אַ פּאָרטראַכטע און בתולה׳דיק־אומשולדיקע, קינדיש און צאַרט, מיט אַ זיל־בערנעם בראַסלעט אויף איר רונדע, פיין־געפאַרעמטע האַנט. אַ גאָלדענע קרוין צירט אירע האָר...

איך פּרוּוו זיך אַביסל רייצן מיטן טאַטן. עס קריינקט מיך ביטער וואָס איך באַדאַרף אַזוי שפּעט ביינאַכט קניטשן דאָס רוסישע געלט. מיינע אויגן קלעפּן זיך פון שלעפעריקייט. אויפן חשבון צונם צאַר פעטער פּראָ־טעסטירט אַ שטימע אין מיר:

— טאַטע, דער צאַר פעטער איז געווען אַ בלוטיקער טיראַן. ער האָט מיט זיינע אייגענע הענט דערמאָרדעט די אַדעלליט און קירכנמענטשן, וועלכע האָבן זיך געוואַגט אַנטקעגנצושטעלן זיינע פּלענער און אַמביציעס. אָט זע, טאַטע, זיינע גרויסע הענט זיינען פאַרבלוטיקט פון דעם וואַרעמען בלוט־טריף פון זיין אייגענעם זון אַלעקסיס...

דער טאַטע איז אויפגערעגט... ער קוקט מיך בייז אָן. אין זיינע נערוועזע הענט איז פאַראַן אַ דיקער פּאַק מיט די באַנקנאָטן פון פינף הונדערטער רובלעס... ער פאַרצייכנט אויפן געלן באַנדעראָל: הונדערט טויזנט רובלעס... די באַנקנאָטן זיינען איצט אַלע אויסגעקנייטשטע... אויסגעקנייטשטע פון די הענט פון פאָלק וואָס האָבן אין משך פון צענד־ליקער יאָרן די באַנקנאָטן געקנאָטן, געבראָכן און איינגעקנייטשט ווי מיט אייזערנע הענט...

איך לאָז נישט אָפּ און פּראָטעסטיר ווייטער:

— טאַטע, דאָס זיינען אַלץ בלוטיקע טיראַנען! זייער אימפּעריע איז אויף אייביק אָפּגעמעקט פון דר׳ערד! די צאַרן זיינען אַלע געווען ווילדע און משוגענע דעספּאָטן. נעם, צום ביישפּיל, דיין צאַריצאַ יעקאַטערינאַ די גרויסע. דאָס ערשטע וואָס זי האָט געטאָן, ווען זי האָט אַריינגעקראָגן גענוג מאַכט אין אירע הענט, איז צו שעכטן איר אייגענעם מאַן, דעם צאַר... אירע הענט זיינען געווען אויסגעווייקט אין בלוט... צווישן אירע געליבטע האָט אויך געהאַט דעם כבוד צו זיין — אַן אָגער...

דער טאַטע איז נערוועז. איך זע באַשיינפּערלעך אַז איך טו אים אָן גרויס קריינקונג. ער שרייט אויס:

— און איך גלויב באמונה שלמה אַז דער צאַר ניקאָלאַי דער צווייטער וועט צוריקקומען און וועט הערשן איבערן גרויסן רוסישן לאַנד. מען וועט צעשיסן די סיציליסטן מיט די נאַראָדניקעס. טראָצקי, ראַדעק, קאַמעניעוו

און זינאָוויעוו וועלן נישט הערשן איבער דער צאַרישער אימפּעריע. דער רוסישער צאַר וועט צוריקקומען און איבערנעמען צוריק זיין קרוין, זיין סצעפּטער און זיין קעניגרייך!

— קיינמאָל מער! — רייץ איך זיך מיטן טאַטן. — דער צאַר ניקאָלאַי איז טויט. מען האָט אים שוין לאַנג דערהרגעט. אין רוסלאַנד וועט פון איצט אָן הערשן דאָס פאָלק פון אַרבעטער און פּויערן...

דער טאַטע איז דער ראַיאַליסט וואָס פאַרטיידיקט ביי יעדער געלעגנהייט די רוסישע צאַרן, איך בין דער רעוואָלוציאָנער. דער טאַטע האַלט איצט אין זיינע הענט בערג מיט פינף און צוואַנציק רובעל־באַנקנאָטן. דער מעכטיקער צאַר אַלעקסאַנדער דער דריטער זעט אויס ווי אַ פּויפסט אויף על גרעקאָס אַ פּאָרטרעט. וואָסאַראַ דיקע, קוואַדראַטנע פּנים ער האָט! וואָסאַראַ פיין־פּאַרקאַמטע, סימעטרישע באָרד! וואָסאַראַ שטאָלצע און שטיינער־האַרטע אויגן פון אַ בלוטיקן טיראַן. אַזאַ מאַנסבילד האָט אַוודאי געמוזט אָנציען די שענסטע און די רייצנדיקסטע פרויען פון גרויסן רוסישן לאַנד. מיין פאָטער פלעגט מיר דערציילן ווי אַזוי דער צאַר אַלעקסאַנדער דער דריטער האָט געוווגן גאַנצע ניין פוד. און ווען ער איז געשטאָרבן, איז ער אַליין אַ פיערלעד־טרויעריקער, אַ פיונעראַליש־אויסגעפּוצטער, געגאַנגען צו זיין אייגענער לויה... ער האָט זיך טרויעריק, אָבער רואיק, געגנייגט צום זשאַלאָבנעם פּובליקום, האָט זיך דריי מאָל טיף געגנייגט, ביז צו דער ערד. שפּעטער האָט ער זיך אַליין אַריינגעלעגט אין דער זילבערנער טרומנע און ער האָט געהייסן פאַרקלאַפּן מיט טשוועקעס דאָס טירל. מען האָט די ריזיקע טרומנע מיטן ניין־פודיקן צאַר אַרונטערגעלאָזן אין דער ערד, אין דער טיפער און גרויסער שטיק רוסישער ערד...

גייסטערהאַפט, אָבער ריזיק, שטענדיק אָנוועזנדיק מיט זיינע ניין פוד פלייש און קנאָכנס, קוקט אַרויס צאַר אַלעקסאַנדער דער דריטער פון דעם ראַזעווון וואַסער־פּאַפּיר... גלייך ווי מען וואָלט אים זען דורך וואָלקנס און דורך נעפּל, אָן אומצעפרידענעם, אָן אימה׳דיקן און מרה־שחורה׳דיקן...

די מאַמע איז דערוויל מידערהייט איינגעשלאָפןביים אויוון, ביים קאַרגן שיין פונם קאַגאַניץ, צערעווענדיק דעם צעלעכערטן זאָק. איך און מיין ברודער שלמה, מיר קנייטשן אַלץ דאָס רוסישע געלט. עס איז שוין שפּעט ביינאַכט. די לבנה, אַ קראַנקע שטיק פּערל, שווימט אין אומפריינטלעכן, פּוילישן הימל, צווישן פינצטערע וואָלקנס. זי ציט אָן די איינצלנע בליציקע שטערן אויף אַ זילבערנע שנור, נאָר זי פאַרלירט זיי באַלד ווידער אין דעם גרויסן, שוואַרצן, סאַמעטענעם הימל. איך האַלט איצט אין מיינע הענט די ראַזעווע צענער־רובלס, דורך מאַסן מענטשנהענט מידע, מאַטע און אָפּגעמעקטע, דורך צייט אָפּגעבלאַקירטע. און די דרייער־רובעל־באַנקנאָטן, אין העלע קאָלירן,

וואָס זעען אויס כּישופֿדיק ווען מען האַלט זיי אַנטקעגן דעם קאַרגן ליכט פֿונם קאַגאַניץ, פּונקט ווי עס וואָלט זיין עפּעס אַ פֿאַנטאַסטיש געלט פֿונם טייוול. און די געלע, איינציקע רובעלס, מיט די גרויסע, צוויי־קעפּיקע אָדלערס, מיט די דיקע מאַסיווע איינסלעך, וואָס זעען אויס אַזוי ווי פּראַוואָסלאַוונע קרייצן אויף די קברים פֿון געפֿאַלענע רוסישע סאָלדאַטן בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה...

די לבנה צערינט ווי אַ פּערל צווישן די פֿינצטערע און צעריסענע וואָלקנס. איך בין מאָדנע טרויעריק געוואָרן פֿונם רוסישן געלט. אַן אומהיימלעכע מעלאַנכאָליע, אַנגעשטעקט פֿון די טויטע צאַרן, וואָס קוקן אַרויס פֿון די טייכן פֿון דער צייט, פֿון די שטורעמדיקע שטראָמען פֿון אייביקייט, בינדט מיך אַרום ווי אַ גיפֿטיקע שלאַנג...

איך דערמאָן זיך פֿון די מעשה׳לעך וועגן די קאָראָנאַציעס פֿון די צאַרן, וואָס טאַטע־מאַמע פֿלעגן תּמיד דערציילן. ווי אַזוי מאַסן מענטשן זיינען אומגעקומען בשעת די פֿאַנטאַסטישע פֿייערלעכקייטן. די רוסישע צאַרן האָבן געבראַכט טויט און חורבן באַלד אין אָנהויב פֿון זייער הערשאַפֿט. ביי דער קרוינונג נאָך... אַפֿילו ביי דער קאָראָנאַציע פֿון צאַר ניקאָלאַי זיינען אומגעקומען אַ מך מענטשן. זיין ברוטאַלע זעלבסטהערשאַפֿט האָט זיך באַלד אָנגעפֿאַנגען מיט קאַטאַסטראָפֿע...

קוים מיט צרות דערלויבט אונדז דער טאַטע זיך צו לייגן שלאָפֿן. מיר קוקן אויף אים מיט אומעט און מיט קריינקונג. פֿאַר אונדז זעט ער אויס ווי איינער פֿון די בייזע צאַרן, וואָס גייט אַרויס פֿון דעם טויטן, רוסישן געלט. נישט קיין באַנקיר, וואָס ער חלומט אַמאָל צו ווערן, זעט ער איצט אויס, נאָר ווי אַ שטרענגער, אומהיימלעכער צאַר...

ער זאַמלט אָן דאָס גאַנצע, אומגעהויערע רוסישע געלט. גאָר דאָס געלט פֿון דער רוסישער גרויס־מלוכה. און שפּעטער, ווען ער וועט שוין האָבן איינגעזאַמלט גאָר דאָס געלט, וועט ער איינגעמען רוסענלאַנד, פֿון מאָסקווע ביזן קרימער האַלב־אינזל. ער וועט ווערן רוסישער צאַר... צאַר אייבערע־ העם מאָטעק טענענבוים...

(אַנטיסעמיטן פֿון אַלע פֿעלקער! איר קענט אויפֿשטעלן אַ נייע פּיראַ־ מידע פֿון אידנהאַס! אַ נייעם אַררט פֿון ליגנס און פֿאַלשקייטן וועגן דעם אוראַלטן פֿאָלק!...)

* * *

אין הויז ביי אונדז האָט זיך פֿון יאָרנלאַנג אָן געוואַלגערט אַן אייזערנע האַנט. עס איז געווען אַ פּשוטע שטיק אייזן, וואָס האָט געהאַט די פֿאָרם פֿון אַ האַנט. אָט דאָס שטיק אייזן פֿלעגט דער טאַטע אָפֿט אָנטאָן, ווי אַן אייזערנע הענטשקע. די אייזערנע האַנט איז געבליבן שטיין אין מיין דמיון ווי דער

וואָרער סימבאָל פון מיין טאַטן... זיין אייזערנע האַנט... זיין טיראַנישע ממשלה... די האַנט האָט געמוזט אָפּגעבראָכן ווערן פון עפּעס אַ פינצטערן דעספּאָט... פון אַ רוסישן צאַר... אַ שטיק האַנט פון אַ טויטן טיראַן האָט זיך געוואַלגערט ביי אונדז אין שטוב. פון קליינערהייט אָן האָב איך געטראָגן אַ פייערדיקע שנאה צו דער דאָזיקער מעכטיקער האַנט, וואָס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט פינצטערע מאַכט, מלחמה און אַמביציע. און בשעת דער טאַטע איז געשלאָפן, אָדער ער איז נישט געווען אין שטוב, האָט אָבער שטענדיק די דאָזיקע אייזערנע האַנט דערמאָנט אין זיין כאַראַקטער, אין זיין טראַגישן פאַרמעסט מיטן שיקזאַל, אין זיין איינזאַמען געראַנגל מיטן מלאך...

דער טאַטע האָט שטענדיק אין שטוב איבערגעלאָזן די האַנט, אַז זי זאָל אונדז אָפּהיטן, זי זאָל אונדז תמיד שרעקן... זי זאָל אונדז דערמאָנען אַז ער זעט אונדז אַפילו פון דער ווייטנס, און ער האַלט אָן אויג אויף אַלע אונדזערע טוּאונגען און מעשים... דעם טאַטנס אייזערנע האַנט האָט איבער אונדז געוואַכט...

מיין טאַטע האָט זיך שטענדיק געשראָקן פאַר רויבער און גנבים. די קעסטלעך מיט באַנקנאָטן זיינען אַלץ געוואַקסן. די שטוב איז פול געוואָרן מיט געהיימניספּולע, פּיראַטישע קופערטן, פול מיט טויטן רוסישן געלט. אַלץ איז געווען אויסגעקנייטשט, אויסגעגלעט, אויסגעפּרעסט, געציילט, קאַטאַלאָגירט, פאַרשריבן און פאַרקלעפּט אין באַנדעראָלן מיט קלאָר־געצייכנטע נומערן. דאָס גאָלד האָט איצט פאַסיוו געוואַרט אויף זיין באַפרייאונג. יעדער פּיצל נייעס אין די צייטונגען וועגן די „רוסישע חובות", האָט מיין פאָטער, פאַרשטייט זיך, אויסגעטייטשט צום גוטן. די דערמאָרדונג אין יעקאַטערינאָסלאַוו פונעם רוסישן צאַר ניקאָלאַי דער צווייטער, מיט דער צאַריצאַ, מיט די שיינע טעכטער און אַפילו דעם יינגן נאָסליעדניק איז אָפּט אַנטשידן אָפּגעלייקנט געוואָרן...

— דער צאַר לעבט! — האָט מיין טאַטע בייז טריאומפירט. — וואָס דען? אַ מלוכה קען פלוצלינג ווערן אויס מלוכה? דו מיינסט: עס איז הפקר אַ וועלט? אַ איד טראָצקי־בראָנשטיין וועט זיצן אין קרעמל, אין דעם פּאַלאַץ פון די רוסישע צאַרן, און וועט הערשן איבער מיליאָנען רוסן? די גרויס־רוסישע מלוכה מוז באַלד אויפגעריכט ווערן...

אַלע האָבן אָפּן און באַהאַלטענערהייט חוזק געמאַכט פון מיין טאַטנס מאָדנע פּלענער און חלומות. אָבער מיין טאַטע האָט זיך נאָר געשראָקן אַז מען וויל אים באַגנבענען. יעדער פאַרדעכטיקן קראַץ אין דער טיר, וואָס אַ מויז האָט געמאַכט, האָט ער אויסגעטייטשט ווי אַ רויב־אָנפאַל. ער האָט אין איין טאָג אָנגעשלאָגן שווערע, אייזערנע פּרענטן אויף דער איינציקער טיר. די אָרעמע, הילצערנע טיר איז זיך שיעור צעפאַלן אונטער

זיינע מעכטיקע קלעפּ מיטן אייזערנעם האַמער. זי איז געוואָרן באַלייגט מיט שווערע אייזן ווי די מאַסיווע טיר פון אַ מיטלאַלטערלעכער פעסטונג אָדער קירכע.

ווען מיין טאַטע האָט זיך געגרייט צו פאָרן קיין אַמעריקע, האָט ער אָנגעהויבן צוצוגרייטן שווערע קאַסטנס, באַשלאָגן מיט אייזן, פאַר דער דעמאָלט לאַנגער רייזע אויפן ים. טאָג און נאַכט האָט ער ביטער געהאָרעוועט. איך האָב אים געמוזט צוהעלפן, כאָטש די לעצטע טעג פון אונדזער זיין אין פולאַוו האָב איך שטאַרק געוואָלט פאַרברענגען אין דרויסן. דאָס שטעטל איז מיר איצט געוואָרן מאָדנע טייער. איך האָב געפילט אַז איך וועל שוין דאָ אַהער, קיין פולאַוו, קיינמאָל מער נישט צוריק קומען... אין דרויסן זיינען געשטאַנען וווּנדערלעכע טעג, הערבסטיקע טעג. אַלץ איז געווען קופּערדיק רויט, ווי דער קופּער וואָלט געווען דורך אַ געהיימע האַנט צוגעקלאַפּט מיט קופּערנע טשוועקעס. דער פּאַרק האָט ממש געפלאַמט. דער טאַטע האָט אַלץ געקלאַפּט מיט אַ ריזיקן האַמער שווערע טשוועקעס אינם האָלץ פונם קאַסטן. ער האָט באַשלאָגן מיט אייזן די ווענט פון די קאַסטענעס, פון אינעווייניק און פון אויסווייניק. עס האָט געקענט ווויל דינען פאַר אַ תיבה. אפשר האָט ער זיך טאַקע אין זיין דמיון באַנוצט מיטן מאָדעל פון דער תיבה. ער האָט זיך אויפגערעגט. ער האָט מיך געשאָלטן מיט טויטע קללות. ער איז געוואָרן ווילד־צאָרנדיק ווי צעאוס. ער האָט זיך אַליין פאַרוואַנדלט אין אַ בייזן, אומהיימלעכן מענטש. און דאָס אַלץ האָט באַדאַרפט באַנוצט ווערן פאַרן רוסישן געלט... ער וועט פירן איבערן ים דאָס רוסישע געלט... אפשר דאָס געלט וואָס האָט באַלאַנגט צו מיליאָנען מענטשן וועט פירן עפּעס אַן אַלטער, גרייז־גרויער און צאָרנדיקער איד איבערן שטורמישן אַטלאַנטיק... אַזוי וועט זיין זון, עטלעכע יאָרן שפּעטער, פירן איבערן אַטלאַנטיק, קיין ניו יאָרק אַ גרויסן קאַסטן מיט אייגן־פאַרפאַסטע פּאָעזיע... מיט ביזאַרע, אידישע מאַנוסקריפּטן...

ווען די קאַסטנס זיינען ענדלעך פאַרטיק געוואָרן, האָט שפּעט ביינאַכט, אַז קיין זעלע זאָל אים חלילה נישט שטערן, דער טאַטע אַריינגעלייגט די בערג מיט געלט אין די קאַסטענעס. זיינע מידע און געלע הענט האָבן גע־ציטערט ביים ווידער צאָרט באַרירן דאָס געליבטע געלט... ער האָט עס ווידער און אויפדאַסניי איבערגעציילט און קאָנטראָלירט. דאָ האָט זיך דאָך געהאַנדלט אין מיליאָנען רובלעס. אין שוין ממש אַסטראָנאָמישע ציפערן. מען האָט אַמאָל, ערשט מיט געציילטע יאָרן צוריק, געקענט אָפּקויפן פאַר די דאָזיקע פאַנטאַסטישע סומעס גאַנצע לענדער, פעלקער, פאָרטן, אינדזלען און קאָנטינענטן. איצט האָט דאָס אַלץ באַזעסן איין אַלטער, קראַנקער, משוגענער איד.... — — — —

יאָרן זיינען אַדורך. ווען איך בין אין סוף יאָר 1934 געקומען קיין אַמעריקע, אין מיינע עלטערנס וווינונג, אין די בראָנקס, האָב איך שפּעט ביינאַכט, שלאָפנדיק אין דער קיך, זיך אַרומגעקוקט: איך האָב פּאַר זיך דערזען די ריזיקע, מיט אייזנס באַשלאָגענע קאַסטנס מיטן רוסישן געלט. פון אויבן זיינען מכלומרשט געלעגן אַלטע בגדים, מלבושים און פאַרשידענע זאַכן, כדי מען זאָל נישט דערקענען אַז דאָ ליגן פאַנטאַסטישע אוצרות... אָבער די פּעק מיט געלט, די זעק מיט באַנקנאָטן, די קאַסטנס מיט הונדערטער טויזנטער און מיליאָנען רובעלס זיינען דאָ געלעגן באַגראָבן אין אַן אָרעמען אַפּאַרטמענט־הויז אין די בראָנקס...

מיין טאַטע האָט נאָך אַלץ פאַרביסן און פאַרביטערט גערעדט אַז די צאַרישע מלוכה וועט באַלד אויפלעבן... אין רוסלאַנד מוז הערשן אַ קייסער. די באָלשעוויקעס האָבן דאָס אַמאָל גרויסע און רייכע רוסענלאַנד גע־בראַכט צו רואינע, צו באַנקראָט. מיין טאַטע איז ממש געוואָרן אַ פאַרביסענער רעאַקציאָנער. סטאַלינס שאַרפסטער שונא. אין פּאָליטיק איז ער געווען קינדיש נאַיוו. ער האָט אייגנטלעך קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען ריכטיק צו לייענען אַ צייטונג. אַלץ האָט ער אויסגעטייטשט פאַרקערט... אין יעדער שטיקל נייעס וועגן רוסלאַנד האָט ער געזען אַ רמז אויפן באַלדיקן צוריקקומען פונם צאַרנטום. און דאָס צוריק דערוואַכן פון דער צאַרישער אימפּעריע האָט פּאַר אים געמיינט: דאָס אויפלעבן פונם צאַרישן געלט. איבערנאַכט וועט ער פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ מיליאָנער. אין אַ מין מאָדערנעם ראָטשילד פון די בראָנקס. עס איז שטענדיק געווען פיינלעך מיט מיין טאַטן צו רעדן וועגן רוסלאַנד. וועגן דער זינלאָזיקייט פון זיינע האָפענונגען... וועגן דער לע־כערלעכקייט פון זיין גרויסן חלום...

אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן, פּאַקטיש ביז זיינע לעצטע טעג פאַרן מענטשלעכן סוף, האָט דער טאַטע נאָך אַלץ געהאָפט אויפן גרויסן נס... ער איז געוואָרן אַלט. ער האָט זיך שוין איצט געראַנגלט מיט אַ ביטערן ראַק, וואָס איז אַריינגעדרונגען אין זיינע ביינער, אין זיין מאַרך און אין זיין בלוט, און האָט אים אויפגעגריזשעט און אויפגעפרעסן לעבעדיקערהייט. פונ־דעסטוועגן פלעגט ער זיך נאָך אויפהייבן פונם בעט פון טויט, אין מאָמענטן ווען ער האָט זיך געפילט אַביסל בעסער, אין אַ טאָג פון לינדן וועטער, אין טעג פון יאַנואַר און פעברואַר און מערץ, ווען די זון שמעקט שוין מיטן צאַרטן אָנזאָג פון פרילינג. ער פלעגט זיך דעמאָלט מיט שווערקייטן אָנטאָן, און פאָרן מיט די דריטע עווענוי־עלעווייטאַר אין שטאָט אַריין, צו דער בויערי... דאָרטן פלעגט ער נאָך אַלץ איינהאַנדלען פּעקלעך מיט רוסישן געלט... אַ טויט־בלאַסער, אַ שרעקלעך אויסגעשעפּטער, פלעגט ער ביי־נאַכט אַהיימקומען. די מאַמע פלעגט אים ממש נישט דערקענען... אַזוי שטאַרק

פלעגט ער ווערן אויסגעמאַטערט און פאַרענדערט פון דער נסיעה... אָבער ער פלעגט זיך באַלד אַוועקזעצן ביים גרויסן, הילצערנעם טיש, ווי אַ צאַר... זיצן ביז שפּעט אין דער נאַכט און אויסקנייטשן, סאָרטירן, איבערציילן און קאַטאַלאָגירן דאָס ערשט־איינגעקויפטע, רוסישע געלט... אַט אַזוי ווי ער פלעגט זיצן, ציילן און אויסגלעטן דאָס טויטע געלט פאַרן לעצטן פערטל יאָר־הונדערט... די מאַמע פלעגט קוקן אויף אים פון אַ ווינקל. זי האָט נישט געהאַט קיין האַרץ צו זאָגן:

— מאָטל! עס איז שוין אַזוי שפּעט ביינאַכט! דו ביסט פאַרמאַטערט! גיי לייג זיך שלאָפן!

זי האָט נישט געהאַט קיין האַרץ דאָס צו זאָגן... וואָרים זי האָט געוואוסט אַז דאָס איז זיין סאַמע לעצטער פאַרגעניגן. ווען ער פלעגט זיך, אַ טויט־מידער, אויסטאָן אין באַגינען, האָט שוין דער טאָג גרויס און ווונ־דערלעך געשאַריעט דורך די פענצטער אַזוי ווי אַ טונקל־בלויער, צעריסענער פאַרהאַנג... זי האָט געזען מיין טאַטנס קערפּער — אַ סקעלעט, מיט אָפּ־געגריזשעטע ביינער... באַלד האָט ער זיך געלעגט אינם אייזערנעם בעט, אין טיפע יסורים... ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן, שטיינערנעם שלאָף, ווי אין די אכזריותדיקע אָרעמס פון טויט...

* * *

ווען איך בין אַהיימגעקומען אין הערבסט פון יאָר 1939 פון סאַנאַטאָריום אין דענוווער און אין לאָס אַנגעלעס, האָט מיר מיין מאַמע גענוי דערציילט פון מיין טאַטנס לעצטע וואָכן און אַפילו טעג. עס איז אים נעבעך געווען אַ שאָד צו שטאַרבן און איבערלאָזן דאָס רוסישע געלט אויף הפקר. ער האָט גענוי געוווסט אַז ווילליע און זיין ווייב טילליע, וואָס קוקט שוין לאַנג אויס אויף נקמה, וועלן עפענען די שווער געשמידטע, אייזערנע קאַסטענס מיטן רוסישן געלט און זיי אַרויסוואַרפן אין דרויסן, אויפן מיסט, צו ווערן צעמאָלן מיטן „גאַרבעדזש״ אין די גרויסע, אייזערנע מיסט־וועגענער. דאָס האַרץ האָט אים געבלוטיקט אויפן רוסישן געלט, נעבעך... זיין גרויסער חלום קומט צום סוף... זיין גראַנדיעזער פּלאַן פאַרענדיקט זיך אויף אַ לעכערלעכן, טראַגישן אופן...

יעדן טאָג פלעגט מיין טאַטע מיט גרויס אָנשטרענגונג, אין שרעקלעכע פיזישע יסורים, זיך אויפזעצן אויפן בעט און ער פלעגט דורכלייענען דעם „פאָרווערטס״. אַלץ כסדר לייענען און אָן אויפהער צו זוכן נייעס וועגן דער צאַרישער מלוכה... צי עס קערט זיך עפּעס עמעצער נישט אום פון דער אַמאָל מעכטיקער און גרויסער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע... באַלד וועט ווערן שפּעט! — האָט דער טאַטע צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן זיך דער־שראָקן...

איך בין אַן איינזאַמער געזעסן אין דער ענגער, פינצטערער וווינונג אויף 1407 ברוק עוועניו, אין די בראָנקס. דאָ, אין דעם דאָזיקן צימערל איז מיין טאַטע געשטאָרבן. דאָס איז געווען דעם צוואַנציקסטן סעפּטעמבער פון יאָר 1939. (ז׳ תשרי.) און אַרום אים, דעם שטאַרבנדיקן, אַלטן איד, זיינען געלעגן די קאַסטענעס און דיקע זעק מיט מאַסן רוסיש געלט. פאַרן טויט, אין זיין גסיסה, זעט מיין טאַטע זיין פאָטער, ר׳ לייבוש יואל׳קעס און זיין מוטער. דער טאַטע און די מאַמע האַלדזן אים. אפשר האַלדזן זיי און קושן אים צום ערשטן מאָל אין פאַרלויף פון די אַלע שפּעטערדיקע יאָרן פון זיין שווערן און יסורימפולן לעבן. דעם טאַטנס באָרד איז ווייס ווי שניי. ווי ערשט־געפאַלענער שניי. אַזוי פרייַנטלעך איז זיין ליכטיק פּנים. אויך די מאַמע איז עפּעס מאָדנע געאיידלט. קיין סימן נישט פון קיין שום שלעכטס אויף דעם מאַמעשן פּנים.

דער טאַטע זעט זיין זיידען און זיין באָבען. זיין עלטערזיידען און זיין עלטערבאָבען. ער זעט זיינע פאַרשטאָרבענע שוועסטער און ברידער. אַלע די וואָס זיינען ערשט איצט אומגעקומען אין די היטלער־שחיטות אויף אידן און וועלן באַלד אומקומען, ערב דעם גרויסן בראָך... יאָ, עס איז אַ געוואַל־טיקער מאָמענט. ער זעט אַ געוואַלטיק שטיק אָפּגעגאַנגען לעבן. אין יסורים און אין טרערן. אָפּטמאָל אין בלוט... אָט איז דער סאַמע ערשטער מלמד אין זיין לעבן. אָט איז דער גאַנג מיט דעם אָנגעצונדענעם קאַגאַניץ אין זיין לאַמטערנדל, בשעת ער גייט צום חדר אין אַ ווינטערדיקער נאַכט. ער זעט אַזוי פיל אידישע פּנימער. ער זעט די לאַנדסלייט פון יעוואַנגאָראָד. אַ גאַנץ פאָלק איז דאָ פאַרזאַמלט. פון די צייטן פון שפּאַניען אָן. פון אַ סך לענדער און פעלקער פאַרזאַמלט. זיינע שטאַרבנדיקע אויגן זיינען ברייטע ווי די ימים. און זיי זעען עפּעס צום ערשטן מאָל גאַנצע ריזיקע שטיקער הימל און שטיקער אומגעהויערע פּענעצן וועלט. אַלץ גייט גראַנדיעז פאַרביי אויף דער לעצטער דעמאָנסטראַציע פאַרן פינאַל פון זיין לעבן. אַפילו די פערד וואָס ער האָט איינגעקויפט צו פאַרשידענע צייטן, זיי קומען אים איצט אַנטקעגן... און יעדעס איינע פערד שטייט מיטן קאָפּ טרויעריק געבויגן און בעט זיך ביי אים מיטן פערדישן בליק: — רייט אויף מיר, גענעראַל! רייט אויף מיין פערדישן רוקן דיין לעצטע רייזע... איך וועל דיך אַהיימברענגען פון דער שלאַכט פון לעבן אַ שווער־געראַניעטן!...

און אָט שטייען פאַרן טאַטן די רוסישע צאַרן. זיי זיינען אַלע, די שטאָלצע צאַרן פון דער טויטער, רוסישער אימפּעריע, אַלע זיינען זיי געקומען באַזוכן מיין שטאַרבנדיקן טאַטן. פּעטער דער גרויסער שלעפּט קוים אַראָפּ זיין שווערע־קרוין פונם גרויסן, מעכטיקן קאָפּ און ער קוקט און ער בוקט זיך צו אים מיט אַ פירשטלעכן פאַרנייג, ער בוקט זיך צו מיין טאַטן... און אָט איז איוואַן

דער גרויזאַמער אַליין... זיין סצעפּטער אין דער רעכטער האַנט איז פאַרבלוטיקט... אַט איז אַלעקסאַנדער דער צווייטער. ווי ער בלוטיקט אַפּ אויף אַ פּעטערבורגער גאַס, אינמיטן העלן טאָג, מיטן אויפגעריסענעם בויך, אַ פּאַטאַל־ און שווער־געטראָפענער פון סאָפיאַ פּעראָווסקאַיאַ און פון אירע העלדישע חברים׳ס פּלאַמיקן צאָרן. דער טאַטע געפינט זיך אין אַ גוואַל־טיקער געזעלשאַפט. ווי אַ גלייכער מיט גלייכע, רעדט ער זיך אַדורך מיט די שטאָלצע און מעכטיקע רוסישע צאַרן. אַ איד האַלט זיך אינטים אונטער מיט די הערשער פונם גרויסן, אימפּעריאַלן רוסלאַנד. זיי באַווונדערן אים. זיי נעמען אים מיט שטאָלץ אַריין אין זייער מיטן. זיי האַלטן פייערלעכע רעדעס וועגן מיין טאַטן, דעם געוואַלטיקן עקשן און פּאַטריאָט פון דער אימפּעריע. מען טרינקט וויין און וואָדקאַ פון ריזיקע גאָלדענע בעכערס. עס גיסט זיך, עס שוימט דער וויין, ווי וואַסער־שטראָמען, ווי פּלאַמיקע עליק־סירן. די ריזיק־לאַנגע און ברייטע טישן זיינען באַדעקט מיט טישטוכער פון פייער. אינמיטן דעם אייזערנעם טיש שטייט אַ ריזיקער סאַמאָוואַר. אַ דיקע פּאַרע זעצט פון זיינע באַזלעכער. עס דאַכט זיך: זיין מעשענע בויך ווערט געשוואָלן און גייט פּלאַצן. עמעץ גיסט אַן גלעזער מיט טיי. עס שמעקט הימיש די פּריש־פּאַרבריטע טיי. עס גייט זאַפּטיקער ריח פונם געשמאַקן ציטרין. די רוסישע צאַרן גיבן אַ באַנקעט צו עפּעס אַ איד פון יעוואַנגאַראָד. זיכער, זיי האָבן געקענט זיינע זיידעס די פּאַדריאַדטשיקעס. זיינע באָבעס זיינען געווען וואַרעם־אידישע שיינקייטן... און אַט איז ווידעראַמאָל צווישן זיי איוואַן דער גרויזאַמער מיט אַ גרויסן, מעטאַלענעם העלם איבער זיין קאָפּ, וואָס איז פול באַזעצט מיט בלישטשענדיקע רובינען און טייערע איידלשטיי־נער. אָבער בליציקער פון אַלע איידלשטיינער לויכטן דעם בייזן צאַרס שרעקלעכע אויגן... אויך איוואַן דער גרויזאַמער איז געקומען באַזוכן אַ שטאַרבנדיקן אידן... דער טאַטע שמייכלט צו איוואַן דעם גרויזאַמען...

ער קוקט אָן מיט באַווונדערונג דעם הויכן און שלאַנקען אַלעקסאַנדער דעם ערשטן, דעם שונא פון נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט. אויף זיינע פּיס וואַקלט זיך אַ טויט־שיכורער צאַר אַלעקסאַנדער דער דריטער... און אַט זעט ער ניקאָלאַי דעם ערשטן... ער טרינקט גיפט פון אַ גאָלדענעם בעכער... ער טרינקט אַריין אין זיך דאָס שטאַרבן... ווער האָט גאָר געקענט חלומען פון אַזאַ מין גרויס געשעעניש: אַז די דאָזיקע רוסישע צאַרן וועלן אַריינקומען צום טאַטן אינעם קליינעם חדר אויף ברוק עוועניו און אים אָפּגעבן אַזוי פיל כבוד... דאָס איז דאָך בישט דאָס געוויינלעכע שטאַרבן פון עפּעס אַ איד אַ שלעכטן זייגערמאַכער און גלעזער — נאָר אַ גרויסאַרטיקער באַנקעט אינעם סטיל פונם רענעסאַנס־פּעריאָד...

די צאַרן פרעסן קאַוויאַר און טרינקען וואָדקאַ אויפן אַלטן רוסישן

שטייגער. און זיי קרוינען מיין טאַטן אַלס אַ נייעם ראָטשילד. אַלס אַ היסטאָ־רישן באַנקיר. ער האָט דאָך געראַטעוועט די אימפּעריע פון פאַרניכטונג. ער האָט געראַטעוועט דאָס לאַנד און זייער הערשאַפט מיט די הימאַלאַיאַ־בערג מיט געלט. ער האָט געראַטעוועט פון אונטערגאַנג ריזיקע אַלפּן מיט צאַרישע באַנקנאָטן. און אַט דערנענטערט זיך עפּעס איינער אַ פינצטערער מאַן מיט אַן אומגעהויערער לאַנגער, פאַרבלוטיקט־פלאַמיקער שווערט. ער טראָגט אַ קאָלאָסאַלע פינצטערע קרוין אויפן קאָפּ. עס איז אַ געוואַלטיקע קרוין פון גאָלד און פייער. מיליאָנען איידלשטיינער פלאַקערן ווי אָנגעצונדענע אויגן אין דער קרוין. ער דערקענט דאָך אים: עס איז דער אַלמעכטיקער צאַר פון אַלע ערדישע צאַרן — עס איז דער מלאך המות אַליין!

ער טראָגט צו צו מיין טאַטנס ליפּן אַ ריזיקן באָקאַל מיט גיפט. ער טראָגט אים צו נאָענט צו מיין טאַטנס מויל. ער האָט נישט קיין ברירה. ער מוז עס אויסטרינקען. דאָס איז ענדלעך דער גיפט וואָס וועט אים טויטן. לאַנגזאַם טרינקט ער טראָפּן ביי טראָפּן, אַזוי ווי סאָקראַטעס... ער טרינקט און ער פאַלט אום. ער האָט נישט מער קיין כוח צו שטיין אויף די בלייערנע פיס. דער מלאך המות טרעט נישט אָפּ. ער שטייט איבער אים ווי אַ גע־וואַלטיקער זייל פון פינצטערניש. ביז מיין טאַטע האָט פאַטאַל אויסגעטרונקען דעם לעצטן טראָפּן טויט פונם אומגעהויערן בעכער פון פינצטערניש. מיין טאַטע פאַלט אום און דער מלאך המות איז אומפאַרשעמט און ער שטעקט אַריין אין מיין טאַטנס צאַפּלדיקן האַרצן די לאַנגע, די שאַרפע און בלוטיקע שווערט — — — — — — — — —

עס איז געווען נאַכט ווען מיין טאַטע איז געבליבן ליגן שטום און פאַרגליווערט אויפן אייזערנעם בעט, אין אַ צימער פול מיט ווילגאַטש און וואַנצן. די קליינע מאַמע איז געווען אַזוי שרעקלעך אויסגעמאַטערט פון צו באַדינען מיין טאַטן דורך די לאַנגע, ביטערע חדשים פון זיין טויטלעכער שלאַפקייט, אַז זי האָט נישט געהאַט קיין כוח צו וויינען. זי, די גרויסע מייסטער־וויינערין, איז איצט געבליבן פאַרשטיינערט און שטום, ווי ירמיהו הנביא, אַראָפּקוקנדיק פון די בערג אויפן חרובן און וויסטן ירושלים. איצט איז איר מאַן, נאָך אַ צוזאַמענלעבן מיט אים פון איבער פופציק יאָר, גע־לעגן טויט אויפן אייזערנעם בעט. קיינער איז נישט געווען אין שטוב. אויסער די לעצטע שטראַליקע שפּורן פון דער זון, וואָס האָבן זיך גאָלדיק געלאָשן אויף אַלע זאַכן פונם טאַטן. אויף די שטיקלעך מאַרמאָר און מעש, בראָנדז און קופּער פון די אויסגעשטעלטע רייצנדיקע סטאַטועטקעס. די מאַמע איז געווען צו שטאַרק מיד עמעצן צו רופן. אָנצוקלאַפּן אַ שטומע און פאַר־צווייפלטע אין עמעצנס הילצערנע און פריינטלעכע טיר. דורך אַ גאַנצן לעבן האָט זי ביטער געיאָמערט און זיך פינצטער געשראָקן מיטן אייביקן מענטש־

לעבן שרעק פונם שוואַכן און דערשלאָגענעם. אָבער דווקא איצט איז זי געבליבן שטיין קאַלט, פלעגמאַטיש און ממש פאַרשטיינערט. פיזישע מיד־קייט, שרעקלעכע פאַרמאַטערטקייט, גייסטיקע אויסגעשעפּטקייט, נעמט אַוועק די פינצטערע שרעק און די גרויליקע פאַרצווייפלונג. וואָרים שרעק און פאַר־צווייפלונג באַדאַרפן אויך האָבן נאַרונג: כוח און וויטאַליטעט. בלוט און פלייש. און זי האָט דאָס איצט מער נישט געהאַט. די וועלט־שטילקייט האָט אַראָפּ־געשוועבט פון הימל אויף פינצטערע פליגל. עס איז געוועזן טויט־שטיל אין הויז. נאַכט האָט פינצטער און מורא׳דיק פאַרהילט די פענצטער.

זי וועט איצט קיינעם נישט רופן. ער ליגט דאָ, איר מאַן, דער מאַן פון רציחה, קללה, אויפרעגונג און אויסבראַך פון צאָרן — אַזאַ שטילער אויפן אייזערנעם בעט, אויפן מזבח פון יסורים. פאַרוואָס צעטרייסלען די שטילקייט פון דער סאַמע לעצטער, ערדישער נאַכט מיט אים? פאַרוואָס צעשטערן דאָס לעצטע זיין מיט איר טויטן מאַן? איצט, ווען ער איז נאָך וואַרעם מיט די לעצטע וואַרעמקייטן פון מענטשלעכן לעבן און זי איז שוין קאַלט מיט דער ערב־קעלט פון טויט... איצט, ווען צום ערשטן מאָל אין זייער גאַנץ לעבן הערשט רו און שלום צווישן טאַטע־מאַמע...

די מאַמע איז געלעגן נעבן אים אויפן בעט אַ טויט־פאַרשמאַכטע, נאָך מידער, נאָך פיזיש־שווערער, נאָך גייסטיק און זעליש־אויסגעשעפּטער, פון אים. נאָך פאַרשמאַכטער ווי ער, מיט זיינע טויטע ביינער, מיט זיינע טויטע געפאַלענע קנאַכנס, מיט זיין טויטן, פינצטערן פלייש. זי איז געלעגן נעבן אים אין אַ טיפן שלומער. זי האָט נישט מער קיין כוח געהאַט אַפילו צו חלומען. זי איז ווידער, נאָך איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט לעבן, געלעגן מיט אים צוזאַמען אויפן אייזערנעם בעט פון טויט. אַן אַליין צום טויט פאַר־שמאַכטע, ווי אין דער חופּה־נאַכט... זי האָט איצט נישט געהאַט קיין שום שרעק, קיין שום אימה... וואָרים זי האָט אים געטריי געדינט דורך אַ גאַנץ לעבן. זי האָט נישט קיין מורא, נישט פאַר קיין ערדישע, נישט פאַר קיין הימלישע כוחות. מלאך און שד, גייסט צי גוף, קענען בלויז זען איר גאַנץ לעבן אַזוי ווי אַן אָפענע, צעשטראַלטע פעלד אין זון־אויפגאַנג. אַלץ איז ברייט אָפן פאַר מענטש און פאַר לייט. יעדער טאָג און שעה פון איר לעבן קען געוויגן ווערן אויף ריזיקע הימלישע וואָגשאַלן... און אָט ליגט זי דאָ מיט איר מאַן, מיטן טיראַן פון איר לעבן, און אַ גרויסע ליבשאַפט און אַ געוואַלטיקע רחמנות־כוואַליע באַהערשט איר צו אים, צום דאָזיקן שטיק טויטן, פאַרמאַטערטן גוף, וועמענס אויסדריקסלאָזע אויגן זיינען ברייט פאַר־ריסן צום סופיט, צו די הימלען... וועמענס אויגן זי האָט פאַרגעסן צו פאַרמאַכן... און נישט זי, זיין ווייב, איז דער פּאַסיקער מענטש צו פאַרמאַכן זיינע אויגן. נישט זי וועט דאָס טאָן צו אַ מענטש, בפרט צו איר אייגענעם

מאַן... זי איז איבעריקנס איצט צו מיד פֿאַר דער מינדעסטער טעטיקייט. עס האָט זיך היינט ביינאַכט אָפּגעשטעלט דער גרויסער שטורעם. עס האָט זיך ברייט אויסגעלייטערט דער פֿינצטערער און שטורעמדיקער האָריזאָנט. אַלע געשוואָלענע און גרויע וואָלקנס זיינען אַהיימגעגאַנגען רוען אַזוי ווי די הימלישע שאָף. עס איז איינגעטראָטן טיפֿע רו און גרויסע שטילקייט אין דער וועלט.

אַ גאַנצע נאַכט זיינען זיי אַזוי צוזאַמען געשלאָפֿן: דאָס מיד־פֿאַר־שמאַכטע ווייב און דער ערשט־געשטאָרבענער מאַן. געלעגן צוזאַמען אויפֿן בעט ווי אין דער ערשטער חופּה־נאַכט, מיט איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, ווען אַלע זייערע פּערצן קינדער זיינען נאָך אויף דער וועלט נישט געווען... ווען עס איז הויך אַריבער זייערע קעפּ אַזוי ווי אַ פֿייערזייל געגאַנגען אַ האַלבער יאָרהונדערט פֿון שווערן, ביטערן און פֿינצטערן לעבן...

אין באַגינען, מיטן בלויען און גרויען אויפֿשפּראָץ אויף טאָג, ווען גאַנצע טייכן נאַכט זיינען נאָך געלעגן אויף בראָנקסער גאַסן, אויף דעכער און אייזערנע באַלקאָנען, און ווען דער בראָנקסער הימל האָט אָנגעהויבן צו שאַריען מיטן ווייכן, טיולענעם, לירישן טאָג־לשון — האָט די מאַמע פּלוצ־לינג דערוואַכט פֿון איר פֿאַרשטיינערטן שלאָף און האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוואַלטיקן יאָמער. ערשט איצט האָט זי געהאַט גענוג פֿיזישן כּוח צו באַגרייפֿן וואָס אייגנטלעך עס איז געשען... קאַלט, שטאַר און געפֿרוירן איז געלעגן פֿאַר איר דער טאַטע. איין אָרעם זיינער איז געווען אויסגעבויגן אויף אייביק אונטער זיין שווערן, טויטן קאָפּ. די פֿיס זיינען געווען צונויפֿ־געקאָרטשעט, ווי אין קעלט פֿון אַ פּראָסטיקער נאַכט. קיינער וועט דעם דאָזיקן פֿאַרשטאַרטן און צו גראַניט פֿאַרהאַרטעוועטן גוף מער נישט אימ־שטאַנד זיין אויסצוגלייכן. קיין שום קראַפֿט אין דער וועלט וועט מער די טויט־געקאָוועטע ביינער נישט קענען אויסבויגן. אַזוי זיינען זיי שוין אויף אייביק פֿאַרגליווערט געוואָרן פֿאַרן קבֿר, פֿאַרן פֿעלד פֿון טויט, פֿאַר דער לאַנדשאַפֿט פֿון מתים, פֿאַרן טאָל פֿון ביינער און קנאָכנס, פֿאַרן וואַלד פֿון מצבֿות.

און, מיטן דערוואַכן און געוויין ווערן פֿון איר מאַנ'ס טויט איז געקומען געשריי און געיאָמער. און שכנים האָבן פֿאַרלאָזן זייערע וואַרעמע בעטן און בעטגעוואַנטן און זיי האָבן אויפֿגעבראָכן טירן און פֿענצטער און אַן אייזערנער רעגן האָט אין יענעם פֿרימאָרגן אַזוי ווי אַ מבול אַראָפּגעזעצט אויף דער ערד און וואָלקנס זיינען געגאַנגען נידעריק איבערן מאַנהעטן־אינדזל און זיי האָבן געטראָגן געוויין און געיאָמער אונטער זייערע פֿינצטערע פֿאָלעס. קבֿרנים זיינען געקומען און זיי האָבן אָפּגעריסן דעם טויטן מאַן פֿון דעם אייזערנעם בעט און פֿון די פֿאַרבראָכענע הענט פֿון דער מאַמען — הענט פֿאַרבויגענע

אזוי ווי די צווייגן פון אַ דעמב אין געשלעג מיט אַ ווילדן, וויסטן און וואַנדערנדיקן שטורעם — יאָמערנדיקע הענט וואָס האָבן געהאַלדזט איר גאָט־באַשערטן און זי האָט אים בגעוואַלט בישט געוואָלט אַרויסלאָזן פון זיך — פון איר ווייבישער און מאַמעשער ממשלה און נאַטור־עקשנות...

און מען האָט צעוואָרפן די קאַסטענעס און די אייזערנע זעק מיט געלט. מען האָט זיין וואַנזיניקע אַנזאַמלונג מיט געלט צעוואָרפן איבער אַלע פיר זייטן פון דער וועלט. מען האָט די רוסישע באַנקנאָטן צעשליידערט און צע־בראָכן און צעשענקט און צעוואָרפן איבער אַלע גאַסן און מיסטקאַסטנס... זינגט דעמאָלט, און אומעטום ווו נאָר איך גיי, אין אַלע לענדער און קאָנטי־נענטן, וואַלגערן זיך די געלע רוסישע רובלעס אַזוי ווי קופּערנע און מע־שענע בלעטער פון אַן אומגעהויערן, קאָסמישן האַרבסט... דאָס ליגן געשענ־דעט און פאַרשעמט די אוצרות פון מיין טאַטנס חלום... דאָס ליגט אויף אַלע וועלט־לאַנדשאַפטן פאַרברודיקט דאָס גאָלד פון זיין אומגעהויערער באַנק... די באַנק פון גרויסן חלום... די באַנק פון ראָמאַנטישן גאָלד...

ניו יאָרק, 13טן יולי, 1956

# אין ליכטיקן אָפּשיין פון דורות

## ראַנדעוואו פון די זיידעס

פון דער שטאָט יעוואַנגאָראַד שטאַמט מיין טאַטע און די גאַנצע משפּחה. פון דער שטאָט קוראָוו, און פון דעם שכנותדיקן שטעטל מאַרקושאָף, שטאַמט מיין מאַמע און איר גאַנצע משפּחה. פלעגן זיך אין שטעטל קוראָוו צוזאַמענ־קומען מיין טאַטנס טאַטע, ר׳ לייבוש יואלקעס טענענבוים, דער גרויסער סוחר, גרעסטער גביר פון שטעטל דעמבלין (יעוואַנגאָראַד) און פאַדריאַדטשיק פון דעמבלינער פעסטונג, מיט מיין מוטערס פאָטער, ר׳ משה׳לע יונה׳ס גראָסמאַן. זיי פלעגןביידע האָבן מסחרישע עסקים. דאָס האָט אַוודאי געמוזט פאַרקומען אין מיין זיידנס ווינשענק, אין גאַרבאָוו. זאָגט איינמאָל דער זיידע ר׳ משה׳לע יונה׳ס צום זיידען ר׳ לייבוש יואלקעס:

— ר׳ לייבוש־לעבן! איך האָב אַ לייטישע טאָכטער פאַר אייער עלטסטן זון מאָטל . . .

עטלעכע מאָל, דערציילט די משפּחה־כראָניק, זיינען זיי זיך אַזוי צו־זאַמענגעקומען אין דער ווינשענק, ביז זיי האָבן איינמאָל אָפּגעמאַכט אַז חתן און כלה זאָלן אין אַ שיינעם העלן טאָג האָבן אַ זעאונג און זיך באַקענען אויג אויף אויג . . .

די דאָזיקע היסטאָרישע און קינפטיקע טאַטע־מאַמע ראַנדעווו איז אַוודאי באַשלאָסן געוואָרן אין אַ פינצטערן רויך פון מאַכאָרקע, וואָס פלעגט שטענדיק הענגען אין דער ווינשענק אַזוי ווי אַ געדיכטער, גרויער וואָלקן. די דיכ־טערישע פאַנטאַזיע זעט די שווערע, פוילישע פויערים, אין די ריזיקע און געלע פּעלצן. פויערישע גרויסע הענט מיט מאַזאָליעס טראָגן צו זייערע גיריקע ליפּן די קופלעס מיט פעטן, גרינעם ביר, וואָס שוימט ווייס אַריבער די דיקע, גלעזערנע ראַנדן פון די גלעזער. פויערישע וואָנסעס זיינען פאַר־שוימט פונם שוים פון ביר און פון פוילישן, פראָסטיקן שניי פאַרפרוירן. אינמיטן דער ווינשענק הענגט אַן אייזערנער בליצלאָמפּ, ווי אין וואַן גאָג'ס באַרימטער מאָלעריי פון דער נאַכט־קאַפע... אין אַ ווינקל פון דער קרעטשמע הענגט אַ גרויסער, הילצערנער זייגער, וואָס קלאַפּט ווי אַ האַמער... עס איז נאָך נישטאָ מיין ווייניקייט, וואָס ציט אָן יעדער טאָג די שווערע, בראָנדזענע וואָגעס פונם זייגער... וואָרים איך בין דעמאָלט נאָך אַפילו נישט קיין קליינטשיק חדר־אינגעלע... איך בין נאָך גאָר אויף דער וועלט נישטאָ... (הגם עס איז זיך דאָס שווער פאָרצושטעלן...) מיינע קינפטיקע טאַטע־מאַמע גייען זיך ערשט צוזאַמענטרעפן, גייען זיך ערשט אַריינקוקן אין זייערע פּנימער... די וועלט איז נאָך אומגעהויער־גרויס און ליידיק פון מיין פערזענלעכער עקזיסטענץ. דער הימל איז נאָך בלוי און שיין אָן מיין בליק, און די בוימער גרינען אָן מיין באַוווּנדערונג... איז דאָס מעג־לעך? קען די גאַנצע גרויסע וועלט זיין אָן דיר? איז די וועלט דען געווען אָן איינציקע רגע אָן דיין זיין? צי קענסטו דאָס גאָר באַגרייפן און צולאָזן צו דיין עגאָ? קענסטו זיך פאָרשטעלן דעם גאַרן קאָסמאָס אָן דיין עקזיסטענץ, אָן דיין טראַכטן, דיין בענקען, דיין פּאָעטישע פרייד מיט די וועלטן, דיין ליבשאַפט און דיין ליבע, דיין באַוווּנדערן דעם הימל און דעם גאָרטן און די פרוי? קענסטו משיג זיין דעם קאָסמאָס אָן דיין עקסטאַז פאַר אים? קענסטו זיך פאָרשטעלן דאָס אַלץ אָן דיין געבורט, אָן דיין קינדהייט און יוגנט און אָן דיין אייביקן פּחד פאַרן טויט? קיינמאָל נישט...

דער זיידע ר' לייבוש יואלקעס זעט אויס ווי אַ איד אַ שלאַכטשיץ. מיין האַנט פונם לאַנד פון נישט־זיין שטרעקט זיך אויס צו זיין גילדערנער דיוויסקע איבערן היפּשן בויך זיינעם... דער זיידע ר' משה'לע יונה'ס באַדאַרף זיין אַ נידעריק, ליבלעך אידעלע. אים זע איך נישט גאַנץ קלאָר און בולט... אָבער סיי ווי וואָלט איך אים וועלן אַרומנעמען, האַלדזן און קושן...

הייסט עס אַז זייער ערשטער צוזאַמענטרעף איז צושטאַנד געקומען אין אַ קרעטשמע, אין אַ גאַרבאָווער ווינשענק... דאָס רייצט אַ ביסל מיין ליטעראַרישע פאַנטאַזיע... עס איז געווען ליד און ווין ביים ערשטן רעיון

פון זייער צוזאַמענטרעף. די זיידעס, די אַרכיטעקטן פון מיין נשמה, די קאַוואַלעס פון מיין עקזיסטענץ, זיינען זיך ערבסט צוזאַמענגעקומען אין אַ ווינשענק כדי מיך און מיינע אַנדערע צוועלף ברידער און שוועסטער צו רעאַליזירן...

ווען מיין מאַמע, זי זאָל זיך מיען, איז שוין אַן אַלטע פרוי, און איך קום אַהיים פון דער גאַס שפעט ביינאַכט, אַ באַלעגטער מיט אַ פּאַנצער פון איז און שניי, בעט איך איר אַז זי זאָל מיר עפּעס דערציילן וועגן אירע זיידעס און באָבעס. די מאַמע שמייכלט און נאָכדעם ווי זי צעווייגט זיך, הויבט זי אָן, ווישנדיק פון אירע אויגן מאַסיווע טרערן:

— דער טאַטע דיינער איז דעמאָלט אַלט געווען אַרום זעכצן יאָר. איך, דיין מאַמע, בלויז דרייצן יאָר. איך האָב זיך נאָך דעמאָלט געשפּילט אין שטראָלקעס מיט די מיידלעך אין גאַס. (אסור צי די מאַמע געדענקט וואָסאַראַ סאָרט וועטער עס איז אין יענעם טאָג געווען. נאָר עס האָט געמוזט זיין אַ העלער און זוניקער טאָג, אינמיטן זומער, אַזוי ווי אין דאָס רוב טעג פון נאָוועלן...) דער טאַטע האָט לאַנג געקוקט אויף מיר... איך האָב מוראדיק געפילט זיין שאַרפן בליק... איך אָבער האָב דעם טאַטן נישט געזען... איך האָב זיך שטאַרק געשעמט און נישט געוואַגט אים אָנקוקן... אַלץ איז סיי ווי סיי געווען צו מיר מאָדנע, פרעמד און אומבאַוואוסט... אָט דאָס איז געווען אונדזער ערשטע באַגעגעניש... איך געדענק עס דווקא אַזוי ווי עס וואָלט נעכטן געשען... און דאָס איז געווען גאַנצע דריי יאָר שפּעטער נאָכן ערשטן צוזאַמענטרעף פון דיינע ביידע זיידעס...

דאָס מיינט פשוט אַז דער טאַטע האָט גאַנצע דריי יאָר נישט געקענט די מאַמען, כאָטש זי איז שוין כמעט געווען זיין כלה...

מיין מאַמע פלעגט אָפט צוהערן אין דער שענק. אין די טעג פון יאַרידים פלעגן אָפט קומען שווערע אידענעס פון יעוואַנגאַראָד, פון מיין פּאָטערס שטאָט. זיי פלעגן אַריינקומען אין שענק מיט אַ טומל און פרעגן ר׳ משה׳לע יונה׳ס:

— ווו איז ערגעץ די כלה פונם יעוואַנגאַראָדער חתן, ר׳ לייבוש יואלקעס זון, מאָטל? מיר ווילן אָנקוקן די כלה...

אָבער מיין זיידע האָט שוין געזאָרגט אַז דווקא אין די דאָזיקע יאַרידים־טעג זאָל מיין מאַמע נישט זיין אין דער ווינשענק... כדי די אידענעס זאָלן נישט האָבן קיין אויסרייד צו באַרעדן די כלה...

ווען זיי האָבן מיט מזל חתונה געהאַט, איז מיין מוטער אַלט געווען גאַנצע זעכצן יאָר... און מיין פּאָטער ניינצן יאָר...

קיין וואַזשנע זיווג איז עס נישט געווען... אין אונדזער שטוב האָט כל־ימיו געהערשט קריגערייי און ביטערע אָרעמקייט. מיין פּאָטער האָט

געשטאַמט פון אַ הויז פון זאַטע גבירים, שטאָלצע אַריסטאָקראַטן און פון לויטער ייִדענעם יחוס. מיין טאַטע איז טאַקע געווען אַ מאַן פון אַ סך פּעאי־קייטן און טאַלאַנטן. ער האָט דורך זיין גאַנצן לעבן געזוכט, געקעמפּט און מוראדיק געליטן, וועגן אים קען וויל אָנגעווענדט ווערן דאָס פּוילישע שפּריכוואָרט: „קיין געלט האָב איך טאַקע נישט, אָבער כבוד באַזיץ איך!” נאָך בעסער איז דאָס אידישע שפּריכוואָרט: „אַ סך מלאכות און ווייניק ברכות”...

מיין מוטער האָט געשטאַמט פון אַ פאַמיליע פון זייער איידעלע און שטילע מענטשן. אין איר משפּחה האָט געהערשט ליבשאַפט און אַרבעטס־זאַמקייט. די תורה האָט תמיד געלויכטן אין זייער הויז. אָרעמקייט און באַשיידנקייט, צניעותדיקייט און ערפורכט פאַר גאָט האָט אייביק געהערשט אינ׳ם הויז פון מיין מוטערס עלטערן...

## ר׳ אבעלע ראַפּאָפּאָרט פּאַרהערט מיין טאַטן

מיין מאַמע דערציילט אַז אַ געוויסער ר׳ אַבעלע ראַפּאָפּאָרט איז גע־פאָרן קיין יעוואַנגאָראָד כדי אויסצוהערן און צו זאָגן מבינות וועגן מיין קינפטיקן טאַטן. ווען ר׳ אַבעלע קומט צוריק, זאָגט ער אַז מיין טאַטע איז נישט קיין איבעריקס גרויסער למדן. אָבער, ער איז קלוג און טיכטיק...

מאָדנע שטייט פאַר מיר איצט דאָס געשטאַלט פון ר׳ אַבעלע ראַפּאָפּאָרט, אין פינצטערן און רעגנדיקן באַגינען, ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות. איך וויל דורך ר׳ אַבעלעס אויגן קוקן אויף מיין יוגענטלעכן טאַטן, אַזוי ווי דורך פאַרגרעסער־גלעזער פון צייט... בכלל ווילט זיך זשעדנע אָנקוקן אַן אַמאָליקן, היסטאָרישן איד. (יעדער איד איז סיי ווי היסטאָריש באַקלעפּט מיטן פייער און בלוט פון דער אידישער געשיכטע.) דער נאָוועליסט באַנוצט זיך קוים מיט אַ ברעקל כראָניק, כדי אַריינצוקוקן מיט נאָסטאַלגיע אין דער פאַרגאַנגענער צייט... דער דאָזיקער ר׳ אַבעלע ראַפּאָפּאָרט, וואָס האָט פאַרהערט מיין טאַטן, האָט געמוזט זיין אַ קלוגער ייד... וואָרים זיין מיינונג וועגן מיין טאַטן שטימט אויף הונדערט פּראָצענט מיט מיין מיינונג...

## מיין טאַטנס לשון

וואָס אַן אמת, מיין טאַטע איז טאַקע קיין בוך־וואָרם, אָדער קיין ספרים־מילב, נישט געווען. אָבער ער האָט מיט ממש שריפטשטעלערישע אויגן געזען דאָס לעבן. ער האָט געלערנט דירעקט פונם לעבן, ווי פון אַ געוואַלטיקן ספר. ער האָט געזען די קאָנטראַסטן פון לעבן: אָרעם און רייך, מיאוס און שיין, פרייד און לייד, אומגליק און גליק, ליכט און פינצטערניש, גוטסקייט

און רשעות, נאַרישקייט און חכמה. וואָלט איך נאָר אין יענער צייט פון מיין אינגלשאַפט פאַרשריבן דעם טאַטנס שפּרוכן, אָבסערוואַציעס און שיחת חולין, וואָלט איך איצט פאַר זיך געהאַט אַ גאַנצן ספר פון מיין טאַטנס לשון און כאַראַקטער...

זיין לשון איז געווען געוואַגט, בונט און רייך מיטן פאָלקסאידיאָם. ער האָט געשאַפן זיין אייגענעם לשון־אינסטרומענט. זיין הומאָר האָט געזעצט מיט פייער, מיט דראַמע, מיט מעכטיקן חוזק אויף גאָט׳ס וועלטעלע...

— „עס איז שוין איינמאָל אַ וועלט מיט וועלטעלעך!" — פלעגט ער איראָניש צוגעבן...

## ר׳ משה׳ל זשעלעכאָווער

מיין מאַמעס טאַטע, ר׳ משה׳ל זשעלעכאָווער, אָדער ווי מען פלעגט אים היימיש רופן: ר׳ משה׳לע יונה׳ס,, איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1838, אין שטעטל זשעלעכאָוו און ער איז געשטאָרבן אין מאַרקושאָף אין יאָר 1897, אַלט זייענדיק בלויז אַכט און פופציק יאָר. ער איז געווען אַ גוטער מענטש, מיט אַן איידעלען פנים און אַ ליבנסווירדיקן שמייכל. אַ נידעריקער אין וווקס, אַ בלייכער איד מיט אַ גרויסער באָרד. ער פלעגט תמיד זיינע קינדער צערטלען און קושן, זיי אויפהויבן אין דער הויך און זיי ס׳רוב ברענגען זיסע מתנות. איינער פון מיינע ברידער, יעקב, דערציילט מיר ווי אַזוי דער זיידע האָט אונדז באַזוכט אינם דערפל דזשאָרזשיק, אַרום דער יאָר 1904. האָט ער דעמאָלט געבראַכט פלעצלעך מיט מאָן פאַר די אייניקלעך. ער האָט באַזונדערס מיט גרויס ליבשאַפט זיך אָפּגעגעבן מיט מיין שוועסטערל מירעלע. ער האָט זיין ליב אייניקל גענומען אויף די הענט, ער האָט זי געזעצט אויף זיינע קניעס און ער האָט זי געקושט און פאָטערלעך געגלעט...

ר׳ משה׳לע יונה׳ס, ווערט דערציילט, איז איינמאָל געקומען צו מיין מאַמען עטלעכע וואָכן נאָך דער חתונה. ער האָט געזען ווי טרויעריק זיין טאָכטער איז. האָט ער זי אַריינגערופן אין אַ באַזונדערן חדר און ער האָט זי געפרעגט פאַרוואָס זי איז אַזוי טרויעריק. די יונגע און שיינע רחל־לאה, מיין טייערע מאַמע, האָט אַלע אירע יסורים פאַרבאָרגן און דערשטיקט טיף אין איר האַרצן. זי האָט נישט געוואָלט אויסזאָגן ווי ברוטאַל איר מאַן, מיין פאָטער ,איז צו איר... מיין זיידע האָט אָבער אַלץ פאַרשטאַנען... ער האָט דערקענט ווי שטאַרק זיין געליבט קינד ליידט נעבעך... ער האָט געזען ווי אַזוי זיין טאָכטער גייט אַריין אין צווייטן צימער און זי ברעכט דאָרט אויס אין אַ ביטערן געוויין. מען קען זיך פאָרשטעלן אַז דער זיידע איז אַוועק מיט אַ שטאַרק־צעקלעמטן האַרץ...

מער האָט ער זי קיינמאָל נישט געפרעגט... נאָר איינמאָל, אין אַ בריוו,

האָט ער זי אײדל, אָבער גאַנץ אַנטשלאָסן אויפגעפּאָדערט זיך צו גטן מיטן ברוטאַלן מאַן, וואָס האָט איר, בשעת זי האָט געשוואַנגערט מיט איר ערשטן קינד, שרה׳לע, געוואָרפן אין פּנים אַריין אַ פּעקל מיט שפּיציקן און האַרטן לאָם, און ער האָט איר פּאַרבלוטיקט דאָס שײנע פּנים... די גוטע פרוי האָט דורך איר גאַנצן לעבן פּײנלעך געשוויגן און מורא׳דיק געליטן...

ר׳ משה׳לע יונה׳ס זשעלעכאָווער האָט גאַנצע דרײ מאָל חתונה געהאַט. אַלע דרײ ווײבער זײנען אים אַוועקגעשטאָרבן. ער האָט געהאַנדלט מיט תבואה. ער האָט אויך געהאַט אַ ווײנשענק אין גאַרבאָוו און ער איז שפּעטער פאַראָרעמט געוואָרן. אָבער ער איז געווען אַ גאַטספאַרכטיקער איד און ער האָט כל־ימיו געטרײ געדינט דעם רבונו של עולם ביזן לעצטן אָטעם־צוג פון זײן לעבן. הלוואי וואָלט איך מער געוווסט צו דערצײלן פון מײן זײדן... וואָרים איך האָב אים ליב... ער שטראָלט ממש פאַר מיר אַרויס פון „יענער וועלט" מיט זײן שטראַלנדיקן, אײדעלן פּנים...

זײן אור־אײניקל, לוי גראָסמאַן, דערצײלט מיר אַז פאַר דער צווײטער וועלט־מלחמה האָט ער געקענט אַן אַלטן פויער אין גאַרבאָוו וואָס האָט נאָך געדענקט דעם זײדן. דער פויער האָט אים דערצײלט אַז ער פלעגט קויפן בראָנפן בײם זײדן ר׳ משה׳לע יונה׳ס און אַז ער פלעגט אָפט זיצן מיט פויערים אין דער ווײנשענק...

## מײן באָבע יערקע גראָסמאַן

מײן מוטערס מאַמע, יערקע גראָסמאַן, איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1845, אין שטעטל מאַרקושאָף און איז געשטאָרבן אין דעם זעלבן שטעטל אין יאָר 1871, אין דעם יונגען עלטער פון בלויז זעקס און צוואַנציק יאָר (מײן מאַמע איז דעמאָלט געוואָרן אַ יתומה צו נײן יאָר). מײן מאַמע פלעגט תמיד אָנהויבן צו ווײנען ווען איך פלעג איר פּרווון אויספרעגן וועגן איר יונג־פאַרשטאָרבענער מאַמען. מײן מוטער איז געווען אינגאַנצן ענלעך צו מײן יינגער באָבען יערקע. זי האָט געהאַט איר אײדעלן פּנים, אירע מוטערלעך־טרויעריקע, גוטע אויגן און אויך איר גאָלדענע האַרץ. די באָבע יערקע איז געווען אַ גוטע פרוי, אַ שײנע, וועלכע איר ליבער מאַן, ר׳ משה׳לע יונה׳ס, האָט דאָס גאַנצע לעבן באַוויינט און באַדויערט. און ער האָט איבערגעטראָגן די ליבשאַפט צו זײן נעבעך־פריצײטיק־פאַרשטאָרבענעם ווײב און זײן אויסערגעווײנלעכע צערטלעכקײט צו די קינדער און באַזונדערס צו מײן מוטער, וועלכע איז שוין פאַרבליבן אַ פאַרטרויערטע יתומה אויף איר גאַנצן לעבן. מײן מאַמע גיט צו:

— אין אַ ווינטערדיקן שנײ־טאָג איז געווען מײן מאַמעס לוויה... דאָס גאַנצע פאָלק האָט ביטער געווײנט... מען האָט מיך אָפּגעשלאָסן אין אַן אַלקערל, בײם פעטער ר׳ ישראל ליסיביק דעם פאַדריאַטשיק. איך האָב

מוראדיק געוויינט און איך וויין נאָך איצט אויך אויף מיין מאַמעס טויט... עס איז אַזוי ווי עס וואָלט ערשט נעכטן געשען...

די באָבע יערקע איז געשטאָרבן פון שווינדזוכט, אַ וויסטע קראַנקהייט וואָס האָט געהערשט זיבנט דורות אין מיין מוטערס משפחה. צו דער עלטער־באָבע יערקע האָט איך געהאַט אַ טיפן סענטימענט. ליב האָבנדיק מיין מאַמען, האָב איך געהאַט בלויז ליבשאַפט און יראת הכבוד צו איר מוטער, וועלכע איך האָב זיך פאַרגעשטעלט צו זיין אַזאַ בלייכע, אַ צאַרטע און אַ שטילע פרוי, וואָס גייט אַרום אַ שווינדזוכטיק־הוסטנדיקע צווישן אירע קינדער און גייט ממש אויס פון ריינער ליבשאַפט צו זיי. זי פאַרבלייכט און שטאַרבט נעבן אירע קינדערס וואַרעמע גופימלעך אין איינער אַ ווינטיקער און פינצ־טערער נאַכט. מיר דאַכט זיך אַז איינמאָל אין חלום האָב איך געזען איר שלאַנקע געשטאַלט, מיט טיף־אומעטיקע אויגן און לאַנגע כוואַליעס מיט בלאָנדע האָר. איך האָב זי דעמאָלט, אין מיין חלום, טויזנט מאָל געקושט... איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר האָף איך צו באַגעגענען מיין עלטער־באָבע יערקע אין גן־עדן... ווו זי שטראַלט אַזאַ אייביק־יונגע און אַ ליכ־טיקע... אין די גרינע גערטנער פון גן־עדן שפּאַצירט זי דאָרט אַרום מיט מיין מאַמען, איר טייערע טאָכטער... און מיט אירע אייניקלעך, באַזונדערס מיט מיין יונג־פאַרשטאָרבענע שוועסטער חיעלע שערמאַן און מיט איר אור־אייניקל, חייעלע גאָלדשטיין, וואָס איז אומגעקומען אין מאַידאַנעק מיט איר ליבן מאַן און איינציקן טעכטערל...

## ר׳ יעקב זשעלעכאָווער

מיין מאַמעס זיידע, ר׳ יעקב זשעלעכאָווער, איז געווען אַ גרויסער פּאַ־דריאַטשיק, וואָס האָט, לויט דער פאַמיליענכראָניק און לויטן וואָרן עדות זאָגן פון מיין מאַמען, געפירט אַ פּראָצעס מיטן רוסישן קיסר, (צאַר ניקאָלאַי דער ערשטער ?) מיין עלטערזיידע האָט אַפילו געוווּנען דעם פּראָצעס און האָט געקראָגן פונם צאַר, אַלס צייכן פון גרויס אָנערקענונג, אַ גאָלדענעם סיגנעט מיט זיין מאָנאָגראַם. דעם דאָזיקן סיגנעט (אָדער רינג), קען איך עדות זאָגן, האָב איך איינמאָל אַפילו געזען אין אַ חלום וועגן מיין עלטער־זיידען. דער סיגנעט איז ממש געווען ליכטיק ווי די זון...).

לויט אַ צווייטער פאַמיליען לעגענדע האָט דער עלטער־זיידע, ר׳ יעקב זשעלעכאָווער, געקראָגן אַ טוצנד גרויסע פאַרצעלייענע טעלערס מיט די הערלעכע פאָרטרעטן פונם צאַר און פון דער צאַריצאַ. ווען עס פלעגן אין הויז אַריינקומען געסט, אָדער ביי אַ גרויסע פאַמיליען שמחה, פלעגט מען די שפּייזן סערווירן אין דעם צאַרס געשיר...

דאָס הויז פון מיין עלטער־זיידען, ר׳ יעקב זשעלעכאָווער, פלעגט כל־ימיו זיין פול מיט אורחים, מיט אַלערליי וואַנדערנדיקע אידן און שליחים,

מיט געסט פון די דאָרפֿישע וועגן און יאַרידים און גלאַט אַזוי היימישע אידן וואָס פלעגן זיצן אין די בתי־מדרשים און שטיבלעך און לערנען תורה. אַ לעגענדע דערציילט אַז איינמאָל, צום ערשטן סדר ביינאַכט, ווען די אורחים זיינען געזעסן ביים לאַנגען טיש און מען האָט געעפנט די טיר כדי אַריינצולאָזן אליהו הנביא, האָבן אַלע אַנוועזנדיקע פלוצלינג באַמערקט ווי אויף ר׳ יעקב זשעלעכאָווערס פנים צעגיסט זיך אַ הערלעכער, הימלישער שמייכל... ווען מען האָט צוריק צוגעמאַכט די טיר, האָט ר׳ יעקב זיך געווענדעט בזה הלשון צו די זייניקע:

— איר ווייסט אוודאי ווער עס איז דאָ געוועזן...

— אליהו הנביא! — האָבן די נאָענטסטע מקורבים אונטערגעכאַפּט...

דער זיידע האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ...

איך געדענק ווייל דאָס שטראַלנדיקע, גאָלדענע פנים פון אליהו הנביא׳ן... איך געדענק אויך דעם ריזיקן גילדענעם כוס מיט ווייַן... ווי האָט דער הערלעכער אליהו הנביא געמוזט זיין שיכור פון אַזוי פיל כוסות מיט טייערן וויין אין וווּנדערלעכע אידישע הייזער און היימען אין דער מדינת פון קרוינפּוילן... און פון גאָר דער גרויסער וועלט, ווו אידן האָבן געפייערט דעם הערלעכן סדר — די גרויסע היסטאָרישע פאַרשטעלונג...

אַ צווייטע פאַמיליען כראָניק דערציילט אַז אַמאָל, ערב יום־כיפור, צו כל נדרי צו, איז פלוצלינג ענג געוואָרן אין דער אַלטער, זשעלעכאָווער שול. ר׳ יעקב האָט ווייל דערפילט אַז שדים האָבן זיך אַריינגעכאַפּט צווישן די מתפללים. ער האָט דעמאָלט באַפוילן אַרויפצולעגן די טליתים אויף די אַקסלען און עס איז טאַקע באַלד געררוימער געוואָרן...

ר׳ יעקב זשעלעכאָווער איז געוועזן אַ חסיד פון דעם לובלינער רבין, ר׳ לייבעלע איגר. ער איז כמעט דאָס גאַנצע לעבן זיינס אָפּגעזעסן אינם רבינ׳ס הויף. ער האָט אַפילו נישט געאירצט דעם רבין...

— איינמאָל אין אַ טאָג איז ר׳ יעקב געקומען צו אונדז אין הויז אַריין. אויף זיין רייזע צום אַלטן לובלינער רבין ז״ל, האָט ער אָפּגעטרעטן ביי אונדז אין גאַרבאָוו. עס איז געווען שבת קודש, ווען ער איז געזעסן ביים טיש און האָט געזאָגט פון אויסגעוויינטיק תורה. אַלע אידן פון גאַרבאָוו זיינען צו אונדז געקומען אָנקוקן און צו באַוווּנדערן זיין רייכע פּערזענלעכקייט! — אַזוי דערציילט מיר די מאַמע זאָל זיך מיען אין ליכטיקן גן־עדן...

אויף דער עלטער איז ער געוואָרן גענצלעך בלינד. זיין געשטאַלט, דערציילט מען, איז געווען שלאַנק, שטאָלץ און מאַיעסטעטיש. ער איז געווען אַ גוטער מאַן צו זיינע קינדער, צו דער גאַנצער משפחה און אַ פריינט צו אָרעמעלייט. יאָ, עס ווילט זיך אַ סך רעדן און שרייבן וועגן דעם עלטער־עלטער־זיידען ר׳ יעקב זשעלעכאָווער... אויך אים גרייט איך זיך איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, צו באַגעגענען אין גן־עדן... אפשר גאָר,

טראַכט איך, בין איך אַ גלגול פונם דאָזיקן גרויסאַרטיקן זיידען... דאָס גרויסע און הייליקע פייער פון זיין ליבשאַפט צו דער תורה איז מיר אַריין אין האַרצן...

ר׳ יעקב זשעלעכאָווער האָט געלעבט ביז גאַנצע ניינציק יאָר. —

פּאַרקע איז געווען אַ טאָכטער פון ר׳ יעקב זשעלעכאָווער און אַ מומע פון מיין מאַמע׳ס טאַטן, ר׳ משה׳ל. איר מאַן האָט געהייסן ר׳ ישראל ליסיביק. ר׳ ישראל ליסיביק איז אַלע זיינע יאָרן געזעסן ביים לובלינער מגיד און ער איז טאַקע דאָרט נפטר געוואָרן. —

## ר׳ יונה און די וועלף

דער עלטער־זיידע פון מיין גאָטזעליקער מאַמען האָט געהייסן ר׳ יונה גראָסמאַן. זיין פרוי האָט געהייסן פראַדל. וועגן אָט דעם עלטער־עלטער־על־טער־זיידען ר׳ יונה קען איך בלויז דערציילן איין לעגענדע, וועלכע מיין מאַמע פלעגט מיר דערציילן ווען איך בין געווען נאָך זייער קליין.

נישט ווייט פון שטעטל מאַרקושאָף זיינען געווען גרויסע וועלדער, וואָס האָבן געהערט צו פּוילישע פּריצים. דאָרט אַהין פלעגט ר׳ יונה גיין יעדן שבת נאָכן טשאָלענט אויף אַ זייער לאַנגן שפּאַציר, כדי צו דערקענען און צו געניסן גאָט׳ס שיינע נאַטור. מיט זיינע ווייסע הענט פאַרלעגט אויף הינטן, פלעגט ר׳ יונה שפּאַנען בנעימות׳דיק און באַוואונדערן יעדעס פיצל לעבן, יעדעס גרעזעלע און בלימעלע. אין די דאָזיקע געדיכטע וועלדער איז דער עלטער־עלטער־עלטער־זיידע ר׳ יונה געגאַנגען אין די טריט פון זיינע ווייטע זיידעס און באָבעס. דאָ האָט ער געטראַכט פון דער שיינקייט פון גאָט׳ס נאַטור־לאַנדשאַפטן. עס איז גרויס געווען די זון און הימל און נאָך ווייט דער גאַנג פון פּוילישן אידענטום ביז צו זיין טראַגישן סוף... אַ געוואַלטיקע שטילקייט האָט געגנידערט פון די ביימער. אפשר פונם דאָזיקן זיידען האָב איך געירשנט מיין טיפע ליבשאַפט צו נאַטור. די אייגנשאַפט צו מאַכן איינזאַמע און לאַנגע שפּאַצירן אויף די וועגן און זייטיקע פעלדער. אַן עלטער־זיידענס ליבשאַפט צו גאָט און צו נאַטור־מלכות שטראַלט נאָך אַלץ אין מיין נשמה און אין אַלע מיינע אָנגעצונדענע שורות וואָס איך שרייב אין משך פון מיין לעבן... און דער דאָזיקער שטראַלנדיקער זיידע האָט דאָך געלעבט נישט צו ווייט פונם הערלעכסטן איד פון אַלע צייטן, ר׳ ישראל בעל שם טוב... קוקנדיק אויף מיין זיידען, ווי ער גייט שפּאַצירן אין פּוילישן וואַלד, זע איך די פּנימער פון טויזנט יאָר אידיש לעבן אין פּוילן... איך זע אַלע אידישע, העלדישע און מסירת נפש׳דיקע דורות פלוצלינג אויפלייכטן אין פלאַמען פון זון־אונטערגאַנג... איך גיי אַנטקעגן מיין זיידען און איך נעם אים אַרום און קיש אים מיט מיליאָנען הייסע קישן פון ליבשאַפט...

ויהי היום, איז איינמאָל, אין אַ בריליאַנטענעם שניי, ווי די לעגענדע

דערציילט, ווען די זון האָט געשיינט אינמיטן הימל אויף דער גאַנצער ערד, איז ר׳ יונה, ווי געוויינלעך, געגאַנגען אויף זיין שבת׳דיקן שפּאַציר אין וואַלד אַריין. פּלוצלינג האָט ער פונדערווייטנס, פון דער טיפעניש פון דעם אור־אַלטן וואַלד, געהערט אַ ווילד און מורא׳דיק געוואָיעריי פון אַ מחנה וועלף. עס איז שוין דעמאָלט געווען צו שפּעט צו אַנטלויפן, מחמת די ווילדע וועלף זיינען שוין געווען זייער נאָענט...

ר׳ יונה האָט זיך קוים מיט צרות אַרויפגעדראַפּעט אויף אַ בוים און ער האָט געזען ווי די וועלף קומען אָן אין גאַנצע מחנות. זיי וואָיען, וויינען און דרייען זיך אַרום מיט אָפענע מיילער אַרום דעם בוים, גרייט אים צו פאַרצוקן, האָבנדיק הונגעריקע דערפילט דאָס פלייש פון אַ מענטש...

דריי טעג און דריי נעכט איז ר׳ יונה אַזוי געזעסן אויפן בוים, ביז די וועלף זיינען אַוועק. ערשט דעמאָלט איז ר׳ יונה, אַן אויסגעשעפּטער און אַ בלייכער, אַרונטער פונם בוים. ער האָט זיך קוים, מיט די לעצטע כוחות, אַהיימגעשלעפּט, האָט געבענטשט גומל און ער האָט זינט דעמאָלט אָנגע־הויבן צו קרענקען... ער האָט טאַקע זינט דער דאָזיקער פּאַסירונג נישט לאַנג געלעבט...

מיין עלטער־עלטער־עלטער זיידענס ר׳ יונה׳ס טראַגישע איבערלעבע־ניש איז אַוודאי אַריין אין מיר און עס איז זיין וויסטע שרעק וואָס הויערט אייביק אין מיר ווי אַ מורא׳דיקער ווינט־און־ווילד־וועטער פון פּוילישן וואַלד..

## זשעלעכאָוו, מאַרקושאָף, קאָריוו, קאָנסקעוואָליע

די מוטער פון מיין מוטערס באָבע האָט געהייסן חנה. ר׳ ישראל ליסיביק איז געווען דער פאָטער פון מיין מוטערס טאַטע. ער איז געווען אַ סוחר. אַלע זיינען זיי געווען זייער ערלעכע און שטילע אידן, מיט פרומע און גאָטס־פאַרכטיקע הערצער, וואָס האָבן זיך אויסגעלעבט אין פרידן און אין שטיל־קייט זייערע ערלעכע לעבנס. זייערע הייליקע קברים געפינען זיך אויף די אַלטע בית עולמ׳ס פון זשעלעכאָוו און מאַרקושאָף. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, קוים אַ אינגל פון זעקס יאָר, זיינען מיר געווען אין מאַרקושאָף, אין קאָריוו און אין קאָנסקעוואָליע. איך האָב געזען ווי אַזוי די היימלאָזע אידן, אָנגעפּאָרענע פון די אַרומיקע קאַנטן, גייען אויף די בית עלמינ׳ס אָפּטאָן זייערע מענטשלעכע באַדערפענישן... איך האָב געזען די צעבראָכענע מצבות, די צעגראָבענע קברים, אויפגעריסענע דורך שראַפּ־נעלן. אַזוי זעען נעבעך אויס די קברים פון מיין מאַמעס פאַמיליע, האָב איך געטראַכט און באַדויערט. אַ טיף רחמנות האָט זיך אין מיר דערוועקט צו די אָרעמע אורעלטערן מיינע, וועמענס הייליקע קברים זיינען הפקר, ווי הפקר ס׳איז דורך דער גאַנצער מענטשלעכער היסטאָריע דאָס אידישע

לעבן... ווי וואָלט איך זייער ערד מיט פאַרביקע בלומען פאַרפלאַנצט. ווי וואָלט איך זייער הייליקן אָנדענק טייער געהאַלטן...

אַ הונט האָט געשלעפּט אַ רויטן שאַרבן דורך די קברים... איך האָב אויפגעציטערט: אפשר איז עס מיין זיידענס שאַרבן? קינדער האָבן זיך גע־שפּילט צווישן די צעבראָכענע מצבות מיט אָפּגעריבענע, זיך קרישלענדיקע שטיקער אותיות. אַ גיגאַנטישער אַלעף־בית, גאָט׳ס אַלעף־בית, וואָס ער האָט אַראָפּגעשטראַלט צו די אידן, צו די סעמיטישע פעלקער, דער פלאַמיקער אַלעף־בית פון דער תורה, דער הערלעכער אַלעף־בית פון קבלה, פון די געוואַלטיקע מיסטיקער פון צפת, איז דאָ געלעגן צעשטערט, צעמזיקט און צעבראָכן. איך האָב געקוקט אויף דעם געשענדעטן און פאַרשעמטן, שטיי־נערנעם אַלעף־בית און גרויסע טרערן זיינען גערונען איבער מיין פּנים... איך וועל דעם אַלעף־בית אַראָפּקישן און אַראָפּכישופן פון די צעבראָכענע מאָנומענטן. איך וועל דעם אַלעף־בית באַהאַלטן אין מיין נשמה. איך וועל אים אַריינגעמען אין מיין האַרצן... איך וועל זיך אַמאָל מיטן דאָזיקן הייליקן אַלעף־בית באַנוצן... איך וועל אים אַריינגעמען אין מיין ווערק... איך וועל מיטן דאָזיקן טראַגיש־גרויסן אַלעף־בית שרייבן מיין פּראָזע... איך וועל מיטן דאָזיקן מעכטיקן און אייביקן אַלעף־בית ווערן אַ שרייבער ביי אידן... אָט אַזוי האָב איך געחלומט אַלס קליין אינגעל נעבן די פאַרוואָר־לאָזטע קברים און צעבראָכענע מצבות פון מיינע זיידעס און באָבעס...

... און אָפּטמאָל דאַכט זיך מיר אַז איך וואַנדער ווידער אין חלום אי־בער יענע טייערע, הונדערטער־יאָרן אַלטע שטעטלעך... די אורעלטערן מיינע קומען מיר אַזוינע ליכטיקע אַנטקעגן... ווי זיי האָבן ליב זייער וויטן אור־אור־אייניקל, דעם שרייבער... כאָטש איך האָב נישט אַזאַ טיפע, גאָטספאָרכטיקע ליבע צום רבונו של עולם ווי זיי האָבן געהאַט אין זייערע הייס־אידישע, פלאַקערנדיקע הערצער... אָבער זיי פירן מיך ווידער מיט ליבשאַפט צו גאָט... צום אומשטאַרבנדיקן גאָט פון אונדזערע אָבות. איך פריי זיך מיט זייערע לויטערע פּנימער, ווי די זונען, מיט זייערע גרויסע, אָנגעצונדענע נשמות, אַזוי ווי שטורקאַצן אין די פינצטערע נעכט פון אונדזער הערלישער געשיכטע...

## דער קופּערנער טשייניק פונם עלטערזיידן ר׳ יונה

ביי אונדז אין שטוב האָט זיך שטענדיק געפונען אַ גרויסער, קופּערנער טשייניק וואָס מיין מאַמע האָט אויפגעהיט אין משך פון לאַנגע צייטן. אָפּט־מאָל פלעג איך בלייבן שטיין פאַרן דאָזיקן טשייניק, אין גרינעם שימל גע־הילט, אַזוי ווי אַ פּערסישע קרוג. ער איז געווען געהאַמערט אין טונקעלן קופּער און פעסט געשלאָסן. ער האָט געהאַט אַ קליינע עפענונג, אַזוי ווי אַ קופּערנעם שנאָבל. עס איז אוממעגלעך געווען אַריינצוקוקן און עפּעס צו

זען איבעוויניק דורך זיין שמאָלן העלדזל.

— מאַמע, וואָסאַראַ טשייניק איז דאָס?

— עס איז דעם עלטער זיידענס, ר׳ יונה׳ס טשייניק. און ער האָט אים געירשנט פון זיין עלטער־זיידן...

— ווי אַלט, מאַמע, איז דער טשייניק?

— אפשר אַ צוויי הונדערט יאָר, מיין זון...

איך בין געבליבן שטיין אַ פאַרציטערטער. דרך ארץ איז געגאַנגען פון מיין האַרץ צו אַ שטומער כלי. אַזוי בלייבט מען שטיין פאַרן טיפן עלטער פון היימישע זאַכן. וואָרים צייט איז די גרעסטע אַריסטאָקראַטקע: זי גיט צו צו אלע זאַכן אַן אָרעאָל פון איידלקייט, פון געלייטערטקייט, צייטן זיינען די ציגל צו דער אייביקייט... צייט גיט צו נאָבילימעט צו פאָרם. אַ קינד אין שיין, אָבער אַ קלוגער זקן מיט אַ זיידענער, געלער הויט אויף זיין דין־געשניצטן פנים וועקט חשיבות. די הויט פון אַן אַלטן מאַנס פנים איז ווי ברוינער זייד. צייט האָט כישוף אין אירע שטאָלצע פינגער. וואָס זי רירט נאָר אָן, פאַרוואַנדלט זי צו קונסט. פאַרשליסט זי אין אַנטיקער שיינקייט. פאַרענדיקט זי צום געלייטערטן מייסטערווערק. און אַזוי איז פון דעם דאָזיקן אַלטן, גראָב־געהאַמערטן טשייניק געגאַנגען היסטאָרישער רעמיניסענס. רירנדיקע, משפחה׳דיקע פיעטעט. ס׳האָט פון דעם מעכטיקן, אַלטן קופער אַרויסגעשטראַלט דעם זיידען, ר׳ יונה׳ס שטראַלנדיק פנים. זיין הדרת־פנים מיט לאַנגער, גאָלדענער באָרד ווי פון בראָנדז. ברענענדיקע אידישע אויגן. עקשנות אין יעדער קנייטש פון זיין איידל פנים. פון די קופערנע ליפן זיינע גייט דינער שמייכל און גאָלדענע איראָניע, היסטאָרישע איראָניע, חכמה, וואָס דערמאָנט אין שלמה המלכ׳ס חכמה. דאָס איז געווען אַ שטאָלצער, דעמביקער איד, וואָס האָט געשטראַלט מיט נאַציאָנאַלן עקשנות און מיט אייזערנעם געדולד. ער פלעגט כל־ימיו פאָרן צום לובלינער רבין, ר׳ עקיבא אייגר. ער האָט שווער און ביטער געקעמפט פאַרן שטיקל ברויט. געקעמפט מיט פוילישן ווינט, מיט פוילישער זאַווערוכע, מיט שניי און מיט רעגן און מיט די פינצטערע בלאָטעס. און ער איז געבליבן שטיין אין דער אידישער אייביקייט אַזוי ווי אַ זייל פון גאָלד.

דער קופערנער טשייניק באַדאַרף אַריינגיין אין גן־עדן. ער האָט אַזוי פיל גוטס געטאָן צו אידן. אין די נעכט פון פרייטיק אויף שבת האָט ער היים געגליט אין די היימישע באַק־אויוונס. און ביי דער גרויסער סעודה, שבת בייטאָג, האָט ער אָנגעגאָסן גאַנצע צוועלף גלעזער מיט הייסע טיי. ס׳איז שטראַלנדיק געגאַנגען פון זיין דינעם העלדזל די זילבערנע פאַרע אַרויף צום הימל. דער קופערנער טשייניק האָט אָנגעוואָרעמט מיט זיין ברע־נענדיקן, קופערנעם לייב אידישע מענטשן, אידישע דורות. אַ טשייניק אַ הייליקער אַזאַ. כ׳האָב אָפט געדריקט צום האַרצן זיין אַלטן קופער. כ׳האָב

זיך האַרציק געפּרייט מיט זיין פּרימיטיווער פאָרם. כ׳האָב אָנגעריררט אין זיין קופּערנעם לייב דאָס לייב פון דורות. כ׳האָב אין אים אָנגעריררט אידישע אייביקייט. —

## דער מומע נעכע׳ס כוס

איך זע דעם גאָלדענעם כוס מיטן ווייַן. ער דערמאָנט מיך אין דער מומע נעכע׳ס כוס. דאָס איז געווען אַ גרויסער, גלעזערנער כוס, אין ווענס דורכזיכטיקער טיף ס׳האָט געקענט אַריין אַ סך ווייַן. ער האָט געהייסן „אליהו הנביא׳ס כוס״. ס׳האָט פון זיין טיפעניש דער ווונדערלעכער, אומזעבאַרער גייסט פון אליהו הנביא דעם טייערן וויין געטרונקען...

די מומע נעכע איז געווען אַ קליינטשיקע, אַ זייער צאַרטע און פראַגילע פרוי. עס האָט פון איר געוויעט מיט אַמאָליקער ראָמאַנטיק. ווען זי פלעגט אַמאָל קומען צו אונדז צו גאַסט, אין פולאַווי, און זיך אַוועקזעצן אויף אַ טאַבורעטקע ביים קאַפלענעם אויוון, און זי האָט אָנגעהויבן צו דערציילן פאַרשידענע מעשיות, איז געווען וואָס צו הערן. איר קליינטשיק, דינטשיק און אויסגעדאַרט פנימל האָט געקראָגן אַ לעבעדיקן אָפּשיין פון אַמאָליקער פרוילעכער שיינקייט. פון אירע דינע ליפּן זיינען געגאַנגען גאָלדענע רייד פון ליבשאַפט און ראָמאַנס. ווען זי פלעגט קומען צו דראַמאַטישע מאָמענטן, צום סאַמע הייסן קלימאַקס פון אירע ראָמאַנטישע איבערלעבענישן, פלעגט זי פלוצלינג אָנהויבן צו רעדן דייטש. אירע אויגן פלעגן זיך דעמאָלט בליציק אָנצינדן. גרויסע דראַמעס האָבן זיך געעפנט. זי האָט גוט געקענט גאַנץ פוילן און רוסלאַנד. פאַר איר יונגפרוילעכן רייץ זיינען צאַרישע גענעראַלן און פולקאָווניקעס געגאַנגען מיט די קעפּ איר דר׳ערד אַריין. ס׳האָבן זיך באַרימטע קינסטלער אין איר פאַרליבט. אָפּיצערן האָבן זיך צוליב איר געשאָסן פון ריזיקע, אַלטמאָדישע, מעשענע פיסטאָלעטן. די מומע נעכע איז געווען סאַמע גאָלע ראָמאַנטיק. ס׳האָט פון איר געוויעט מיט גרויסער, פילפאַרביקער דראַמע. מיט רעמיניסענסן פון פייערדיקע ליבעס. מיט קעניגלעכע הויף־אינטריגעס און מיט חסידישע רביים און חסידים און הייף פון גרויס פראַכט און קעניגלעכער פייערלעכקייט...

איך פלעג שטאַרק באַוווּנדערן דאָס לשון פון אירע דערציילונגען. די קלאָרע בילדלעכקייט. די פּאָעזיע און די פרישקייט פון וואָרט און בילד. די מומע נעכע האָט ממש דערציילט פאַרטיקע ליטעראַטור. עס איז גאַרנישט געווען נייטיק צו ענדערן און צו רעדאַקטירן אירע באַטעמטע פאָלקלאָריסטישע פראַזן און שפּרוכווערטער. עמעץ האָט בלויז מיט אַ פלינקער פעדער באַדאַרפט פאַרשרייבן די רייד פון אירע ליפּן. פון אירע דינע ליפּן, אַזוי ווי ערשט־אויפגעשפּראָצטע בלעטלעך פון רויזן...

די מומע נעכע פלעגט שטענדיק מיטברענגען מיט זיך אַ גרויסן בוקעט

מיט רויזן. זי פלעגט אים אָוועקשטעלן אויפן דעמבענעם טיש, אינמיטן שטוב, אין אַ וואַזע. און יעדער ווילע פלעגט זי מיט איר דינעם, געשניצטן נעזל אַ שמעק טאָן די שמעקנדיקע בלומען און זי פלעגט אָנהויבן צו דער־ציילן אַ פרישע מעשה פון איר רייכן לעבנס־אַלבאָם, אַזוי ווי די בלייכע פרינצעסין שעכערעזאַדע, פאַרן אויסלעשן פון דער נאַכט און ערב אָנצינד פון פרימאָרגן...

איר ערשטער מאַן איז געווען דער פעטער מאָטיע, אַ שרייבער אין וואַלד. בשעת דער פעטער מאָטיע פלעגט זיצן אַן איינזאַמער אינם פינצ־טערן, פוילישן וואַלד, פלעגט די מומע נעכע פירן אירע שטורעמדיקע ליבעס מיט צאַרישע גענעראַלן און אָפיצערן. זי האָט געוווינט אין דעם שטעטעלע איוואַנגאָראָד (דעמבלין), וווּ עס איז געווען די צאַרישע פעסטונג. מיט אי־בער אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק האָט זי אָוודאי געמוזט זיין אַ בילד־שיינקייט. אַן אַפּעטיטנע און פעטיטנע ייִנגע ווייבל, מיט אַ סך רייץ...

אָבער איצט, אויף אירע עלטערע יאָרן, האָט זי נישט געהאַט קיין סך איבעריקן נחת פון איר פינפטן מאַן, אַ שלאָפער, בייזער איד, וואָס האָט נישט פאַרשטאַנען ווי אַזוי צו באַהאַנדלען און אָפּצושאַצן די ראָמאַנטישע מומע נעכע, וואָס האָט וויל אַריינגעפּאַסט אין אַ נאָוועלע פונם גרויסן מייסטער באַלזאַק... און כדי צו פאַרגעסן איר טרויעריקע קעגנוואַרט, פלעגט די מומע נעכע קומען אָפט צו אונדז און זי פלעגט דערציילן אירע בונטע מעשות פונם גלאָררייכן עבר...

ווען מיין שוועגערין טילליע איז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געקומען צו גאַסט פון אַמעריקע קיין פּולאַוו, האָט די מומע נעכע איר, צוזאַמען מיט אונדז, איינגעלאַדן אין איר הויז, נעבן דער וויכסל. איר מתנה צו טילליען איז געווען „אליהו הנביא׳ס כוס״, וואָס איז אייגנטלעך געווען דעם פעטער מאָטיע׳ס כוס, וועלכן ער האָט געירשנט פון זיינע ווייטע זיידעס. בשעת מעשה האָט די מומע נעכע געשטעלט כיבוד: ווייַן, לעקעך, איינגעמאַכטס, האָניק און כלערליי פרישע פירות פונם שמעקנדיקן סאָד. אליהו הנביא׳ס גרויסער כוס, אַ היפּש ביסל מאָט און פאַרשטויבט, איז אָנ־געפילט געוואָרן מיט פסח׳דיקן ווישניאַק. דער כוס האָט ווידער געשטראַלט, דער געשליפן־גלעזערנער כוס, מיט גאָלדיקן ווישניאַק...

טייערער אליהו הנביא! כ׳האָב דיך קליינערהייט געזען אויסטרינקען דעם פולן כוס מיט וויין... ווי דאָס פאָלק האָט דיך ליב געהאַט! ס׳האָבן נאָך דעמאָלט געלעבט אויף דער וועלט מיליאָנען אידן. אין יעדער היימישן אידישן הויז האָט מען פאַר דיר מיט גרויס ליבשאַפט צוגעגרייט דעם כוס מיט וויין. אין יעדער הויז האָבן קינדערלעך דיך אָפּגעוואַרט מיט גרויס פרייד און פאַרגעניגן. ס׳האָבן אין זילבערנע און אין גאָלדענע לייכטער

געשטראַלט די ברענענדיקע, חלבנע ליכט. טאַטע־מאַמע זיינען געווען שטאָלצע קעניגן. דו האָסט אין היימישע אידישע הייזער אויסגעטרונקען מיליאָנען כוסות מיט וויין... אָבער, דאַנקען גאָט, נישט דו ביסט געוואָרן שיכור און נישט די אידן זיינען געוואָרן אָרעמער... עס איז געווען ברוך השם ביי אידן אַ סך פּעסער וויין... די פּסחדיקע נעכט האָבן שוין געשמעקט מיט פרילינג... דער הימל איז געווען ווי בלויער פּלוש... די לבנה איז געווען ווי דיין גאָלדענער כוס אין הימל... די פּוילישע נאַכט האָט גע־שמעקט מיט פרישן בעז פון סעדער... דאָ, אויף דער פּוילישער ערד, האָבן געלעבט דורות מיט דורות אידן... די טירן זיינען געווען ברייט אויפ־געפּראַלט פאַרן ליבן גאַסט... עס איז געווען אידישער הימל. אידישע נאַכט. אידישע סעדער מיט אידישע פּירות וואָס האָבן רייך אָנגעזאָגט אליהו הנביא׳ס אָנקומען... אָ, ס׳האָט געשמעקט מיט געשיכטע, מיט שווער־באַלאָדענע אידישע געשיכטע. דער גאַנצער הימל איז געווען איין גרויסע אידישע הגדה, רייך אילומינירט מיט פרומע שטערן און מיטן גאָלדענעם לבנה־כוס...

רבי אליעזר, רבי יהושע, רבי אליעזר בן עזריה, רבי עקיבא און רבי טרפון זיינען געזעסן ביי אַ גרויסן זילבערנעם טיש פון שטערן געמייסטערט און זיי האָבן געלייענט די אוראַלטע הגדה ביזן גרויען, ביזן בלויען און ביזן זיידענעם באַגינען. און אין דער דאָזיקער גרויסאַרטיקער נאַכט שוועבט אליהו הנביא פון הויז צו הויז און ער טרינקט אויס גרויסע גאָלדענע כוסות מיט טייערן וויין און מיט ווישניאַק און מעד. אָ, גוטער און הייליקער אליהו הנביא, איך זע וווּיל ווי דו שוועבסט מיט דיינע דורכזיכטיקע פליגל איבערן ברייטן אידישן פּרוכת־הימל. איך באַטראַכט דיינע אומגעהויערע גאָלד־פליגל. איך קוש די שפּיצן פון דיינע פליגל מיט גרויס עקסטאַז. איך ריר צו מיינע פון בענקשאַפט פאַרברענטע ליפּן צום גרויסן כוס מיט וויין. איך באַנעץ מיין נשמה מיטן פלאַמיקן עליקסיר. איך טרינק אַריין אין זיך דיין איביק־לויכטנדיקע עקזיסטענץ אין אַ טראָפּן וויין. איך טרינק אַריין אין זיך די פלאַמענדיקע אידישע געשיכטע. איך ווער שיכור מיט דער אומ־שטערבלעכער אידישער אייביקייט...

יאָרן שפּעטער שרייב איך די דאָזיקע שורות, אין רירנדיקן רעמיניסענס, אין טרערנפולער געדענקעניש נאָך דעם קופּערנעם טשייניק; אין בענק־שאַפטס־געדענקעניש נאָך אליהו הנביא׳ס גלעזערנעם כוס. אָנשטאָט אָנגעצונדענע בלומען אויף די קברים פון דער מומע נעכע און דעם פעטער מאָטיע און פון דעם עלטערזיידן ר׳ יונה גראָסמאַן, שרייב איך די דאָזיקע נאָסטאַלגישע שורות... קברים וואָס זיינען שוין לאַנג אויסגעמעקט געוואָרן פון דער פּוילישער ערד...

— ווו זיינען זיי איצט, די נשמות פון די דאָזיקע טייערע קרובים

אונדזערע? ווו זיינען די הייליקע נשמות פון די מיליאָנען פאַרגאַזיקטע און פאַרפּלאָמטע אידן? און ווו זיינען אַהינגעקומען די אַלע קברים פון אונדזערע הייליקע זיידעס און באָבעס, פון אונדזערע טייערע פעטערס און מומעס? ווו אין קאָסמאָס קען מען לייגן אַ פייערדיקן קראַנץ אויפן קבר פונם אומבאַקאַנטן אידישן קינד — אין דער געוואַלטיקער אַרמיי פון אומגעטערבלעכע אידישע קדושים?

די בלעטער פון דעם פייער־קראַנץ פאַלן אויף גאַנץ פוילנס פאַרבלוטיקטער ערד... אויפן גאַנצן, מיט דורות׳דיקן אידישן בלוט אָנגעפּלייצטן און מיט טרערן אָנגעטרונקענעם פּלאַנעט...

## מיין פעטער אברהם־מאיר גראָסמאַן

ווי שוין געזאָגט, מיך האָט מיין פאָטערס פאַמיליע אָפּגעשראָקן. אָבער מיין מאַמעס פאַמיליע האָט מיך דווקא צוגעצויגן. איך האָב זיי ליב געהאַט. אין איר פאַמיליע איז געווען מער פשטות און מענטשלעכע ליבשאַפט. אין טעג ווען דער טאַטע פלעגט אַוועקגיין פון הויז, פלעגן מיר, קינדער, זיך צוכאַפּן צו דער מאַמען, וואָס פלעגט געוויינלעך שיילן קאַרטאָפל, צוגרייטן דאָס אָרעמע, פאַסנע מאָלצייט, און מיר פלעגן איר בעטן צו דערציילן וועגן איר מפּשחה... און זי האָט טאַקע דערציילט שיינע מעשיות וועגן איר משפּחה, שטיקער כראָניק און לעגענדעס... עס איז געווען ווי באַלזאַם צו מיין אויער און צו מיין האַרצן...

אָבער, צום באַדויערן, האָב איך מיין מאַמעס פאַמיליע ווייניק געקענט, אויסער איינעם, מיין פעטער אברהם־מאיר גראָסמאַן. יעדער פּאָר יאָר פלעגט זיך באַוויזן ביי אונדז אין שטוב דער פעטער אברהם־מאיר, מיין מאַמעס לייבלעכער ברודער. אַ גרויסע, רירנדיקע ליבשאַפט איז געווען צווישן מיין מוטער און אברהם־מאיר׳ן. ווייל דאָס איז געווען איר איינציקער ברודער. די איבעריקע זיינען געווען אירע שטיף־ברודער און שטיף־שוועסטער. די מאַמע האָט געטראָגן צו אברהם־מאירן אַ טיפע ליבשאַפט איר גאַנץ לעבן...

מיין פאָטער האָט פיינט געהאַט מיין מוטערס משפּחה. באַזונדערס האָט ער פיינט געהאַט דעם פעטער אברהם־מאיר. ווען ער פלעגט קומען צו אונדז, פלעגט ער געוויינלעך בעטן אויף דער חתונה פון אַ טאָכטער, צי אַ זון. אברהם־מאיר איז געווען אַ שטילער, דערשלאָגענער איד. פון זיינע אויגן האָט תמיד אַרויסגעקוקט דורות׳דיקער, אידישער צער. די אָרעמקייט איז געווען גרויס. קינדער זיינען געווען, קיין עין הרע, אַ פולע שטוב.

די פּאָר טעג וואָס אברהם־מאיר פלעגט זיך אויפהאַלטן ביי אונדז אין הויז, זיינען געווען זייער ביטערע. מיין טאַטע פלעגט שעלטן און פייניקן מיין מאַמען. די מאַמע האָט שטילערהייט געליטן. זי פלעגט זיך אָנשטרענגען

כדי צו ווייזן פאַר איר איינציקן ברודער אַ ליכטיק פּנים. אָבער די טרערן פלעגן זיך גיסן פון אירע אויגן. דער ברודער פלעגט שטילערהייט אָפּזיפצן. ער האָט וויל געוווסט אַז מיין מוטער ליידט גיהנומדיקע יסורים...

ווען אברהם־מאיר פלעגט צוריק אַוועקפאָרן קיין קאָריוו, איז מיין מוטער נאָכדעם געלעגן קראַנק אין בעט עטלעכע וואָכן. איך געדענק דעם מאָמענט פון זייער רירנדיקן צעשיידן זיך: זיי פלעגן ביידע געבויגענע און דערדריקטע גיין אויפן וועג צום יאַריד־פּלאַץ, ווו די בעל־הגלה׳שע וועגעלעך פלעגן וואַרטן אויף פּאַסאַזשירן. די מאַמע האָט געקלאָגט און האָט נאָס געמאַכט די ערד. אברהם־מאיר פלעגט פירן זיין שוועסטער ביי דער האַנט, אַזוי ווי אַ גע־ליבטע. אויף דער פּלייצע פלעגט ער טראָגן אַ פּאַק אַלטע בגדים, שמאַטעס, וואָס מיין מאַמע האָט אים געשענקט. זייער פּיינלעך צעקושן זיך טוט מיר נאָך איצט וויי... וואָרים שוועסטער און ברידער האָבן זיך בקיין שום אופן נישט געקענט צעשיידן... אַזוי ווי זיי וואָלטן פאַרגליווערט געוואָרן צו איין און איינציקן ווזן...

ווען די מאַמע איז אַהיימגעקומען, פלעגט דער טאַטע שוין וואַרטן אַן אַנגעצונדענער, אַ צעיאַכמערטער, אַזוי ווי דער בייזער צעאוס, און אָפּשפּילן אַ סצענע וואָס פלעגט מיין אָרעמע מאַמען אַריינוואַרפן אין בעט אַריין מיט עטלעכע קראַנקהייטן אויף אַמאָל... אין יענע מאָמענטן האָב איך שרעקלעך פיינט געקראָגן מיין טאַטן. איך בין אַפילו ביז איצט, אויף אַ דיסטאַנץ פון אַזאַ לאַנגער צייט, איבערצייגט אַז מיין טאַטע איז געווען צו מיין מאַמען אַ דעספּאָט.

* * *

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די אידן זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון די קעגנטן ביי דער ווייכסל, זיינען מיר אָנגעקומען, צוזאַמען מיט נאָך היימלאָזע אידן קיין קאָריוו. נאָך פריער זיינען מיינע ביידע שוועסטערן, מירעלע און חייעלע, מיידלעך אין די צוואַנציקער יאָרן, אָנגעקומען אין הויז פון דעם פעטער אברהם־מאיר. מיין שוועסטער מירעלע דערציילט מיר:

— איינמאָל זיינען מיר אַלע דריי געזעסן אין דער בין־השמשותדיקער טונקלקייט פון צימער, איך, חייעלע — זי זאָל זיך מיהען פאַר אונדז און איר חתן אַנטשל. אין שטוב איז נישט געווען קיין נאַפט. זיינען מיר געווען גע־צוואונגען צו זיצן אין דער פינצטער. פּלוצלינג קומט אַריין אברהם־מאיר און ער בייזערט זיך:

— איך האָב נישט ליב אַז וואַסער און מענער זיצן צוזאַמען אין דער פינצטער... ביי מיר, אין מיין שטוב, זיצן מיידלעך און בחורים אין דער ליכטיקייט...

ווען מיין מוטער איז וואָכן שפּעטער געקומען קיין קאַריוו, האָט זי זיך געווונדערט וואָס מיינע שוועסטערן ווײַנען נישט מער ביי אברהם־מאירן אין שטוב. זיי האָבן זיך באַליידיקט...

## מיין שוועסטער מירעלעס עצה וועגן גאָלד

אברהם־מאיר האָט כל־ימיו געוווינט אין זיין טאַטנס הויז. זיין פֿאָטער, ר׳ משה׳לע גראָסמאַן, האָט דאָס הויז געשטעלט ווען ער האָט זיך אַריבער־געצויגן פון מאַרקושאָף קיין קאַריוו. די קעלערן פון הויז, דערציילט מיין שוועסטער מירעלע, זיינען געווען גערוימע און פיל שענערע אַפילו פון די צימערן.

דערציילט מיר מיין שוועסטער מירעלע אַזאַ מעשהלע:

— איינמאָל, מלחמה־צייט, איז צו אונדז קיין פולאַווי געקומען יעקב־לייזער, אברהם־מאירס אַ זון. ער איז געקומען אָפּנעמען אין דער היגער קייזערלעכער באַנק גאַנצע דריי הונדערט רובעל. האָט ער זיך פאַר מיר פאַרקלאָגט, אַז מען וויל אים דאָס געלט נישט אָפּגעבן, סיידן אין ריינעם גאָלד... האָט ער זיך נעבעך געזאָרגט ווי אַזוי ער וועט קענען אַזויפיל שווערע גאָלד אַהיימפירן... און וווּ וועט ער עס אַהינטאָן?... ער איז ממש געווען פאַרצווייפלט...

— צו וואָס באַדאַרפסטו זיך אַזוי שטאַרק זאָרגן, יעקב־לייזער? — זאָגט צו אים מיין שוועסטער מירעלע. — אין מלחמה־צייטן איז אַ סך בעסער אַז מען האָט ביי זיך גאָלד איידער פּאַפּירענע געלט... נאָר איינער, נעם אָפּ דאָס גאָלד און פיר עס אַהיים בשלום. באַגראָב עס אין טאַטנס קעלערן...

ווען מיין שוועסטער קומט אין אַ צייט שפּעטער צוגאַסט קיין קאַריוו, זאָגט צו איר יעקב־לייזער:

— מירעלע־קרוין, איך בין גליקלעך וואָס כ׳האָב דיך געפאָלגט. דער רוסישער צאַר ניקאָלאַי ליגט שוין טיף אין דר׳ערד... זיין פּאַפּירן־געלט נוצט נאָר צו איין זאַך... דאָס גאָלד אָבער ליגט אין קעלער...

* * *

אברהם־מאיר האָט געהאַט פיר זין און אַ טאָכטער. זיין עלטסטער זון, שמואל־עליע, איז געווען אַביסל אַ בייזלעכער, אַזוי ווי זיין טאַטע. ער האָט שטאַרק געהאַלטן פון זיך און האָט ממש געטאָן אַ טובה אויב ער האָט מיט עמעצן גערעדט. ער האָט געקענט לערנען און ער האָט זיך משדך געווען מיט חיים קאַשעמאַכערס אַ טאָכטער. זי האָט אים געשאָנקען עטלעכע קינדער. אָבער שמואל־עליע שטאַרבט אָפּ יינגערהייט...

זיין צווייטער זון האָט געהייסן יעקב לייזער. זיין שוואָגער איז געווען יעקב הערש ניסנבוים, אַ ברודער פון זיין ווייב און דער רעדאַקטאָר פון

„לובלינער טאָגבלאַט״. אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז יעקב לייזער געווען אַקטיוו אין פּוילישן הינטערגרונט. די געשטאַפּאָ כאַפּט אים און פּייניקט אים מורא׳דיק. זי ברענט זיין לייב מיט פייערדיקע אייזנס און זי רייסט אים אויס די נעגל פון די פינגער. די געשטאַפּאָ לאָזט אים מכלומרשט אַרויס אויף אַ קורצער צייט. באַלד אָבער אַרעסטירן זיי אים ווידער און זיי דערשיסן אים, צוזאַמען מיט זיין פרוי. יעקב לייזער, ווי מען דערציילט, איז געווען אַ שטיקל גביר: ער האָט פאַרמאָגט אַרום הונדערט און פופציק טויזנט זלאָטעס.

אברהם־מאיר׳ס דריטער זון האָט געהייסן יוסף לייב. ער האָט געטראָגן אַ לאַנגע באָרד און האָט געקענט לערנען אַ בלאַט גמרא. ער האָט געצויגן חיונה פון גיין אין דאָרף אַריין קיין גאַרבאָוו. אין גאַרבאָוו פלעגן שוין די זין פון אברהם־מאיר האָבן אַ חזקה צו גיין. וואָרים אברהם־מאיר אַליין האָט זיין גאַנץ לעבן געהאַנדלט מיט די פויערים פון גאַרבאָוו. יוסף לייב׳ס ווייב הייסט חוה נתן־דודס.

דער פערטער זון האָט געהייסן מענדל. ער ווערט אַן אײדעם פון שטעטעלע האָסטיליע, ביי הרובעשויוו. ער האָט געדינט אין פּוילישן מיליטער און האָט אַ שטיקל צייט זיך אויפגעהאַלטן אין פולאַוו. ער פלעגט קומען צו אונדז אין הויז, אין די פרייטיק צונאַכטס׳ן. ער איז געווען אַ קלוגער, וויציקער יונגערמאַן, וועמען מיין מאַמע האָט שטאַרק ליב געהאַט.

אברהם־מאיר האָט געהאַט איין טאָכטער, וועמענס מאַן האָט געהייסן שלמה מעלהענדלער. איך געדענק זי פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווי אין אַ חלום. אין דער צייט פון דער מלחמה איז אַ שטיקל הערינג געווען מיט גאָלד צוגלייך. זי פלעגט האַלטן אַ לאַכמע ברויט אין דער האַנט און אונדז אַמוזירן מיט איר ווערטל:

— „איך טו אַ לעק צום הערינג און אַ ביס צום ברויט...״

אברהם־מאיר׳ס אַלע זין און איינציקע טאָכטער, צוזאַמען מיט זייערע משפחות, זיינען אומגעקומען אין דעם גרויסן בראַנד פון פּוילישן אידנטום. זייערע ביינער און קנאָכנס זיינען אַ טייל פונם באַרג מיט אַש און שטויב פון די זעקס מיליאָן קדושים...

## די לעגענדאַרע שויוועס

אין מיין מאַמעס משפּחה פּלאָנטערט זיך עפּעס אַ פאַנטאַסטישער נאָמען: פון די שויוועס. עפּעס טויכט אַרויס פון ים פון צייט זיין פלאַמיק פּנים איינער, אַ ברייטער, דעמביקער איד: ר׳ ישראל שויווער, אַ זון פון ר׳ הערש שויווער. דער ר׳ הערש שויווער איז געווען אַ רייכער מאַן. די מאַמע דערציילט אַז ער איז געפאָרן אין אַ גאָלדענעם וואָגן... זיין מחותן איז

געוועז דער בעלזשיצער רבי. נאָך זיין פּטירה זיינען איבערגעבליבן גאַנצע פּעק מיט צירונג, אַזוי דערציילט מיר די מאַמע שפּעט ביינאַכט...

מיין קוזין, דער שרייבער משה גראָסמאַן, שרייבט צו מיר אין אַ בריוו פון וואַרשע, פון 16טן אָקטאָבער, 1937, פאָלגענדע שורות:

„דו האָסט מיר שוין אַ סך מאָל געבעטן אַז איך זאָל דיר שרייבן וועגן אונדזער קוראָווער משפּחה. וועגן אונדזערע פאַמיליע דערינערונגען און לעגענדעס. איך בין אין אַ פאַרלעגנהייט. וואָרים איך ווייס כמעט גאָרנישט וועגן זיי.

מיין ליבער, האַרציקער און סימפּאַטישער טאַטע איז געשטאָרבן ביי 39 יאָר. איך בין דעמאָלט אַלט געווען קוים פערצן יאָר. אַזוי אַז איך האָב גאַנץ וויניק באַוויזן זיך צו דערוויסן. איך האָב אָפט געהערט וועגן אונדזערס אַן עלטער־באָבע, ביילע שוויווער, וועלכע האָט געלאָזט בויען די קוראָווער שול, געטיילט אויף חתונות זילבער־מטבעות פון אַ פאַרטוך, געווען עפּעס אַ היפּשער למדן, בעלת צנועה און גרויסע ווילטעטערין.

פאַראַן געווען ווידער אין דער משפּחה אַ מאָטל (ראַפּאָפּאָרט?), דיין מאַמעס און מיין טאַטנס אַ מומע. האָט זי געשטאַמט פון לובלינער ש״ך. דער זיידע אונדזערער האָט געהאַט אַ קרעטשמע, פאַר דעם אַ ציגעלניע און פּראָפּינאַציע. זאָל האָבן געווען אַ ווילער און שטילער איד. מען קען דאָס אויך זען לויט זיינע קינדער. מילא, וועגן דיין איידעלער מאַמען ווייסטו דאָך בעסער, אָבער אויך מיין טאַטע איז געווען פון אַ זייער איידעלער נאַטור, אַ סענטימענטאַלער און געפילספולער. קיינמאָל נישט געלעבט בשלום מיט מיין מאַמען (ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר). ער האָט נישט פאַרטראָגן איר קרעמערישן הוהאַ, גוזמאָס, פאַנטאַזיעס און אשת־חילדיקייט. אַ פאַר־בענקטער געווען און אַ טרוימערישער.״

יאָ, עס ווילט זיך מיט געוואַלט אויפהייבן דעם אייזערנעם פאָרהאַנג פון דער פאַרגאַנגענהייט. אַרויסכאַפּן פונם פינצטערן נעפּל פון צייט אַ טייער פּנים, אַ ליב געשטאַלט, און וואַרפן דערויף אַ שטיק בליציקן פּראָזשעקטאָר, עס אַריינגעמען אין גן עדן פון דיין אויטאָביאָגראַפיע, וואָס איז די פּריזמע פון אַלע דיינע ווערק, פון דיין גאַנצן לעבן און שאַפן, און באַרייכערן דערמיט דאָס קאַרגע בילד פון דער אייגענער פאַמיליענכראָניק. עס אָנטאָן אין פייער פון וואָרט... נאָר זיי לאָזן זיך קוים בולט אָנקוקן, די דאָזיקע איידעלע און לעגענדאַרע משפּחה־פּנימער... צייט האָט מיט אַ גרויסן און ברוטאַלן מעקער אויסגעמעקט און בלייך געמאַכט זייערע ליבע פּנימער... און דעם שרייבערס הונגער נאָך אַן אייגן משפּחה־פּנים איז געוואַלטיק...

„וואָס די ערד דעקט צו, ווערט פאַרגעסן!״ — זאָגט דאָס אומעטיקע שפּריכוואָרט.. ס׳איז אַן אייזערנער אמת!

איך לייען אין דער קאַרגער פאַרצייכענונג פון מיין מאַמעס רייד (אַרום דעם יאָר 1940):

פייגל־טויבע, פון די משפחה שויוועטס, ווערט די צווייטע פרוי פון מיין מאַמעס טאַטן. פון איר טראַכט ווערן שפּעטער געבוירן: יעקל, ביילע, חייעלע, טשיפּע, רבקה און מרים, וועלכע שטאַרבט יינגערהייט. (יעקל איז דער שוין דערמאָנטער טאַטע פון מיין קוזין, דעם שריפטשטעלער משה גראָסמאַן.)

איינע פון די טעכטער, ביילע, ווערט די פרוי פון ר׳ יאַנקל פלאַקסער.

אַפילו בלויזע, פאַרצייטישע נעמען האָבן אַ מאָדנעם קלאַנג און כישוף צום נאָוועליסט, וואָס איז שטאַרק הונגעריק נאָך וויסן און ידיעות פון זיין משפחה. די דאָזיקע נעמען שטראַלן ממש. אָפּטמאָל קען זיך דער שרייבער פון אַ בלויזן נאָמען מאַכן אַ בילד פון אַ פּנים, זיך פאָרשטעלן אַ פולבלוטיק געשטאַלט, אַפילו אויפשטעלן דעם גאַנצן כאַראַקטער פון אַ פערזענלעכקייט... סוף־כל־סוף שמעקן אַלע אידישע נעמען מיט קעניגלעכן יחוס פון תנ״ך... מיטן פייער פון חומש און פון תהלים...

## מיין טאַטע מעסט אָן די מעשענע קרוין

מיין טאַטע האָט ערגעץ אין אַן אַנטיקן־געשעפט זיך איינגעקויפט עפּעס אַן אָפּגעריבענע מעשענע־קרוין וואָס איז געווען אומגעהויער גרויס און שווער און האָט דאָך מערקווירדיק געפּאַסט צו זיין מאַסיוון קאָפּ, דעם קאָפּ פון אַ פאַרצייטישן קייסער... ער האָט אויך באַזעסן טיילן פון אַ ריטערלעכן, פאַרצייטישן פאַנצער־קאָסטיום און, ווי שוין דערמאָנט, האָבן זיך אין הויז אַרומגעוואַלגערט, נאָך פון פאַר מיין געבורט אָן, אַ פּאָר אייזערנע און פאַר־זשאַווערטע הענטשקעס. דאָס אַלץ פלעגט מיין טאַטע אָנטאָן ביי געוויסע געלעגנהייטן, באַזונדערס אין פּורים־צייט אָדער בשעת אַן אַנדער פריילעכער געלעגנהייט, ווען אין שטוב זיינען געווען פאַרזאַמלט געסט. ווייזט אויס אַז אין מיין טאַטנס כאַראַקטער און נשמה איז אויך געווען פאַרבאָרגן אַן אַקטיאָר... וואָרים ער פלעגט פאַראַדירן אין דער מעשענער קרוין, מיטן אייזערנעם פאַנצער אויפן ברוסטקאַסטן, מיט דער שטאָלענער מאַסקע אויפן פּנים, פון וועלכער עס פלעגט אַרויסשטאַרטשען זיין גרויסע, קעניגלעכע באָרד... מיט די פאַרזשאַווערטע הענטשקעס אויף די הענט און מיט עפּעס אַ שטעקן פון אַ וואַלד־צווייג אַלס סצעפּטער, פלעגט ער פלוצלינג דער־שיינען, מיט אַקטיאָריש־גראָטעסקער פּאָזע און זשעסט, וואָס האָט דערמאָנט אין דעם באָמבאַסטישן און פּאַטעטישן דאָן קיכאָט...

מיין טאַטע פלעגט אויך שפּילן מיט מימיק און דעקלאַמירן פראַזן פון תהלים, פון מגילת אסתר און פון קהלת. דאָס אַלץ האָט אים געגעבן אַ קעניגלעך פאַנטאַסטישן אויסזען...

די מאַמע, כאָטש זי האָט געפילט אַז דאָס איז מיין טאַטנס עפּעס אַ געהיימנישפולע נטיה צו שווישפּיל, האָט דעמאָלט פאַר אים נאָך מער מורא געהאַט ווי געוויינלעך... וואָרים ווער ווייסט וואָס אַ פריגעלאָזטער דעספּאָט, אין היץ פון שפּיל, קען חלילה אָפּטאָן אין נאַרישער רציחה... מיינע ברידער האָבן אין געהיים אָפּגעחוזקט פון טאַטן... אָבער איך האָב זיך נישט גע־קענט העלפן פון אים צו באַוואונדערן... וואָרים אין מיר האָט געוווינט שוין פון ייִנגערהייט אַן דעם טאַטנס כאַראַקטער און בענקשאַפט צו העראָ־אישע מעשים... אויסערדעם איז מיר גלאַט אַזוי געפעלן וואָס מיין טאַטע האָט זיך פאַרשטעלט... און דווקא פאַר אַ קייסער און אַ ריטער צוזאַמען... די פּאַרצייטיקע קעניגן זיינען דאָך געווען ריטער און געגאַנגען אין שלאַכט פאַרויס פון זייערע מחנות קריגער...

אין אַזעלכע אויסערגעוויינטלעכע מאָמענטן פלעגט מיין טאַטע זיך שטעלן באַרימען אַז זיינס אַן עלטער־עלטער זיידע, ר׳ בונם אשר, פון זיבעצענטן יאָרהונדערט, איז געווען אַ גאָלדשמידט און אַז ער האָט צוגעשטעלט צירונג און בריליאַנטן צו דער קייסערינע יעקאַטערינאַ די צווייטע... אַז ער פלעגט פאָרן קיין לייפּציק צו די יאַרידים און ער האָט אָנגעשפּאַרט אַזש קיין וויען אין הויף פון דער קייסערינע מאַריאַ טערעזאַ... אַז אין וויען זאָל ער זיך האָבן דועלירט מיט אַ גרויסן שררה איבער אַ וויענער שיינהייט... צוליב וועמענס כבוד זיי האָבן געפאָכטן מיט שווערדן... און אַז ער זאָל האָבן פאַרסמט געוואָרן אויף איינע פון זיינע אָפטע באַזוכן ביי דער צאַריצאַ יעקאַ־טערינאַ די גרויסע.. דער דאָזיקער זיידע זאָל האָבן אָפּגעשטאַמט פון די מאַראַנען, אין שפּאַניען.

איך ווייס ניט צי עס איז דערין פאַראַן אַ געוויסער היסטאָרישער אמת, הגם איך האָב די לעגענדע וועגן מיין עלטער־עלטער־עלטער־זיידן געהערט אין דער פאַמיליע פון פאַרשידענע קוואַלן. אין מיין דערציילונג „דאָס געהיימ־ניספולע שנירל פּערל״, וואָס איז דערשינען אין מיין בוך „און די ערד באַ־שטייט אויף אייביק״, ברענג איך אַרויס אינם הויפּט־כאַראַקטער פון פעליקס אויערבאַך, דעם צירונג־הענדלער, דאָס געשטאַלט פון מיין פאַרצייטישן עלטער־זיידן... עס איז אויך אַ מערקווירדיקע איבערראַשונג פאַר מיר געווען אָנצוטרעפן אין יוסף אָפּאַטאָשו׳ס באַרימטן ווערק „אַ טאָג אין רעגענסבורג״ (דערשינען אין פאַרלאַג „די גאָלדענע פאַווע״, פּאַריז), אַ צייכנונג פון האַנס בורגקמאיר, וואָס שטעלט פאַר אַ דייטשן איד, אין אַנהויב פון זעכצענטן יאָרהונדערט. דער דאָזיקער טיפּ פון אַ אידישן צירונג־הענדלער, וואָס האַלט אין דער האַנט אַ שנירל קאָרעלן, איז איבערראַשנדיק ענלעך צו מיין טאַטן... אין זיין פּנים, נאָז, אויגן, באָרד און אין גאַנצן געשטאַלט... אַפילו אין די מאַסיווע הענט... ווער ווייסט, האָב איך זיך געטראַכט, צי מיין ווייטער

עלטער־זיידע האָט נישט געדינט דעם מיטלאַלטערלעכן דייטשן קינסטלער אַלס מאָדעל...

ווי געזאָגט, די דאָזיקע מאָדנע לעגענדע וועגן אַ ווייטן זיידן וואָס האָט געוואַנדערט איבער די הויפּטשטעט פון אייראָפּע און האָט צוגעשטעלט צירונג צו דער צאַריצאַ און צו דער עסטרייכישער קייזערין, איז אַרומגעגאַנגען אין מיין טאַטנס משפחה זינט דורות .. אויסערדעם איז פאַר מיר קלאָר אַז מיין פאָטער האָט קיינמאָל אין זיין לעבן נישט געזאָגט קיין ליגנס...

און, ווען מיין טאַטע האָט אין אַ בגלופינדיקן מאָמענט, ספּעציעל פּורים־צייט, פאַרשטעלנדיק דעם קייסער אחשורוש, זיך אָנגעמאָסטן אויפן קאָפּ די ריזיקע קרוין פון מעש מיט די שאַרפע שפּיצן, אויך די טיילן פון אַ מיטלאַלטערלעכן פּאַנצער פון אַ ריצערזש און די אייזערנע הענטשקעס, איז פאַר אונדז ממש לעבעדיקערהייט, אַ פּאַרטיקער, אַזוי ווי אָפּגעגאָסן אויפדאָסניי אין בראָנדז און אין אייזן, געשטאַנען דער דאָזיקער פאַנטאַסטישער עלטער־זיידע, וועמען איך וואָלט וועלן באַקעגענען און האַרציק צו באַגריסן, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, אין הימל...

## מיין עלטערזיידע ר׳ וואָליע טענענבוים

מיין עלטערזיידע ר׳ וואָליע טענענבוים, נאָך וועמען מען האָט גערופן מיין עלטסטן ברודער, ווילליע, מיין זיידע, ר׳ לייבוש יואלקס פאָטער, האָט, ווי מען האָט דערציילט אין דער פאַמיליע, באַזעסן אַ גאַנצן גוט, וואָס האָט געהייסן טשאַרנע. ער איז אָבער אין די שפּעטערדיקע יאָרן געוואָרן זייער אָרעם. אַ לעגענדע דערציילט אַז ער איז געפאָרן צום רבין, וועלכער האָט אים געוואונטשן צו זיין מצליח און אַהיימצופאָרן געזונטערהייט. ווען ער איז אַהיימגעקומען, האָט ער געזען ווי אַ פויערל גייט אויפן וועג און ער פאַרלירט אַ לעדערנעם טייסטערל. מיין עלטער־זיידע האָט עס פאָרזיכטיק אויפגעהויבן און האָט דערין געפונען גאַנצע הונדערט קנאַקנדיקע רובלס, פונקט אַזוי פיל וויפיל ער האָט געבעטן ביים רבין, אַז גאָט זאָל אים צושיקן. ווען ער איז שפּעטער, אין אַ צייט אַרום, אָנגעקומען צום רבין כדי אים צו באַדאַנקען, האָט דער רבי פּילבאַדייטנדיק געשמייכלט און אים געזאָגט אַז ווען ער וואָלט דעמאָלט געפאָדערט מער ביים רבונו של עולם, וואָלט ער עס אַוודאי גע־קרוגן...

— גאָט איז קוראַנט! — האָט דער רבי צוגעגעבן.

פאַרשטענדלעך אַז דאָס אָרעמע פויערל איז געווען דער פאַרשטעלטער אליהו הנביא...

זינט דעמאָלט איז מיין עלטער זיידע ר׳ וואָליע געוועזן רייך און ביי דער חתונה פון זיין עלטסטע טאָכטער האָט ער געמאַכט אַזעלכע פייער־

לעבקייטן, אַז דער קיסר אַליין, דער רוסישער צאַר, האָט אים געשיקט דרשה־געשאַנק. די באָבע, זיין ווייב, האָט אין די בלאָטעס פון שטעטל געטאַנצט אַ קאָזאַקן־טאַנץ און אַ סך חסידים זיינען געוועזן איבערגעטאָן פאַר סאָלדאַטן: קאָזאַקן און טערקן אין זייערע פאַרביקע אוניפאָרמען, באַגלייטנדיק די חופה מיט מוזיק... דאָס איז געווען אַ חתונה פון וואָס מען האָט לאַנגע צייטן גערעדט אין גאַנץ קרוינפּוילן...

עס זאָל הייסן אַז דערזעלביקער זיידע ר׳ וואָליע האָט אויך געפירט אַ גרויסן פּראָצעס מיטן רוסישן צאַר. און צום סוף האָט ער אַלס אויסדריק פון דעם קיסרס פריינטשאַפט געקרוגן אַ מתנה: צוואַנציק זילבערנע טעלערס מיטן פּאָרטרעט פון דעם קיסר און די קייסערינע...

קיין שום צווייפל נישט אַז דאָס איז אַן איבערחזורונג פון דער לעגענדע וועגן מיין עלטער־זיידן ר׳ יעקב זשעלעכאָווערס גילדערנע טעלערס פונם צאַר. — פונדעסטוועגן דערצייל איך דאָס ווידער, אַזוי ווי איך האָב דאָס געהערט אין מיין משפחה...

צי אפשר איז די מתנה געווען טאַקע דאָס קייזערלעכע דרשה־געשאַנק צו דער דערמאָנטער חתונה. אגב, יאָרן שפּעטער האָט מיך באַהערשט דאָס מיסטיש־ביזאַרע פון דער דאָזיקער לעגענדאַרער און פייערלעכער חתונה. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט ווי אין דער נאַכט, אין דער פּויליש־פינצטערער נאַכט, טאַנצן דער זיידע מיט דער באָבע אין די קליינשטעטלדיקע בלאָטעס, פון דער שול אַן ביזן הויז, מיט די היימישע, פרומע אידן, מיט די אַנגעצונדענע חסידים אין ברייטע גאַרטלען און אין געלע שטריימלעך. מיט די מאָדנע און פאַנטאַסטישע בעטלערס, מיט די לעבעדיקע און טויטע אידן פון בית עולם, וואָס קענען רואיק נישט איינליגן אין די קברים און זיי קומען איינציקווייז כדי זיך צו באַטייליקן אין אַ אידישע חתונה. עס איז אין קליינעם שטעטל קיינמאָל נישט געווען קיין מחיצה צווישן לעבן און טויט. דער גלויבן און דער פאָלקלאָר האָט אַלעמען פאַראייניקט. די שול און דאָס בית המדרש האָט פּונקט אַזוי געהערט צו די טויטע לייט און צו די שדים ביינאַכט ווי צו די לעבעדיקע אידן בייטאָג... די דאָזיקע פאַנטאַסטישע חתונה איז מיר אַריין אין געמיט און געבליבן. איך האָב תמיד פאַר זיך געזען די פּנימער פון אידן, דאָ פלאַמיקע פון לעבן, דאָ ליימיקע פון טויט, צוגעקלעפּטע מיטן ליים און ערד פון די קברים... דורכגעווייקטע פון הונדערט יאָר שניי, רעגן, האָגל און ווינט...

(שפּעטער מיט יאָרן האָט מיין זיידע ר׳ לייבוש יואלקעס געמאַכט אַזאַ ענלעכע גראַנדיעזע חתונה פאַר זיין טייערע טאָכטער מירל, וועלכע איז שפּעטער יינגערהייט געשטאָרבן און וועגן וועמען איר דערצייל באַזונדער אין די דאָזיקע בלעטער.)

דער זיידע ר׳ וואָליע טענענבוים איז געווען, ווי מען האָט דערציילט, גאַנצע דרייסיק יאָר שרייבער אין אַ וואַלד. דרייסיק יאָר צייט האָט מיין זיידע זיך אָנגעזאַפּט מיטן אומעט פון די פּוילישע וועלדער. דער זיידע ר׳ וואָליע עסט זיך אָן מיט פּוילישע וועטערן אין וואַלד. ער נעמט אַריין אין זיין אומעטיקן געביין און געמיט פּוילישן ווינט אין די נעכט. דאָס ווילדע וואָיען פון וועלף. דעם שניי פון פריען יעסיען און שווערן ווינטער. דאָס יאָמערן פון די בלעטער אין האַרבסט. דעם טריבן רעגן וואָס דריקט אויס די נשמה פון די פּוילישע הימלען. גאָר דעם אומעט פון דער פּוילישער, סלאַווישער לאַנדשאַפט.

מיין זיידנס דרייסיק יאָריקע איינזאַמקייט אין פּוילישע וועלדער מאַכט אויף מיר אַ טיפן איינדרוק. אָן ספק אַז זיין איינזאַמקייט איז אַריין אין מיין האַרץ, אין נשמה. די איינזאַמקייט פון די זיידעס גייט מיר נאָך אויף מיין וועג פון לעבן. איבער מיין קאָפּ זינגט און יאָמערט די נאַכטיגאַל וואָס האָט איבער זיין קאָפּ, דעם אַלטן זיידנס, געזונגען און געקלאָגט. די סאָווע שטייט האַלבערנאַכט צווישן די בלעטער מיט גרויסע אויגן ווי אַ מענטשן־פּילאָ־זאָף, אין לבנה־שיין, און קוקט מיך אָן. זי האָט געקענט מיין זיידן. זי האָט מיך דעמאָלט געזען אין די נעכט... איך בין נאָך געווען נשמה... און בשעת דער זיידע האָט אין דער נאַכט, כדי צו פאַרטרייבן דעם אומעט און די איינזאַמקייט, געמישט די בלעטלעך פון אַ קליין, אייביק ספרל, דעמאָלט בין איך געשטאַנען ציטערנדיק ביים זיידענס טיש און אַריינגעקוקט צוזאַמען מיט אים אין זיידענס ספרל... אַנטקעגן אַ וואַלד מיט חיות און שלאַנגען און עקדישן, אַנטקעגן אַ וואַלד מיט פּוילישע היצלעס און מערדערס, אַנטקעגן אַ לאַנדשאַפט פול מיט נאַכטיק־טיפער מורא האָט דער זיידע אויפגעשטעלט זיין הייליקע אַרמיי — די לשון קודש׳דיקע אותיות, די טייערע, קליינע העברעאישע אותיות, אַזוי ווי שטערן אין אַ פינצטערן הימל, פון אַ קליינ־טשיק, פּיטשינקע ספרל וואָס האָט אים באַלויכטן דעם וועג דורך דעם פינצטערן וואַלד פון זיין לעבן...

און די סאָווע האָט מיך וויל געזען נעבן מיין עלטער־זיידן ר׳ וואָליען... איך בין געווען ווינט... איך האָב געמישט די בלעטלעך פונם ספרל ווי מען מישט די נאָטן פאַרן גרויסן ווירטואָז וואָס שפּילט אויף דער פאַרטעפּיאַנאָ...

איך זע איצט דעם זיידן: אַ שלאַנקער, אַ הויכער איד אין עפּעס אַ ברוינער קאַפּאָטע. די זיידענע גאַרטל הענגט אים נאָך. ער טראָגט אַ לאַנגע באָרד. די אויגן פלאַקערן. די הויט פון זיין פּנים איז געל ווי די לבנה. אין זיינע הענט האַלט ער אַ רויטע פּאַטשיילע. די פּאַטשיילע באַלויכט מיט איר פייער דעם גאַנצן וואַלד...

יאָ, דרייסיק יאָר איינזאַמקייט איז פון מיין זיידן אַריין אין מיין געמיט,

אין מיין בלוט. און פון מיר איז די איינזאַמקייט אַריין אין מיין פּראָזע, אין מיינע מיליאָנען און מיליאַסן אותיות... די סאָוועס האָט מיך דאָרט ווויל געזען... נאָך שטייט זי איבער מיר דאָ, ביי מיין טאַטנס שרייב־טישל און פּאַכעט פינצטער מיט אירע טונקעלע פּליגל בשעת איך שרייב אָט די שורות...

## ר' וואָווע, דער טאַטע פון מיין באָבע פון טאַטנס צד

קוים־קוים אָנזעעוודיק, ווי אַן אָפּגעריבענע אילומינאַציע אין פּאַר־צייטישן פּאַרמעט, איז צו מיר אָ ווייטער זיידע, ר' וואָווע, דער טאַטע פון מיינס אַ באָבע, פון מיין טאַטנס צד. ר' וואָווע איז געווען אַ מעכטיקער איד ווי אַ דעמב, מיט אַ געדיכטע בּאָרד וואָס האָט אַזוי ווי אַ ווילד פייער אַרומ־געכאַפּט זיין קנאָכיקן און רויטן פּנים. מיין טייערע מאַמע שמייכלט מיט אַ גליקזעלישן שמייכל ווען זי רעדט וועגן אים מיט איידעלע ליפּן און ווי מיט זיידענע רייד:

— דער זיידע ר' וואָווע האָט ליב געהאַט צו געבן צדקה. יעדן איינציקן אידישן בעטלער וואָס פלעגט נאָר איבערטרעטן זיין שוועל, האָט ער אויפ־גענומען ווי אַ פּרינץ. ער פלעגט זאָגן אַז יעדער אָרעמאַן איז אַ פּאַר־שטעלטער אליהו הנביא. און אַלע אביונים זיינען געשיקט פונם רבונו של עולם...

ר' וואָווע האָט כל־ימיו געאַרבעט ביי דער ווייכסל. ער האָט אַכטונג געגעבן אויף די אַלערליי שיפער וועלכע פלעגן פירן מענטשן פון און צו די ווייטסטע מרחקים איבער גאַנץ גרויס קרוינפּוילן...

און די מאַמע זאָגט ווייטער:

— דיין טאַטנס טאַטע, ר' ליבוש יואלקעס זאָל זיך מיען אין ליכטיקן גן־עדן, האָט פאַרלאַנגט פונם זיידן ר' וואָוועצן, דאָס הייסט פון זיין שווער, אַז ער זאָל צושטייער געבן גאַנצע פופציק קערבלעך צו אונדזער נדן... מיט יאָרן שפּעטער זיינען מיר געווען צוגאַסט אין שטעטל געניוואָשאָף, ווו ער האָט געוווינט מיט אַ גרויס הויזגעזינד: מיט שנירן, איידעמס אויף קעסט און מיט אייניקלעך. דער זיידע ר' וואָווע האָט געהאַלטן וואָרט און ער האָט דערלאַנגט דעם טאַטן די פופציק קערבלעך.. איך געדענק אים נאָך אַזוי ווי איצט: אַ גרויסער ליכטיקער איד ווי אַ דעמב, מיט בלויע אויגן און אַ לאַנגע, פלאַמיקע באָרד. ר' וואָווע האָט ליב געהאַט די ווייכסל און ער איז טאַקע געשטאָרבן אויף דער ווייכסל: בשעת אַ שטאַרקן שטורעמווינט, זייענדיק ווייט פונם ברעג, איז ער דערטרונקען געוואָרן... גאַנץ געניוואָשאָף האָט אים באַוויינט... ער האָט געהאַט אַ גרויסאַרטיקע לויה... אידן זיינען געקומען פון די אַרומיקע קאַנטן, וואָרים מען האָט אים ליב געהאַט און געשעצט אַלס גרויסן בעל־צדקה... —

אַט אַזוי דערציילט מיר מיין טייערע מאַמע אין די שפּעטע, פינצטערע שעהן פון דער נאַכט... נאָר מיר ווערט ליכטיק פאַר די אויגן פון דער שיינער, פּאַלקסטימלעכער געשטאַלט פון דעם זיידן ר׳ וואָווע...

אוודאי זיינען די פאַקטן וואָס די מאַמע גיט מיר אָן, אָרעמע און קאַרגע... זיי קענען קוים באַפרידיקן מיין גרויסן הונגער צו קענען נאָענט און אינטים מיינע ווייטע און גרויסע זיידעס און באָבעס, צו וויסן וואָס מער פון זייער אַרט לעבן און פון זייערע פירעכצן... אַזאַ געשטאַלט ווי דער זיידע ר׳ וואָווע, וואָס האָט כל־ימיו אַריינגעאָטעמט אין זיינע לונגען דעם ווינט און דעם ריח פון דער ווייכסל, איז מיר ליב... זיין געשטאַלט צינדט מיך ממש אָן... איך ריר אים אָן דורך צייט און רוים מיט גרויס ליבשאַפט... און איך פיל אַז איך אַליין טראָג אַ שטיק פון ר׳ וואָוועס גייסט און פערזענלעכקייט אין מיין בלוט... אַז דער זיידע ר׳ וואָווע רעדט אַרויס מעכטיק און בטחונדיק דורך מיין שרייבן... אַז זיין ערלעך, שלימותדיק לעבן פון אַ בכבודיקן איד און זיין געדיכטער אומעט אין די גרויסע, פינצטערע נעכט אויף דער ווייכסל טריפט פלאַמיק אין מיינע אידישע אותיות...

## מיין זיידע ר׳ לייבוש יואלקעס טענענבוים

(געבוירן אַרום 1840, געשטאָרבן אין דעמבלין, אין חודש אלול, 1913)

פון די זיידעס און די באָבעס פון מיין מוטערס צד איז געגאַנגען אַ שטראָם פון גייסטיקע רו, קאָסמישע שטילקייט, צופרידנקייט מיטן גורל און טיפע גאָטספאַרכטיקייט. דאָס זיינען, ווייזט אויס, געווען אמתדיק פרומע לייט, טייערע און האַרציקע אידן. זיי האָבן איינגעפלאַנצט אין מיר דרך־ארץ און ליבשאַפט צו די מענטשן, אינערלעכע שיינקייט און צעלויכטנקייט. אַ טיף־רעליגיעז געפיל, אַ וואַרעמע עמאָציע צום רבונו של עולם. די חסידישע התלהבות, גרויסע שטילקייט און מענטשלעכע מנוחה...

אין מיין מאַמען, זי זאָל זיך מיען פאַר אונדז, האָבן זיך די דאָזיקע כאַראַקטער־אייגנשאַפטן פאַרקערפּערט. פון מיין מאַמען און פון איר משפחה, איז פון דור־דורות אוודאי געפלאָסן געטלעכע רו און אינערלעכע צופרידנקייט. זייער ריינע פרומקייט איז אַריין אין מיין נשמה. אַ בענקשאַפט צו שלום און האַרמאָניע האָט מיך פון תמיד אָן באַהערשט. קוק אָן גאָט׳ס רייכע לאַנדשאַפט און געניס איר קינסטלערישע מייסטערשאַפט! גיי שפּאַצירן אין גאָטס אוניווערס מיט גליקזעלישקייט אין דיין האַרצן. האָב ליב די מענטשן און האָב ליב גאָט!

די פאַמיליע פון מיין פאָטער, די ווייטע זיידעס און באָבעס, די פעטערס און די מומעס, האָבן אין מיר אַריינגעבראַכט אַנטקעגנגעזעצטע שטראָמען און עלעמענטן: אייביקער אומרו, שטורעם און אומצופרידנקייט; אַן אומ־

ענדלעכער דראַנג צו זוכן, בענקען, קעמפן און אַ ווילן צו דערגרייכן די פלאַמען פון דער זון, אָדער, זיך אויסגעדריקט פּאָלקסטימלעכער: דאָס טעל־לערל פון הימל. אויך האָב איך איינגעזאַפּט אין מיינע ביינער עלעמענטן פון אינדיווידואַליזם, שטאָלץ, איינזאַמקייט, ראָמאַנטיק, ליבע און ליידנשאַפטן. איך האָב צו זיי, די פאַנטאַסטישע מיטגלידער פון אַן אומרואיקע פאַמיליע, צו פאַרדאַנקען אונהיימלעכע שטימונגען, אָפטע דעפּרעסיעס, דיסהאַרמאָניע, אַלערליי קאָנפליקטן און קעגנזאַצן. דאָס פינצטערע און בייזע בלוט האָט אין מיר אָפט צעשטערט דאָס גייסטיקע גלייכגעוויכט. אַן אייביקער הונגער נאָך גייסט און פייער און אַ פינצטערער שטורעם גייט פון די אָדערן פון מיין טאַטנס משפחה. אייביקע זעלבסטקריטיק און אינערלעכע רעוואָלוציע פּייניקט מיין גייסט און דריקט מיין נשמה. אַן אומאויפהערלעכער פּחד פאַרן טויט, פּערמאַנענטע שרעק און דערוואַרטונג פונם טראַגישן סוף. אַ שרעקלעכע אמת־זוכעריי, וואָס פאַרביטערט דאָס לעבן...

ביידע פאַמיליענשטאַמען האָבן מיך פאַרוואַנדלט אין אַ שלאַכטפעלד ווו אַמאָל טריאומפירן די עלעמענטן פון מיין מוטערס צד, און אַ מאָל די כאַראַקטער־אייגנשאַפטן פון מיין פאָטערס משפחה...

* * *

פון מיין פאָטערס צד שטאַם איך פון קאָמפּליצירטע און טראַגישע גע־שטאַלטן. עס האָט דאָרט געמוזט הערשן פינצטערע מרה־שחורה און הייסע עמאָציעס. זיי האָבן געמוזט, די ווייטע מיטגלידער פון מיין טאַטנס משפחה, דורכגיין דורך לבנה און דורך זון, דורך באַלאַדיש־פאַנטאַסטישע אַטמאָספע־רעס און דורך פינצטערע נעבולאָס. איך האָב ליידער מיין זיידן און די באָבען פערזענלעך נישט געקענט. מיין זיידע האָט געהייסן ר׳ לייבוש יואלקעס. ער האָט באַזעסן אין זיין רשות כמעט דאָס גאַנצע שטעטל יעוואַנגאָראָד, וואָס מען האָט אויך גערופן: מאָדזשיץ, דעמבלין און אירענאַ. ער האָט געמוזט געבוירן ווערן אין יעוואַנגאָראָד אַרום דעם יאָר 1840. מיין זיידע איז געווען פּאָד־ריאַטשיק צום דעמבלינער צאַרישן פעסטונג. ער האָט אויך געהאַט מילן, פאַבריקן, ציגעלנעס, פּראָפינאַציעס און הייזער. אויך בירשענקען און טאַר־טאַקן.

ווען איך בין אין סוף יאָר 1939 אַהיימגעקומען פון דענווער סאַנאַטאָ־ריום צו מיין מוטער אין די בראָנקס, זיינען אין דער ענגער נידעריקער שטוב געהאַנגען צוויי גרויסע, אימפּאָזאַנטע פּאָרטרעטן פון מיין זיידן און פון דער באָבען. איך האָב צייט געהאַט זיי צו באַטראַכטן אין די שפּעטע נעכט, ווען איך פלעג אַהיימקומען פון שטאָט, אָדער אין שלעכטע, רעגנדיקע וועטערן, ווען איך פלעג פאַרבלייבן אין שטוב. מיין זיידע, ר׳ לייבוש יואל׳קעס, האָט אויסגעזען צו זיין אַ פּאַטריאַרכאַלישער איד, מיט אַ לאַנגער,

ברייטער, שיין־אויסגעקעמטער און זילבער־ווייסער באָרד, ענלעך צו אַ רבי. זיינע אויגן האָבן געלויכטן מיט צער און מיט איידלקייט. ער זיצט אויפֿן הינטערגרונט פֿון זיין הויז, אויף אַ רייך־דעקאָרירטן שטול, הינטער אַ קאַנאַפּע וואָס איז געצירט מיט בלומען און הינטער גרויסע וואַזאָנען מיט צעבליטע קווייטן. פֿון זיין אַטלעסענער קאַפּאָטע שמעקט מיט רייכקייט און וואוילטאָג אין הויז. דער זיידע קוקט אַריין אין אָפֿענעם ספר, וואָס ליגט אויף אַ טישל. עס איז ווי אַ שטראַל ליכט וואָלט גיין פֿון די בלעטער פֿונם ספר צום זיידענס בלאַסן, שיין־געפּאָרעמטן שטערן. דאָס שטראָמט חכמה און לויטער־קייט פֿון די פֿאַרגאַנגענע דורות צום זיידן. מיין זיידע זעט אויס גרויסאַרטיק, גביריש און שטאָלץ.

ער דערמאָנט אין די ברייטע, געזונטע און מעכטיקע פּערזענלעכקייטן פֿון דעם יינגערן האָלביינס פּאָרטרעטן. ס׳איז פֿאַראַן אין אים מענטשלעכער פֿאַרנעם און אַמביציע. גרויס־הומאַניזם און באַוואוסטזיין פֿון זיין ווערט אַלס מענטש וואָס טוט גוטס צו די מענטשן. ער שיינט מיר צו זיין אַ סינטעזע פֿון דעם בראַסלאַווער׳ס אָנגעצונדענער פֿאַנטאַזיע און ר׳ ישראל בעל שם טוב׳ס וועלט־גוטסקייט און גאָט־פֿריילעכקייט. קיין ספק: דורות זיידעס און באָבעס האָבן שווער געהאָרעוועט אויפֿן דאָזיקן עקזעמפּלאַר פֿון אַ אידישע פּערזענלעכקייט. די קינדער האָבן געבעטן זייערע עלטערן זיך צו לאָזן פֿאָטאָגראַפֿירן. אָבער גיכער איז מיין זיידע אַ פּאַסיקער מאָדעל פֿאַרן פּענדזל פֿון אַ מאָלער אַלאַ האָלביין, טיציאַן און ראַפֿאַעל.

מיין באָבע רייזל זיצט זיך באַקוועם אינם פֿאַטעל אין אַ קעסטלעכן קלייד, אַ שטאָלצע, גרויסאַרטיקע און ערנסטע, ווי אַ קעניגין. דאָס שלעכטס, ווייב־לעכע הערשאַפֿטס־אַמביציעס, דער כאַראַקטער פֿון אַ דעספּאָט, קוקט אַרויס פֿון אירע אויגן. מען זעט קלאָר אַז די דאָזיקע נישט געוויינלעכע פֿרוי וואָלט געקענט פֿאַרוואַלטן מיט אַ מלוכה. און ווען מען וואָלט באַדאַרפֿט, וואָלט זי געקענט באַשטעטיקן טויט־אורטיילן איבער אירע ריוואַלן. נישט אומזיסט זעט זי אויס ענלעך צו דער קעניגין עליזאַבעט...

מיין פֿאָטער, בשעת שלעכטע וועטערן, ווען דער שטורעם אין פּוילישן דאָרף האָט אים אָפּגעהאַלטן פֿון צו גיין מיטן פּעקל זייגערלעך אויף די דערפֿער, פֿלעגט ס׳רוב דערציילן וואָסאַראַ ביטערע און שלעכטע פֿרוי זיין מאַמע איז געווען. איר כאַראַקטער איז געווען ווי פֿון אַ ווייבלעכן טיראַן וואָס טראָגט די הויזן אין שטוב. איר אויפֿפֿירונג האָט שאָקירט. מיין פֿאָטער האָט נישט געקענט פֿאַרטראָגן זיין מאַמעס כאַראַקטער. אָבער די נאַטור האָט אים אָפּגעטאָן אַ קונץ און האָט אים פֿאַרוואַנדלט אין נאָך אַן ערגערן דעספּאָט ווי זיין מוטער איז געווען. ער האָט איר פֿיינט געהאַט און האָט געטראַכט, געהאַנדלט און געווען שלעכט פּונקט ווי זיין מוטער.

די באָבע האָט מורא געהאַט פאַר מיין טאַטן, איר עלטסטן זון. זי האָט זיך געהיטן פאַר אים מיט אירע פאַרשווענדערייען, ראַסקאָשן, לוקסוסן און עקסטראַוואַגאַנצן. פאַר זיין אומברחמנותדיקן אויג האָט זי זיך געהיט מיט אירע רייכע סעודות און הוליאַנקעס, מיט די טעפּ מיט פעטע שפּייזן און פלעשער מיט וויין, וואָס האָבן אָפּגעקאָסט פאַרמעגנס. די באָבע האָט געפילט אין מיין פאָטער — ממש אַ שונא, וואָס האָט פיינט געהאַט צו זען ווי מענטשן לעבן גליקלעך, זאַט און אויסגעלאַסן. אים איז געווען פרעמד פאַרשווענדעריי און לוקסוס. אין זיין צייט, ווען ער איז געווען אַ קליין אינגל, איז דער זיידע געווען אָרעם. ער האָט קיין ברויט צו דער זעט נישט געגעסן. און דאָ, אין די שפּעטערדיקע יאָרן, האָבן זיך געגאָסן בעכערס מיט וויין ווי וואַסער. דער טאַטע האָט אין די שטראָמען וויין, וואָס גיסן זיך אין די העלדזער פון צאַרישע אָפיצערן, פון פרעמדע סטודענטן, פון פּוילישע שקצים, געזען דאָס שטראָמען פון בלוט, פון מענטשלעכן בלוט, פון די אָדערן פונם זיידן. זיין נאַטור איז געווען אַ מעלאַנכאָלישע. זיין אינערלעכע מרה־שחורה האָט אים נישט געלאָזט געניסן קיין פרייד. בפרט לוקסוס און רייכ־קייט. ער איז געווען דער בייזער, שטראָפנדיקער נביא פון מיין זיידענס הויז.

איינמאָל איז מיין טאַטע פּלוצלינג אין אַ רעגנדיקער נאַכט פאַרפאָרן מיט פערד און וועגעלע אין מיין זיידענס הויז אריין. עס איז געווען אַ מורא־דיקע זאַווערוכע, ווייל באַקאַנט אין די פּוילישע ברוטאַלע ווינטער־סעזאָנען. פּונקט דעמאָלט איז פאַרגעקומען אַ מין באַל אין הויז. די מאַמע מיט די טעכטער האָבן געטאַנצט מיט די צאַרישע אָפיצירן. ווען מיין טאַטע האָט זיך אַריינגעבראָכן מיט זיין באָרד — אַ שטיק אייז־פאַרפרוירענער וואַלד, מיט זיין פּנים — אַ שטיק פייער געמישט מיט שניי, ווי די זינדיקע מענטשן וואָס בראָטן זיך אין גיהנום און פייער און אין שניי, האָט די מאַמע אָנגעהויבן אויפצורוימען די טייערע, געשמאַקע געקעכטסן. מען האָט באַהאַלטן די טעפּ מיט וויין און שנאַפּסן. מען האָט אַראָפּגעריסן פון די דעמבענע טישן די טישטוכער געדעקטע מיט כל־טוב.

(אין קאַפּיטל ״מיין זיידנס יינגסטע טאָכטער געניע״ האָב איך אויס־פירלעכער איבערגעחזרט די דאָזיקע סצענע און אויך אַנדערע שטריכן פון מיינע זיידע און באָבע.)

עס האָט געטראָפן אַז איינמאָל האָט מיין זיידע, צוזאַמען אַהיימפאָרנדיק מיטן טאַטן פון אַ יאַריד, געזאָגט צו אים:

— מאָטל! איך האָב מורא דיך אַהיימצונעמען מיט מיר... די מאַמע איז עפּעס אויפגערעגט. זי קאָכט און זי באַקט... דו ווייסט דאָך: זי וועט

דיך דערזען, ווען זי זיך דערשרעקן... וואָלסט בעסער געטאָן ווען דו פֿאָרסט אַהיים...

מיין פֿאָטער איז געבליבן אין דער פינצטער־פּוילישער נאַכט אויף אַ דאָרפישן פעלד אַליין... דער זיידע איז אָפּגעפאָרן אַן איינזאַמער מיט זיין פערד און וועגעלע, איבערלאָזנדיק זיין עלטסטן זון אויף גאָט'ס באַראָט... דער טאַטע האָט געשפּאַנט אין דער נאַכט אויפן וועג, פאַרביי אַ ריזיקן בית עולם מיט הונדערטער מצבות... ענדלעך איז אָנגעפאָרן אַ פויער און האָט מיין טאַטן אויפגענומען אויף זיין וואָגן... ס'איז שוין געווען באַגינען. פון דער פינצטערניש האָט זיך אַרויסגעשיילט די לאַנדשאַפט... שטיקער בלויער באַגינען זיינען אויפגעגאַנגען, ווי פראַגמענטן פון אַ צעריסענעם ביינאַכטיקן חלום... הינט האָבן אָנגעהויבן צו האַווקען. העגער צו קרייען. אַ שטראָם גאָלד האָט באַלויכטן מיין טאַטנס בלייך, פאַרשאָלטן פנים... ס'האָט אים טיף באַליידיקט דער געדאַנק אַז דער זיידע האָט אים נישט געוואָלט אַהיימ־נעמען צו נעכטיקן אין זיין פאָטערלעכער היים, ווייל יענעם אָוונט האָט די מאַמע צוגעגרייט אַ רייכן מאָלצייט פאַר געסט... פאַר די פריינט פון די אָנגעצונדענע און שיינע טעכטער.

די באָבע האָט זיך אויך געשראָקן פאַר מיינע ברידער, וואָס האָבן אַמאָל, אין זייער גרויסן הונגער, באַזוכט איר הויז . . . זי פלעגט דערציילן מיין טאַטן אַז מיין ברודער יאַנקעלע, דעמאָלט נאָך אַ קליין אינגעל, איז איינמאָל אַ טויט־הונגעריקער אַריינגעפאַלן צו איר אין הויז און אַז ער האָט אַלץ אויפגעפרעסן וואָס עס איז נאָר געווען ביי איר אין דער קיך...

פון מיין ברודער יעקב האָב איך געהערט אַז מיין באָבע איז געווען אַן אומפריינטלעכע פרוי. איינמאָל, ביינאַכט, איז ער צו איר געקומען. זי האָט אים געגעבן צו עסן אַ טעלער מיט צוגעשטאַנענע, אַלט־געוואָרענע קליסקעלעך אין אַ פאַרסטאַיעטער יויך. דערביי האָט זי אים געשאָלטן, שרייענדיק אַז דער טאַטע באַדאַרף אַליין זען צו געבן צו עסן זיינע קינדער. לויט אים איז מיין באָבע געווען אַ געפערלעכע כעס'ניצע, אַן איבערטריבן־שטאָלצע, האָנאָראָווע, זייער געגרייצטע פרוי, לייכט זיך צו באַליידיקן... זי האָט געהאַט אַ שטרענגען פנים מיט אַ געלער הויט. ווייזט אויס אַז אין איר איז געווען אַ דערשטיקטער דראַנג נאָך לוסט. אין אירע טעכטער האָט זי פריי געלאָזט אירע הייסע, לוסטפולע באַגערן. איר אונטערדריקטע נאַטור האָט געקרוגן סאַטיספאַקציע אין אירע שטראַלנדיקע טעכטער'ס ראָמאַנען. פון די ליבעס און דער הערלעכער שיינקייט פון די טעכטער האָט זי געהאַט פאַרגעניגן. זי האָט געלעבט אין זייערע לוסטן און ליידנשאַפטן. —

* * *

איך פיל אַז איך האָב ווען עס איז אין מיין לעבן געזען דעם זיידן און די

באָבען... איך געדענק אָבער נישט גענוג קלאָר זייערע געשטאַלטן. אין מיין זכרון איז פאַרבליבן דעם זיידענס סילועט. זיין שטאָלצער אויסזען. זיין מאַסיווע, מיטלגעוווקסיקע געשטאַלט. זיין גרויסע פּאַטריאַרכאַלישע באָרד. אויך די באָבע געדענק איך קוים, אַוודאי פון די פריסטע יאָרן פון מיין קינדהייט...

ווען דער זיידע איז שפּעטער פאַראָרעמט געוואָרן און ווען ער איז געלעגן אויפן קראַנקנבעט, איז מיין טאַטע, דערהאַלטנדיק פון דעמבלין אַ טעלעגראַמע תיכף צו קומען אַהין, אָפּגעפאָרן צו זיין שטאַרבנדיקן פאָטער...

איך בין, ווי געזאָגט, דעמאָלט געווען אַ קליין אינגעלע. דאָס האָט געמוזט זיין אין חודש אלול, פון יאָר 1913. אַ יאָר פאַרן אויסבראָך פון צווייטן וועלט־קריג. איך בין געשטאַנען ביים אומגעהויערן גרויסן פענצטער און אַ פינצטערע שטימונג האָט באַהערשט מיין קינדישע נשמה. די גרויסע, פלאַמיקע זון איז געהאַנגען אַן אומגעוויינלעכע אויפן ברייט־אָנגעצונדענעם האָריזאָנט. בוימער, פלאַנצן, בלומען און גרעזער האָבן מיטגעברענט מיטן פלאַמיקן האָריזאָנט. מיין האַרץ איז עפּעס פול געוואָרן מיט פלאַמענדיקן גאָלד. איך האָב דערפילט עפּעס אַזאַ מין געוואַלטיקן טרויער, ביז דעמאָלט גאָר אומבאַקאַנט צו מיר. עפּעס אַזוי ווי אַ גאַנצע וועלט וואָלט אָפּשטאַרבן אין מיר. איך האָב מיט מיינע קליינע, נאַס־פאַרטרערטע, קינדישע אויגן, געשלונגען דעם זון־אונטערגאַנג מיט אַלע זיינע פלאַמען. איך האָב געזען ווי די בוימער ברענען און לעשן זיך. ווי די בלעטער פאַלן פון די צווייגן צו דער ערד. איך בין אין מיין אומעט צוגעפאַלן צו מיין שוועסטער חייעלע, מיט אירע לאַנגע, בלאָנדע שטראָמען האָר, זיך ציענדיק ביז צו דער פּאָדלאָגע, אַריבער איר טאַליע. חייעלע האָט אויך געוויינט ווי איך... אויף אירע פולע, צעבליטע בריסט האָב איך באַהאַלטן מיין גאָלד־געלאָקטן קעפּל, פון אירע לאַנגע, בלייכע הענט אַרומגענומען. מיר האָבן בײדע געוויינט... קיינער האָט נישט געזאָגט אָפן אַז דער זיידע איז געשטאָרבן. אָבער איך האָב עס געוואוסט. זיין טויט האָט אַרומגעוואַנדערט אין רוים...

נאַכט. וועלט־שטילקייט. אין שטוב זיצן אַלע פאַראומערטע. ווידער קוק איך אַרויס דורכן פענצטער: איך זע הויך אין הימל די קופּערנע לבנה. פון אירע וווּנדן רינען שטראָמען מיט בלוטיקע שטראַלן. ביים גאַנעק שטייען די צוויי בלייערנע לייבן, וואָס איך קען שוין לאַנג פון מיין טיפסטער, פריסטער קינדהייט. לייבן מיט מענטשלעכע פּנימער. גוטע, מענטשלעכע לייבן. און מיט דעם געסל קומט אָן דער משוגענער בייטשמאַן. ער גייט איבער די שטיינער פון ברוק אויף אַלע פיר. זינט ער האָט צעשניטן די גלידער פון זיין אייגענער מאַמען און האָט אירע צעשניטענע, בלוטיקע טיילן גוף אַריינגעוואָרפן אין דעם ברודיקן זומפּ פונם אָפּטריט, שפּאַנט ער אויף

אַלע פיר, ווי אַ חיה. ער וואָיעט ווי אַ משוגענער הונט. איך קען אים גוט: איך האָב געהערט די לעגענדע וועגן נבוכדנאצר, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן צו אַ משוגענע חיה, וואָס וואָיעט ווילד אין וואַלד. דאָס איז נבוכדנאצר! ער קריכט אויף אַלע פיר. זיין גוף איז שוואַרץ און פאַרוואָקסן. ער קריכט צו צו די בלייערנע לייבן און הייבט אָן אויף זיי צו האַווקען ווי אַ הונט. עס דאַכט זיך: די לייבן וועלן באַלד זיך נעמען רירן. זיי וועלן ענטפערן אויף די באַליידיקונגען פון דער ווילד־געוואָרענער מענטשלעכער חיה. אַלע דריי וועלן באַלד זיך פאַרקניפּן אין אַ פירכטערלעכן קאַמף... די בלייערנע לייבן וועלן מיט אייזערנע ציינער איינבייסן דאָס יסורימדיקע פלייש פון משוגענעם מענטש...

אויף צומאָרגנס, אין באַגינען, איז געקומען מיין פאָטער: עפּעס איז ער געוואָרן קליין און נישטיק. ער האָט געזען דעם טויט אין זיין מורא׳דיקן פּנים און געשטאַלט. ער האָט אָנגעקוקט דאָס גרויזאַמע פּנים פונם מלאך המות מיט זיינע פינף און זיבעציק טויזנט פלאַמענדיקע אויגן. ער האָט שוין געהאַט באַגראָבן זיין שטאָלצן, הדרת־פּנימדיקן טאַטן... דער פּלאַנעט ערד האָט שוין געהאַט צוגעקראָגן נאָך אַ קבר... דאָס קבר פון זיין טאַטן... פון צאָרן און טרויער איז מיין טאַטנס פּנים געווען עפּעס פאַרקרימט. דאָס מויל — אָפן, אַזוי ווי די קללות וואָלטן שטיין געבליבן ווי אָנגעגליטע קיזל־שטיינער אין זיין האַלדז. איין אויג, דאָס רעכטע, איז געווען קלענער ווי דאָס לינקע אויג. אין איין אויג — נביא׳ס בייזער צאָרן. אין צווייטן אויג — לאַזאַרוס׳ס מורא׳דיקע שטילקייט. ער האָט געזען דעם טאַטנס שטאַרבן. ער האָט צום לעצטן מאָל געהערט דעם טאַטנס קול, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ כאָרכלען. ער האָט געזען ווי די רייצנדיקע טעכטער ווערן שוואַרץ פון טרויער ווי פינצטערער מירמלשטיין, וואָס שטעלן פאָר יאָמערנדיקע קאַסאַנדראַס. ער האָט געזען ווי די מאַמע, זיין בייזע, צאָרנדיקע מאַמע, איז געוואָרן קליין און פאַרגענגלעך. דער טאַטע האָט געזען דעם טויט פאָר די אויגן. דעם טויט פון זיין טאַטן. איין האַלב פּנים פון מיין טאַטן איז געווען זיינס, דעם טאַטנס טאַקע, איך האָב עס אַוודאי ווויל דערקענט. אָבער מיין טאַטנס צווייטע האַלבע פּנים, מיט אַ שטיק פון זיין נאָז, איז געווען עפּעס פון אַ פרעמדן איד׳ס פאַרשאָלטן שדים־פּנים. ס׳איז נישט געווען מיין טאַטנס פּנים. עס איז געווען דאָס שטיינערנע פּנים פון אַ שד וואָס האָט זיך טויזנט יאָר צייט געוויקט אין עפּעס אַ ווערמדיקן און וויסטן זומפּ. אַ האַלב פּנים וואָס איז געלעגן פאַרגליווערט אונטער אַ שווערן וואַלד, אין אַ שטיינערנעם שיכט פון גראַניטענע פלאַסטן. ס׳איז געווען דעם משוגענעם בייטשמאַנס פּנים. עס איז געווען דאָס פּנים פונם צום וואַלד־און צום חיה׳ש־געוואָרענעם נבוכדנאצר, וואָס האָט געגעסן די רויע קרייטעכצער פון וואַלד. דאָס איז נישט מער געווען מיין טאַטנס האַלבער פּנים — נאָר דאָס פּנים פון אַ ווילדע חיה,

וואָס איז געלעגן אַ מיליאָן יאָר אין סיבירער אייזיקן פעלד, אַזוי ווי דער פאַרפרוירענער מאַמאַנט, וואָס האָט געקענט מיט זיינע ביינער און קנאָכנס דערציילן אַ מעשה פון סאַמע פירכטערלעכן בראשית אָן...

מיין טאַטע האָט געהאַט געזען דעם טויט. און נישט גלאַט אַזוי דעם טויט פון אַן אַלטן איד, נאָר פון זיין אייגענעם טאַטן, ר' לייבוש יואל'קעס...

איך האָב געהערט אַז מען האָט דעם זיידן ר' לייבוש יואלקעס באַגראָבן מיט אַ זעקל הייליקע ערד פון ארץ ישראל צוקאָפּנס' וואָס דער זיידע האָט זיך נאָך מיט אַ סך יאָרן פריער געהאַט צוגעגרייט... דאָס איז געווען געלע, גאָלדיקע, טרוקענע ערד... אַזאַ ערד האָט נישט צוגעלאָזט אין קבר קיין ווערם. איך בין געווען אַ קליין אינגעל און איך האָב געחלומט ווי גוט עס איז צו ליגן אין דער ערד פון ארץ ישראל, נישט צו ווערן פאַרפוילט, ליגן אַזוי ווי אַ באַלזאַמירטער קייסער אין דער ריינער, קלאָרער און גאָלדיקער ערד פון די אבות... איך האָב זיך פאַרגעשטעלט דאָס הייליקע לאַנד, מיט די טונקעל־גרינע פאַלמען... ווי כישוף'דיק שיין מוז עס דאָרט זיין, ווען די ערד איז אַזוי ווי גאָלד, ווי די לעגענדאַרע גאָלדענע ערד פונם וויטן לאַנד פון דער רייצענדיקער מלכה שבא...

נישט קיין וואונדער אַז די אַלטע לייט, די הייליקע אידן, ציען אויף דער עלטער קיין ארץ ישראל, דאָרטן צו לעגן דעם אַלטן קאָפּ, דאָרטן צו רוען אין אַן ערד וואָס געדענקט זייער שטאָלצע היסטאָריע, וואָס האָט נאָך אויף זיך די טריט פון שלמה המלך און פון דוד המלך און פון די נביאים און די הייליקע אבות. אידן פון אַלע לענדער האָבן געצויגן צום לאַנד אין וועלכן ס'האָט מעכטיק און שטאָלץ געקלונגען ישעיהו הנביא'ס קול, אָנזאָגנדיק דעם קינפטיקן אוניווערסאַלן שלום צווישן די פעלקער. די זין קומען לעגן זייערע ביינער אין דער ערד פון זייערע זיידעס! וואָסאַראַ פאַטעטישע סצענע!

די באָבע רייזל, וואָס איז אויך געווען אַ קראַנקע פרוי, אַזוי ווי דער זיידע, וואָס האָט כל־ימיו געהוסט, געפיבערט און געשפיגן מיט בלוט, האָט לאַנג נישט איבערגעלעבט איר מאַן. באַלד ווי דער זיידע איז געשטאָרבן, האָבן זיך אָנגעהויבן ביטערע קריגערייען צווישן אירע קינדער. עס האָט זיך געהאַנדלט אין דער ירושה... ווי גרויס און אין וואָס עס איז באַשטאַנען די ירושה פונם לאַנג שוין פאַראָרעמטן זיידען, איז מיר איצט נישט גענוי באַקאַנט. מיין פאָטער איז געפאָרן צו די פאַרהאַנדלונגען. זייענדיק אַ שטאָלצער פון דער נאַטור, האָט אים אַוודאי געעקלט פון מענטשלעכער קליינלעכקייט. די שנאה צו זיינע עלטערן האָט נאָך געברענט אין זיין ברוסט, איבערהויפט צו זיין מוטער, וועמען ער איז אגב איבערגעשטיגן אין פאַרביסנקייט און אין שנאה צו מענטשן. אים האָבן אַוודאי אויפגערעגט די פאַרהאַנדלונגען איבער נישטיקע זאַכן, וואָס האָבן אים דערמאָנט אין זיין פאָטערס רייך הויז, וועמענס חורבן און צעשטערונג ער האָט נביאיש אָנגעזאָגט.

ס׳איז מיר געבליבן אין זכרון מיין טאַטנס אַ שטאָלצע פראַזע. ער האָט אויס־געשריגן ביי אַ פאַמיליענפאַרזאַמלונג:

— איך גיב געלט אויף בענזין אַז מען זאָל אונטערצינדן די גאַנצע ירושה!

די פראַזע איז געבליבן שטיין ווי דאָס לעצטע וואָרט פון מיין פאָטער בנוגע דעם זיידענס פאַרמעגן. זאָל אַלץ פאַרברענט ווערן. זאָל קיינער דערפון נישט געניסן. ווארים עס איז אויך טריף! ס׳איז אוודאי אין מיין פאָטער׳ס פראַזע געווען אַן אָנדייטונג אַז דאָס איבערגעבליבענע פאַרמעגן איז זינדיק. אַז עס איז בעסער אַז די פלאַמען זאָלן עס פאַרצערן. מיין טאַטע איז אַהיימ־געקומען אַ ליידיקער. ער האָט גאָרנישט געוואָלט נעמען פון דער ירושה...

די באָבע רייזיל איז באַלד נאָכדעם קראַנק געוואָרן און איז אין אַ פּאָר וואָכן אַרום געשטאָרבן. זי האָט אוודאי געמוזט אויסגיין פון קריינקונג. ווארים באַלד נאָכן זיידענס טויט האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז זי האָט נישט ווו און ביי וועמען צו זיין. זי, וואָס האָט געמאַכט רייכע סעודות און הוליאַנ־קעס פאַר אַ האַלבער וועלט מיט מענטשן, האָט באַלד די ערשטע נאַכט פון איר איינזאַמער אלמנה׳שאַפט נישט געהאַט ווו איבערצונעכטיקן. די זין און די טעכטער האָבן נישט געהאַט קיין געלעגער פאַר זייער מאַמען... און אין אַ טאָג איז פאַרגעקומען דער באָבעס לוויה. זי איז געקומען זיך לעגן נעבן איר מאַן. דאָס זעקל ארץ ישראל ערד צוקאָפּנס דעם זיידענס קאָפּ האָט מיט זיין גאָלדענער ליכט געדאַרפט באַלויכטן און באַשיצן פון ווערעם דעם גוף פון אַ פרוי וואָס האָט פיינט געהאַט ווערם ביים לעבן און האָט געבענקט נאָך ליכט, לוסט און לוקסוס...

די באָבע רייזיל, די פרוי פון ר׳ לייבוש יואלקעס, איז געבוירן געוואָרן אַרום דעם יאָר 1842 און איז געשטאָרבן אין דעמבלין, אין יאָר 1914.

אין אומעטיקע שעה׳ן, ביים הייסן, קאַפּלאַנאָוון אויוון, מיט פאַרלעגטע הענט אויפן רוקן, פלעגט מיין פאָטער שטיין אין די נעכט, ווען אין דרויסן פלעגט גיין אַ ווילדער רעגן אָדער עס פלעגט פאַלן אַ שניי. ער פלעגט ליב האָבן מיט אַן אומעטיקן קול צו דערציילן וועגן זיינע עלטערן. עס פלעגן זיך דורכפלעכטן מעשה׳לעך פון זיין פריער יוגנט. פון זיין קינדהייט. ווי אַזוי ער פלעגט גיין איר חדר אַריין, צוזאַמען מיט אַנדערע אינגעלעך, אין די שפּעט־ווינטערדיקע נעכט פון ווינט און קורזשאַווע. זיי פלעגן דורכשפּאַנען טייכן און זומפּן, די ערשטע הייזלעך און געסלעך, ווען דעמבלין איז נאָך נישט געווען אויפגעבויט, ווי היינט, און ווי זיי פלעגן אין דער נאַכט זיך שרעקן פאַר שדים און נישט־גוטע, טראָגנדיק חלבנע ליכטלעך אין פּאַ־פּירענע לאַמטערנדלעך.

אין מיין פאָטער׳ס פאַמיליע האָט געהערשט זיבנט דורות די אַמאָל שווי־

דערלעבע קראַנקהייט: שווינדזוכט. מיין טאַטע האָט אויך געירשנט די קראַנקהייט. ער האָט געהוסט און געשפּיגן מיט בלוט ביי יעדער מינדסטער אָנשטרענגונג.

מיין טאַטע האָט געהאַט אַ שוועסטער, מירל, וואָס איז געשטאָרבן אין אַ זייער יינגען עלטער, נאָכדעם ווי זי איז געלעגן אין קימפּעט מיט עטלעכע קינדער. זי איז געווען אַ זייער שיינע און אַ בלייכע פרוי, מיט רויזנרויטע באַקן. עס ווערט דערציילט אין דער פאַמיליע אַז זי האָט נישט ליב געהאַט איר מאַן. קריינקונג פון אַ באַליידיקטע פרוי האָט אויפגעגעסן יינגערהייט איר לעבן.

ווען זי איז געשטאָרבן, אין אירע צוואַנציקער יאָרן, האָט מען זי באַ־גראָבן נעבן די זיידעס. שפּעטער איז זי געקומען עטלעכע מאָל צו חלום צו מיין פאָטער, שטרענג אָנזאָגנדיק אַז אירע תכריכים זיינען צו קורצע...

מען איז דעמאָלט אַוועק צום רב און דער רב האָט געהייסן אויפגראָבן מירל׳ס קבר און אַריינלעגן גרעסערע שטיקלעך תכריכים צו אירע פיס... אַזוי האָט מען טאַקע געטאָן און מירל איז מער נישט געקומען צו חלום...

מירל איז מיר פאַרבליבן אין זכרון ווי אַ לעגענדאַרע געשטאַלט. איר מעלאַנכאָליע און אומצופרידנקייט אין איר ליבע־לעבן און איר פּראָטעסט נאָכן טויט, פון קבר אויס, האָט זיך מיט מיר איינגעקריצט אין זכרון. זי איז אַוודאי געשטאָרבן נאָך איידער דער זיידע איז רייך געוואָרן. זי האָט דערי־בער נישט געהאַט די מעגלעכקייטן אויסצווויילן זיך אַ מאַן לויט איר גוסט און באַגער. אַן אומצופרידענע איז מירל אויך פאַרבליבן אין אירע תכריכים... אַ סימבאָל פון די נישט־דערלעבטע, נישט־אויסגעלעבטע, ראָמאַנטישע נאַטורן פונם שטעטל...

מירל האָט איבערגעלאָזט אַ טאָכטער, דבורה׳ע, וועלכע איך שילדער אין אַן אַנדערן קאַפּיטל פון דאָזיקן בוך.

* * *

מיין טאַטע, ווי שוין דערמאָנט, איז געווען דער עלטסטער זון ביי מיין זיידען. די שנאה פון זיינע ברידער און שוועסטערן צו אים איז געווען גרויס. וואַרשיינלעך האָבן זיי נישט געקענט פאַרטראָגן זיין ערנסטקייט. זיין דראַנג צו לעבן קאַרג און באַשיידן. זיין אויסגעשפּראָכנקייט קעגן לוקסוס און פאַר־שווענדונג. ער איז פאַר זיי פון יוגענט אָן געוועזן אַ מאָראַלישע שטערונג. ער האָט מיט זיינע רייד, ווי מיט אייזערנע האַמערס, געקלאַפּט אין די שאַרבנס פון זייערע געוויסנס. אַזאַ מין מענטש איז קיינמאָל ביי קיינעם נישט באַליבט...

באַלד ווי דער זיידע און די באָבע זיינען געשטאָרבן, איז יעדער זון און טאָכטער פון דעם גרויסן, רייכן הויז, אַוועק אין דער וועלט, אין זיין

אייגענעם ווינקעל און מיט זיין אייגענעם שיקזאַל קעמפנדיק...ביידע וועלט־מלחמות אויף דער פוילישער ערד האָבן צעשפרייט ווי פלעווס אין ווינט די מיטגלידער פון דער גרויסער משפחה.

בלויז איין שוועסטער פון מיין טאַטן, די יינגסטע, וואָס האָט געהייסן געניע, האָט געוווינט מיט אונדז אין פולאַווי, אין אַלברעכטס גאָרטן, ביים גרויסן, היסטאָרישן פּאַרק. זי איז געווען אַן אָרעמע פרוי און מען האָט זי אַפילו אינם שטעטל באַשולדיקט אַז זי גנבעט אויפן מאַרק פּאַרשידענע עסנוואַרגן און שיינע זאַכן, אַפילו ברויט ביים בעקער און פיש ביים פיש־הענדלער. דאָס איז געווען אַ שווידערלעכער בלבול. און מיין פאָטער, אויס שנאה צו זיין משפחה, האָט דערין ערנסט געגלויבט. מיר, די מאַמע און די קינדער, האָבן אַזאַ מיאוסע באַשולדיקונג נישט געוואָלט באַשטעטיקן אויף אונדזער טייערע מומע געניע. זי מיט איר מאַן דוד און דריי טעכטער זיינען אַלע אומגעקומען אין גרויסן חורבן פון פוילישן אידענטום.

מיין פאָטערס ברודער, משה׳ל, פון זוואָלין, האָב איך געזען צוויי מאָל אין מיין לעבן. איינמאָל האָב איך אים באַגעגנט אין אַלברעכטס גאָרטן, אין הערבסט צייט. אַזאַ שטילער און בלייכער, אַרומגענומען פון אַזאַ שרעק־לעכע מרה־שחורה. ער האָט שווער געצויגן דעם אָטעם. זיינע לונגען זיינען אים געווען דורכגעלעכערט פון שווינדזוכט־באַצילן. דער טויט איז אים געלעגן אויפן פּנים. אויפן פּאָן פון געלן הערבסט האָט ער אַרומגעשפּאַצירט, אַזוי ווי אַ גייסט... איך האָב אים גוט אָנגעקוקט. איך האָב אים אַריינגע־נומען אין מיין געדעכעניש. וואָרים דאָס איז געווען מיין טאַטנס אַ לייבלעכער ברודער. און שוין קליינערהייט בין איך געווען געוואַלטיק נייגיריק צו קענען וואָס גרינטלעכער מיין משפחה.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען מיר זיינען געווען שרעקלעך אָרעם, האָבן מיר געהערט אַז משה׳ל איז אַ איד אַ גביר. ער האָט דעם איינ־ציקן ווייַנהאַנדל אין זוואָלין. מיין טאַטע איז צו אים געפאָרן נאָך אַ גמילת חסד... מיין פאָטער איז אין עטלעכע טעג אַרום צוריקגעקומען אַן אומעטי־קער. ער האָט דערציילט אַז משה׳ל איז זייער קראַנק. ער ליגט אין אַ ווייסן, גרויסן צימער, ערשט געקאַלעכט. ער איז בלייך ווי דער קאַלעך פון די ווענט. ווי דאָס גלעזל מילך וואָס שטייט ביים ווייסן, ציכטיקן בעט. מען היט שטאַרק אָפּ אַז קיין איינציקע פליג זאָל זיך נישט אַריינכאַפּן אין צימער... און עס העלפט דאָך נישט צום געזונט פון משה׳ל...

אָנשטאָט געלט האָט מיין פאָטער מיטגעבראַכט פון פעטער משה׳ל אַן אומעטיקע לאַנדשאַפט פון אַ קוראָרט, דאַכט זיך פון שטשאַווניץ, אונטער אַ מאַסיוון גלאָז. איך האָב קליינערהייט אַ סך מאָל אַריינגעקוקט אין דעם אומעטיקן, פרעמדן לאַנדשאַפטל, מיט טרויעריקעביימער און אַ שוואַרצן טייך. איך האָב זיך אָנגעזאַפּט מיטן דאָזיקן אומעט... ווען איך בין אין

יאָר 1934, נאָך איבער צען יאָר אָפּוועזנקייט פון מיינע עלטערנס היים, געקומען קיין ניו־יאָרק, האָב איך געפונען דאָס דאָזיקע לאַנדשאַפטל און איך האָב זיך דערמיט דערפרייט, ווי מיט אַלע זאַכן פון דער קינדהייט. איך האָב געזען ווי די זון, ערב איר פאַרגאַנג׳ באַלויכט די לאַנדשאַפט פונם קוראָרט שטשאַווניץ. דאָרט פּאָרעט זיך אַרום משה׳ל, מיין שטאַרבנדיקער פעטער. ווי מאָדנע ענלעך ער זעט אויס צו על גרעקאָס אַ הימלישע פיגור, מיט אויסגעצויגענע פיזישע דימענסיעס... ער שפּאַצירט דאָרט אייביק אַרום. מיין קאַלעך־בלייכער פעטער משה׳ל וואָס האָט דעם איינציקן וויינהאַנדל אין שטעטל זוואָלין און ער אַליין טרינקט מילך... אונטערן דיקן, מאַסיוון גלאָז, וואָס דעקט צו און באַשיצט די קליינע לאַנדשאַפט, איז דער פעטער געזיכערט פון פליגן...

ווי מאָדנע! איך האָב קליינערהייט אָפט געטראַכט ווי טרויעריק עס מוז פילן אַ מענטש וואָס מען לאָזט נישט אַריין קיין איינציקע פליג אין זיין ווייסן, לופטיקן חדר... ווי ביטער מוז עס זיין אַז אַ מענטש באַדאַרף מורא האָבן פאַר אַן אָרעמע, שוואַכע פליג...

אין דעם מאָמענט ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות, טאַנצט אַרום אויף מיין פענצטער אַ ריזיקע, טינט־פינצטערע פליג. זי זשומט און זי שרייט ווי זי וואָלט זיין אַ טיגער. זי איז פאַרפלעקט, ווי מיר דאַכט זיך, פון מיין טינטער מיט טינט... און מיר דאַכט זיך אויך אַז זי דערציילט מיר פון מיין פעטער משה׳לס גסיסה, כאָטש מען האָט זי נישט אַריינגעלאָזט אין זיין אומהיימלעכן חדר...

דער טאַטע האָט אויך מיטגעבראַכט אַ קליינע, האַרטע פאָטאָגראַפיע פונם פעטער משה׳ל... אין דער פאָטאָגראַפיע שטייט ער פונקט אַזוי ווי איך האָב אים געזען אַן איינזאַמען, טויט־בלייכן שפּאַצירן אינם געלן גאָרטן...

משה׳ל טענענבוים איז געשטאָרבן אין חודש מערץ פון יאָר 1919. ער איז אַלט געווען בלויז 48 יאָר. (ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1871). —

(מיט יאָרן שפּעטער האָב איך אָנגעשריבן אַ פאַנטאַזיע ווי אַזוי דער באַרימטער פּוילישער פּאָעט, יאַן קאָכאַנאָווסקי, וועמענס קבר געפינט זיך אַרום זוואָלין, קומט אין משה׳לס ווייַנשענק פאַרטרינקען זיינע יסורים נאָכן טויט פון זיין געליבטער און טאַלאַנטפולער טאָכטער אָרשולאַ...)

* * *

יוכבד, משה׳לס ווייב און זיינע צוויי טייערע קינדער, אַ זון יעקב און אַ טאָכטער, זיינען פאַרבליבן אין זוואָלין. דער זון און די טאָכטער האָבן חתונה געהאַט. די מוטער, יוכבד, האָט זיך געפרייט מיט אירע אייניקלעך, וואָס זיינען מיט דער צייט אויף דער וועלט־געקומען. אָבער ווען די נאַציס זיינען באַפאַלן פּוילן, האָבן זיי אויך חרוב געמאַכט דאָס שטעטל זוואָלין. יוכבד איז אומגעקומען. איר טאָכטער האָט אַ געשטאַפּאָ־מאַן אויפן גאַס, אין ראַדאָם,

דערשאָסן. זי איז געשטאָרבן ווי אַ הונט אויף דער גאַס, אַ שוואַנגערדיקע. יעקב, איר זון, האָט זיך לאַנג געמאַטערט אין פאַרשידענע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, איינגעשלאָסן דאָס גרויזאַמע אוישוויץ. ער האָט לאַנג און העראָאיש געקעמפט פאַר זיין לעבן. ביז ער איז אין די סאַמע לעצטע טעג, ערב דער באַפרייאונג דורך די אַרמייען פון די עלייס, אויסגעגאַנגען פון הונגער און אויסצערונג.

ס׳האָט זיך געראַטעוועט פון דער גאַנצער פאַמיליע בלויז זיין איינציקער זון, לעאָנאַרד, וואָס האָט זיך דערשלאָגן צו די ברעגעס פון אַמעריקע. דאָ האָט ער חתונה געהאַט און אויפגעשטעלט זיין הײם. אין זיינע אויגן דערקען איך זיין טאַטן און זיין זיידען, ר׳ משה׳ל טענענבוים. ער ווייזט מיר אַ פאָטאָגראַפיע פון זיין טאַטנס קבר. ערגעץ אויף דער פאַרשאָלטענער דייטשער ערד איז געבליבן דאָס געביין פון זיין טאַטן. איך לייען אויף דער הילצערנער מצבה זיין נאָמען: יעקב טענענבוים... איך דערמאָן זיך: עס איז געווען אין איינעם אַ טאָג פון פרילינג 1918... אַ הויכער, שלאַנקער בחור איז דערשינען ביי אונדז אין שטוב, אין דערפל סאָסנאָווו. מען האָט געשמועסט אַז ער איז שוין צוואַנציק יאָר אַלט... איך האָב צו אים אַרויפגעקוקט, איך האָב זיך געוווּנדערט: — צוואַנציק יאָר? עס האָט געשיינט צו מיר צו זיין אַ זייער רייפע, ממש טיפע עלטער...

* * *

אויף די וויטערדיקע בלעטער פונם דאָזיקן בוך וועט דער חשובער לייענער זיך ווידער באַקענען, אין פאַרשידענע קאַפּיטלעך, מיט די מיטגלידער פון מיין טאַטנס משפחה. ווי זיי האָבן זיך שפּעטער מיט יאָרן געשטאַלטיקט אין מיין פּראָזע. ווי דער שרייבער אין מיר האָט זיי געזען און זיי אויפגעפּאַסט שרייבעריש. וואָס ער האָט מיט זיי געטאָן ליטעראַריש.

מיין מוטערס ברודערזון, משה גראָסמאַן, האָט אויסגענוצט אַ היפּשן טייל כראָניק, לעגענדע און מעשה פון מיין מאַמעס משפּחה פאַר זיין קינסטלערישער פּראָזע. אויך מיין טאַטנס משפּחה איז אַריין אין דער ליטעראַטור. עטלעכע אידישע נאָוועליסטן, באַזונדערס אַ געוויסער דערציילער, האָבן אין זייערע פּראָזע־ווערק זיך באַנוצט מיטן געשטאַלט פון מיין זיידען אַלס מאָדעל פאַר זייערע כאַראַקטערן. אין אַ רייע דערציילונגען, לויט דעם ווי ער האָט דאָס מיר פערזענלעך דערקלערט, האָט ער געשילדערט מיין זיידען, ר׳ לייבוש יואל׳קעס, וועגן וועמען ער האָט גערעדט מיט גרויס באַגייסטערונג, ווי וועגן אַ מעכטיקע געשטאַלט וואָס איז פאַרבליבן קלאָר געצייכנט אין זיין זכרון און וואָס רייצט זיין קינסטלערישע פּעדער...

דער דיכטער ב. טענענבוים, אין ישראל, זאָל שטאַמען פון מיין טאַטנס משפחה, בשעת דורך מיין מוטערס משפחה זיינען מיר פאַרקרובה׳ט מיטן

פאָטער פון דער מאָדערנער אידישער ליטעראַטור, יצחק לייבוש פרץ... עס איז נישט פאַראַן קיין שום צווייפל אַז איך באַרים זיך מיטן דאָזיקן גרויסן יחוס... ווער ווייסט צו אַן אָדער בלוט פונם גרויסן פרץ פליסט נישט אין מיין האַרצן... איך וואָג קוים צו ברענגען אויף די ליפּן די שטאָלצע לע־גענדע אַז מיר שטאַמען פון שפּאַנישע אידן וואָס האָבן אין די צייטן פון קעניג קאַזשימיערזש דעם גרויסן איינגעוואַנדערט קיין פּוילן — און דורך זיי ציען מיר די זיידענע פעדים פון יחוס אַזש ביזן קעניג און פּאָעט פון תהלים, דוד המלך...

אַוודאי איז געוואָגט און שרעקלעך אומבאַשיידן צו דערמאָנען די דאָ־זיקע משפּחה־לעגענדע... אָבער ווער האָט גענוג כאַראַקטער און כּוח אימ־שטאַנד צו זיין צו פאַרשווייגן אויף אייביק אַזאַ גראַנדיעזן און לעגענדאַריש שטיק גאָלד אינם אוצר פון דער משפּחה, וואָס האָט, ווי אַן איינצעלנער מענטש, די טבע זיך צו באַרימען...

ביזן היינטיקן טאָג ווייס איך נישט ווער עס האָט געשאַפן אָדער אויס־געטראַכט אין דער משפּחה די דאָזיקע לעגענדע... דער טאַטע, אין זיינע מרה־שחורה׳דיקע שעהן, פלעגט פּלוצלינג אָנהויבן צורעדן אַז ער שטאַמט פון בית דוד... אין מאָמענטן פון טיפסטער געפאַלנקייט און פאַרשעמטקייט פלעגט ער דווקא זיך פאַנטאַסטיש באַרימען... וועלכער אינטעליגענטער מענטש און איד קען דען גלויבן אין דעם היסטאָרישן אמת פון דעם?!
עס איז דאָך פּשוט אומגלעגלעך דאָס צו באַווייזן אָדער אַפילו היסטאָריש צו פאָרשן. די מאַמע האָט דעם טאַטן געבעטן צו שווייגן, דאָס קיינעם נישט צו דערציילן... מיר, די קינדער, פלעגן אָפּלאַכן פון אים, חוזק מאַכן...
אָבער מיט צייט און יאָרן האָב איך אָנגעהויבן אַנדערש צו קוקן אויף מיין טאַטן... זיין באַרימען זיך איז מיר איצט שוין געפעלן... אויב אַפילו דער טאַטע האָט די לעגענדע אויסגעטראַכט, האָב איך אים אָנגעהויבן צוליב דעם צו באַוואונדערן, צו רעספּעקטירן און זען אין אים אַ טראַגיש־פּאָעטישן ראָמאַנטיקער... די לעגענדע האָט אַפילו אויף מיר אַליין, אַלס קליינטשיק אינגעל, געהאַט אַ געוויסע ווירקונג, און אין דאָזיקן בוך דערמאָן איך די לעגענדע, הגם איך דענק אַז עס איז אַ פּשוטע פאַנטאַזיע פון מיין טאַטן...

הלוואי וואָלט איך אַ סך מער געוווסט פון די סודות פון מיין פאַמיליע;
הלוואי וואָלטן זיך צו מיר באַוויזן וואָס מער שטראַלנדיקע פּנימער אונטערן דיקן פאַרהאַנג פון דער משפּחה־געשיכטע און כראָניק... הלוואי וואָלט איך געקענט אַריינקוקן וואָס טיפער אין דער פאַרגאַנגענהייט און אָנטרעפן אויף די וועגן די סאַמע וויטסטע געשטאַלטן פון מיינע זיידעס און באָבעס, אין אַלע ראָלן פון לעבן; אויף אַלע זייערע היסטאָרישע וואַנדערונגען און שיקזאַלן — און זיי אַרומנעמען, האַלדזן און קישן, זיך פרייען מיט זיי און

מיט פֿאַראַד זיין אַריינפֿירן אין מיין פּראָזע און זיי שטראַלנדיק צו פֿאַראייביקן מיט מיין שוואַכער, ציטערנדיקער פּען...

ניו־יאָרק, 20 אָקטאָבער, 1956.

## דער שריפֿטשטעלער משה גראָסמאַן

אין די יאָרן ווען איך האָב געוווינט אין אַנטווערפּן, האָב איך זיך באַקאַנט מיט איינעם אַ פּאָלטוסקער בחור, וואָס האָט געהייסן ש. דאָמב. ער האָט געשריבן פּאָעזיע. ער האָט שוין געהאַט געאַרבעט אין קוילנגרובן, אין ליעזש. ער האָט געשפּיגן מיט בלוט פֿון זיינע צעלעכערטע לונגען. ער האָט אַ סך געגרויכערט און איז בכלל געווען אַ נעוורואַסטענישער כאַראַקטער. אים האָט ווי געטאָן אין בלוט זיין טאַלאַנט... ער האָט זיך ממש געשטיקט מיטן טראַגישן דיבוק פֿון דיכטונג אין זיינע ביינער. מיך האָט אַוודאי געצויגן צו אים, ווייל ער האָט געשריבן פּאָעזיע...

איינמאָל, אין אַ רעגנדיקער נאַכט, האָב איך אים פֿאַרבעטן צו מיר אין מיין מאַנסאַרדע, כדי צו לייענען זיינע לידער. איך האָב אָנגעצונדן אין מיין ציכטיקן און אָרעמען דאַך־שטיבל אַ חלב׳נעם ליכטל, וואָס האָט שוואַך באַלויכטן די ווענט. פֿון איין מאַלעריי אויפֿן וואַנט איז געגאַנגען דער רויך פֿון אַ פֿיר־קוימענדיקער, גרויסער שיף פֿון „רעד סטאַר ליין". דער ים אויפֿן דאָזיקן בילד איז געווען בלוי ווי טוש. דער רויך מיט זיינע זיידענע סאַזשעס האָט מיך געשטיקט... פֿון אַ צווייטן בילד האָבן אַרויסגעקוקט די וואַנ־זיניקע און אומגעהויער־טרויעריקע אויגן פֿון וואַן גאָג׳ס זעלבסטפּאָרטרעט... אין אַ דריטן בילד האָט טולוז־לאָטרעק געצייכנט דעם טראַגישן שריפֿטשטע־לער אָסקאַר ווײַלד... דער מענטש פֿון שיינקייט האָט נאָך געטראָגן די שטאָלצע מאַסקע פֿון אַ קייסער... אָבער זיין פֿלייש איז שוין געווען צע־פֿוילט אויף זיינע צעבראָכענע ביינער... און זיין האַרץ האָט מוראדיק געיאָמערט אין זיין אינערלעך־צעשלאָגענעם ברוסטקאַסטן...

ש. דאָמב האָט אַרויסגענומען פֿון זיין הויזנקעשענע אַ גאַנצן פּאַק מיט לידער. דאָס זיינען געווען טרויעריקע לידער. פֿינצטערע שטימונגען פֿון איינעם וואָס דערנענטערט זיך צו אַ תליה... זיינע שורות האָבן באַוויזן פּאָעטישן טאַלאַנט און שטאַרקע שפּראַך. ער האָט נערוועז געגרויכערט, גע־שפּיגן דעם טיטון אויף די פּנימער פֿון וואַן גאָג און אָסקאַר ווײַלד און אויפֿן בלויען, טושאָוון ים... פֿון די דאָזיקע שנעל־געלייענטע לידער, וואָס עק־זיסטירן שוין אַוודאי אין ערגעץ נישט, איז מיר בלויז געבליבן אין זכרון דער אָנהויב פֿון איין ליד:

„ווען איך האָב מיט נעגל־העק אין קוילנגרוב געגראָבן,
האָט עמעצער געזונגען איבער מיר:

— דיין חלום ווערסטו דאַ אין קוילנגרוב באַגראָבן,
אַ קבר גראָבסטו, אַ קבר אויס פאַר דיר !״

ש. דאַמב פון שטעטל פולטוסק האָט זיך אָבער קיין קבר אין דער בעלגישער ערד נישט אויסגעגראָבן. ער איז נאָך עטלעכע יאָר פון מי, מאַטערניש און הונגער אין בעלגיע, און אויך אין פראַנקרייך, אַוועקגעפאָרן צוריק קיין פוילן. איך האָב שפּעטער מיט יאָרן געהערט אַז אין וואַרשע האָט ער חתונה געהאַט מיט אַן אלמנה, וואָס האָט געהאַט עטלעכע קליינע קינדער. דאָס לעבן מיט זיינע שווערקייטן און יסורים האָט אויפגעגעסן זיין ליטעראַרישן טאַלאַנט. ער האָט זיך, אויף וויפיל איך ווייס, קיינמאָל אין פוילן נישט געדרוקט. זיינע לידער זיינען דערשינען אין דער „אידישע פרעסע״ אין אַנטווערפּן און אויך אין דער ניו־יאָרקער „מאָרגן־פרייהייט״. איך געדענק די טיטולן פון צוויי פון זיינע געדרוקטע לידער: „איך און דאָס פערד״ און „נעכט אַזעלכע״. ש. דאַמב איז אומגעקומען צוזאַמען מיטן גרעסטן טייל פונם פוילישן אידנטום, וואָס האָבן, אַזוי ווי משה רבינו, נישט געלאָזן קיין קבר אויף דער ערד... זאָלן די דאָזיקע ווערטער וועגן ש. דאַמב דינען ווי אַן עפּיטאַף אויף זיין מצבה וואָס שטייט אין הימל...

אין יענעם אָוונט, אין מיין מאַנסאַרדע, האָבן מיר אַ סך גערעדט וועגן ליטעראַטור, וועגן יינגע אידישע שרייבער אין פוילן, ספּעציעל אין דער הויפּטשטאָט וואַרשע. ש. דאַמב עפנט זיין טייסטערל און ער נעמט אַרויס בילדער פון זיינע ליטעראַרישע חברים אין וואַרשע... און אויסרעכענענדיק זייערע נעמען, רופט ער אַן איינעם: משה גראָסמאַן...

— גראָסמאַן? — האָב איך זיך געוווּנדערט און עפּעס שטילערהייט האָט מיין האַרץ אויפגעציטערט... — זאָל עס נישט זיין אַ מיטגליד פון מיין מאַמעס משפחה?

— פון וועלכער שטאָט קומט דאָס דער משה גראָסמאַן? — פרעג איך ש. דאַמב׳ן.

ער ווייסט נישט. מסתמא קומט ער פון אַ קליינטשיקן שטעטל אין פוילן. עס דאַכט זיך אים: פון אַ שטעטל אין לובלינער גובערניע...

איך האָב באַטראַכט דאָס בילד: יונגע, ענטוזיאַסטישע יונגעלייט פון די שטעטלעך. צווישן זיי, נאָך איינער אַ פולטוסקער בחור, שמחה דאַן, וואָס האָט שוין געדרוקט זיינע לידער אין די וואַרשעווער „ליטעראַרישע בלע־טער״. און משה גראָסמאַן, מיט לאַנגע, גאַרקישע האָר... מיט אַ פולן, רונדן פנים. עס האָט אַרויסגעשטראַלט פון אים עפּעס אייגן בלוט און פלייש... אַ זייער נאָענטע, קענטיקע פאַרוואַנדשאַפט...

ערשט אין יאָרן אַרום, האָרט פאַר מיין אַוועקפאָרן פון בעלגיע, דער־

האלט איך איינמאָל אַ פּאָסטקאַרטל פון וואַרשע, מיט משה גראָסמאַנס דינעם און פּרעציזן כתב, ווו ער קלערט מיר אויף אַז מיר זיינען לייבלעכע קוזינען: ער איז דער זון פון מיין מאַמעס אַ ברודער, יעקב גראָסמאַן און פון זיין מוטער לאה (אַנגליסטער, פון דעמבלין).

איך האָב זיך אויף אַן אמת האַרציקן אופן דערפרייט מיטן גרויסן געפינס: אַ שריפטשטעלער אין מיין משפחה! איך האָב זיך געפרייט וואָס קאַריער האָט אַרויסגעגעבן אַ אידישן שרייבער און וואָס ער קומט פון מיין מאַמעס משפחה... איז עס נישט אַ געוואַלטיקע פּריווילעגיע ווען אַ פאַמי־ליע האָט עטלעכע שרייבער און די דאָזיקע שרייבער לעבן, אָטעמען און זיינען שפּעטער שעפּריש מיט די איבערלעבענישן, קאָנפליקטן און דראַמעס פון זייערע קרובים?!... ווען סוף כל סוף גייען אַריין די דאָזיקע קרובים אין די בלעטער פון זייערע ווערק און ווערן צו געשיכטע און צו אייביקייט... מיר דאַכט זיך: עס איז די העכסטע מתנה וואָס גאָט שענקט צו אַ אידישע משפחה... עס איז טייערער ווי אַ קרוין פון גאָלד...

דורך די אַלע יאָרן, זינט יענעם וווּנדערלעכן פּאָסטקאַרטל פון משה גראָסמאַן, שרייבן מיר זיך אַדורך... צום ערשטן מאָל האָב איך געזען מיין געליבטן קוזין, משה גראָסמאַן, אין ניו יאָרק, ווען ער איז געקומען אַלס פּאַריזער דעלעגאַט צו דער פאַרזאַמלונג פון אַלוועלטלעכן אידישן קאָנגרעס. אין „האָטעל לינקאָלן", אויף טיימס־סקווער, האָב איך זיך צום ערשטן מאָל מיט אים געטראָפן. ער איז ערשט געהאַט אַרויס פונם עראָפּלאַן, נאָך באַ־קלעפּט מיט שטיקער וואָלקן און נאָך איינגעהילט אין שטיקער בלויען הימל און איבעראַשט פון דעם געוואַלטיקן פּענעץ וועלט וואָס זיינע אויגן — און זיין האַרץ — האָבן אין זיך אַריינגענומען... דער שטויב פון זיין דריי־טויזנט מייליקער לופט־אַדיסעע האָט זיך אַנגעזען אויף זיין יסורימדיקן פּנים און פּראַגילער געשטאַלט, וואָס האָט דערציילט פון די שרעקלעכע יאָרן פון אומקום פון פּוילישן אידנטום, פון די פינצטערע איבערלעבענישן אין סאָ־וועטישע טורמעס, פון רוסישע שנייען, פון הונגער, קראַנקהייטן... פון אומענדלעכע ליידן, געראַנגלען, שרעקן און האָפנונגען פונם גייסטיקן, שע־פערישן מענטש אַנטקעגן פינצטערניש, גראָבקייט, באַליידיקונג און טיראַ־נישקייט וואָס חיות אין מענטשלעכן — אין גאָט'ס געשטאַלט — באַגייען אַנטקעגן דעם געדריקטן, צעבראָכענעם און פאַרשעמטן מין מענטש... איך האָב מיין טייערן קוזין אומאַרמט און געקושט מיט די ברידערלעכע קושן פון ליבשאַפט און דרך־ארץ... דרך ארץ פאַר זיין גרויסן טאַלאַנט און טיפע יסורים...

זינט יענעם פּאָסטקאַרטל פון וואַרשע האָט זיך דאָך שיעור נישט דער

פלאַנעט איבערגעדרייט, צו באַנוצן זיך מיט אַ נישט שטאַרק אָריגינעלן זאָג. עס איז אַוועק אין אָפּגרונט פון צער, פון פינצטערע יסורים און גרויזאַמען טויט אַ גרויסער טייל פון אונדזער פאָלק... עס זיינען צום מוראדיקן טויט געגאַנגען זייער „לעצטן וועג״ די אידן פון קאַריוו, פון פּולאַוו, פון מאַרקושאָוו, פון קאָנסקעוואָליע, פון לובלין, פון לאָדזש און פון וואַרשע... עס איז אין דאָזיקן פינצטערן תהום אויך פאַרזונקען געוואָרן משה גראָסמאַנס טייערע פרוי און טייערע, שיינע און קלוגע טעכטערל מאַיאַ, פון וועמען עס איז נישט מער געבליבן ווי בלויז געציילטע פאָטאָגראַפיעס אין מיין אַלבאָם, וועלכע איך האָב איבערגעשיקט צו מיין טייערן קוזין און ער האָט זיי געלאָזט רעפּראָדוצירן, כדי ווידער אָנצוקוקן זיין קליינע פאַמיליע... עס זיינען אויך אין דאָזיקן מוראדיקן תהום פאַרזונקען געוואָרן ש. דאָמב און שמחה דאָן און אַ ריזיק שטיק אידענטום האָט זיך אָפּגעבראָכן פון דעם אייביקן גאָט'ס פאָלק און איז אַריין אין פייער, אין וואַסער, אין דר'ערד און אין די וואָלקנס און האָט זיך געצאַפּלט אויף אומצאָליקע תליות און איז געוואָרן צו שטויב און צו אַש איבערן פּנים פון דער גאַנצער ערד...

איך בין שטאָלץ וואָס פון חורבן און טויט איז מיין טייערער קוזין משה גראָסמאַן, הגם אַ פּיזיש אָפּגעשוואַכטער פון די מוראדיקע איבערלעבענישן, אַרויס אַ גייסטיקער גיבור פון אידישן שעפערישן וואָרט. זיין גרויס פּראָזאַ־ווערק „אין פאַרכישופטן לאַנד פון לעגענדאַרן דזשוגאַשווילי״ וועט בלייבן שטיין אַלס אַן אייביקער מאָנומענט צו מענטשלעכע יסורים און העלדישקייט און אַן אייביקער באַשולדיקונגס־אַקט קעגן אַלערליי גרויזאַמע פּייניקער, הענקער און שענדער פון דעם מענטשלעכן גוף און פון דער מענטשלעכער נשמה... עס איז נישט נאָר אַ באַדייטנדיקער דאָקומענט צו דער געשיכטע פון אידישע יסורים און מאַרטירערשאַפט — נייערט עס איז אויך אַ גרויס קינסטלעריש ווערק...

מיין טייערער קוזין משה גראָסמאַן, וואָס איז אַדורכגעגאַנגען דעם גהינום — נישט דאַנטע'ס אויסגעטראַכטן גהינום פון גאָט, נייערט דעם מער־רעאַליסטישן גהינום וואָס דער מין מענטש האָט געשאַפן — האָט אין ישראל געשטעלט זיין הוים און געבויט זיין נייעם פאַמיליען לעבן... זיין צווייטע יינגע און שיינע פרוי, ראָזאַ, האָט צו אים געבוירן אַ טייערע טעכטערל, לאה'לע, זאָל זיין געזונט... משה גראָסמאַן האָט אין די לעצטע יאָרן געשאַפן וויכטיקע, קינסטלערישע פּראָזע־ווערק. זיין אוניווערסאַלער אידיש־זשורנאַל „היימיש״, ווערט געלויבט אין גאָר דער אידישער קולטור־וועלט...

פון מיין מאַמעס משפחה, בין איך גליקלעך צוצוגעבן, האָבן זיך געראַטעוועט נאָך דריי מיטגלידער, מיין פעטער אברהם־מאיר גראָסמאַנס טייערע

אייניקלעך: לוי גראָסמאַן און זיין שוועסטער רבקה באַרג, וועלכע וווינט אין ניו־יאָרק און איז די פרוי פון אַ געראַטעוועטן איד פון פוילן, דעם סימפּאַטישן יעקב באַרג. לוי גראָסמאַן, וועלכער האָט געמאַכט זיין היים אין דער אידישער תל־אביב און רבקה האָבן באַרג האָבן שוין ב״ה טייערע פאַמיליעס. זייערע קינדער גייען אין ישיבות און זעצן פאָר אידיש לעבן און אידישן גייסט אין דער טראַדיציע פון אונדזערע געהייליקטע זיידעס און באָבעס... לוי גראָסמאַן און זיין שוועסטער רבקה׳לע זיינען די קינדער פון אברהם־מאירס זון יוסף לייב און זייער מוטער חיה׳לע...

(די לעצטע זיינען אומגעקומען מיט זייערע אַנדערע דריי קינדער אין אידישן חורבן. כבוד זייער הייליקן אָנדענק!)

אברהם גראָסמאַן, אַ ברודער פון משה גראָסמאַן, מיט זיין ליבע פרוי חנה׳לע (בלעכמאַן) און זייערע ביידע ליבע קינדער יאַנקעלע און משה׳לע האָבן זיך, דאַנקען גאָט, געראַטעוועט פונם פייער אין פוילן און האָבן אין יאָר 1938 עמיגרירט קיין אַמעריקע. זיי האָבן זיך באַזעצט אין שיקאַגאָ, ווו זיי האָבן געפונען פרייהייט, פּרנסה און אַ אידיש־נאַציאָנאַלע סביבה.

נאָך אַ ברודער, נחמן גראָסמאַן, איז אומגעקומען אין טרויעריק־באַרימטן פּאָנאַר, ווילנע, צוזאַמען מיט טויזנטער אידישע קדושים אין יאָר 1941. כבוד זיין — און דעם אָנדענק פון די מיליאָנען אידישע מאַרטירער...

## דער רבי האָט פאַרשאָלטן מיין טאַטן

פון דער היים איז אין מיין זכרון געבליבן שטיין אַ מאָדנע און אַ מורא׳־דיקע לעגענדע. ערשט אין ניו־יאָרק, ווינענדיק מיט מיין מאַמען, האָב איך איר איינמאָל, אין אַן אומהיימלעכער נאַכט, איבערגעפרעגט און די מאַמע האָט עס ווידער באַשטעטיקט אַלס אַן „אויטענטישע״ מעשה.

* * *

איך קוק אָן דער קליינער און אויסגעדאַרטער מאַמען. נישט רעמבראַנדט, נאָר דאָס גרויע לעבן האָט געמאָלן איר פּנים אַזוי פינצטער ווי אַ נאַכט אָן שטערן. און אירע קנייטשן זיינען ווי פאָעמען פון ווייטיק. אָבער די פּאַסי־רונג מיטן טאַטן איז שוין אַ זייער ווייטע. קוים זי געדענקט עס...

באַלד נאָך דער חתונה איז דער טאַטע געפאָרן צום רבין קיין לובלין. עס איז געווען ערב ראש השנה. אין רבינס הויף זיינען געווען פאַרזאַמלט טויזנטער חסידים. עס איז ממש געווען אונמעגלעך זיך צו דערשלאָגן צום רבין. דער לייענער פון מיין בוך קען שוין מיין טאַטן אַלס היפשן אַפּיקורוס. אַזאַ מין גראַטשקע אַרום אַ רבין האָט צו מיין טאַטן אויסגעזען ווילד. און מיין טאַטע האָט נישט געוואָלט וואַרטן ביז ער וועט אויפגענומען ווערן פונם

רבין. ווייזט אויס אַז ער האָט נישט געלעגט קיין גרויס אַכט אויף זיין וואָרט און זיין ברכה...

חסידים האָבן זיך דערוואוסט, אַז דער טאַטע גייט אָוועקפאָרן פונם רבין, אָן צו עמפּפאַנגען זיין ברכה. האָבן זיי, ווייזט אויס, זיך באַמיט אַז דער טאַטע זאָל פאָרט אויפגענומען ווערן פונם רבין . . .

דער רבי איז אויך, ווי מען קען זיך פאָרשטעלן, געווען אַ שטערב־לעכער מענטש פון בלוט און פלייש... אַ קרבן פון זיינע שטימונגען, בפרט פון כעס און פאַרדראָס... הערנדיק פון די חסידים, צי פון מיין טאַטנס ליפּן, אַז דער טאַטע איילט זיך — האָט ער אים „אַנגעוווּנטשן" מיט אַ מין קללה:

— אַז דו האָסט נישט קיין צייט, זאָלסטו טאַקע לויפן, ר' מאָטל!

מיין טאַטע איז אַרויסגעלאָפן פונם רבינס חדר אַ שטאַרק־צעמודערטער. באַלד טאַקע האָט ער דערפילט אַז ער ווערט געטראָגן דורך עפּעס אַ ווילדן שטורעם. ער איז גאָרנישט געגאַנגען אויף דער ערד, נאָר געפלויגן אין דער לופטן. נאַכטיק־פינצטערע פליגל האָבן אים אויפגעהויבן אין דער הויך. עס האָט אים ממש געיאָגט און געוואָרפן הייזער־און־הויך. פון דעם מאָמענט אָן, זאָגט עדות די מאַמע, האָט ער קיינמאָל אין זיין לעבן נישט געקענט רואיק איינשטיין אָן איינציקע רגע אַפילו. נאָר תמיד געיאָגט, געלאָפן און געפלאָנעוועט אָן אַ סדר און אָן אַ פּלאַן.

ער האָט אין ערגעץ די ערד נישט אָנגעוואָרעמט. ער האָט ווילד געבויט און אַליין צעשטערט. עס איז נישט געווען קיין רו אין זיינע הענט און קיין שטילקייט אין זיין געמיט. ער איז געוואָרן ווי אַ ווינט אין פעלד... דער רבי האָט אים מוראדיק פאַרשאָלטן...

— אָבער, מאַמע טייערע! איך גלויב דאָך נישט אין מזל, אין בייזע קללות, אין בענטשענישן פון דעם מענטשנס ליפּן. אַפילו נישט אין די קללות פון אַ רבין. עס איז אַלץ צו מיר אומפאַרשטענדלעכער צופאַל! — פּרוּוו איך זיך אויסטענה'ן מיט דער מאַמען...

— טייער קינד! איך גלויב יאָ אין מזל. איך האָב געזען די לעבנס פון טויזנט מענטשן. איך האָב אַריינגעקוקט אין די פינצטערע און גיהנומדיקע אָפּגרונטן פון מענטשלעכע שיקזאַלן. איך האָב תמיד נאָכגעטראַכט וועגן מיין אייגענעם לעבן. איך האָב דאָך געזען מיינע אייגענע קינדער פון קליינערהייט אָן, ביז זיי זיינען אויסגעוואקסן צו גרויסע, טייערע לייט: די זין צו שיינע מאַנען און די מיידלעך צו כשרע אידישע טעכטער, צו וועמענס לויטערע און ליכטיקע קעפּ עס פּאַסן זיך ווויל גאָלדענע קרוינען. איצט בין איך דאָך שוין אַן אַלטע פרוי, אַ זקנה קען מען זאָגן, שוין נאָענט צום קבר. ווייס איך, מיין ליבער זון, וואָס עס איז אַזוינס מזל... אַלץ אין

לעבן האָט צו טאָן מיט מזל. אויב איינער איז פון רבונו של עולם פאַרשאָלטן, רחמנא לצלן, וועט אים שוין קיין מענטשלעך הארץ נישט אימשטאַנד זיין צו העלפן. ער וועט תמיד און אומעטום זייען וויינט און שניידן טרויער. און אויב פאַרקערט — אַז איינער אַ מענטש איז געבענטשט פון זיין ליבן נאָמען, וועט אַלץ אין לעבן אים ווויל און וווּנדערלעך דינען צו זיין גליקלעך און דערפאָלגרייך אין אַלע זיינע מעשים...

איך הער אויס דער מאַמעס שיעור נישט ליטעראַרישע דיסערטאַציע וועגן מזל. איך בין נייגיריק צו וויסן:

— מאַמע, זאָג מיר, האָט דער טאַטע נאָכגעטראַכט אין זיין לעבן וועגן דעם רבינ׳ס קללה?

— קינד מיינס, איך האָב מיט אים קיינמאָל נישט גערעדט וועגן דעם... ווייזט אויס אַז ער האָט יאָ נאָכגעטראַכט. וואָרים, עס פלעגט אָפטמאָל טרעפן אַז איך פלעג אים הערן אינמיטן נאַכט מורמלען דעם רבינ׳ס נאָמען און ער פלעגט שרייען. און זיין קול האָט דעמאָלט געקלונגען ווי דאָס מורא־דיקע קול פון אַ דונער. ער פלעגט זיך איבערוועקן און אויפשטיין אַ באַ־גאָסענער מיט שווייס, פונקט ווי ער וואָלט זיך מיט עמעצן געהאַט געראַנגלט אַ פירכטערלעך געראַנגל, ווי יעקב מיטן מלאך. דיין טאַטע איז געווען אַ מוראדיקער מענטש, שווער באַלאָדן מיט שיקזאַל. עס האָט פון אים גע־ווייעט מיט אומהיימלעכן נאַכט און ווינט...

— מאַמע, דער רבי האָט אים נישט געטאָרט פאַרשעלטן. וואָסעראַ מין רבי איז דאָס געווען, וואָס קען פאַרשעלטן אַ איד?

— געווען אַ פינצטערע רגע אַזאַ אין דעם רבינס געמיט. אין הימל איז ווייזט אויס דעם טאַטנס שיקזאַל נאָך נישט געווען באַשטימט... זיין גורל איז געהאַנגען אין דער לופטן... און טאַקע אין דעם מאָמענט איז אָנגעקומען דעם רבינס קללה און ער האָט אים אומגליקלעך געמאַכט... און אונדז אַלעמען אויך...

די מאַמע וויינט. איך האָב קיינמאָל דער מאַמען נישט געהערט רעדן מיט אַזאַ מין קלאָרן און מאָדערנעם לשון. איך האָב פון אירע ליפן עפּעס געהערט אַ מאָדנע לשון ווי פון מיינע קינפּטיקע ליטעראַרישע שריפטן... אין דעם מאָמענט איז מיר קלאָר געוואָרן אַז דער שרייבער אין מיר, אַז דאָס וואָרט אין מיינע ביינער, געהערט נישט אַליין צום טאַטן און צו זיין משפחה, ביז צו די טיפסטע דורות אין דער אידישער געשיכטע — נאָר אויך, און אפשר אין אַ גרעסערער מאָס ווי איך האָב ביז דעם מאָמענט געדענקט, אויך צו מיין מאַמעס בלוט און צו יענעם שטאַם וואָס ציט זיך פון מיין מאַמע׳ס ווייטסטע משפחות...

# מיין טאַטע דער פריינט פון גראַניעטע פערד

מיין פאָטער פלעגט אויפקויפן אויף די קליינשטעטלדיקע יאַרידים אַלטע, קראַנקע און פאַרמוטשעטע פערד. ער האָט געהאַט אַ מאַניע זיי אויסצוהיילן פון זייערע שלאַפקייטן. ער האָט געוואַשן און האָט פאַרבאַנדאַזשירט דעם פערדס וווּנדן. ער האָט דאָס פאַרווונדעטע פערד געפירט צום טייך, כדי אים צו רייניקן פון שמוץ, וואָס זיינע פריערדיקע בעלי הבתים האָבן אויף אים געלאָזן. ער פלעגט דאָס פערד וואַשן מיט זייף, אים אַריינפירן אין דער טיפעניש פון וואַסער, אים לאָזן זיך אויסבאָדן אינם וואַרעמען טייך, אין ליכט פון דער זון. שפּעטער פלעגט ער אים צאַרט אַרומווישן מיט וואַלענע טיכער. גיסן קראַפּליעס פון היילונג אויף זיין לייב. ער האָט דאָס פערד געגעבן גוט צו עסן און צו טרינקען, און ער האָט אים זיך געלאָזט לאַנג אויסרוען אין שטאַל. דער זשלויב פלעגט שטענדיק זיין פול מיט שעצקע, מיט האָבער און אַ וויאַדרע מיט פרישע וואַסער פלעגט שטענדיק שטיין אין שטאַל. מיין טאַטע איז געווען אַ טאַטע צו די פערד. ער איז געווען זייער היילער און זייער וועטערינאַרזש. אָבער ווי נאָר דאָס פערד פלעגט אָנהויבן צו ווייזן סימנים פון צוריק געזונט ווערן, פלעגט ער עס שנעל פאַרקויפן פאַר אַ שיבוש. ער פלעגט אַהיימקומען אָן אַפּגענאַרטער, אָן געלט און אָן דעם פערד... מען פלעגט אַ סך חוזק מאַכן פון מיין טאַטן אַלס פערד־הענדלער. באַלד האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט אויפן יאַריד כדי צו קויפן אַ צווייטן, אַ קראַנקן און אַ גראַניעטן פערד... פאַרנאַכט, מיטן זון־אונטער־גאַנג, פלעגן זיי ביידע אַהיימקומען: מיין טאַטע און מיין עלטערער ברודער דוד. זיי האָבן געוויינלעך געפירט אַ מענטשלעכע, אַ פאַרבלוטיקטע, אַן אַלטע שקאַפע. עס איז נישט געווען קיין פערד, נאָר אַ געשלאָגענער מענטש. עס איז נישט געווען קיין מענטש, נאָר אַ מאַרטירער, אַ גלאַדיאַטאָר פון אַ פערד. דאָס פערד האָט זיך ממש געבעטן מיט אַ מענטשלעך לשון: — „לעגט מיך אין בעט אַריין. פירט מיך אַריין אין אייער היימישער שטוב. איך בין אַ פאַרוואָגלטע נשמה. אַ גלגול פון אַ צדיק. איך האָב שוין קיין לייטישן ביסל האָבער נישט אָנגעזען זינט לאַנגע חדשים. איך האָב שוין פאַרגעסן ממש ווי אַזוי עס זעט אויס אַ זאַפטיקע לאָנקע מיט גרינע, פרישע גראָז. אין מיין מאָרדע איז שוין זינט לאַנגע יאָרן נישט געבליבן דאָס געדענקעניש פון דעם טעם פון קאָנשיניע..."

דאָס פערד האָט שווער געאָטעמט. בלוט איז געראונען פון זיין פיסק, פון זיינע נאָזדרעס. זיין פעל איז געווען ווי אַ פעלד מיט זון־פאַרברענטע, אָפּגע־בלאָקירטע גראָז, וואָס אַ מחנה רייטער זיינען דערויף ערשט ווילדערהייט געריטן. זיין פעל איז געווען אַזוי ווי אַ קאָלדרע מיט אויסגעריסענע פעדים,

מיט אויסגעברענטע לעכער. זיין פעל — אַ געלער, שטריקענער זאַק. דאָס פערד איז געווען גרייט פאַרן פערדישן צווינטער. אַזאַ פערד, האָט מען געקענט דערוואַרטן, וועט מער נישט אימשטאַנד זיין צו טראָגן זאַפּטשעגעס און אַ שווערן כאָמעט.

איך בין דעמאָלט געווען אַ קליין אינגעל, אַן איינגעהילטער ווי גרויס איך בין געווען, אין די היילנדיקע פייערן פון דער זון. בשעת איך פלעג פאַשן דאָס פערד, די קי און די שעפסן, פלעגט זיך פאַר מיר עפענען אַ פאַנאָראַמע פון פעלדער און וועלדער, אין דער גאַנצער מולטיקאָלירטער פּראַכט פון די אָנגעצונדענע יאָרסעזאָנען. איך פלעג שטיין אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן אויף אַ הויכן בערגל, אויף אַ פעלזנשטיין, איך פלעג זיך הויך אויפהייבן איבער דער אומגעוויינלעכער לאַנדשאַפט, די טייערע דאָרפישע לאַנדשאַפט פון פוילן, די אַלטע, די דורות׳דיקע, גוט־באַקאַנטע לאַנדשאַפט, ווו מיינע אורעלטערן האָבן געוווינט. און קיינמאָל מער האָב איך זיך מיט איר נאָסטאַלגיע, מיט איר בענקשאַפט צו ווערן אַ טייל פונם הימל, נישט געשיידט. איך בין אויף אייביק מיט מיין האַרץ און נשמה אַריינגעוואקסן געוואָרן אין דער פוילישער לאַנדשאַפט. איך בין געווען אַ קליינער פּאַסטוך. און די שעפסן און קי און דאָס פערד וואָס איך האָב געפּאַשעט, זיינען געווען מיינע טייערע ברידער און מיינע געליבטע שוועסטער. איך האָב געהאַלטן אין האַנט דאָס אידיש־טייטשע מעשה־ביכל. פון דאָרט האָב איך אַרויסגע־לייענט הערלעכע מעשיות פון דעם לעבן פון מיין טייערן פאָלק. פון דעם לעבן פון ריינע, קרישטאָלענע מענטשן, וואָס האָבן שווער געהאָרעוועט אויף חיונה און האָבן געטאָן אַ סך גוטס צו די מענטשן. די שעפסן פלעגן צוקומען נאָענט, זיך היימלעך טוליען צו מיר, ווי קינדער, ווי די וואָלקנס טוליען זיך צו דער לבנה. זיי האָבן מיך ליב געהאַט. איך האָב זיי ליב געהאַט — די וואַרעמקייט פון זייערע שטילע, זאַפטיקע וואָל איז מיר אַריין טיף אין האַרצן...

איך געדענק באַזונדערס די פערד, וואָס מיין פאָטער, ווי שוין געזאָגט, פלעגט אַהיימברענגען פון דעם קליינשטעטלדיקן יאַריד. די אַלטע, די גריכישע פעגאַזן, גאָלדיק־און־פייערדיק באַפליגלטע, פלעגן אויפגיין אויף די היימישע פעלדער. צום ערשט: קראַנקע און צעבראָכענע, אויסגעאַרבעטע פונם שווערן פערדישן לעבן ביי מענטשן, בייזע און אָרעמע, פאַרפייניקטע דורך די ברוּ־טאַלע שמיץ פון אַ באַרבאַרישן און סאַדיסטישן בעל הבית. די פעלן זייערע פלעגן זיין פאַרבלוטיקט מיטן פערד׳ס בלוט, אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך צוריק־קערן פון אַ שרעקלעכער שלאַכט.

— אָרעמע חיה, — האָב איך געטראַכט, — זי מוז אייביק טיילן דעם ביטערן גורל פונם מענטש. נישט אומזיסט אַנטלויפן די ווילדע חיות פון

אַ מענטשלעכן ישוב, פון מענטשלעכן שיקזאַל. חיה פירט אַ קאַמף מיטן מין מענטש פאַר די לעצטע פאַר מיליאָן יאָר, ווייל זי וויל נישט זיין אונטער־געוואָרפן אונטער דעם נערוועזן מענטשנס טיראַניע. העלדישער לייב און געררייצטער טיגער ווילן נישט פירן דעם אייזערנעם אַקער אין פעלד. שוועַרער היפּאָפּאָטאַם און ווילדער נאָזהאָרן ווילן בעסער זיין פריי אין דזשאַנגל. די חיות ווילן נישט זיין צוגענאָפלט צום מענטשנס פאַלשע און שלעכטע וועגן. זיי ווילן זיך נישט באַטייליקן אין מענטשלעכע מלחמות, ווי מען צווינגט דאָס צו טאָן זינט יאָרטויזנטער דעם געדולדיקן, קלוגן העלפאַנט און דעם גרויסן מענטשנפריינט דאָס פערד. חיה ווייכט פונם מענטש. וואָרים וואָס איז געוואָרן פון די אַלע הויז־חיות מ׳שטיינס געזאָגט: זיי זיינען געוואָרן אויס חיות. זיי זיינען אַליין געוואָרן פאַרמענטשלעכט. זיי זיינען געוואָרן בידנע שקלאַפן פונם מענטש. זיי טראָגן האָלאָבליעס, קייטן און לעדערנע זאַפּ־זשענגעס. דער כאָמעט איז זייער יאָך־שטאַנג. גניאַדע און לאָשעק דינען צוגלייך דעם באַרבאַרישן מענטש.

איך געדענק ווי מיט דער צייט פלעגן די פערד זיך אָנהויבן צו פילן אַביסל בעסער און זיי פלעגן אויפלויכטן אין דער רונדקייט פון זייערע פּרעכטיקע, שטאָלצע פאָרמען. זיי פלעגן קריגן אַ נייע, פלאַמענדיקע הויט. זיי פלעגן הויך און מאַיעסטעטיש פאַררייסן זייערע שיינע, העלדישע קעפּ, ווי זיי וואָלטן זיך גרייטן צו שוועבן אין דער לופט מיט זייערע קורצע, גאָלדיקע פליגל פון דער מיטאָלאָגיע. אַזאַ פול און אויסגעשטאָפּט פערד איז ממש געווען אַ מוזעאום־שטיק. עס האָט ווייל געפּאַסט צו שטיין אויפן פּיעדעסטאַל פון אַ מאָנומענט, אונטער אַ העלדישן, היסטאָרישן רייטער. אָפט פלעגט זיך טרעפן, אַז מיין פאָטער פלעגט מיך אַרויפזעצן הויך אויפן גאָלדענעם רוקן פונם העלדישן פערד. מיין שרעק פלעגט געוויינלעך זיין זייער גרויס. אָבער אין דעם קורצן מאָמענט האָב איך דערזען ווי אַנדערש עס זעט איצט אויס די דאָרפישע לאַנדשאַפט. פון דער הויך פונם פערדס פלאַמיקן רוקן האָב איך ממש דערזען אַ נייע, אַ פאַרענדערטע לאַנדשאַפט. אַ פרישע, נאָך קיינמאָל נישט געזעענע וועלט. מיר, קינדער, האָבן זיך צוגעוווינט צו די גוטע פערד, וואָס האָבן געהאַט מיט אונדז אַ סך געדולד. די חיה דערפילט באַלד אונדזער ליבשאַפט. די חיה האָט פיינע באַציונג צו קינדער. זיי ווייסן ווויל אַז קינדער זיינען ווייניקער שעדלעך און ווייניקער געפערלעך ווי דערוואקסענע מענטשן. ליבע און פריינטשאַפט דערפילן שנעל די חיות. נישט נאָר אַ ליבע פרוי עפנט זיך צאַרט צו אונדז ווי אַ פעלד אין דער זון, ווען מיר באַשענקען איר מיט פריינטשאַפט, מיט סימפּאַטיע, מיט אנערקענונג. אויך די חיה באַזיצט אַ וואַרעמען רעספּאָנס צו אונדזער ליבשאַפט. די גאַנצע נאַטור רעספּאָנסירט אויף וואַרעמער און מענטשלעכער

ליבשאַפט. גלעט אַפילו אַ בוים אין פעלד מיט מענטשלעך־אינטימע, וואַ־רעמע הענט, און ער וועט ווערן קליין און זיך איינבויגן צו דיר מיט זיינע ליבע צווייגן און ער וועט רעדן צו דיר מיט גאָט׳ס ליבן לשון... מיטן אומשטערבלעכן לשון פון ליבשאַפט.

ווי געזאָגט, צו לאַנג פלעגן מיר די אויסגעהיילטע און געזונטע פערד מער נישט אָנזען. מיין פאָטער, געטריבן פון זיין דעמאָניזם, פלעגט זיך דערפילן עפּעס מאָנאָטאָן מיטן שוין אויסגעהיילטן פערד. עס פלעגט באַלד איינטרעטן זיין איינגעבוירענער אומעט, זיין מעלאַנכאָליע. דער דעמאָן אין זיין כאַראַקטער האָט אים געטריבן צו אַלץ נייע אַוואַנטיורעס. ער איז געווען אַזוי ווי אַ קינסטלער, וואָס נאָכן פאַרענדיקן זיין מייסטערווערק, טרעט איין אין אים די טיפע לאַנגווייליקייט. ער האָט גאָרנישט מער וואָס צו טאָן מיט זיינע שוין אויסגענוצטע העלדן. די מענטשן פון זיין סביבה גייען אים אָנטקעגן לעבעדיקע און פול־בלוטיקע. אָבער, זיי זיינען שוין אַריין אין די בלעטער פון זיין גרויסער נאָוועלע. די מענטשן האָבן שוין פאַרנומען די פּאָזיציעס אין די כלערליי סיטואַציעס און דיאַלאָגן, לאַנדשאַפטן און פּסיכאָלאָגישע שילדערונגען. זיי זיינען שוין איצט „איבעריק״. די אַלע כאַראַקטערן האָבן זייערע ראָלעס אַוודאי פיין געשפּילט. האָבן געטריי געדינט דעם נאָוועליסט. אָבער דער מחבר באַדאַרף זיי שוין מער נישט האָבן. זייער יעדער באַקעגעניש מיטן אויטאָר איז אַן איבעריקע איבערחזרונג. דער אמת׳ער קינסטלער בענקט שוין איצט נאָך נייע סיטואַציעס, סענסאַציעס און אינטעלעקטועלע אַקטיוויטעטן. נייע מענטשנעמבריאָנען וואַקסן אויף אין זיין דמיון. עס וועבט זיך שוין אויפדאָסניי אינם בלוט פונם מחבר די טונקעלע, די פינצטערע נעבולאָ פון אַ פרישן שעפערישן בראשית . . . זיין מוח איז אַ ווילד־וואַלד מיט נייע כאַראַקטערן, וועמען ער באַדאַרף געבן טאָטן, האַנדלונג און אַקציע...

און דורך די רואיקע, זאַט־אויפגעשפּילטע פעלדער־אָרקעסטערן, פול מיט דער פּאַסטאָראַלער סימפאָניע פון זינגענדיקע פייגל און פאַרליבטע אינסעקטן; דורך די ווייסע, שטויביקע און געשלענגלטע וועגן און שטעגן פלעגט מען אַוועקפירן אין שטאָט אַריין, צום יאַריד, דאָס שיינע און דאָס בראַנדז־אויסגערונדיקטע פערד. איך פלעג אין נאָך נאַסן און טוי־טריפנדיקן באַגינען אַרויסלויפן פון בעט, כדי זיך טרויעריק צו שיידן און זיך האַרציק צו געזעגענען מיט מיין ליבן, פערדישן חבר, מיט וועלכן איך בין צוזאַמען אויסגעוואקסן אין משך פון די פאָר לעצטע חדשים. איך פלעג הויך וויינעןביים צעשיידן זיך מיט מיין ווונדערלעכן פריינט. די זון פלעגט אויפגיין אַזוי ווי אַ קעניגלעכע קרוין אויפן נאָך פייכטן, בלוי־פאַרבנטריפנדיקן הימל. מיינע באַרפוסע פיס פלעגן שמערצלעך פרירן פון דער שאַרפער ראָסע און

פון די גאַסע גראַזן. אַ וואונדערלעך צוויטשערן פון פויגלשע כאָרן פלעגט זיך
אָנפאַנגען אין דער דורכזיכטיקער, זומערדיקער לופט. די לופטיקע אַטמאָ־
ספערע פלעגט ווערן אַלץ ליוטערער און דורכזיכטיקער. איך פלעג זיך באַגיסן
מיט טרערן ווען מיין פאָטער פלעגט אָנהויבן צו פירן דאָס שטילע, דאָס
געהאָרכזאַמע, דאָס דאַנקבאַרע פערד איבערן פאַטאַלן וועג פון אייביקער
צעשיידונג. איך פלעג וויינענדיקערהייט נאָכלויפן און קושן דעם פערד׳ס
געניגטן קאָפּ, קושן זיינע מעכטיקע, ברוינגעהאַמערטע און אויסגערונדיקטע
פלייצעס, זיין פולן און קיילעכדיקן בויך און זיינע שטאַרק־געקאָוועטע פיס.
דאָס פערד פלעגט מיך וואַרעם און טרייסטנדיק לעקן און צוריקקושן מיך
מיט זיין גיגאַנטישן מויל, מיט זיינע ריזיקע, פייער־הייסע ליפּן. דאָס פערד
האָט אַלץ גענוי געוווסט! זיין גורל איז געשטאַנען קלאָר פאַר זיינע פערדישע
אויגן, אַזוי ווי אַ פעלד שטייט קלאָר אין דער זון. יאָ, די גאַנצע פערדישע
ראַסע האָט שוין זינט גרויע אורצייטן געהאַט באַשטימט זיך שטומערהייט
אונטערצוווארפן צום געזעץ פון זייער גורל. צו ווערן די אומבאַלוינטע
קנעכט פונם מענטש אויף דער גרויסער ערד. אַפילו צו פאַלן פאַרבלוטיקטע
אין די שלאַכטן פאַרן מין מענטש, אין זיינע אומזיניקע און וואַנזיניקע מלחמות
פון קעגנזייטיקער בלוטיקער מענטשנאויסראָטונג. דאָס איידעלע פערד האָט
זיך שוין לאַנג סטאָיש־רואיק אונטערגעוואָרפן צו דעם שיקזאַל פון דער
מענטשהייט, צו זיין בלוטיקן שפּיל פון קאַמף און טויט. צו די גרויזאַמע
קאַפּריזן אינם לייכטזיניקן, אַמביציעזן און טויט־הונגעריקן מענטש. הונגעריק
נאָך מאַכט, גלאָריע, פאַרניכטונג און טויט. דאָס פערד איז דאַנקבאַר דעם
מענטש וואָס נוצט עס אויס צו פרידלעכער אַרבעט, ווען אַפילו אויף
שווערער האָרעוואַניע, אויף די היימישע פעלדער, אין זומערדיקע, אין הייסע
טעג, ווען די ברענענדיקע זון רירט ממש אָן מיט אירע הימליש־פייערדיקע
הענט דעם קאָסמיש־שווערן ערד־קיילעך. אַבי דאָס בידנע פערד האָט אַביסל
רו ביינאַכט אויף זיין פייכטן און שטרויענעם געלעגער אין דער פינצטערער
שטאַל... יאָ, עס געדענקט זיך וויל די פערדישע שטאַל. די אינטימע
וואַרעמקייט וואָס גייט אַנטקעגן פונם פייכטן, אויסגעהייצטן מיטן פערד׳ס
הייסן, ריזיקן גוף, אין אַ שטאַל. די שטאַל אָטעמט ממש מיטן פערדס נאַכטיקע
חלומות. דאָס געלעגער אונטערן פערד איז הייס און פעט פון זיין הייסער
השתנה. עס שטינקט אָנגענעם דאָס פרישע, דאָס בראָנדזענע ,פערדישע
מיסט. אויפן פראָסטן פולאָפּ פון דער שטאַל זינגען די קליינע, בלויע שוואַלבן
אין גאָלדיק־טויאיקן פרימאָרגן. פון די פעסטע, געלע און גוט־געקלעפּטע
שוואַלבישע נעסטן, געבויט פון ליים, פעדערן און צוזאַמענגעקלעפּט מיט
פויגעלשן שפּייעכץ, הערט זיך היימלעך, שוואַלביש געדרעדעריי און קינ־
דערישע געשעפּטשעריי. די שטאַל שמעקט ממש מיט פערדיש־דיקער, היי־

מישער אַטמאָספערע. אינגעל גייט צו צום פערד און ער העלפט אים ברי־דערלעך און חבריש זיך אויפצושטעלן. טאַטע און עלטערער ברודער דוד פירן אַרויס דאָס פערד אינם זוניקן, פרייען דרויסן. אָ, ווי ער הירזשעט אויף פריילעך און מעכטיק, און ווי ער לויפט זיך אַדורך ווי אַ יינגער זשרע־באָק דורכן אָפענעם, פרייען פעלד, צוריקקומענדיק צום זעלבן פּלאַץ פול מיט פערדיש־מענטשלעכער דאַנקבאַרקייט און שטאָלץ אין זיינע גוטע, קלוגע אויגן...

דאָס פערד איז ווייס־געפלעקט. די ווייסע פלעקן זיינען קלאָרע אַזוי ווי מילך און ווייס ווי ערשטגעפּאָלענער שניי. עס ווילט זיך מיט דער גע־וואַשענער האַנט אָנרירן זיין קלאָרע, ריינע ווייסקייט. עס גייט פונם פערד פערדיש־היימישער ריח. עס שמעקט דערפון מיט צעפוילטע היי, מיט נאַסער שעצקע. מיט פייכטער און מיט שטרוי־פוילנדיקער שטאַל.

און אַזוי פלעגט דאָס גאָלדענע פערד אין דער פרימאָרגנדיקער זון ווערן אַלץ קלענער און טונקעלער פונדערווייטנס, ביז עס איז אינגאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן צוזאַמען מיט די געשטאַלטן פון מיין פאָטער און מיין עלטערער ברודער דוד אין דער טיפעניש פון וואַלד, אינם בלויען און גרויען פלוש פון האָריזאָנט...

* * *

מיין פאָטערס מאַניע צו קויפן דווקא קראַנקע פערד האָט אים איינמאָל דערפירט צו אַן אומגליק: עס איז געווען אַ גאָלדענער, האַרבסטיקער נאָכ־מיטאָג, ווען מיין פאָטער און מיין עלטערער ברודער דוד זיינען אַוועק צום אָבלאָסער פריץ קויפן אַ פערד. דאָס פערד איז שוין געווען אין אַ צושטאַנד פון גסיסה. עס איז געלעגן אין אַ ווינקל פון דער גרויסער, פריצישער שטאַל, אַ מאַסע ליידנדיק פלייש, איינזאַם און פאַרלאָזן, אַזוי ווי עס איז אַ חיה, ווען זי איז קראַנק און ווען דער מלאך המות אין פערדישן געשטאַלט פאַכעט פאַר זיינע אויגן מיט דער לאַנגער שווערט... דאָס שטאַרבנדיקע פערד האָט געקענט דערציילן אַ געוואַלטיקע עפּיק פון ביטערע יסורים און פינצטערע טויט־שרעק...

מיין פאָטער, דערזעענדיק דאָס אומגליקלעכע פערד, אין אַזאַ וויסטן מעמד, האָט אויף אים רחמנות געקרוגן. וואָס שטערבלעכער דאָס פערד איז געווען, אַלץ מער האָט זיך אין מיין טאַטן צעשפּילט די לוסט דאָס פערד געזונט צו מאַכן, עס צו זען אַן אויסגעהיילטן, אַן אויפגעלעבטן און אַ צע־שטראַלטן איבער די היימישע זאַפטיקע, גרינע לאָנקעס, אַרומטאַנצן און הירזשען אין דער גאַנצער פּראַכט פון אַ געזונטן, פייערדיקן פערד...

מיין פאָטער האָט זיך ממש שטאַרק געאיילט צו באַצאָלן אין באַרעס געלט דעם פּרייז פאַרן טרויעריקן פערד צום אָבלאָסער פּרוץ. דאָס פערד

האָט זיך אַפילו נישט געקענט באַוועגן. מען האָט עס געשלאָגן און געפּיי־ניקט. מען האָט עס ממש צוגעאײַלט צו שטאַרבן מיט די מוראַדיקע שלעק פון טויט, ביז עס האָט זיך קוים אויפגעשטעלט און מען האָט עס קוים מיט צרות אַרויסגעפירט פון שטאַל. אָבער עס איז צו ווייט נישט אָפּגעגאַנגען. אויפן גרינעם פעלד, וואָס איז שוין געווען באַדעקט מיטן גליענדיקן טריי־וואַקס פון זון־אונטערגאַנג, איז עס אַנידערגעפאַלן, האָט אויסגעצויגן דעם קאָפּ און איז אין פינצטערע ווייטיקן אויסגעגאַנגען...

מיין פאָטער איז אַוודאי געווען פאַרצווייפלט. דאָ שטייט ער, אין זון־אונטערגאַנג, ביים ברעג פון דעם טיפן, פוילישן וואַלד, אַן איינזאַמער איד, מיט זיין איינזאַמען, דערוואַקסענעם זון דוד. פאַר זיי, צו זייערע פיס, ליגט אַ שטומע און אַ מוראַ׳דיקע מאַסע פלייש — דאָס ערשטגעפאַלענע פערד, וואָס האָט שטום און איינזאַם געלעבט אויף דער ערד, וואָס האָט געליטן און געאַרבעט און האָט בלינדערהייט געטריי געדינט צו זיין פערדישן שיקזאַל. ביז עס איז נעבעך געפאַלן, אַפילו נישט אויסער דעם גרונט פון דער טערי־טאָריע ווו עס איז אַוודאי געבוירן געוואָרן, ווו עס האָט אויסגעהאָרעוועט אַ לעבן לאַנג. אַזוי ווי אַ בוים, האָט דאָס פערד זיך קיינמאָל ווייטער נישט באַוועגט, ווי דאָ, אויפן פּאָלוואַרג. און דאָ האָט עס געטיילט דעם גורל פון אַלע באַשעפענישן אויף דער ערד: עס איז אויסגעלייזט געוואָרן פון לעבן. עס האָט זיך פאַראייניקט מיט דער אַלוועלטלעכקייט. עס איז אַריין מיט זיין ערלעכע, פערדישע נשמה אין גן־עדן פון די פערד.

די גאַנצע ערד איז איינגעהילט אין גאָלד און אין שאַטנס. און דער גאַנצער הימל איז איין שטיק רויטער קופּער. און עפּעס אַ גרויס געוויין רייסט זיך אַרויס פון מיין טאַטנס פאַרוואונדעטן האַרצן און עס פאַרשפּרייט זיך איבער גאַר די האָריזאָנטן. איבער דער גאַנצער וועלט. און אין אויסבראָך פון זעלבסטמיטלייד און ביטערע יסורים פאַלט מיין טאַטע אויך אַוועק ביים שטומען פערד און ער קושט אים אויס אַלע זיינע מאַרטירערישע גלידער, זיין ריזיקע מאַסע טויטן לייב...

דער טאַטע שלאָפט איין מיט אַ שטיינערנעם שלאָף אין טיפער מידקייט און אין פינצטערער מרה־שחורה. ער חלומט איצט. ער זעט די גרויסע גאָלדענע לייטער וואָס שטעקט אינם שטורעמדיקן הימל. אַלע דורות פון זיין שטאַם גייען אַרויף און אַראָפּ אויף איר. מיין טאַטע דערקענט זיין טאַטן, זיין זיידן, זיין עלטערזיידן. אַלע דורות לויכטן איצט אויף אַזש ביזן שפּאַנישן גירוש... ביזן הויז פון דוד המלך. עס איז אַן אומענדלעך־לאַנגע קייט פון דורות און דורות אידן... עס איז אַן אייביקער גאַנג פון דער ערד אין הימל אַריין... און פול מיט אויסטערלישע ווייטיקן. פול מיט גרויליקע און שרעקלעכע יסורים... נאָר אַלע זיינע עלטערזיידעס און עלטערבאָבעס

האָבן געהאַט אומדערשיטערלעכן גלויבן און בטחון אין זייערע מעכטיקע הערצער... און בטחון מוז אויך האָבן מיין טאַטע, ר׳ מאָטל בן ר׳ לייבוש יואל׳קעס. אָן בטחון און גאָט׳ס השגחה איז נישט מעגלעך צו לעבן קיין איינציקע שעה אויף דער ביטערער, פוילישער ערד. קעפּ פון זיידעס און באָבעס שטעקן אַרויס פון די טרעפּ פון דער גאָלדענער לייטער. קולות הערן זיך:

— מאָטל, האָב בטחון! האָב בטחון, מיין קינד! אַ אידנס לעבן אָן בטחון האָט נישט קיין שום ווערט. עס איז פאַראַן אַ גרויסער הימל. און אויפן הימל זיצט אַן אייביקער אידישער גאָט! ער משפּט די פעלקער און ער פירט אָן דעם גאַנג מיט די נאַציאָנען! — — —

מיין טאַטע דערוואַכט פון זיין חלום, אַ באַגאָסענער מיט שוייס. עס איז אַ מוראדיקער מאָמענט. איך קען נאָך איצט זען אין מיין זכרון: ווי אַזוי צוויי אידן, טאַטע און זון, שטייען אין פאַרנאַכט ביי אַ ברענענדיקן וואַלד אין זון־אונטערגאַנג, שטייען פאַרצווייפלטע ביים ריזיקן הורג פון אַ טויטן פערד, וואָס איז ערשט אָפּגעקויפט געוואָרן מיטן לעצטן ביסל בלוטיקע געלט... האָבן בטחון אין גאָט? עס איז נישט קיין לייכטע זאַך, טראַכט מיין טאַטע, ווען מען האָט אין זינען דעם בלוטיקן שליאַך אויף וועלכן דורות אידן זיינען געגאַנגען. ווער און וואָס איז גאָט? איז עס נישט אַן אומבאַוואוסטער, פרעמדער, קאָסמישער כוח, וואָס האָט פיינט אידן? איז דען גאָט אַ איד און האָט דער רבונו של עולם אַ וואָרעם אידיש האַרץ? זיינען טאַקע די אידן זיין אויסדערוויילט פאָלק? לויט זיין געטלעכן דרך אין דער וועלטגעשיכטע שיינט גאָט צו זיין אַן אַנטיסעמיט. ער האָט אַרויסגע־בראַכט פון כאַאָס אַ פאָלק כדי עס זאָל פּינצטער ליידן...

און אַ געוואַלטיקער פּחד פאַרן פרעמדן, מורא׳דיקן, נישט־אידישן גאָט איז באַפאַלן מיין איינזאַמען טאַטן ביים ברעג פונם וואַלד אין פאַרנאַכט...

ווען מיין פאָטער האָט אַפּעלירט צום אָבלאָסער פּרוץ אַז ער זאָל אומ־קערן דאָס געלט פאַרן פערד, וואָס איז אויסגעגאַנגען נאָך אויף זיין אייגענעם גרונט, האָט זיך דער פּרוץ שיכורערהייט געוואָרפן אויף מיין פאָטער און ער האָט אים געשלאָגן מיט זיינע האַרטע, שטיינערנע פויסטן. דער ווילדער פּרוץ האָט נאָך צו אים געהאַט טענות: אַז מיין פאָטער האָט געבראַכט אַ טויטן פערד אויף זיינע, דעם פּרוץ׳ס פעלדער. אַז מיין פאָטער האָט געוואַגט אויף זיין, דעם פּרוץ׳ס ריינעם גרונט, אים אונטערצווואַרפן אַ פערדישן פּגר...

יאָרנלאַנג האָבן זיך געצויגן די געריכטס־פּראָצעסן. אָבער מיין פאָטער האָט אין פוילישן געריכט קיינמאָל נישט געקענט געווינען דעם פּראָצעס אַנטקעגן אַ פוילישן פּרוץ... און שטענדיק פלעגט מיין פאָטער אין אַ מעלאַנ־

כאַלישער שטימונג איבערחזרן אַז ער וועט דעם פּראָצעס קיינמאָל נישט אויפגעבן... אַז ער וועט דעם פּרוץ רופן צו אַ העכערן געריכט, אַפּילו פאַרן העכסטן ריכטער פון הימל און ערד — פאַר גאָט אַליין, אויב עס וועט נייטיק זיין...

די אומהיימלעכקייט פון דער דאָזיקער פּאַסירונג האָט מיך באַהערשט. די דיאַבאָליק און די פאַנטאַסטיק פון דעם טרויעריקן מסחר: ווי אַזוי אַ איד וואָס האָט אַ נייגונג אויסצוהיילן פערד, קויפט אָפּ אַ שטאַרבנדיקן פערד. ווי אַזוי מיין טאַטע און מיין ברודער קומען אַהיים — צוויי אָרעמע און דערשלאָגענע אידן. ווי אַכזריות׳דיק עס האָט געקענט זיין צו אַן אָרעמען אידישן פערדהענדלער אַ רייכער, פּוילישער פּרוץ... דער עלעמענט פון טרויער און פון שלימזלדיקייט... און די פון פאָרויס פאַרשפּילטע ספּראָוועס וואָס האָבן זיך געצויגן יאָרנלאַנג...

ווען נאָר דער הימל האָט זיך אויפגעבראָכן אין באַגינען און די פלאַמען פון הימל האָבן מיך מיט פייערדיקע שטראַלן אויפגעוועקט אין מיין קליינעם, אייזערנעם בעטל, פלעג איך אויפציטערן און רופן דעם טאַטן:

— טאַטע, דער הימל איז אָפן. מען זעט דעם הימלישן שופט. עס איז צייט איצט צו פאָדערן דיין געלט צוריק... איך זע באַשיינפּערלעך ווי גאָר דער הימל, אַלע מלאכים, זיינען אויף דיין זייט... זע, טאַטע, ווי עס בראָטן זיך אין גיהנום דעם פּרוץ׳ס קנאָכנס... זע ווי דאָס פערד שטראַלט און עס קוקט דיך הימלעך און דאַנקבאַר אָן ווי אַ צדיק... זע גאָט׳ס מוראדיק פּנים! ער קוקט דיך אָן מיט רחמים! איל זיך, טאַטע, צו דער הימלישער דין תורה! דיין שר איז איצט גרייט דיך צו פירן דירעקט אין הימל אַריין — דורכן געוואַלטיקן איינבראָך און שפּאַלט אין די וואָלקנס... דעם שר׳ס פייערדיקע הענט ציען זיך אויס צו דיר...

דער טאַטע פלעגט זיך אומהיימלעך איבערוועקן און שרייען אויף מיר...

* * *

בלויז צו איין און איינציקן פערד האָט זיך מיין פאָטער צוגעוווינט. עס איז געוועזן נאָך אוממענטשלעכע אָנשטרענגונגען וואָס עס איז מיין טאַטן געלונגען דאָס קראַנקע פערד קוים זיך צו שטעלן אויף די פיס. עס איז געוועזן אַן אומגעוויינלעך ריזיק פערד, וואָס האָט באַזעסן אַ קליין, קינדיש האַרץ. אויף אַזאַ פערד האָט געמוזט רייטן דוד המלך אַליין, ווען ער האָט באַגעגנט די שיינע קעניגין פון שבא... איך פלעג דערויף רייטן ווייטע שטרעקעס, איבער דעם פּלושענעם, פּוילישן פּייזאַזש. עס איז קיינמאָל נישט געוואָרן אומרואיק. נערוועז. עס האָט זיך קיינמאָל נישט אַוועקגעלאָזט ווילדערהייט אין גאַלאָפּ. איך קען מיט באַשטימטקייט זאָגן אַז עס איז געוועזן מיין טייערער, מיין אינטימער פריינט. און אויך מיין פאָטער, וואָס פלעגט

געוויינלעך אָוועקפירן די פערד, ווי נאָר זיי זיינען געזונט געוואָרן, אויך מיט אים איז איצט עפּעס געשען: ער האָט דאָס טייערע פערד געלאָזן אין דער היים... ער האָט געקרוגן עפּעס אַ ספּעציעלע ליבשאַפט צו דעם דאָזיקן שטילן, מענטשלעכן פערד...

אָבער עס איז צו יענער צייט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה און מיר האָבן געמוזט אַלץ אין אונדזער הויז, אין דאָרף נאָוואָגוראַ, פאַרלאָזן, און זיך נעמען וואַנדערן איבער די פּוילישע שטעטלעך, אַביסל אָפּגערוקטע פונעם פראָנט פון פייער. און דאָס פערד וואָס האָט געשלעפּט דאָס וועגעלע מיט אַלע אונדזערע זאַכן, וואָס מיר האָבן נאָר געקענט מיטנעמען אין אַזעלכע פינצטערע אומשטענדן, איז געווען צוזאַמען מיט אונדז אין אַלע מלחמה־געפאָרן. אָבער, ווען מיר האָבן זיך באַזעצט אין נאַלענטשאָף, אַ ווונדערלעך קוראָרט, אַ מאָלערישע געגנט, ווו פּוילישע קינסטלער פלעגן קומען זיך אָפּרוען, און זיי פלעגן מאָלן ווונדערלעכע מאָלערייען — דעמאָלט האָט מען נישט געהאַט ווו צו האַלטן דאָס זעלטענע פערד. און אין איין טאָג האָבן מיר געמוזט זיך שיידן דערמיט: דער טאַטע האָט עס פאַרקויפט...

עס איז דעמאָלט געווען ביי אונדז אין הויז אַ טאָג פון טרויער, ממש תשעה באב. אַפילו מיין מאַמע האָט ביטער געוויינט אויפן פאַרלוסט פון אונדזער טייערן פערד. עס איז געווען אַזאַ פינצטערער אומעט זיך צו מוזן שיידן מיט אונדזער ליבער, שטילער חיה. עס איז געווען אַזאַ גרויזאַמער ווייטיק זיך צו שיידן מיט אַזאַ גוטן פריינט, וואָס האָט צוזאַמען מיט אונדז שרעקלעך געליטן דורך דער מלחמה. דאָס פערד האָט מענטשלעך געוויינט און מיר אַלע האָבן געוויינט, ווען אַ ברוטאַלע האַנט האָט עס מיט געוואַלט פון אונדז אָוועקגעפירט. איך בין נאָך מיט אַ ווילד־העשנדיקן יאָמער נאָכ־געלאָפן נאָך דעם טייערן פערד און איך האָב געקושט זיין האַלדז, גע־קושט זיין וויינענדיקן פּנים מיט די מענטשלעך־טרויעריקע אויגן...

ווער ווייסט וואָס עס איז געווען דער גורל פונם דאָזיקן גוטן פערד אין די בלוטיקע טעג פון דער ערשטער וועלט־מלחמה... דעמאָלט ליידן אונדזערע בידנע הויז־חיות פּונקט אַזוי ווי דער פאַרשאָלטענער מענטש...

* * *

בשעת איך שרייב די דאָזיקע שורות, באַרירט די זון קיריקאָ׳ס אַ בילד אויפן וואַנט. עס שטעלט פאָר אַ גרופּע פערד. פערד — אַזוי ווי מעכ־טיקע אַריסטאָקראַטן פון אַ שוין לאַנג פאַרגאַנגענער פערדישער ראַסע. פערד — פלאַמענדיקע, מיט ברענענדיקע גריוועס, אויפגעשטעלטע הויך אויף די הינטערשטע פיס און מיט זייערע שיינע, שטאָלצע קעפּ פאַרריסענע אין די שטורעמדיקע וואָלקנס אַריין. פערד — קלאַסיש־געמאָלענע, אידעאַליזיר־טע און פאַרוואַנדלטע אין שטאָלצע, בראָנדזענע פּעגאַזן. דאָס זיינען פערד

אויף וועלכע מיטאָלאָגישע האַלבגעטער זיינען אַמאָל געריטן אין די הימלישע טעריטאָריעס. און בשעת די זוניקע שטראַלן באַרירן דעם לייוונט, ווערן די פערד נאָך פייערדיקער, אַזוי ווי אויפגעגליטער טריוואַקס. אין אַ ווילע אַרום וועלן זיי אַראָפּגיין פונם קאַנוועז און זיי וועלן פלאַמיקע און ווילדע אַוועקגאַלאָפּירן איבער די הימלישע האָריזאָנטן... עס וועלן אויף זיי רייטן פּרינצן מיט גלאַנציקע שווערטן...

אַנומלט האָב איך געזען שטיין אין גאַס צוויי שווערע וועגן אָנגעפּילטע מיט שטראָלנדיקע פּרוכטן. די פערד שטייען איינזאַמע און פאַרשעמטע ביי די וועגן. איין פערד איז ברוין, אַזוי ווי אַ הערבסטיקער פעלד. דאָס צווייטע פערד איז ווייס אַזוי ווי אַן ערשט-געפאַלענער, צאַרטער שניי. בלויז די קליינע אינגלעך האָבן איידלקייט און סענטימענט פאַר אַ פערד. זיי באַרירן די שטומע, די עלנטע חיה מיט זייערע קליינע, צאַרטע הענטלעך. איך גיי צו נאָענט צו זיי. די צוויי חיות זעען אויס צו זיין אַזוי שרעקלעך עלנט און טרויעריק. זיי ליידן פינצטערע יסורים. אין זייערע טרויעריקע און געשלאָגענע ביינער, וואָס סטאַרטשן אַרויס פון זייערע דאַרע, אויסגעקראַ-כענע פעלן, איז פאַראַן אַזוי פיל מענטשלעכער אומעט. ווער קוקט היינט אויף די איינזאַמע, די קלוגע, די געדולדיקע, די מענטשלעך-טרויעריקע פערד...

עס גייען אויף אין מיין זכרון די געצייכנטע פערד פון גרויסע מייסטער אין דער מאָלעריי: פון פּיזאַנעלאָ און פון ברויגל דעם עלטערן, ביז דעלאַקרואַ און ביז צו די מייסטער פון דער מאָדערנער מאָלעריי. דאָס פערד, מיט זיין שטאָלצער פאָרם, מיט זיין פּעגאַזישן שוווּנג, האָט זיך אַריינגעבראָכן אין דער וועלט-מאָלעריי מיט פייערדיקע פאַרבן און מיט מייסטערהאַפטער פאָרם. די פערד זיינען געצייכנט געוואָרן מיט גרויס ליבשאַפט און סימפּאַטיע דורך וועלט-באַרימטע קינסטלער...

שטענדיק, ווען איך גיי פאַרביי אַ רייטער-סטאַטוע, ווו אַ שטאָלצער און אַ פאַריסענער זיצט עפּעס אַ פינצטערער טיראַן און ער פאָכעט אין דער לופטן מיט זיין לאַנגער שווערט, אין אַ טריאומפירנדיקער שלאַכט-פּאָזע, ווילט זיך מיר זאָגן שטילערהייט:

— נישט דיך מיינט מען, טיראַן!.. נישט פאַר דיר איז דער בראָנדזענער מאָנומענט געשטעלט געוואָרן אינמיטן פונם רוישיקן סקווער, דו גייציקער הערשער, דו פאַרבלוטיקטער דעספּאָט! דאָס האָט מען געשטעלט אַ גרויס-אַרטיקן מאָנומענט צו דיין הערלאַישן פערד וואָס האָט שטומערהייט געליטן אַלע דיינע משוגענע קאַפּריזן. זע ווי שיין עס איז אונטער דיינע מיאוסע, קורצע פיס דאָס שטאָלצע פערד! עס לויכט אַרויס מיט זיין אינטעליגענץ און ממש מענטשלעכע איידלקייט פון אונטער דיין פאַרקריפּלטע פיגור,

אין קאָנטראַסט צו דיין שווידערלעכן כאַראַקטער, פאַלשער און באַמבאַסטיש־אויפגעבלאָזענער העלד! דער פּרעכטיקער בראַנדז־מאָנומענט געהערט נישט צו דיר — נאָר צו דיין וועלט־באַרימטן פערד...

און, מיר דאַכט זיך אַז דאָס פערד נויגט שטילערהייט צו מיט זיין פיינגעפאָרמטן קאָפּ. עס איז מסכים מיט מיינע מחשבות... און פּלוצלינג געשעט עפּעס: איך דערקען מיין פערד: עס איז דאָס טייערע פערד מיט וועלכן מיר האָבן זיך געשיידט אין נאָלענצאָף, בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה... דאָס פערד אָטעמט אויף, שפּרינגט אויף, צאַפּלט וואַרעם אויף און עס ווינקט צו מיר מיט זיינע פריינטלעכע, מענטשלעכע אויגן..

# אַ לוויה אינמיטן דעם קאַכעדיקן ים

מיין טאַטנס ערשטע און צווייטע רייזע קיין אַמעריקע, אַרום די יאָרן 1912 און 1913, איז געווען פאַר מיר, דעם קליינעם אינגעלע, אַ גרויסער קוואַל פון דראַמע, אַדוועגטיור, היסטאָריע, ליטעראַטור, רייזע־באַשרייבונג און מעשה. איך קען דרייסט זאָגן: מיין ערשטע קליינע ביבליאָטעק. עס פלעגט נישט אַוועקגיין קיין פרימאָרגן אַז איך זאָל דעם טאַטן נישט בעטן:

— דערצייל מיר עפּעס, טאַטעניו, פון דיינע רייזעס קיין אַמעריקע... איך בין אַזוי שטאַרק נייגעריק...

מיך האָט נישט געאַרט אַז ער פלעגט מיר דערציילן דיזעלבע מעשה נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל. איך האָב וויל געוווסט אַז זיין שריפטשטעלערישער טאַלאַנט וועט ענדערן פּלאַץ, פּערסאָנאַזש און געשעעניש. געבליבן איז נאָר תמיד דיזעלבע אומבאַשטימטע צייט. טיילמאָל פלעגט ער זיין מער דערפינדעריש און טיילמאָל ווייניקער. יעדעס שלעכטע וועטער, אַ נאַסן פרימאָרגן, אַ באַגינען פון שניי און רעגן, פלעג איך פאַרוואַנדלען מיט גע־בעט אין דערציילונג, אין ליטעראַטור. איך האָב שוין וויל געקענט דאָס היסטאָרישע מוזעאום אין ברעסלע. איך האָב שוין געוווסט פון די באַל־זאַמירטע עגיפּטישע קעניגן און קעניגינען. איך האָב שוין געהאַט געזען דעם גאָלד־געצירטן וואָגן פונם סאַמעראַדנעם קיסר, וואָס זיינע שקלאַפן פירן געהאַרכזאַם אַרום אַזוי ווי פערד. איך בין שוין געהאַט געווען מיטן טאַטן אין גאַלוועסטאָן, טעקסאַס. גאַלוועסטאָן איז בכלל געווען דער ערשטער נאָמען פון אַן אַמעריקאַנער שטאָט, וואָס איך האָב געהערט אין מיין לעבן. שפּעטער האָב איך שוין אויך געהערט דערמאָנען דעם כרך נעוויאָרק. איך האָב שוין געהאַט געזען ווי מענטשן זיינען קראַנק די גאַנצע אַכט וואָכן, אויף דער שרעקלעכער שיף, פון דער רייזע. איך האָב שוין געהאַט געזען די „שוואַרצע מענטשן". איך האָב באַשטימט געוווסט אַז יעדער שיף — אָדער, ווי מען פלעגט עס דעמאָלט רופן: אַן אָקרענט — האָט פיר קוימענס,

פון וועלכע עס טראָגט זיך תמיד אַ זיידענער, נאַכטיק־שוואַרצער רויך. ביז איצט האָב איך באַגעגנט לעבן, פּיין און דראַמע. אָבער נאָך קיינמאָל נישט דעם טויט אַליין, זיין מאַיעסטעט, דעם מלאך המות, דעם גראַנד־מייסטער פון דער שווערט...

איינמאָל, ווען איך האָב שטאַרק געבעטן דעם טאַטן, ווען אין דרויסן האָט דאָס וועטער אויסגעזען מורא׳דיק פּאַרוואָלקנט, האָט מיין טאַטע מיר דערציילט די מעשה פון דער לוויה אויפן ים. אינמיטן דעם גרויסן אָקיונוס, ווי ער האָט דעם ים געריפן. עס האָבן זיך שוין דעמאָלט אין זיין פאַנטאַזיע געהאַט אויסגעשעפּט די גרויסע וואַלפישן, די קראָקאָדילן און ים־פערד, די ווילדע אייזלען, די שלאַנגען און די פּיפּערנאָטערס וואָס ער האָט געזען אויפן אָקיונוס. האָט ער זיך איצט שוין געמוזט ווענדן צום טויט אויך...

...דעם בר־מינגס פּנים האָט מיין טאַטע קיינמאָל נישט געהאַט געזען. ווער ווייסט צי דער טויטער איז נישט געווען אַ פּאַסאַזשיר נעבעך אָדער אַ מאַטראָז. אַ רייכער אימיגראַנט — אָדער אַ ן אָרעמאַן אַן אביון. דער טויט האָט אים פּאַרוואַנדלט אין אַן אוניווערסאַלער געשטאַלט. אָבער ער האָט שוין איצט קיין שום פאָרם און קיין געשטאַלט נישט געהאַט. ער איז געווען פאַרנייט פון קאָפּ ביז צו די פיס אין אַ פּראָסטן, דיקן, לייווענטענעם זאַק. אויבן איז געווען איין שפּיץ — זיין טויטע, שאַרפע נאָז, וואָס איז נאָכן טויט געוואָרן שפּיציק ווי אַ פּען, זיך צו באַנוצן מיטן מייסטער שעקספּיר׳ס מעכ־טיקן לשון. און אונטן, צופיסנס, אַ צווייטער שפּיץ: דער שפּיץ פון די שפּיצנפינגער פון זיינע פיס, וואָס זיינען אויף אייביק פאַרשטייפט געוואָרן. עס איז פאָרגעקומען אַ געוויסע ברוטאַלע צערעמאָניע: דער גלח האָט מיט אַ טרויעריקן קול געצויגן אַ לאַטייניש תפילה פאַר דער נשמה פונם טויטן. דער שאַרפער ים־ווינט האָט אויפגעכאַפּט די ווערטער פונם גלח׳ס ווייכע ליפּן און האָט זיי אויף די פליגל פון זיין בלייערנעם מאַנטל צעטראָגן הויך ביזן גרויען, פאַרוואָלקנטן הימל. קיין שום מענטשלעך געוויין איז דאָ נישט געווען צו הערן, סיידן עס האָבן געוויינט הימל און ערד, ווי עס וויל האָבן דאָס נאַאיווע פאָלקסליד. עס זיינען געווען פאַרזאַמלט אַ צאָל מענטשן, מערסטנס אידישע אימיגראַנטן. ווייל די פּאַסאַזשירן זיינען דאָס רוב געווען אידן פון רוסלאַנד און פּוילן, אויסער אוקראַאינישע און ליטווישע פּויערים וואָס זיינען מערסטנס געפאָרן קיין קאַנאַדע און האָבן געלאַנדעט אין האַלי־פּאַקס.

אין אַ ווילדע אַרום האָט איינער אַ מאַן מיט זיינע רויע, קאַלטע הענט אַ שיב געטאָן דעם איינגעפּאַקטן גוף פונם גליטשיקן ברעט אַרונטער, גלייך אין ים אַריין. און אין דער איינער רגע איז ער שוין געווען אויס מענטש. אויס פיזישע עקזיסטענץ. אויס צוועק און ציל און בענקשאַפט און האָפנונג

פון איינעם אָן אומבאַקאַנטן אימיגראַנט אינמיטן דעם געוואַלטיקן אָקיונוס. די שוימיקע און זאַלציקע כוואַליעס האָבן מיט אַ יאָמער און אַ געשריי זיך צוגעכאַפּט צום טויטן. מען האָט אים איצט מיט גלעזערנע אָרעמס און מיט קופּערנע פּלייצעס געטראָגן צו די טיפסטע טיפענישן פונם ים. דאָרט ווו דער שווערער גוף איז געזונקען פינצטער ווי אַ שטיין, איז געוואָרן אויף איין מאָמענט אַ גרוב, אַ לאָך, אַזוי ווי אַ פּירקאַנטיק קבר... אָבער באַלד האָט דער צאָרנדיקער ים פאַרגאָסן דאָס מכלומרשטע קבר... פון דער אומ־פריינטלעכער טיפעניש האָבן איצט אויפגעטויכט דעלפינען מיט אָפענע פּיסקעס, באַשטעלט מיט ווייסע שורות שפּיציקע און שאַרפע ציין... באַלד איז געפּראַוועט געוואָרן אַ בלוטיקע סעודה אינמיטן ים... נאָך אינמיטן דעם פאַלן פונם פאַרגליווערטן הורג צו דעם ערדיקן גרונט פונם אָקיונוס האָבן די דעלפינען מיט זייערע שאַרפע ציין ברייט אויפגעטרענט דעם זאַק און צעריסן דאָס געביין און געפּליקט פון זיינע בלוטיקע און פינצטערע גלידער... — — —

דער טאַטע האָט איצט געענדיקט זיין דערציילונג. די מעשה האָט אויף אייביק געמאַכט אויף מיר אַ מעכטיקן איינדרוק. עלעמענט פון בייזן ים, פון ביטערן שיקזאַל פונם מין מענטש, פון נישט דערגרייכן דעם געגאַרטן ברעג, פון קיינמאָל נישט אָנקומען צו זיין ציל. און צום סוף: דאָס געפּיגען זיין פינצטערן קבר אינמיטן גרויסן אָקעאַן, און פון ווערן אויפגעשאַרפעט פון די הונגעריקע און שלאַנקע דעלפינען — דאָס אַלץ איז פאַר מיר געווען אַ מורא׳דיקע איבערלעבעניש. דער טויט אינמיטן ים האָט מיך אויף אייביק צעפגעשראָקן. און איך האָב שוין קליינערהייט געהאַט פעסט באַשלאָסן אַז איך וועל שוין קיינמאָל נישט פאָרן קיין אַמעריקע. וואָרים איך וויל חלילה נישט שטאַרבן אינמיטן ים... איך וויל נישט מיט מיין פינצטערן און מיין פאַרשאָלטענעם געביין פאַרלוירן ווערן אינמיטן דעם שטורעמדיקן ים...

און, ווען איך בין אין סוף יאָר 1934 געפאָרן קיין ניו־יאָרק, האָב איך די גאַנצע צייט פון מיין זיבנטאָגיקער רייזע געזען די אומהיימלעכע לויה־סצענע פון דעם אומבאַקאַנטן, אומגליקלעכן מענטש. ווי נאָר איך האָב אַראָפּגעקוקט אויפן דעק אינם ים אַריין, ערשט די לויה טויכט אויף מיט גאָר איר גרויל... און עס ציטערט אין די אָרעמס פון די מעטאַלענע כוואַליעס דער ברעזענטענער זאַק מיטן שטומען הורג... און שוואַרץ בלוט רינט פון די אויפגעריסענע, טויטע אברים... און די בייזע פיש זעען ממש אויס ווי מענטשן. און זיי שווימען אַרום דעם קרבן און זיי באַלעקן זיך בלוטיק פונם געשמאַקן, מאַקאַברישן מאָלצייט...

אָט אַזוי האָב איך קליינערהייט איינגעזאַפּט אין זיך אַ מעשה פון גרויל און גרויזאַמקייט... אַ פּרימיטיוו ווערק פון מיין טאַטן דעם אומבאַ־קאַנטן שריפטשטעלער...

# מיין טאַטנס אוואַנטיורעס אין צאַרישן רוסלאַנד

...און תמיד, ווען מיין גאַטזעליקער טאַטע פלעגט דערציילן פון זיינע אוואַנטיורעס אין צאַרישן רוסלאַנד, פלעג איך זיך אים פאָרשטעלן ערגעץ אין אַ שטאָט אין וויטן אוראַל. דער דיקער שניי פאַלט אַזוי ווי צעריסענע וואַטע איבער מיין טאַטנס הויכע, גלאַנציקע פאַפּאַכע און דעם גרויסן, געלן פוטער, ווי פון אַ רוסישן באָיאַר... איך זע ווי מיין טאַטע פאָרט אין אַ קאַרעטע מיט אַ הערלעכער פרוי... די פרוי האָט רויטע האָר ווי פייער, און אַ פּנים ווי פון אַ שיכורן מלאך. אירע פולע, מילגרוימיק־זאַפטיקע ליפּן טריפן מיט הייסע דעקלאַמאַציעס פון אַלעקסאַנדער פּושקינען. מיין טאַטע איז באַגייסטערט. זיינע אויגן לייכטן ווי פלאַמען. אין זיין רעכטער האַנט: אַ ציגאַרשפּיץ מיט אַ ברענענדיקן, געלבלעכן ציגאַרעט. אויף זיינע פינגער — מאַסיווע סיגנעטן מיט גיגאַנטישע איידלשטיינער. מיין טאַטע נעמט אַרום מיט גאַלאַנטקייט די פירשטלעכע פרוי און ער קושט איר שניי־וויסן שוואַנענהאַלדז... און ער רוימט איין אין אירע אויערן פערזן פון פּאָעזיע... פּאָעזיע וואָס ער האָט אַליין פאַרפאַסט... און וואָס קלינגען ווי אימיטאַציעס פון שיר השירים...

איך זע מיין טאַטן אין דער קאַרעטע מיט דער רוסישער דאַמע... אָבער איך האָב מורא פאַר דער מאַמען אַזוי הויך צו טראַכטן מיינע זינדיקע מחשבות וועגן מיין טאַטן... דער טאַטע איז אַזוי יינג. פיל יינגער ווי דער מאַן, זיין זון, וואָס זיצט איצט אין גרויען באַגינען ביים שרייבטיש און שרייבט די דאָזיקע שורות און פאַרשרייבט דריי טויזנט זייטן מאַנוסקריפּט אין באַוווּנדערונג פאַרן טאַטן און פאַר דער מאַמען... פיל אַקטיווער ווי זיין זון, וואָס האָט זיין בלוט אַריינגעגאָסן אינם פינצטערן טינטער און וואָס לעבט אויס זיין לעבן אין ליטעראַטור...

דער טאַטע זעט אויס ווי אַ פירשט פון תנ״ך. אַ יינגער, קרעפטיקער און שטראַלנדיקער פירשט. די דאַמע, וועמענס אויגן־ווייסלעך זיינען ווייסער

ווי מילך און ווי מאַרמאָר און וועמענס דינער האַלדז עס צירט רייך אַ שנירל קאַרעלן וועלכע זיינען פאַלש און פינצטער אין פאַרגלייך צו דער שנייִקער קלאָרקייט פון איר קאַלעכדיקן לייב — די דאַמע דעקלאַמירט פּושקין און לערמאָנטאָוו׳ס לידער. ווי ווייסע רויזן פאַלן די שטיקער שניי אויף דער קאַרעטע. (אַ קעניגינס נערוועזע הענט צעפּליקט קישנס און פּעטענעס אין הימל און די פעדערן פאַלן, פאַלן...) איך זע דריי פרעכטיק און מעכטיק־געפורעמטע פערד נאַשפּיץ, ווי פון בראָנדז געגאָסענע. און דעם קוטשער אויפן הויכן סטאַנגרעט מיט אַ פאַרפרוירענער באָרד, ווי דער גאָט פּאָסיידאָן, באַהאָנגען מיט אייזיקע צאַפּנס. עס זיינען נישט קיין פערד, נאָר פּעגאַסן. זייערע פליגל ברענען אין דער פראָסטיקער נאַכט. עס איז

נישט קיין קוטשער, נאָר מעפיסטאָפעלעס אַליין. ער טרייבט די פלאַמיקע פעגאָזן מיט אַ פייערדיקער שווערט. אויפן פינצטערן און צאַרישן הימל איז טיף פאַרקריצט דער סערפּ פון דער לבנה — ווי אַ קליין, פּערגאַמענ־טיש בוך מיט אַלעקסאַנדער פּושקינס פּאָעזיע. אַ ווינטישע האַנט מישט די בלעטער פון ריינע גאָלד. מיין טאַטע, ווי עס פּאַסט פאַר אַ נאָוועלע, פאַר־שווינדט מיט דער דאַמע אין אַ האָטעל פון דאָסטאָיעווסקיס פעטערבורג. איך זע זיי באַשטייגן די קרומע טרעפּ פון אויסגעריבענעם ליים. אין האָטעל־צימער הענגט דער פּאָרטרעט פונם צאַר אַלעקסאַנדער דער צווייטער: דאָס פּנים בלאַס: אַ געאײדלטער, הויכער שטערן. דער געליבטער פון פּושקינס גרויסאַרטיק־שיינער און פאַרעטערישער פרוי. איך קען אים נישט אָנקוקן צוליב מאָרד איבערן פּאָעט. נאָר מיין טאַטע רעדט וועגן אים מיט גרויס סימפּאַטיע.

מיין טאַטע טוט אויס דעם פוטער. די דיקע קוטשמע ווי פון אַ טשער־קעס. די מאַסיווע, גאָלדענע דיוויסקע מיטן גרויסן ציבעלע־זייגער. די פרוי איז טויט־שיכור, עראָטיש־מאַט און מוטער־נאַקעט... ווי די רוסישע מאַמע האָט איר געהאַט. אַ סטאַטוע אין פּאַרק, וואָס איז לעבעדיק־וואַרעם געוואָרן אין אַ צימער פון פּעטערבורגער האָטעל... ווונדערלעך לויכטן אַריין די שטערן דורך די פאָרהאַנגען. דער בליך־לאָמפּ ברענט העל און באַלויכט די ווענט פונם האָטעל־צימער און מאַכט לעבעדיק דעם גרויסן טיגער פון קאַמטשאַטקאַ אויף דער פולפאַרביקער קאָלדרע. אויפן טיש ליגט איצט דעם טאַטנס ריזיקער זייגער מיט דער דיקער דיוויסקע פון „אַמעריקאַנער גאָלד" צווישן דעם טאַטנס קליידער און דער דאַמעס זיידענע וועש און צירונגוואַרג... דער ניקעלנער זייגער רינט מיט שווערע טראָפּנס צייט... אָ, איך האָב שרעקלעך מורא אַז די מאַמע זאָל חלילה נישט הערן מיינע מורא'דיקע מחשבות וועגן טאַטנס בחורישן לעבן...

עס איז שוין בלויער באַגינען. אַזאַ מין ווונדערלעכער הימל שטראַלט אַריין דורך די פענצטער. עס האָט דער רבונו של עולם אַליין מיט זיינע אייגענע הענט געוואַשן דעם גאַנצן הימל מיט זייף און מיט טרערן. דעם טאַטנס פירשטלעכע און אַסיריש־פינצטערע באָרד רוט אויף דער מירמל־קלאָרער ברוסט פון דער קעניגין וואָס שלאָפט מיט אַן אָפן מויל... — — —

דעם דאָזיקן עפּיזאָד האָט דער טאַטע איינמאָל, אין אַ בגלופינדיקער שטימונג, דערציילט צו אַ גאַסט אין שטוב, ווען די מאַמע איז גראָד געווען אַוועקגעגאַנגען...

## מיין טאַטע שפּילט אין קאָרטן

זינט איך געדענק מיין טאַטן, האָב איך אים קיינמאָל נישט געזען שפּילן אין קאָרטן. בכלל האָט ער קיינמאָל זיין לעבן נישט פאַרשפּילט אין

קיין שום שפּיל, כאָטש שאַך האָט ער ווויל געקענט און אַמאָל פּלעגט ער שפּילן אין שאַך מיט אידל זייגערמאַכער, דעם גביר פון פּולאַווי...

אָבער מיט יאָרן צוריק, נאָך פּאַר מיין געבורט, האָט דער טאַטע יאָ איינמאָל געשפּילט אין קאָרטן... ער האָט עס אַליין דערציילט:

— עס איז געווען אין אַדעס, אין אַ טונקעלער קנייפּע ביים שוואַרצן ים. דער טאַטע האָט זיך נישט געשעמט צו דערציילן אַז מען האָט געשפּילט אַ גאַנצע נאַכט, ביזן גרויען באַגינען, ווען די רוסישע פייגל האָבן אָנגעהויבן צו זינגען פאַר די בלוי־ווערנדיקע פענצטער... שלעכטע לייט האָבן אים פאַרפירט...

פונקט האָט ער דעמאָלט געהאַט אָפּגעלייזט פאַר סחורה עטלעכע הונ־דערט קערבלעך. ער איז געווען אין אַ בגלופינדיקער שטימונג. איז ער אַריין אין אַ „טשייניאַרנע" און האָט געטרונקען עטלעכע גלעזער טיי, אויפן רוסישן שטייגער... אַ פּאָר פּראָפעסיאָנעלע קאָרטנשפּילערס האָבן שנעל געשלאָסן קאָנטשאַפט מיטן „פּראָווינצער יאָלד", מיט מיין טאַטן... צום ערשט האָט ער מכלומרשט געזען ווי אַזוי אידן געווינען אַ סך געלט. דער סוף איז געווען אַז ער איז פאַרנאַרט געוואָרן צו די פאַרשאָלטענע קאָרטן. מיין טאַטע האָט יענע נאַכט אַזוי לאַנג געשפּילט, ביז ער האָט פאַרשפּילט דעם גרויסן, געלן פּעלץ, וואָס האָט געשטאַמט פון אַ פּוילישן „כראַביע". און אויך די פּוטערנע קוטשמע האָט ער פאַרשפּילט, און דעם גרויסן גאָל־דענעם זייגער מיט דער מאַסיווער גילדערנער דיוויסקע, וועמענס רינגען זיינען געווען גרויס ווי די רעדער...

מיין טאַטע האָט אַנטדעקט אַז עס זיינען אין דער קנייפּע אויך גע־ווען שיינע, יונגע און פאַרדעכטיקע פרויען... מען האָט אַ סך געטרונקען און געזונגען, פון וואָס דער קאָפּ האָט זיך פאַרדרייט... עס איז אויך געווען אין דער קנייפּע נאַכט־מוזיק און אַ געדיכטער רויך פון מאַכאָרקע איז שטייפערהייט געשטאַנען אינם ווינקעלער, אַזוי ווי אַ זילבערנער גייסט מיט הויכע פליגל...

מער האָט מיין טאַטע אין לעבן נישט געשפּילט אין קיין פאַרשאָלטענע און געפאַרבטע קאָרטן. אַרויסגייענדיק פון דער ווינשענק אין גרויען און טומאַניקן באַגינען, האָט דער טאַטע דערציילט, האָט ער צום ערשט זיך ביטער פאַנאַנדערגעוויינט. אין דרויסן איז נאָך געשטאַנען אויפן הימל אַזאַ זאַך ווי אַ דינער צייכן פון דער לבנה, אַזוי ווי אַ רונדע חתימה, אַזאַ מין פּיעטשאַט מיט מטושטשדיקע אותיות און אַן אָפּגעבלאַקירט פּנים ווי אַ רוי־מישע קייסערינע. ער האָט עפּעס דערזען ווי צום ערשטן מאָל די וועלט... אין איר אמת׳ן ליכט און געשטאַלטיקייט. ער האָט דערזען דער מאַמעס וויינענ־דיקן פּנים און די פּיצלעך נאַקעטע קינדערלעך אין די הילצערנע וויגן... עפּעס איז די וועלט דערשינען צו מיין טאַטנס אויגן אין אַ נייעם געשטאַלט,

געזען דורך אייגענע יסורים. אַן אויפריכטיקייט האָט באַהערשט דעם הימל און די ערד. עס איז היינטיקע נאַכט עפּעס געשען מיטן טאַטן. וואָס באַשטימט האָט ער נישט געוווּסט. אָבער אין האַרצן האָט זיך עפּעס איבערגעבראָכן. צום אומפריינטלעכן מענטש איז געקומען פון ערגעץ טיפע מענטשלעכקייט. רחמנות צום אייגענעם, באַליידיקטן און פאַרשאָלטענעם ווייב. מיטלייד צו די אייגענע פּיצלעך נאַקעטע און הונגעריקע ווערם. די לבנה איז איצט געשטאַנען אויף זיין קאָפּ, אַן דער קוטשמע, אַ צעבראָכענע, אַ צעשמעטערטע קרוין. אויף זיינע נאַקעדיקע פּלייצעס, אַן דעם פוטער, האָט הימל געגאָסן טויאיקע פייכטקייט. עפּעס אַ רוסישע פּראָסטיטוטקע איז צוגעקומען צום טאַטן זייער נאָענט און האָט אים געקושט די ליפּן מיט אַ קאַלטן, געפרוירענעם קוש. אַ מאַן האָט אים שאַרף און דורכדרינגענדיק אָנגעקוקט מיט אַ טייוולישן, אונמענטשלעכן בליק. אפשר איז עס געווען אַנדרעעוו, אַהיימגייענדיק באַגינען פון קרעטשמע אַ ווייַנענדיקער? אפשר האָט גאָרקי געשפּאַנט אַ שיכורער? אפשר איז עס געווען טשעכאָוו, שווער כריפּנדיק און הוסטנדיק שווינדזוכטיק? צי גאָר דער מעכטיקער טאָלסטאָי איז דאָ אַדורכגעגאַנגען מיט וויסטע ווערטער אין מויל און מיט ווונדן אין ברייטן, ריזיקן האַרצן?...

מיין טאַטע האָט יענעם באַגינען אַן ווערטער זיך געגעבן אַזאַ זאָג ווי אַ נדר נישט מער צו שפּילן אין קיין קאָרטן. די לבנה, פאַרן צערונען ווערן ווי בלייענע מילך אויפן הימל, איז געווען אַן עדות. און, מיין טאַטע האָט געהאַלטן דאָס אייזערנע וואָרט...

מיין טאַטע האָט אויסגעשפּיגן אינם דיקן, רוסישן שניי, אינם לעוויטאַנישן שניי, אין אַדעס, ביים שוואַרצן ים, ביים פינצטערן ים ווי טינט פון מיין טינטער — און, ווען ער האָט אַ קוק געטאָן, האָט ער געזען אַ שטיק שוואַרץ, פאַרגליווערט בלוט אויפן שניי... ער האָט ערגעץ ביי אַ וואַנט פון אַ טומאה משתין געווען און ער האָט געזען ווי ער איז משתין מיט בלוט... זיין השתנה איז פאַרוואַנדלט געוואָרן צו בלוט... — — —

דאָס איז געווען מיין טאַטנס אַ טיפע איבערלעבעניש, וואָס האָט אין די פריע טעג פון זיין לעבן געהאָלפן צו פאָרמירן זיין כאַראַקטער פון אָפּגעהיטנקייט און אַבסטינענץ וואָס שייך קאָרטן, פרויען און יעדער מין פאַרשווענדעריי...

## איך ווער געוואויר פון מיין טאַטן

נאָך זעקס וואָכן בין איך אַהיימגעקומען פון פולאַווי קיין סאָסנאָוו. ווי נאָר איך בין אַהיינגעקומען, האָב איך דערזען אַז מיין טאַטע האָט זיך שטאַרק געעלטערט. ער איז ממש פלוצלינג ווייס געוואָרן אין דער באָרד, אין די האָר פון זיין קאָפּ, אין די וואָנסעס. איך האָב צום ערשטן מאָל אין מיין יינג

לעבן געזען ווי אַ מאַן האָט זיך געעלטערט ממש אין געציילטע וואָכן. איך בין דאָס ערשטע מאָל געוויר געוואָרן פון עלטער ווערן. אַז אַ מענטש קען זיך עלטערן. איך האָב אפשר צום ערשטן מאָל דערזען מיין טאַטן אין זיין אמת׳ן געשטאַלט. מיר זיינען זייער לאַנגע צייטן — קינד. פלוצלינג, אין איינעם אַ טאָג, ווערן מיר רייף. ווערן מיר טאַטנס זון. מיר דערזעען פלוצ־לינג אַ שטיק וועלט, אַ מאַסיוון פּענעץ מיט לעבנס־לאַנדשאַפט. מיר ווערן געוויר פון זאַכן פון וועלכע מיר האָבן קיינמאָל פריער גאָרנישט געטראַכט.

יאָ, איך האָב צום ערשטן מאָל בכלל אפשר דערזען דעם אייגענעם טאַטן אין זיין געשטאַלט. איך האָב דאָך אים בלויז געקענט פון זיין אייביקן שילטן, פון זיין צאָרן, פון זיין פינצטערער מרה־שחורה. אַז דער טאַטע האָט אויך אַ אידיש פּנים, אַ אידיש געשטאַלט, אַ מענטשלעך, פּשוט און אַ טרויעריק אויסזען, דאָס איז מיר קיינמאָל נישט איינגעפאַלן. קלאָר אַז פון קיין נחת איז דער טאַטע נישט „פלוצלינג״ אַלט געוואָרן. אין סך הכל האָט ער דע־מאָלט געמוזט זיין בלויז אַ יאָר פונפציק. עס איז אַן עלטער צו וועלכער איך, זיין יינגסטער זון, דערנענטער זיך איצט, אין די לעצטע טעג פון רעגנ־דיקן און שטראַלנדיקן חודש דעצעמבער פון יאָר 1956. און דאָך, כאָטש איך בין שוין מיד אין גייסט, האַלט איך זיך נישט פאַר קיין אַלטן איד. אָבער אין פוילן איז אַ איד פון אַרום אַ האַלבן יאָרהונדערט באַטראַכט געוואָרן שיעור נישט ווי פאַר אַ זקן. איך קוק אויף מיין טאַטן מיט דערשטוינונג. דערשטויבונג וואָס איך האָב אים ביזן דאַזיקן מאָמענט כמעט נישט געזען, נישט אָנגעקוקט, נישט אָבסערווירט. און איך טראַכט אַז אומבאַמערקט פאַר מיר אַליין איז ער אַנדערש געוואָרן, אַלט געוואָרן, עפּעס אַ גאָר אַנדערער איד געוואָרן. ממש ווייס געוואָרן ווי שניי אין אַ פוילישע ווינטערנאַכט. איך קוק אויף אים מיט ערשט־אַנטדעקונג. מיט דער מאָדנער סענסאַציע פון געוויר ווערעניש פון אַן אייגענעם טאַטן. ווער אייגנטלעך איז ער? פונוואַנען קומט ער צו מיר? ווער האָט מיך געבראַכט צו אים? ווער האָט מיך איינ־געטונקען אין דעם גיפט און גאַל פון זיין שיקזאַל? ווי אַזוי האָבן מיר זיך עפּעס אין דער אומגעהויער־לאַנגער קייט פון דורות „צוזאַמענגעטראָפן״? איך מיין: ווי אַזוי האָט שיקזאַל אונדז אַלעמען פאַרייניקט און געפונען: איך, ער, מיין מאַמע, מיינע ברידער און מיינע שוועסטערן? ווי אַזוי האָבן מיר זיך ווידערגעפונען? וואָרים עס איז פאַר מיר קלאָר אַז מיר זיינען שוין גע־ווען אין צייט צוזאַמען זיבנט מיליאָנען און מיליאַסן יאָרן אַן. איך קען דאָך שוין מיין טאַטן טויזנטער, מיליאָנען און ביליאָנען יאָרן. שוין אין דעם צושטאַנד פון גאַז, ווען די ערד איז נאָך געווען פליסנדיקע נעבולאַ, אַן אומ־געהויערע מאַסע פון שטיקנדיקע גאַזן אין קאָסמאָס, זיינען מיר שוין געווען צוזאַמען אינם פּלאַן פון גאָט. איך, דער טאַטע און די מאַמע און די ברידער מיט די שוועסטערן. די גאַנצע פאַמיליע פון מאַן און ווייב מיט זייערע פערצן

קינדער. און דאָ, אויף אַ פּינטל פון אומענדלעכער צייט, האָבן מיר זיך צוזאַ־מענגעטראָפן, פּונקט ווי דער פייערדיקער און פאַנטאַזיעפולער גייסט פון עוואָלוציע האָט אונדז פאַרטראַכט. מיר זיינען דאָ. מיר האָבן זיך געפונען. מיר זיינען. מיר האָבן אַרויסגעשטעקט די מיט פייער־אָפּגעצוואָגענע קעפּ פון מעשה בראשית׳דיקע, פלאַקערנדיקע און קאָכנדיקע ימים. מיר האָבן זיך אָנגענומען ביי די הענט, פאַרגאָסענע מיטן אַש פון גאָט׳ס פייערדיקן וואָרט. און מיר לעבן אַלע אין איין צייט, אויף איין פּלאַנעט, אַפילו אין איין דערפל: אין סאָסנאָווו, אין דער מדינה פון קרויננפּוילן, ווו אידן לעבן שוין גאַנצע טויזנט יאָר...

איך קוק אין געהיים אויף מיין טאַטן. ערשט איצט בין איך פון אים געוויר געוואָרן. ווער האָט אים באַשטימט צו זיין מיין טאַטע? וועלכע זיינען געווען זיינע וויטע זיידעס, זיינע גראַציעזע באָבעס, באַהאַנגענע מיט אַלטפרענקיש־בליציקער צירונג? וואָס האָט אים געטריבן צו זיין מיין טאַטע? איז עס בלויז אַ צופאַל? איינע פון די טריליאָנען צופאַלן אין דער אומגע־הייערער עוואָלוציע פון קאָסמאָס און פון מענטש אויף דער ווולקאַניש־הייסער ערד? האָט בלויז יענע נאַכט פון בליץ, געדונער און געשלעכט־לעכן הונגער געהאַט אַ צופעליקן כאַראַקטער? פאַרוואָס בין איך געוואָרן זיין זון? וואָס, וועלכער כוח אין צייט און אין וועלט האָט אונדז אויף תמיד צוזאַמענגעבראַכט און אויף אייביק פאַרקניפּט אונטער איין דאַך פון אַ כאַטקע, אונטער איין דאַך פון הימל, אונטער איין דאַך פון שיקזאַל?!

ווען מען רייסט אויס אַ בוים פון דער ערד, זעט מען ווי אין זיין פינצטערן וואָרצל וואָרצלען אַ וועלט מיט וועלדער. זיינען די קינדפּטיקע בוימער פון זיין געדיכטן און נאַכטיש־פינצטערן קאָרזשן צופעליק דאָ פאַרזאַמלט? צי האַלט אויך דאָס אויג פון השגחה איר בליציקן בליק אָפן צו זיין בוימערשע וועלט, צייט און צוקונפט?

דאָס גרינגע, זיידענע גראָז האָט געשמעקט. וואונדערלעכע ריחות גייען אויף פון די פעלדער מיט קאָנטשיניע. אַ פרוי גייט באַרפוס אויפן וועג. אין אירע גרויע, ליימיקע הענט האַלט די פויערטע אירע אַלטע, אויסגע־טרעטנטע שיך. עס איז איר אַ שאָד צו טראָגן אויפן וועג די ווי שטיין־אויסגעטרוקנטע כאָדאַקעס אירע. איך זע אירע שיינע פיס. האָט מיין מאַמע אויך אַזעלכע שיינע פיס? מיינע שוועסטערן האָבן. יעדער יינגע פרוי, אורטייל איך נישט קלאָר, האָט שיינע פיס און שיינע הענט און אַ שיין פּנים. מיין טאַטנס פיס האָב איך זעלטן געזען. דער טאַטע טראָגט פינצטערע אָניצעס (שמאַטעס) אויף די פיס, וועלכע בלוטיקן. מען טראָגט שטיקלעך ברודיקע שטאָף אויף די פיס. די שיך זיינען געלעכערטע. רעגן און שניי גייט אַריין אין די שיך פראַנק און פריי. ביינאַכט שטעלט די מאַמע אַרויף

אויפן אויוון דעם טאַטנס שטיוול. זיי באַקן זיך און זיי שטינקען מיטן פערד'ס היימישע לעדער. מיטן פערד'ס צער. מיטן פערד'ס לעבן און שטאַרבן. דער טאַטע עפנט אויף די אָניצעס און איך זע אָפּטמאָל אַז זיינע ביינערדיקע פיס בלוטיקן פון גיין מיילנווייט איבער פוילישע דערפער, כדי צו כאַפּן אַ פויער וואָס קויפט קוים־מיט־צרות אַ זייגערל...

פוילישע פויערן קאָשען דאָס צייטיקע גראָז אויף די פעלדער. אין די סעדער שוועלן די פּרוכטן. די פּשוטע, ערדיקע צווייגן הענגען שווערע און באַלאָדענע אַראָפּ צו דער ערד, נידעריקע צו דער מוטער ערד'ס בויך. גאָט'ס הערלעכע שפע שטראַלט אין די פּשוטע פּירות. פון אויפגעשניטענע באַרנעס רינט זיסער, גאָלדיקער זאַפט. די בראָנדזענע בינען טאַנצן אַרום און זשומען צווישן צייטיקע מאַלינע־קרזשאַקעס און געלע בלומען, פולע מיטן גאָלד פון זייער נעקטאַר. אַלץ בליט און פלאַמט, צייטיקט און רייפט מיט גאָט'ס מעכטיקער שפע און שעפערישקייט. שווערע, האַרטע עפּל פאַלן אויף דיין קינדערשן קעפּל, זיי באָמבאַרדירן דיך פריינטלעך פון דער נאָענטער הויך. אַלץ איז יינג און רייך צעבליט און צעפלאַקערט. נאָר דער טאַטע, דערזעסטו פּלוצלינג אין אַ מאָמענט פון דיין אינגלשן לעבן, איז עפּעס אַלט געוואָרן. שווער און מיד איז ער געוואָרן מיט דער לאַסט פון לעבן. און דער דיכטער, דער פילאָסאָף אין דיר, שטראַלט אויף. דו ווילסט וויסן ווער עס איז דיין טאַטע. פון וואַנען קומט ער? ווער זיינען געווען זיינע אור־עלטערן? אפשר גאָר ווערסטו זוכן ידיעות ביי גרעצן און ביי דובנאָוון? עס שטייט ביי אונדז אינם ספרים־אַלמער אַ ראַמש מיט די ווערק פון גרעצן. דאָרטן, אין די גרויסע, געפּינטלטע אותיות, מוז זיין געשריבן וועגן מיין טאַטנס געשיכטע. וועגן דער מעכטיקער און אייביקער קייט פון זיינע גרייז־גרויע זיידעס און באָבעס. עס איז אַלץ איין און איינציקער, אומגע־הויערער, לאַנגער וועג, איין היסטאָרישער וועג, וואָס ציט זיך פון אונדזערע טייערע און הייליקע אבות אָן, פון די געוואַלטיקע פּאַטריאַרכן מיט פלאַמיקע בערד פון אונדזער פאָלק, פון די הערלעכע אימהות, וועמענס ליבשאַפט און וועמענס יאָמער עס גרייכט ביז צו די שטערן. עס ציט זיך פון אָדמ'ען און פון חוה'ן אָן. עס ציט זיך פון משה רבינו און פון אהרן הכהן אָן. ציט זיך פון די פייערדיקע נביאים אָן און פון רמב"ם און פון דון יצחק אַברבנאל — ביזן הייליקן בעל שם טוב און ר' נחמן בראַסלאַווער, און אַזוי אומענדלעך ווייטער, אין די האָריזאָנטן פון דער גרויסער צוקונפט...

* * *

איך פאַרש שטילערהייט דעם טאַטן. איך פאַרש און איך קוק־אַריין מיט אַ מיליאָן טעלעסקאָפּן אין זיינע אויגן, אין זיין לייב און נפש, אין זיין געביין. מיר דאַכט זיך אַז אויף זיין שטערן איז איינגעקריצט די גרויסע

און העלדישע געשיכטע פון אונדזער אַלטן, אוראַלטן, שיקזאַליקן פאָלק. דורכן טאַטן גיי איך טיף אַריין אין דער מענטשלעכער היסטאָריע. אין די בלוטיקע טייכן פון דער אידישער געשיכטע. מיין טאַטנס געשטאַלט איז אַן אָנגעצונדענער זייל פון אידישע דראַמע. עס ווערט צו מיר אַ פאָוסט־געשטאַלט. צו אַ פייערדיקן איוב־זייל. צו אַ מענטש וואָס שטייט אויף דער אוראַלטער ערד און זיין קאָפּ שטעקט אין די מורא׳דיקע וואָלקנס און אין שטורעמדיקן אָצעאַן פון הימל. איך וויל דורכן טאַטנס דורכזיכטיק געשטאַלט, ווי דורך אַ טעלעסקאָפּ, דערזען דעם רבונו של עולם. דערגיין צו דעם זין און באַדייטונג פון אַלע זאַכן. איך טראַכט און איך פאָרש דורך מיין טאַטן — זיין טאַטן, זיין עלטער־זיידן, זיין עלטער־עלטער זיידן. דאָס זעכצענטע און דאָס זיבעצענטע און דאָס אַכטצענטע יאָרהונדערט גייען אויף. אָט איז נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט. מיין אוראורעלטערזיידע האָט אַוודאי געמוזט ליידן פון נאַפּאָלעאָנס מלחמות. איך זוך אַריינצונעמען אין מיר, אין מיין בלוט, דעם אימפּעראַטאָר׳ס בלוטיק געשטאַלט. דורך מיין אוראורעלטער־זיידענס אוראַלטע אויגן זע איך ווי ער רייט שטאָלצערהייט צוריק פון אַ שלאַכטפעלד וואָס איז שטורמיש פאַרגאָסן געוואָרן פונם בלוט פון מענטש און פון זון־אונטערגאַנג. אָט זיינען שפּינאָזאַ, אוריאל אַקאָסטאַ, ר׳ מנשה בן ישראל, רוסאָ און וואָלטער. זיי שטראַלן אַזוי לעבעדיק צו מיר. מיט מיין עלטער־עלטער־זיידנס חושים נעם איך אין זיך אַריין די גאַנצע אוראַלטע און די מאָדערנע מענטשלעכע געשיכטע. אַ יאָרטויזנט ווערט פלוצלינג פאַר מיר קליין: איין מעכטיקע כוואַליע אין אָצעאַן פון צייט. אַפילו נאַפּאָלעאָן איז שוין צו אַקטועל, צו לעבעדיק. איך זע שוין איצט עמוס און ישעיהו הנביא. איך זע דעם ריזיקן, דיקן און געשוואָלענעם נבוכדנאצר און זיין זון בלטשאַצר אַ טויט־שיכורן און באַזויפּענעם מיט פּינקלענדיקן וויין און מיט מאַכט. איך זע ווי פון דעם פינצטערן און פייערדיקן אור־כאַאָס גייט אַרויס אַן אייזערנע האַנט און זי שרייבט אָן אויף אַ קאַלעכדיקער וואַנט די מוראדיקע אורשריפט: דעם מעכטיקן משפט איבער די ערדישע קעניגן און איבער זייערע בלוטיקע פאַרברעכנס. איך זע דוד המלך און דעם פערסישן קיסר כורש. איך זע שלמה המלך און איך זע דעם פינצטערן און דעם קאָלאָסאַלן שאָטן פונם אַשמדאי, ווי ער פאַרשטעלט מיט זיין פינצטערניש, מיטן שאָטן פון זיינע פינצטערע פליגל, אַ האַלבע וועלט, ווי אַן אומגע־הייערע שטיק פינצטערע נאַכט. איך זע אין אַ וויזיע גאָר די געוואַלטיקע געשיכטע פון מיין פאָלק.

כאָטש מיין טאַטע איז נישט קיין טיף־גלויביקער איד, אַזאַ ווי מיינע ווייטע זיידעס זיינען מסתמא געוועזן, דאָך קלעפּט זיך אויף אים פעסט דאָס פייער און דאָס ליים פון אונדזער מעכטיקער אידישער טראַדיציע.

איך זע די אידן, מיינע זיידעס, וואָס האָבן פייערדיק געגלויבט. זיי לויכטן אויף ווי געוואָלטיקע זיילן אויף די צעלויכטענע מזרח־ווענט פון אידישע שוהלן און בתי־מדרשים. איך הער זייער אויפציטערנדיקער קרעכץ צו גאָט. זייער געשריי ממעמקים און דאָס פייער פון זייער רירנדיקער תפילה. זייער אומגע־הייערער גלויבן. זייער געוואָלטיקער עקסטאַז. איז דאָס מעגלעך אַז די דאָזיקע שטאָלצע אידן, שטייגנדיק מיט זייערע צעשויבערטע און מעכטיקע קעפּ ווי די גאָלדיקע טורעמס פון פייער גלייך אין די הימלען אַריין, האָבן טאַקע נישט געוווסט דעם אַבסאָלוטן אמת? אַז זיי זיינען געווען אין אַ מוראדיקן טעות בנוגע גאָט? אַז זיי האָבן געלעבט אין בלויזער איינרעדעניש? אַז זיי זיינען נישט געווען אַבסאָלוט זיכער אַז עס לעבט אַ גאָט אין די הימלען? און נישט אַזוי גלאַט אַן אוניווערסאַלער, אַלפּעלקערלעכער גאָט — נאָר טאַקע און בלויז אַ אידישער גאָט, מיט אַ אידיש האַרץ, מיט אַ טרויעריק אידיש געמיט, מיט אידישע אויגן, מיט אידיש לשון אויף זיין אייזערנער צונג, און מיטן אידיש בלוט אין זיינע אָדערן און אידישקייט אין גאָר זיין געביין?! ווארים גלאַט אַזוי אַ קאָסמישער גאָט אין די הימלען שמעקט נישט מיט אידישקייט. ער קען זיין קאַלט צו אידן. אַ גאָט אָן ליבשאַפט צו אידן איז אונדז פרעמד. גאָט מוז זיין פאַר אונדז אידיש־געמל'ט, אַזוי ווי יעדער איד פון אברהם אָבינו אָן. גאָט מוז זיין אַ איד. ווארים ווען אַנדערש, איז ער נישט קיין אידישער גאָט. נישט קיין גאָט פון אידן און פאַר אידן. אויב גאָט איז נישט קיין איד, האָט אונדזער גאַנצע אידישע עקזיסטענץ נישט קיין זין און נישט קיין קיום. דו קוקסט אַריין אין באַגינען אין די מורא'דיקע הימלען און דו ווילסט דאָרטן זען נאָר אַ אידישן גאָט. מיט אַ געטלעך־אידיש האַרץ. נאָר אַזאַ גאָט פאַרשטייט אַ איד.

יאָ, איז דאָס אַלץ בלויז געווען אַ פוסטע אויסדאַכטעניש? בלויז אַ ריזיקע געביידע פון אומגעהויערן גלויבן, וואָס דורות נאָך דורות האָבן אויפ־געשטעלט מיט פייער און מיט בלוט און האָבן דעריין אַריינגעקנאָטן זייערע קנאָכנס, ווי די אידן אין מצרים האָבן אַריינגעקנאָטן זייערע לעבעדיקע קינדער אין די פּאַלאַצישע מויערן...

קוקנדיק אויף מיין טאַטן האָב איך זיך געוואָלט דערגרונטעווען צו די טיפסטע סודות וואָס האָבן געמאַטערט מיין יונגן מוח. איך האָב זיך געוואָלט נורטעווען און זיך דערביון צו די טיפסטע וועלדער פון גלויבן און צווייפל. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז מיין טאַטע שטייט ווי אַ לעבעדיקער לייכט־טורעם אויפן צעשטורעמטן ים פון מיין לעבן. אַז אין אים קען איך זיך פעסט אָנגעטרויען. אַז ער ווייסט דעם באַשייד צו אַלע גרונטיקע פראַגן פון לעבן, פון טויט, פון דער אידישער געשיכטע, פון דורות־לאַנגן אידישן מאַרטירערטום און פון גאָט...

ביינאַכט זיץ איך ביים קליינעם קאַגאַניץ און איך פאָרש אין די ספרים פון גרעצ'ן און דובנאָוו'ן. עס האָט מיך פּלוצלינג אָנגעכאַפּט אַ ווילדער און אַ מוראדיקער הונגער נאָך געשיכטע, נאָך אידישע היסטאָריע. איך שלינג די ברייטע, געדיכטע און עפּישע בלעטער. איך וויל אַריינגעמען אין זיך גאָר דעם געוואַלטיקן שלל ידיעות וועגן די אידן. אפשר שטאַמט אָפּ מיין אייגענע משפחה פון די אידן פון שפּאַניען? איך געדענק „מיינע" וואַנדערונגען דורך טערקיי, דורך גריכנלאַנד, דורך האָלאַנד און דורך ענגלאַנד. איך געדענק שטורעמדיקע ימים און פייערשפּייענדיקע בערג. איך געדענק קעניגן און סולטאַנען, מיניסטאָרן און וויזירן. אין מיין משפּחה גייט אַרום אַ לויכטנדיקע לעגענדע אַז מיר שטאַמען אָפּ פון הויז פון דוד המלך. אויב אַזוי בין איך דאָך אַ פּרינץ. מיין טאַטע איז אַ פּרינץ לבית־דוד. עס איז אַ גאָלדענע, קעניגלעכע קייט. מיר ציען אונדזער יחוס אַזש פונם גרויסאַרטיקן דון יצחק אַברבנאל. איך האָב אין מיינע אָדערן קעניגלעך בלוט. אויף מיין טאַטנס גרייז־גרויען קאָפּ זעען זיך אָן די צייכנס פון אַ גינגאָלדענע קרוין. איך האָב שוין געזען די הערלעכע קרוין אין חלום. דער טאַטע האָט זי פעסט געטראָגן אויף זיין קאָפּ. איך האָב זי שוין געהאַט אפילו אָנגעמאָסטן אויף מיין קרוינפּרינצישן קאָפּ. איינער, אַ געלב אידל, האָט זי מיר אין שפּאַס אַרויפגעזעצט אויפן קאָפּ. מיין קליין קעפּל האָט מער נישט געקענט אויס־טאָן די קרוין. דאָס געלע אידל מיטן געלן לבנה־וואַקסענעם בערדל האָט זיך ממש צעוויינט פון שרעק. וואָס מער ער האָט געוויינט, אַלץ מער האָב איך געלאַכט. וואָרים די קרוין האָט מיר וויל געפּאַסט צום קעפּל מיינעם. אירע גיגאַנטישע דיאַדעמען זיינען געווען ווי בליצן פון הימל. אירע ריזיקע בריליאַנטן אַזוי ווי זונען פון פייער. איר בליציק ליכט ווי אַ גרויסאַרטיקער זון־פאַרגאַנג. קאָוואַליעס האָבן מיט מעכטיקע האַמערס געשמידט איר מאַ־סיוון וואַלד מיט גאָלד. דאָס אידל האָט געוויינט פאַר אַנגסט. און איך האָב דאָס דאָזיקע געלע אידל ממש דערקענט פון אַלע יאָרן פון מיין קינדהייט...

עס איז מיר אגב קלאָר: ס'איז יעדער איד אַ קרוינפּרינץ... אַלע אידן שטאַמען אָפּ פון קעניגן... און עס איז דאָס סאַמע קעניגלעכסטע פאָלק צווישן די פעלקער... יעדן איינעם איד פּאַסט וויל אַ קרוין אויף זיין יסורימדיקן קאָפּ...

שוין אין נאָלענצאָף, ווו מיר האָבן פאַרבראַכט אין די ערשטע מלחמה־יאָרן, פלעגט אָפּט קומען צו אונדז דאָס געלע אידל. מיט אַ געלער באָרד אַזוי ווי וואַקס. מיט גרוילעכע האָר אויף זיין קופּערנעם קאָפּ. מיטן הייסן גלי פון מיסטיק און מיסטעריע אין זיינע אָנגעצונדענע אויגן. דאָס אידל איז יעדעס מאָל אַריינגעפאַלן ווי אַ רויטער בליץ. און איינמאָל האָט ער מיר געזאָגט אַזוי ווי אַ סוד אין אויער:

— דו ביסט אַ פּרינץ! קום, איך וועל דיר ווייזן אַ קיסר!
עס איז געווען האַרבסט־צייט. מיר זיינען שיכורע געגאַנגען דורך ווילד־שטיקער נאַטור פון נאַלענצאָף. אין גרויסן פּאַרק פון נאַלענצאָף, די פּאַלאַצן פון פּוילישע גראַפן זיינען געשטאַנען פאַרלאָזענע. בלויז אין אַן איינזאַמער אַלייע, ביי אַ שטייענדיקן, פאַרזשאַווערטן טייך, וועמענס מילך־ווייסע שוואַנען איך ווייס נאָך ביז היינט צו טאָג נישט צי זיי זיינען געווען פון מעטאַל אָדער לעבעדיקע, פון גאָט׳ס בלוט און פלייש — האָט אַרומגעשפּאַצירט אַ מאַן וואָס דאָס אידל האָט מיר געזאָגט אַז ער איז אַ שרייבער. ער הייסט: זשע־ראָמסקי. ער שרייבט אַ ראָמאַן וואָס הייסט: „ערב־פרילינג". איך האָב נאָכ־געקוקט דעם גרויסן שרייבער מיט גרויס באַוואונדערונג. אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט דער פּען, האָט ביי מיר שטענדיק אַרויסגערופן יראת הכבוד און עקסטאַז. יאָרן שפּעטער וועל איך לייענען די ווערק פון דעם אומשטערב־לעכן זשעראָמסקי. דאָ גייט ער שפּאַצירן מיט זיין אינגאַל, וואָס וועט פריערהייט שטאַרבן. זשעראָמסקי וועט דאָ קומען יעדן זומער. צום קבר פון זיין זון...
איך קוק נאָך דעם איינזאַמען מאַן. עס גייט פּוילנס אַ נביא אויפן פלאַמיקן פעלד פון האַרבסט...
דאָס אידל מיט דער רויטער באָרד פירט מיך צו צו אַ פּאָמניק ביים וואַסער. אין מאַסיוון שטיין שטייט אויף אַ ברייטן פּיעדעסטאַל דאָס געשטאַלט פון אַ קעניג. אויף זיין קאָפּ — אַ ריזיקע, שווערע קרוין. אין זיינע אויגן גליען טרערן. אין זיין רעכטער האַנט שטעקט אַ שווערט. אין זיין לינקער האַנט בליצט אַ סצעפּטער. אַרום עפנט זיך אויף זיין קעניגרייך — דער אומגעהויערער רוים. די אימפּעריע פון קאָסמאָס.
— דו ביסט זיין זון! — זאָגט צו מיר דער מאָדנער און געהיימניס־פולער איד פון נאַלענצאָף.
שפּעטער מיט יאָרן איז צו אונדז אין סאָסנאָוו ווידער געקומען עפּעס אַ מאָדנער איד, וואָס האָט אַ סך גערעדט און אַ סך געשוויגן. דערזעענדיק מיך, האָט ער געזאָגט אַז ער גייט מיך מיטנעמען ערגעץ־ווו... איך האָב זיך דערשראָקן און געפרייט. מיר האָט זיך געדאַכט אַז ער איז געקומען אין עפּעס אַ געוואַלטיקער שליחות... אַז ער רעפּרעזענטירט עפּעס אַ וויטן אידישן לאַנד. דער איד איז ענלעך געווען צו דוד הראובני, וועגן וועמען כ׳האָב שוין געהאַט געלייענט ביים היסטאָריקער גרעץ. דער איד האָט ווונ־דערשיין גערעדט. ער האָט געהאַט פאַנטאַזיע. ער האָט גערעדט פון קעניגן. דער איד איז מיך מכלומרשט געקומען נעמען אין אַ פאַנטאַסטישן לאַנד אַריין. איך וועל הערשן איבער דעם דאָזיקן לאַנד. איך האָב שוין ממש געזען די ריזיקע קרוין מיט בליציקע שטערן. ר׳ שימעלע פון נאַלענצאָף האָט מיר געוויזן די קרוין אויפן קאָפּ פונם שטיינערנעם קעניג. (ער איז בלויז אויף

אַ ווײלע געשלאָפֿן מיט זײַן שטײנערנעם שלאָף, דער קיסר. באַלד וועט ער דערוואַכן... און זײַנע אויגן וועלן שטראַלן מיט גאָט'ס הערלעכער חכמה.) און דער דאָזיקער איד דאָ איז אַ שליח. דער קיסר איז געשטאָרבן. דער שליח איז געקומען מיך נעמען צו זײַן מלוכה. ער איז געקומען מיך צו זאַלבן אַלס קעניג. וואָרים מײַן טאַטע שטאַמט פֿעסט און באַשטימט פֿונם בית דוד...

און אײנמאָל, אַן ערך אַ פּאָר יאָר שפּעטער, איז צו אונדז אין הויז אַרײַן געקומען אײנער נחמה'לע פֿון גאָרע. אויך אַ רויט אידעלע מיט אַ האָניק־ברוינעם פּנימל. ער האָט זײער פֿיל און זײער שנעל גערעדט. האָט געטרונקען יעדעס מאָל גאַנצע אַכטצען גלעזער הײסע, געצוקערטע טײ. זײַן מוח האָט געברענט. און איך האָב אים אויך אָנגענומען אַלס אַ שליח פֿון אַ קעניגרײַך. זײ קומען אַוודאי אויסקוקן זײער צוקונפֿטיקן קיסר... איך האָב זיך געזעצט אין אַ פֿינצטערן ווינקעלע און איך האָב זיך געהאַלטן ווירדיק, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ קיסר... ר' נחמה'לע האָט טאַקע דערציילט מעשׂות פֿון קיסרים. ער איז געווען אַ צערודערטער נעבעך... עס זײַנען אים אין אַן עפּידעמיע אָפּגעשטאָרבן דאָס ווײַב נעבעלע מיט פֿינף דערוואקסענע טעכטער... איז ר' נחמה'לע צערודערט געוואָרן... ער האָט כּל־ימיו גערעדט פֿון גרויסע געשעפֿטן, פֿון ווײַטער נסיעות. פֿון אויפֿבויען אין פֿולאַוו אַ גרויסע הויז מיט הײסע שוויץ־בעדער...

די פּאָעזיע פֿון אָט די פֿאַנטאַסטישע נחמה'לעך איז מיר אַרײַן אין האַרצן. עס איז פֿאַר מיר געווען אַלץ אײנער און דערזעלבער מאָדנער איד... אידן אָרעמע, קראַנקע, הוסטנדיקע און פֿאַרשאָלטענע. נאָר געבענטשט פֿון גאָט מיט צעהיצטער פֿאַנטאַזיע. מיט אָנגעצונדענע רײד. דאָס זײַנען געווען די לויזע פּאָעטן פֿון שטעטל. זײ האָבן קײן לידער נישט געשריבן. (וואָרים פּאַפּיר און טינט איז געווען אַ טײַערע זאַך פֿאַר זײַערע קבצנישע קעשענעס.) זײ האָבן אָבער געלעבט דיכטונג. אין זײ איז אַרײַן דאָס משוגעת און די מעלאַנכאָליע פֿון דעם אײנזאַמען קעניג שאול. די גראַנדיעזע דיכטונג פֿון דוד המלך. די חכמה פֿון קעניג שלמה. דאָס זײַנען געווען אידן־דיכטער, וואָס האָבן דאָס רוב נישט געהאַט קײן פּרנסה. וואָס האָבן געלעבט פֿון נדבות. וואָס האָבן אָפּגעהונגערט גאַנצע טעג און זיך דערנערט מיט אַ שטיקל ווײַסן צוקער, אַ גלעזעלע ברוינע טײ און אַ זיס קיכעלע בײַם פֿרעמדן, קאַלטן טיש... כּבֿוד און אײביק־געדענקעניש צו די דאָזיקע הערלאָיש־אָנגעצונדענע אידן...

* * *

שטענדיק, אַז איך גײ אונטער אַ פֿרישן, זומערדיקן רעגן שפּאַצירן ערגעץ אויף אַ פֿעלד, גײען אַרויס פֿון דער ווײכער ערד מאָדנע, פֿאַנטאַס־

טישע אידן, מיט האַניק־ברוינע בערד. און זיי רעדן צו מיר אויף אַלערליי שפּראַכעניש׳ן. אָט איז דוד הראובני. אָט איז דער פלאַקערנדיקער שלמה מולכו. אָדער שבתי צבי מיטן געלן פאַרמעטענעם פּנים. דאָס זיינען די אידן פון די היסטאָרישע בלעטער פון פּראָפעסאָר צבי גרעץ, מיט וועלכן איך האָב זיך אָנגעלייענט נאָך אַלס קליין אינגל...

פון צייט צו צייט טוט אַ לויכט אויף אין מיר די לעגענדע אַז מיין טאַטע שטאַמט פונם קעניגלעכן הויז פון דוד המלך... אַ מאָדנע, אַ הערלעכע לעגענדע, וואָס איז אַריין אין מיין אינגלשן מוח און אין מיין האַרצן און מאַכט מיך אָפּטמאָל אומעטיק און פאַרקלערט...

ווען איך טראַכט וועגן מיין טאַטן, דערמאָן איך זיך וועגן איין הויפּט־שטריך אין זיין כאַראַקטער — ערלעכקייט. ער איז געווען אַבסאָלוט ערלעך. טראָצדעם וואָס ער איז געווען אַ שלעכטער מענטש צו זיין פאַמיליע, אַ ביטערער מאַן און פאָטער — איז ער אָבער אין זיין באַציונג צו דער וועלט און צו פרעמדע מענטשן געווען אומגעוויינלעך ערלעך. זיין ערלעכקייט איז געווען אַן אומקאָמפּראָמיסלעכע. די ערלעכקייט ממש פון אַ נביא. פון אַן עמוס, ירמיהו צי ישעיהו. די ערלעכקייט פון אַ רוסאָ און אַ טאָראָ. פון אַ פּאַסקאַל און גראַף טאָלסטאָי.

אין די יאָרן ווען מיר ווערן רייף, ווען מיר הייבן אָן אַריינצוגיין אינם לעבן, ווען מיר געפינען זיך אינמיטן פון אַ וועלט פון אומערלעכקייט — ערשט דעמאָלט לערנען מיר צו שעצן דעם כאַראַקטער פונם טאַטן. ער האָט געהאַט אומגעהויער מער מוט פאַר אונדז. זיין דעוויז, זיין אייזערנער מאָטאָ איז געווען: — בלייב ערלעך אונטער אַלע אומשטענדן! זיי ערלעך טאָג און נאַכט. גיי אין דער וועלט אַריין מיטן קאָמפּאַס פון ערלעכקייט אין דיין לעבן. דו וועסט בלאָנדזשען אין די דזשאָנגלדיקע פינצטערנישן פון לעבן. אָבער דיין מאָראַל וועט דיך גאַנץ און פעסט האַלטן און דיך צוריק אַרויספירן אויף דער פריי, אין גאָט׳ס גרויסן און העלן דרויסן...

ווי אומגעהויער שווער עס איז צו זיין אַבסאָלוט ערלעך! מיטן מאָמענט ווען איך האָב, צום ביישפּיל, אָנגעהויבן צו שרייבן ליטעראַטור־קריטיק, האָב איך וואָסאַמאָל מער איינגעזען ווי שווער עס איז צו פאַרבלייבן ערלעך. ערלעך מיטן מענטש. ערלעך מיט זיך אַליין. ערלעך מיט גאָט. צו פאַרבלייבן אַבסאָלוט מענטשלעך־ערלעך אונטער אַלע אומשטענדן! — מיר דאַכט זיך אַז דאָס איז אַן איבערמענטשלעכע אונטערנעמונג. אַ קאָלאָסאַלער כאַראַקטער און ווילן און אייזערנע פעסטקייט פאָדערט דאָס פונם מין מענטש. בלויז די נביאים האָבן באַזעסן אַזאַ ברענענדיקן הונגער צום אמת און אַזאַ פייער־דיקן דאָרשט צו גערעכטיקייט. בלויז זיי האָבן געקענט דורכגיין אַלע פייערן פון גיהנום און בלייבן ריינע, קרישטאָלענע מענטשן.

עס איז זייער לייכט קאָרומפּירט צו ווערן. עס איז גרינג צו ווערן אָפּגעקויפט. נישט אַלעמאָל דווקא מיט געלט און דורך גאָלד. מען קען ווערן אָפּגעקויפט דורך אַ גוטן וואָרט פון אַ פאַלשן פריינט. מיט אַ גלעזל טיי ביים טיש. מיט אַן איינלאַדונג אין אַ שיינעם הויז אַריין. מיט אַ שפּאַציר אין פרילינג איבער גרינענדיקע פעלדער. ווען אַ מענטש ווייזט דיר אַרויס אַ פונק פון ליבשאַפט, ביסטו שוין נישט גלייכגילטיק צו זיין ווערק. דו ביסט כסדר אין אַ ווירבלווינט פון סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס. דו געפינסט דיך שטענדיק אונטער געוויסע איינפלוסן, פון יענעמס שונאים און פריינט צום ביישפּיל, כאָטש דו גלויבסט באמת אַז דו ביסט אַבסאָלוט אומפּאַרטייאיש. דו ווערסט אָפּטמאָל באַווירקט דורך בריוו און דורך זייטיקע מיינונגען. דו ווילסט נישט טאָן עמעצן קיין שלעכטס. דו בויסט די ליטעראַטור מיט אברהם רייזענישער גוטסקייט. דיך שאָקירן די רשעות׳דיקע קריטיקער. דו נעמסט דיך אָן עמעצנס עוולה. דיר דאַכט זיך אַז דו האַלטסט מכלומרשט אַ פּייערדיקע שווערט אין דער האַנט און אַז דו קעמפסט פאַרן אמת.

אַזוי ווי פאַוסט וואָס האָט פאַרקויפט זיין נשמה צום טייוול פאַרן פּרייז פון פאַרגעניגן, אַזוי פאַרקויפסטו, ליטעראַטור־קריטיקער, דיין נשמה צו אַלערליי טייוולאָנים, מכלומרשט אונטערן דעק־מאַנטל פון פאַרשידענע טובות און געפעליקייטן: דו „מוזט״ כסדר שרייבן לויבאַרטיקלען און געבן רעקלאַמע. היינט צו אַ שאַרלאַטאַנישן און טאַלאַנטלאָזן רעדאַקטאָר, וואָס דרוקט דיינע ווערק. מאָרגן צום דערציילער וואָס לאַדט דיך איין צום געשמאַקן מיטאָג מיטן זיסן קאָמפּאָט און פינקלענדיקן כוס מיט וויין... דו קענסט דיר נישט העלפן און דו מוזט לויבן זיין „געניאַלן ווערק״... איבערמאָרגן: צום מאָלער וואָס עפנט אַן אויסשטעלונג פון זיינע בילדער און ער שענקט דיר אַ נאָך פייכטן און פעטן אויל־בילד... היינט: דעם קריטיקער וואָס האָט וועגן דיר געשריבן פריינטלעך: אים מוז מען אָפּדינען... מאָרגן: דעם פּאָעט וואָס שטאַרבט — אים מוז מען זיך איילן און באַזינגען אַ מינוט פאַרן טויט, כדי ער זאָל קומען אין גן עדן אַריין אַ צעפרידענער, אַ שמייכלענדיקער... מען מוז אים לויבן, כאָטש זיינע לידער זיינען וואַסערדיקע, געשריבן, אָנשטאָט מיט בלוט — מיט סאַכאַרינע־זיסע לעמאָנאַדע... איבערמאָרגן: דו ביסט געצוווּנגען צו שרייבן וועגן איינעם וואָס אַרבעט איבער דיר שוין יאָרן אַז דו זאָלסט וועגן אים שרייבן... אָט אַזוי זינקט מען מאָראַליש און מען פאַרניכטעט אומבּרחמנותדיק גאָט׳ס טאַלאַנט...

פון צייט צו צייט שטייט אויף אַ נייער נביא צווישן די שרייבער וואָס שרייט אויס מוטיק מכלומרשט: די ליטעראַטור איז קאָרומפּירט. די ליטעראַטור איז אַ קורווע. די ליטעראַטור האָט שעדלעכע איינפלוסן אויף דער געזעלשאַפט. דו גרענעצט דיך אָפּ פון יענעם געוואַגטן שרייבער. דו טייטשט עס

ריכטיק אויס אַז יענער שרייט פון ביטערניש און פון ווערן באַעוולה׳ט דורך זיינע צייט־חברים. ער נעמט נקמה פאַר פערזענלעכע קריוודעס. ער צעשליידערט דעם פּיעדעסטאַל פון דער גאַנצער נאַציאָנאַלער און אַפילו וועלט־ליטעראַטור. אָבער אַ לאַנגע צייט שפּעטער, אין איינזאַמקייט פון דיין מאַנסאַרדע, ווען דו זיצט אַ הויל־נאַקעטיקער ביים דעמבענעם שרייב־טיש, זעסטו פּלוצלינג איין אַז יענער „פאַלטשער נביא״ האָט אויסגעשריגן אין זיין עכטן, אמת׳ן ווייטיק עפּעס ריכטיקעס. אַז אַ שטיק אמת האָט זיך בלוטיק־און־בליציק דורכגעבראָכן דורך זיינע אַל־צו־מענטשלעכע ליפּן, לאָז זיין אַפילו פאַרווייטיקטע פון פערזענלעכן באַליידיקטן שטאָלץ און פון אייביקער גאַרעניש נאָך אָנזען, נאָך אַביסל באַלוינונג פאַר מי און מאַטערניש...

דאָס גרעסטע פּראָבלעם פונם מענטשלעכן כאַראַקטער: צו פאַרבלייבן ערלעך אונטער אַלע אומשטענדן! — אומגעפּער דאָס זיינען געווען מיין טאַטנס ווערטער. יאָרן שפּעטער פאַרטראַכטן מיר זיך איבער דעם טאַטנס אַ וואָרט, אַ שפּרוך, אַ פראַזע. גייענדיק אין די וועגן פון זיין לעבן און פון זיין שיקזאַל, קומען מיר אויף זיינע מחשבות און זיינע שטימונגען. מיט צייט קומען מיר אָן אין טאַטנס וועגן. אין טאַטנס היימישער סביבה. עס שיינט צו זיין אַז דער וועג פאַרן מענטש, אין זיין כאַראַקטער און שיקזאַל, איז דערזעלבער ווי דער וועג איז געווען פאַר זיינע פאָרגייערס: פאַר זיין פאָטער, זיידע, עלטער־זיידע און אורזיידע... אפשר איז דער וועג פון שיקזאַל גענוי אַזוי באַשטימט ווי די עליפּטישע וועגן פאַר די הימלישע קערפּערס אין רוים...

יאָ, די שווערסטע זאַך איז אָנצוהאַלטן כאַראַקטער און צו קעמפן אַנטקעגן יעדער מין אָפּאָרטוניזם. מיר דאַכט: בלויז די נביאים קענען פּרעטענדירן אויפן טראָן פון אַבסאָלוטער ערלעכקייט. בלויז זיי קענען שטיין בלייבן אַלס ביישפּילן פון געוואַלטיקע זיילן פייער. פון אַבסאָלוט־ריינעם און אומקאָמפּראָמיסלעכן כאַראַקטער. בלויז זייער גרויסע, איינצעלנע פערזענלעכקייטן אין דער ליטעראַטור האָבן דערגרייכט די כאַראַקטער־גרויסקייט פון די נביאים. מענער ווי דאַנטע און ווי ניטשע האָבן עס אפשר באַזעסן. אויך אפשר מענער ווי בייראָן און ווי שאָפּענהויער. אָבער, מיר טרעטן שוין אַריין אין געפערלעכע רעגיאָנען, אויף גרונט וואָס ברעכט און וואָס ברעקלט זיך, אַזוי ווי אייז־קריעס אין פרילינג אויף דער ווייכסל. מיר מוזן צוריקגיין צו אונדזער ערשטן זאָג: בלויז די נביאים האָבן אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען פון פייער. און בלויז די סאַמע העכסטע פון צווישן זיי. די סאַמע ריינסטע. די סאַמע ערלעכסטע.

אין ליטעראַטור־קריטיק, רעדנדיק וועגן אַ געביט אין וועלכן איך האָב אַליין היפּש געזינדיקט, און וואָס טוט מיר שטאַרק וויי, איז לייכט אַריינצופאַלן אין פעלערן וואָס זיינען אומפאַרגעבלעך וואָס שייך כאַראַקטער...

שוין פון דער ערשטער שורה פון אונדזער אַרבעט ווערן מיר געפאַנגען פון איינפלוסן, פאַקטאָרן און באַדינגונגען. מיר ווערן קאָרומפּירט פון אונדזערע אייגענע שרייבער־קאָלעגן, וועמענס דראַנג צו ווערן תמיד און טאָג־און־נאַכט גערימט און געלויבט אין אַן אומגעהויערער און אייביק־אומגעזעטיקטער... און קיין שום צוריקטריט איז נישטאָ. שטעלסטו אַ נעגאַטיווע שורה — וועסטו שוין דעם קרבן אַראָפּרייסן און צעשמעטערן. שטעלסטו אַ פּאָזיטיווע שורה — וועסטו שוין אינם גאַנצן אַרטיקל אָדער עסיי זוכן צו באַגרינדן דאָס פּאָזיטיווע. דו קענסט דיך נישט פּלוצלינג אויסטאָן פולקאָם נאַקעט און בלייבן שטיין קליין פאַר גאָט און אויסהאַלטן אַבסאָלוטע ערלעכקייט מיט דער פּען. די קריטישע פּען מאַכט דיך אייביק צום זינדיקן. און אָפּטמאָל פילסטו אַז דו האָסט זיך אַליין אַריינגעשליידערט אין גהינום. מיטן מאָמענט ווען דו האָסט געשריבן די ערשטע קריטישע שורה, האָסטו זיך אַליין פאַרשאָלטן און פאַרמשפּט צו אומערלעכקייט. אַפילו דיינע סאַמע אויפריכטיקסטע שורות מאַכן דיך צום צווייפלען אין דיין אייגענער, אַבסאָלוטער ערלעכקייט. דו פילסט אָפּט מיט די פלאַמען פון גהינום וואָס דו האָסט פאַר זיך אָנגעצונדן מיט דיין קריטישן שאַפן, צו פאַרברענען דעם דאָזיקן טייל פון דיין ווערק... אויסברענען אים פון דיין האַרצן און צוזאַמען מיט דיין נאָמען און מיט דיין פּען, וואָס האָט מיאוס און אומווירדיק געזינדיקט!

דו אַליין האָסט עס אין אָנהויב געטאָן אויף אַ נאַיוון שטייגער. דו האָסט אַלעמען געגלייבט און אמת׳דיק פאַרערט. דו האָסט מיט בלוט און טרערן געצאָלט פאַר דיינע טעותים. דו האָסט שוין שפּעטער געזען אַז דו זינקסט אין אַ נעץ פון פאַלשקייטן, וואָס געמיינע הענט מיט פינצטערע אָדערן פאַרצויגן, וועבן אַרום דיר. אָבער דו האָסט נישט געהאַט קיין כוח זיך צו ראַטעווען פון דעם גרוב פון גייסטיקן פאַרברעכן.

און, נאָך מער זעסטו דאָס איין ביי דיינע קאָלעגן־שרייבער. דו געפינסט זיך פּשוט אין אַ ווילד־וואַלד פון אומערלעכקייט. מיינונגען און משפּטים ווערן אַרויסגעזאָגט, געשריבן און געדרוקט אין זשורנאַלן, צייטונגען און אין ביכער, אָן אַ שום איבערצייגונג, ערלעכקייט, האַרץ און ריכטיקן אור־טייל. דו זעסט איין ווי עס פאָרן זיך אַרום אַרום דיר טאָג און נאַכט מאָנס־טעריעזע ליגנערס. די הייליקע און שטאָלצע פּען וואָס האָט באַדאַרפט בלויז און אויסשליסלעך איינשטיין אין הענט פון נביאים, שטייט איין ביי נישטיקע, פּיצלדיקע, ביליקע, ווולגאַרע און אַבסאָלוט־פּאַלטשע, ווערמדיק־צעפּרעסענע מענטשן. ווי דיאָגענעס, זוכסטו אינמיטן העלן, גרויסן טאָג אויפן פאַרנאַס אַן ערלעכן מענטש און דו קענסט אים ליידער נישט געפינען. די ליטעראַ־רישע קאַפּעען זיינען נעסטן פון ווערבאַלער זינד. ווען מען זאָל קענען פאָ־טאָגראַפירן דעם רויך פון ציגאַרעטן צוזאַמען מיט די מחשבות אין ליטע־ראַרישע קנייפּעס, וואָלטן זיך באַקומען מורא׳דיקע קלישעען פון ציניזם,

פרעכקייט, זנות, מאָנסטעריאָזער פאַלשקייט און גראָטעסקע נישט־פאַרגי־נעריי. ווי אַזוי די דאָזיקע מענטשלעכע ראָבן, קראָען, שלאַנגען און פּיפּער־נאַטערס קענען דערנאָך אַהיימגיין און נעמען די פּענעס אין זייערע פּראַנ־צעוואַטע הענט, איז פּשוט מוראדיק צו טראַכטן. דערביי זייַנען פּאַראַן אַזעלכע וואָס רעדן נאָר וועגן צדקות, פּרעדיקן מאָראַל, דערציילן פון לויטער הייליקע — אין דער צייט ווען די שטרעבונג נאָך געלט, נאָך כבוד, נאָך מאַכט, נאָך זנות, פאַרברענט זייערע גופים און פאַרשרפה׳ט פינצטער און נאַכטיק־שוואַרץ זייערע נשמות.

קנאה, גאווה, נישט־פאַרגינעריי, אייביקע זאָרגן וועגן זיך זעלבסט און דאָס שטענדיקע מכלומרשטע ווערן באַעוולה׳ט און אונטערגעשאַצט מצד זייערע נישט־פאַרגינערישע קאָלעגן, מאַכט די שרייבער פרי אַלט און קרימט אויס זייערע גופים און צעברעכט זייערע ביינער און ברענגט אַ סך פון זיי פריערהייט צום קבר און צום הימלישן משפּט. אַ מאַן ווי גאָיאַ וואָלט אויפ־דאָסניי געקענט אַרויסברענגען מיט זיין בליציק־געניאַלער פּען מאָנומענ־טאַל־פאַרקרימטע נשמות. דאמיע וואָלט זיי געקענט צייכנען ווי פינצטערע ראָבן און בלוטדורשטיקע קאָרשונס. דאַנטע וואָלט זיי געקענט מאָלן מיט זיין מיט עקסטאַז־אָנגעצונדענער פּען און מילטאָן וואָלט זיי באַדאַרפט צו שיל־דערן מיט זיין מיסטיש־הערא׳ישן פּאַטאָס. זיי ווערן פרי אַלט און זיי שטאַרבן פאַר דער צייט. איך קוק אָפּט אַריין אין זייערע פינצטערע אויגן ווי אין גריבער און אָפּגרונטן פון תאווה און פון זינד און איך זע דאָרט זייער פּחד און זייער צאַנקען. ביי לוויות פון קאָלעגן קומען זיי פון אַלע פיר זייטן פון דער וועלט, פון קרומע שנאָבלדיקע רויבפויגל און פינצטערע רוחות און בייזע ווינטן געטראָגן. איך דערקען אין זייער שרעק און אין זייער געפאַלנ־קייט אַז זיי האָבן געדינט צום טייוול. אַז די נאַקעטע לילית איז געווען זייער געליבטע. אַז דער שטן האָט זיי פּערזענלעך געצאָלט האָנאָראַר מיט גאָלדענע דוקאָטן און האָט זיי געבראַכט פייער־לוסטיקע נקבות צום הורן מיט זיי. מעפיסטאָ איז געווען זייער קצב. ער האָט געהאַקט פאַר זיי די בלוט־טיקע ריפּן פון ריזיקע קעלבער און דאָס בלוט און פעטס רינט נאָך גלאַנ־ציק אויף זייערע פּעטע און שמאַלציקע ליפּן. עס איז געווען אַן אַרגיע פון כבוד, געלט און זנות. און די דאָזיקע וואָס האָבן מכלומרשט געזאָגט מוסר, האָבן זיך אויך געוואַלגערט אינם זומפּיקן רינשטאָק צוגלייך מיט אַלעמען.

און דאָס איז נישט נאָר אויפן בלוטיקן פעלד פון ליטעראַטור. עס איז אַזוי אין דער מלוכה, אין די שולן, אין דער גאַנצער וועלט־קולטור און וועלט־פירונג. אומעטום שוחד און באַרבאַרישקייט. אומעטום — פאַלשע לויב, גראָבע חניפה, העפלעכע שמייכלעריי און קעגנזייטיקע אָפּמאַכן זיך צו לויבן און זיך צו געבן פּרעמיעס. אַפילו די וואָס האָבן אָנגעהויבן זייער לעבן מיט ערלעכקייט, מיט מכלומרשטער מאַרטירעריי, מיט סיביר און

מיט קאַטאַרגע — זיינען געוואָרן פאַלשע משיחים, פאַרקויפטע מענער, קאָרופּטירטע קריטיקער, פּסיידאָ־דיכטער, רעדאַקטאָרן און אַרויסגעבער. זיי זינדיקן נאָך מער — ווייל זייער פּיינער סטאַזש שטייט זיי ביי: זייערע מכלומרשטע ערלעכע מאַסקעס, די גרויע האָר, די קנייטשן אויף זייערע פּנימער. עס פאַרשעמען זיי אַפילו די מיניסטאַרישע, אַנאַרכיסטישע בערד, די אויגן פון אַמאַליקע זוכער, דענקער, דיאַגנעסעס און טאָלסטאָיאַנער. עס איז איין גראַנדיעזע און גיהנומדיקע כנופיה פון פאַלשקייט און פון באַטרוג.

די בלעטער פון דער גאַנצער וועלט־געשיכטע זיינען פאַרשריבן מיטן בלוט פון זנות, פאַלשקייט, פּסיידאָ־אַנשטעל, מכלומרשטע נביאישע זוכע־נישן און דעמאַגאָגישע דעקלאַראַציעס. מען וואָלט באַדאַרפט מיט אַ נייער פייער־פּען אויף פאַרמעט איבערשרייבן די גרויסע, די קלאַסישע בלעטער פון געשיכטע. און דער היסטאָריקער זאָל טונקען זיין פּען אין אַ טייך פון זיך קאָכעדיקן פייער. עס וואָלט זיך באַקומען אַ גאַנץ נייער מאָנומענטאַלער ספר פון אמת און פון גערעכטיקייט. נאָאיווע מענטשן וואָלטן אויפגעציטערט פון דער וויזיע פון פאַלטשקייט און פאַרקרימטקייט וואָס הערשט אויף דער ערד דורך די אַזוי־גערופענע צען טויזנט יאָרן פון קולטור און פון ציוויליזאַציע... — —

עס איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי סאַדיזם צו זיך אַליין... וואָרים ווען דער שרייבער פון די שורות לייענט איבער — ביים קאָרעגירן — די אויבנגע־שריבענע זאַצן, טראַכט ער: דער ליבער לייענער קען מיינען אַז מיר אַליין האָבן חלילה באַוווסטזיניק פאַרקויפט די נשמה... דער אמת איז אַז אייביקער פחד פאַר מעגלעכער אומערלעכקייט האָט אונדז דיקטירט דאָס אויבנגע־שריבענע... דער מחבר פון דאָזיקן בוך קען אויפריכטיק זאָגן — און אויך שווערן הייליק פאַר גאָט און פאַר מענטש — אַז ער האָט קיינמאָל פּערזענלעך נישט געשריבן קיין איינציקן פאַלשן וואָרט פאַר וועלכער עס איז באַלוינונג... נישט פאַר קיין טאָפּ מיט פלייש און נישט פאַר קיין פלאַש מיט שאַמפּאַניער און אויך נישט פאַר קיין גאָלדענעם דוקאַט... אָבער, ער חזר'ט איבער: ער האָט תמיד ביי זיך אין האַרצן געטראָגן אַ וויסטן פחד פאַרן ווערן חלילה אומבאַוווסטזיניק באַווירקט און באַאיינפלוסט דורך אַ טויזנט מינים פאַקטאָרן וועלכע קענען אומבאַמערקטערהייט באַהערשן דעם מין מענטש... איבערהויפּט ווען ער האָט זיך צוגעקוקט אין משך פון לאַנגע יאָרן ווי אַזוי גרויס און קליין האַלטן קוים אויס דעם פינצטערן נסיון און ווי אַזוי זיי דינען, סוף כל סוף, צו געלט, צו חניפה, צו מאַכט און צו קאַריערע... און דעריבער האָבן מיר מיט דער צייט אָנגעהויבן צו קוקן אויף ליטעראַטור־קריטיק בכלל ווי אויף עפּעס אַ זייער געפערלעך און אומהיימלעך

געביט, ווו עס פֿאַראַדירט פראַנק־און־פריי און גיהנומדיק אַרום דער טייוול און ער קויפֿט אָפּ מענטשלעכע נשמות פֿאַרן פּרייז פֿון שטיקלעך נעבעכדיקע עולם הזה, אַזוי ווי מעפיסטאָפעלעס האָט געפּרוווט אָפּצוקויפֿן די נשמה פֿון דר. פֿאַוסט...

איז, אין מאָמענטן פֿון טיפֿער, נשמה׳דיקער שטילקייט; אין אָוונטן פֿון געפּייניקטן חשבון הנפש, קער איך זיך שטענדיק צוריק אום צום געשטאַלט פֿון מיין טאַטן. ער איז אָפּט געווען טיראַניש און אונמענטשלעך צו אונדז, צו זיין פֿאַמיליע. אָבער ער איז געווען אַנגעטאָן אין אַ לבוש פֿון אומערדישער, נביאישער ערלעכקייט. אין די שפּעטערדיקע יאָרן דערזעען מיר אונדזער טאַטן... זיי זיינען נישט געווען געניגט, אַזוי ווי מיר, צו מאַכן קאָמפּראָמיסן מיטן געץ פֿון באַקוועמלעכקייט און פֿון זינד. זיי האָבן נישט געקויפֿט קיין כבוד פֿאַרן פּרייז פֿון אומאויפֿריכטיקייט. און מיין טאַטנס זאָג:

— „אונטער אַלע מענטשלעכע באַדינגונגען — פֿאַרבלייב ערלעך און געטריי צו זיך אַליין!" — שטייט מיר שטענדיק פֿאַר די אויגן בליציק אָנגעשריבן אויפֿן הימל. אָנגעשריבן מיט בלוט און טרערן אויפֿן קלאָרן שטערן פֿון מיין טאַטן. אויסגעקריצט מיט פֿלאַם־פֿייער אין זיינע ערלעכע, מענטשלעך־טרויעריקע אויגן. עס האָט זיך אַוודאי געפֿאָדערט אומגעהויערער כאַראַקטער דאָס דאָזיקע העכסטע געזעץ פֿון מענטש כל־ימיו דורכצופֿירן אין זיין לעבן פֿאַרן פּרייז פֿון אָרעמקייט, איינזאַמקייט און געזאַלצענע טרערן, וואָס ער שלינגט בלוטיק אין דער שפּעטער נאַכט, קייענדיק דאָס שטיקל פֿאַרדאַרטע, ערלעך־פֿאַרדינטע פּענעצל ראַזאָוואַנע ברויט.

אין דעם דאָזיקן ליכט געזען וואַקסט אויס דאָס געשטאַלט פֿון מיין טאַטן צו אַ מאָנומענטאַלער הויך. ער ווערט אַוועקגעשטעלט אין דער היסטאָרישער רייע פֿון די דערהויבענע און געוואַלטיקע פּאַטריאַרכן פֿון פֿאָלק. און נעבן אים מעג זיך שטעלן אַוועקשטעלן דאָס געשטאַלט פֿון מיין מוטער, כאָטש קליינטשיק אין איר פֿיזישן וווקס, מאָגער אין איר אויסזען, אָבער מאָנומענטאַל לויט איר הומאַניסטישן כאַראַקטער, גלויבן, גוטן האַרץ און גראַנד־מענטשלעכקייט. אייביקער כבוד אין געהייליקטער שריפֿט צו מיינע עלטערן, וואָס האָבן אַוודאי זייערע כאַראַקטערן גע׳ירשנ׳ט פֿון זייערע שטאַלצע, ערלעכע און מאַרטירערישע אורעלטערן. פֿון די דאָזיקע אייזערנע שטאַם־פּאַטערס און שטאַם־מוטערס ווערט אויפֿגעשטעלט אַן אומשטאַרבלעך פֿאָלק אויף דער ערד!

ניו־יאָרק, מאַי, 26, 1956.

## דער טאַטע איז פֿאַרכישופֿט פֿון דער פֿינצטערניש

שבת צונאַכטס פֿלעגט מיין טאַטע זיצן אַן איינזאַמער אין דער זיידענער פֿינצטערניש פֿון דעם צופֿאַלנדיקן אָוונט און ער פֿלעגט אין זיך שטילערהייט ברומען אַ ניגון. אַ מרה־שחורה׳דיק־פֿייערדיקן, אַ טרויעריק־חסידישן ניגון.

אין דרויסן איז שוין געווען גוט פינצטער. די פלעדערמויז איז שוין גערוישלאָז אַרומגעפּלויגן אין דער געדיכטער בלויקייט פון דער נאַכט. אין הימל זיינען שוין געשטאַנען פיל מער ווי די נייטיקע דריי שטערן. אָבער דער טאַטע לאָזט אַלץ נאָך נישט אָנצינדן קיין ליכטל און זאָגן „גוטוואָך!" אין דער בין השמשותדיקער טונקלקייט ברענען נאָך פאַסן ליכט פון זון־אונטערגאַנג, וועלכע צעפליסן זיך אין אַלע ווינקלען, ווי שאַמפּאַניער פון אַ צעבראָכענער פלאַש. דאָס הייסע גאָלד רינט אָפּ אַזוי ווי בלוט פון דער זון. דער טאַטע איז איינגעהילט אין דער שבת׳דיקער מרה־שחורה, ווי אין אַ קעניגלעכן מאַנטל. זיין ניגון קומט פון דער טיפעניש פון גאַנצע דורות. אויפן טיש ליגט דאָס טישטוך מיטן געשיר. עס ווילט זיך עפּעס דעם מעלאַנכאָלישן, שבת׳דיקן טאַטן אַזוי שטאַרק נישט ענדיקן דעם שבת. עס ווילט זיך נישט אַריינקריכן אין דער פולער, גרויער וואָך. איך בין אַ קליין אינגל און אַ הונגעריקער טוליע איך זיך צום טאַטנס קניעס. איך נעם אַריין אין מיין טיפן געביין זיין טרויעריקע מעלאָדיע. איך זויג איין אין מיין זעל די גרויסע פּאָעזיע פון שבת. ערשט שפּעט אין דער נאַכט צינדט די מאַמע אָן אַ ליכטל. די מאַמע זאָגט צו אַלע קינדערלעך, נאָכדעם ווי זי האָט פרום געלייענט „גאָט פון אברהם": גוט וואָך! — פּלוצלינג ווערט ליכטיק אין דער שטוב, וואָס איז ערשט געווען אַזוי געטלעך פינצטער, און די פינצטער־ניש האָט געהאַט אָפּגעמעקט יעדער פיזישע גרענעץ, האָט געהאַט אָפּגעמעקט טיר און פענצטער און אַלע זאַכן זיינען געווען אומענדלעך און אייביק... דעם טאַטנס נעגל זיינען פייכט און פאַרגאָסן פונם בראָנפן. ער זאָגט הבדלה. אויף דער מיט טינט פאַרגאָסענער צעראַטע, מיט צייכנס פון מיינע קליינ־שרייבערישע פינגערלעך, ברענט אַ בלוי, קליינטשיק פייערל, וואָס ציטערט שוואַך און האָט מורא זיך הויך אויפצוהויבן. אינם פייערל פון בראָנפן לויכטן מיינע אותיות־מאַדזשגערייען...

און, אַזוי פיל יאָרן שפּעטער, אין די סאַמע איצטיקע טעג, אין מיין פּופציקסטן לעבנסיאָר, בלייב איך אויך זיצן אַזאַ מין איינזאַמער אין מיין צימער... אַזוי ווי עס וואָלט נאָך אַלץ געווען יענער קינדישער שבת, אין וועלכן דער טאַטע האָט מרה־שחורה׳דיק געקעניגט און די מאַמע, אויף איר שטייגער, האָט אַריינגעטראָגן פרומקייט, שטילקייט און די הייליקע שטימונג פון „גאָט פון אברהם"... און עס פליסט אויך איצט אַזוי וואַרעם דאָס גאָלד פון זון־אונטערגאַנג אויף אַלע שטוביקע זאַכן. היימיש שטראָמט דאָס געטלעכע גאָלד... איך נעם אין זיך אַריין דעם טאַטנס רייכן און מרה־שחורהדיקן זון־אונטערגאַנג... איך זיץ אַזוי ווי דער טאַטע אויך אַן איינגעהילטער אין דער טיפער, נאַכטיקער פינצטערניש. איך בין געוואָרן צום גאָלד פון בין־השמשות. איך בין פאַרוואַנדלט געוואָרן צו אַ גאָלדענער

סטאַטוע. קיינער קען מיך שוין נישט אויפוועקן פון דעם גרויסן כישוף פונם שבתדיקן בין־השמשות. טאַטע־מאַמעס הייליקער שבת האָט מיך אויף אייביק פאַרכישופט. טאַטנס ניגון הויערט אין מיר. אַ ניגון פון ווייטע און פון טיפע דורות. נאָך פון הישפּאַניען אָן. פון די צייטן פון ר׳ יהודה הלוי און ר׳ שלמה איבן גבירול און ר׳ משה איבן עזרא. די הויכע און דינע קריגן ווערן פול מיטן גאָלד פון דער זון, ווי פלעשער מיט שאַמפּאַניער... אָבער, זאָל זיין שאַ, שטיל!... איך וויל נאָך אַלץ נישט אָנצינדן קיין ליכט... אין דער גאָלדנבלויער פינצטערניש זיצט דער טאַטע און ברומט זיין ניגון. די מאַמע זיצט אַ פאַרגליווערטע מיטן געלן טייטש־חומש אין דער האַנט... שבת זאָל זיין!... אייביקער שבת... ווי ביי פּרצ׳ן!...

## מיין טאַטנס בריטשקע

מיין טאַטע האָט געהאַט גאָלדענע הענט. צו וואָס ער האָט זיך גענומען, איז אים געלונגען צו מאַכן פּרעכטיקע זאַכן. און אויך נוצלעכע פאַרן הויז־געזינד. אויסער אַ זייגערמאַכער און אַ גלעזער, איז ער געווען אַן אמת׳ער קינסטלער: ער פלעגט מאָלן אין גאָלד און אין זילבער. ער האָט אויס־געשניצט פּרעכטיקע שטעקנס פון פיינע צווייגן אין וואַלד. ער פלעגט צונויפקלייבן הילצערנע קעסטלעך און אויסמאָלן זיי מיט גאָלדענע מענטשן און זילבערנע חיות. מיין טאַטע האָט איינגעראַמט בילדער. האָט אָוועקגע־שטעלט אין שטוב שפּאַנישע ווענטלעך און אייזערנע אויוונס מיט זייער פיל רערן, וואָס זאָלן וואַרעמען אַלע שטובן. ער האָט געקענט באַוואַסערן פעלדער. ער האָט אויך געמאַכט קלאָזעטן ביים הויז מיט קאַנאַליזאַציע.

מיין טאַטע האָט תמיד באַוואונדערט די טעכניק פון מענטשלעכע הענט: אַ שרויף, אַ געווערק פון אַ מאַשין, אַן אינסטרומענט, אַן אויטאָמאָביל, אַ שיף. ער איז תמיד געשטאַנען אין פאָעטישער באַוואונדערונג פאַר גאָט׳ס גרויסן ווערק: די נאַטור. ער האָט געשטוינט איבער דער שיינקייט פון אַ באַגינען, אַ זון־אונטערגאַנג, אַ לאַנדשאַפט, אַ טייך. ער האָט געזאַמלט פאַרביקע שטיינדלעך פון דר׳ערד און זיי אויסגעשטעלט ביי זיך אויף דער קרעדענץ. ער האָט געזאַמלט האָלץ־שטיקער, זעלטענע נאַטור־מאַטעריאַלן. ער האָט אין אַלץ געזען דיכטונג און שיינקייט. אין זיין ביבליאָטעק האָב איך געפונען ביכער וועגן אַסטראָנאָמיע, כעמיע און אַרכיטעקטור. ער האָט געקענט אַלץ: פון בויען אַ הויז ביזן אָפּפאַרבן די ווענט פון די שטובן. מיט יאָרן צוריק, נאָך פאַר מיין געבורט, האָט ער געהאַט אַ פאַבריק פון שפּיגלען.

איצט וויל איך באַשרייבן ווי אַזוי מיין טאַטע האָט באַפּוצט די בריטשקע...

* * *

דער טאַטע האָט אַ סך לאַנגע חדשים געמאַלעוועט די בריטשקע. זיינע

פינגער זיינען געווען אויסגעשמירטע אין פארבן, איבערהויפט אין גאלד און אין בראנדז. איך האב פלוצלינג דערזען דעם טאטנס שיינע הענט. איך האב געזען ווי ער האט ליב קאלירן. ווי אזוי ער פארשמירט די בריטשקע מיט גילדערנע מענטשעלעך און מיט זילבערנע פיגורן פון חיות. די בריטשקע איז געווארן זיין אידעאל. ער האט פארנאכלעסיקט, ווי געוויינלעך, זיין ווייב און זיינע קינדער. אים האט רק אינטערעסירט די פאנטאסטישע בריטשקע. א מאדנע בריטשקע אזא, א בריטשקע פאר א קייסער... אפשר פארן קעניג פון די שדים. פאר אלע בייזע חיות. אבער נישט פאר אונדז, פאר זיין ווייב און קינדער...

די ארומיקע פויערים פלעגן אפלאכן פונם טאטן. אויך די אידישע שכנים, די סאדאווניקעס האבן חוזק געמאכט פונם טאטן:

— א איד מאלעוועט א בריטשקע. ווער באדארף עס האבן אזא שיינע, שפינגעוועבסטיקע בריטשקע אין אונדזערע היימישע, דארפישע בלאטעס? און א פראסטער וואגן טויג דען נישט? און צו וואס בכלל גיט עס א איד אפ זיין גאנצע צייט כדי צו מאלעווען א נארישע בריטשקע?...

דעם טאטן פלעגט עס שטארק פארדריסן. אבער עס האט זיין עקשנות נישט געבראכן....

איינמאל אין א טאג איז געקומען אין דארף אריין עפעס א געלער פרוץ, טאקע אזוי ווי א שד. דערזעענדיק אויף אונדזער הויף די געמאלעוועטע בריטשקע, איז ער גלייך אריינגעקומען אין שטוב אריין און האט אנגעבאטן אזא הויכע מטבע פאר דער בריטשקע, אז דער טאטע האט נישט אויסגעהאלטן דעם נסיון און האט זי גלייך פארקויפט צום אומבאקאנטן און מאדנעם פרוץ.... דער פרוץ האט באלד געלאזט ברענגען פון זיין פאלווארק פיר מעשענע פערד. מען האט זיי איינגעשפאנט „באשפיץ" פון דער שלאבעריקער בריטשקע און מען איז אוועקגעפארן מיט דער בריטשקע צום וואלד צו... עס איז געווען זון־אונטערגאנג און די בריטשקע האט געלויכטן ווי א גאל־דענע קאטש אין דער ווייטקייט... עס האט זיך געדאכט אז דער פרוץ און די מעשענע פערד, און די געפארבטע בריטשקע ווערן צעשטויבט אין דער לופט און זיי גייען ארויף צום הימל... צו די ברענענדיקע וואלקנס...

איך בין געבליבן אזא טרויעריקער... אזוי פיל לאנגע חדשים האט דער טאטע געמאלעוועט די בריטשקע און מיר זיינען אפילו קיין איינציקן מאל אין איר נישט געפארן...

— פארוואס?

— ווייל דער טאטע האט נישט געהאט קיין פערד וואס זאל פירן די בריטשקע אין גאט'ס גאלדענעם דרויסן...

(מיין טאטע איז געווארן א פערדהענדלער ערשט עטלעכע יאר שפעטער.)

און מער האָט פון דעמאָלט אָן דער טאַטע נישט געמאַלעוועט קיין שום בריטשקע... אָבער אין האַרצן איז געבליבן שטיין אַזאַ מין מאָדנע בענק־שאַפט נאָך דעם טאַטנס שיינער בריטשקע... עס האָט זיך געוואָלט אַזוי שטאַרק איינשפּאַנען פלינקע פערדלעך אין דער בריטשקע און זיך לאָזן פראַנק און פריי איבערן פּוילישן לאַנד און פעלד... צום גרויסן וואַלד צו... ווייט, ווייט אַוועק — — —

## דער טאַטע איז מחדש די לבנה

איינמאָל, אַרום ערב פּסח־צייט, האָב איך געזען אין דער נאַכט ווי אַזוי אידן זיינען מחדש די לבנה. די לבנה רינט צווישן די סידורימלעך מיט די געלע און צעקנייטשטע בלעטלעך. די סידורימלעך ברענען ממש און זיי פאַרשרפה׳ן די הענט פון די אידן. די אידן טאַנצן צו דער לבנה וויס־פאַר־קאַלעכטע און לבנה־פאַרמעליקטע. אָט פאַרוואַנדלען זיי זיך אין שטראַלן און זיי גייען צוריק צו דער לבנה... זיי שטייען פינצטערע צווישן די בוימער אַזוי ווי עמעצנס ריזיקע שאָטנס... זיי זיינען די גראָטעסקע שאָטנס פון אַנדערע לייט... זיי זיינען ריזיקע און נערוועזע פלעקן מיט טינט... אַ גרויסע געטלעכע פּענע האָט זיי אין אַ נאַכט אַרויסגעצויגן פון אַ טינטערס טיפע פינצטערניש און האָט זיי אויפגעשריבן אויף דער נאַכטיקער גאַס... פלוצלינג דערקען איך צווישן די מאָדנע אידן מיין אייגענעם טאַטן. עפּעס איז עס גאַרנישט מיין אייגענער אייביקער טאַטע, וואָס איז תמיד ביטער ווי כריין, דער ערענסטער טאַטע, דער כמעט רוסישער שטרענגער צאַר... ניי‌ערט עס איז גאָר אַ ראָמאַנטישער טאַטע. עס איז עפּעס אַן אַנדערער, ליכטיקער און אָנגעצונדענער טאַטע. עס איז אַ נאַכטיק־לבנה׳דיקער טאַטע...

די טינט־פינצטערע אידן פלאַטערן און פלאַקערן. זיי גיבן זיך איינע צו די אַנדערע די ווייסע הענט, אַזוי ווי אָנגעטוענע אין דינע הענטשקעס. עס זיינען, זע איך, גאַרנישט קיין אידן, נאָר אַקראָבאַטן, צירקאָוונע טענצערס, מיט כישופדיקע סידורימלעך אין די בלאַסע הענט. עס זיינען שדים מיט פּאות און מיט לאַנגע, זיידענע און שפּיציקע בערד. עס זיינען גאָר ר״ל פאַרשטעלטע לייט. טאָקע „יענע״ לייט... אָבער מיין טאַטע שטייט צווישן זיי אַזאַ מין דין־פאַרכישופטער. אָן אָפּגעגאָסענער אין הוילן ליכט. עס איז מיין טאַטע מיט די ביינער. יאָ? אָבער דאָך בין איך כמעט זיכער אַז אין דער היים שלאָפט מיין טאַטע אויפן אייזערנעם בעט... און דער דאָזיקער טאַטע דאָ איז גאָר אין דער אמתן אַ פאַרשטעלטער איד, אַזאַ פרעמדער, אַ ווייטער טאַטע... מיין אמתדיקער טאַטע שילט דער מאַמען און ער לאַכט קיינמאָל נישט. דער דאָזיקער טאַטע דאָ פלירטעוועט מיט דער גויאי־שער לבנה־געצין. עס איז אַ גויאישער, צירקאָוונער טאַטע, אַ לץ אַזאַ... עס

איז אַ טענצערישער און ביזאַרער טאַטע... אַ טונקעלער און מרה־שחורה־דיקער טאַטע באַקרוינט מיט אַ גילדענער לבנה־קרוין... אַן איינגעשמירטער אין גאָט׳ס ליכט... און פון די בלעטלעך פונם סידורל רינען טראָפּנס האָניק...

## דער טאַטע האָט פיינט לוויות

אין נאָוואָגוראַ איז געווען איינער אַ איד, וואָס האָט געהייסן בערל. ער איז געווען אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט איינגעפאַלענע באַקן און מיט אַ שפּיציקער נאָז וואָס האָט אָנגעזאָגט דעם טויט. וואָרים דער מלאך המות איז אים שטענדיק געשטאַנען אויף דער שפּיץ נאָז. בערל׳ן געדענק איך ווייל פון אַבוש נאָוועגאָרערס בית המדרשל. איך פלעג אים יעדן שבת און יום־טוב זען צווישן די מתפללים, אַן איינגעהילטן ביז איבערן קאָפּ אין אַ גרויסן טלית. דער טלית האָט שוין צו מיר אויסגעזען ווי תכריכים... בערל איז געווען אַ קראַנקער מענטש, האָט מען געשמועסט אין נאָוואָגוראַ. בשעתן דאַווענען פלעגט ער שרעקלעך הוסטן און זיך פאַרקייכן. ער האָט אוודאי געליטן אויף די „טשאַכאָטקע״. וואָרים מיין טאַטע פלעגט זאָגן אַז ער איז אַ „פאַרטיקער״... ווען דער טאַטע האָט נאָר געהערט אַ הוסט טאָן, האָט ער פאַרדעכטיקט אַז ער ליידט אויף שווינדזוכט. און דאָס האָט געמיינט לויט אים: אַ פאַלנער פאַרמשפּטער צום פריען טויט...

איינמאָל, אין זייער אַ פריען באַגינען, ווען אין דרויסן איז נאָך געווען שטאָק פינצטער און אַ שניי איז פעסט געלעגן אויף דער ערד, אַזוי ווי מיט אייזן דורכגעפרוירן, האָב איך דערהערט אַ האַסטיקן קלאַפּ אין דער טיר פון אונדזער הויז. באַלד האָט זיך דערהערט אַ זייער פירכטערלעכע שטימע פון אַ פרוי:

— טייערע אידן! מיין מאַן בערל איז געשטאָרבן. קומט צו דער לויה... די עגלה פאָרט באַלד אָפּ...

עטלעכע מאָל האָט זיך אַזוי איבערגעחזרט די דאָזיקע מורא׳דיקע שטימע פון אַן עלנטע פרוי אין פריען באַגינען. איך קען איצט, אַרום אַ פערציק יאָר שפּעטער, געווי זאָגן אַז איך געדענק איר שרעקלעכע טאָנאַציע אַזוי קלאָר און אַזוי מורא׳דיק ווי אין יענעם מורא׳דיקן פרימאָרגן, ווען די פוילישע ערד איז געלעגן אונטער שניי אַ פאַרפרוירענע. די שטימע פון בערלס פאַרצווייפלטן ווייב איז מיר אַריין אין האַרצן. עס האָט ממש געלעכערט מיין מוח. עפּעס איז די שטימע געווען פאַר מיר אינגאַנצן ניי: אַ מין פינצטערן אָנזאָג פון פירכטערלעכן טויט. אַן איינזאַמע אידישע פרוי, ערשט זינט עטלעכע שעה צייט אַן אלמנה, האָט מיט אַ יאָמערלעכן, איך

חזר איבער: פירכטערלעכן טאָן, אָנגעזאָגט דעם טויט פון איר אָרעמען מאַן, בערל...

און דער טאָן פון איר רופן צו זיין לויה איז געווען געוואַלטיק און שרעקלעך איינזאַם. און איר רופן צו איר מאַנס לויה איז עפּעס אַזוי ווי געקומען ווי אַ בת־קול פון הימל. דאָס האָט גאָט'ס אַ פאַרפאַלגטער שד גערופן צו אַן אָרעמען מענטשנס לויה. מיינע עלטערן האָבן איר באַלד געענטפערט, אין אימה און אין פּחד. מיין מאַמע האָט אָנגעצונדן אַ ליכט פון גרויען חלב אין דער נאַכט. דער טאַטע האָט געעפנט אַ פענצטער. ווינט, קאַלטער, פּראָסטיקער ווינט האָט אומהיימלעך אַריינגעשפּאַרט פון פינצטערן, פון פּויליש־ווינטערדיקן דרויסן. ווינט האָט בייז געלאָשן דאָס שוואַכע פייער פונם ליכט...

איך בין נאָך געלעגן אין בעט, געבונדן מיט שטיקער חלום, מיט קאָשמאַר און מיט וויזיע. מיט שלאָף און מיט שלומער. אַ קול האָט ערשט מורא'דיק אָנגעזאָגט דעם טויט פון אַ מענטש, פון אַ איד. אַ אידישע פרוי האָט אָנגעזאָגט דעם טויט פון איר לעבנסלאַנגן פריינט... מיט וועמען זי האָט אין גרויס אָרעמקייט אָפּגעלעבט אַ לעבן. זיין שטום און באַליידיקט געביין ליגט אויף אַ דאָרפישע פור. איך זע ווי די עגלה ציט אין באַגינען איבערן בלויען, פאַרשנייעטן פעלד. נאָך לייכטן אין ווינטערדיקן הימל די שטערן. שרעקלעך און גרויס. צווישן די שטערן שטייט פעסט עפּעס אַ פּלאַנעט און דערציילט אפשר פון אַן אַנדער לעבן אין הימל. אַ בלוי געביין ליגט שטייף און שטאַר מיטן פּנים צום אָפענעם הימל מיט שטערן. אַן אַלטע, אָרעמע פרוי יאָמערט און לאָזט איבער געזאַלצענע, דיקע טרערן־טראָפּנס אויפן גאַנצן וועג. ווי שפּילקעס שטעכן די טרערן־טראָפּנס אין שניי. אַ שוואַרצער, קודלאַטער הונט איז אויפגעשטאַנען פון זיין פייכטער בודע און ער האַוקעט צו דער נאָך פולער לבנה. האַווקעט אויס זיין פּראָטעסט אויפן טויט פון איינעם אַן אָרעמען שניידער בערל. ווער באַגלייט דעם פינצטערן מת אין פינצטערן באַגינען? דער אָרעמער בעל עגלה, וואָס איז איינגעהילט אין אַ גרויסער בורקע און זיין געלע באָרד סטאַרטשעט אַרויס פון דער בורקע ווי אַ שטיק פייער. און מיטן קאָפּ געבויגן שפּאַנט דאָס פערד טריט ביי טריט, פילנדיק אויף זיך די מאָדנע, די ביזאַרע לאַסט...

און וואָראָנעס דערוואַכן און זיי פּאַכן פינצטער מיט די פליגל. און איך ליג אויפן אייזערנעם בעטל און איך זע דאָס בילד. מען גראָבט אַ קבר אין דער ערד פונם יונעווצער בית עולם. די שטאָלענע העק פּרווון האַקן אין דער שטייפער, עקשנותדיק־פאַרפרוירענער ערד. די ערד וויל נישט נאָכגעבן. די ערד וויל נישט אַריינלאָזן אין איר טראַכט דעם טויטן, דעם פאַרמוטשעטן גוף פון דעם איד בערל... די אידענע כליפּעט אַריין אין

אַ גרויסער, פינצטערער פּאַטשיילע. אויף די צווייגן פון די מאָגערע און נאַקעטע בית עולם־בוימער שטייען אידיש־באַלאַדישע אָדלערס און וואָראָנעס. זיי קוקן זיך צו צו דער ביזאַרער סצענע. די זון שטעכט שוין ביסלעכווייז אַדורך די גרויע אַטמאָספּערע. ענדלעך איז פאַרטיק געוואָרן אַ פליטקע קבר — אַ לאָך אין דר'ערד. מען לאָזט אַרונטער בערל'ס פאַרפּרוירענעם גוף. די אידענע דעקט איין איר געליבטן מאַן מיט שניי און מיט שטיקלעך ערד. זי קושט צום לעצטן מאָל זיין פינצטערן און זיין אָרעמען געביין. עמעצס אַ הייזעריק קול זאָגט קדיש. די אלמנה כליפּעט און רייסט מיט די קרום־פאַרבראָכענע הענט אין דער לופט גאָט'ס פינצטערע און גלייכגילטיקע הימ־לען — — —

אָט אַזוי אַרומעט איז מיר געבליבן שטיין אין זכרון אַ קינדערשער פרימאָרגן, ווען פינצטער און מורא'דיק האָט אַ פרוי מיט אַ קול ווי נישט פון דער היגער וועלט גערופן צו איר מאַנס, בערל'ס, לויה אין איינעם אַ גרויען און פינצטערן באַגינען פון מיין פריער קינדהייט... מיין טאַטע איז צו דער לויה נישט געגאַנגען. אויך נישט מיין מאַמע. מיין מאַמע וואָלט אָוודאי געלאָפן צו דער לויה פון אַ איד... נאָר דער טאַטע האָט נישט גע־לאָזן. עפּעס האָט ער פיינט געהאַט לויות... פון תמיד אָן געדענק איך אַז מיין טאַטע האָט זיך באַהאַלטן פון לויות. זאָל עס זיין געווען זיין מורא'־דיקער פחד פאַרן טויט...

אַרום פערציק יאָר שפּעטער טראַכט איך נאָך אַלץ מיט שרעק און מיט פחד פון דעם דאָזיקן פינצטערן באַגינען... עס האָט זיך מיר איינגעשניטן אין זכרון ווי מיט אַן אייזערנעם קריצער... דאָס לעבן אַרום מיר האָט מיט גרויסן, עפּישן כוח געשריבן די מורא'דיקע נאָוועלע פון לעבן און פון טויט...

## דער טאַטע ברענגט אַהיים אַ באַפליגלטע באַשעפעניש

ביי אונדז אויפן הויף פלעגט זיך תמיד אַרומפּאָרן אַ גאַנצע מחנה געלע און אַש־גרויע הינער און אַ האָן. גרויס און גערוים איז געווען דער הויף און רחבותדיק־ברייטע די זאַפטיקע פעלדער אַרום. נאָך פייכטע פון גאָט'ס פייערטריפנדיקן פענדזל און דער סאָד מיט נידעריקע, ווייס־געקאַלעכטע בוימער. אַרום הויף און אין סאָד פלעגן ליגן געזילבערטע און געקאַלעכטע שטיינער, פאַר שיינקייטס וועגן. דאָס איז געווען מיין טאַטנס מאָלערישע מלאכה. די געקאַלעכטע און די געזילבערטע שטיינער האָבן צוגעגעבן רייכ־קייט צו אונדזער היימישער פאָרם. דער טאַטע האָט שוין געזאָרגט צו גע־פינען די שענסטע שטיינער אויף די פעלדער אַרום און אין דער טיפעניש פון די וועלדער. אָבער די הינער פלעגן די קונסט־שטיינער ברודיק מאַכן... און מיין טאַטע פלעגט זיך בייזערן...

איך פלעג תמיד אָבסערווירן דעם בלוטיקן קאַמף וואָס עס איז פאַר־

געקומען ווען מען פלעגט אַהיימברענגען אַ צווייטן האָן. די שלאַכטן פלעגן אויסברעכן אויף אַ פירכטערלעכן אופן צווישן דעם אַלטן און דעם נייעם האָן פאַר הערשאַפט איבער די געהאַרכזאַמע הינערישע דאַמען פון דעם בונטן האַרעם... מיט בליצענדיקע אויגן און מיט רויטע, פלאַמיקע קאַמען פלעגן די צוויי הענערישע דאָן זשואַנען גיין אין אַ בלוטיקן געפעכט... איך פלעג מיט אַ סך נייגיריקייט באַטראַכטן אַן אויפגערודערטער די דאָזיקע עראָטישע שלאַכטן. די הענער פלעגן זיך העלדיש שלאָגן ביז בלוט. און בשעת מעשה האָבן די הינער זיך רואיקע געפיקט קערנדלעך אויפן הויף... זיי פלעגן אָנפּאַקן זייערע קליינע מאָגנס מיט אַלערליי זאַכן. אַ שטייגער: שטיינדלעך, שטיקער אייזן, אַגראַפּקעס, שפּילקעס, האַרנאָדלען, העקעלעך, זאַטשאַסקעס און אַלערליי קנעפּלעך. ווען מען פלעגט שעכטן אַזאַ הון, האָט די מאַמע אַרויסגענומען פון דער הונס מאָגן אַלע זאַכן וואָס זי האָט דורכן יאָר פאַרלוירן אויפן הויף, אין סאַד, אויף די פאַשעפּעלדער אַרום... אַפילו איך האָב אין דער הונס מאָגן צוריקגעפונען מיינע פאַרלוירענע קינדערישע שמאַכטעס...

די מאַמע לעגט אַוועק דאָס פלייש אויפן איינווייק־ברעטל. זי טוט אַ קוק אויפן וועק־זייגער און זי בעט מיך איר צו דערמאָנען די צייט ווען זי באַדאַרף אָפּגיסן דאָס פלייש נאָכן איינזאַלצן עס. זי זאַלצט אויס דאָס פלייש און באַלד כאַפּט זי אַ הון און הייבט איר אָן צו בלאָזן איבערן פוכיקן הינטן און אַ טאַפּ צו טאָן צי זי גייט לעגן אַן איי... וואָרים עס טרעפט אָפט אַז דאָס נאַרישע עוף טוט אַ לעג אַוועק דאָס שוואַכע איי אין דרויסן, אויף אַ שטיין און דאָס איי ווערט צעבראָכן און צעשמאַלצן אין דר׳ערד...

פרייטיק פאַרמיטאָג קומט געוויינלעך צו גיין פון נאָענטן וואַלד דער שוחט, רב יויזל פון יונעוועצע, אַ ברייטער איד מיט אַ געלן, אָפּגעבלאַקירטן פוטער, וואָס דערמאָנט אין אַ שטיק הערבסטיקער לאַנדשאַפט. ער איז איינ־געהילט אין געלע בוימערבלעטער. דער פעלץ געדענקט אַוודאי נאַפּאָלעאָנס צייטן. דער שוחט קומט פון שטעטל יונעוועצע, וואָס ליגט אויף דער אַנדע־רער זייט ווייכסל. רב יויזל איז זייער אַן איידעלער איד, מיט אַ רויטער באָרד ווי אַ פייער און מיט אַ ווייכער, דורכזיכטיקער הויט אויפן פנים. ער טראָגט אַ געלן שטריימל. איך זע ווי ער נעמט אַרויס פון אַ פוטלאַר אַ שטאָלערנעם חלף און ווישט אים איבער מיט אַ דינטשיקן טיכעלע. דער חלף איז ווייס און קלאָר אַזוי ווי שטערנליכט. דער חלף איז שטרענג און גרויזאַם. רב יויזל פרוווט אויס דעם חלפ׳ס שאַרף אויף זיין געלן נאָגל... אָדער ער פרוווט מיטן חלף איבערצושניידן אַ האָר וואָס ער צופט אויס פון זיין גינגאָלדענער באָרד. דער שוחט רעדט מיט דער מאַמען זיידענע רייד. דער שוחט איז זייער איידל — אַזוי לאַנג ווי ער שעכט ניט. אַיך פיל אַז דער שוחט איז אַן אמת׳ער קאַוואַליער. אַז ער וואָלט געקענט זיך ריטער־

לעך איינבויגן איבער מיין מאַמען און איר געבן אַ צאַרטן קוש, ווי אַ פוילישער אַריסטאָקראַט... די מאַמע שטראַלט מאָדנע ווען זי רעדט אינטים מיטן שוחט. דער אָפּשיין פון זיין גינגאָלדענער באָרד פאַלט אויף איר פאַרמעטענעם פנים...

נאָר אָט שטייט שוין דער שוחט אויפן הויף. אַרום אים שטייען אַ מחנה אידישע קינדערלעך פונם דאָרף און פון די אַרומיקע דערפער מיט זייערע געבונדענע הינער און הענער. דאָס אומגליקלעכע הון־און־האָנוואַרג ליגט נעבעך אומבאַהאָלפן און דערשלאָגן. די באַפליגלטע גאָט׳ס־באַשעפענישן פילן נעבעך אַז עפּעס נישט גוטס גייט דאָ פאָרקומען... דער שוחט מאַכט אַ ברכה. אָבער, עס איז קענטיק אַז פון דער הייליקער, לשון קודשדיקער ברכה וועט אסור נישט לייכטער ווערן די באַשעפענישן וואָס גייען געשאָכטן ווערן. דער שוחט נעמט איצט אַרויס דעם בלאַנקען חלף, ווי די שאַרפע שווערט פון דער שייד, וואָס אַ פאַרצייטישער אַדעלמאַן פלעגט אַרויסנעמען צום דועל... דער שוחט גרייפט איצט אָן שום צערעמאָניעס דאָס ערשטע עוף ‚ . . . ער טוט אַ בויג אויס דאָס קעפּל פון דעם אָרעמען שטיקל עוף. שוין פונם ברוטאַלן פאַרדריי מיטן קעפל ווערט נעבעך דעם פאַרשאָלטענעם באַשעפעניש זייער פינצטער אויפן האַרצן. ער טוט אַ שנייד איין מישן חלף אין דעם דינעם, הינערישן העלדזעלע. טראָפּנס וואַרעמע בלוט טוען אַ האַרטן שפּריץ אין דער הויך, ווי צום הימל געווענדט... דאָס הייסע בלוט פון דער הונס צעשניטענעם העלדזל שפּריצט ווי פון אַ פאָנטאַן. דער שוחט בויגט איצט נאָך שטאַרקער אויס דאָס שוואַכע, זיך צאַפּלענדיקע העלדזל פונם אָרעמען עוף. דאָס עוף צאַפּלט איצט אויף אין אַ פינצטערן און אַ לעצטן צאַפּלעניש. דער שוחט טוט עס אַ זערגע אַוועק צו דער ערד און ער נעמט זיך באַלד שעכטן אַ צווייטע באַשעפעניש. דאָס פאַרבלוטיקטע קרעאַטור וואַרפט זיך, ראַנגלט זיך, צאַפּלט זיך, ליגט נעבעך אין זיין פינצטערער גסיסה אויף דער ערד, בלייבט אַ קורצע ווײַלע שטילערהייט ליגן און עס טוט באַלד ווידער אַ לעצטן שוועב און אַ לעצטן צאַפּל, אַריינפאַלנדיק אָפּטמאָל, מיט פאַרבלוטיקטע פליגל, צווישן דער מחנה געבונדענע און נאָך לעבעדיקע הינער־וואַרג, אַזוי ווי זוכנדיק דאָרטן, צווישן די שוועסטער עופות און ברידער הענער, אַ קריש לעבן, אַ טראָפּן לופט. זוכנדיק דאָרטן נאָך אַ פולן אָטעם צו טאָן מיט דער ווינזיסער לופט פון גאָט׳ס לעבן. אַזוי ווי אויסצובאָרגן ביי אירע חברטעס — לעבן, טראַצדעם וואָס עס איז שוין אויף אַ העכסט־באַרבאַרישן, בלוטיקן און ברוטאַלן אופן געשאָכטן געוואָרן... ווער ווייסט: אפשר קען מען נאָך אָפּרופן דעם גזר. אָפּשרייען דעם מורא׳דיקן טויט־משפט. מיט שטראָמען בלוט קען מען אפשר אָפּוואַשן דעם אייגענעם טויט...

דער שוחט וואַרפט אָן אַ פולן הויף מיט געשאָכטענע הינער. דאָס בלוט

פון זייערע צעשניטענע העלדזער רינט איבער דער ערד, פאַרגיסט דאָס גרינע, פשוטע גראָז... די הינער צעפּליען זיך, צעגאָרגלען זיך, צעשרייען זיך, צעיאָמערן זיך, בלייבן ליגן צעוואָרפענע אין גראָטעסקע פּאָזעס אויפן גראָז, מיט צעדרייטע פליגל, מיט צעקרימטע פיס, מיט אויסגעשטרעקטע גאָרגלען, אין אַ בלוטיקן און פינצטערן באַרג פון טויט. אַפילו דער שיינער און העלדישער האָן איז איצט מאַכטלאָז אַנטקעגן דעם שאַרפן חלף פונם יונעוועצער שוחט... ער ליגט אין זיין טויטלעכער גסיסה צוזאַמען מיט די אַנדערע הינער אַ פאַרבלוטיקטער, אַ צעשלאָגענער, אַ פאַרשעמטער און אַ באַליידיקטער... ער ליגט אין זיין פאַרבלוטיקטן הארעם — אַ טויטלעך־גערעניעטער און אַן אימפּאָטענטער... זיינע צאַרטליכע געליבטע הינער ליגן בעבן אים געשטאָכענע. זיי העלפן אים שטאַרבן...

די וואָס וואַרטן אין דער רייע געשאָכטן צו ווערן, קוקן זיך הילפלאָזע צו צו דער מאַסנעקזעקוציע פון זייער הינערפאָלק. .

דער שוחט לאָזט איבער דעם באַרג מיטן פאַרבלוטיקטן הינערפאָלק אויפן הויף. ער האָט אָפּגעטאָן די וויסטע מאַסאַקרע. ער גייט אַריין אין שטוב אַריין. ער וואַשט אָפּ ביי אַ גרויסער שיסל וואַסער דאָס בלוט פון זיינע רויט־פאַרבלוטיקטע הענט, אַזוי ווי זיי וואָלטן זיין פאַרשרפה'ט. ער נעמט אַרויס אַ גרויסע, רויטע פאַטשיילע פון דער הינטערשטער קעשענע פון זיין בעקעשע און ער ווישט זיך אַרום דעם דיקן שווייס פון פּנים און פון האַלדז. ער זאָגט איצט אַ תפילה. ער זעצט זיך צום טיש און ער לאָזט זיך נישט לאַנג בעטן צו אַ מאָלצייט .. ער זאָגט תורה און ער רעדט מיט טייערע שפּריכווערטער. פון זיין מויל בליען צוויי הערלעכע לשונות: שטראַלנדיקער, אַלטפרענקישער אידיש און היסטאָרישער לשון קודש... צו מיין מאַמעס קליינע אויערן איז דעם שוחטס גערייד גאָלע מוזיק און פּאָעזיע...

די אינגלעך כאַפּן איצט אויף די צעבוטשערטע הינער. יעדער אינגל כאַפּט אָן זיין הון אויף שבת. אָבער אַלע לאָזן זיי שטיין אויף אונדזער היימישן הויף גרויסע בלוטיקע פלעקן פון די געשאָכטענע מאַרטירער. אין מאָמענט פון זייער שרעקלעכן טויט זיינען די הינער געהייליקט געוואָרן. זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ריינע מאַרטירער.

פאַרנאַכט קומט אָן דער גייסט פונם מאָלער חיים סוטין און ער באַ־טראַכט טרויעריק דאָס פאַרבלוטיקטע שלאַכטפעלד. ער נעמט אַרויס זיין גרויסן פענדזל און ער פאַרשמירט דעם גאַנצן הימלישן האָריזאָנט מיט רויטע קאָלירן. ער וועט באַלד געבוירן ווערן צו אַ אידישע פרוי אויף דער ערד, דער טרויעריקער גייסט פון חיים סוטין. ער איז שוין פּאַקטיש געבוירן געוואָרן ערגעץ ווו אין אַ הייזעלע אין אַן אַלטן אידישן שטעטעלע,

נישט ווייט פון ווילנע. ער גרייט זיך שוין צו זיין געוואלטיקער שליחות: דאָס אַריינפירן אין דער וועלטמאַלעריי דעם נייעם מאַרטירער: דעם געשאָכטענעם האָן. די פאַרמוטשעטע הון. דאָס בלוטיק־ברענענדיקע קעלבל. ער לערנט זיך שוין צו מאָלן ביי גאָט. ער האַלט שוין אין זיינע קינדישע הענט דעם רבונו של עולמ׳ס מעכטיקן פענדזל. ער זאַמלט שוין וויזיע, פאַרבן און כוחות. ער גורט זיך שוין אָן צום גרויסן פאַרמעסט זיינע ביינערדיקע לענדן. ער וואַשט שוין אָפּ זיין פענדזל אין דעם שטורמישן און גאַלדענעם ים פון באַגינען. ער ווישט אים אויס מיט דעם איידעלן טיול פון די הימלישע וואָלקנס. חיים סוטין גייט מאָלן שחיטה און שטאַרבן פון די שטומע באַשעפענישן. ער גייט מאָלן דעם מורא׳דיקן טרויער פונ׳ם געשאָכטענעם און שטומען פלייש, וואָס שרייט מיט זיין בלוט צו גאָט אַ גרויס געשריי. ער גייט מאָלן דעם קצב און דאָס פינצטערע און פאַרבלוטיקטע פלייש וואָס שרייט אַראָפּ פון זיינע ריזיקע און פינצטערע פלייצעס... אויך דער קצב גייט מיט דער פינצטערניש פון ערב־פּאַגראָם, ערב אידישע שחיטה אין פוילן... אידישער קצב און אידיש קאַלב זיינען צוגלייך פאַרמשפּטע און פאַרשאַלטענע...

גויאישע מאַלעריי האָט צוויי טויזנט יאָר געמאָלן זייער „מאַרטירערישן פּרינץ" קריסטוס... סוטין גייט איצט מאָלן דעם נייעם מאַרטירער: די הון און דעם האָן און דאָס קעלבל... דאָס רויע פלייש ברענט מיט פּראָטעסט און געשריי...

אגב, דער דאָזיקער שוחט, ר׳ יויזל פון יונעווצע, האָט געהאַט זיין ביזאַרן סוף: מען האָט אים אין איינעם אַ טאָג געפונען אין דער טיפעניש פון וואַלד אַ געשאָכטענעם מיט זיין אייגענעם חלף. איך געדענק ווי אַזוי איידער ער איז אין יענעם פאַרנאַכט אַריינגעגאַנגען אין דער געדיכטעניש פונם פינצטערן וואַלד, האָט אים אַ פאַרגעפיל אָנגעזאָגט אַז עפּעס נישט גוטס גייט מיט אים חלילה געשען... ער האָט דעריבער זייער אומגערן באַשלאָסן זיך צו לאָזן אויף זיין לעצטן גאַנג אין וואַלד אַריין... וואָלט מיין פאָטער נישט געווען אַזוי שטרענג בנוגע געסט אין הויז, וואָלט מיין מאַמע אים אוודאי געוווען איינגעלאַדן צו נעכטיקן אין אונדזער שטוב...

די מאַמע האָט אָבער אויך געוווסט וואָסאָראַ בייזן שטורעם עס דערוואַרט איר פון טאַטן, אויב זי וועט איינלאַדן דעם שוחט צו זיין אונדזער גאַסט... ווער האָט געשאָכטן דעם שוחט? צי איז ער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד?... איז ער משוגע געוואָרן פון שרעק אין דער טיפעניש פון וואַלד? צי האָט ער געבלאָנדזשעט?...

די מיסטעריע פון דעם שוחט׳ס טויט וועט שוין אויף אייביק פאַרבלייבן אַ מוראדיק רעטעניש אין מיין לעבן...

איך געדענק אַז איינמאָל, אין אַן ערב יום־טוב, האָב איך געטראָגן אַ פעטע און אויסגעשטאָפּטע גאַנדז צום שוחט. צוריקקערנדיק זיך אַהיים מיט דער געשאָכטענער גאַנדז, האָב איך באַמערקט אַז זי לעבט נאָך. ווארים זי האָט זיך געצאַפּלט און געריסן אַן אָטעם צו טאָן מיט גאָט׳ס ריינער לופט וואָס מיינט לעבן... איך בין געגאַנגען לענגאויס דעם קליינעם טייכל, אין די הויכע און פייכטע גראָזן. פּלוצלינג איז מיך באַפאַלן אַ מעכטיקער רחמנות־געפיל צו דער געשאָכטענער גאַנדז און איך האָב זי אַריינגעלאָזט אינעם מוטנעם און היימישן וואַסערל.

מיט רחבותדיק צעשפּרייטע און בלוטיק־פּאַרפּלעקטע פליגל האָט זיך די גאַנדז, אַ נישט טויטע־און־נישט־לעבעדיקע, זיך געלאָזט שווימען מיטן שטראָם. איך האָב באותו רגע דערפילט די געפאַר... איך בין איר אין מיין ביטערער פאַרצווייפלונג נאָכגעלאָפן און זי געוואָלט אַרויסכאַפּן פון וואַסער־שטראָם. די גאַנדז איז אָבער ביז אויף דעם היינטיקן טאָג פאַרשוווּנדן געוואָרן אינ׳ם טייכל, מיט אַן איבערגעשניטענעם האַלדז. איר דראַנג צו לעבן און צו פרייהייט איז מיר אויף תמיד אַריין ווי אַ פּייערווינט אין האַרצן... יענער יום־טוב פון מיין קינדהייט איז שוין ביי אונדז אין שטוב געווען אַ פאַרחושכטער... מיין טאַטע האָט מיך שוין קליינערהייט באַצייכנט אַלס אַ מין מאָדנע אינגל, מיט פאַרדעכטיקטע און געהיימנישפולע נייגונגען... אַזאַ ברייטער, הומאַניסטישער זשעסט האָט ווייל געפּאַסט פאַר אַ קינפטיקן רעוואָלוציאָנער און אַ בונטאַרן ראָמאַנטיקער...

אין די הערבסטיקע טעג פון כפרות־שלאָגן געדענק איך געננוי די טונקעלע פרימאָרגנס. גרוי און אומהיימלעך אַזוי ווי אין דעם היינטיקן באַגינען. דער רעגן קאַפּעט אַן אומעטיקער איבער די נאַסע דעכער. דער ווינט בויגט איין די עלאַסטישע צווייגן פון די בוימער אַזוי ווי דער שוחט בויגט איין די העלדזער פון אומגליקלעכע עופות. דער טאַטע שטייט מיט מיר און מיט מיין עלטערן ברודער שלמה ביים פענצטער. ער דרייט איבער אונדזערע קעפּ דאָס געבונדענע עוף... דאָס עוף שרייט מיט אַ ממש מענטשלעכן קול... דער טאַטע זאָגט הויך די תפילה. מיר זאָגן נאָך דער־שראָקענע. אָבער דאָס אומגליקלעכע עוף שרייט נעבעך נאָך העכער, יאָ־מערט אַריבער אונדזער תפילה צום רבונו של עולם, אַזוי ווי עס וואָלט וועלן אויסשרייען צום אומפאַריינטלעכן און גרוי־שטאָלענעם הימל:

— מיין האַרצרייסנדיקע תפילה וועט פריער אָנקומען צו גאָט ווי אייער געבעט. ווארים איך שריי פון ביטערע יסורים און פון דעם לעצטן אַנגסט. ווארים איך שריי דאָס לעצטע און מאַמטיקע געשרייעניש. ווארים איך קוויטשע שוין נעבעך פאַר דער מיתה. איר דרייט מיך אַרום אייערע קעפּ אַ געבונדענע מיט הענט און פיס. אָבער מיין הינערישע נשמה קרייזט

שוין אַרום דעם כסא הכבוד פון גאָט. און גאָט הערט מיך צו מיט זיינע אומגעהויערע אויערן. וואָרים מיין אַנגסטיק און ביטער געשריי איז דאָס סאַמע ביטערסטע געשריי פון אַלע געשרייען אין דער וועלט. און גאָט׳ס טרערן ווייקן מיך ממש אַדורך... איך בין פּיטש־נאַס פון גאָט׳ס טרערן, און גאָט האָט מיט מיר גרויס רחמנות און רחמים. און, ווען איר שעכט מיך, באַרבאַרישע מענטשן וואָס איר זענט, שעכט איר גאָט אַליין. איר ברעכט זיינע אייגענע גלידער ווי דער שטורעם ברעכט די צווייגן אין אַ וואַלד. (זייט מוחל מיין פּאָעזיע!) די דאָזיקע ווערטער שליידערט צו אייך אַן אָרעמע הונ׳טשינע אין אירע פּינצטערע יסורים פאַרן טויט!...

איך געדענק די דאָזיקע אומעטיקע באַגינענס פון כפּרות שלאָגן. דער סוף פונם הערלעכן זומער, דעם פריען אָנפאַנג פונם גרויען טאָג, דעם אייביקן רעגן וואָס זאָגט אָן גרויע, אומעטיקע, ווינטערדיקע טעג. ביין. עס איז ב׳קיין שום אופן נישט געווען פריילעך אין די דאָזיקע גרויע באַגינענס...

* * *

עס איז אויך טיילמאָל געווען אַ געוויסער סאָרט הומאָר אַרום די הינער. דער טאַטע, מיט זיין שטענדיקער נייגונג אַהיימצוברענגען קראַנקע פערד, וועלכע ער פלעגט היילן; מיט זיין אינטערעס פאַר צעבראָכענע זייגערס, וועלכע ער פלעגט אין די לאַנגע, ווינטערדיקע נעכט אויספאַרריכטן; דער אומגליקלעכער אייגנטימער פון וואַסער־מילן אָן וואַסער, ווייל עס איז קיין רעגן נישט געפאַלן; דער פּראָדוצירער פון שפּיגלען וועלכע זשאַווערן; דער בויער פון הייזער און פון פּאַלאַצן וועלכע צעפאַלן ווי קאָרטן־שטיבלעך ביים ערשטן שטורעם; דער גלעזער און דער שדכן וועמענס צונויפגעפירטע חתן־כלה שטאַרבן פון שווינדזוכט פאַר דער חופּה; דער דאָזיקער מאָדנער דאָן קיכאָטישער און פאַוסטישער טאַטע פלעגט אויך אַהיימברענגען געראַניעטע הינער, קראַנקע הענער, מידע און מאַטע פייגל מיט געשלאָגענע פליגלען און צעבראָכענע באַשעפענישן פון דער ערד — די איינזאַמסטע קרעאַטורן פון דעם מיטגנאַכטיקן וועלט־יאַריד...

איינמאָל אין אַ טאָג האָט מיין טאַטע אַהיימגעבראַכט פון שטעטל אַ זייער מאָדנע מין באַשעפעניש: אַ הון אַזאַ וואָס האָט נעבעך נישט אויסגעזען נישט ווי קיין הון און נישט ווי קיין האָן. עס איז געווען אַזאַ מין באַ־פליגלטע אַנדרוגינעס. עס איז אויך געווען אין אַ זייער מיזעראַבעלן צושטאַנד. די בורשטין־געלע פעדערן זיינען ביי דעם געווען אויסגע־פליקט, אַזוי ווי נאָך אַ מוראדיקן געראַנגל מיט אַ בייזן אָדלער. עס האָט אויך נישט געהאַט קיין רויטן קאַם, ווי געוויינלעך עס האָט אַ האָן. און אַוודאי האָט עס נישט באַזעסן דעם קוראַזש און די צאָרנדיקייט פון אַ האָן,

וואָס באַטראַכט זיך באַלד אַלס דער קייסער פון דעם הינער־פאָלק. קיין אייער האָט עס אָבער אויך נישט געלעגט. דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז עס איז אַ הון און אַז ווען מען וועט עס אויסהאָדעווען, וועט עס זיין אַ פּעטע, טייערע הון — ממש אַן אַנטיק. די מאַמע האָט אַלע טאָג אָוועקגעבלאָזן די דינע פּוך־פעדערן פונם הינטן און געטאַפּט צי עס האָט שוין אַן איי... מיר, קינדער, האָבן הילכיק געלאַכט. וואָרים מיר האָבן ווויל פאַרדעכטיקט אַז עס איז נישט קיין הון, נאָר אַ מין טומטום... סיי ווי, מען האָט עס דורכן גאַנצן זומער גאַנץ פיין געקאָרמעט, געקעכלט און געפּאַשעט. דער טאַטע איז תמיד געווען דער הייסער טשאַמפּיאָן פונם דאָזיקן אומעטיקן און עפּעס נישטדערוואַקסענעם באַשעפעניש פון אַן עוף. די מאַמע האָט, אַזוי ווי תמיד, געשוויגן, קיינמאָל נישט וועלנדיק פאַרווונדיקן דעם טאַטנס שטאָלץ... נאָר זי האָט ווויל געוווּסט אַז קיין אייער וועט שוין די „הון" נישט לעגן, מחמת זי איז גיכער אַזאַ מין סאָרט „האָן" ווי אַ הון... אָבער מיר, קליינע אינגלעך, האָבן אין זייערביידענס היפּאָטעזן היפּש געצווייפלט: וואָרים עס איז געווען קלאָר אַז דאָס מאָדנע באַשעפעניש איז גאַנץ ווייט פון צו זיין אַ האָן אָדער אַ הון — נאָר עפּעס אַזאַ מין פויגלשער אַנדרו־גינעס... אַ טרויעריק פאַרזעעניש פון דער נאַטור. אַן אָרעם און אַן אומעטיק באַפליגלט ווען, וואָס דער האָן האָט עס נעבעך ביטער געשלאָגן, עס פאַרשעמט, געביסן און עס פאַרטריבן פון דער מחנה הינער... די הינער ווידער, ווען זיי האָבן עס געפּאַקט אין אַ ווינקל, האָבן עס אומברחמנותדיק געדזשאָבעט. די פייגל, ביים מינדעסטן דערזען עס אויפן הויף, זיינען עס אַן אַ שום מורא באַפאַלן און עס צעפּיקט מיט זייערע שנאָבלען.

ווען עס איז געקומען צו רייד וועגן אַמאָל ענדלעך ענדיקן די קאָמעדיע און עס אָפּשעכטן, האָט דער טאַטע זיך אַנטקעגנגעשטעלט. אָט דאָס אָרעמע באַשעפעניש איז דווקא געווען דעם טאַטנס ליבלינג. מען קען אַפילו זאָגן: דעם טאַטנס „וויכאָוואַניעץ". און בכלל האָט דער טאַטע דאָך נישט געהאַלטן פון שחיטה. ער האָט אָפטמאָל היפּש איראָניזירט ווי אַזוי די ברוטאַלע שוחטים שפּילן נאָך דערצו די ראָלע פון די שיינע אידן... אין דער אמתן האָט ער געהאַלטן אַז שוחטים זיינען פּשוטע רוצחים און סאַדיסטן. זיי האָבן הערצער ווי די שטיינער. אַז זיי געהערן פּשוט צו דעם קלאַס פון חזירקיילערס, הינטשלעגערס און ברוטאַלע תלינים...

יאָ, מען האָט דאָס אָרעמע שטיקל באַשעפעניש פון אַן עוף עפּעס שפּע־טער פאַרקויפט צו איינעם אַ הינער־הענדלער און זיין באַשטימט געשלעכט איז שוין געבליבן אַ סוד ביז אויף דעם היינטיקן טאָג... דער הענדלער האָט עס אוודאי באַלד איינגעשניטן אינם גערגל און עס פאַרוואַנדלט אין עטלעכע פונט פלייש...

אָבער צו אונדז, קינדער, האָט דאָס אומבאַשטימטע און געהיימנישפולע באַשעפעניש געבראַכט אַ סך הומאָר. שטענדיק, ווען מען האָט חשק געהאַט אַביסל גוטמוטיק אָפּצוחוזקן פונם טאַטן, פלעגט מען פאַרברענגען די מעשה מיט דער „הון" וואָס איז געווען אַזאַ מין „האָן"... און אויך דאָס לעצטע איז געווען צווייפלהאַפט...

און דער שוחט האָט אין איין שיינעם טאָג איבערגעשניטן דעם קניפּל־קנויל פון אַלע אונדזערע דיסקוסיעס און צווייפלענישן. איין זאַך איז אָבער געווען אָן דעם מינדעסטן ספק: דאָס שטיקל מיזעראַבעלע לעבן איז פון דעם אַנדרוגינעס אַרויסגעשאָכטן געוואָרן מיטן שוחט'ס בלאַנקן חלף... און זיין ביסל בלוט איז געווען רויט ווי דאָס בלוט פון מענטשן... און די טראָפּנס רויטע בלוט האָבן געשפּריצט צום הימל ווי אַ קליינער, אָבער אַ פלאַמיקער פאָנטאַן, און זיי האָבן געמאָנט חשבון פון דעם רבונו של עולם... און אָן אויג פון אַ נביא האָט דאָס געזען און האָט אין זיין געשריי און פּראָטעסט צו גאָט אַריינגענומען אויך דאָס דינע, קוויטשעדיקע גסיסה־כאָרכלען און געשריי פון דעם טייערן באַשעפעניש, וואָס האָט זיך דורך אַזוי פיל יאָרן זיך פאָרט פאַרוואַלגערט אין מיין זכרון און זיך נישט געלאָזט אָפּמעקן פון דעם גרויסן, מעכטיקן מעקער פון צייט און עס איז אַריין אינם דאָזיקן בוך פון מיין לעבן מיט דער קראַפט פון זיין בלוט, פון זיין מוראדיק־פאַרגאָסענעם בלוט...

און עס גייט אויף צו מיין טאַטן עפּעס אַ טיפע סימפּאַטיע אין מיין האַרץ... מיר געפעלט איצט ווי אַזוי ער האָט געפּרוווט הײלן די פאַר־וווּנדעטע קרעאַטורן פון דער ערד: די געראַניעטע פערד און די טויטע זייגערס און די צעבראָכענע שייערן און הייזער אין מלחמה־צייט. עפּעס איז אין דעם דאָזיקן מאַן, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן אָפּגעגעבן צום שלימזל, וואָס האָט געפּרוווט באַנדאַזשירן קראַנקע ביימער און היילן די וווּנדן פון פייגל און הינער, און וואָס האָט תמיד געטראָפן דערנעבן און אייביק זיך געראַנגלט מיט אַ קללה אין זיין האַרצן — עפּעס איז, ווייזט אויס, דער דאָזיקער מאַן פון דער השגחה געווען באַשטימט צו זיין אַ געוואַלטיקער רופא און ברענגען טרייסט און לינדערונג צו די שוואַכע און געפּייניקטע. אָבער, אַנשטאָט אַ רופא, האָט ער גאָר געהיילט די זאַכן וואָס זיינען געווען באַשטימט צו שטאַרבן און אַנשטאָט לינדערונג, האָט ער צו זיין ווייב און קינדער געבראַכט טרויער, צאָרן און איינזאַמקייט...

ניו יאָרק, 16 סעפּטעמבער, 1956.

# מיין טאַטנס טינט און פּעדער

עס איז ביי אונדז תמיד געווען טינט און פּעדער. אויף אַן עלעגאַנטן שרייבטישעלע, פּונקט אויף אַזאַ ווי איך שרייב איצט, און וואָס איז מיר טאַקע איבערגעבליבן בירושה פון מיין טאַטן, פון זיין בראָנקסער וווינונג, — פלעגט שטיין דער טונקעלער טינטער מיט שווערע, געדיכטע טינט און אַ פּאַרביקע סטאַלקע מיט אַ שטאָלענער פּענע. דער טאַטע פלעגט אָפט שרייבן בריוו צו זיינע קינדער אין אַמעריקע. אויך צו זיינע ברידער אין די קליינע פּוילישע שטעט, ווי כעלם, שעדלעץ און גלאָוואַטשאָוו. אָבער דאָס שרייבן בריוו איז ביי אים נישט געווען דער סאַמע עיקר. עס איז געווען אַ פּול טיפערער מיין און צוועק. דאָס שרייבן איז אפשר צו אים געווען די איינציקע הייליקייט אין זיין לעבן. אים האָט כל־ימיו געצויגן צו דער פּען. עס איז אויך געווען פיל וויכטיקער צו אים ווי דאָס פאַרשרייבן די מאָרגינעזן פון ספרים מיט די פּרייזן פונם היוכן יקרות אין די טעג פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אָדער דאָס פאַרשרייבן די שער־בלעטער מיט די דאַטעס פון די געבורטן פון זיינע קינדער. מיט די טויט־דאַטעס פון זיינע עלטערן. דאָס שרייבן איז צו מיין טאַטן געווען עפּעס אַ פיל־טיפערע שטרעבונג. עפּעס האָט עס פאַר אים געהאַט אַ געהיימנישפולן, ליכטיקן זינען. און דאָס קען נאָר אויסגעטייטשט ווערן אַז מיין טאַטע האָט געהאַט טאַלאַנט פון אַ שרייבער, אַז אים האָט געצויגן צו שריפטשטעלעריי. אַ סך זאַכן אין זיין שטורעמדיקן אין דראַמאַטישן לעבן האָבן עס באַשטעטיקט. וואָלט ער געוואָרן אַ פּראָ־פעסיאָנעלער שריפטשטעלער, וואָלט ער אַוודאי געלעבט רואיקער און איבער־לעך צופרידענער. ער וואָלט אין זיין לעבן נישט אַזוי בלינדערהייט געזוכט זיין צוועק, זיין אידעאַל און דעם זין פון זיין לעבן. ער וואָלט זיך נישט אַזוי צעקלאַפּט זיין קאָפּ אין די ווענט פונעם שטיינערנעם האָריזאָנט. זיין שיקזאַל וואָלט אפשר צו אים געוואָרן קלאָרער. —

אויפן טאַטנס ציכטיקן און געפּאָלירטן שרייבטישעלע איז תמיד גע־שטאַנען דאָס לעש־פּאַפּיר... אויב ער האָט נישט דאָס נאַסע בויגעלע פּאַפּיר אויסגעטריקנט ביים שיין פונם וואַרעמען אָבאַזשור, איבערן אַלטמאָדישן בליך־לאָמפּ, אָדער ער האָט מיט אַ ביסעלע טרוקענע, געלע זאַמד, וואָס ער האָט אַרויפגעשאָטן אויף די דיקע אותיות, אָנגעפּילטע מיטן געוויינלעך אייגענעם געמאַכטן, טושאָוון טינט, האָט ער מיטן לעש־פּאַפּיר אַרויסגעזויגן דעם טינט פון די פּעטע און פייכטע, אידיש־קאַליגראַפישע בוכשטאַבן...

עס איז אגב איין אייגנשאַפט וואָס איך האָב זיך דווקא נישט אָפּגעלערנט פונם טאַטן: איך באַנוץ נישט קיין שום לעש־פּאַפּיר פון די סאַמע ערשטע יאָרן אָן, זינט איך האָב אָנגעהויבן באַוואוסטזיניק צו שרייבן... איך פיל אַז עס איז עפּעס נישט רעכט צוריק אַרויסצוזויגן דעם געדיכטן טינט פון

די דיקע, מאַסיווע אותיות, וואָס גלאַנצן לעבעדיק פונם פּאַפּיר אַראָפּ מיט זייערע קליינע טראָפּנס זיידענע טינט... איך וויל נישט אַז די אותיות זאָלן בלייבן שטיין אַזעלכע בלייכע און בלוטלאָזע נאָכן איבערדעקן זיי מיטן פּאַרפלעקטן לעשפּאַפּיר... און בכלל באַמי איך זיך תמיד צו באַנוצן פעטן, געדיכטן טינט צום שרייבן... "Skrip-Inc" איז מיין באַליבטער טינט זינט איך בין אין אַמעריקע. פאַר דער עכטקייט וואָס שייך די ריינע פאַרב... פאַרן אימפּרעס אויפן שניי־ווייסן פּאַפּיר...

אויסער אין ביוראָס, איז בכלל היינטיקע צייטן דאָס לעש־פּאַפּיר אַרויס פון דער מאָדע... אָבער איך געדענק נאָך אַלץ דעם טאַטנס לעש־פּאַפּיר, וואָס האָט איינגעזאַפּט אין זיין טיפעניש די שיינע אותיות פון אַלע זיינע בריוו... און וואָס איז געווען געדיכט פאַרפלעקט מיט היימיש־געמאַכטן טינט... אַזוי ווי עס איז פאַרפלעקט אַ הימל מיט איבערגעבליבענע שטיקלעך וואָלקנס, אין לירישן פאַרנאַכט, נאָכן רייכן זון־אונטערגאַנג...

ווי געזאָגט: עס איז תמיד געווען טינט און פעדער ביי אונדז אין דער היים. מיין טאַטע פלעגט פון טושאָווע בלייפעדערס צעשמעלצן גרויסע פלעשער מיט טושאָון, הימל־בלויען טינט. וואָרים טינט איז געוואָרן טייער אין דער נאָך־מלחמה־צייט. מיין טאַטע, וואָס איז געווען אַ באַוואונדערער פון מענטשלעכע הענט, וועלכע זיינען אימשטאַנד אויסצואַרבעטן וואונדערלעכע זאַכן און וועלכער האָט אַליין געהאַט גאָלדענע הענט צום מאָלן, שרייבן, שניצן, זעגן און באַשאַפן אַרטיזאַניש־פיינע זאַכן — האָט אויך באַוואונדערט דעם נס פון טינט. מיט אַ ספּעציעלער ליבשאַפט פלעגט ער צוגרייטן גרויסע פלעשער מיט פרישן טינט, אין וועמענס פינצטערע טיפענישן, ווי אין קליינע אָצעאַנען, ער פלעגט זיך שפּיגלען ביים שיין פונם היימישן לאָמפּ, ווי ער וואָלט זיין עפּעס אַ געהיימנישפולער גייסט אָדער דעמאָן. ער פלעגט אויך מאַכן אַ ספּעציעלע פלאַש מיט רויטע טינט וואָס פלעגט לויכטן ווי בלוט אָדער ווי דאָס פייער פון בליצן און וואָס ער פלעגט באַנוצן ביים אַריינשרייבן אין זיינע בריוו אַ נאָמען אָדער ווערט אַ זאַך וואָס איז ווערט באַזונדערס צו אַקצענטירן. ער האָט געוואַלטיק ליב געהאַט די שיינקייט און די געטלעכע דערשיינונג פון קאָלירן...

און, איך קען זאָגן אַז טינט איז אויך געוואָרן מיין לעבן. נישט קיין וויין, נאָר פּשוטער, זיידענער טינט. ווען דער טאַטע פלעגט אין גרייז־גרויען און בלויען באַגינען אַוועקגיין איבער די זאַפּטיק־גרינע פּוילישע דערפער מיטן פעקל קלאַפּנדיקע זייגערלעך אונטערן אָרעם, דעמאָלט פלעג איך אַ גליקלעכער און אַ פאַרכישופטער זיך צוכאַפּן צו דער פלאַש מיט טינט און צו דער הילצערנער סטאָלקע מיט דער פעדער און שרייבן און פאַרשרייבן וווּנדערלעכע שטיקלעך פּאַפּיר... איך פלעג פאַרשמירן מיינע פינגערלעך מיט טינט. גרויסע פלעקן פלעגן בלייבן שטיין אויף דער צעראַטע און אַפילו

אויפן שבת׳דיקן טישטוך הינטער דער דיקער צעראַטע. ווען מיין טאַטע פלעגט אין פּאַרנאַכט אַהיימקומען, אַזאַ מידער, אַזאַ טרויעריקער און אַזאַ דערשלאָגענער פון זיינע דאָרפישע וואַנדערונגען, פון אַ וועלט וואָס איז פיינטלעך צום איד — פלעגט ער באַלד דערזען די פלעקן מיט טינט אויף מיינע קליינע הענט, אויך די טונקעלע פלעקן אויפן טיש, און ער פלעגט דעמאָלט שרייען:

— שיע, האָט שוין געשריבן און געמאַדזשעט!...

אָבער טראָץ דעם טאַטנס בייזן שרייען פלעגט מיך דאָך מאַגיש ציען צום פלעשל טינט און צו דער פּענע, ווי אַ שיכור ציט צום פלעשל בראָנפן... איך פלעג אַן אומגעדולדיקער וואַרטן אויף דעם פרימאָרגן ווען דער טאַטע עפנט די טיר און ער פּאַלט אַריין אין דעם שטיק זיידענעם און פינצטערן רוים פונעם אויפשטראַלנדיקן פרימאָרגן ווי אין אַ טיפן ים, אין דער ריכטונג צו די נאָענטע און ווייטע פּוילישע דערפער, פול מיט אומפריינטלעכקייט צום דורותדיק־אַלטן איד אין פּוילן — דעמאָלט פלעג איך אויפדאַסניי צופאַלן, ווי אַ דאַרשטיקער וואַנדערער צו אַן אָאַזיס אין מדבר, צו שווייגנדיקע טינט און צו פּענע און אָנהויבן שרייבן. דאָס שרייבן איז געווען מיין ווילדע און אויסטערלישע ליידנשאַפט. דאָס שרייבן איז שפּעטער אין לעבן געוואָרן מיין גורל, מיין שיקזאַל, מיין גאַנץ לעבן. עס איז געוואָרן אַ גע־פערלעכע געוווינקייט. אַ בלוטיק געזעץ אין מיין לעבן: צו לעבן, כדי דאָס לעבן פולבלוטיק צו באַשרייבן. קיינמאָל נישט צו געניסן פון די פריידן פונעם לעבן — איידער איך פאַרוואַנדל עס אין שריפט... דאָס לעבן וויכטיק צו מאַכן אויף אַזוי פיל ווי עס איז וויכטיק אַלס רוי־מאַטעריאַל פאַר דער פאַרשאַלטענער פּעדער, צו וועלכער איך בין פאַרשקלאַפט פון דעם פריען באַגינען, וואָס איז נאָך פינצטער און חושך ווי אַ פאַס מיט טינט — ביזן שפּעטן אָוונט, ווען די נאַכט פאַרגיסט דעם קאָסמאָס ווי אַן אומגעהויערער ים פון פינצטערן טינט, אין וועלכן איך שטעק אומאויפהערלעך מיין פּען, כדי צו שרייבן און צו טראַנספאָרמירן מיין גאַנץ לעבן אין ליטע־ראַרישן מאַנוסקריפּט...

דאָס וואָס מיין טאַטע האָט אויסגעמידן, האָט מיך פולקאָם באַהערשט. די פּען האָט דאָך קיינמאָל אויף אים נישט געקענט האָבן אַזאַ מוראדיקע און דעמאָנישע מאַכט, ווי אויף מיר, דעם פאַנאַטישן קנעכט פון דער פּעדער. דער גלאַדיאַטאָר פון זיין שרייבן. אויב אין מיין פאָטער האָבן געלעבט קינסטלערישע פּאָטענצן און געוואַלטיקע גייסטיקע אור־כוחות, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט געבראַכט צום אויסדרוק אין אַ ריינער פאָרם און וואָס זיינען מיט אים מיטגעשטאָרבן צוזאַמען מיט זיין פלייש און מיט זיין געביין — בין איך געווען אַ פאַרשאַלטענער קנעכט צום מין שרייבן פון די סאַמע

ערשטע באַוווסטזיניקע יאָרן מיינע. צו שרייבן איז געוואָרן מיין לעבנס־אידעאַל. מיין לעבנס־מאָטאָ און מאָטאָר... מיין לעבנס־פילאָסאָפיע. און פונם פינצטער־בלויען פלאַש מיט טושאַווע טינט, וואָס מיין טאַטע האָט פּראָדוצירט, פלעגט ווי אַרויסשרייען אַ פינצטערער דעמאָן מיט אַ פלאַמיק־שוואַרצן, נעגערישן פּנים, אַזוי ווי אַ שד:

— דו וועסט אייביק שרייבן. דו וועסט מוזן שרייבן. דו וועסט פאַר־שרייבן דעם לייוונט פון דיינע טעג און דעם פלוש פון דיינע נעכט. דו וועסט שוואַרץ מאַכן מיט דיינע ריזיקע אותיות דאָס שניי־ווייסע פּאַפּיר, אַזוי ווי געוואַלטיקע בויגנס לופט־און־רוים. דו וועסט אַ ווילדער פאַר־שרייבן די האָריזאָנטן פון דיינע מעת־לעת׳ן. דו וועסט אייביק טונקען דיין פען אין פינצטערער, חושכ׳דיק־יסורימדיקער נאַכט. דו וועסט קיינמאָל נישט קענען אַנטרינען און אַנטלויפן פון מיר און פון מיין טייוולישער מאַכט. צו שרייבן וועט ווערן דיין פינצטערע און דיין פייערדיקע ברכה און דיין גרויזאַמע קללה. איך, פינצטערער־און־פייערדיקער סאַטאַן פון טינט, וועל ווערן דיין מזל און דיין שיקזאַל. מיט מיר, ווי יעקב מיטן מלאך, וועסטו זיך אייביק מוראדיק ראַנגלען. דו וועסט מוזן גיין אין אַ בלוטיקן געפעכט מיט מיר. דו וועסט אייביק זיין נאָס־פאַרבלוטיקט פון מיין שאַרפע שווערט — די פען... דו וועסט תמיד זיין אין דער טיפעניש פון דיין האַרצן אַ געראַניעטער. לויכטן וועלן אין דיינע פינצטערע נעכט ביים פייערדיקן שרייבן די פייער־און־בלוט־טריפנדיקע ווונדן פון מיין פען אין דיין ווייטיק־פול לייב, אין דיין נשמה!...

אַט אַזוי פלעגט ציניש און שטרענג אַרויסלויכטן און אַרויסדונערן צו מיר פון דער געהיימנישפולער פלאַש מיט טינט — ווי פון אַ חושכ׳דיקן קאָסמאָס — דאָס נעגערישע פּנים און דאָס פירכטערלעכע געשטאַלט פונם בייזן און מעכטיקן דעמאָן פון שרייבן און שאַפן. און, ער האָט ריכטיק פאָרויסגעזאָגט, דער נעגעריש־פלאַמיקער נביא פון דעם בלוטיקן טאָל־און־אָפגרונט פון טינט אַרויס. ער האָט פּרעציז געזען די צוקונפט פון מיין גאַנצן לעבן. ער האָט וויל געציילט מיינע טעג און נעכט און ער האָט געטנוי געוויגן מיינע מעשים — ביז היינט צו טאָג און ביזן סוף פון מיינע טעג...

די בענקשאַפט נאָך טינט, כאָטש איך האָב שוין זינט מיין קינדהייט פאַרשריבן טאָנען מיט פּאַפּיר און פעסער מיט פינצטערן טינט, איז נאָך אַלץ געוואַלטיק און אומדערשעפלעך אין מיין נפש.

אין דעם פאַרנאַכט ווען איך בין אַהיימגעפאָרן פון מיין ברודער וואָלע׳ס לויה מיטן איטאַליענישן פיונעראַל־מאַן דזשאָ רוסאָ, האָב איך אים געבעטן זיך אָפּצושטעלן ביי די קראָמען אויף איסט בראָדווי. איך בין ווי אַ משוגענער אַריינגעלאָפן אין איינע פון די קראָמען, כדי צו קויפן אַ גרויסע

פלאַש מיט טינט... כדי צו קענען באַשרייבן מיין ברודערס לויה יענעם אָוונט... צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן האָט דער איטאַליענער, דזשאָ רוסאָ, געזען פאַר זיך אַזאַ מין מאָדנעם מענטש: אַנשטאָט צו גיין מיט אים, ווי ער האָט מיך געבעטן, אין אַ סאַלון און צו טרינקען ליקער, בין איך גאָר געלאָפן קויפן טינט... איך בין געווען, נאָך אַזאַ טאָג פון שרעקלעכע און ביזאַרע איבערלעבענישן, ווילד־הונגעריק נאָך שרייבן!... ווילד־דאָר־שטיק נאָך דעם פאַרשאָלטענעם און מענטשלעך־געטלעכן שרייבן... איך האָב אַהיימגעפירט צו מיין מיניאַטורענעם אוניווערס — מיין איינזאַמען דאַך־שטיבל אַרום צענטראַל־פּאַרק וועסט — די שפּאָרע פלאַש מיט טינט, אַ גרייטער און שעפעריש־באַזעסענער צו פאַרשרייבן אַלע הימלען און אַלע ערדן, אַלע לייוונטן פון קאָסמאָס און אַלע פּאַפּירוסן פון די אַנגעצונדענע האָריזאָנטן — מיט מיינע בלוטיק־און־פייערדיק־טריפנדיקע אותיות, וואָס זיינען די קינדער־וואַמפירן פון מיין לייב־און־לעבן...

ניו־יאָרק, 13טער סעפּטעמבער, 1956.

# דער טאַטע קעמפט מיט די ווערם

נישט די גרויסע, געפערלעכע חיות, נאָר די ברודיקע אינסעקטן באַגלייטן דעם אָרעמען מענטש אויף זיין וועג איבער דער ערד. איך געדענק ווי דער טאַטע קעמפט אייביק אַנטקעגן וואַנצן, פליגן, פליי און לייז. ער שטייט אויף אין גרויען און פּריען באַגינען, ווען מיט אַ בורשטיניקן קאָליר, ווי טריפנדיקער האָניק, ברענגען נאָך הייס גרויסע פּאַסן הימלישער לייוואַנט, אַזוי ווי נאָך אַ ביינאַכטיקער קאָסמישער שרפה, און ער באַגיסט מיט נאַפט די הילצערנע בעטן, די שטולן, די קאָמאָדן און די אַלטע, קרעכצנדיקע קאַנאַפּע. אמת, ער שילט דער מאַמען דערביי, ווי שטענדיק, אַזוי ווי זי וואָלט זיין שולדיק אין אַלע צרות. אָבער ער איז דער אומברחמנות׳דיקער רייניקער אין הויז פון די ברודיקע אינסעקטן. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ברענגט ער אַהיים, אין נאָוואַגוראַ, גאַנצע פלעשער מיט קאַרבאָל, און ער גיסט אויס אויף די ווענט, אויף דער פּאָדלאָגע, אויף די בעטן און אויף אַונדז, קינדער. ער קעמפט עקשנות׳דיק אַנטקעגן די באַצילן. ווען אין דאָרף נאָוואַגוראַ ליגן אַלע אין פיבער פון טיפוס, דרייען מיר זיך אַרום צווישן זיי, געזונטע. דער טאַטע באַגיסט אונדז עטלעכע מאָל דורכן טאָג מיט קאַרבאָל. מיר האָבן אין די מלחמה־יאָרן קיינמאָל נישט געליטן אויף קיין טיפוס, ווי די מערסטע איינוווינער פון פּוילן, אין די ביטערע יאָרן פון הונגער, אָרעמקייט און היימלאָזיקייט. די דייטשע סאָניטאַרן קומען אין דאָרף אַריין אין גאַנצע מחנות און דעזינפעקצירן יעדעס דאָרפישע הויז. אָבער אונדזער הויז באַוווּנדערן זיי און מיידן עס אויס. זיי באַוווּנדערן די

זויבערקייט, די ריינקייט פונם בעטגעוואַנט, פון אונדזערע בגדים. אין די ביטערסטע פרעסט האַלט דער טאַטע אָפן יעדער טאָג אויף אַ פּאָר מינוט טירן און פענצטער. ער וואַשט זיך מיט זייף און ער טוישט יעדער וואָך רעגולער זיין העמד. אַפילו זיין באָרד איז אַ מוסטער פון ריינקייט און שיינ־קייט. נישט באַנוצדיק זיך מיט קיין שער, איז אָבער זיין באָרד שטענדיק שיין פאַרקעמט, גוט געפּלעגט. ער פּליקט אויס די איבעריקע האָר פון האַלדז, פון די באַקן. ער בייסט אָפּ מיט די ציין די איבעריקע האָר. מען רופט זיין באָרד: „דעם גענעראַלס באָרד". גוים האָבן דרך ארץ פאַר זיין באָרד און פאַר זיין קאָפּ ווייסע, אָבער שיין־געקרויזטע, געזונטע האָר. מיט אַ קאָפּ נאָך שטאַרק געדיכטע, פּרעכטיקע האָר האָט מען דעם טאַטן געלעגט אין דר'ערד אַריין, אין דער ברוקלינער ערד...

ריינקייט האָט תמיד געהערשט אין אונדזער הויז. דאָס האָנטוך האָט אָפט געמוזט געטוישט ווערן אין שטוב. ווי נאָר מיר האָבן זיך ערגעץ ווו געצויגן, האָט מיין טאַטע זיך באַלד אָוועקגעשטעלט אויפן פעלד, כדי צו בויען אַ טואַלעט־צימער... דאָס האָט דעם סאַמע ערשטן טאָג געמוזט זיין געהעריק צוגעגרייט און זויבער און ציכטיק דורך די מיטגלידער פון דער פאַמיליע געהאַלטן. מען האָט אין דער משפחה פיל אָפּגעלאַכט פון דעם טאַטנס אינטערעס פאַרן בית־הכסא... אַ גאַנץ לעבן האָט ער ממש גע־קעמפט פאַרן בית־הכסא. ער פלעגט פאַרלאָזן וווינונגען, ווייל עס איז נישט געווען דאַנעבן אַ באַקוועמע בית־הכסא. ווי נאָר ער פלעגט דינגען אַ נייע וווינונג, איז די ערשטע זאַך געווען אויסצוגעפינען צי עס איז פאַראַן אַ פּאַסיקער טואַלעט־צימער... ערשט אין די שפּעטערדיקע יאָרן געפינען מיר אַליין אויס די וויכטיקייט פון דעם ענין. מיר שעצן דעמאָלט אָפּ דעם טאַטנס כאַראַקטער. ערשט אין די לעצטע טעג לייען איך ווי אַ אידישער בעלעטריסט ציטירט די חכמים אונדזערע: „אַן עושר איז דער, וואָס האָט דאָס בית הכסא נעבן זיין טיש".

איך געדענק נאָך עפּעס: ווען מיר פלעגן זיך אַרויסציען פון אַ וווינונג, פלעגט דער טאַטע שטענדיק הייסן אויסקערן אויף ריין די שטוב. אַ דירה מוז מען איבערלאָזן אַ שיינע, כדי די מענטשן וואָס ציען זיך דערנאָך אַריין, זאָלן נישט זיין געצוווּנגען צו זאָגן: „וואָסאַראַ מיאוסע, ברודיקע מענטשן האָבן דאָ געוווינט".

איך געדענק עפּעס אַ זייער ווייטן באַגינען אין מיין קינדערשן לעבן. מען קערט אויס די שטוב. מיר דאַכט זיך: עס איז געווען אין נאַלענצאָף. מען וואַרפט אַרויס דאָס מיסט. אין דער גרויסער שטוב בלייבט שטיין אַ מאַדנער אומעט... איך וועל אויף אייביק שוין געדענקען דעם גרויסן אומעט, וואָס בלייבט שטיין אין אַ ליידיקער שטוב, ווען מענטשן ציען זיך אַרויס פון איר...

מיין פאָטער האָט קיינמאָל נישט געראויכערט און האָט אויך נישט געטרונקען. איך צווייפל צי ער האָט געוווסט ווי אַזוי מען שפּילט אין קאָרטן. בכלל האָט ער קיינמאָל אין קיין שום שפּיל זיך נישט באַטייליקט. ער האָט רעכט נישט געוווסט וואָס עס מיינט אַזוינס: שפּיל. אויסער אין זיינע ערשטע יאָרן, וואַנדערנדיק אַלס סוחר אין רוסלאַנד. די דאָזיקע אויסנאַם־פאַלן ווערן אין דאָזיקן בוך פאַרשריבן. דאָס איז אפשר געווען אַ גרויסער חסרון. ווען ער וואָלט געשפּילט, איבערהויפּט אין די יינגע יאָרן, וואָלט ער אפשר באַזעסן שפּילעוודיקייט, געמיטלעכקייט. אויך מיין מאַמע האָט קיינמאָל נישט געוווסט וואָס עס מיינט צו שפּילן זיך. צו פאַרשפּילן קינדער... קיין שום שפּיל־לוסט האָט קיינמאָל נישט געהערשט אין אונדזער הויז... דערפאַר, מסתמא, האָט תמיד געהערשט אַזאַ שווערער און ביטערער ערנסט אין אונדזער שטוב. דעם טאַטנס בלייערנער ערנסט האָט אונדז אַלעמען באַהערשט...

אין שטוב פלעגט זיך, אין די בעסערע צייטן, געפינען אַ פלאַש מיט בראָנפן. דער טאַטע פלעגט טרינקען יעדן טאָג, צום הויפּטמאָלצייט, אַ גלעזעלע משקה... צום פלעשל האָט זיך, פאַרשטייט זיך, קיינער נישט געטאָרט צורירן... עס איז געווען דעם טאַטנס פלעשל...

עס איז וויכטיק צוצוגעבן אַז דעם הויפּטפּאַרדינסט פאַר דער ריינקייט אין אונדזער הויז טראָגט די מאַמע. וואָרים עס איז זי וואָס האָט טאָג און נאַכט שווער געהאָרעוועט ביים רייניקן די שטוב, סקראָבן די פּאָדלאָגע, אַרויסטראָגן דאָס מיסט, וואַשן דאָס געפּעס, וואַשן די וועש, באַקן ברויט, פאַרזאָרגן די שטוב מיט וואַסער, צירעווען און פאַרלאַטן די לעכער פון די בגדים, און בכלל טאָן אַלע שוואַרצע אַרבעטן פון אַ אידישער שטוב. דער טאַטע פלעגט זיך בלויז בייזערן, קאָמאַנדעווען און אַמאָל אין אַ יובל מיט אַ דין טיכעלע אויסווישן דעם שטויב פון אַ זייגער... ער האָט תמיד גרייט געהאַט אַ פלעדערוויש צו פאַריאָגן די פליגן. ווי נאָר עס פלעגט זיך באַוויזן אַ טינט־שוואַרצע פליג אין שטוב, האָט דער טאַטע זי ביטער פאַרפאָלגט און האָט זי דערשלאָגן מיטן פלעדערוויש. שטענדיק זיינען אויף די ווענט געהאָנגען פּאַפּירלעך מיט קלעבעדיקע גיפט אויף וועלכע ס'האָבן געדאַרט טונקעלע פליגן. —

דעמאָלט האָט דעם טאַטנס ליבע צו ריינקייט קיינער קיינמאָל נישט באַמערקט. פאַרקערט: מען פלעגט נאָך אָפּלאַכן פון טאַטן, פון זיין אומברחמנות'דיקן געיעג נאָך ריינקייט... אָבער, ווען מען ווערט עלטער, דערזעט מען ערשט די באַדייטונג פון די מינדעסטע זאַכן אין דער היים. טאַטע־מאַמעס מעשים ווערן געזען אין אַ נייעם ליכט און זיי קריגן דעם אמת'ן זין... מיר דערקענען טאַטע־מאַמעס קיינמאָל נישט צופעליקע מעשים...

מיר זעען זיי אין דער ראָלע פון לערערס פאַר די קינדער און פאַר די קומענ־דיקע דורות...

## ווייניקע אויסצוגן פון טאַטנס רייכן פאָלקלאָר

ווען איך טראַכט פון מיין טאַטן, זע איך פאַר זיך אַ מענטש וואָס האָט מעכטיק און דורותדיק געשטעקט אין געדיכטער אידישער טראַדיציע, אין אידישער חכמה, אין אידישן פאָלקלאָר, אין דער גרויסער אידישער געשיכטע און אין היסטאָרישן שיקזאַל פון זיין פאָלק. זיין פיזיש אַלט ווערן איז געווען אַן אַלט און פול און זאַט ווערן מיט אידישקייט. זיין לעבן איז געווען אַן אוניווערסיטעט. אויף זיינע ליפּן האָבן געשמעקט מחיה׳דיקע אידישע פאָלקסווערטער ווי צימעס, צימערינג און ווי באָקסער. ער האָט געהאַט אַ מויל פון פייער. סיי צו בענטשן, סיי צו שילטן. אויף זיינע שיך און זיין קאַפּאָטע האָבן געשטעקט די גרויע שטויבן פון זיינע לאַנגע, היסטאָרישע וועגן. עס האָט געשמעקט פון אים מיט באַטעמטער אידישקייט, מיט אַלט־אידישקייט, מיט אוראַלטער אידישקייט. וועגן וואָס מען האָט נאָר גערעדט, האָט ער תמיד געהאַט אַ פּאַסיקן פאָלקסווערטל, פאָלקסשפּרוך, פאָלקס־חכמה. ער האָט קיינמאָל נישט אַדורכגעלאָזן קיין איינציקן מאָמענט כדי עפּעס צו פאַרטייטשן. ער האָט אויף אַלץ רעאַגירט. זיין מוח איז תמיד געווען וואַך און אַקטיוו. ער איז געווען אַ גאַנצער איד. אַ גאַנצער מענטש. באַוואָפנט מיט אַ מיליאָן ביישפּילן ווי אַזוי אונדזערע עלטערן האָבן גע־לעבט און וואָס זיי האָבן געטראַכט. ער האָט וואויל געקענט זיין גויאישן שכן, וואָס לויערט אויפן איד אין דער נאַכט אַזוי ווי אַ בייזער וואָלף. ער איז געווען אַ קעמפער. אַ שטרייטער. ער האָט נישט קיין מורא געהאַט פאַרן לעבן. ער האָט זיך כל־ימיו העלדיש געשלאָגן מיטן לעבן. קיין שום וועטער האָט אים נישט אָפּגעהאַלטן ערגעץ צו גיין אָדער צו פאָרן. ער האָט קיינמאָל קיין מורא געהאַט פאַרן פייער פון זומער און פאַרן שניי פון ווינטער און פראָסט. די פּוילישע זאַווערוכע, די אייזיקע קורזשאַווע, דער שרעקלעכער שניי, די אייז־קאַלטע נאַכט, דער ביטערער רעגן, דער אַנטיסעמיטיזם וואָס איז געווען איינגעוואקסן אין פּוילישן וועטער און פּוילישן שטיק קאַסמאַס, קיין שטורעם און קיין שום עלעמענט האָט אים נישט געקענט אומוואַרפן אָדער צעשלאָגן. ער איז יעדן טאָג פון זיין לעבן — און יעדער נאַכט — געגאַנגען אין אַ פאַרמעסט מיטן לעבן, מיטן בייזן קלימאַט, מיטן שלעכטן וועטער, מיט זיינע היסטאָרישע שונאים.

הלוואי וואָלט איך אין דער ריכטיקער צייט געגוי פאַרצייכנט אַלע די טויזנטער שפּריכווערטער און רעדנסאַרטן פון מיין טאַטנס געשליפענעם און פייערדיקן מויל מיט דער גאָלדענער צונג. מיט די ליפּן פון פייער און גאָלד.

דורות גאַנצע האָבן גערעדט דורך די דאָזיקע פּאָלקסוואָרטער. די חכמה פון אַ סך מענטשן האָט דורך זיי געשפּריצט ווי שאַמפּאַניערדיק ליכט פון דער פּרימאָרגנדיקער זון. אין זכרון זיינען מיר בלויז געבליבן געציילטע מעשה־לעך, וויצן, אַנעקדאָטן און פאָלקסרייד, ווי אַ שטייגער...

דער טאַטע פלעגט זאָגן, שטייענדיק אַזאַ הויכער, דינער און שטאָלצער ביים קאַפּלאַנאָוון אויוון: (ער האָט אויסגעזען ווי אַן אַקטיאָר וואָס שפּילט אַ טראַגישע ראָלע.)

— אין קעניגלעכן ספר קהלת שטייט געשריבן מיט גאָלדענע אותיות: אַפילו אַ צדיק זינדיקט!... און דאָס האָב איך געפונען אין פאַרלויף פון מיין לעבן פאַר אמת׳דיק. מיין זון, עס זיינען נישט פאַראַן אויף דער ערד קיין הונדערט פּראָצענטיקע צדיקים... דער מענטש שוואַנקט צווישן דער־הויבענע מעשים און פינצטערע זינד. דו אַליין און איך און אונדזערע עלטערן זיינען נישט קיין אויסנאַמען פון צווישן גאָט׳ס מענטשן.

גאָלדענע רייד פון מיין גאָטזעליקן טאַטן, טראַכט איך. וואָס מער איך דערקען די פּנימער, די נשמות און די מעשים פון די מענטשן, אַלץ טיפער קריגן זין און וואָג און באַדייטונג מיין טאַטנס רייד, אין די פריע טעג פון מיין יוגנט, ציטירנדיק דעם הערלעכן קייסער קהלת...

דער טאַטע פלעגט מיט אַ טיפן טרויער אין האַרצן ציטירן פון דעם הערלעכן ספר קהלת:

— „איך האָב געזען קנעכט אויף פערד און פירשטן גייענדיק (צופוס) אַזוי ווי קנעכט אויף דער ערד.”

דאָס פּראָבלעם פון שיקזאַל האָט תמיד באַשעפטיקט מיין טאַטנס מוח...

„אני שלמה!” — דאָס דאָזיקע וואָרט האָט דער טאַטע טויזנט מאָל איבערגעחזרט... ער איז תמיד געשטאַנען אין זיין גאַנצער מאַיעסטעטישער הויך — אָבער מיטן קאָפּ געבויגן אונטערן לאַסט פון שיקזאַל... אַ טיף־געפאַלענער קעניג... „אַני שלמה!” אָבער אַלע שפּאָטן, אַלע לאַכן, אַלע באַוואַרפן דעם קעניגלעכן קאָפּ מיט שטיינער... דער שיקזאַל האָט דיך געשלאָגן און — דערשלאָגן!

מיין פאָטער פלעגט פילאָסאָפירן:

— פונם זעלביקן שטיקל האָלץ ווערן געמאַכט פאַרשידענע זאַכן. דהיינו: פון איין שטיקל האָלץ ווערט געמאַכט אַ שטעקעלע צו אַ ספר־תורה, פון אַ צווייטן — אַ ברעטל צו אַן אַפּטריט... פון איין שטיקל האָלץ מאַכט מען אַ יויזל און מען קושט דאָס טאָג און נאַכט, פון אַ צווייטן — אַ שוועל אויף וועלכן מען טרעט און מען רייבט די קאַלאָשן פון בלאָטע און פון נאַסן שניי. דאָס איז דער שיקזאַל פון פאַרשידענע זאַכן. און אַפילו פון מענטשן...

אַזוי ווי איינער איז צו זיבן, אַזוי איז ער צו זיבעציק...

דאָס דאָזיקע ווערטל פלעג איך תמיד הערן אין דער היים, פון טאַטע־מאַמעס ליפּן. איך האָב דעמאָלט קוים פאַרשטאַנען זיין באַדייטונג. אָבער מיטן גאַנג פון די יאָרן איז צו מיר ביסלעכווייז קלאָר געוואָרן דער זין פונם דאָזיקן שפּריכוואָרט, וואָס קען שוין אגב זיין ווי די מערסטע שפּריכווערטער, היפּש באַקלעפּט מיט צייט און שימל. עס מיינט פּשוט: וואָס איינער זאָל נישט טאָן אין זיין לעבן, בלייבט ער תמיד פונדאַמענטאַל דערזעלבער מענטש, דער אייגענער כאַראַקטער. זיין שיקזאַל איז באַשטימט פאַר אים אין פאָרויס. אַלע זיינע טועכצן און איבערלעבענישן וועלן בלויז דינען צו איין און איינציקן צוועק: אויסצופירן בלינדערהייט דעם באַפעל פונם שיקזאַל. און יעדער איינציקער מענטש ווערט געבוירן דאָס וואָס ער איז און ער וועט תמיד זיין.

געוויינלעך פלעגט דער טאַטע — אָדער די מאַמע — באַנוצן דאָס שפּריכוואָרט ווען אַ נאָענטן מענטש אָדער אַ קרוב, וועגן וועמען עס איז צופעליק געקומען צו רייד. —

מיין טאַטע האָט, וואָס אַן אמת, נישט געוווּסט פון אַזאַ זאַך ווי מענטש־לעכע באַשיידנקייט, עניוות. ער האָט תמיד געהאַלטן אַז ער איז אַ גרויסער חכם, וואָס דאָס איז דווקא נישט אין דער אידישער טראַדיציע. וואָרים ווען אַנדערש, וואָלט מיין טאַטע דאָך נישט געזאָגט וועגן זיך אַליין אַ וואָרט וואָס איז מיר שטאַרק נישט געווען צום האַרצן:

— אין מיינע אָפּצאָסן איז פאַראַן מער חכמה ווי אין זיין גאַנצן לייב און לעבן... (מיינענדיק, געוויינלעך, אַ געוויסע נאָענטע פּערזאָן.)

מיין טאַטע פלעגט אָפט איבערחזרן דאָס פּאָפּולערע ווערטל פונם תלמוד:

— מען דערקענט אַ מענטש בכוסו, בכיסו און בכעסו. (לויט זיין טרינקען, ווען מען האַנדלט מיט אים און ווען ער ווערט אין כעס.)

לאָמיר, זיין זון, אויפריכטיק צוגעבן: מיין פאָטער האָט קיינמאָל נישט געטרונקען קיין אַלקאָהאָל. ער איז געווען ערלעך אין מסחר. אָבער פון „בכעסו" האָט ער מוראדיק געליטן. מיין מאַמע פלעגט כל־ימיו דערציילן ווי אַזוי מיין פאָטער פלעגט אַריינפאַלן אין אַזאַ ווילדער רציחה, אַז דאָס בלוט פלעגט זיך אים לאָזן פון האַלדז און מען האָט געמוזט צולעגן שטיקער אייז צו זיינע לונגען... איך געדענק אויך אַז נאָך יעדער מאָל, ווען מיין טאַטע פלעגט ווערן אין כעס, האָט ער דערנאָך שוין אַ פּאָר טעג געשפּיגן מיט בלוט...

דער קאַרגער גביר פון שטעטל שטעקט אַרויס זיין אומסימפּאַטיש פּנים דורך אַזעלכע צוויי אַנעקדאָטן:

ווען מען קומט צו אים בעטן אַ סומע געלט אויף אַן אָרעמער חתונה (הכנסת כלה), פרעגט ער זיך געגנוי אויס ווער עס איז דער אָרעמער

חתן און ווער עס איז די אָרעמע כלה, די יתומה נעבעך. שפּעטער טוט ער זיך אַ זאָג:

— דער שידוך געפעלט מיר נישט...

און, פאַרשטייט זיך אַז ער פאַרשפּאַרט שוין עפּעס צו געבן. מיין טאַטע פלעגט תמיד אָנרופן דעם נאָמען פון אַ פּאָפּולערן, קאַרגן גביר אין שטעטל...

ווען אַן אָרעמאַן קומט צום קאַרגן גביר, זאָגט ער אים חלילה נישט אָפּ קיין נדבה. נאָר וואָס דען? ער שטייט אַזוי לאַנג, דער בעטלער נעבעך, ביז ער גייט אַליין אַוועק...

— קיין שום סחורה טאָר קיינמאָל קיינעם נישט פּאַרמיאוסט ווערן. אַט נעם, צום ביישפּיל, אברהמ׳על מענטש! איינמאָל איז צו אים געקומען אַ אידענע בעטן לייז, וואָס דער דאָקטאָר האָט איר פאַרשריבן אויף אַ רפואה. אברהמ׳על מענטש האָט אַרויסגענומען פון אונטערן קאָלנער אַ פולע זשמעניע מיט לעבעדיקע לייז און מיט דער אידענע משווה געוואָרן איר צו פאַרקויפן די לייז פאַר צוויי זילבערנע גילדן. דערווייל אָבער האָט די אָרעמע אידענע חרטה געקראָגן און געוואָלט בלויז געבן איין גילדן. אברהמ׳על מענטש איז געווען אַ האַנאַראָווע פאַרשוין, האָט ער געטאָן צוריק אַ לאָז אַריין אונטערן קאָלנער די זשמעניע לעבעדיקע לייז און האָט שטאָלץ אויסגערופן:

— אידענע, גייט׳ך זיך געזונטערהייט. קיין סחורה טאָר נישט פאַר־מיאוסט ווערן...

מיין טאַטע פלעגט אָפט דערציילן דאָס מעשה׳לע ביי פאַסיקע געלעגנהייטן. אגב איז דער אברהמ׳על מענטש געווען אַ דעמבלינער איד, וועמען ער האָט געדענקט פון זיין קינדהייט...

פאַרוואָס האָט מען אים אייגנטלעך גערופן „אברהמ׳על מענטש״?

— ווייל ער האָט געהאַט אַ היפּשן הויקער. אַ וואַסערקאָפּ. קרומע פיס, צעבויגענע פון דער „ענגלישער קרענק״. לאַנגע, דאַרע הענט. ער האָט אויך שווער צוגעהונקען. איז געווען בלינד אויף איין אויג. האָט נישט גוט גע־הערט. פון איין אויער איז אים נעבעך גערונען. ער האָט זיך פאַריענקעט ביים רעדן. האָט אויך געליטן אויף אַסטמע. געהאַט די סוכאָטעס און לא עליכם געהוסט מיט בלוט. אַט דערפאַר האָט מען אים איראָניש גערופן: „אברהמ׳על מענטש״...

זייער אָפט פלעגט מיין פאָטער ליב האָבן צו זאָגן, אין אַ געוויינלעך אויפגערעגטן צושטאַנד, וואָס איז געווען טיפּיש פאַר אים:

— איך קען דאָך נישט מיין קאָפּ אויף אייך אַרויפזעצן...

עס איז, ווי שוין געזאָגט, קיין שום פראַגע נישט געווען אַז מיין טאַטע האָט געהאַט וועגן זיך און וועגן זיין גרויסער חכמה אַ שטאַרק געהויבענע מיינונג. אָבער די מאַמע פלעגט ביי זיך טראַכטן און אַפילו זאָגן שטילערהייט

צו זאָגן, אַז די קינדער וויינקסטנס זאָלן ווויל דערהערן: „וואָס טויג מיר די חכמה, אַז דאָס נאַרישקייט גילט!"...

## דער טאַטע רעדט צופיל פאַר די צאַרישע אָפיצערן

איך געדענק אַ פאַרזאַמלונג פון רוסישע אָפיצערן ביי אונדז אין הויז. דאָס האָט געמוזט זיין אַרום דעם יאָר 1916. איך געדענק זייערע גאָלדענע מאַנקעטן. דאָס פייער פון זייערע ציגאַרעטן, אויפגעשטעקטע אין ברושטי־נענע ציגאַר־שפּיצלעך. גאָלדענע בערשטלעך אויף די עפּאָלעטן. שטייפע מיליטערישע אַנצוגן און מונדירן. זיי טרינקען טיי און זיי רעדן וועגן פּאָלי־טיק. מיין טאַטע זיצט צווישן די אָפיצערן און ער ווייזט זיי פאַרשידענע טאַשנזייגערלעך. איין הויכער אָפיצער שטעלט זיך אויף און דעקלאַמירט פּאָעזיע פון אַ קליינעם בוך וואָס ער ציט אַרויס פונעם לעדערנעם פּאַרטפעל. עס האָט געמוזט זיין פּושקינס אָדער לערמאָנטאָווס אַ ליד. ער האָט דעקלאַ־מירט מיט פייער. איך האָב נישט פאַרשטאַנען וואָס עס מיינט ווען מענטשן פּאַטשן מיט די הענט...

דאָס זיינען געווען אָפיצערן פון וויטן און פון גרויסן רוסלאַנד. מיין טאַטע האָט דערציילט מעשות פון חומש. די איינציקע דאַמע צווישן זיי האָט הויך געלאַכט. מיר איז געווען אַ וווּנדער וואָס זי לאַכט אַזוי פיל. מיר איז געווען מאָדנע אומפאַרשטענדלעך וואָס כמעט אַלע אָפיצערן האָבן איר אַרומ־גערינגלט מיט אויפמערקזאַמקייט. פאַרוואָס זיינען אַלע געווען אַזוי נייגעריק צו הערן וואָס זי זאָגט... ווייזט אויס אַז די גאַנצע פּאָעטישע דעקלאַמירונג, היינט פאַרשטיי איך עס, איז געווען צוליב אָט דער איינציקער דאַמע... איז געווען געווידמעט צום דאָזיקן צאַרטן און לאַכנדיקן באַשעפעניש. זי האָט געמוזט זיין די פרוי פון איינעם פון די אָפיצערן. זי האָט פון אַ רייך־קאָלירטן שאַכטל אַלעמען געטיילט פּאַפּיראָסן. זי האָט געשמעקט מיט טייערן פּערפיום. זי האָט געלאַכט ווי מוזיק. וואָס נאָר זי האָט געזאָגט, האָט מען זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט, אַזוי ווי זי וואָלט זיין דעם צאַר׳ס ווייב, צי די צאַריצאַ אַליין. זי האָט אַוודאי צו אַלעמען דאָ געבראַכט אַ וואַרעמען גרוס פון דער אידילישער היים: פון געליבטע, פון ווייבער, פון מאַמעס און פון שיינע שוועסטערן. זי האָט אויסגעזען אַזוי ווי די קעניגין מאַריאַ דע מעדיטשי אין רובענס׳עס באַרימטן בילד, לאַנדנדיק אויף אַ הערלעכער שיף אין מאַרסעיל. די פיגור פון דעם אָפיצער׳ס ווייב איז עפּעס רעאַל און נישט רעאַל. הימל און ערד איז פאַראַן אין איר אָנגעצונדענעם פלייש און זיידענעם קלייד. אירע אויגן זיינען פאַרטראַכטע און איר שיין פּנים שמייכלט. די אָפיצערן שמייען און טאַנצן אַרום איר מיט הונגעריקע בליקן, מיט איבערגעטריבענע מאַניערן. זי איז אַלעמענס געליבטע, אויב נישט

ווייב. זי איז די פּלאָטאָנישע כלה. איין אָפּיצער הייבט אויף אַ האָרנאָדל וואָס זי האָט פאַרלוירן און ער קושט עס. און גלאָצט מיט די אויגן. אַ צווייטער אָפּיצער גיט איר אַ זילבערנע קעסטעלע מיט אַ פּלעשעלע פּערפיום דערינען. די מאַמע ברענגט צו צום טיש הייסע, בלאָנדע גלעזער מיט ערשט־פאַרבריטע, שמעקנדיקע טיי. דער געשמאַק פון דער טיי דערמאָנט מיר אינם שמעקנדיקן לייב פון דער איינציקער דאַמע דאָ. דאָס אָפענע פּושקין־בוך, מיט די געגילדעטע בלעטלעך, מיטן זיידענעם בענדעלע וואָס שטעקט זיך אַרויס ווי אַ צאַרט צינגל פון עפּעס אַ פּאָעטישן באַשעפעניש, ליגט איצט אונטערן געזעס פון איינעם אַ פּויערישן אָפיצער, וואָס האָט זיך אַוועקגעזעצט גלייך אויפן פּרעכטיקן, אין רויטע לעדער געבונדענעם באַנד פּאָעזיע.
דער זייגער אויפן וואַנט פאַרלירט שוין די שווערע וואגעס. זיי רירן אָן די פּאַדלאָגע. דאָס געשריי פון די אָפיצערן ציט צו די אינגלעך און די מיידלעך פון נאָוואָגוראָ, וואָס קוקן אַריין דורך די פענצטער מיט צוגעפּלאַטשעטע נעז ביי די שויבן. זיי זעען אויס ווי פּאַווען און נימפן. דער טאַטע שפּרייט אויס אַ אידישע צייטונג — „דער מאָמענט" — און ער לייענט עפּעס פאַר הויך פאַר אַלעמען. די דאַמע קאָמענטירט. זי רעדט וועגן אַלץ מיט איר עראָטישן כוח. זי ווייסט וויל אַז איר פּרויאישער רייץ פאַרדעקט אַלץ וואָס זי ווייסט נישט. דער עיקר איז די מעלאָדיע פון איר שטימע. דער קלאַנג פון איר פּרויענקול. די מאַנדאָלין־טענער פון אירע רייד. די פידל־סטרונעס פון איר געלעכטער. דער עיקר איז: אַ פּרוי רעדט פאַר אַרמיי־אָפיצערן. קיין צווייפל: די אָפיצערן זיינען פאַרבלענדט פון איר ראָמאַנטישער דערשיינונג. אָט אַזוי קוויקט זיך די צאַרישע אַרמיי מיט אַן איין און איינציקער דאַמע ערגעץ אין אַ דאָרף אין קרוינפּוילן, אין הויז פון אַ אידישן זייגערמאַכער, נעבן אַ מוראדיקן, פינצטערן, פּוילישן וואַלד...
ווען זיי גייען שפּעט ביינאַכט אַוועק, רעדן טאַטע־מאַמע איבער מיט שרעק. וואָרים צו שרעקן זיך איז שוין דווקא דאָ פאַרוואָס... די אַרומיקע פּוילישע פּויערים קענען לייכט אַ אידן באַשולדיקן אין שפּיאָנאַזש.
די מאַמע זאָגט אַז דער טאַטע האָט בקיין שום אופן נישט געדאַרפט רעדן וועגן פּאָליטיק, נישט לייענען קיין מלחמה־ידיעות פון קיין אידישע צייטונגען און נישט זאָגן קיין מבינות אין מיליטערישער סטראַטעגיע. ער האָט אַפילו, מיין טאַטע, געוואָגט צו לויבן די דייטשע אַרמיי, די דייטשע גענעראַלן. דער טאַטע זאָגט מיט כעס אַז ער האָט נישט קיין מורא. אַז דאָס וואָס ער האָט געזאָגט די אָפיצערן, איז לויטער אמת און ער וואָלט עס אַפילו געזאָגט דעם צאַר ניקאָלאַי אַליין... וואָרים דער צאַר ווערט נעבעך אומשולדיק און אומגעשט פאַרפירט פון די פאַלשע מענטשן אַרום אים. וואָס ווייסט ער אין דער אמת'ן ווי אַזוי זיין אַרמיי זעט אויס... וואָרים

אַז אַזוי פיל „יענעראַלן" און פּאָלקאָווניקעס קענען אַזוי נאַריש אַרומטאַנצן אַרום אַן אויסגעלאַסענע נקבֿה, וואָס האָט נישט מער ווי איר חוצפּה׳דיקע ווייבלעכקייט, איז גרויסע צרות מיט דער גאַנצער צאַרישער אַרמיי... די דייטשע גענעראַלן און אָפיצערן, האַלט מיין טאַטע, פאַרלירן נישט אַזוי לייכט די קעפּ אין דער אַנוועזנקייט פון אַ בערלינער שיקסע. דערצו זיינען נאָר פעאיק דעם צאַר׳ס אָפיצערן...

די מאַמע, אין איר שטילן, שרעקעוודיקן קול, בעט זיך אַלץ ביים טאַטן אַז נעקסטן מאָל זאָל ער שוין זיין פאָרזיכטיקער. מען קען חלילה די גאַנצע פאַמיליע אין אַ שיינעם, העלן טאָג פאַרשיקן קיין סיביר פאַר שפּיאָנאַזש... אידן באַדאַרפן אין מלחמה־צייט נישט ווייזן אַז זיי ווייסן צופיל. עס איז פיל געזינטער פאַר אונדז...

מיר איז דווקא געפעלן געוועזן דער פריילעכער אָוונט מיט דער טיי, מיט פאָעזיע, מיט געלעכטער און מיט דער קעניגלעכער דאַמע. דערצו איז זי מיר געפעלן געוועזן פאַרן נעמען מיך אויף דער האַנט און זעצן אויף איר וואַרעמער קני, וואָס האָט הייס געברענט דורך איר קלייד...

די צאַרישע אָפיצערן האָבן מיך היפּש מקנא געוועזן... זי האָט מיר געוויזן די גאָלדענע בראַנזאַלעטן פון אירע הענט, די פייערדיקע רינגען פון אירע דינע פינגער. צו אַלעמענס שטוינונג האָב איך אַפילו געוואַגט אַריינצוקוקן צווישן אירע בריסט און נאָכפאָלגן דאָרטן דעם גאָלדענעם פלוס פון איר שנירל פּערל... ביז היינט צו טאָג קען איך זיך נישט גענוי דערמאַנען צי האָט מיך דעמאָלט געפאַנגען דער שימער פון די גרויסע, זעלטענע פּערל — צי דער ווייבלעכער כישוף פון אירע הערלעכע, מילכדיקע בריסט...

סיי ווי, נישט איין אָפיצער האָט יענעם אָוונט געוואָלט זיין אין מיינע יאָרן און האָבן די מעגלעכקייט דרייסט, אַזוי ווי איך האָב עס געטאָן, אַריינצוקוקן אין איר פולן בוזעם... אַוודאי האָב איך נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס די דאַמע ווערט רויט און פאַרוואָס די אָפיצערן לאַכן אַזוי פיל...

ווען די גרופּע אָפיצערן זיינען אַהיימגעגאַנגען, האָבן טאַטע־מאַמע זיי באַגלייט אין דרויסן, ביי דער אָפענער טיר. איך האָב געכאַפּט אַ קוק אַרויס צום בלויען דרויסן און געבליבן שטיין פאַרוואונדערט און אין האַרצן פאַרוואונדעט. אין הימל איז געשטאַנען אַ מאָדנע, גרויסאַרטיקע און גראַנדיעזע דערשיינונג: אַ הימל מיט שטערן. איך האָב צום ערשטן מאָל געהאַט דערזען דאָס דאָזיקע געוואַלטיקע בילד. די לבֿנה איז געווען ריזיק ווי אַן עפּל. די שטערן האָבן געמיניעט און געבליצט אין דער שטאָק־פינצטערער נאַכט. אין איין רגע בין איך צום ערשטן מאָל געוואויר געוואָרן אַז עס איז פאַראַן אַ געטלעכער הימל. איך האָב געוואָלט ווייטער לויפן, אַריינלויפן אין דער בלויער, טינט־פינצטערער נאַכט אַריין. זיך איינשמירן נאָס מיט

קאָסמישן טינט וואָס איז געראַנגען פון אַלע זייטן, ווי פון אַן אויפגעשטעלטע פלאַש מיט שאַמפּאַניער...

באַר מיינע עלטערן האָבן מיך צוריק אַריינגעשטופּט אין הויז אַריין. איך בין די גאַנצע נאַכט שוין נישט געשלאָפן. עפּעס בין איך געוויר געוואָרן יענעם אָוונט פון צוויי אומגעהויערע זאַכן, וואָס וועלן שוין אויף אייביק באַשעפטיקן מיין מוח און מיין האַרץ און מיט וואָס מיין פען וועט שוין אייביק זיין פאַרנומען — ביזן סאַמע לעצטן טאָג פון מיין לעבן. צוויי געוואַלטיקע דערשיינונגען: אין הויכן, פינצטערן הימל — די בערג מיט שטערן און די לבנה. און אויף דער ערד — די קליינע, בלייכע, שטערבלעכע און הערלעכע פרוי...

— ווו איז די געטלעכע דאַמע פון יאָר 1916? און ווו זיינען די פרעכ־טיקע צאַרישע אָפיצערן? ווו איז די גרויסע צאַרישע אַרמיי מיט איר גאַנץ געווער און מיט אַלע אירע שלאַכטן? שוין דאָס ליד פון דעם אומעטיקן פּושקין אָדער פון לערמאָנטאָוו האָט דיזעלביקע פראַגן געפרעגט וועגן די דאַמען און די אָפיצערן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט... עס איז די וועלט־פּאָעזיע וואָס פרעגט אייביק די דאָזיקע שאלות, וואָס פייניקן דעם מענטש־לעכן מוח...

וואָס שייך די דאַמע, דאַכט זיך מיר, אַז זי איז אין איין טאָג ווידער געקומען קיין נאָוואָגורא. וועגן דעם — אין אַן אַנדערן קאַפּיטל...

## דעם זיידענס יינגסטע טאָכטער געניע

מיין זיידע ר׳ לייבוש יואל׳קעס און די באָבע רייזל האָבן געהאַט צוועלף קינדער: זעקס זין און זעקס טעכטער. די מומע געניע איז געווען די יינגסטע שוועסטער פון מיין פאָטער, וואָס איז געווען דער בכור פון דער פאַמיליע. די מומע געניע האָט געהאַט אַ קאָפּ מיט געדיכטע, זיידענע, שוואַרצע האָר, אַזוי ווי אַ ציגיינערטע. זי האָט געהאַט מילגרוימיק־זאַפטיקע אויגן, פינצטער־רע, אַזוי ווי מיט טינט פאַרגאָסענע און פאַרשמירטע. אָבער איר לייב האָט געהאַט דעם ליכטיקן קאָליר פון ריינעם גאָלד. פון איר העלער בלוזקע האָבן אַרויסגעלויכטן אירע פולע, גילדערנע בריסטן, אינם סטיל פון די שיינע, אַריסטאָקראַטישע דאַמעס פון דער געשיכטע, ווי זיי זיינען רייך געמאָלן געוואָרן דורך הויף־פּאָרטרעטיסטן. מיין מומע געניעס פיגור איז געווען אַ מאַסיווע, אַזוי ווי פון אַ רוימישער פרוי. שפּעטער מיט יאָרן, ווען איך האָב זיך באַקאַנט מיט דער וועלט־קונסט, האָב איך געטראַכט פון צוויי מאַלערס, צו וועמענס מאָדעלן מיין מומע געניע האָט שטאַרק געקענט פאַרגליכן ווערן: צו טינטאָרעטאָ און רעמבראַנדט וואַן רהיין.

מיין מומע געניע האָט דערמאָנט אין רעמבראַנדט׳ס „דעם אָפיצירס

ווייב" מיט איר רונדן, אין אַ ראָם פון זיידענע, שוואַרצע האָר האַניק־ברוי־נעם, גאָלדענעם פּנים, פון וועלכן עס לויכט אַראָפּ אַ שמייכל פון זינלעכקייט און פון ווייבלעכן זיך זעלבסט געניסן און באַוווּנדערונג. אויך מענטשלעכער אומעט און מיסטעריע פון פאַרגענגלעכקייט. מיין מומע איז אויך ענלעך געווען צו טינטאָרעטאָס הייליקע פרויענפיגורן, לויט איר גראַציעזקייט און מאָנומענטאַלישקייט. הענט האָט די מומע געניע געהאַט האַניק־ברוינע, ווי דער הערבסט, שוין־געשניצטע און דינע. אומפאַרגעסלעכע הענט...

די מומע געניע האָט געשטאַמט פון אַ רייכן, אַריסטאָקראַטישן הויז, ווו עס איז געווען רייכקייט און לוקסוס. דער זיידע, ר׳ לייבוש יואל׳קעס, איז געווען דער פאָדריאַדטשיק פונם דעמבלינער פעסטונג, אין וועלכן עס איז שטענדיק געשטאַנען אַ גרויסער גאַרניזאָן מיט צאַרישע סאָלדאַטן און אָפיצערן, אויף אָפּצוהיטן דעם צאַר׳ס אימפּעריאַלער מאַכט אין פוילן. מיין זיידע איז שנעל רייך געוואָרן. זיין הויז איז געוואָרן אַ גבירישע הויז, דאָס סאַמע רייכסטע הויז אין דעמבלין. אַזוי ווי ער האָט געהאַט אַ סך טעכטער, און אויך זין, האָט אין זיין הויז תמיד געהערשט געזאַנג און פרייד. מען האָט געהאַלטן מלמדים פאַר די זין און לערערס, טענצערס און גוווערנאַנטקעס פאַר די מיידלעך. די לערערס האָבן זיך, ווי געוויינלעך, פאַרליבט אין די שלאַנקע קראַסאַוויצעס, וואָס האָבן אויסגעזען ווי די זוניקע, הויכע אַמאַזאָנ־קעס פון הערראָדאָט׳ס היסטאָריע. אויסערדעם פלעגן קומען עלעגאַנטע אָפי־צערן פונם דעמבלינער צאַרישן פעסטונג. מען האָט אין זיידנס הויז גערעדט פראַנצויזיש. אין די ספרים־שראַנקען האָבן די טעכטער אַריינגעשטעלט ראָמאַנען פון באַלזאַק, די ביידע דיומאַס, פלאָבער, מאָפּאַסאַן, וויקטאָר הוגאָ, פּאָל בורזשע, צוזאַמען מיט טאָלסטאָיס, דאָסטאָיעווסקיס, גאָגאָלס, טורגע־ניעווס, טשעכאָווס און מאַקסים גאָרקיס ריזיקע באַוועלן און דערציילונגען. די שיינע טעכטער, אַזוי ווי די ליכטיקע זונען, זיינען געוואַקסן הויך און שלאַנק ווי די פּרינצעסינס. זיי האָבן מיט ראַפינירטן הומאָר און גראַציעזער קאָנווערזאַציע אונטערגעהאַלטן די צאַרישע אָפיצערן. זיי האָבן געשריבן פּאָעזיע אין פראַנצויזיש און רוסיש. זיי האָבן איבערגעזעצט פּושקינען און פעטן אויף ענגליש. זיי האָבן גערעדט פון דיקענס׳ און פון טעקעריי׳ס ראָמאַנען. די מוזיק פון זייערע רייד האָט אַלעמען אָנגעצונדן. די באַוועגונגען פון זייערע פּנימער ביים רעדן האָט פאַרכישופט. יוגנט און פּאָעזיע זיינען מעכטיק, ווען זיי זיינען פאַראייניקט אין אַ גליקלעכער קאָמבינאַציע.

מיין באָבע איז געווען אַ פרוי מיט די מאַניערן פון אַ מאַדאַם רעקאַמיער. די טעכטער האָבן אין איר געהאַט אַ געטרייע פריינדין. זי האָט זיך גע־קליידעט אין זיידענע קליידער און האָט געטראָגן אַ סך גאָלדענע צירונג. זי האָט געהאַט די אַמביציעס פון אַ קעניגין. זי האָט טאַקע אין איר שטרענגער

האַלטונג, טיראַנישן כאַראַקטער און עקשנות אויסגעזען ווי די מערדערין פון דער קעניגין מערי פון סקאָטלאַנד, די אַמאַליקע ענגלישע קעניגין עליזאַבעט. זי האָט געשטרעבט אַז אירע טעכטער זאָלן באַזיצן אַ סך ביל־דונג, הויכע קולטור און גלעצנדיקע מאַניערן. זי האָט זיי געגעבן אַ דער־ציאונג ווי אין אַ קעניגלעכן הויף. נישט קיין גוטע נאַטור אין איר כאַ־ראַקטער, ווי עס שילדערט זי מיין טאַטע און מיינע ברידער און שוועסטער, וועלכע האָבן זי אויסגעצייכנט געקענט, איז זי געווען אַ שטאָלצע און אַ שטייפע. רייכע סעודות און קאָסטלעכע בעלער זיינען געווען איר גוסט. זי האָט אַוודאי זיך נישט אָפּגעזאָגט פון קיין אָפּיצירס איינלאַדונג צו אַ טאַנץ, בשעת די טעכטער האָבן געטווישט די שוואַרצע פּלאַטן ביים גראַמאָפאָן. עס איז אין שטוב שטאָלץ געשטאַנען אַ טונקעלע פּאַרטעפּיאַנע, ווי אין אַ קעניגלעכן פּאַלאַץ. אַ פּיאַנאָ־לערער פלעגט קומען צו די קינדער דריי מאָל אַ וואָך. די פּאַדלאָגעס זיינען געווען באַדעקט מיט טערקישע און פּערסישע טעפּיכן. און די ווענט מיט לויכטנדיקע ברוסעלער גאָבעלינען, פאַרשטעלנדיק אין זוניקע קאָלירן סצענעס פון תנ״ך און מיטאָלאָגיע. גאָלדוואַרג און זיל־בערוואַרג האָט געלויכטן אין אַלע ווינקלען פון די גרויסע זאַלן. מאַסיווע לייכטער, פאַיאַנס פון כינע און פון ענגלאַנד, אַלטפּרענקיש מעבל פון פּראַג־צויזישן הויף האָט פאַרוואַנדלט דאָס הויז אין דעם שלאָס פון אַ כראַביע, מיט גוטן געשמאַק און נייגונג פאַר עקסטראַוואַגאַנץ.

מיין זיידע, ר׳ לייבוש יואל׳קעס, שטאַמענדיק פון אַן אָרעמער משפּחה, איז געווען אַ איד אַ בן־תורה. אין זיין העכסטער גדולה האָט ער נישט פאַרפעלט צו לערנען תורה. ער פלעגט אויפשטיין אין באַגינען, ווען אין דרויסן פלעגט שאַריען אויף טאָג, און אָפּגיסנדיק זיינע נעגל מיט וואַסער, פלעגט ער עפענען אַ ברייטן, אוראַלטן ספר און אָנהויבן צו לערנען. פון דרויסן רינט אַריין דורך די שויבן דאָס ערשט־צעלאָפּענע ליכט פון דער אויפגייענדיקער זון. די געלע בלעטער פונם ריזיקן ספר צינדן זיך אָן. עס ברענען ליכטיק די פינצטערע אותיות... די שטיבער זיינען פון אַלע פיר זייטן געווען באַשטעלט מיט ריזיקע שראַנקן פול מיט ספרים. ר׳ לייבוש יואל׳קעס איז פאַרבליבן אין זיין העכסטער גדולה אַ באַשיידענער איד, פול מיט פאַרכט פאַר גאָט. מיט תהלים אין האַרצן. מיט גרויס ליבשאַפט צו די מענטשן. מיט אַ הייסער ליבע צום איד. ספּעציעל צום אָרעמען איד. צום אָרעמאַן און צום אביון. ער האָט ליב געהאַט צו געבן צדקה מיט אַ ברייטער האַנט.

עס איז מיר, זיין איינינקל, דעם שרייבער אין אידיש, פאַרבליבן פון זיין גאַנצן ריזיקן און לעגענדאַרן פאַרמעגן אַ דראָטענע קיישעלע, געפאַרבט אין בלויען, וואָס שטייט איצט אויף מיין שרייב־טישל, בשעת איך שרייב

אין פריען באַגינען די דאָזיקע שורות. מיין טאַטע פלעגט מיר דערציילן אַז דאָס דראָטענע קיישעלע פלעגט דער זיידע באַנוצן יעדן שבת צונאַכטס, נאָך הבדלה, ווען אידן, אביונים און בעטלערס פון שטעטל, פלעגן זיך באַוויזן אין די אָפענע טירן. אַלע פיר אָפּטיילונגען פונם קיישעלע זיינען אָנגעפילט געוואָרן מיט דיקע, קופּערנע מטבעות. מטבעות מיט דיקע, גע־שוואָלענע קעפּ פון צאַרן און צאַריצאַס. מיט גרויסע אָדלערס, וועמענס צוויי קופּערנע קעפּ רייסן זיך אין פאַרשידענע זייטן פון דער וועלט. דער זיידע טיילט צו די אידן די געשוואָלענע, פאַרצייטישע רוסישע מטבעות, טיילט זיי אין די אַלטע, אָפּגעריבענע הענט פון בעטלערס. אָרעמעלייט דאַנקען מיט זייערע בלויע, שעפּטשענדיקע ליפּן, געפּאַלענע אידן נייגן פּאַטעטיש זייערע גרויע קעפּ, ווי אַקטיאָרן אויף אַ בינע. דער זיידע קוקט חלילה נישט אַן קיין אידישן פּנים... ער וויל נישט מבייש זיין, פאַרשעמען די אומעטיקע אידן, נעבעך. עס איז שוין שפּעט שבת צו־נאַכטס... אויבן, אינם פאַר־וואָלקנטן הימל, איבערן שטעטל יעוואַנגאָראָד, שטייט די קופּערנע לבנה מיט אַ פּנים פון דוד המלך, מיט אַ גאָלדענע, אָפּגעריבענע קרוין אויף זיין הערלעכן, מלכות׳דיקן קאָפּ. אַ האַנט פונם משרת, ר׳ תנחום, אַרומגעגאַרטלט אין אַ לאַנגער גאַרטל, טראָגט צו דיקע טיטלען מיט מטבעות פונם זיידענס קאַסע... דאָס דראָטענע שאַכטעלע ווערט אָנגעפילט מיט פרישע שטיקער קופּער. מיט יעדער בערגל מטבעות, וואָס ר׳ תנחום טראָגט צו, קומט אַריין די ברכה... מען זעט באַשיינפּערלעך ווי אַ גאָלדענער מלאכס האַנט שיט אַריין אָפּגעפּוצטע שטיקלעך מינץ, ערשט פון דער הימלישער מינצעריי געבראַכט אויף גאָלדענע פליגל. די מינצן גליען נאָך פון גאָט׳ס הימלישן פייער...

מיין זיידן ר׳ לייבוש יואל׳קעס, איז אַוודאי נישט געפעלן זיין ווייב׳ס רענעסאַנס־פּעריאָד־רעזשים: אַ הערשאַפט פון פאַרשווענדערישער רייכקייט, איבערגעטריבענעם לוקסוס און גלאַנץ. ער האָט אָבער ווויל געוווסט אַז עס וועט זיין זינלאָז אָפּן צו קעמפן אַנטקעגן אַ ווייבלעכן קעניגרייך. דאָ, אין הויז, האָט געהערשט די זינדיקע ווייבלעכע ממשלה. די טעכטער, ווי די לויכטנדיקע אַמאַזאָנקעס אויף געשוואָלן־זוניקע אָגערס, האָבן מיט זיך פאַר־געשטעלט דער מאַמעס גראַציעזער אַרמיי. זייערע באַוואָפענונגען זיינען נישט געווען קיין שווערטן און קיין לאַנצעטן — נאָר ווייבלעכע גראַציע, רייצנדיקע אויגן, ליפּן און פיגור... דינע, עלאַסטישע טאַליעס און טענצלדיקע, מיט תאווה שיכורע פיס...

דער זיידע האָט זיך דאָ געפילט אַזוי ווי אַ פרעמדער, אַ פאַרבלאָנ־דזשעטער, גאָט׳ס־פאַרכטיקער, אין אַ פרעכן, זינדיקן און געצנדינערישן לאַנד ר״ל. אָבער, ער האָט קיין שום ברירה נישט געהאַט. עס איז אויך

געווען נייטיק אָנצוהאַלטן שלום אין הויז. וואָרים קריגעריי וואָלט אָנגעטאָן נאָך מער שאָדן צו זיינע קינדער. דאָס ביסל איינפלוס וואָס ער האָט נאָך געהאַט, וואָלט ער אויך פאַרלוירן. ער אַליין, מיין זיידע, איז פאַרבליבן דער ערלעכער, שטילער און באַשיידענער איד, טראָץ זיין שם אַלס גרויסער נגיד, טראָץ זיינע מילן, פּראָפּינאַציעס, ציגעלניעס, קרעטשמעס און האַנדל מיט דער צאַרישער פעסטונג. ער האָט כאָטש אָפּגעשעצט זיין פּערזענלעכע פרייהייט, אויף וויפיל דאָס איז געווען מעגלעך אין אַן אָליגאַרכיע פון רייצנ־דיקע ווייבער...

אָבער, מיט דער צייט איז דער זיידע אַראָפּ פון זיין גדולה. ער איז היפּש פאַראָרעמט געוואָרן. ווען די מומע געניע, זיין יינגסטע טאָכטער, איז אויסגעוואקסן, האָט שוין איר פּאָטערס שיקזאַל זיך אָנגעהויבן צו ענדערן צום שלעכטן. ר׳ לייבוש יואל׳קעס האָט שוין אָנגעהויבן צו גיין באַרג אַרונטער, פאַרלירנדיק ביסלעכוויז זיינע וואַסער־מילן און אייזן־גיסעררייען, זיינע פּראָפּינאַציעס און ציגעלניעס, זיינע גאַנצע בלאָקס מיט הייזער אינם שטעטל. קרעדיטאָרס האָבן אַרויסגעטראָגן די טייערסטע שטיקער מעבל פון הויז: שפּיגלען און קרעדענצן. די באָבע האָט איצט פאַרזעצט פּאַר שפּאָט־ביליק מאַסיווע שטיקער צירונג אין די לאָמבאַרדן. זי האָט אַוועקגעגעבן פּאַר האַלב־אומזיסט שפּיצן און זיידנוואַרג. אויך טעפּיכער און גאָבעלינען.

די מומע געניע האָט אין די טעג פון איר יוגנט געזען שווילטאָג און לוקסוס. עס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. עס איז געווען אַ זעלטענער מיראַזש... אירע שוועסטערן האָבן כאָטש לאַנגע יאָרן גענאָסן פונם לוקסוס און ראַסקאָש. זי אָבער איז בלויז טאַנטאַליזירט געוואָרן... זי איז נאָך נישט געווען געזונג דערוואקסן דעמאָלט אַליין צו געניסן פון דער רייכקייט און די מעגלעכקייטן פון אַ גביריש הויז. בלויז די אַפּעטיטן האָבן זיך אין איר צעשפּילט. בלויז די באַגערן האָבן זיך אָנגעצונדן. ווען זי איז געווען גרייט צום געניוס, איז דער מיראַזש פאַרשוווּנדן, האָט דאָס פּאַטאַמאָרגאַנישע פייער זיך פּלוצלינג אויסגעלאָשן...

די מומע געניע האָט חתונה געהאַט מיט עפּעס אַ מעלאַנכאָלישן יינגער־מאַן וואָס האָט געהייסן דוד, און ער איז געווען אַ „מרוק" און האָט געהאַנדלט מיט מעל. זי האָט פון אים געבוירן דריי קינדער, אַלע מיידלעך, וועלכע האָבן אָפּט אונטערגעקרענקט און האָבן זיך געגויטיקט אין אַ סך מעדיצינען. די דריי מיידלעך האָב איך וווּיל געקענט, ווייל זיי זיינען אומגעפּער געווען אין מיין עלטער. קיין וואָזשנע שיינקייטן זיינען זיי נישט געווען. איך פלעג גאַנץ אָפּט אַריינקומען צו מיין פּאָטערס שוועסטער געניע, כאָטש קיין איבע־ריקס פריינטלעך און קיין פריילעך הויז איז עס נישט געווען. זיי האָבן געוווינט נעבן דעם פולאַווער פּאַרק, אין „אַלברעכטס גאָרטן", ווי מען פלעגט

דאָס רופן, דאָרט ווו די קעניגלעכע אַלייען ציען זיך אַדורך מאַיעסטעטיש, דערמאָנענדיק אין שטאָלצער גלאָריע פון די פּאַרצייטישע פּוילישע פירשטן. די פענצטער פון דער מומע געניע׳ס היים האָבן אַרויסגעקוקט צו די מאַרמאָר־קלאָרע, פּעאָדאָלע שלעסער פון דעם פירשט אַדאַם טשאַרטאָריסקי, ווו עס איז געוועבט געוואָרן פּאָליטיק און הויף־אינטריגעס. לעגענדע, היסטאָריע און מעשה איז איצט געוועבט געוואָרן אַרום די דאָזיקע אַלטע, פּרעכטיקע שלעסער. פּוילישע שרייבער האָבן זיי אַריינגענומען אין זייערע געשיכטלעכע ראָמאַנען. און אַפילו חסידים האָבן איינגעלאָדן דעם פירשט טשאַרטאָריסקי צום קאָזשעניצער מגיד און אין חסידישע מעשה׳לעך...

מען האָט פון דער מומע געניעס פענצטער אויס געזען די פּאַרזשאָ־ווערטע טייכן און פּאַרשימלטע מאָנומענטן, אויך די פינצטערע היילן און די געהיימנישפולע טונעלן, וואָס האָבן, ווי מען האָט דערציילט, געפירט אונטערערדיש צום קעניגלעכן שטעטל קאָזשימיערזש, ביי דער ווייכסל, די אַמאָליקע רעזידענץ פון פּוילישן קיסר קאַזשימיערזש דער גרויסער און די קעניגין, די לעגענדאַרע אסתר׳קע פון שטעטל אָפּאָטשנע. דאָ, אינם אוראַלטן פּאַרק, האָבן אַמאָל שפּאַצירט שטאַטסמענער, פּרינצן און מיליטערישע העלדן, צוזאַמען מיט שיינע דאַמען, וואָס זיינען אויף אייביק אַריין אין די אָנגע־צונדענע מאָלערייען פון נאַציאָנאַלע פּוילישע מאָלערס. ס׳איז דאָ, ווי שוין געזאָגט, געמאַכט געוואָרן העראָישע געשיכטע. סצענעס און געשפּרעכן פון עפּישן כאַראַקטער זיינען שפּעטער אַריין אין די ברייטע בלעטער פון דער פּוילישער ליטעראַטור. (אויך אין דער אידישער היסטאָרישער פּראָזע, ווי זלמן שניאור׳ס גרויסע נאָוועלע: „קיסר און רבי”.)

די מומע געניע איז געווען, ווי געזאָגט, אַ שטאָלצע, קעניגלעכע אָסאָבע, וואָס האָט שטאַרק ליב געהאַט מיין מאַמען. אָבער צווישן איר און מיין פאָטער האָט געהערשט אַ שטילע מחלוקת. זי האָט פיינט געהאַט מיין טאַטן פאַר זיין אומפאַריינטלעכער באַציאונג צו איר פון תמיד אָן. דער טאַטע האָט פיינט געהאַט זיין יינגסטע שוועסטער, ווי מיר דוכט זיך, אָן שום סיבה. איך האָב קיינמאָל נישט געהערט אַז מיין מומע געניע זאָל ווען עס איז האָבן באַליידיקט מיט אַן אומפּאַסיקן וואָרט מיין פאָטער. אידן אין פּוילן, אידישע משפחות, האָבן זיך אָפּט פיינט געהאַט ווייל מען לעבט אויף גאָט׳ס ערד. שנאה און אייפערזוכט איז ממש אַ נאַטירלעכע זאַך. די ליבשאַפט צווישן מענטשן האָט באַשטימטע אורזאַכן. שנאה אָבער האָט נישט קיין סיבה. די מינדעסטע זאַך איז גענוג צו צעפלאַקערן דאָס פייער פון שנאה. מיין טאַטע האָט פאַראַכטעט שיינע פּרויען, אין וועלכע ער האָט געזען גאָר דאָס שלעכטס פון דער וועלט. די פּריסטערינס פון טייוול, די קנעכטינס פון תאווה. אין דער מומע געניען האָט ער געזען איינע פון די פּרויען וואָס האָבן צוגעהאָלפן

אַז זיין פֿאָטערס הויז זאָל חרוב ווערן. כאָטש די מומע גענינע האָט שוין סיי ווי נישט קיין סך געגאָסן פֿון דאָזיקן לוקסוס, ווייל זי איז געבוירן געוואָרן שפּעט. דאָך האָט מיין טאַטע, לויט זיין מיינונג, געהאַט גענוג אורזאַך זי פֿיינט צו האָבן.

ווי שוין געזאָגט, מיין פֿאָטער איז געווען דער עלטסטער זון פֿון ר׳ לייבוש יואל׳קעס, בשעת די מומע גענינע איז געווען זיין ייִנגסטע טאָכטער. מען האָט אין הויז פֿונם זיידן נישט ליב געהאַט מיין טאַטן. ער איז געווען פֿון דער נאַטור אַ נזיר און אַ מעלאַנכאָליקער. לוקסוס און גלאַנץ איז אים געווען פֿרעמד. די ממשלה פֿון די ווייבער האָט ער נישט געקענט פֿאַרטראָגן. זיינע שיינע, שלאַנקע און ווייס לייביקע שוועסטערן האָט מיין פֿאָטער באַטראַכט אַלס גרויסע הולטאַיקעס, פֿאַרשווענדערקעס און פֿרעכטיקע געליבטעס פֿון צאַרישע פֿערוועדזע אָפֿיצערן. ער האָט אין זיי געזען חוה׳ן וואָס האָט פֿאַרפֿירט אדמ׳ען צו באַשאַפֿן, לויט מיין טאַטן, אַ טרויעריקע און פֿאַרשאָלטענע מענטשהייט. ער האָט פֿיינט געהאַט זיין אייגענער מוטער מיט דער שנאה פֿון אַ טראַן־פֿאָלגער, וועמען זיין מוטער שטייט אין וועג. ער האָט געשאָלטן און ממש פֿאַרשאָלטן דאָס גבירישע הויז פֿון מיין זיידן. פֿון זיין מויל איז אַרויסגעגאַנגען פֿייער און בליץ פֿון וואָרט. די קללה איז ביי אים געוואָרן אַ מעכטיקער אויסדרוק פֿון צאָרן. איך בין געשטאַנען נעבן מיין טאַטן און געפֿילט ווי ער ברענט. ווי דאָס וואָרט גליט אין זיין געביין. ווי דאָס וואָרט רייסט זיך ווי אַ ראַקעטע פֿון זיין האַלדז־און־האַרץ. ווי דאָס וואָרט ברעכט אַרויס ווי אַ דונער פֿון זיין נפֿש. מען האָט זיך פֿאַר אים געהיט מיט רייכע בעלער און מיט ראַסקאָשנע סעודות. עס פֿלעגט אַמאָל טרעפֿן: אין דרויסן איז אַ קאַלטע ווינטערנאַכט. דער שניי שיט אָן אויפֿהער פֿונם אומפֿריינטלעכן, פּוילישן הימל. עס איז אַ פּוילישער שניי וואָס פֿאַלט שוין זיבנט דורות אויף דער פּוילישער ערד. פֿאַלט אייביק אויפֿן אָרעמען אידנס קאָפּ. עס איז נישט קיין שניי — נאָר אַ האָגל. ס׳איז נישט קיין האָגל — נאָר צעבראָכענע שטיינער וואָס פֿאַלן איבערן אידנס פּלייצע, קאָפּ און אָרעמס. די נאַטור שלאָגט ביטער. דער הימל איז אומפֿריינטלעך. דער גוישער גאָט האָט פֿיינט דעם אידן. עס איז אַ ליגן אַז גאָט איז אַ איד. ווי אַזוי קען אַ אידישער גאָט לאָזן שעכטן אידן? גאָט איז נישט געבוירן געוואָרן קיין איד. מיין טאַטע טרייבט דאָס אויסגעמאַטערטע פֿערדל דורכן געדיכטן, פֿינצטערן וואַלד. ער פֿאָרט פֿון עפּעס אַ יאַריד אין געניוואַשאָף, ווו ער האָט פֿאַרקויפֿט צי געקויפֿט אַ קראַנק, אָפּגעשוואַכט און טויטלעך־פֿאַרוווּנדעטע פֿערד. מיין פֿאָטער איז הונגעריק. מיין פֿאָטער איז דורשטיק. ער האָט היינט פֿון באַגינען אָן גאָרנישט געהאַט אין זיין מויל. ער דערנענטערט זיך אין דער שניי־ווייסטער און אייז־קאַלטער נאַכט צו זיינע עלטערנס הויז.

דורך דעם געדיכטן שניי זעט ער ווי עס לויכטן דורך די גרויסע פענצטער די בליצלאָמפּן. וואָס מער ער דערנענטערט זיך צום הויז אין דער נאַכט, הערט ער קלאָרער די מוזיק פון בראַהמס און שאָפּען, פון באָראָדין און מוסאָרגסקי. די שוועסטערן טאַנצן אוודאי מיט די אייביקע אינזשעניערס דאָ: די צאַרישע פּולקאָווניקעס און אָפיצערן. די קאָזאַקישע דאָן־זשוואַנען. די טשערקעסישע טענצערס. די פּאָליאַקן וואָס האָבן ליב גבירישע אידישע טעכטער...

מיין פאָטער פאָרט אַריין אינם הויף פון זיין טאַטנס גוט. דאָס פערד גייט בלינדערהייט... דאָס פערד ווייסט שוין זיין וועג צום זיידן. דער טאַטע קלאַפּט אָן אין דער הילצערנער טיר.

— קטאָ טאַם? — הערט זיך זיין מאַמעס הייזעריקע שטימע. — ווער קלאַפּט דאָס איצט אַזוי שפּעט ביינאַכט? — פאַרנעמט ער שוין פון דער אַנ־דערער זייט טיר איר פינצטערן כעס.

— איך, מאַטל! עפן, מאַמע, די טיר! — קלינגט אומהיימלעך מיין טאַטנס קול אין דער נאַכט. אָבער די מאַמע איילט זיך נישט. זי בורטשעט בייז. זי עפנט קוים די טיר.

— וואָס האָט דיך דער בייזער רוח דאָ פּלוצלינג אָנגעטראָגן? וואָרט צו... וואָרט דאָ צו אַ ווײַלע... איך וועל גיין אָנזאָגן די קינדער... צום טייוול! אינמיטן נאַכט קומט ער אָפּשרעקן די קינדער...

זי גייט אַוועק כדי צו באַהאַלטן די זיך קאָכעדיקע טעפּ מיט פליישן, ווי אין לאַנד מצרים. זי גייט אַוועק אויפרוימען פון טיש די טייערע, גאָלדיקע געבעקסן, וואָס אָטעמען נאָך מיט דער ליבער וואַרעמקייט פונם שמעקנדיקן באַקאויוון. זי גייט אַראָפּנעמען פון די פּילפּאַרביקע, רייצנדיקע טישטוכער די רייכע פלעשער קאָניאַק און ראָם, וואָס לייכטן דורכזיכטיק אין דעם הייסן ליכט פון די בליצלאָמפּן. זי גייט אויפרוימען די נישט־דערטרונקענע כוסות מיט גאָלדענעם מעד, פאַרברודיקטע דורכן גרויען רויך פון ציגאַרעטן. זי גייט אַראָפּרוימען די טאָרטן און די מעש־געלע לעקעך־געבעקסן און וויכע, באַטעמטע קוכנס. זי גייט באַהאַלטן די רויטע קעזן פון שווייצאַריע מיטן גרינעם שימל אין די גרויסע לעבער און הײלן. זי גייט אַראָפּציען די גאָלדענע בעכערס און די זילבערנע לייכטער פון די טישן. זי גייט אָנזאָגן די צעהיצטע וואַלקיריעס, אירע טעכטער, אַז מען זאָל אָפּשטעלן דאָס שפּילן פון דעם גראַמאָפאָן, באַהאַלטן די טונקעלע פּלאַטן, פאַרדעקן די ברייטע פאָרטעפּיאַנע מיט אַ קאָלדרע. מען זאָל עפענען די ריזיקע פּאָלאָק־פענצטער אַז די פאַרע פון די פעטע גריצן און געשמאַקע טעלערס מיט פליישן זאָל אַרויסציען אין דרויסן ווי אַ ריח פון זינד און פרעסעריי. זאָל מען אַראָפּשאַרן פון די טישטוכער דעם גרויען אַש פון די ציגאַרן און ציגאַרעטן. זאָל מען

זיך אַוועקזעצן אין די טונקעלע ווינקלען מיט די אָפּיצירן, וואָרים אָן אומגליק: מאָטל, מיין טאַטע, איז פּלוצלינג אָנגעקומען... אַ שרעק איז אַלעמען באַפאַלן... מאָטל איז דאָ, צו אַל די שוואַרצע יאָר! וואָסאַראַ בייזער שד האָט אים דאָ פּלוצלינג אָנגעטראָגן?!

יאָ, מאָטל איז דאָ. ער דערשיינט פינצטער און מורא׳דיק, ווי אליהו הנביא אין פּאַלאַץ פון דער קעניגין איזבל. ער איז קאַלט און אומפריינטלעך. זיינע העל־ברוינע אויגן בליצן מיט גיפטיקער שנאה. זיין פלאַם־רויט פּנים איז פאַרגאָסן מיט שניי וואָס שמעלצט דאָ אין דער פּערפיום־ און־פליישׁ־מעד־שמעקנדיקער היץ. פון זיינע מעפיסטאָפעליש־פאַרשאַרצטע ברעמען און גריכיש־געפאָרמטער, פּראָמינענטער נאָז רינען טראָפּנס צעשמאָלצענער שניי. זיינע קינבאַקן זיינען שאַרף ווי ביי אַ שאַקאַל. זיין שטערן איז אומפריינטלעך געררונצלט. עס איז בייז און צאָרנדיק מיין טאַטע, ווי אַ נביא פון די בלעטער פון תנ״ך. עס איז מיט אים מיטגעגאַנגען דער פינצטערער וואַלד און די אימה פון דער ווינטערדיקער לאַנדשאַפט. עס האָבן זיך נאָכגעשלעפּט נאָך אים פלאַמיקע צויטן פון געדיכטע דורות אידן. אונטער אים איז געווען אַ וואָלקן פון אידישע געשיכטע. טויזנט יאָר אידיש לעבן אין פּוילן זיינען דאָ געשטאַנען אין זיין געביין און געבליטן. ער האָט אין דער פּרעכער סביבה פון זינד און פייערלעכקייט אַריינגעבראַכט די מורא׳דיקייט פון אַ שטראָפנדיקן, בייזן און אומברחמנות׳דיקן נביא, פאַר וועמענס אויגן גאָט האָט ערשט געהאָט געעפנט אַ בייזע פּאַנאָראַמע פון די פּרעכע זינד פון זיין פאָלק. פון די פינצטערע פאַרברעכנס פון די פעלקער. דער נזיר האָט זיך הויך אויפגעשטעלט און מיט אַ פינצטער־בליצנדיקן פּנים איבער דער זינדיקער און לוקסוריעזער ממשלה פון די צעלאָזענע און צעהפקרטע ווייבער. לוסט און לוקסוס איז פון אייביק אָן דאָס רויטע, דאָס פייערדיקע טוך צו די מיט בלוט און מיט פייער־פאַרשלאָפענע אויגן פונם צאָרנדיקן און דאָרנדיקן נביא. ער איז פול מיט געדונער און מיט געבליץ. זיין הויכע געשטאַלט וואַרפט אָן אַ שרעק. ער איז דאָ נישט געקומען שלאָפן און עסן און טרינקען — נאָר כדי צו שטראָפן מיט זיין וואָרט און כדי אַלעמען דורכצונעמען מיט זיין צאָרן און פּראָטעסט. שוין זיין שטומע, אָבער מאָנומענטאַלע דערשיינונג דערשרעקט און וואַרפט אָן אַן אימה. פון זיין הויכן, פוטערנעם הוט רינט דאָס וואַסער פון דעם ווילדן און וואַלדישן שניי. נאַס זיינען זיינע אָרעמע בגדים. מיין פאָטער איז נאָך יונג, אָבער ער רעדט מיט אַ דורות׳דיק־אור־אַלטער שפּראַך פון מוסר און שטראָפרייד. עס ברענט פון אים אַרויס אַ צאָרנדיק לשון וואָס יעדעס וואָרט איז ווי אַ שאַרפע האַק, וואָס האַקט אונטער דעמבעס אין וואַלד. ער האָט פיינט פאַרשווענדעריי. ער ווייסט זייער גוט דעם סוף און דעם פינצטערן גורל פון די וואָס וואַרפן מיט געלד און פאַרשווענדן

פּאַרמעגנס. זינד ווערט פון אייביק אָן באַשטראָפט מיטן טויט. הייזער און מילן, לענדער און אימפּעריעס זינקען צום גרונט פון ים און מדבר, ווייל זיי זיינען מאָראַליש דורכגעפרעסן. אַ געדיכטער און אַ פינצטערער זשאַווער פרעסט אויף און גריזשעט דורך מיט פלאַמיקע ציין אַפילו דאָס דיקסטע גאָלד פון מעכטיקע און מכלומרשט אייביקע קעניגרייכן.

אין אַ קורצע ווײַלע אַרום, ווי נאָר מיין פאָטער האָט זיך באַוויזן אינם רייכן, לוסטיקן און מיט מוזיק־קלינגענדיקן הויז, איז פּלוצלינג געוואָרן מוראַדיק־שטיל ווי אין ריוויס. שנעל האָבן איצט אָפּגעקלונגען לאַנגע קושן אונטער די שפּאַנישע ווענטלעך פון די צימערן.

די צאַרישע אָפיצירן, אַזוי ווי פּלוצלינג אַטאַקירטע דורכן שונא, האָבן שנעל אויף זיך אַרויפגעוואָרפן די ברייטע, מיליטערישע שינעלן און זיינען אין בליציקן געאייל פאַרשווונדן געוואָרן אין די שניי־ווייסע טונדרעס פון דער נאַכט. די טואַלעט־צימערן זיינען שנעל פאַרנומען געוואָרן דורך די רייצנ־דיקע, געצנדינערישע מיידן, וואָס האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די נאַכטיק־טונקעלע, באַלאָווע קליידער און האָבן זיך אַנטבלויזטע אריינגעוואָרפן אין ברייטע, זיידענע נאַכט־העמדער... מען האָט איינגעדרייט די דיקע, שוואַרצע קנויטן פון די העלע זונען — די בליץ־לאָמפּן. מען האָט אויסגעלאָשן די פייערן אין גרויסן, קאַפלאַנאָוון אויוון און מען האָט באַהאַלטן די פעט־פאַרשוימטע, אייזערנע טעפּ מיט די רייכע און שמעקנדיקע שפּייזן... די באָבע איז איצט דערשינען אין אַ פּשוטן, אָרעמען קלייד, נאָך פון די צייטן פון איר אָרעמשאַפט, אַזוי ווי אַ רייכע, אויסגעלאָסענע קעניגין וואָס איז אַריין אין קאָנוועגט, און זי האָט מיט אַ געבראָכענער שטימע פאַרבעטן איר עלטסטן זון מאָטל אין קיך אַריין:

— קום אַריין, מאָטל, אין דער קיך אַריין. דו וועסט דאָך עפּעס איבער־בייסן, וועסט זיך דערכאַפּן דאָס אָפּגעשוואַכטע האַרץ דיינס... וואָרים דו מוזט דאָך זיין היפּש־הונגעריק..

מיין טאַטע טוט איצט אויס דעם שווערן פּאַלטאָן זיינעם, וואָס איז אייגנט־לעך דעם זיידנס. דער פּאַלטאָן איז פּיטש־נאַס און אויסגעווייקט פון רעגן, שניי, האָגל, שווייס און טרערן. דער טאַטע, ווי פעלזיק־שטאַרק עס איז זיין אייזערנער כאַראַקטער, האָט אין אים אַריינגעיאָמערט און אַריינגעוויינט דורך די פינצטערע נאַכט, אַליין און וועלט־איינזאַם אויף פּוילישע וועגן. ער טוט אויס זיין פוטערנעם הוט, וואָס יאָמערט נאָך מיטן שטאַרבן פון דער חיה אין וואַלד, ווען עס האָט איר געביין טויטלעך געטראָפן דעם יעגערס קויל. ער וואַשט זיך זיינע גרויסע, אָבער איידעלע הענט מיט אייז־קאַלטע וואַסער, וואָס ער גיסט פון דער בלעכערנער שעפּ און ער זעצט זיך פינצטער און מרה־שחורה׳דיק אַנידער ביים היימישן, הילצערנעם טיש. דאָס איז נאָך

דער טיש פון זיין קינדהייט און זיין פריע יוגנט. מען האָט אין הויז אַלץ איבערגעטוישט: דאָס מעבל און דאָס געשיר. די אייזערנע טעפּ, די בלעכערנע טשייניקעס, די לעפל און די גאָפּלען און די מעסערס. נאָר ס'איז דאָ געבליבן שטיין דער מעכטיקער דעמבאָווער טיש, נאָך פאַרשניטן מיט די שניטן פון זיין אינגלערישן קנייפּערל. דער טיש רוישט נאָך און זינגט מיט פּוילישן וואַלד. די פייגל זינגען נאָך אויפן ברייט־צעצווייגטן דעמב וואָס העקערס ווען ברוטאַל אונטערהאַקן און אַרויסשנײַדן פון זײַנע ריפּן — ברעטער. און פון דעם געהילץ פון זיין שטאַם צונויפקלאַפּן מיט אייזערנע טשוועקעס דעם טיש. און אויפן וואַנט פון דער קיך דערקענט ער דאָס אַלטע קופּערוואַרג, וואָס דער טאַטע האָט געירשנט פון זיין טאַטן, דעם עלטער־זיידע, ר' וואַליע. עס גייט אַזאַ היימישע וואַרעמקייט פון די מאַסיווע קופּערנע פאַנען, טעפּ, פּאַטעלניעס און ריינדלעך. אין דעם דיקן קופּער איז פאַרשמידט אַ וועלט מיט צייט. עס זיינען דערין איינגעקאָוועט יאָרהונדערטער פון אידישע צייט, אידישע געשיכטע, אידישן קאַמף און אידישע געראַנגלען פאַר וועלט־עקזיסטענץ. די וואַנט מיט אַלטפּרענקישע קופּערוואַרג רירט אים טיף. ער געדענקט אויך די ציגיינערס וואָס פלעגן שטיין ביים וואַלד. די פייערדיק־זוניקע טעג פון גרויסן זומער. ער פלעגט לויפן צו זיי, נאָך אַלס קליין אינגעל, כדי אָפּצווייסן מיט הייסן זילבער די קופּערנע טעפּ. ער געדענקט די הויכע, געהיימנישפולע, ציגיינערישע בוידן. די טונקעלסאַמעטענע קינדערלעך מיט נאָס־זיידענע האָר און מיט אויגן פון שטיינקוילן. די יונגע, געשטאַלטנע פרויען ווי די פּרינצעסינס, אין רייכן בלענד פון אָריענטאַלישע קליידער־פאַרב און ציגיינעריש־בונטער צירונג...

אָט איז אַן אויסגעריבן מעסער מיט אַ מאָנאָגראַם. וויפיל דורות מיט צייט האָט מען געשניטן ברויט, חלה און דיקן לעקעך מיטן דאָזיקן מאַסיוון מעסער, ביז מען האָט אויסגעריבן זיין דיקן שטאָל. אַלץ ווערט אין גאָט'ס צייט אויסגעריבן מענטשלעך: מעסערס, קופּערוואַרג, טשייניקעס, לייכטער, מעבל און מענטשנלעבנס... אָט געדענקט ער זיך: אַ גאַנץ קליין אינגל נאָך. ער טראָגט אין זיין קליינער, זיידענער האַנט די לאָמטערנע... ער גייט אַהיים פון חדר שפּעט ביינאַכט. קליין איז דאָס חלב'נע ליכטעלע אין דער פּראָגילער, ציטערנדיקער לאָמטערנע... ער טראָגט עס ציטערנדיק אין זיין קליינער האַנט. אָבער גרויס און פּעך־שוואַרץ איז דער פּחד פון די האַריזאָנטן. פינצטערע וואָלקנס ליגן אָנגעלעגט אויפן הימל, אַזוי ווי פּוילנדיקע קאַרקאַסעס פון ריזיקע, פּאַרמבולדיקע מאַמאָנטן און מאַסטאַדאָנען, נאָך אַ שלאַכט מיט דער נאַטור, נאָך אַ באַטאַליע מיט שרעקלעכע און אויסטערלישע עלעמענטן. נאָך אַ מלחמה מיט אַ ים־געפּלייץ פון וואַסערן און שטורעמס. עס רייטן ריזיקע און פינצטערע אָגערס אויף גיגאַנטישע און אימה'דיקע אָגערס. אַ פייערדיקע אָרגיע אין הימל... אומענדלעכער פּחד גייט

פון הימל. אומגלויבן. סקעפּטיציזם. אַפּיקורסות. פינצטערע פאַרצווייפלונג. איז פאַראַן ליכט אונטער די דיקע און בלייערנע שיכטעס מיט וואָלקנס? איז פאַראַן אַ אידישער גאָט איבער דער אַנדערער זייט פון דער פינצטערער נאַכט וועמענס דיקע, בלייערנע פינצטערניש מען קען אַפילו נישט שניידן מיט קיין פויערשע קאָסעס? האָט דאָס אַלץ וואָס לעבט, עקזיסטירט און פּרוכפּערט זיך — אַ זין? שטעקט טאַקע ערגעץ אין די הימלישע היילן, אין די קאָסמישע באַהעלטענישן, אַ געוואַלטיקער גייסט וואָס גיט זיך אָפּ מיטן גורל פון יעדער מענטש, ביז יעדן מינדעסטן ווערעמל? איז ערגעץ דאָך פאַראַן אַן אויפבליק פון פרייען, הימלישן ליכט אין וועלכן אַלע געהיימנישן אַנטפּלעקן זיך פריי צו דער נשמה? איז טאַקע פאַראַן אַ וועג אין הימל, ווו מען קען גיין פריי, גליקזעליש, דירעקט צום רבונו של עולם? איז פאַראַן אַ וועג וואָס בליציקע מלאכים האָבן אַראָפּגעראַמט ביי די זייטן פונם דאָזיקן קאָסמישן וועג מיליאָנען־און־מיליאַסן הרוגים פון מענטשן און פון חיות? האָבן זיי אַוועקגעטראָגן מיט זייערע אייזערנע הענט די שפּיציקע פעלזן און די געוואַלטיקע בערג פון מיטן וויסטן וואַנדערוועג? האָבן זיי באַזייטיקט אַלע וויסטע און טראַגישע שטרויכלונגען און צווייפלען? שפּאַצירט דאָרט פריי און גליקלעך אַרום דער געיאָגטער און דער געפּלאָגטער מענטשלעכער גייסט? קען מען טאַקע אָנקומען צו גאָט דורך אַ געוויסן הערלעכן וועג? אָט פונקט אַזאַ וועג ווי עס האָט זיך איינמאָל אין אַ גרויסן גאָטס־טאָג פאַר אים געעפנט אין פרילינג, צווישן די בוימער פון אונטערן שטעטל מאָדזשיץ. עס איז געווען, ווי געזאָגט, בראַנדז־געגאָסענער כישוף־פרילינג. ווי אין חלום איז ער אַהין פאַרגאַנגען. ס'האָבן זיך ברייט געעפנט וווּנדערלעכע האָריזאָנטן. שטיקער הימלישע רוים האָבן זיך באַפרייט. דער בלויער הימל איז געווען הערלעך־און־לינד. קיין געטלעכע האַנט האָט נישט געוואָגט אַנצוואַרפן אַ וואָלקנדיקן טינט־פלעק אויפן הימל. ווי אַן אומגעהויערע מגילה, אַן פינצטערע קבלה־אותיות, איז געווען דער גרויסער הימלישער פאַרמעט. טאַטע איז געגאַנגען אויפן דאָזיקן וועג פון אַנטפּלעקונג. לאַנג, ווייט און שמאָל איז געווען דער וועג אין דער אומענדלעכקייט אַריין. עס האָבן זיך אונטן, צופיסנס, געשפּילט די מוראַשקעס אין קליינטשיקע קאָנצענטראַציעס, ווי טיילן פון אַ געוואַלטיקער אַרמיי. אויבן האָבן געשפּילט די פייגל, אַזוי ווי ליכטיקע, זוניקע שטערן. עס איז זייער ווייט און טיף געווען דער וועג. נאָר ער האָט געפירט צו שטילקייט; צו פולקאָמער, טי־פער רו. ער האָט געפירט אין גן עדן אַריין. ער האָט געפירט צו הימלישע טויערן, און עס האָט זיך אייביק אַזוי געוואָלט גיין אויפן דאָזיקן וועג. עס האָט זיך געוואָלט דאָ אייביק גיין אין הימל אַריין. דער טאַטע געדענקט ווויל דעם דאָזיקן וווּנדערלעכן געפיל. ער האָט דעם וועג שוין קיינמאָל מער נישט געוואָלט פאַרלאָזן. ער האָט נישט געוואָלט אַריינגיין אין דעם ביטערן

און שווערן לעבן מיט זיינע טויזנטער קאָמפּליקאַציעס. אויפן שטילן, קינדע־ריש־געטלעכן וועג האָט ער אַזוי שוין אויף אייביק געוואָלט גיין. גיין אייביק אַזוי שטילערהייט. אין דער אומענדלעכקייט אַריין. צו גאָט. אָ, דער גרויסער מאָמענט קאָסמישע רו! דער געוואָלטיקער און שטילער גאַנג אין דער אייביקייט אַריין, מיט גרינע גראָז־בלעטער און קליינע, דינע בלומען ביים זייט פון וועג... אָ, דאָס אַוועקגיין פון דעם ערדישן לעבן צו הימלישע האַריזאָנטן. צו אייביקער פייערלעכקייט, צו תנכ׳ישער פשטות און גראָז־גרינע לאַנקעס. צום האַרץ פון גאָט...

נאָר אין דעם מאָמענט, ווען מיין טאַטע שפּאַצירט רויק און שטיל אויפן וועג פון אייביקייט, געשעט עס: עמעץ נעמט אים פעסט אין זיינע אייזערנע אָרעמס אַריין און ער שליידערט אים מיט אַזאַ שטורעמדיקן זערג אין דער וועלט אַריין. און מיר, זיינע קינפּטיקע קינדער, מיר גייען אים אַנטקעגן. מיר, נשמות נאַקעטע, מיר גייען אַנטקעגן אונדזער טאַטן אויפן וועג פון באַשאַפונג. און אָט דערנענטער איך זיך צו מיין טאַטן, וואָס איז נאָך אַ קליין אינגעל, מיט דער מאַמעס מילך־טריף אויפן מילך־בלויען פּנימל. איך גיי מיט מיין טאַטן אַ זייער גרויס שטיק וועגס. נאָך שטייט די רונדע לבנה אויפן הימל, ווי אַ טעלער מיט טונקעלע שטיקלעך שפּייז, מיט פליש און מיט ביינער. מיר גייען און מיר גייען און מיר גייען און פלוצלינג הייבן מיר ביידע, איך און מיין טאַטע, אָן צו וויינען און צו יאָמערן און מיר מאַכן נאָס מיט אונדזערע טרערן גאָטס קלאָרע און לויטערע פרימאָרגן־לאַנדשאַפטן...

פלוצלינג קומט אַריין דער זיידע, ר׳ לייבוש יואלקעס. טאַטע שטעלט זיך אויף. עס איז פונקט ווי דער תנך וואָלט זיך געעפנט און אברהם אבינו וואָלט דערשיינען. עס איז אַ גרויסער מאָמענט: טאַטע און זיין עלטסטער זון מאָטל זיצן ביידע אין דער קיך. זיי טרינקען טיי. די מאַמע איז אַוועק זיך מתעסק זיין מיט אירע טעכטער...

— גוטן אָוונט, טאַטע! וואָס מאַכט דער טאַטע? — פרעגט מיין טאַטע דעם זיידן. ער זעט אַז דער זיידע איז אַלט געוואָרן. עס זשאַווערט דער פעסטער רינג אין דער גאָלדענער קייט פון זיין פאַמיליע, וואָס ציט זיך אַזש פון שפּאַניען אָן, פון דעם הויז פון דון יצחק אַברבנאל, ביזן ליכ־טיקן שטערן פון דוד המלך. אין זיין בלוט רינט אַלט, קעניגלעך בלוט. דאָס שטאָלצע און דאָס פייערדיקע בלוט פון קיסר, דיכטער און חכם שלמה המלך. עס איז אַ ווייטער, לאַנגער און אומענדלעכער גאַנג דורך דער אידישער געשיכטע.

— גוטן אָוונט דיר, מאָטל! פון וועלכן יאַריד ביסטו דאָס אָנגעפאָרן?

— פונם וועלט־יאַריד, טאַטע!

— מיט וואָס האַנדלסט דו?

— מיט לופט און מיט רויך און מיט פייער. איך האַנדל מיט געשיכטע.

איך טראָג פאַרצווייפלונג און גלויבן אויף דעם וועלט־געמאַרק. איך קויף קראַנקע פערד, הייל זיי אויס און פאַרקויף זיי צוריק פאַר אַ שיבוש. איך הייל הינט און קעץ. איך פאַרבינד די וווּנדן פון שטומע חיות און איך פייניק ווייב און קינדער. איך שלאָג זיי מיט האַרטע, מיט האַרבע רייד ווי מיט בלוטיקע שווערטן.

— דו האָסט אַן אײדעלע ווייב, אַן אשת חיל.

— טאַטע, דיין הויז וועט חרוב ווערן. איך זע: אַ מלאך שטייט איבער דיין הויז מיט דער פייערדיקער שווערט. זיי, די וויסטע, זינדיקע ווייבער, וועלן פאַרטיליקן דיין הויז. עס גייט אַ גרויס אומגליק אויף דיר, טאַטע!

— איך ווייס, מיין זון. עס איז נישטאָ קיין עצה. עס איז דאָ די הער־שאַפט פון די ווייבער. איך זע יעדן טאָג קלאָרער מיין סוף. איך גיי צו פולן באַנקראָט. עס ברענען שוין מיינע וועלדער מיט גרויסע פייערן. די טאַרטאַ־קעס ברעכן זיך. די ציגעלניעס פלאַמען. דאָס פעסטונג פלאַקערט. מיין שטערן פאַלט און לעשט זיך אויס אינמיטן נאַכט.

דער טאַטע קוקט אויפן זיידנס פנים: עס איז מורא׳דיק אַלט געוואָרן. עס איז טויטלעך־מיד געוואָרן. עס איז געוואָרן פאַרמעט־געל. אויף די צעאַקערטע באַקן איז איינגעקריצט אַן אַלטע, אוראַלטע שריפט. ס׳איז דאָרט פאַרשריבן שיקזאַל. עס ווערט דאָרטן אויפגעשריבן גורל. דער גורל פון מענטש: פון איוב, פון ישעיהו, פון משה, פון בודאַ, פון פאַוסט. עס גייט אַ מורא׳דיקע שווערט אין דער לופט. זיין פייערדיקע שאַרף צעשפּאַלט דאָס הויז. עס רייסט אַראָפּ דעם דאַך פון דער היימישער היים. זאָלן זען די שטערן: אין די בעטן ליגן נאַקעטע, פרעכע מיידן מיט אָפיצערן. דאָס זיינען זיינע לייבלעכע שוועסטערן. זאָלן די בליצן אויפרייסן דאָס הויז. זאָלן זיך די ווענט צעקראַכן... אין יעדער חדר שטייט אַ פּרעכטיקע, קעניגלעכע בעט. מורא׳דיקע זינד ווערט ווילד אָנגעטריבן אין זיידענס הויז. שדים שווינבלען און גריבלען דאָ. פאַרבלוטיקטע און מיטן בראַנדז פון זון־אונטער־גאַנג פאַרגאַלדיקטע נשמות. געצן דרייען זיך דאָ נאַקעטיקע אַרום. דער שטורעם רייסט אַרונטער הייזער און דעכער. עס פלאַקערט די זינד הויך ביזן הימל.

דער טאַטע קוקט אָן זיין טאַטנס פנים: עס איז אַלט און געל און מיד און פול מיט שטאַרבן. עס איז ווי אַן אַלטע פנים פון אַ סאָווע. זי וווינט שוין אין אַ וויסטער חורבה זינט טויזנט יאָר. זי קוקט אַרויס פון פאַר־שטויבטע און פאַרשימלטע ווענט מיט אויגן פון אַ נביא, וואָס האָבן שוין אַלץ געזען. זאָל נאָר ווערן וועלט־שטיל — וועט זי אָנהויבן צו דערציילן אַ גראַנדיעזע עפּיק. אַ שטורעמדיקע באַלאַדע פון אויפגאַנג און אונטערגאַנג. ער זעט: דער זיידע איז מאַכטלאָז אַנטקעגן זיין גזר. ער איז מיד ערב דעם סוף. טויט איז אָנגעשריבן מיט פינצטערער שריפט אויפן זיידענס געלן,

פערגאַמענטישן פּנים. עס איז נישט קיין פּנים פון קיין מענטש — נאָר אַ מגילה פון טויט. דער זיידע איז רעזיגנירט. אַן אַלטע, געטרייע רו פון דיקע, געשיכטלעכע ספרים גייט אויף איבער אים ווי פון די טויטע פליגל פון פינצטערע נאַכט־איילעס, וואָס פליען גערוישלאָז אין דער נאַכט. אַזוי האָט אויסגעזען דער קיסר דוד, ווען ער האָט געגענט צום קלאָר־ווייסן, שניי־קלאָרן גוף פון אבישג השונמית. דער קיסר איז געל און מיד. די יונגפרוי קען אים מער נישט רייצן. זע ווי עס טורמען זיך שטייף אירע בריסט ווי צוויי שטאַרקע טורעמס. נאָר זיי קענען מער נישט רירן און נישט רייצן דעם קעניג. זע ווי אַ געטלעכע האַנט האָט געשניצט אַ הערלעך פּרויען־פּנים. מיט אויגן — צוויי גרויסע שרפות. נאָר דער קיסר ציטערט פון שוואַכקייט. דאַנעבן אויף אַ טאַבורעטקע ליגט די גרויסע, גאָלדענע קרוין. אַ ליכטל גיסט ווייסן חלב אויף די צעצונדענע בריליאַנטן פון דער קרוין. און אבישג גיסט גרויסע טרערן אויפן קעניג׳ס גרייז־גרויע באָרד... זי רעדט צו אים צאַרטע רייד ווי אַ פידל. נאָר דער קייסער איז טויב...

האָט דער זיידע ליב זיין עלטסטן זון, מאָטל? ניין. קיינער האָט מאָטלען נישט ליב. מען האָט פיינט זיין מאָדנע אומהיימלעכקייט. זיין מאַקאַברישן הומאָר. מען שרעקט זיך פאַר זיין וויסטן וואַנזין. פאַרן נביאישן פייער און פאַר זיין שניידנדיקער קללה. פאַר זיין שטענדיקן פאַרויסזאָגן טויט און אונטערגאַנג. מער פון אַלע אין דער משפחה האָט אים פיינט זיין אייגענע מאַמע. ביידע קענען זיך וויל: מאַמע און זון טראָגן דאָסזעלבע פייער און שלעכטס אין די הערצער. דער זיידע זעט אין זיין עלטסטן זון מאָטל דער מאַמעס בייזער רציחה. געפּאָרט מיטן נביא׳ס צאָרן. מיט ציניזם פונם שטן. מיט לאַזאַרוס׳ס חוזק איבער מענטשלעכער פּראַכט און ספּלענדאָר. דער זיידע זעט אין זיין זון מאָטלען דעם אָנזאָג אויף זיין אייגענעם טרויעריקן סוף. אויפן חורבן פון זיין הויז און אויף די לעצטע, געציילטע טעג פון זיין איצטיקן רייכטום.

עס איז שפּעט ביי דער נאַכט. די מאַמע בעט אויס פאַר איר זון מאָטלען אַ געלעגער אין דער קיך. אַן אייזערנע, פאַרזשאַווערטע בעט סקריפּעט און קרעכצט אונטער זיין שווערן, זיין מידן גוף. עס טריפט מיט טראָפּנס הייסן, אָנגעגליטן חלב דער מאַסיווער, מעשענער לייכטער. דער אוראַלטער זייגער קלינגט אויס הייזעריקערהייט די שפּעט־ביידערנאַכטיקע שעה׳ן, מינוטן און רגעס. זיין ציפערבלאַטיש פּנים שרעקט דעם טאַטן. ער געדענקט גוט דעם זייגער: ער האָט אים אָנגעקוקט נאָך פון דער דעמבענעם וויגל אויס. ווען ער איז נאָך געווען קינד, האָט ווי אַ שטומע לבנה אינם קאַלטן, האָפ־נונגסלאָזן און נאַכטיקן וועלט־רוים, אים אָנגעקוקט דער ניכטערער, אָביעק־טיווער זייגער. ער ציילט קאַלטערהייט זיין מענטשלעכע, זיין וואַרעמע צייט. ער גריזשעט זיינע שעה׳ן אַזוי ווי שאַרבנס פון לעבעדיקע, זיך נאָך צאַפּ־

לענדיקע מענטשן. ער שלינגט זיינע וואַרעמע מינוטן. ער פּרעסט אויף מוראדיק אָביעקטיוו זיינע צאַרטע רגעס. ער שטיקט זיך מיט זיינע פולע טעג. ער פאַרדייעט זיינע פינצטערע נעכט פול מיט יסורים. דאָס איז נישט קיין זייגער — נאָר אַ קאַניבאַל. אַ מורא׳דיקער מערדער. ער פאַרצערט זיין לעבן. די וואָגעס זיינען שווער אָנגעפילט מיט זיין צייט ווי מיט בלוט. עס הערשט איצט אַ טויטע רו אינם הויז. די רו ערב אַ שטורעם. שווערע מיט זינד־בליי באַלאָדענע רוען זאַטע און שווערע די רובענסיש־לויכטנדיקע גופים פון די שוועסטערן. זייער פאַרב איז געמישט מיט בלוט און מיט גאָלד פון דער זון. איין און איינציקער מוח וואַכט: מיין טאַטנס. דורכן פענצטער זעט ער: עס זיינען שוואַרץ און פינצטער די האָריזאָנטן. וואָלקנס רייטן אויף וואָלקס אַזוי ווי חיות אויף חיות. אַן איינציקער גריל ערגעץ אין קאַמין גרילט און זעגט און זאָגט אַן מורא׳דיקע טעג. זאָגט אַן דאָס גראָבן פון קברים פאַר אַלע, פאַר אַלעמען, פאַר דער גאַנצער מענטשהייט... ווו איז דער רבונו של עולם? וואַכט טאַקע אויף אַלעמענס קעפּ אַ בליציק אויג אין אוניווערס? וואָס איז נאַטור? אַרבעט די נאַטור אַזוי ווי אַ קאָלאָסאַלע מאַשין, אָנגעשטעלט דורך אַ געוואַלטיקן אינזשיניער? אויב אַזוי, איז זי דאָך ממש געטלעך! שאַפט אַ נייע געוואַלטיקע תפילה, איר דיכטער און ענטוזיאַס־טישע באַרדן פון גאָט! שרייבט, סופרים הייליקע, אַ נייעם סידור! פּאָעטן און שרייבער, פאַרפאַסט מעכטיקע געבעטן! זינגט געטלעכע חניפה צו אַ געוואַלטיקער מאַשין. עפנט זיך, מענטשלעכע הערצער, אין געוואַלטיקע אויסבראַכן צו אייזענע שרויפן און צו שטאָלערנע רעדער! ווי צו דער פייערדיקער מעשה מרכבה, צום וואָגן וואָס גייט אויף זונען־רעדער צום הימל, צו דער געטלעכער קאָטש פונם נביא, שרייבט אַ פרישן תנך! גורט אָן אייערע דינע לענדן, נביאים, און טונקט אייערע פּענעס אין ימים מיט מענטשלעך טינט! — — —

אין דער נאַכט שלאָפט איין מיין טאַטע. די שטערן לויכטן נאָענט צו זיינע אויגן. עס גייט אויף אַ לייטער פון דער ערד ביזן הימל. אויף דער לייטער שפּאַנען נאַקעטע מלאכים מיט מענלעכע און ווייבלעכע פּנימער אַרויף און אַראָפּ. וואָסאַראַ גראַנדיעזער, געטלעכער טעאַטער! און אַט טויכן אויף אויף די טרעפּ פון דעם לייטער זיינע פערצן קינפטיקע קינדער... זיין און טעכטער... זייערע נשמות ברענען. און אַט שפּאַן אויך איך, זיין יינגס־טער זון, יהושוע... ווען איך ווער געבוירן, איז דער טאַטע אַ מאַן פון פינף און פערציק יאָר. אונטערן עמבריאָנישן אָרעם טראָג איך אַ גרויסע פלאַש מיט פינצטערן טינט: מיין גורל. איך וועל זיין אַ שרייבער. איך וועל פאַרגיסן האָריזאָנטן מיט טינט. איך וועל פאַרנוצן פּעסער מיט טינט. איך וועל מיין בלוט פאַרוואַנדלען אין טינט. מיינע טרערן אין טינט. מיין גרינע פרילינגען אין טינט. עס וואַקסן טונקעלע וועלדער מיטביימער. איך וועל זיי

פֿאַרשרײַבן. טאָגנען מיט פּאַפּיר, געמאַכטע פֿון אָט די װעלדער, װעל איך װילד פֿאַרשרײַבן...

דער טאַטע קוקט מיך אָן. ער טראַכט אַװדאי: „װען דער טאַטע װערט געבוירן, איז דער זון אויפֿן דאַך". װיפֿיל חכמה לויכט פֿון אַן אַלטן שפּריכװאָרט... ער לייענט אויפֿן האַריזאָנט צװײ מאָדנע דאַטעס: 1863. דאָס איז דאָס יאָר פֿון זײַן געבורט. 1939: דאָס יאָר פֿון זײַן טויט. אין ז' תשרי, דעם 20טן סעפּטעמבער, אין אַ טאָג פֿון רעגן און שניי. װעט מײַן טאַטע אויף אײביק צומאַכן די אויגן.

און נאָך דאַטעס לייענט ער אויפֿן האַריזאָנט: 1864. זײַן װײַב, רחל־לאה, איז אין דאָזיקן יאָר געבוירן געװאָרן. און 1942: דינסטיק, אײנס אַ זײגער בײַנאַכט, דעם 7טן יולי, (22 טעג אין תמוז), איז מײַן מאַמע גע־שטאָרבן אין אַ ניו־יאָרקער מושב זקנים. איר לויה איז פֿאָרגעקומען אין אַ „פֿיונעראַל־היים", בלויז אַ פּאָר בלאַק װײַטער...

אַ האַנט מיט אַ ברייטן אַרבל מישט די אותיות... װישט און מעקט און שרײַבט אָן נײַע אותיות. דער טאַטע לייענט די נעמען פֿון זײַנע פּערצן קינדער. די דאַטעס פֿון זייערע געבורטן און... — — —

* * *

געװוינט צו לוקסוס און װוילטאָג, האָט די מומע געניע נישט געקענט שלום מאַכן מיטן גורל פֿון אַן אָרעמען, באַשײדענעם לעבן. איר מאַן, דער מעל־סוחר, האָט װײניק פֿאַרדינט פֿאַר אַ פֿאַרמעגלעך הויז. שװער זײַנען געװען די יאָרן נאָך דער ערשטער װעלט־מלחמה, װען מענטשלעכע שיקזאַלן זײַנען צעשאָסן געװאָרן װי מעכטיקע גראַניטענע מאָנומענטן אויף שטאָטישע סקװערן. שראַפּנעלן האָבן אַראָפּגעריסן די קעפּ פֿון די מאָנומענטאַלע און פּאָמפּעזע און פֿאַריסענע פּאָמניקעס. אַ הימלישע האַנט האָט אויסגעמישט נעמען און גורלות אין איין געװאַלטיקן קנויל. די מומע געניע האָט פֿאַר־זוכט דעם טעם פֿון גן־עדן. אָבער איצט איז דאָס לעבן פֿאַר איר געװען אַ גהינום...

מײַן טאַטע איז אײנמאָל אין אַ טאָג, נאָענט צו די פֿאָרכטיקע ימים־טובֿים־טעג, אַהײמגעקומען אַ שטאַרק־צעטרודערטער. ער האָט דערציילט דער מאַמען אַז ער איז געשטאַנען אין גאַס, אויפֿן מאַרק. ער האָט געזען װי די אידן פֿון די אַרומיקע געװעלבלעך שטייען אין אַ רעדל און סודלען זיך עפּעס פֿאַרדעכטיק, דערזעענדיק פֿונדערװײַטנס אָנקומען דעם טאַטן מיטן שטעקעלע אין דער האַנט. דער טאַטע האָט געהערט װי דער בעקער מיטן קאָלטן אויפֿן געלן קאָפּ האָט דערציילט אַז ר' מאָטלס שװעסטער, געניע, האָט בײַ אים אינם ברויט־געװעלב געגנבֿעט אַ גרויסע, ליכטיקע חלה...
דער קצבֿ מיט בלוט־פֿאַרשמירטע הענט האָט דערציילט אַז ר' מאָטלס

שוועסטער געניע האָט ביי אים געגנבעט שווערע שטיקער פליישׂ... אַז אירע ווייסע, קליינע הענט זיינען איינגעשמירט געוואָרן אינם בלוט פון די שטיקער פליישׂ. אַן איינציק צעהאַקט אויג פון אַן אָקס איז געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע, צווישן ביינער־דזשעגעכץ, און האָט אַלץ געזען... אַ פאַרבלו־טיקט מויל פון אַ קאַלב האָט קינדיש אַלץ דערציילט... אַ פּרוכטהענדלער מיט רויטע אויגן ווי צוויי אַפּעלסינען האָט דערציילט און זיך דערביי טויזנט מאָל פאַריענקעט אַז ר׳ מאָטלס שוועסטער געניע, האָט ביי אים געגנבעט געשוואָלענע פלוימען, געפּאַרבטע עפּל און געשמידטע באַרנעס אַזוי ווי מעש און קופּערשטיק. ס׳האָט דערציילט אַ דינע אידענע, טראַגנדיק אַן אָפּגע־קראַכענעם סאַק פון רויטן פּלוש געמאַכט, אין האַנט האַלטנדיק אַ ווייך־געפּלאַכטענעם קאָשעק, אַז ר׳ מאָטלס שוועסטער געניע האָט ביי איר צו־געגנבעט פונם טיך־פּאַס אַרויס אַ פעטן, אַ שמאַלציקן הערינג... דיקע טראָפּנס ליאָק זיינען געבליבן ביז היינט צו טאָג שטעקן, ווי די טשוועקעס, אויף דער פּאָדלאָגע פון איר קלייט...

דאָס אַלץ האָבן די מענטשן, די גאַסנהענדלערס און די פּרזשעקופּקעס (פאַרקויפערינס), זיך דערציילט איינער דעם אַנדערן. אומישנע? כדי דער טאַטע זאָל זיך צוהערן און ער זאָל וואַרענען זיין שוועסטער? דער קצב מיט די לאַנגע, מיט בלוט־פאַרגאָסענע הענט, ווי אין רויטע הענטשקעס, האָט געזאָגט, אַז דעם נעקסטן מאָל, ווען ער וועט די גנב׳טע כאַפּן ביי דער האַנט, וועט ער איר מיטן שטאָלענעם האַק־מעסער אָפּהאַקן די הענט... דער בעקער האָט געזאָגט אַז ער וועט אַריינשטעקן איר קאָפּ צום פייער פונם ברענענדיקן אויוון און ער וועט לאָזן אָפּזענקען איר קאָפּ מיט די הערלעכע גאָלד־האָר... דער פּרוכטהענדלער האָט געזאָגט אַז ער וועט פון איר אַראָפּפּליקן דאָס קלייד און זי אַרויסטרייבן אין גאַס אַריין אַ הויל־נאַקעטע ווי די מאַמע האָט איר אין אַ פינצטערער נאַכט געהאַט... די הערינג־הענדלערין האָט געדראָט אַז ווען זי וועט נאָכאַמאָל ביי איר פּרובירן גנבענען אַ זילבערנעם, פּערלמוטערנעם הערינג, מיטן צאַרטן פּאַנצער פון שופּן באַדעקט, וועט זי לויפן גלייך צום רב ביי דער ווייכסל און וועט איר מסרן...

מיין טאַטע איז, פאַרשטייט זיך, געווען צעטומלט און פול מיט צאָרן. עס האָט אים ביטער ווי געטאָן די ווויסטע חרפּה. עס האָט אים גלייכצייטיק הנאה געטאָן: ער האָט נקמה גענומען אין זיין שוועסטער געניע... עס איז געווען די אַלטע, עפּישע שנאה צו איר — צום פאַרשווונדערישן הויז פון זיינע עלטערן... אין איר, דער סאַמע יינגסטער שוועסטער, האָט ער נקמה גענומען פאַר דער זינדיקער הערשאַפט פון די פּרעכטע ווייבער אין זיין פאָטערס הויז. כאָטש די מומע געניע איז געווען די צום וויניקסטנס

שולדיקע, האָט ער זי דאָך פּיינט געהאַט צוליבן חורבן פון זיין מאַמעס הויז־און־האַרעם (מען נעמט אגב תמיד נקמה אין די שוואַכסטע און אומ־שולדיקסטע!...) און איצט, ווען זי איז אַזוי ברוטאַל און באַרבאַריש באַ־שולדיקט געוואָרן אין גנבה, האָט ער אויפגעקוואָלן פון וויסטן נחת. און ער האָט טאַקע באַשלאָסן צו לאָזן רופן זיין שוועסטער געניע צו אונדז אין הויז אַריין, און איר, פאַר די אויגן פון מיין מוטער, אין דער אָפענער אַנוועזנקייט פון אונדז, קליינע אינגלעך, איר אויסצוטאָן מוטער־נאַקעט און איר הויך דערציילן וואָס ער האָט געהערט רעדן וועגן איר אין שטעטל, אויפן מאַרק... ער וועט איר מוסרן און איר עפנטלעך פּייניקן... אַ קליין שטיקל סדום וועט דאָ אויפגיין. מען וועט דער נאַקעטער מומע געניען באַגיסן מיט האָניק און מיט סמאָליע. דעם טאַטנס רייד וועלן זיין די גיפטיקע בינען... דעם טאַטנס דראַנג און באַדערפעניש נאָך נקמה וועט ווערן אַביסל געשטילט און געזעטיקט...

מיין מוטער האָט די פינצטערע געשיכטע נישט געוואָלט גלויבן. זי האָט זיך געבעטן:

— מאַטלשי־קרוין, באַרעכן זיך גוט איידער דו גייסט צאַפּן דיין שוועס־טער געניעס בלוט. טאָמער איז עס בלויז אַ בלבול, וועט דיר דער וואָס לעבט אייביק קיינמאָל נישט מוחל זיין. אפשר האָבן זיי געשפּאַסט אויף איר וויסטן חשבון? אפשר האָבן זיי דיר געוואָלט ווי טאָן? עס גלויבט זיך מיר ב׳קיין שום אופן נישט אַז געניע זאָל גיין גנבענען ברויט און פלייש און פּרוכטן און פיש. זי איז דאָך אַ קלוגע פרוי. מאָטל קרוין, איך בעט דיך: פאַרגיס נישט דיין שוועסטערס בלוט! זי איז שוין אַזוי אויך גענוג געשטראָפט געוואָרן פון איר ביטערן מזל!

אָט אַזוי האָט גערעדט מיין מאַמע צו די טויבע אויערן פון מיין טאַטן. אויערן פאַרשטאָפּטע מיט אייזן און מיט שטאָל. אָבער, עס האָט אויף אים קיין שום ווירקונג נישט געהאַט. דער אכזר האָט דערלעבט זיין שעה פון בלוטיקער און פינצטערער נקמה.

ערב יום־כיפור, ווי יעדעס יאָר, איז די מומע געניע צו אונדז געקומען. זי איז געקומען, ווי געוויינלעך, אונדז אָנצווווינטשן אַ גוט און אַ גליקלעך יאָר. זי איז געווען אויסערגעוויינלעך בלייך, אַזוי ווי איר האַרץ וואָלט איר קיין גוטס נישט אָנגעזאָגט. מיין טאַטע האָט זיך געזעצט אַנטקעגנאיבער איר, ביים הילצערנעם טיש, וואָס איז געווען יום־טוב׳דיק איבערגעדעקט מיט אַ טישטוך, מיט לייבן און מיט בלומען אויסגעוועבט. אין קעסטלעך זיינען געשטאַנען אָנגעגרייט דיקע, חלבנע ליכט, אַריינגעשטעקט אין פייכטן זאַמד, ווי אין געלן צוקער. מיין פאָטער האָט מיט אַ שטרענגער שטימע געזאָגט צו דער מומע געניע:

— געניע שוועסטער! איך האָב דיר היינט אָנצוזאָגן אַ וויכטיקע זאַך. אַזוי ווי עס איז היינט ערב יום־כיפור ביי אידן, און דאָס מינדעסטע באַשעפעניש ווערט געמשפּט, זאָלסטו מיך אַלץ אויסהערן און מיר זאָגן דעם ריינעם אמת. ווייל איך גלויב עס נישט. איך וויל דאָס נישט גלויבן... עס איז מוראדיק!

די מומע געניע איז געוואָרן ווייס ווי דאָס קאַלעך פון דער וואַנט. אירע בלויע ליפּן האָבן געציטערט פון אויפרעגונג. זי האָט קוים אַרויסגעשעפּטשעט:

— וואָס איז געשען, מאַטל?

— מען שמועסט איבערן גאַנצן שטעטל אַז דו ביסט אַ גנבטע. אַז דו גנבעסט אין די געוועלבער ביי אידן ברויט און פלייש, אייער און האָניק. איך האָב עס אַליין געהערט מיט מיינע אייגענע אויערן. און אויב איך זאָג אַ ליגן, זאָל איך שוין באותו רגע, ווי קורח, איינגעזונקען ווערן אין דר'ערד. אַזוי ווי עס איז היינט ערב יום־כיפור ביי אידן... אויב דאָס איז אמת, געניע, ביסטו ווערט אַז מען זאָל דיך פאַרשטיינערן מיט אַ באַרג שטיינער. דו, דו שעמסט דיך גאָרנישט, די יינגסטע טאָכטער פון ר' לייבוש יואל'קעס!

— מאַטל האַרציקער, עס איז אַ געמיינער ליגן. ס'איז שקר וכזב. ס'איז אַ שרעקלעכער און פינצטערער בלבול אויף מיר. אַזוי ווי עס איז היינט ערב יום כיפור צו אַלע אידן פון דער וועלט ווי איך זאָג נישט קיין ליגן. זאָל מיך גאָט משפּטן. איך שווער צו דעם וואָס לעבט אייביק אַז —

זי האָט נישט פאַרענדיקט אירע רייד און איז אויסגעבראָכן אין אַ ספּאַזמאַטיש געוויין. מיין מוטער, וואָס האָט די גאַנצע צייט אין פינצטערע יסורים געשוויגן, איז צוגעלאָפן און אַרומגענומען האַרציק, מיט איר גאַנצן לייב און נפש, די כליפּענדיקע מומע געניען. מיין מוטער האָט איר געקושט און געפּרוווט איינשטילן און באַרואיקן. זי האָט מיט אירע איידעלע הענט אָפּגעווישט דעם שטראָם טרערן פון איר נאַסן פּנים, אויף וועלכן עס איז ממש געווען אַ גאָט'ס רחמנות צו קוקן און זי האָט צו איר געזאָגט:

— געניע־קרוין, דו האָסט מיין הייליק ערנוואָרט: איך גלויב עס נישט אויף דיר. איך קען דאָס נישט גלויבן. איך האָב באַלד געזאָגט מאַטלען אַז דאָס האָבן געמיינע מענטשן, וויסטע שונאים, אויסגעטראַכט. דאָס האָבן נידעריקע ברואים געזוכט צו טרייבן העסלעכע רכילות.

מיר זיינען איצט אַלע שוויגנדיקע געזעסן ביים טיש. די מומע געניע האָט אַלץ געשלוקערצט און געקרעכצט און געציטערט. אַ נשמה איז אָפּגעגאַנגען אין בלוט... עס איז געוואָרן שפּעט. אין די קאַסטנס מיט געלע זאַמד האָט דער טאַטע אַריינגעשטעלט נייע, דיקע שטיקער חלב־ליכט. אין

דרויסן האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו זעצן ווינטערדיק די זון. מורא׳דיק איז געווען דער ערב יום כיפורדיקער זון־אונטערגאַנג. אין הימל, מען האָט עס געזען און געשפּירט באַשיינפּערלעך, האָט זיך אָנגעהויבן דער גראַנדיעזער, דער הימלישער משפּט. דער גאַנצער הימל האָט געברענט. עס האָט גע־ציטערט גאָר דאָס מענטשלעכע באַשאַף אויף דער ערד. איך האָב אויפן וואַנט דערזען די גרויסע פּאָרטרעטן פון זיידן און פון דער באָבען. זיי האָבן מורא׳דיק געוויינט. די באָבע האָט פינצטער געיאָמערט. איך האָב געקענט שווערן אַז בלוטיקע טרערן רינען פון זייערע גלעזערנע פּנימער.

אָן אַ ווינטש אַפילו, ווי אַ וואַנזיניקע, איז די מומע געניע אַוועקגעגאַנגען, אַוועק אַ פאַרוויינטע און אַ פאַרקלעמטע פון אונדזער הויז. מיין מאַמע האָט איר אָנגעווונשן און האָט איר נאָכגעשריגן טייערע טרייסטווערטער. דער טאַטע איז שוין געהאַט אַוועק אין בית המדרש צו כל־נדרי. איך בין נאָך געווען אין שטוב. ביי די גרויסע, טריפנדיקע ליכט איז געשטאַנען די מאַמע און שרעקלעך געיאָמערט. זי האָט מיך אַרומגענומען און האָט מיך געדריקט צום האַרצן און מיך פאַרגאָסן מיט אַ מבול פון טרערן און מיט אַ ים פון געוויין. דער מאַמעס ספּאַזמאַטישער אויסבראָך איז מיר אויף אייביק אַריין אין דער טיפעניש פון די ביינער. עס יאָמערט שטענדיק אין מיר מיט דער מאַמעס אייביקן יאָמער. זי האָט מיך דעמאָלט אַזוי פעסט געדריקט צום האַרצן, מיט דער גאַנצער קראַפט פון איר לייב און נפש. זי האָט מיך אַזוי מורא׳דיק און אַזוי שרעקלעך געבענטשט און פאַרשאָלטן...

אויפן האָריזאָנט האָבן זיך גענומען טונקלען די פייערדיקע הימלישע טייכן. די גראַנדיעזע קאָסמישע פאַרשטעלונג האָט זיך געענדיקט. גאָר דאָס לעבן אין אוניווערס האָט אויפגעציטערט. די געוואַלטיקע און מורא׳דיקע האַנט פון הימלישן שופט האָט אַלעמען איצט געריכטעט...

* * *

עס איז געווען די צייט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די וועלט האָט זיך צוריק אַביסל געעפנט. געעפנט מיט אירע אָפּגעברענטע שטעט און שטעטלעך אין פוילן, מיט אירע אָפּגעזענקטע איינוואוינער, וואָס זיינען פרי אַלט געוואָרן אין די פייערן פון גיהנום. מען האָט איצט אָנגעהויבן צו קריגן בריוו פון אַמעריקע. באַלד האָבן זיך באַוויזן לאַנדסלייט און שליחים פון לאַנדסמאַנשאַפטן אין ניו־יאָרק. איינמאָל, האָט מען געהערט, איז קיין מאַדזשיץ געקומען אַזאַ לאַנדסמאַן, אַ געוויסער יחיאל שולדענרייך (אין אַמעריקע האָט ער זיך פאַרקירצט דעם נאָמען אויף: שולד.) ער האָט גע־שטאַמט פון מיין טאַטנס פאַמיליע. ער האָט זיך פאַקטיש אויפגעכאַוועט אין מיין זיידנס הויז. וואָרים ער איז געווען אַ זון פון זיידנס טאָכטער, טאָבי, וואָס איז, אַזוי ווי איר שוועסטער מירל, געשטאָרבן פון שווינדזוכט אין

שרעקלעך יונגן עלטער פון בלויז צוויי און צוואַנציק יאָר. טאַבי׳ס מאַן האָט געהייסן שולדענרייך. טאַבי האָט צו איר מאַן געבוירן דריי קינדער: יחיאל, רויזעלע און יעקב. רויזעלע האָט שפּעטער אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע מיט איר מאַן, אַ היפּשן למדן, מענדל דוד גאַטאַנסאַן, אַ טוער אין היגן אידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד. זיי האָבן געהאַט אַן איינציקע טאָכ־טער, טאַבי, אויפן נאָמען פון איר באָבען. רויזעלע און איר מאַן מענדל דוד זיינען געשטאָרבן אין ניו יאָרק. יעקב האָט געשפּילט אין אידישן טעאַטער. יחיאל איז אַלזאָ געווען דעם זיידן, ר׳ לייבוש יואל׳קעס, אַן אייניקל. און אַוודאי האָט יחיאל גוט געקענט מיין טאַטן און די מומע געניע... זיי האָבן זיך אייגנטלעך געקענט נאָך פון די יונגע יאָרן, פון געמיינזאַמען רייכן הויז אין מאָדזשיץ...

מיין טאַטע האָט געהערט אַז די מומע געניע, אַזאַ פאַראָרעמטע און נויט־באַדערפטיקטע, גרייט זיך צו פאָרן די טעג קיין מאָדזשיץ, צום שליח פון די אַמעריקאַנער אידן, וואָס טיילט אויס שטיצע צו די פאַראָרעמטע פוילישע לאַנדסלייט. מיין טאַטע האָט ממש געברענט פון כעס. אים האָט פאַרדראָסן טאָמער וועט דער יחיאל געבן אַ פּאָר טאָלער צו זיין אָרעמע שוועסטער געניע. די געשרייען אין הויז זיינען געגאַנגען אַזש ביזן הימל. פאַרשטייט זיך אַז מיין גוטע מאַמע, אַזוי ווי שטענדיק, האָט געקעמפט לטובת מיין מומע געניע...

עס איז געווען אַ ווינטערדיקע, פראָסטיקע נאַכט פון שניי און פון רעגן. די מומע געניע איז פּלוצלינג אַריינגעקומען אין שטוב אַ באַדעקטע מיט אַ גלעזערנעם שלייער פון אייז, שניי און רעגן. זי האָט אויסגעזען שטאַרק פאַרעלטערט. לויט אירע יאָרן נאָך האָט זי נישט באַדאַרפט זיין אַזוי שרעקלעך אַלט און פאַרוואָרלאָזט. פרויען, האָב איך געטראַכט, ווערן פרי אַלט ביי אונדז. די נויט דערהרגעט זיי. די יסורים דערשלאָגן זיי. די אָרעמקייט גריזשעט זייערע ביינער. דער ביטערער געראַנגל פאַרן שטיקל ברויט מאַכט פינצטער זייערע יונגע פּנימער. און די מומע געניע איז איצט, אין דער ווינטערדיקער נאַכט, געווען שרעקלעך אַלט... עס איז געווען אויף איר אַ גרויס רחמנות...

אָבער מיין ברוטאַלער טאַטע, עס טוט מיר ווי אַזוי צו שרייבן איצט, אַזוי פיל יאָרן נאָך זיין טויט, האָט אויף איר קיין שום רחמנות נישט געהאַט. מיט כעס און צאָרן האָט ער איר פאַרויסגעזאָגט אַז איר פאָרן קיין מאָדזשיץ וועט זיין אומזיסט. אַז יחיאל שולד (זיין נאָמען איז וויל באַרעכטיקט...) וועט איר גאָרנישט „שענקען״...

די אָרעמע פרוי, מיין מומע געניע, איז נעבעך געזעסן אַ דערשלאָגענע, אַן אַנטמוטיקטע. זי האָט אַוודאי באַשלאָסן יאָ צו פאָרן. איר מאַן, דער

אָרעמער מעל־הענדלער, האָט נישט קיין ביסל געלט מיט וואָס צו האַנדלען. די קינדער באַדאַרפן אויף קליידלעך. אין הויז הערשט ממש הונגער און נויט. עס איז נישט פאַראַן אויף דאָס מינדעסטע... און אַ רפואה איז אַ גרויסער לוקסוס...

אכזריות'דיק איז אַוודאי געווען מיין פאָטערס באַציאונג צו זיין יינגסטע שוועסטער. די מומע געניע איז אַוועק — אַן אַלטע, גרייז־גרויע פרוי. און ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט דער טאַטע אַלץ געשריגן און ווילד געפּאָבעוועט. ער האָט אַלעמען, די גאַנצע משפחה, געשאָלטן און פאַרשאָלטן מיט טויטע קללות. אגב האָט ער שוין פריער געהאַט געזען אין מאָדזשיץ דעם אַמע־ריקאַנער שליח, יחיאל ש., און ער האָט אים אָנגעזאָגט אַז ווען די מומע געניע וועט קומען צו אים, זאָל ער איר נישט דערוועגן צו געבן אַן איינציקן גראָשן... וואָרים זי איז גאַנץ פאַרמעגלעך... דאָס איז אַוודאי געווען אַ גרויזאַמע מסירה מצד מיין טאַטן...

און אַזוי איז טאַקע געווען: די מומע געניע איז געפאָרן און האָט נעבעך גאָרנישט געקראָגן... זי איז אַהיימגעקומען אַ פאַרשעמטע, אַ באַ־לײדיקטע... אויב יחיאל שולד האָט געטיילט געלט צו מאָדזשיצער לאַנדס־לייט, וואָס האָבן געליטן פון דער מלחמה, פאַרוואָס זאָל ער נישט העלפן מיט אַ קליינער סומע געלט זיין אייגענעם בלוט און פלייש, די מומע געניע, מיט וועמען ער איז צוזאַמען אויפגעוואַקסן, אַלס יתום, אין דעם זיידנס הויז און מיט וועמען ער האָט זיך געשפּילט אין דער קינדהייט...

* * *

איך האָב מער די מומע געניע מיט איר מאַן דוד ראַפּאַפּאָרט און די קינדער זייערע נישט געזען. איך בין אַפילו נישט געגאַנגען זיך געזעגענען מיט איר, ווען איך בין אַוועקגעפאָרן קיין פּאַריז. די שנאה צו איר אין אונדזער הויז איז געווען גרויס. און ווי ריין און אומשולדיק אַ קינד'ס האַרץ זאָל נישט זיין, ווערט עס אומפאַרמיידלעך אָנגעשטעקט אַפילו פון אַן אומ־באַגרינדעטע שנאה. עס איז געווען, און עס איז אייביק פאַראַן, אומבאַגרינ־דעטע שנאה צווישן די מענטשן. ספּעציעל איז עס קענטיק ביי די אָרעמע מענטשן, וואָס האָבן אַוודאי נישט קיין שום ראַציאָנעלע סיבה זיך אַזוי שרעקלעך פיינט צו האָבן איינער דעם אַנדערן...

און, עס איז געקומען די גרויסע טראַגעדיע פון די אידן אין פוילן. אין דעם באַרג פון אַש און שטויב געפינט זיך אויך דאָס אַש און שטויב פון מיין מומע געניע מיט איר מאַן און קינדערלעך. די קינדער אירע — דריי טעכטער — וואָלטן שוין איצט אַוודאי געווען לאַנג אויסגעגעבענע... זיי וואָלטן שוין אַוודאי געהאַט זייערע אייגענע קינדער... די מומע געניע וואָלט שוין פון לאַנגע יאָרן אַן געווען אַ באָבע... דאָס האַרץ וויינט אויפן

גורל פון די דאָזיקע טייערע אידישע מענטשן. און אויף דעם אָרעמען, יסורים־דיקן לעבן וואָס זיי האָבן כל־ימיו געלעבט. און אויף דער פינצטערער און ביטערער מחלוקת וואָס האָט געהערשט צווישן זיי. קריגערייִ און בלינדע שנאה האָט נאָך מער פאַרביטערט און פאַרפינצטערט זייערע אָרעמע און טרויעריקע לעבנס...

טייערע מומע געניע! איך בעט ביי אייך מחילה... ביים אַש פון אייערע פאַרברענטע ביינער, וואָס איז פאַרשפּרייט, ווי עס זינגט דער געטאָ־פּאָעט, אין אַלע פיר זייטן פון דער וועלט, שטיי איך אַ געפאַלענער און אַ פאַרשעמטער. איך בעט ביי אייך, ביי אייער מאַן און ביי אייערע קינדער, פאַרגעבונג פאַר מיין טאַטנס בייזער האַנדלונג און פאַר אונדזער אייגענער נאַכלעסיקייט צו אייך... וואָרים מיר זיינען אַלע מיטשולדיק אין רשעות און פאַרברעכן... איך האָב טיפן דרך ארץ פאַר אייערע גרויסע ליידן, פאַר אייערע הייליקע און העראָישע לעבנס, פאַר אייערע מיתה משונהדיקע טויטן, פאַר אייער לעצטן גאַנג צו דער מענטשלעכער שחיטה... און דאָס אידישע האַרץ פרעגט ווידער מיט יסורים: איז דער רבונו של עולם אַ איד? איז ער אַ אידישער גאָט, אויב ער האָט אייך געלאָזט אַזוי באַרבאַריש און גרויזאַם פאַרטיליקט ווערן פון דעם פנים פון דער ערד?...

* * *

ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקע, פלעג איך טרעפן מיין קרוב, יחיאל ש., אין די קרייזן פונם היגן אַרבעטער־פאַרבאַנד. ער איז געווען דער גרינדער און אָנפירער פון די פאַראייניקטע לאַנדסלייט פון איוואַנגאָראָד, געניוואַשאָף און ריקאָוו. קיין איבעריקס פריינטלעכער מענטש איז ער קיינמאָל נישט געווען. זיין ברוטאַלע האַנדלונג צו מיין מומע געניען האָב איך אים קיינמאָל נישט געקענט פאַרגעבן...

יחיאל ש. איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק פון אַ פאַרלענגערטער קראַנקהייט, ערב סוכות, אין יאָר 1958.

אין איינעם פון מיינע רעפּאָרטאַזשן א. ב. „די לאַנדסלייט פון מאָדזשיץ", האָב איך געפּרואווט שילדערן מיין קרוב יחיאל ש., ווי ער האַלט אַ רעדע פאַר די מאָדזשיצער לאַנדסלייט, אַרום ערב ראש השנה, אויפן ברוקלינער בית עולם. זיינע רעדעס זיינען תמיד געווען סקאַרבאָווע און פול מיט זאָרג פאַרן ברענטש, פאַר דער אייניקייט פון די פאַרבאַנד־מיטגלידער, וואָס האָבן זיך דאָ אַלע אויסגעלייגט מיט רחבות... אָבער אים האָט געפעלט אַביסל פשוטע פריינטלעכקייט, אַ וואַרעמער שמייכל צום איינצעלנעם מענטש, צו אַ קרוב, צו אַ פריינט... מען וויל אין דער וועלט־געשיכטע נאָר ראַטעווען פעלקער, נאַציעס און ראַסן... עס פאַלט זעלטן איין אַז דער ערשטער געבאָט איז צו זיין פריינטלעך צום נאָענטסטן און צום אייגענעם מענטש...

איך צוויפל שטאַרק צי יחיאל ש. האָט געהאַנדלט עטיש צו זיין פאַר־אָרעמטע קוזינקע, מיין מומע גנניע, ווען ער איז געשיקט געוואָרן אַלס שליח פון די היגע לאַנדסלייט כדי צו פאַרטיילן ערנסט געמיינטע שטיצע פאַר די געליטענע מאַדזשיצער אידן... איבערהויפּט ווען עס קומט צו דיר, מענטש, אַ אייגענע קרובה, פון דיין אייגן בלוט און פלייש, און זי שטרעקט נעבעך אויס צו דיר איר טרויעריק־פאַרשעמטע און געפאַלענע האַנט... שלאָג נישט, מענטש, די דאָזיקע אומגליקלעכע האַנט! נעם זי צו דיינע ליפּן און באַדעק איר מיט הייסע קושן, ווי עס קומט איר לויט איר געטלעך־קעניגלעכן יחוס...

זיין ענטפער האָט יחיאל ש. אַוודאי לעצטנס געמוזט אָפּגעבן צום יאָמערנדיקן גייסט פון דער מומע גנניע אין הימל... זי האָט מעכטיק געמאָנט איר רעכט... פּונקט ווי ערגעץ ווו מאָנען זייער רעכט אַלע באַליידיקטע, פאַרשעמטע און געשלאָגענע מענטשן... נעמט זיך דאָס אַריין אין זינען. געדענקט דאָס גוט... אונדזערע נביאים האָבן געמשפּט פעלקער און פירשטן אויפן סמך פונם חשבון פון דער געשיכטע...

## דער טאַטע זעט אין וואַרשע אַ מאָדנעם מאַן

אין דרויסן איז שוין געשטאַנען אַ גאָלדענער ערב־פרילינג, אַזוי ווי עס ווערט מיט פינצטערן טינט באַשריבן אין די ראָמאַנען. עס איז געווען דאָס יאָר 1919. דער שני איז שוין געהאַט ווייך געוואָרן אין דער וואַרעמער זון. די פוילישע פייגל האָבן געזונגען באַטעמטע אידישע פאָלקסלידער. אויף די צווייגן האָבן געשפּראָצט די ערשטע האַרטע קנאָספּן. מיר האָבן דעמאָלט שטאַרק געהונגערט. עס איז ביי אונדז אין דער אָרעמער שטוב נישט געווען קיין שפּייז און אויך נישט קיין געלט, מיט וואָס עפּעס צו קענען איינקויפן... און שפּייזן זיינען געווען מוראדיק טייער, ממש מיט גאָלד צוגלייך... דעמאָלט איז אין אַ טאָג דער טאַטע געפאָרן קיין וואַרשע, כדי צו באָרגן אַ פּאָר קראָנען ביי אונזערס אַ פאַרמעגלעכן פעטער...

דער טאַטע איז אין וואַרשע געווען בלויז אַ פּאָר וואָכן. ווען ער איז צוריקגעקומען אַהיים, איז ער, אַזוי ווי תמיד נאָך אַזאַ מין שווערער יאַזדע, דערצו נאָך אין מלחמה־צייטן, געווען שטאַרק פאַרעלטערט, אָפּגעשוואַכט און טויט־קראַנק פון דער ביטערער אָדיסעע און פינצטערע איבערלעבענישן אויף די באַנען, פול מיט אַנטיסעמיטן, כוליגאַנעס און האַלערטשיקעס, וואָס האָבן געשניטן אידישע בערד צוזאַמען מיט דער בלוטיקער הויט... ער האָט דערציילט אַ סך מעשות ווי אַזוי אידן זיינען געבליבן שטיין אויף וואַרשעווער גאַסן מיט נאַקעטע, פאַרבלוטיקטע פּנימער... פאַרשעמטע פון מענטש און פון גאָט... אָבער איין מעשה געדענק איך דווקא ביזן היינטיקן טאָג, אַזוי ווי עס וואָלט ערשט נעכטן געשען... דאָס איז דווקא געווען נישט

קיין גרויליקע מעשה... ווי פלעגט טאָקע דער טאַטע אָפטמאָל זאָגן: „אַ נאַרישקייט געדענקט זיך"...

* * *

דער טאַטע איז געגאַנגען אויף אַ וואַרשעווער גאַס און „דאָס האַרץ איז אים געווען אַוועק", וואָס דאָס האָט אויף זיין לשון געמיינט אַז ער איז געווען היפּש הונגעריק. איז ער אַריינגעגאַנגען אין אַ רעסטאָראַציע און ער האָט זיך געהייסן דערלאַנגען אַ האַבערנע גריץ. זעט ער ווי אַזוי איינער אַ מאַן זיצט ביים שכנותדיקן טישעלע און, נאָכן האָבן אָפּגעגעסן זיין מאָלצייט, טרינקט ער אַ גלעזעלע מיט אָפּגעצוקערטע טיי מיט ציטרין און ער פּאַר־בייסט מיט אַ געלע אייערקיכל... אָבער עס איז געשען אַז דער מאַן האָט דאָס גאַנצע קיכעלע נישט אויפגעגעסן. ער האָט דערפון אָפּגעבראָכן אַ קליינטשיק שטיקעלע קיכל און דאָס איבעריקע האָט ער געלאָזט ליגן אויפן טיש און ער איז זיך געמיטלעך אַוועקגעגאַנגען...

— קען עס מעגלעך זיין אַז אַ לעבעדיקער מענטש זאָל טאָקע היינטיקע צייטן נישט אויפעסן קיין אייערקיכל? — האָט די מאַמע זיך שטאַרק געוווּנדערט.

—איך האָב עס דאָך אַליין צוגעזען! — האָט דער טאַטע געזאָגט. — עס איז געווען אַ געלע קיכל, אַזוי ווי די לבנה אין ראש־חודש, געבאַקן מיט אייער און מיט האָניק. דער מאַן האָט פאַרזוכט אַ שטיקל און ער האָט כמעט דאָס גאַנצע קיכל געלאָזן ליגן אויפן טעלערל און ער איז אַוועק־געגאַנגען...

— עפּעס זעט מיר די מעשה אויס צו זיין פאַרדעכטיקט! — זאָגט שוין מיין עלטערער ברודער שלמה. — אַ מענטש וואָס עסט נישט אויף קיין אייערקיכל, איז דאָך אַ וואַרער משוגענער, אַ שאַליטאַן (אין שטעטל פלעגט מען רופן אַ „שאַרלאַטאַן" — „שאַליטאַן".)

— ער האָט דווקא אויסגעזען צו זיין אַ רואיקער און שטילער מענטש. נאָר, ווייזט אויס, אַז ער האָט געלעבט אין גרויס שווילטאָג! — גיט צו דער טאַטע.

— טאַטע! — מיש איך זיך אַריין אין דער מיטן — אפשר איז ער גאָר געווען דער גראַף פּאָטאָצקי?

— ניין, קינדער! ער האָט דווקא נישט אויסגעזען ווי קיין גראַף. ווער ווייסט: אפשר איז ער געווען אַ זייער רייכער מאַן וואָס קיין אייערקיכל איז ביי אים נישט געווען קיין נאָווינע, קיין וואַזשנע זאַך, הייסט עס! — זאָגט דער טאַטע.

— און איך זאָג דיר, מאָטל־קרוין, אַז עס איז ווייט נישט געווען אַזוי פשוט ווי דו מיינסט! — קריגט שוין לשון די געווינלעך־שטילע מאַמע —

אפשר איז ער גאָר געווען אַ שד, פאַרשטעלט אַלס אַ מענטש? און דעריבער האָט ער נישט געגעסן דאָס קיכל... שדים האָבן דאָך ליב צו שפּילן טעאַטער...

— ניין, קיין שד אויך נישט. שדים טרינקען דען טיי? און ער האָט דאָך געטרונקען טיי... איך האָב אַליין געזען ווי אַזוי ער טוט יעדעס מאָל אַ שלונג די ברוינע, ווויל־געצוקערטע טיי... נאָר דאָס געלע אייער־קיכל האָט ער געלאָזט ליגן אויפן טיש... עס איז קוים געווען אָפּגעבראָכן אַ שטיקעלע דערפון, אַזוי ווי עס וואָלט געווען צוגעגריזשעט פון אַ יינגעטשקע מייזעלע...

— טאַטע! דו האָסט דאָס איבערגעבליבענע קיכל געדאַרפט אַהיימ־נעמען פאַר אונדז! — רוף איך זיך אָפּ.

— בעסער נישט! — זאָגט די מאַמע. — איך וויל נישט האָבן קיין קיכלעך פון שדים פאַר מיינע קינדער... ביי די פאַרשאָלטענע שדים טאָר מען נישט נעמען קיין שום זאַך, אויסער אַ פּראַסטן, אַן אייזערנעם שליסל! — אַזוי פלעגט תמיד זאָגן מיין מאַמע, זי זאָל זיך מיען פאַר אונדז אַלע אין דעם ליכטיקן גן־עדן...

— דאָס קיכל איז עפּעס באַלד אַזוי ווי נעלם געוואָרן! — זאָגט שוין אַצינד דער טאַטע אַביסל מיסטעריעז. — עס איז עפּעס אַזוי ווי נישט געוואָרן...

— נו, מאַטלשי־קרוין! וואָס האָב איך דיר פריער געזאָגט?! עס איז שוין גאַרנישט געווען קיין קיכל... עס האָט זיך דיר בלויז אַזוי אויס־געדאַכט... עס איז אַוודאי געווען אַ מין פאַרבלענדעניש. דער מענטש, מ'שטיינס געזאָגט, איז געווען אַ שד, אַ נישט־גוטס, אַן אויסדאַכטעניש אַזאַ... עס זאָל געשען אויף אַלע וויסטע פעלדער און וועלדער! — זאָגט שוין איצט די מאַמע מיט נצחון אין איר וואַרעמען קול...

* * *

הכלל, דער טאַטע האָט שוין אַצינד ווויל איינגעזען אַז קיין צופיל קלאָרקייט וועט פון דער מעשה מיטן געהיימניספולן מאַן מיטן געלן אייער־קיכל נישט ווערן... האָט ער גענומען שווייגן... און ווען די נאַכט איז פּלוצלינג צוגעפאַלן, האָבן מיר, קליינע אינגלעך, געזען זיצן עפּעס אַ מאָדנעם מאַן ביי אַ טישל אין אַ וואַרשעווער רעסטאָראַציע... צי ער איז געווען אַ פּרינץ, אַ שררה, אַ פירשט אָדער אַ שד, צי אפשר טאַקע אַזאַ מין פאַר־שטעלטער אַקטיאָר, מיט מאַסקע און קאָסטיום, וואָס שפּילט פאַנטאַסטיש טעאַטער, דערין האָט מען נאָך געקענט צווייפלען...

אָבער אין זאַך האָבן מיר איצט שוין געניי געוווסט: אַז אַ פּשוטער און לעבעדיקער מענטש וואָס עסט נישט אויף אין די היינטיקע צייטן

אינגאַנצן אַזאַ מין גאָלדענעם האָניק־און־אייער־קיכל, מוז זיין אַן אמת׳ער משוגענער...

## דער טאַטע חוזקט פון מיין שרייבן

ווען איך האָב אָנגעהויבן צו שרייבן לידער, איז מיין פאָטער געווען שטאַרק געשטימט אַנטקעגן דעם. עס איז מערקווירדיק: ער אַליין, מיין טאַטע, ווי איך האָב שוין אַ סך מאָל באַמערקט, איז אָן ספק געווען אַ קינסט־לערישע נאַטור. איך פאַרדעכטיק אַז אין מיין טאַטן איז פאַרלוירן געגאַנגען אַ טאַלאַנטפולער שרייבער און אַ מאָלער. (אויך אַ גרויסער רעדנער און אַ גענעראַל.) עדות זאָגן דערויף זיינע אומצייליקע פאַרשריבענע בלעטער וועגן די געשעעענישן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. (איך פאַרדעכטיק דאָ אַ נייגונג צו היסטאָריע. וואָרים מערסטנס האָט ער פאַרשריבן דעם אומגע־הויערן יקרות אין מלחמה־צייט, די וואַנדערונגען פון די היימלאָזע אידן, די באַוועגונגען פון די קעמפנדיקע אַרמייען).

עדות אויף זיינע מאָלערישע פעיקייטן זאָגן זיינע זילבער־און־גאָלדענע ביימער־מאָלעכצן, אויך פאַנטאַסטישע פנימער פון מענטשן און פון חיות, מאָדנע אָרנאַמענטן, אַלערליי פאַרצירונגען א. אַ. וו. ער האָט אויך געהאַט אַ נייגונג צו סקולפּטור, צו שניצעריי אין האָלץ. ער פלעגט אויסאַרבעטן, ווי שוין דערמאָנט, סטאַטועטקעס און האַנטאַבעס (הענטלעך) צו שטעקנס.

מיין טאַטע איז אַלזאָ אַליין געווען אַ פרימיטיוער קינסטלער. אָבער פון מיין שרייבן האָט ער ביטער חוזק געמאַכט. פאַרשטייט זיך אַז, זייענדיק אַ סענסיטיוו אינגעל, האָט דאָס מיך ביטער געאַרט. בפרט ווען קיין שום אַנדער טרייסט און דערמוטיקונג איז נישט געקומען פון קיינעם. אַ קליין אינגל האָט געשריבן. אין אַ ווינקל פון דער ווינונג האָט ער געהאַלטן אין אַ קעסטל באַהאַלטן זיינע מאַנוסקריפּטן: געשריבן אויף בלעטער פון היימישע שולע־קאַיעטן. בלויז פון האַרצן, פון הייסן בלוט אויס איז געקו־מען, ווי פון אַ געהיימען קוואַל, אַ כוח וואָס האָט כסדר געמאָנט און גע־באָטן: שרייב! פאַרשרייב די וועלט מיט דיינע סעמיטישע שורות, מיט דעם אוראַלטן כתב וואָס האָט זיך אָפּגעבראָכן פון פאַרגאַנגענע פעלקער און קול־טורן! פאַרשרייב מיט פייער און מיט בלוט די האָריזאָנטן!

מיין טאַטע, כדי חוזק צו מאַכן פון מיין מאָדנער עקשנות צום שרייבן, פלעגט דערציילן וועגן איינעם אַ משוגענעם, וואָס איז געלעגן טאָג און נאַכט אונטערן אויוון פון בית המדרש, אין יעוואַנגאָראָד, און האָט געשריבן.

די שטעטלדיקע לאָבוזעס, די גאַסניינגען, האָבן שוין געוווּסט ווו דער משוגענער איד באַהאַלט זיינע בערג מיט מאַנוסקריפּטן און זיי פלעגן זיי געפינען, זיי צערייסן, זיי וואַרפן אין דער בלאָטע, אָנצינדן מיט זיי פייערן אויפן שול־הויף... דער משוגענער האָט דאָס יאָ אָדער נישט געוווּסט. אפשר

האָט דאָס אים אַפילו נישט געקימערט. אפשר האָט ער גאָרנישט געדענקט די מאַנוסקריפּטן פון נעכטן, פון פאַראַיאָרן, פּונקט ווי די ביימער געדענקען נישט זייערע בלעטער פון פאַרגאַנגענעם זומער... דער משוגענער איד איז אוודאי נישט געווען קיין פאָטערלעכער, געטרייער טאַטע צו זיינע פאַנטאַס־טישע מאַנוסקריפּטן. ער האָט זיי נישט, פאַרשטייט זיך, געזאַמלט, איבער־געשריבן, רעדאַקטירט, געדרוקט אין ספרים, זיי פאַרקויפט איבער שטעט־לעך... ווי אַ סך פלעגן דאָס טאָן אין צייטן און לענדער. וואָס אים האָט אינטערעסירט, איז צו שרייבן. און שרייבן איז געווען זיין הייליקע, זיין געט־לעכע משוגעת... שרייבן איז געווען זיין ווילד׳ע לייִדנשאַפט...

ווי געזאָגט: מיין טאַטע האָט מיטן דאָזיקן נעבעך משוגענעם און אומ־גליקלעכן איד, וואָס האָט כל־ימיו געשריבן, געוואָלט חוזק מאַכן פון מיר. אַלע אַרומיקע, אויסער, פאַרשטייט זיך, מיין גאָטזעליקע מאַמע, האָבן היל־כיק געלאַכט פונם דאָזיקן געהיימנישפולן שרייבער פון יעוואַנגאָראָד. אַזאַ מין ביטערע סאַטירע, באַגלייט מיט טיוולישן געלעכטער, האָט זיכער גע־קענט אָפּנעמען דעם מוט ביי אַ אידישן אינגעל אָנצוגיין מיט זיין פלאַמיקן שרייבן. וואָרים די מכלומרשטע נוצלאָזיקייט, די לעכערלעכקייט, פונם שרייבן אָן אַ זין, אָן אַ צוועק, אָן אַ פלאַן און אָן אַ צוקונפט איז דאָך ממש געווען קלאָר ווי דער טאָג.

אָבער, טראָצדעם וואָס דעם טראַגישן איד׳ס געשטאַלט — דעם פאַנ־טאַסטישן און אומגליקלעכן סופר פונם יעוואַנגאָראָדער בית המדרש — האָט אַרויסגערופן אַלעמענס ציניש און ווילד געלעכטער — האָט עס דווקא אויף מיר געמאַכט אַ מאָדנע און, איך קען זאָגן, אַ מעכטיקע ווירקונג. אָט דאָס דאָזיקע געשטאַלט פונם אָפּגעריסענעם און אָפּגעשליסענעם איד וואָס שרייבט טאָג און נאַכט, האָט געקרוגן דרך־ארץ און באַוווּנדערונג אין מיין צעגלי־טער, אינגלישער פאַנטאַזיע. ער איז געוואָרן מיין העראָישער ביישפּיל און מיין הייסע דערמוטיקונג. איך האָב אים געהייליקט צו אַ הייליקן קאָלעגע... זיין עקשנות, וואָס דאָס ביטערע און חושכ׳דיקע לעבן האָט נישט געקענט ברעכן, איז מיר שוין דווקא געפעלן. וואָרים אין דעם דאָזיקן אידנס פאַל איז געווען אונהיימלעכע טראַגעדיע. דאָס שטעטל האָט אים מיט געוואַלט געקרוינט פאַר בעטלער און משוגענער. דער שיקזאַל האָט אים אַריינגעשטעלט אין דער סדומיקער ראָם פון שטעטלדיקער אָרעמקייט און איינזאַמקייט. פאַקטיש: ווי דעם סאַמע איינזאַמסטן מענטש אויף דער וועלט: ער איז גע־ווען דער קלאָשאַר, דער גאָרקישער בראָדיאַגע, דער „משוגענער בטלן” פון שטעטל. קיינער האָט אים שוין נישט געקענט באַפרייען פון דער דאָזיקער גורלדיקער טורמע — פון דער דאָזיקער ענגער און אייזערנער געטאָ־ראָם, צו וועלכער ער איז מיט גורלדיקן געוואַלט און מיט שיקזאַלהאַפטע טשווע־קעס געוואָרן צוגענאָגלט, ווי אַן אָנגעצונדענע מאַלעריי. עס איז שוין דאָ

נישט פאַראַן געווען קיין שום אַנדער אויסוועג: דו מוזט זיין דעם שטעטלס משוגענער. דו מוזט באַטרעטן דעם פריי־געוואָרענעם טראָן פון משוגעת. דאָס שטעטל מוז האָבן זיין משוגענעם נאַר, וואָס קריגט די פייערדיקע פעטש. עס איז מער נישטאָ פאַר דיין אָרעם געביין קיין שום אַנטרינונג. דו מוזט, אָרעמער און עלענטער איד וואָס דו ביסט, דו מוזט זיין די פינצטערע און פייערדיקע פאָן פון חוזק און קאַרנאַוואַל. דו מוזט טראָגן דאָס נאַרן־מיצל פון דעם שטעטלדיקן קעניגס־נאַר. דו מוזט טראָגן די לבנה אַלס בלוטיקע און צעלעכערטע קרוין אויף דיין שאַרבן. דאָס פינצטערע שטעטל, מיט זיין בלייערנעם ערנסט, מיט זיין אייזערנער מאָנאָטאָניע, מיט זיין קופּערנער געשעענישלאָזיקייט צווישן די פיר ווענט־האָריזאָנטן פונם געטאָ — האָט דיך אויסגעוויילט צו דער ראָלע פון דעם הייליקן קלאָון, צום פּיעראָ, וואָס ברעכט דעם שטעטלס בלייערנעם ערנסט און פינצטערער מאָנאָטאָניע. דו מוזט אַריינברעכן צווישן אונדזערע שטעטל־ווענט חוזק און געלעכטער. דו אַליין זאָלסט זיין צום חוזק און דו זאָלסט זיין צום געלעכטער! פאַרביקער קלאָון־איד! טראָג די מיץ פון וויץ און חוזק! טראָג די קרוין פון פאַרשאָלטענעם הומאָר!

בלויז איין פריי פענצטערל איז געווען וווהין דער משוגענער איד האָט געקענט אַרויסשטעקן די נאָז און איינאָטעמען אַביסל פרייע פייער־לופט פאַר זיינע הונגעריקע לונגען: שרייבן!

אינם שרייבן מיט דער גענדזענער פעדער אויף אַלטע, אָוועקגעוואָרפענע שמות, האָט דער איד זיך געקענט אויסדריקן. אינם שרייבן האָט ער געהאַט פרייע טעריטאָריע, וווהין זיין נשמה האָט געקענט קאָסמיש וואַנדערן. די געלע שטיקלעך פּאַפּיר זיינען געווען די טעריטאָריעס פון זיין נשמה'־דיקער טוריסטיק. פּאַפּיר איז געווען זיין לאַנדשאַפט. זיין געניטע האָט אים געשטעמפּלט די וויזע צו אומבאַקאַנטע שטרעקעס, צו סמבטיונדיקע לענדער און טייכן פון פּאַפּיר...

ווער ווייסט מיט וועמען מיר האָבן דאָ צו טאָן: מיט אפשר אַ געניאַלן דיקענס אָדער אַ טשעסטערטאָן. אפשר מיט אַ שעקספּיר אָדער אַ ישעיה הנביא פון גרויס־פאַרנעם? אפשר מיט אַ מעכטיק־סאַטירישן פאַרגייער פון לינעצקי, מענדעלע און שלום עליכם? סיי ווי, דאָס זיינען אַוודאי פוסטע בויך־סברות און שפּעקולאַציעס. אַ פאַקט איז, אַז אין זיינע מיזעראַבעלע באַדינגונגען האָט דער משוגענער בטלן געמוזט אָנווענדן אַ סך כוחות און עקשנות אויף צו קענען אָנגיין מיט זיי טאָג־טעגלעכן שרייבן. די שקצישע אינגלעך, די שטעטלדיקע לאַבוסעס און בענקאַרטעס האָבן, אַזוי צו זאָגן, געזוכט די וואַנזיניקע פּראָדוקטן פון זיין אומגעהויערער גייסטיקער פּרוכטבאַרקייט און זיי האָבן זיי באַלד ברוטאַל פאַרניכטעט. מיר ווייסן אַפילו נישט צי דער מאָדנער מחבר האָט מיט פאַרבלוטיקטע טרערן

באַוויינט דעם פּאַרלוסט פון זיינע מאַנוסקריפּטן. מיר ווייסן נישט דעם גראַד און די נאַטור פון זיין משוגעת. אפשר איז זיין מכלומרשטע משוגעת גאָר געווען אַנטרינונג, עסקייפּיזם, אַ מין מאַסקע פון געוויינלעכער אָרעמקייט און נע ונד זיין?! יעדער מין רעוואָלט פונם געוויינלעכן און נאָרמאַלן איז אין יענע צייטן באַטראַכט געוואָרן ווי משוגעת און הערעזיע. עס איז אַ פינצטערע און פירכטערלעכע זינד אַוועקצוברעכן פון דער דורות'דיקער טראַדיציע פונם שטעטל.

אָבער, איין און איינציקער פאַקט איז גענוג בולט און ער שרייט אַרויס קלאָר מיט זיין מעכטיקער פּשטות: דער משוגענער האָט געשריבן טאָג און נאַכט, ווי מיין טאַטע זאָגט עדות. און די דאָזיקע גרויזאַמע עקשנות פון אַן אומבאַקאַנטן קאָלעגע איז מיר דווקא בייגעשטאַנען מיט אַן אומגעהויערן מוט און קוראַזש. דאָס געשטאַלט פון דעם געהיימנישפולן, אומגליקלעכן און אומבאַוווסטן מחבר האָט געוועקט אין מיר אַ ים פון פּיעטעט און אַ וואַלד מיט אומגעהויערן דרך־ארץ צו אים און אַפילו אַ כוואַליע פון גרויס־ליב־שאַפט צו מיין ווייטן, אומבאַקאַנטן פריינט און געהיימנישפולן קאָלעגע האָט באַהערשט מיין האַרץ. און ווען אַלע האָבן פון אים, און במילא אויך פון מיר, געלאַכט, בין איך דווקא געווען באַהערשט פון אַ גרויסער סימפּאַטיע צום דאָזיקן קליינשטעטלדיקן העלד פון חוזק און הומאָר...

זיין געשטאַלט, ווי ער זיצט אונטערן אויוון פון בית המדרש, מיט זיין פאַרמעטעטנעם פּנים, מיט זיין שטאָלצן קאָפּ פלאַמיק־געקרויזטע האָר, מיט זיינע בליציקע אויגן, פאַרשאָטנטע מיט געדיכטע שוואַרץ־ברעמען — ווי מיין פאָטער האָט אים פאַר מיר געשילדערט — וואָס מאַכט אים ענלעך צו אַ מין נביא יחזקאל, דעם גראַנדיעזן וויזיאָנער פון די ברייטע, עפּישע בלע־טער פון תנך; זיין מאָנומענטאַל געשטאַלט, ווי פון אַ שעקספּירישן אַקטיאָר אויף אַ געוואַלטיקער בינע — איז מיר אויף אייביק געבליבן שטיין אין מוח און אין האַרצן, אַלס מיין געהיימער ברודער און פאַרשאָלטענער קאָלעגע פון דעם וויסטן און דעם גראַנדיעזן צעך פון שרייבן — פאַרשאָלטן און גלייכצייטיק גאָט־געבענטשט, ווי עס וואָלט געזאָגט דאָסטאָיעווסקי. איך זע אים שטענדיק נישט אונטערן אויוון, ווי מיין טאַטע האָט גענוי דערציילט — נאָר דווקא ביים הערלעכן ארון קודש, אינם פייער פונם רייך־געצירטן פּרוכת, וואָס די זון צינדט אָן אין פאַרנאַכט אַזוי ווי אַ פלאַמיק פעלד. איך זע אים פּלוצלינג עפענען דאָס ארון קודש, איך זע אים מיט געלע הענט אויפרייסן און אויפפראַלן ברייט די האָניק־געלע הילצערנע טירן און אַריינשטעקן זיין ווילדן, קודלעוואַטן קאָפּ אינם הייליקן און פייערדיקן אינעווייניק און באַלד נאָכדעם, אַן אָפּגעטובלטע אין גאָט'ס פייערן, צו גיין צום אויסגעקרומטן טישל און שרייבן און שרייבן אַ פלאַמיק־אָנגעצונדענער. און אַרום אים אַ כאָר פון מלאכים מיט גילדערנע, מיט אָפּגעזענקטע, מיט צע־

שרפה׳טע פליגל. זיי קושן אים אין קאָפּ מיט פאַרברענטע ליפּן, דורשטיקע און הונגעריקע נאָך ליבע. זיי קושן אים אין די שלייפן. אין די ליפּן די לעדערנע און אויסגעטרוקנטע. זיי פאַרשמירן זיין פאַרמעטענעם פּנים מיט זון־פאַרגאַנג־ליפּסטיק פון זייערע הימלישע קושן און זיי קושן אין אים אַריין גאָט׳ס הערלעכע, גאָט׳ס גראַנדיעזע געדאַנקען און אימאַזשן. ער שרייבט אָן אויפהער, דער מאָדנער, קראַנקער נביא און חוזה פון יעוואַנ־גאָראָד. שפּעטער בלייבט ער קאַלט און אומבאַוועגלעך ליגן אויפן באַנק אין בית המדרש, אַזוי ווי דער צעפאַלענער גולם אויפן פּראַגער בוידעם. עס האָט זיך אָפּגעטאָן פון אים גאָט׳ס פּייערדיקער גייסט. די ליכט פון חלב טריפן און קאַפּטשען. אַרום דעם לאָמפּ אויפן פּולאָפּ טאַנצן שמעטערלינגען. זיי זוכן דעם טויט אינם פייער. קאָמאַרעס בייסן דאָס מידע פליש פונם סופר. שרייבער האָט זיך אויסגעשעפּט פיזיש און גייסטיק. זיינע ביינער רוען מידע. זיין נשמה איז אויף אַ ווײַלע אויסגעלאָשן. עס רוט אויף אים דער אַלמעכ־טיקער שלאָף — אין זיין גרויס רחמים און דערבאַרמען. אַזוי ביזן נעקסטן אָנפאַל פון שרייבן, ווען ער וועט ווידער אַריינשטעקן זיין קאָפּ, אַזוי ווי אַן אָנגעצונדענעם שטורקאַץ, אינם ארון קודש־היכל, אים אָפּטונקען אין גאָט׳ס העברייאישן און תנכישן, אוניווערסאַלן רוים, און אַן אָנגעצונדענער, באַ־וואָפנט מיט נייע געטלעכע כוחות, מיטן הייסן שטורעם און בוואַליעס זאַפּט פון די עלעמענטן, ווידער שרייבן, ביז ער וועט זיך אויפדאָסניי אָנהויבן מיד און מאַט צו פאַרלעשן... — — — — —

אָט אַזוי איז מיר געבליבן שטיין אין זכרון, ווי אַ פּייערדיקער זייל, דאָס מאָנומענטאַלע געשטאַלט פון דעם משוגענעם איד, וואָס מיין גאָטזעליקער טאַטע האָט גענוצט אַנטקעגן מיר ווי עפּעס אַ לעכערלעכע און גראָטעסקע סטראַשידלע — דורכגעשאָסן פון אַלע פיר זייטן פון הימל מיט חוזק און מיט סאַטירע־קוילן — די גלידער פאַרבלוטיקט און די בגדים צעריסן און צעשליסן — אָבער וואָס האָט אין געהיים מיך באַגייסטערט און האָט דווקא מוטיק געשטאַרקט אין מיין יינגער נשמה דעם שרייבער־קוראַזש און האָט מיר, מיט זיין געוואַלטיקן עקשנות פון שרייבן, וואָס איז געווען צו אים אַוודאי אַ געטלעכער מוז — געגעבן מוט און ביישפּיל און אַנטשלאָסנקייט פעסט אין מיינע הענט, ווי אַ שווערט, צו האַלטן די הייליקע פעדער. דאָס מין שרייבן איז אויך צו מיר, ווי צו אים, געווען אַ הייליקער און פאַטאַלער מוז, וואָס ווערט דיקטירט פון אַ מוזע אין ברוטאַלן געשטאַלט. פּונקט אַזוי ווי די זון מוז אויפגיין און מוז אונטערגיין. פּונקט אַזוי ווי די ערד מוז זיך דרייען אין אַן אייביקן שווונג־קרייז אַרום דער זון.

שרייבער־זיין מיינט געטלעכע שליחות. מיינט שטעקן דעם פלאַמיקן קאָפּ אונטערן פאַרהאַנג פון פּרוכת און אָנרירן אין גאָט׳ס היכל דעם ברע־נענדיקן פאַרמעט פון דער תורה. עס מיינט שטעקן דעם קאָפּ אינם קאָסמישן

כאָאָס און אין די עלעמענטן פון שטורעם. עס מיינט שטעקן דעם קאָפּ אינם אונטערערד, אין די טאָלן פון מענטשלעכע יסורים. עס מיינט אין אייגענעם ים פון בלוט און טרערן שטעקן די אייזערנע פּען און שרייבן, שרייבן, און אַן אויפהער רעדאַקטירן דאָס קאָסמישע וועלט־זאַמלבוך...

## צום טאַטן קומט געשלאָגענער מענטש

איינמאָל איז צו אונדז געקומען דעם טאַטנס אַ יעוואַנגאָראָדער פריינט, שעפטל קאַנאַטאָפּסקי האָט ער געהייסן. אַ פריינט נאָך פון מיין טאַטנס יוגנט־טעג. געקומען אין די ערשטע יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. געווען אַ גביר אין יעוואַנגאָראָד. געהאַט מילן, הייזער און פּראָפּינאַציעס. אין די מלחמה־יאָרן איז ער געווען פאַרשיקט אין רוסלאַנד. איצט איז ער אַהיימגעקומען, נאַקעט און באָרוועס, ווי מען זאָגט. ער האָט אין דער מלחמה אַלץ געהאַט פאַרלוירן. ס'איז אים בלויז געבליבן דאָס געביין און זיין נשמה.

עס איז אין דרויסן געלעגן אַ ברודיקער, ווינטערדיקער שניי. די שכנים האָבן געקלאַפּט מיט די רידלעס אויפן ברוק. געגראָבן אַ קבר אין שניי פאַרן שניי. די לבנה איז קאַלט פאַרגליווערט געשטאַנען אין הימל — אַ שטיק גלאָז. דער פרעמדער מאַן, וואָס איך האָב צום ערשטן מאָל געזען, איז געזעסן שווייגנדיק. מיין טאַטע, ווי באַוווּסט, האָט נישט איבעריקס ליב געהאַט קיין מענטשן. נאָר מיט שעפטל קאַנאַטאָפּסקין האָט ער זיך צעקושט. מיט אים האָט זיך אים דווקא פאַרוואָלט צו רעדן. ער האָט אים פּראָוואָצירט צו רעדן. צו דערציילן פון זיינע איבערלעבענישן אין טיף ראַסיי. נאָר דאָ איז געזעסן אַן אויסגעלאָשענער, איינזאַמער מענטש. מיין טאַטע האָט אים קוים דערקענט. ווי וויניק שרייבער איך בין אין יענע יאָרן געוועזן, האָב איך געזען אַז דער דאָזיקער צו מיר אומבאַקאַנטער מענטש ווייגט, ווייל ער האָט צופיל געזען און צופיל צו דערציילן. איך האָב ווויל באַגריפן אַז שרעק, הונגער, טיפוס, וואַנדערונג און נד ונד זיין האָבן דערהרגעט דעם מענטשנס לוסט, האָבן צעשטערט זיינע וויטאַלע כוחות, האָבן דעם דאָזיקן אַמאָל פריילעכן מענטשן אָפּגעשלאָגן פון מוט, האָבן אים אויסגעלאָשן ווי אַ ווילדער שניי־שטורעם לעשט אויס אַ לאָמטערנע. כאָטש איך האָב נאָך אין יענער צאַרטער עלטער נישט געהאַלטן קיין פּענע אין דער האַנט, האָב איך באַגריפן אַז דער מענטש שווייגט ווייל ער איז צוריקגעקומען פון גיהנום. זאָל ער אָנפאַנגען צו רעדן, וועט אַרויסרעדן פון אים אַ וואולקאַנישע לאַווע. וועט זיך עפענען אַ קוואַל פון בלוט און פון טרערן. אויך רעדט דער מענטש נישט, ווייל ער צווייפלט צי מען וועט אים גלויבן. דער מענטש טראָגט אַן אייזערנע שווייגעניש אין זיין פינצטערן געביין. ער האָט אַריינגענומען אין זיין פלייש, ווי אַ פעלז, אַלע בייזע וועטערן, אַלע שטורעמס און געוויטערן,

אַלע אומגליקן, אַלע חורבנות פון מענטש און חיה. דער מענטש האָט אי־בערגעלעבט דעם טויט פון נאָענטע, פון פריינט, פון ווייב און קינדער. ער האָט אויסגעטרונקען אַ וואָלקנבראָך פון מענטשלעך בלוט.

ער איז אַוודאי דער איינציקער אַהיימגעקומען פון ווייטע רוסישע שנייען. איבער זיין רוקן איז אַדורכגעגאַנגען אַ פייערדיקע בייטש. ער האָט זיך געבאָדן אין פייער און אין אייז... ער איז געווען פיל עלטער פון נח און פון אָדם און פון חונה המעגל...

דער היימישער דרייערלאָמפּ האָט געוואָרפן אַ מאָדנע ליכט אויפן עקשנות־דיקן, צעשלאָגענעם און מעטאַלישן פּנים פון דעם דעמבלינער איד שעפּטל קאַנאַטאָפּסקי, וועמען עס איז בלויז פאַרבליבן דער סקעלעטישער געשטעל פון אַ הויכן, קרעפטיקן מאַן פון אַמאָל. דער טאַטע האָט אים געקענט פון דער קינדהייט נאָך, פון דער פריער יוגנט, פאַר אַ פריילעך אינגל, אַ לאַבוז אַפילו. און דאָ זיצט ער שווער ווי אַ בלאָק פון צער. די הענט — איבע־ריקע. די אַקסלען — צעשלאָגענע און אָפּהענטיקע. די קניעס — שפּיציקע און אויסגעדאַרטע. עס האָבן גאָט און גורל אים ביטער און פינצטער צעשלאָגן.

ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען אַ טרויעריקער אין דער נאַכט מיטן איינ־זאַמען וועג פון שניי און גלעזערנע לבנה, האָבן טאַטע־מאַמע גערעדט וואָס פון דעם קאַנאַטאָפּסקי איז געוואָרן. אַ שאָטן פון אַ מענטש. גאַרנישט צום דערקענען!

עס האָבן זיך געהערט די אייזערנע רידלעס קלאַפּן אָן די שטיינער פון דרויסן. דאָס האָט מען געגראָבן אַ קבר פאַרן שניי. די הינט האָבן גע־האַווקעט. טאַטע האָט אויסגעטאָן די גרויסע, נאַסע שטיוול און האָט אָפּ־געוויקלט די אָניצעס פון די פיס. איך זע דעם טאַטנס נאַקעטע פיס, פול וווּנדן... די שטיוול שטייען אויפן אויוון און ברענען זיך צו. דאָס נאַסע לעדער גיט אַרויס אַ מאָדנעם ריח... דער זייגער קלאַפּט און שלינגט די צייט... די שוואַרצע וואַגעס, אַמאָל געבראָנדזטע, ציען שווער צו דר׳ערד...

ערשט יאָרן שפּעטער, נאָכדעם ווי איך האָב זיך מיט אַלץ אָנגעלייענט, וואָס דערציילט ווי אַזוי מען שפּייט אויפן מין מענטש, ווי מענטש ווערט געשענדעט, געפּייניקט, געשאָכטן און געטריבן צו פאַרשעמונג און צו חרפּה, צו גייסטיקע יסורים און פיזישן אומקום, צום פאַלשן מודה זיין זיך און צום פאַראַטן אייגענע פריינט און משפּחה — האָב איך ערשט פאַר־שטאַנען דעם איד שעפּטל קאַנאַטאָפּסקי. ערשט איצט, ווען איך זע איין ווי אַזוי אַלערליי דיקטאַטאָרישע רעזשימען, פאַשיסטישע, נאַציסטישע און קאָמוניסטישע, פּייניקן אדמ׳ען, פּייניקן חוה׳ן. ווי אַזוי מען פאַרניכטעט גרויזאַם און ברוטאַל גאַנצע דורות. ווי מען גריזשעט אויף אַלטע לייט, רייפע מענער, די יוגנט און אַפילו קינדער. ווי אַזוי אין נאָמען פון אַלערליי

אידעאַלן און פּראָגראַמען פון פרייהייט און „פּאַר דער צוקונפט" ווערט מענטש טיף באַליידיקט און דערנידעריקט דורך די מכלומרשטיקע מענטשנ־רעטער און „פרייהייטס־קעמפּער" און „געניאַלע פאָטער פון די פעלקער"־מאָסנמערדער און שענדער. ערשט איצט פאַרשטיי איך דעם טיפן טרויער און די פאַרצווייפלונגען פון אַ שעפּטל קאָנאַטאָפּסקי... פאַרשטיי איך דעם מין דערשלאָגענעם מענטש. פאַרשטיי איך אַז דאָרטן, אין אונדזער שטוב, איז געזעסן אַ מין לאַזאַרוס. מיט זיין אייזערנעם שווייגן. ער האָט שוין אַלץ געזען און האָט אַלץ באַנומען. ער האָט אַריינגענומען אין זיין פינצטערן געביין גאָר די דראַמע פון מענטשלעכע מאַטערנישן און יסורים. ער איז געוואָרן עלטער פון אַלע לעבעדיקע מענטשן מיט אַ גאַנצן יאָרטויזנט. מיינע עלטערן זיינען נאָך אַלץ געווען קליינע קינדער צו אים. ער איז אַנטלאָפן פון אַ „טשעין־גענג". ער איז געווען אין האדעס, אין לאַנד פון די מענטשנ־שאָטנס. ער האָט געזען ווי מען טוט אויס דאָס פלייש פון די ביינער. ווי מען ברענט די פּיאַטעס און מען גיסט ברענענדיקע טראָפּנס אייזוואַסער אויף די נאַקעדיקע שאַרבנס פון באַשולדיקטע. ער האָט געזען ווי אַזוי דער מין מענטש אין גאָט'ס געשטאַלט ווערט פאַרניכטעט, און זיינע אברים צעפּליקט, זיינע ביינער צעריסן און זיין קערפּער צעבראָכן און צעקנאָדערט. ער האָט געזען ווי אַזוי מען וואַרפט זיך מיטן מין מענטש, מיט גאָט'ס מענטש, און איך האָב פּלוצלינג דערזען דעם שטומען גיגאַנט שעפּטל קאָנאַטאָפּסקין אין אַ נייעם ליכט... אין אַ נייעם געשטאַלט... און פון מיין פאַרבלוטיקטן האַרצן רייסט זיך זינט דעמאָלט אַ קללה צו אַלע פּייניקער, רעטער־און־פאַרעטער, הענקערס, אינקוויזיטאָרן און וועלט־פירער. זאָל די קללה פאַלן פינצטער און מורא'דיק אויף זייערע פינצטערע און מערדערישע קעפּ!

## דער טאַטע באַנדאַזשירט די בוימער

דורך דעם גאַנצן זומער פון יאָר 1915 זיינען די סאָלדאַטן געשטאַנען אינם דערפל סאָסנאָוו, דאָס דאָרף פון די הויכע, סאָסנאָווע בוימער. אונדזער הויז איז געווען פאַרנומען דורך די רוסישע אָפיצערן און פּשוטע זעלנער. איך בין דעמאָלט געווען אַ קליין אינגעלע, פון אַ יאָר זיבן אָדער אַכט. מיט גרויס נייגיריקייט, ווי עס וואָלט געווען אַן ערשט אַנטפּלעקונג אין מיין לעבן, האָב איך זיך צוגעקוקט צום דאָזיקן גראַנדיעזן וועלט־ספּעקטאַקל. וועלט־געשיכטע האָט פאַר מיר געעפנט אַ גאָר ברייטע און מוראדיקע בלאַט. דער טיפער שאָטנדיקער סאַד, נעבן אונדזער וויס־געקאַלעכטן הויז, וואָס האָט אגב נישט געהערט צו אונדז, און וואָס איז באַשטאַנען פון היימישע עפּל און באַרנע־בוימער, פון נידעריקע און איידעלע קאַרשנבוימער און אויך פון פלוימען־בוימער, האָט אויך, פאַרשטייט זיך נישט געהערט צו אונדז.

אָבער איך האָב ווויל געקענט די אַלערליי בוימער. איך בין געווען אינטים מיט זייערע אויסגעקרימטע, מענטשלעך־טרויעריקע צווייגן, וואָס דינען געטריי דעם מענטשן מיט זייערע שטראַלנדיקע פּירות. איך האָב אויסגעצייכנט געוווסט וועלכן סאָרט דופּטיקע עפּל עס גיבן פון זיינע טיפּעניִשן אַרויס די צווייגן פון אַזאַ סאָרט בוים און וואָסאַראַ טויאיק־בלויע פלוימען עס שענקען האַרציק אַן אַנדערער באַשיידענער בוים. פאַרזוכנדיק דאָס גאָלדענע פלייש פון די אַלערליי שמעקעדיקע פּרוכטן, האָב איך ריכטיק געקענט משפּטן וועגן דעם זאַפט פונם בוים, וועגן זיין געשמאַק און וועגן זיין בלוט און וויין. עס איז אָנגענעם צו וווינען נעבן אַ רייכן סאַד, וואָס געדענקט ווויל און מיט גע־טריישאַפט מענטשלעכע דורות און אין וועלכן די זון האָט זיך דורך אַ סך זומערן אַדורכגעבראָכן מיט הייסן, אָבער מיט פרידלעכן פייער. עס איז גוט צו זיין הונגעריק און זיך צו קענען שפּייזן מיט די שענסטע פּרוכטן. עס איז ווויל צו זיין דורשטיק אינמיטן אַ זומערדיקן, ברענענדיקן טאָג, און אַ גרויסע פּרי זאָל לעשן דיין דאָרשט מיטן שאַמפּאַניער פון איר אָנגע־זאַמלטן זאַפט און אינערלעכער שפע. יעדער איינציקער בוים איז מיר געווען נאָענט און אייגן, אַזוי ווי צו אַ מאַמען זיינען נאָענט און ליב די נאַקעדיקע און שמעקעוודיקע לייבער און גופים פון אירע קינדער. מיר האָט זיך גע־דאַכט אַז די בוימער האָבן נישט קיין שום סוד פאַר מיר, זייער קליינעם קייסער. אַלץ וואָס האָט געלעבט און געאָטעמט אינם גאָרטן, מיט זיין באַ־פליגלט און געפּאַרבט פויגלוואַרג און מיט זיינע אינסעקטן, איז מיר געווען נאָענט און היימיש. עס האָט פונם סאַד געלויכטן מיט תנ״כ׳ישער אידיליע, מיט דער גאָלדענער צייטיקייט און שפע פון האָניק.

די סאָלדאַטן פון דער צאַרישער אַרמיי פלעגן ליגן אויפן ווייכן, זיידע־נעם גראָז, אויף די לאָנקעס אַרום, וואָס האָבן געשמעקט מיט שלום. זיי האָבן זיך צו מיר פריינטלעך פאַרהאַלטן. טיילמאָל, ווען די זעלנער זיינען אין דער פרי אַוועק אין וואַלד אַריין אויף מאַנעווורעס, האָב איך צו זיי דורכן גאַנצן זוניקן טאָג שטאַרק געבענקט. איך האָב זיך ממש אויסגעקוקט די אויגן מיינע צו דער זייט פונם געדיכטן וואַלד. די זון פלעגט אַ פלאַ־מענדיקע אונטערגיין, אָנצינדנדיק רויט דעם שטראַלנדיקן, דעם געהיימ־נישפולן וואַלד. פון די פלאַמען פון דער זון פלעגן אַרויסרייטן די ערשטע פלאַמענדיקע רייטערס, אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען אָנגעטאָן אין קופּערנע, אין געפּאַנצערטע קאָסטיומען. פלוצלינג פלעגט אין אַזעלכע מאָמענטן מיך באַפאַלן אַ פּחד. זיי פלעגן אויסזען אַזעלכע אומגעוויינלעך־מוראדיקע און מאָנסטעריאָזע, רייטנדיק אויף די פאַריסענע פערד, פונקט ווי דאָס וואָלטן געווען פאַנטאַסטישע, מאַרמאָרנע פערד, אָפּגעבראָכענע פון גראַניטענע פּיע־דעסטאַלן. באַרימטע העלדן מיט פּאָמפּעזע און באָמבאַסטישע פּאָזעס, וואָס

דערציילן פון עפּישע קאַפּיטלעך וועלט־געשיכטע. יאָ, דאָס רייט אַרויס פון די פּוילישע וועלדער די באַרימטע צאַרישע אַרמיי!

אָבער, ווי נאָר זיי פּלעגן ווידער זיך צעלעגן אין דעם סאַמעטענעם סאָד, זיינען זיי אויפדאָסניי געווען די חנעוודיקע שאָקאָלאַדע־אַרמיי. זיי פּלעגן צו מיר רעדן מיט זייער ברייטן, סטעפּיש־מעכטיקן רוסישן לשון, וואָס איך האָב שוין אָנגעהויבן צו פאַרשטיין איר באַדייטונג. זיי האָבן מיט מיר און מיט נאָך אַנדערע קינדער פון דאָרפישע תושבים לוסטיק און היימיש גע־שפּילט, געשטיפט און הויך און פויעריש געלאַכט, דערמאָנענדיק אין דעם רוישן פון טייכן און אין דעם שטורעם פון כוואַליעס. איך האָב נישט מער געהאַט קיין מורא פאַר זייער דערשיינונג. זיי זיינען געווען ריזיקע, גוטע און האַרציקע ייִנגען, אַרבעטער און פּויערים פון די ווייטסטע קאַנטן פון דעם ריזיקן, רוסישן לאַנד, פון אַ דריטל פון דער ערד. איך האָב זיך אַלס קליינ־טשיק איינגעל גאָרנישט פאַרגעשטעלט אַז די דאָזיקע פרידלעכע מענטשן זיינען אימשטאַנד צו שעכטן אַנדערע פרידלעכע מענטשן. איך האָב אין זיי מער נישט געזען די שרעקלעכע געשפּענסטער, וואָס רייטן מורא׳דיק און אַפּאָקאַליפּטיש אַרויס פון דער טיפעניש פון וואַלד... דאָס זיינען געווען מענטשן, אַזוי ווי די מענטשן פון אַלע אַרמייען פון געשיכטלעכע בלעטער. ווי די באַרימטע אַרמייען פון פּלוטאַרך, העראָדאָט, ליווי און פלאַוויוס. אויס־געטאָן די שטייפע מונדירן, אַראָפּגעוואָרפן דאָס גלאַנציקע געווער, זיינען עס געווען פּשוטע מענטשן פון לעבן, וועגן וועלכע שרייבער פאַרפאַסן דראַ־מעס און קאָמעדיעס און דיקע ראָמאַנען און לידער.

און איך, דער קליינער פּערסאָנאַזש, איך בין פאַר זיי געווען דאָס קליינע אידישע איינגעלע. איך האָב זיי היימיש, וואַרעם און וויל דערמאָנט אין זייערע אייגענע ליבע קינדער. איך בין געווען זייער פּשוט איינגעל. איך האָב געשמעקט מיט זייער ליבער היים און היימישקייט. איך בין געווען דאָס שטיבל מיט איקאָניש־אָנגעצונדענע בילדער, מיט שלעכט־געמאָלטע און אויסגעקרימטע מאַדאָנעס, פאַרצירטע מיט גרינע, אויסגעטרוקנטע בלעטער און פאַרפלעקט מיט פליגנ־אָפּפאַל. איך בין געווען דאָס ליבע הויז מיטן פאַרקאָפּטשעטן לעמפּל. איך בין געווען ליימיק־שטראַלנדיקע לבנה און פריי־אויפגייענדיקע, אויפשטראַלנדיקע און אויפזשאַרנדיקע זון. איך בין געווען היימישער און ווילבאַקאַנטער קוקאַווקע־פויגל וואָס שטייט אויפן סאַמע שפּיץ פונם בוים און שפּילט מאָנאָטאָן אַריבערן ברייטן האָריזאָנט. אָ, וואָס איך און מיינס גלייכן האָב אַלץ געמיינט פאַר זיי! זיי האָבן מיך געקושט און געהאַלדזט. מיך האָט ליב געהאַט די באַרימטע און היסטאָרישע צאַרישע אַרמיי. עס האָבן זיך מיט מיין ווייניקייט געוויצלט שטיקער גע־שיכטע. די וועלט־היסטאָריע האָט מיך געדריקט אַזוי וואַרם צו איר פאַר־בלוטיקן האַרצן, אין ברענענדיקער בענקשאַפט נאָך ליבע, נאָך היים און

נאָך פּשוטער לעבנס־אידיליק. איך בין געווען זייער גרויסע דערמאָנונג, זייער רירנדיקער רעמיניסענס. מיט מיר האָט די מלחמה געפלירטעוועט. אין ערב־באַטאַיל האָבן זיי אויף דער פּוילישער טעריטאָריע היימיש געטראָפן דאָס אידישע אינגעל שיע טענענבוים, מיט דער בלאָסער קרוין פונם קינפּ־טיקן שריפטשטעלער אויפן אָנגעצונדענעם קעפל, אַזוי ווי אַן אָרעאָל פון שטראַלן...

אין אונדזער גאָרטן זיינען געוואַקסן שיינע בלומען, ווי עס וואַקסן שיינע בלומען, זומערצייט, אין אַלע ערדישע גערטנער און סעדער. עס האָבן זיי פאַרפלאַנצט די הענט פון פרידלעכע מענטשן, וואָס טראָגן אין זיך דעם זין פון שלום און פון געטריישאַפט צו דער ערד. די נאַיווע סאָלדאַטן פלעגן אַראָפּרייסן די בלומען, זיי אַריינלעגן צווישן ווייסע, אומגעלומפּערט פאַר־שריבענע בויגעלעך פּאַפּיר, און זיי אַוועקשיקן אין פאַרשמירטע קאָנווערטן אין דעם וויטן רוסלאַנד. די בלומען זיינען געווען ווערטער פון ליבע. די בלומען זיינען געוואָרן פאַרביקע אותיות פון רוסישע זין צו זייערע כלות. איך האָב געזען ווי אַזוי בריוו פון אַרמייען ווערן געשריבן. ווי אַזוי טינט ווערט פאַרגאָסן און פאַרטריפט אויף פּאַפּיר. ווי אַזוי שטאָלערנע פּענעס ווערן געבראָכן אין אויסדריק פון ליבשאַפט צו גאָרקישע מאַמעס, צו טשע־כאָווע שוועסטערן, צו קינדער, צו ברידער, צו טאַטעס און צו זיידעס. ערגעץ ווו האָבן מענטשן געוואַרט מיט אומגעדולד אויף די בריוו. אין שטיבעלעך מיט אָפּגעבלאַקירטע איקאָנעס און מיט געלע בלעטער ביי די פּילפאַרביקע געצינס האָט מען געלייענט די בריוו מיט משפחה'דיק געוויין. איך אַליין האָב נאָך דעמאָלט נישט געשריבן. אָבער איך האָב שוין געהאַט געזען ווי אַזוי די צאַרישע אַרמיי שרייבט בריוו אַהיים. ווי אַזוי טינט און טרערן ווערן פאַרגאָסן פון די וואָס היינט וויצלען זיי זיך מיט גראָבע ניבול־פה וויצן און זיי ווייגען ווי קליינע קינדער און מאָרגן וועלן זיי שוין זיין בלאָסע שאָטנס אויפן האָריזאָנט פון געשיכטע. מאָרגן וועלן זיי ווערן שטאָלץ־געשריבענע היסטאָריע. מאָרגן וועלן זיי ווערן שאָטנס אינם האַדעס־קעניג־רייך פון שאָטנס. מען וועט וועגן זיי שרייבן מאָסיווע טאָמען מיט היס־טאָריע. אויף די ריזיקע בערג פון שאַרבנס און סקעלעטן וועלן שטאָלץ אַוועק־געשטעלט ווערן, ווי פינצטערע ראָבן, אין מונדירן און מעדאַלן, אַלערליי גענעראַלן. אַדמיראַלן און פּאָליטיקער וועלן שטורמיש דערשיינען אויף דער וועלט־אַרענאַ. די וועלט־פּרעסע וועט שרייבן וועגן דיפּלאָמאַטישע קאָנפער־רענצן ביי די כישוף'דיקע לאַנדשאַפטן פון דער שווייץ. מאָרגן וועלן פראָ־פעסאָרן שרייבן און פאַרפאַסן העלדישע געשיכטע־בענדער.

אָבער איך האָב געזען די אייביקע סטאַטיסטן פון וועלט־געשיכטע. איך האָב זיי דערוווייל אָנגענומען פאַר אַזעלכע קליינע און ליבע אינגלעך ווי איך אַליין בין געווען. טיילמאָל פלעגן די רוסישע קאַצאַפּן, די קירגיזן און

טשערקאַסן, מיך פרעגן אידישע ווערטער, די באַדייטונג פון ניבול־פה־אויסדריקן, דעם זין פון אַלערליי אַנטיסעמיטישע שפּריכווערטלעך און מעשה׳לעך און זיי פלעגן זיי פאַרשרייבן אין זייערע נאָטיץ־ביכלעך, פאַר־שרייבן, פאַרשטייט זיך, ווידעראַמאָל און איבּיק־פאַרגרייזטע. דאָס איז גע־ווען ערזאַץ פאַר זייער פאַרלוירענע און אונטערדריקטע ליבע. דאָס זיינען געווען די אַקטיאָרן אין דער געוואַלטיקער דראַמע פון פעלקער־אויסשלאַכ־טעריי אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאָס איז געווען די רעפּעטיציע צו דער צווייטער וועלט־מלחמה. די נאַטור האָט אין יענע טעג געשריבן אויף די האָריזאָנטן פאַנטאַסטישע אותיות. ס׳האָט גאָט געמאָלן מיט דיקע טראָפּנס און טעפּ פאַרב אַרמייען אויפן הימל. די געשוואָלענע וואָלקנס זיינען געווען צעיושעטע אָגערס וואָס טראָגן די רוימישע לעגיאָנען אויף זייערע רוקנס און זאָטלען. אויפן הימל האָט מען געקענט לייענען אין אַ געוואַלטיקער שפּראַך העלדישע און האָמערישע מלחמה־פּאָעמען.

יאָ, האָמער, טאַסאָ און טאָלסטאָי זיינען אויפגעגאַנגען פאַרנאַכט איבער די בלוטיקע הימלען. די אייביקע סימנים פון די שטערן וואָס הימלישע מלאכים און נביאים שרייבן אויף אויף די שטיקלעך הימלישע פּאַרמעטן מיט פינגער, פּענעס און פענדזלען. אין מלחמה־צייט צייכנען הימלישע שרייבערס פאַנטאַסטישע מאַפּעס אויף די וואָלקנס. יעדעס פיצל לייוואַנט פון קאָסמאָס איז פאַריסעוועט און פאַריסט מיט געשפּענסטער פון וועלט־אַרמייען.

אָבער, אָפּגעזען פון עפּיק און העלדישקייט און הימנען, האָט די צאַ־רישע אַרמיי ליב פּאָרנאָגראַפיע. זי האָט ליב נידעריקע און געמיינע רייד. עס איז די רוסישע שפּראַך נישט נאָר פון פּושקין, לערמאָנטאָוו און לאָמאָ־נאָסאָוו און דאָס ליד פון דעם פּרינץ איגאָר. איבער די ביינער און קנאָכנס פון די דאָזיקע סטאַטיסטן וועט מען אַמאָל אויפשטעלן דענקמעלער און מאָסיווע און טיף־געשניטענע גאָלד־און־פלאַם־אותיות וועט מען פאַרקריצן אויף ווייטע דורות און פאַרדענקמאָלן: „זיי זיינען געשטאָרבן העלדישע לייט פאַרן טייערן פאָטערלאַנד". „זיי האָבן זיך מיט זייער בלוט מקריב געווען פאַר דער פרייהייט". אָ, וועלכע אייביקע היפּאָקריטישע רייד און פאַלטשע פראַזעונישן! וועלכער מאָנומענטאַלער און מאָנסטעריעזער היפּאָקריט שרייבט אויף מאַרמאָר, בראָנדז און גראַניט די דאָזיקע היסטאָריש־פאַלשע ווער־טער. די צאַרישע אַרמיי, און דאָס איז דער ריינער און פּשוטער אמת, וויל אַהיימגיין שלאָפן מיט זייערע כלות און ווייבער און קינדער. די צאַרישע אַרמיי וויל פריש אויפאַקערן די הונגעריקע ערד. די צאַרישע אַרמיי וויל שמעקן דאָס גאָלדענע מיסט פון די פערד און די קי און קאָזעס אין די בלויע און זשאַרנדיקע באַגינענס. די צאַרישע אַרמיי לייענט נישט האָמערן אויף די האָריזאָנטן און אויך נישט דעם תהילים. זי זעט נישט רעפינען און

מאַטייקאַן אויף די וואַלקנס. זי זעט און זי חלומט אַנטבלויזטע פרויען אין די הימלען. זי באַפּעלקערט גאָט׳ס הימל מיט רייצנדיקע און לוסטיקע ווייבער. מיט פּאָרנאָגראַפיע איז געצייכנט אויף אַלע פיר זייטן וועגט פונם קאָסמאָס. געוואַגטע סצענעס פון מאַן און ווייב לויכטן מיט דיקער שריפט און מאַסיוועד ליניע געצייכנט אויף די ווענט פון די האָריזאָנטן. די צאַרישע אַרמיי שלאָפט פּאָרנאָגראַפיש־צעכראַסטעט אינמיטן טאָג אָן אַנגעצונדענע.

און דאָס איז דער אמת נישט בלויז מיט דער צאַרישער אַרמיי אינם דאָרף פון די סאָסנאָווע בוימער. דאָס זיינען אויך צעזאַרס העלדישע און געפּאַנצערטע לעגיאָנען. דאָס זיינען האַניבאַלס אויסגעמאַטערטע סאָלדאַטן. דאָס זיינען אַלעקסאַנדערס פאַנטאַסטישע קריגערס וואָס ווערן געפירט מיט מוזיק אין ווייטן אינדיע און אַפגאַניסטאַן, אַזש ביז טורקעסטאַן. דאָס זיינען נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטעס גרענאַדירן אויף די פאַרשנייטע סטעפּעס פון דעם צאַר׳ס אימפּעריע. דאָס זיינען די קולטורעלע פאַריזער לייט פון באָנאַפּאַרטעס גראַנד־אַרמיי. דאָס זיינען אַלע העלדישע גראַנד־אַרמייען פון דער געשיכטע. איך שפּיל זיך מיט זייער געוועהר וואָס הענגט אויף די ווענט פון אונדזער שטוב. איך שפּיל זיך מיט די לאַנגע, שטאָלערנע קלינגען פון די שווערטן. איך טראָג אויף מיינע אינגלערישע אַקסלען די הילצערנע ביקסן. דאָס האָלץ פון די ביקסן רינגט נאָך מיט האַניק־ברוינער זשיוויצע פון רוסישע און פּוילישע וועלדער. דאָס אייזן און דאָס שטאָל דערציילט פון דער מוטער ערד׳ס וואולקאַנישע אינגעווייידן. עס זינגט אַ שטאָלץ און אַ מעכטיק ליד פון דער בלוטיקער טראַכט פונם פּלאַנעט. איך שפּיל זיך נאַיוו מיט די שאַרפע באַיאָנעטן, וואָס וועלן באַלד מיט היחה׳שער רציחה אויפשאַרפן די געדערים פון בייכער פון דייטשן, עסטרייכער, אונגאַרן, הערצאָגעווינער, בודאַפּעשטער פּויערבייינגען, טאַנץ־קאַוואַליערן און ווינער וואַלסער־אָפּיצערן און שאָקאָלאַדע־זעלנערלעך. איך חלום פון זיין אַליין אַמאָל אַזאַ מין סאָלדאַט און באַזיצן אַזאַ מין געוועהר. ווי שטאַרק און מורא׳דיק־מעכטיק איך וועל זיך דאָס דעמאָלט פילן, מ׳שטיינס געזאָגט. איך וועל זיין גרויס און איך וועל קעמפן אין די וועלדער־טיפעניש̈ן. איך וועל אויך זיין דאָס פאַרשפּיל פון געשיכטע. איך וועל זיין דער פּראָלאָג צו דער אינטערנאַציאָנאַלער דראַמע פון רציחה. איך וועל טראָגן אויף זיך אַ שווער־באַלאָדענער: לעדער, קופּער, אייזן, שטאָל און מעש. איך וועל עסן צוזאַמען מיט אַרמייען פון די בלעכענע פּושקעס פון קאָנסערוון־פליישׁ. איך וועל עסן מיט הילצערנע לעפל וואָס איך וועל טראָגן אין מיינע שטיוואַלעס. פאַר מיר וועלן ציטערן מלאכים אין די הימלען און שוואַלבן און קוקאַווקעס אין די וועלדער. פון מיינע טויטלעכע קוילן וועט זיך פאַרבלוטיקן דאָס הערלעכע האַרץ פון דער ראָמאַנטישער נאַכטיגאַל. די שפּיל־און־זינג־פייגל וועלן זיך אימה׳דיק דערשרעקן אין זייערע פּאַלאַצן פון ווייכע צווייגן צווישן די פוי־

לישע וועלדער. מיר וועט זיין גוט און וווּנדערלעך. איך וועל אויך ווערן מיט דער צייט געשיכטע. איך וועל אימשטאַנד זיין צו צילעוון און צו שיסן דעם זון־אונטערגאַנג. איך וועל בלוטיק פאַרווונדן די מעשענע און בראַנד־זענע נודס פון נאַציאָנאַלע פּאַמניקעס. איך וועל אַראָפּברעכן מיט מיין פאַרברעכערישן קאַפּריז די קרוינען פון די קעניגן אויף פּיעדעסטאַלן פון האַרטן גראַניט. איך וועל ממש פּאַגראָמירן די שטערן אין הימל. איך וועל אָנצינדן שרפות אויף נאַכטיקע לאָנקעס. איך וועל פאַרברענען דעם טוי פון דער ערד. אומשולדיקע קוראָפּאַטוועס וועלן ווערן אָנגעצונדן אין דער לופט, מיטן כישוף פון פייער. יאָ, איך בין אויך אַ קינפּטיקער סאָלדאַט פון דער היסטאָרישער אַרמיי. נאַפּאַלעאָן שרייבט זיין אייביקן רום מיטן קאָכע־דיקן בלוט פון מיינע אָדערן. מיינע קישקעס הענגען אויף טעלעגראַפישע דראָטן צוזאַמען מיט די בלויע און צניעותדיקע שוואַלבן. איך בין אַלמעכטי־קער האַר און שטאָלצער באַפעלער פון קאָסמאָס. איך בין די געפייערטע גראַנד־אַרמיי. איך מאַרשיר איבער די סטעפּעס פון וועלט־געשיכטע צוזאַמען מיט די העלדישסטע גענעראַלן און צעזאַרס. עס וועט מיך באַלזאַק באַשרייבן אין דיקע טאָמען פון נאָוועלע. ער וועט מיט מיר שאַפן די נייע אייראָפּע־אישע פּסיכאָלאָגישע נאָוועלע. איך קען צעזאַרן. איך בין שוין פון לאַנגע צייטן באַקאַנט מיט דוד המלך זעלבסט, מחבר פון תהלים. איך האָב איינמאָל אין אַ הייסער נאַכט געזען ווי ער האָט געשיקט זיין געטרייען גענעראַל אין דעם שונא׳ס געפערלעכסטן פייערהאָגל כדי אין דער זעלבער נאַכט צו קושן די בריסט פון דער הערלעכער פרוי פונם גענעראַל... איך בין דער תמיד־שטאַרבנדיקער סטאַטיסט פון אומשטאַרבלעכער וועלט־געשיכטע. צוליב מיין אייגענעם פאַרגאַסענעם בלוט וועלן פלינקע היסטאָריקער און פראָפעסאָרן פאַרגיסן פעסער מיט טינט שרייבנדיק זייערע ריזיקע טאָמען געשיכטע וועגן געשיכטע...

אָט דאָס איז דאָס קליינע אינגל שיע ביים אָנפאַנג פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין די זומערדיקע טעג, וואָס זיינען אַזוי ווי גרויע פליגל פון שמעטערלינגען, ווען מיט מיר שפּילט זיך די צאַרישע אַרמיי. ווען נאָס זיינען די פּוילישע, דאָרפישע לאָנקעס מיטן געטלעכן טוי. ווען פאַר־שריבן זיינען די הימלישע האָריזאָנטן מיט בונטער פּאָרנאָגראַפיע. ווען די צאַרישע אַרמיי שפּילט נאָך בגנבה אין גאָרטן און ווען מיט מיין מאַמעס צעריסענעם טיכל און מיט מיינע אינגלישע זאָקן פּוצן די זעלנער דעם צאַרס באַיאָנעטן און ביקסן. קליין־אינגל שטייט מיט ברודיקע פיסלעך אויפן פאַרבלוטיקטן טעפּיך פון געשיכטע.

וואַקס נישט, קליינטשיק אינגעל! וואָרים דו דערמאָנסט אונדז וויל אין אונדזערע קליינע אינגלעך און מיידלעך! ווער נישט גרויס, קליין־אינגל־

קינד! וואָרים גרויס ווערט די בלוטיקע שלאַכט און גרויס ווערט די וועלט־געשיכטע! דיין קליינטשיקייט מאַכט אונדז ווײנען ווי פּיצלעך קינדער. מיר האָבן דיך ליב ווי פּושקינס פּאָעמען און ווי די קינדער אין די הילצערנע וויגן וואָס שלעכט־געמאָלטע מלאכים גייען אַראָפּ פון די פּאַרקאָפּטשעטע איקאָנעס־מאָלערייען און וויגן די הילצערנע, די דעמבאָווע וויגן מיט אונדזערע פּויערישע פּרינצן און פּרינצעסינס. קליין אידיש אינגעלע! דו ביסט אונדזער אינדזל־אידיליע ערב ערשטע וועלט־מלחמה!

אַט דאָס איז געווען דעם צאַר׳ס גרויסע אַרמיי אין אונדזער היימיש־פּלושענעם סאָד, צווישן די טיולענע בוימער, אונטערן בלויען הימלישן לײנ־וואַנט, ביים ווייסן חלב־טריף פון די שטערן־ליכט אין דעם קאָסמישן חנוכה־לאָמפּ. אין דער קאַנדעלאַברע פון אוניווערסאַלע קאָנסטעלאַציעס. עס האָט שוין דעמאָלט אין האַרצן ביי מיר פּאַרשטאָכן די פּענע מיט וועלכער איך וועל אין יאָרן שפּעטער פּאַרשרייבן דאָס פּאַפּיר, די צעראַטע און אַ שטיק פונם הימלישן קאַנוועז, מיט די דאָזיקע גאָלד־געפּלעקטע שורות פון מיין שיכור־צעיושעטער פּראָזע.

* * *

דאָס דערפל סאָסנאָוו איז באַשטאַנען פון בלויז דייטשע קאָלאָניעס. אָהער האָבן די פּרייסישע מענטשן עמיגרירט מיט אַן ערך צען צענדליק יאָרן. די הייזער זיינען געווען געפּאַרבטע אין אַלערליי מאָלערישע קאָלירן. דאָס זיינען געווען עלעגאַנטע, ליכטיקע הייזער, מיט גאָטישע באַפּוצונגען, מיט פיינער אָרנאַמענטיק, מיט אייזערנע באַלקאָנען און מיט וואַזאָנעס אין די פענצטער. די דאָזיקע דייטשע הייזער זיינען געווען אין שאַרפן קאָנטראַסט צו די כאַטקעס פון די אַרומיקע פּוילישע דערפער, מיט זייערע שטרויענע דעכער און ווענט אַרומגעבעטע מיט פּאַרוויאַנעטע בלעטער. די מענטשן פון דאָרף זיינען מערסטנס געווען רואיקע און פלעגמאַטישע פּאַרמערס, דייטשן וואָס זיינען, ווי געזאָגט, געקומען פון די פּרייסישע קאַנטן און וואָס האָבן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה געשפּילט אַזאַ טרויעריקע ראָלע אַלס פאָלקס־דייטשן. די עלטערע מענטשן, געדענק איך, די זיידעס און די באָבעס, האָבן זיך כמעט נישט אויסגעלערנט צו רעדן פּויליש, כאָטש זיי זיינען דאָ שוין געווען זינט אַ סך יאָרן. סאָסנאָוו איז געווען אַ דייטשע וועלט, אַ שטיק פּרייסן אינמיטן דעם פּוילישן ים.

מיין טאַטע, אַ זייגערמאַכער, און אויך אַ גלעזער, האָט גוט געלעבט מיט די דייטשע קאָלאָניסטן. באַזונדערס האָבן זיי ליב געהאַט מיין מוטער, אַ שטילע, אָרעמע און באַשיידענע פרוי, וואָס פלעגט זיך קליידן ווי די דייטשע פרויען, מיט אַ פּויעריש־ווייסן טיכל אויפן קאָפּ.

ביים ברעג פונם דאָרף, דאָרטן ווו עס איז אַן איינזאַמע געשטאַנען אַ

פאַרלאָזן שטיבל, די פּראָטעסטאַנטישע קירכע, האָט געוווינט דער דייטשער
קאָלאָניסט לוציאַן מיט זיין גאַנצער גרויסער משפחה. לוציאַן איז געווען
אַ הויכער און אַ פעסטער דייטש, מיט אַ לאַנגער, בלאָנדער באָרד און מיט
שטאָלצע, בלויע אויגן. ער האָט אויסגעזען ווי איינער פון די סוחרים אין
אַלברעכט דירערס פּאָרטרעטן. זיין פרוי, גרעטכען, איז געווען אַ פריילעכע
און פריינטלעכע דייטשקע, פון אַ יאָר פופציק. די לוציאַנס האָבן געהאַט
פינף ריזיקע און שווערע טעכטער, ווייסע ווי די שוואַנען, בלאָנדע ווי זון־
פאַרגענג, מיט לאַנגע, שווערע און דיקע צעפּ, ווי די קלאַסיש דייטשע ברונ־
הילדעס. זיי האָבן געהאַט טיף־בלויע, קלאָרע, מיידלש־לויכטנדיקע אויגן,
ווי דייטשע מאַדאָנעס פון מיטלאַלטער, מיט גאָלד־געפּאַרבטע הענט. יעדע
שבת נאָכמיטאָג, געדענק איך, פלעג איך גיין מיט דער גוטער מאַמען צו
גאַסט צו לוציאַנען. אויפן היימישן וועג פלעג איך קלייבן די טונקל־ברוינע
קאַשטאַנעס. איך האָב געפרעגט דער מאַמען פאַרשידענע פראַגעס. אויפן
וועג פלעגן אונדז נאָכלויפן בייזע הינט און גאַנצע מחנות מיט שניי־ווייסע
גענדז, וואָס פלעגן אוממעכטיק הויבן זייערע פליגל, אָבער גאָר זעלטן פליען.
אַלערליי פויגלוואַרג האָבן זאָרגלאָזע געזונגען. מיט קינדישער נייגיריקייט און
מיט אומבאַוואוסטזיניקער לוסט פלעג איך באַטראַכטן די פינף ריזיקע
טעכטער פון די לוציאַנס, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט אין די דאָרפישע
שטיבער ווי אין אַן אָפּערע. זייער יעדער בויג און זשעסט האָט ווי געשריגן
מיט געשרייען פון עראָטיק. ווען זיי האָבן געלאַכט, איז געווען אַזוי ווי
אַ טייך וואָלט געפלאָסן מיט אַ געוואַלטיקן רעש. אַזוי ווי כוואַליעס וואָלטן
זיך וואַרפן אויף כוואַליעס און אַריבעריאָגן איבער די נאַקעטע נאַקנס איינע
איבער די אַנדערע. דאָס זיינען געווען פינף בונטע לאַנדשאַפטן פון גער־
מאַנישע ווייבער.

איינמאָל אין אַ נאָכמיטאָג האָב איך געזען ביים דאָרפישן טייך, נעבן
וואַלד צו, ווי אַזוי אַלע פינף מוידן האָבן זיך געבאָדן מוטער־נאַקעדיקע.
עס איז אין דרויסן געשטאַנען אַ הייסער טאָג. די זון איז געווען פונקט
אינמיטן הימל און האָט געגאָסן פייער אויף די מעכטיקע מיידעלשע גופים,
וואָס האָבן דערמאָנט אין לוט׳ס צייטיקע טעכטער. זייערע גרויסע בריסטן
האָבן געפלאָסן מיט דיקע טראָפּנס גאָלדענע וואַסער. זייערע האָר זיינען
געווען ווי מאַסיווע פליגל פון בראָנדז. זיי האָבן באַזעסן מעכטיקע היפטן
און זייערע פיס זיינען געווען ווי זיילן פון טעמפּלען. דאָס זיינען געווען
פינף היידנישע געצינס פון וואַלהאַלאַ. ווען זיי האָבן פאַרנאַכט גערוט אויף
דער סאַמעטענער לאָנקע, איז עס געווען ווי פון דעם באַרג פון די געטער
וואָלטן אַראָפּגעשטיגן פינף פלאַמיקע געצינס און זיי וואָלטן זיך דאָ צעלייגן
אויף אַן ערדישער לאָנקע מיט געשמאַקן גראָז. זיי זיינען מידע איינגעשלאָפן,

באַלאָדענע מיט דעם האָניק און דעם ווײַן פֿון זייער יוגנט און דערשטיקטער תאווה. זיי זײַנען געלעגן אונטער די מאַסיווע דעמבעס אַזוי ווי מלאכים וואָס האָבן פֿאַרגעסן דעם וועג אין הימל אַרײַן, האָבנדיק געשיכורט אין ערדישע קרעטשמעס. עס האָט אַרום זיי געשפּילט און געזונגען די גאַנצע פּויליש־בונטע נאַטור. אינמיטן שלאָף האָבן זיי פֿונדעסטוועגן רײַך געגאָסן זייער פּיזישע נאַקעטקייט...

אַוועקגייענדיק פֿון דעם פֿרײַנטלעכן הויז פֿון די לוציאַנס, נאָכן האָבן אָפּגערעדט עטלעכע שעה וועגן היימישע, דאָרפֿישע ענינים, פֿלעגט מײַן מאַמע מיך פֿירן מיט איין האַנט און אין דער צווייטער האַנט האָט זי געהאַלטן אַ ריזיקן, פֿיר־קאַנטיק געבאַקענעם ברויט, וואָס איז געווען שווער און פֿעט און האָט פֿאַרשמעקט די לופֿט. מען פֿלעגט עס צעשנײַדן ווי אַ פֿעלד און עסן ווי ברוסטנפֿלייש. עס איז נאָך אַגב געווען הייס פֿונם באַקאויוון און עס האָט אויסגעזען ווי אַ ריזיקער לעקעך וואָס האָט אַרײַנגענומען אין זיך אַ סך האָניק. דאָס איז געווען אַ מתנה פֿון די לוציאַנס. איך האָב געטראַכט וועגן דעם שיינעם הויז פֿון לוציאַנען, וואָס זעט אויס ווי איינער פֿון די מאַסיווע און זאַטע סוחרים פֿון דירערס פּאָרטרעטן, וואָס האָט אין דער היים אַ סך גאָלדענע רענדלעך און וואָס דערלויבט זיך אין ווײַנקעלער צו טרינקען אַ סך גאָלדענעם ווײַן. איך האָב געטראַכט וועגן לוציאַנס הויכע און גרויסע טעכ־טער, איינס ביי איינס ווי גאָלד־געלאָקטע, גערמאַנישע מאַדאָנעס, וועמענס צייטיקע גופֿים שפּראָצן מיט ליידנשאַפֿט און לוסט. ווו זײַנען די ריזיקע מענער פֿון פּרייסן, די לעגענדאַרע יעגערס, וואָס וועלן אין איינעם אַ טאָג גיין אין די וועלדער און ביים געלן טײַך יאָגן און פֿאַנגען די נאַקעטע, גערמאַנישע מיידן, וואָס לאַכן ווי די שטורעמדיקע וואַסערפֿאַלן פֿון די בערג...

האַרט ביים וואַלד, אַ ביסל ווייטער פֿון לוציאַנס רחבֿותדיקער קאָלאָ־ניע, איז געשטאַנען דאָס הויז פֿון דעם דײַטש וואָס איז אין מײַן זכּרון פֿאַר־בליבן שטיין מיטן מאָדנעם נאָמען מאַצאַנקע. דאָס איז געווען אַ יונגער און פֿעטער פּרייס, אַ קאָלאָס ממש, וואָס פֿלעגט זאָרגפֿעלטיק באַאַרבעטן זײַן מאַיאָנטעק, וואָס איז באַשטאַנען פֿון אַ סך מאָרגעס פֿעלד, לויטער פֿעטע און פּרוכטבאַרע פּוילישע ערד. אויסערדעם האָט צו אים געהערט אַ גרויס שטיק געדיכטער, פּוילישער וואַלד, אויף אפֿשר אַ סקווער־מייל די טיף. מאַצאַנקעס פֿאָטער און מוטער זײַנען שוין געווען אַלטע מענטשן, וואָס האָבן מיט בענקשאַפֿט גערעדט וועגן פּרייסן. מאַצאַנקעס ווײַב איז געווען אַ יונגע, פּרייסישע נקבֿה, מיט מילכעדיקע בריסטן און פֿעטע פֿיס ווי די סלופּעס. זי פֿלעגט ווייניק רעדן. זי האָט אויך ווייניק געאַרבעט אין פֿעלד. זי איז עפּעס געווען שווער און טרויעריק פֿאַר דער אַרבעט אויפֿן לאַנד. עס איז אַרום איר געשטאַנען אַזוי ווי אַ וואָלקן פֿון אומעט. אפֿשר האָט זי נישט ליב געהאַט

איר מאַן. אפשר האָט איר האַרץ געבענקט צו אַ געליבטן פון דער היים... מאַצאַנקע איז געווען אַ רייכער קאָלאָניסט. ער פלעגט אויך דינגען אָרעמע פויערישע יונגען צו אַרבעטן אויף זיין פעטער ערד, ביים וואַלד־צו. עס האָט איינמאָל געטראָפן, אין אַ הייסן פאַרנאַכט פון מיטן זומער, אַז מאַצאַנקע האָט ביי טייך, טיף אין וואַלד, געפונען זיין פרוי אין די אָרעמס פון אַ פוילישן כלאָפּ. אירע קליידער און העמד זיינען געלעגן אויפן ברעג פונם טייך. זי האָט זיך ערשט געהאַט געבאָדן, ווען דער פויערישער יונג איז פלוצלינג אָנגעקומען. זי איז געווען מוטער־נאַקעט, ווי די דייטשע מאַמע האָט איר געהאַט, ווען סטאַך האָט זי אַרויסגענומען פון טייך און האָט זי איינגעשלאָסן אין זיינע מעכטיקע אָרעמס. מאַצאַנקע האָט מיט אַן אייזערנע ווידלע ביידע יונגע מענטשן דערשטאָכן צום טויט. זייער בלוט האָט רויט געמאַכט די כוואַליעס פונם טייך. עס האָט לאַנג געדויערט ביז די צאַרישע פּאָליציי האָט באַפרייט מאַצאַנקען פון קאָזע. און ביז ער האָט געקראָגן אַ נייע ווייב, נאָכדעם ווי ער איז געפאָרן אין פרייסן און זיך דאָרטן פאַרזוימט לאַנגע חדשים.

אין אָוונטצייט, ווען די זון פלעגט שוין אונטערגיין, פלעגן מאַצאַנקעס אַלטע עלטערן זיצן פאַרן הויז און דערציילן ווי אַזוי סאָסנאָוו, דאָס איצטיקע דייטשע דאָרף, איז אַמאָל געווען אַ ווילד־פאַרוואַקסענער וואַלד און פול מיט בייזע וועלף. די ערשטע פרייסישע קאָלאָניסטן מיט אַרום אַ הונדערט יאָר צוריק האָבן געהאַט אַ ביטערן קאַמף צו קעמפן מיט עקשנותדיקן וואַלד און וועלף. זיי פלעגן אויסהאַקן דיביימער, לאַנגזאַם און עקשנותדיק באַפרייען די ערד פון די מעכטיקע בוימערשע וואָרצלען, שפעטער אויפאַקערן און פאַרזייען די פרוכטבאַרע ערד, אויפשטעלן הייזער און היימען פאַר זייערע ווייבער און קינדער. אויפשטעלן שטאַלן פאַר די פערד און פי און שייערן פאַר דער תבואה פון די פעלדער. ביז עס איז מיט דער צייט געוואָרן דאָס רייכע דאָרף סאָסנאָוו, וואָס איז באַרימט געוואָרן אין דער גאַנצער קעגנט מיט זיין שפע.

מאַצאַנקע אַליין פלעגט שמייכלען מיט אַ פעטן שמייכל אויף זיינע פון ביר־אויפגעבלאָזענע און רויטע באַקן. ער פלעגט ווייניק רעדן. עפּעס איז אין זיינע אויגן געבליבן שטיין אַ מרה־שחורה. אפשר אַ בענקשאַפט און אַ ליבשאַפט צו זיין ערשטע ווייב... אינעווייניק אין הויז פון מאַצאַנקען פלעגן הענגען אויף די ווענט הערנער און ביינער פון אַלערליי חיות, וואָס האָבן געלעבט אין די וועלדער אַרום. קעפּ פון ווילדע הירשן, מיט אומגעווייגלעך טרויעריקע אויגן און מיט מענטשלעך־טרויעריקע אויסדריקן אויף די פאַרשטויבטע פּנימער, זיינען שטומע און דערשטיקטע געהאַנגען אין די שטיבער. עס האָט דאָ געשמעקט מיטן פאַרטרוקנטן בלוט פון אַ יעגער־

הויז. עס האָט דערמאָנט אין יעגער־ישער רציחה און ברוטאַליטעט. די ווענט זיינען געווען דעקאָרירט מיט אַלטן, פאַרזשאַווערטן געווער. מיט פאַר־ראָסטעטע שווערטן און שפיזן וואָס האָבן דערמאָנט אין די פאַרצייטישע טייטאָנישע שטאַמען. עס האָט זיך געדאַכט אַז די חיה׳שע קעפּ וועלן נאָך פונדעסטוועגן אַראָפּגיין פון די בלוטיק־פאַרטריפטע ווענט און זיי וועלן עפּענען אַ פרישע שלאַכט מיט מאַצאַנקעס... אין קאָפּ פון אַ הירש האָט דערמאָנט אין זיין פרוי׳ס צעלעכערטן קאָפּ... עס האָט זיך געדאַכט אַז צווישן די האָריקע און פאַרבלוטיקטע קעפּ פון די חיות הענגט אויך אילזע׳ס בלאָנדער, רייצנדיקער קאָפּ און טריפט מיט דיקע טראָפּנס בלוט און טרערן...

* * *

אין אַ זייער עלעגאַנטן הויז, רייך אָפּגעפּאַרבט און מיט פּרעכטיקער גאָטישער אָרנאַמענטיק, האָט געוווינט די פאַמיליע היינע. דאָס זיינען געווען אַ יונג פּאָרפאָלק וואָס האָבן זיך אינטערעסירט אין פּאָליטיק און האָבן אויך געהאַט אַ געוויסן אינטערעס אין ליטעראַטור. זיי האָבן געהאַט צוויי קליינע קינדער, אַ יינגל און אַ מיידל. ביידע קינדער זיינען געווען אויסערגעוויינלעך חנעוודיק און ליבלעך.

מיין טאַטע פלעגט יעדער וואָך ברענגען פאַרן הער היינע די דעמאָלט באַוווסטע וויענער צייטונג „נייע פרייע פּרעסע״. אויך דייטשע אילוסטרירטע זשורנאַלן, אין וועלכע עס זיינען אָפּגעשפּיגלט געוואָרן די אַקטועלע פּאָלי־טישע געשעענישן און עס האָט תמיד אַרויסגעלויכטן די שיינע נוד פון דער דייטשער געזונטער פרוי, וואָס געניסט רייך ווינט, לופט און זון...

איך האָב שוין דעמאָלט געקענט לייענען נישט נאָר דעם אידישן „היינט״ און דעם „מאָמענט״, אונטער צבי פּרילוצקי׳ס רעדאַקציע, נאָר אויך די „נייע פרייע פּרעסע״. מיר פלעגן אָפט זיצן ביי דער פאַמיליע היינע און רעדן וועגן פּאָליטיק און ליטעראַטור. ווען מיין טאַטע פלעגט פאַרגעסן נעמען פון מיניסטאָרן און דיפּלאָמאַטן, פלעג איך אים אונטערזאָגן שטי־לערהייט, שפּילנדיק די באַשיידענע ראָלע פון אַ סופלאָר אונטער דער בינע. דעמאָלט זיינען געווען שטאַרק אַקטועל די נעמען פון קלעמאַנסאָ און פּואַנ־קאַרע. די צייטונגען זיינען געווען פול מיט בילדער פון אַריסטיד בריאַן מיטן קאָפּ געדיכטע האָר און פייערדיקע אויגן, און פון לאָיד דזשאָרדזש, ראַטענוי און שטרעזעמאַן מיטן גערויזירטן קאָפּ. אין רוסלאַנד איז אויפגע־גאַנגען אַ נייער „קיסר״. מיין טאַטע פלעגט אים אַביסל פאַרגרייזטערהייט אָנרופן: „טאָרעצקי״, מיינענדיק דעם באַרימטן לעאָן טראָצקי. לענין איז נאָך דעמאָלט געווען אַ געזונטער מאַן, ערשט אַרויס פון די דיסקוטיר־קאַפעען און מאַנסאַרדעס פון צוריך און באַזעל און שוין זיצנדיק פעסט אינם קרעמל, עפּענענדיק אַ נייע קאַפּיטל אין דער אייראָפּעאישער היסטאָריע. מען האָט

אוודאי געוווסט פון אַזעלכע בריטישע שטאַטסמענער ווי לאָרד באַלפור און ווינסטאָן טשוירטשיל, וואָס וועלן נאָך שפּילן באַדייטנדיקע קאַפּיטלעך גע־שיכטע אין דער צוקונפט, פאַר אידן, פאַר ענגלאַנד און פאַר פילע פעלקער. מען האָט אויך פיל געלייענט פון רוסישע מענטשן, ווי טשיטשערין, קראַסין און גענעראַל פּרונדזע, שוין אָפּגערעדט פון זינאָוויעוו און קאַמעניעוו. עס איז אויך געווען נאָענט די צייט פונם „ספּאַרטאַקיסטן־אויפשטאַנד" אין דייטש־לאַנד און די העלדישע דערשיינונג פון קאַרל ליבקנעכט און איינע, ראָזאַ לוקסעמבורג, מיט אַ טרויעריקן, אידישן פּנים, אַ פּאַרזעסענע בתולה וואָס די רעוואָלוציע איז געווען איר חתן און דער פריער טויט — איר שיקזאַל. מיין טאַטע האָט פלייסיק געלייענט איטשעלען (משה יוסטמאַן, וואָס האָט אויך געשריבן אונטערן פּסעוודאָנים ב. יאושזאָן), אין וואַרשעווער „מאָמענט" און שפּעטער, פון יאָר 1925 ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה אין „היינט"). מיין טאַטע פלעגט מיט גרויס התפעלות איבערזעצן פאַרן הער היינע יעדעס קלוגע וואָרט פון איטשעלען. אויך מיין ווייניקייט האָט געמוזט לייענען איטשעלעס „פּאָליטישן בריוו" אין יעדן פרייטיקדיקן נומער „מאָמענט" און דיסקוטירן מיטן טאַטן וועגן דעם און אויך מיטן הער היינע. דער הונגער נאָך נייעס אין דאָרף איז געווען געוואַלטיק. עס איז דאָך נאָך דעמאָלט נישט געווען אויף דער וועלט די היינטיקע ראַדיאָ, טעלעפאָן און טעלעוויזיע. די צייטונג איז געווען דער איינציקער קוואַל פון אינטערנאַציאָנאַלע נייעסן. און אויך די מענטשלעכע צונג, דאָס מויל פון אַלערליי מענטשן, שליחים, וואַנדראָווניקעס און בעטלערס, וואָס האָבן מינדלעך צעטראָגן די וועלט־ידיעות... אָפּטמאָל סוביעקטיוו באַאַרבעט און פול מיט פאַנטאַזיעס און איבערטרייבונגען. דאָס מענטשלעכע אויער האָט אייביק געלעכצט נאָך ידיעות וועגן דער גרויסער וועלט...

צייטונגען אין שטאָט פלעגט מען געוויינלעך אין יענע טעג קויפן בשותפות מיט אַ פּריוואַט אָדער אַ שכן. די צייטונגען, נאָכן זיך באַנוצן מיט זיי פונם שותף, פלעגן זיין פאַרטריפט מיט געלן אייל, באַפלעקט מיט אייער־געלעכלעך פונם שכנס מאָלצייט, פעט פונם הערינג צי פון דער יויך. איך פלעג געוויינלעך זיין דער פאַרמיטלער צווישן מיין טאַטן און זיינע פאַרשידענע צייטונגס־שותפים. מיין טאַטע האָט געליטן פון זיינע שותפים. ער איז געווען אַ ריינער מענטש, אַן עסטעט, און ער האָט פּראָטעסטירט אויף יענעמס אומריינקייט און נאַכלעסיקייט. ער האָט אייביק געהאָפט צו האָבן די מעגלעכקייטן און אַליין פאַר זיך אַבאָנירן אַ צייטונג. דאָס פלעגט ער ערשט רעאַליזירן אין אַמעריקע...

פון אַזאַ שותף, אָדער צו זיין ריכטיקער, אַ שותפ'טע, וויל איך דאָ דערציילן. עס איז שוין געווען עטלעכע יאָר שפּעטער, אין פולאַוו, אויף

קאַסע גאַס נומער פופצן. מיין טאַטנס פּאַרטנערקע איז געווען אַ יונגע און קליינע פרוי, וואָס מען האָט גערופן שרה׳לע, לייזער אַחשורוש׳ס טאָכטער. זי פלעגט זיך אגב היפּש פאַרשפּעטיקן מיטן לייענעם דעם „מאָמענט״, איבער־הויפּט דעם שבתדיקן נומער, וואָס איז געווײנלעך דערשינען פרייטיק שפּעט נאָכמיטאָג. שרה׳לע, לייזער אַחשורוש׳ס טאָכטער, איז געווען אַ רייצנדיקע ווייבל מיט רויטלעכע האָר און מיט אַ פולן, שמעקנדיקן בוזם. זי האָט געשמייכלט אַזוי אַז איך האָב געמוזט אויפמערקזאַם ווערן אויף איר חנעוודי־קער ווייבערישקייט... און איינמאָל האָט געטראָפן אַז זי האָט מיך פאַר־בעטן אין איר שלאָפצימער און מיך געכאַפּט קושן... אוודאי האָט שרה׳לע געהאַט אַ שם אין שטעטל דווקא נישט פון קיין איבעריקער צנועה... פונ־דעסטוועגן איז איר האַנדלונג געווען פאַר מיר אַן איבעראַשונג, וואָס האָט מיך היפּש צעטומלט. איך פלעג שוין פאַר שרה׳לען אָפט מוזן פאַרלייענען די צייטונג און איר אַ סך פאַרטייטשן און דערקלערן. זי האָט מיך געפרעגט די באַדייטונג פון פילע אידישע ווערטער, ספּעציעל אינטערנאַציאָנאַלע אויס־דריקן. זי פלעגט מיך מכבד זיין מיט ברוינע, גוט־אָנגעצוקערטע טיי, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ היפּשע פּריווילעגיע, מחמת צוקער האָט מען ביי אונדז אין שטוב שוין זינט שיינע יאָרן נישט באַנוצט, סיידן סאַכאַרינע. אַפילו גלעלע מאַנטשקע איז געווען מיט גאָלד צוגלייך און האָט טאַקע געהאַט דעם קאָליר פון גאָלד. אַמאָל פלעגט שרה׳לע פאַר מיר אויך אָנגיסן אַ פּסח־בעכערל מיט זיסן ווײַן... איך פלעג זיך זייער אָפט צו לאַנג פאַרזוימען ביי דער רייצנדיקער שרה׳לען און מיין טאַטע פלעגט נעבעך וואַרטן אויף דער צייטונג, ספּעציעל אויף איטשעלעס „פּאָליטישן בריוו״ און ער פלעגט זיך שטאַרק בייזערן אויף מיר. דער רעזולטאַט איז געווען אַז ער האָט מיט שרה׳לען איבערגעריסן דאָס שותפות... אָבער שרה׳לע האָט געוווינט אויפן גרויסן הויף, נישט ווייט פון די קלאָזעטן. אַז איך פלעג גיין אינעם הויף אַריין, פלעגט מיך שוין שרה׳לע אָפט אָפּוואַרטן אויף דער שוועל פון איר באַשיידענער וווינונג און מיך איינלאַדן צו זיך . . . מיר פלעגן זיך שפּילן איינער מיטן אַנדערן שעהנלאַנג, וואָרים איצט איז שוין נישט געווען קיין איילעניש מיט דער צייטונג פאַרן טאַטן... מיר פלעגן זיך אויפפירן גאָרנישט צניעות׳דיק... שרה׳לעס מאַן איז ס׳רוב געווען פאַררייזט אין ווייטע קאַנטן. ער פלעגט מערסטנס אַהיימקומען אויף יום־טוב... ווען נישט מיין ווייניקייט, וואָלט זיין יונגע און צאַרטע פרוי שיעור נישט געווען אויסגעגאַנגען פון איינזאַמקייט...

די פאַמיליע היינע איז געווען אַ קולטורעלע. עס זיינען אין זייערע שטיבער געשטאַנען הויכע שענק מיט ביכער. איך האָב שוין דעמאָלט אַריינ־געקוקט אין געטעס, שיללערס און אין היינעס ווערק. פון די פּאַליצעס

האָבן אין מאַסיווע גאָלד־אותיות אַראָפּגעלויכטן באַרימטע נעמען פון דער דייטשער ליטעראַטור: לעסינג, הערדער, קלאָפּשטאָק, די ברידער שלעגעל, נאָוואַליס, העלדערלין, שלייערמאַכער, קערנער, לענוי, שאַמיסאָ, פוקיע, גראַף פּלאַטען, שאָפּענהויער, קאַנט און שעללינג. פון די ווענט אַראָפּ האָבן געלויכטן די רייך־געמאָלטע פּאָרטרעטן פון לוטער, ביסמאַרק און ווילהעלם דעם צווייטן. שיללערס פּרעכטיקער קאָפּ געלאָקטע האָר, מיטן בלייכן, שווינד־זוכטיקן און זייער איידעלן פּנים איז מיר געבליבן שטיין אין זכרון. זיין שטאָלצער קאָפּ, פּנים און האַלדז האָט אַרויסגעלויכטן פונם ברייט־געעפנטן העמד, ווי עס וואָלט אים פאַרפעלט לופט... און זיינע אידעאַליסטיש־ריינע אויגן! די שאַרפע אָדלער־נאָז! דאָס ראָמאַנטישע אויסזען און דער שטאָלצער אָדלער־בליק פון אַ קעמפנדיקן דיכטער!

איך ווייס נישט געגוי צי די פאַמיליע היינע איז געווען פאַרקרובה׳ט צו דעם הערלעכן פּאָעט היינריך היינע, וואָס האָט אויך פון איינעם פון די וואַנט־פּאָרטרעטן קלוג און שמערצפול אַראָפּגעקוקט אויף די קליינע קינדער וואָס שפּילן זיך... דאָס מיידעלע האָט געהייסן מאַרגאַרעטע און איך בין געווען פאַרליבט ביז איבער די אויערן אין דעם פּיטשינקן, גאָלדענעם מיידעלע. זי פלעגט זיצן איבערן נאַכט־טעפּל און איך פלעג זיך אַרומפּאָרן נעבן איר, זיך שפּילן די גאַנצע צייט און קיינמאָל נישט אָפּטרעטן פון מאַרגאַרעטן... ווען מיר פלעגן אין דער נאַכט אַוועקגיין פון היינעס הויז, האָט מיין האַרץ דורכגענומען עפּעס אַן אומבאַקאַנט געפיל, אַן אינטענסיווער ליבעס־ווייטיק. מיך האָט באַהערשט אַ געוואַלטיקע בענקשאַפט צוריקצולויפן צו מאַרגאַרעטן... איר צו קושן און אומהאַלדזן...

אין דרויסן פלעגן שטיין ריזיקע די אָנגעצונדענע, גרויסע שטערן אין אַ געוואַלטיקער פינצטערניש פון דאָרפישן הימל... וואָסאַראַ ליכטער זיינען עס? און ווער צינדט אָן ביי דער נאַכט די דאָזיקע אומגעהויערע לאַמ־טערנעס?...

* * *

אַנטקעגנאיבער אונדזער קאָלאָניע איז געשטאַנען דאָס רחבותדיקע הויז פונם דייטשן פאַרמער, וואָס האָט געהייסן פּוד. הער פּוד איז געווען אַן עלטערער מענטש פון פּרייסן, וואָס האָט שוין ווייניק אַליין געאַרבעט אויף זיינע איבער פערציק מאָרגעס פעלד. ער איז געווען נישט קיין קליינער פּויליאַק. האָט ליב געהאַט צו טרינקען פעטן, גרינעם ביר, וואָס ער פלעגט אימפּאָרטירן פון דייטשלאַנד. זיין בויך איז געווען פראָמינענט טאַקע פונם טרינקען אַ סך קופלעס מיט ביר. ער פלעגט אָפט קומען צו אונדז אין הויז אַריין און ער פלעגט דערציילן אַ סך מעשות. בשעתן דערציילן פלעגן זיינע אויגן פייערדיק בליצן. אַ סך דייטשע מערשענס, וואָס איך האָב שפּעטער

מיט יאָרן געלייענט אין די בלעטער פון דער דייטשער ליטעראַטור, ספּעציעל בײַ היינריך היינען, האָב איך שוין געהערט פון פּוד'ס ליפּן...

די פאַמיליע פון הער פּוד איז געווען אַ גרויסע: אַכט הויכע זין ווי די ביימער און פיר שיינע, בלאָנדע טעכטער. די זין, ווי געזאָגט, זיינען געווען הויכע, שטאַרקע און מעכטיקע יונגען. און די טעכטער זיינען געווען געראָטן אין לוציאַנס שוין באַשריבענע טעכטער: מאַסיווע, פעסט־געבויטע און גע־שטאַלטנע ווייבער, מיט בלוט־רויטע האָר, ווי די וואַלקיריעס אין וואַגנערס אָפּעראַס. איינע, די עלטסטע טאָכטער, איז געווען אַ פאַרהייראַטע. זי איז געווען דאָס ווייב פונם דאָרפישן באַגרעבער. זיי האָבן געהאַט אַן איינציקע טאָכטער, וואָס איז געווען אין מיינע יאָרן און זי האָט געהייסן הענטשכען. הענטשכען איז אַלט געווען, ווי געזאָגט, אַ יאָר זיבן־אַכט און זי האָט געהאַט קלאָרע, בלויע אויגן און פלאַקסענע האָר. זי האָט באַזעסן אַ יונגן, דיקלעכן קערפּערל, אין וועלכן עס איז שוין געווען קענטיק די קינפטיקע רייצנדיקע דייטשע פרוי... זי פלעגט הארציק לאַכן און פונקט אַזוי שיין פלעגט זי שמייכלען מיטן גאַנצן ליבן און יונג־מיידלשן פנימל, וואָס האָט געשטראַלט ווי גאָלד. שפּעטער מיט יאָרן, ווען איך האָב געזען אַ מאַדאָנע פון באַרימטן שאָנגאַוער, דעם דייטשן מאָלער פון מיטלאַלטער, האָב איך אין איר גאָלדיקן פנים דערקענט די דאָרפישע הענטשכען... פון הענטשכען'ס רונדיקן פנימל פלעגט אויך שטראַלן מיט עקסטאַז און מיט פרומקייט... די לאַנגע בלאָנדע לאָקן פלעגן צאַרט באַרירן אירע רונדיקע און קרייד־ווייסע פלייצקעלעך... יאָ, איך בין לאַנג געשטאַנען בײַ שאָנגאַוערס מאַדאָנע און באַטראַכט מיין ערשטע ליבע...

איך פלעג הענטשכען אָפט טרעפן ביים גרויסן, פּירקאַנטיקן שטיין, וואָס איז אַ ריזיקער געלעגן ביים וועג, האַלב איינגעגראָבן און אַריינגע־עקשנט אין דער טיפעניש פון דער ערד. אַנטקעגנאיבער דעם פאַרוואָרלאָזטן שטיין איז געשטאַנען די שוין־דערמאָנטע פּראָטעסטאַנטישע קירכע, וואָס האָט פאַרנומען די געבעטן פון די דייטשע איינוואוינער פונם דאָרף סאָסנאָוו. אָבער די געביידע איז געווען זייער אַן אַלטע און נאָך דערצו אַ קענטיק שטאַרק פאַרוואָרלאָזטע. דער רעגן און דער שניי האָבן אין משך פון יאָרן אַראָפּגעוואַשן יעדער פיצל פאַרב און פרישקייט פון אירע אויסערלעכע ווענט. אינעווייניק זיינען די הילצערנע ווענט געווען פאַרגרינט פון שימל, באַדעקטע מיט מאָך און נאַסע פון ווילגאָטש. די טיר פון דער קירכע איז שטענדיק געשטאַנען אָן אָפענע, איינלאַדנדיק אַהין מייז פון פעלד, פייגל פון וואַלד און אַלערליי אינסעקטן. אינעווייניק איז געשטאַנען אַן אַלטע, ריזיקע און טונקעלע פיאַנאָ, אויף וועמענס קלאַווישן מען האָט אַ מאָל אין אַ יובל געשפּילט די וווּנדערלעכע מוזיק פון באַך און וועמענס קלאַווישן זיינען געווען

באַדעקט מיט אַ דיקן שיכט גרויען שטויב, אַזוי ווי פאַרברודיקטער שניי. אויף די ווענט זיינען געהאַנגען עטלעכע שטאַרק אָפּגעבליאַקירטע אויל־בילדער פון הייליקע, וואָס זיינען געווען פינצטער פון דיקן שטויב און מאַטע פון צייט. דאָס זיינען מערסטנס געווען אַלט־דייטשע מאָלערייען פון דירער, שאָנגאַוער, גרונעוואַלד, וואָהלגעמיטה און פון האָלביין דער ייִנגע־רער. פונם פינצטערן שפּינגעוועבס און פון די קראַנצן מיט וואַקס־געלע, דאַרע בלעטער, מיט וועלכע מען האָט אויסגעצירט די ראַמען, האָבן אַרויס־געקוקט פּעטע מאַדאָנעס, ענלעכע צו לוציאַנס און פוד׳ס רויטהאַריקע טעכ־טער. עס איז שווער צו פאַרשטיין פאַרוואָס די טיכטיקע דייטשע קאָלאָ־ניסטן, וועמענס אייגענע קאָלאָניעס זיינען געווען מוסטערן פון ריינקייט, שיינקייט און דייטשער אַרטיזאַנישקייט, האָבן אַזוי מוראדיק פאַרנאַכלע־סיקט די דאָזיקע קירכע.

אין אָט דער איינזאַמער קירכע פלעג איך אָפט אַריינגיין מיט דער גאָלדענער הענטשכען. איך געדענק: עס איז געווען נאַכט. דורך אַ פאַרביקן שטיקל גלאָז פון אַ פענצטער־וויטראַזש פלעגן מיר פאַרציטערטע אַרויסקוקן צום הימל מיט דער ריזיקער קאַנדעלאַברע פון אָן אַ שיעור פלאַמיקע שטערן. דורך דער פאַלע פון אַ הייליקנס פילפאַרביקן מאַנטל פלעגט זשאַווער־רויט פאַרבלוטיקן דאָס פּנים פון דער לבנה, וואָס האָט אויף אונדז ביידן, אַ אידיש און אַ דייטשע קינד, אָנגעוואָרפן אַ פּחד. פאַר שרעק פלעגן מיר זיך אַרומ־נעמען און זוכן איינער אין דעם אַנדערן באַשיצונג. אַוודאי האָט הענטשכען נאָך מער מורא געהאַט פאַר מיר, וואָרים איר קערפּערל פלעגט צאַפּלען ווי אַ פיש אויף דער ווענדקע... איך פלעג זיך דעריבער באַמיען צו שפּילן דעם העלד... דערפילנדיק נאָענט צו מיין פּנים דעם פערפיום פון איר אָטעם, פלעג איך זי קושן מיט די ערשטע קושן פון אינגערישער ליבשאַפט... מיט שרעק פלעגט זיך הענטשכען צלמען פאַר די הייליקע גערמאַנישע מאַטקע באַסקעס... מיט הענטשכען צוזאַמען איז געווען גוט צו פאַרברענגען אינם דאָזיקן רייך־צעפראַלטן נאַכט־פינצטערן און שטערן־גאָלדענעם אוניווערס. עס איז אויך געווען גוט צו גיין מיט איר אינם זוניקן פעלד, ווען עס ציטערן די בוימער מיט גאָר זייערע סענסיטיווע צווייגן, ווי מיט מענטשלעכע גלידער. ווען עס וויברירן נידעריקע אין דער לופט די וואָלקנס אויפן הימל. ווען פריילינג שפּילט און שאַלט מיט אַ מיליאָן גאָלדענע גלעקער און מיט מעשענע פלייטן און קופערנע טראָמפּעטן. אויסגעפאַרבטער פויגל פלעגט אונדז האַר־ציק און פריינטלעך באַקעגענען אין פעלד. פויגל, אָפטמאָל מיט אַ מאַסקע פון אַ מענטשלעך־צעשלאָגן פּנים, פון וועמענס אַלטע, פילאָסאָפישע אויגן עס פלעגן פליסן מענטשלעכע טרערן. ווען קיינער איז נישט געווען ביים טייך, און פון דער זון האָט געזעצט מיט היץ, פלעגן מיר זיך ביידע אויסטאָן

מוטערנאַקעדיקע און מיר פּלעגן זיך באָדן אין דעם וואַרעמען וואַסער, וואָס איז געווען פול מיט פּיש און מיט פּיאַווקעס. זשאַבע פלעגט ליגן באַהאַלטן צווישן די נאַסע גראָזן און אונדז „שילטן" (אָדער גאָר בענטשן). אַ געוואַלטיק פאָלק פון אינסעקטן האָט גערעדט אויף אַ מיליאָן לשונות. מיך האָט גע־צויגן צו הענטשכען מיט אַ געוואַלטיקער מאַגנעטישער קראַפט... איך פלעג זי אַרויסציען פון טייך און אָפּווישן מיט מיין דינעם העמדל אירע נאַסע, פלושענע גלידער, דאָס זייד פון איר גילדערנער הויט. איך פלעג אָפּקושן די טראָפּנס וואַסער פון איר איידעלער נאַקעטקייט. און אָפּטמאָל פלעג איך אָפּרייסן מיט שוידער אַ פינצטערע פּיאַווקע, וואָס איז געווען צוגעקלעפּט צו איר לייב און האָט געשמאַק געזויגן איר יינג בלוט.... איך פלעג צעטרעטן מיטן פוס די געשוואָלענע פּיאַווקע און קושן הענטשכענס קליינע ווונד...

* * *

איך ציטיר דאָ אַ סצענע אין דאָרף, בשעת די רוסישע אַרמיי איז גע־שטאַנען אין סאָסנאָוו. דער מחבר דענקט אַז די סצענע פּאַסט זיך אַריין אין דעם איצטיקן קאַפּיטל פּראָזע. זאָל דאָס דאָזיקע קליינע קאַפּיטעלע, וואָס הייסט „דאָס פעסל מיט וויין אין אַ קבר און די הוליאַנקע" דינען ווי אַ פּויזע — אָדער אינטערמעצאָ — אין דער באַשרייבונג.

עס איז געווען באַלד ביים אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. זע איך איינמאָל אין אונדזער דאָרף סאָסנאָוו אַ בהלה. אַ ווילד צוזאַמענגעלויף פון סאָלדאַטן און פּויערים פון דאָרף. איך זע ווי אַלע לויפן צום צעמענטאַזש. בין איך אויך געלאָפן. איך זע: אויפן אַלטן דייטשן צעמענטאַזש גראָבן אַ גרופּע צאַרישע סאָלדאַטן ביי עפּעס אַן אַלטן, פאַרוואָרלאָזטן קבר, אויף וועלכן עס שטייט אַ מאָנומענט פון אַ וויינענדיקן מלאך. די זעלנער זיינען האַלבנאַקע־טע, ברוינע און פאַרבראָנדזעוועטע. דער עולם טומלט און ליאַרעמט ווילדער־הייט. פאַראַן דאָ אויך די געליבטע פּוילישע טעכטער פון די דייטשן. פּויערי־שע טעכטער מיט דיקע קאַרעלן אויף די העלדזער. מיט גאָלדענע צלמים צווישן די פעטע בריסט. איבערנאַכט ממש האָבן זיך אין דערפל געיאָוועט אויך קור־וועס. פּויערישע מיידלעך און אויך טעכטער פון די דייטשע קאָלאָניסטן זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פּראָסטיטוטקעס פאַר די רוסישע אָפיצירן און פּראָסטע זעלנער. דער אייביקער טויש פון יינגען, מיידלשן לייב פאַר ברויט און צי־גאַרעטן און קאָנסערוון מיט פלייש, גייט אָן...

די סאָלדאַטן גראָבן און גראָבן אין דעם אַלטן קבר, אין דער האַרטער ערד. וועמען גראָבן זיי אויס? — פרעג איך. פאַרוואָס באַאומרואיקן זיי אַ פאַרוואָרלאָזטן און פאַרשטיינערטן קבר פון אַן אומגליקלעכן מענטש? מיט

וואָס האָט זיך אַן איינזאַמער מת פאַרזינדיקט אַנטקעגן דעם מעכטיקן צאַר
פון רוסלאַנד ?

ענדלעך דערהערט זיך אַן אונמענטשלעכער געשריי. די סאָלדאַטן ציען
אַרויס פונם קבר אַ גרויסן קופערט באַשלאָגן מיט אייזן : אינעווייניק איז
פאַראַן אַן אוצר פון ווייַנען און שנאַפּסן אַלערליי. אפשר אַ פּאָר הונדערט
פלעשער מיט טייערע ליקערן זייַנען געווען פאַרגראָבן אינם צעמענטאַזש.
אינם איינזאַמען קבר פון אַ קבצן. די סאָלדאַטן טרינקען פון די אויפגע־
בראָכענע פלעשער. עס ווערט אַן אמת'ע אָרגיע אויפן בית עולם. עס טרינ־
קען אויך די פויערישע טעכטער און די קינדער און די ייִנגע דאָרפישע גראַ־
ציעס. אויך די פויערים זשלאָקן פון די טייערע גאָלדענע ליקערן. ווייַן און
שנאַפּס שטראָמט איבער דער אַלטער ערד, איבער די פאַרוואָרלאָזטע קברים,
אַזוי ווי גאָלדן בלוט. אַזוי ווי דער זאַפּט פון טרויבן און פון קאַרשן. די
פלאַנצן, די בלומען, די אייזערנע און פאַרזשאַווערטע שטאַכעטן אַרום די
בערגלעך, די שטיינערנע און בראָנדזענע סטאַטועס פון מלאכים און פון
הייליקע, אַלץ, אַלץ, איז פאַרגאָסן צווישן די קברים. די צעהיצטע, רוימישע
און צעזאַרישע סאָלדאַטן וואַרפן די אויסגעליידיקטע פלעשער צו די שטיי־
נערנע מאָנומענטן פון קריסטוסן און פון זייַנע רויט־בערדיקע און פלאַם־
אויגיקע אַפּאָסטאָלן. קריסטוס שיכורט מיט זייַנע תלמידים. אָט וואַקלען זיך
די אורטאַטעס פון דער קריסטלעכער רעליגיע אויף זייערע גראַניטענע
פיעדעסטאַלן. די מלאכים איבער די קברים האָבן עפּעס ווי פלוצלינג פאַר־
לוירן פון זייער סערענעם ערנסט. זייערע לאָקן זייַנען צעפלאַשעט ווי ביי
די שיכורע סאָלדאַטן. די מלאכים וואַקלען זיך און זיי מישן זיך אויס מיטן
משוגענעם עולם. עס שטייען אויף פון זייער טרויער די מאַרמאָרענע טרויער־
פרויען. סאָלדאַטן מיט רויטע, פאַרבלוטיקטע הענט פון זון־פלעקן און ווייַנ־
טרויבן־בלוט שטרעקן צו זיי אויס פלעשער מיט שאַמפּאַניער, בעכערס מיט
קאָניאַק. מען האָט אויך דערטאַפּט אַ פּאָר געלע, פורפורנע שאַרבנס פון חשוב'ע
און נאָבעלע איינוואוינער פון דאָרף. טרינקט מען אין זיי פון די פלאַמיקע און
טייוולישע עליקסירן. פאָלק פון שטיין און פאָלק פון פלייש. אַלץ, אַלע שיכורן
היינט פאַרן זיג פונם פאָטערלאַנד, פאַרן טריאומף פונם צאַר איבער די „ביעמ־
צעס" און די טערקן. ס'ווערן גאָרניט אויסגעשעפּט די פלעשער מעד. די פויע־
רישע טעכטער טוען פרייוויליקע און צעהיצטע אויס זייערע בלוזקעס, וואָס
פלאַצן שיר פון דעם מעכטיקן געוויכט פון די בריסטן. ווילדע, סאָלדאַטסקע
הענט רייסן און פליקן ביי זיי אַרונטער די העמדער און די קליידער. ווייבער
בלייבן שטיין מיט נאַקעטע ביוסטן. אַ טייל זייַנען שוין מוטערנאַקעטע. מיט
טונקעלע, טינט־שוואַרצע און בורשטין־רויטע קערפּער־צענטערן. דאָס בית
עולם איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גאָרטן פון נאַקעטקייט און פאַנטאַס־

טישע מענטשן. דער טייוול האָט זיך דאָ אַריינגעכאַפּט, אין דער מלוכה פון מלאך המות. עס איז נישטאָ קיינער וואָס זאָל חשק האָבן צו שטערן די שמחה. ס׳איז נישטאָ קיינער מוסר צו זאָגן. עס האָט זיך עפּעס יאָ באַוויזן אַ גלח. וואַקעלט ער זיך פון שיכרות. איז ער טויט־באַטרונקען פון וויין און געשלעכט. מתים שפּאַצירן אַרום מיט זייערע אייגענע שאַרבנס אין די הענט, אָנגעפּילטע מיט פלאַמיקע געטראַנקען. די זון פאַרגייט און צינדט נאָך אונטער און אַקצענטירט נאָך פלאַמענדיקער די ביזאַרע סצענעס מיט גליענדיקן וויין, מיט ווילדן פייער און מיט קאָכעדיקן גאָלד. אַט פאַלט שוין צו דער בלויער, טושאָוועך און אייביק־לירישער פאַרנאַכט. די געשרייען ווערן נישט אָפּגעשוואַכט, נאָר פאַרקערט: שטיקנדיקער, ליידנשאַפטלעכער. עס פליען אָן פון די אַרומיקע פעלדער, פון דעם נאָענטן און געדיכטן וואַלד צו, מאָדנע און אומבאַקאַנטע פייגל, סאָוועס מיט מענטשלעך־פאַרשרפה׳טע פּנימער. אויך זיי זשלאָקן פון צעבראָכענע שערבלעך, וואָס מיניען זיך אין דעם רייכן זון־אונטערגאַנג, טראָפּנס פּעטע ביר און ווייסן בראָנפן. די פייגל, שיכורע קענען זיך קוים ווידער אויפהויבן אויף זייערע מידע און בלייערנע פליגל. די פייגל זיינען שיכור! עס זיינען אויך שיכור די טויבן און עס זיינען באַזויפן די בלויע, קליינע און ציטערנדיקע שוואַלבן... שאָטנס פאַלן געדיכטע צווישן די ביימער. מען ווייסט שוין נישט ווער עס איז טויט, ווער עס איז שטיין און מאַרמאָר, און ווער איז נאָך וואַרעם, בלוטיק לייב, וואָס וועט מאָרגן בלוטיק און צום טויט געראַניעט ווערן... אַ גאַנץ פאָלק, אַ סך דורות, האָבן זיך פלוצלינג דערוועקט צום טרינקען, צום ווילדן זשלאָקן, צום שיכורן און צו הוליען אויף אַ ברייטע, דאָרפישע סצענע פון קברים און קרומע, זיך וואַקלענדיקע, באַטרונקענע ביימער...

אַזוי האָט עס געדויערט ביז שפּעט ביינאַכט. די לבנה, גאָטס בלוטיק אויג, איז קיל אויפגעגאַנגען און האָט איינגעהילט די סצענע אין אייז־קאַלטן ליכט. האָט פאַרגאָסן מיט וויאַדריעס דיקן קאַלך די לעבעדיקע און די טויטע. עס ליגן סאָלדאַט און פויערשע טאָכטער צווישן די ביימער אַרומגעוויקלט איינע אין די אַנדערע ווי היפּנאָטיזירטע שלאַנגען. עס ליגן אָפיצער און געשלעכטלאָזער מלאך פון קאַלטן מאַרמאָר אין אומאַרמונג. עס ליגן צוזאַמען די שיכורע סאָלדאַטן מיט די שטיינערנע יאָמער־טעכטער און מיט די בראָנ־דזענע געצינס פון טרויער און זינד. עס הערן זיך אין דער נאַכט, אויפן לבנה־באַלויכטענעם פעלד פון אָרגיע, קרעכצן, געשרייען פון פּאַסיע, יאָמער פון געדערים און פון טרויער. איצט קריכן אַרויס פון די לעכער פון דער ערד די אינסעקטן כדי צו טרינקען די איבערגעבליבענע טראָפּנס וויין און טרערן... — — —

איך האָב דאָס אַלץ באַטראַכט און אויף אייביק אַריינגעקריצט אין מיין זכרון אַ פאַנטאַסטישן עפּיזאָד פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ווי אַזוי

די העלדן פון גלאָריע און ליבע פאַרן פאָטערלאַנד, וואָס זיינען כמעט אַלע שפּעטער אומגעקומען אויף דעם פעלד פון באַטאַיל, האָבן געהוליעט מיטן ווייבלעכן פאָלק פון פלייש און פון מאַרמאָר...

* * *

צוריקקומענדיק צו אונדזער געוויינלעכער באַשרייבונג:

די רוסישע סאָלדאַטן האָבן אין איין שיינעם, זומערדיקן פרימאָרגן אָפּגעטראָטן פון סאָסנאָווו. זיי האָבן גלייכצייטיק אַרויסגעגעבן אַ מיליטערישן באַפעל אַז אַלע דייטשע קאָלאָניסטן זאָלן צוזאַמען מיט דער רוסישער אַרמיי פאַרלאָזן זייערע היימען און קאָלאָניעס. ווייזט אויס אַז שוין צו יענער צייט האָבן די רוסן געוווּסט פון דעם פּאַטריאָטיזם פון די „פאָלקסדייטשן" אין באַציאונג צו זייער פאָטערלאַנד דייטשלאַנד... דאָס איז געווען אַ מוראדיקער באַפעל פאַר די דייטשן, וואָס האָבן ליב געהאַט זייערע קאָלאָניעס און האָבן אין אַ משך פון הונדערט יאָר זיי אויפגעבויט צו דער מדרגה ווי זיי זיינען געווען אין יענער צייט. איך געדענק ווי די דייטשן האָבן פאַרקלאַפּט מיט ברעטער די פענצטער און טירן פון זייערע פּילפּאַרביקע און ממש געשניצטע הייזער. זיי זיינען געצוווּנגען אַלץ צו לאָזן שטיין אויף הפקר, צום רויב און פּלינדער פון די פּוילישע פּויערים: דאָס שיינע מעבל, די קונסטווערק, די בעטן און דאָס בעטגעוואַנד אַפילו, די טייערע קליידער און וועשוואַרג, גאָר דעם אינווענטאַר פון די רייכע קאָלאָניעס. זיי האָבן געמוזט איבערלאָזן דאָס גאַנצע עשירות וואָס זיי האָבן אָנגעזאַמלט דורך שווערער האָרעוואַניע אין פאַרלויף פון דורות. אַלע טייערע מתנות, וואָס זיי פלעגן קריגן און אַליין ברענגען פון פּרייסן: פּאַיאַנס, זיידנוואַרג, צירונג און מאַשינען פאַר דיווירטשאַפטן. אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט זיינען זיי וויינענדיקע אַוועק פון זייערע טייערע היימען, מיטנעמענדיק מיט זיך זייערע אַלטע טאַטע־מאַמעס און די פּיצלעך זויגלינגען פון די הילצערנע וויגן. ווער־ווער, נאָר אידן זינט די ערשטע בלעטער פון דער געשיכטע ווייסן דעם ביטערן טעם פון זיין געצוווּנגען צו וואַנדערן אין פרעמדע לענדער אַנטקעגן זייער ווילן...

מיין מאַמע האָט אַ סך געוויינט, זיך קישנדיק און האַלדזנדיק זיך ביים געזעגענען מיט די דייטשע פרויען, און אויך מענער, וואָס האָבן זיך דורך דער צייט מיט אונדז האַרציק באַפריינדעט. דער אידישער מענטש איז דורך אַלע דורות געווען געטריי זיינע שכנים. תמיד האָבן די גוים מיסברויכט מיט אידישער פריינדשאַפט און גוטהאַרציקייט.

אין באַגינען איז פאַרגעקומען דער אָפיציעלער אָפּמאַרש פון דער צאַרישער אַרמיי, כאָטש מיט אַ נאַכט פריער האָבן שוין די דייטשן מיט אַרמייאָפּטיילונגען פאַרלאָזן דאָס דאָרף. דער גענעראַל איז געווען באַפריינדעט מיט מיין פאָטער. ער האָט תמיד געלויבט מיין טאַטנס קולטור און ציכטי־

קייט פון קליידונג און האַלטונג. מיין פאָטער פלעגט אים אויך שענקען מתנות: זייגערלעך און שפּיגעלעך פאַר אים און פאַר זיין פרוי און צוויי יינגע טעכטער...

דער גענעראַל איז געריטן אויף זיין פייערדיקן פערד ווי אַ צעזאַר. זיין פּנים איז געווען די שטרענגקייט אַליין. אַ מוראדיקע ערנסטקייט איז געווען אויסגעדריקט אויף זיין פּנים, וואָס האָט עס געמאַכט פאַרשטיינערט. ער איז געווען לויטער באַפעל. אָבער פּלוצלינג שטרעקט ער אויס זיין האַנט פון דער הויך אַראָפּ צו מיין פאָטער... מיין פאָטער איז מיט נישט קיין קליינעם פּחד צוגעלאָפן צום פערד און געדריקט דעם גענעראַלס מאַרמאָרנע האַנט... עס האָט זיך געדאַכט אויף אַ מאָמענט אַז ביידע מענטשן, דער איד און דער גענעראַל, צופעליק באַקענגטע דורך די קאַפּריזן פון דער געשיכטע, צעווינען זיך... דאָס פערד איז געווען רויט און אויסגעשטאָפּט, ווי דאָס פערד אויף אַ מאָנומענט פאַר אַ קייזער. דער מיליטערישער אָרקעסטער האָט געשפּילט „באָזשע צאַרא כראַני". די פּויק האָט הייס געקלאַפּט ווי צו אַ באַטאַליע... דאָס פערד האָט אין אומגעדולד געגומען שטייגן מיט די פאָדערשטע פיס אין דער הויך, ווי עס וואָלט זיך גרייטן גיין אין הימל אַריין. נאָך אַ שפּאַנענדיקן מאָמענט — און דעם צאַר'ס אַרמיי האָט גענומען שטעלן טריט. עס איז געגאַנגען אַ גרויסע, באַוואָפנטע אַרמיי. זעלנער, ענג-געשלאָסענע אין רייען, זיינען געגאַנגען און געגאַנגען איבערן היימישן, דאָרפישן וועג, ביז די מוראדיקע פּראָצעסיע איז פאַרשוואונדן געוואָרן אין וואַלד... עס האָט זיך געדאַכט אַז הענט פון סקעלעטן עפענען אויף אומגעהויערע אייזערנע טויערן אין הימל אַריין... די גאַנצע צאַרישע אַרמיי, מיט גאָר זייערע שטאָלצע און אויסגעשטאָפּטע פערד, מאַרשירט אַריין אין הימל אַריין...

אין דער אמת'ן האָט דער וואַלד איינגעשלונגען די אַרמיי... דער וואַלד שלינגט איין אַלע אַרמייען פון דער וועלט-געשיכטע, מיט גאָר זייערע קנאָכנס און אייזערנע וואָפנס...

אומעטיק איז איצט געוואָרן אינם דערפל סאָסנאָוו. אַזוי ווי די איינוווינער פון ישוב וואָלטן אַלע פּלוצלינג אויסגעשטאָרבן. די פאַמיליע פּוד, מיט אַלע אירע ריזיקע זין און העלדישע טעכטער און אויך די ליבע, די גילדערנע הענטשכעו, זיינען אַוועק צוזאַמען מיטן אָבאָז אין ווייטן ראַסיי. איך האָב שטאַרק געבענקט נאָך מיין פריינדינע הענטשכען. עס איז געקומען, באַשטימט לויט געזעץ, געלער, פּילפאַרביקער הערבסט. גאָר די היימישע לאַנדשאַפט איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט געדיכטער, פלאַמיקער פאַרב. די בוימער האָבן אין דעם אומהיימלעכן ווינט יסורימדיק געשריגן, ווי די שטאַמען און וואָרצלען וואָלטן זיי ווי טאָן. זיי האָבן געוואָרפן פון זייערע צעוויטיקטע צווייגן זייערע בלוט-רויטע בלעטער אַזוי ווי וואַקס, צעביסענע

פון די קופּערנע ציין פון דער הערבסט־קייסערינע. עס זיינען פון דעם אומ־
פריינטלעכן הימל אַראָפּגעפאַלן שטאַרקע רעגנס, און זיי האָבן פאַרשווענקט
די בלעטער און די פאַרוויאַנטע בלומען. ביסלעכווייז זיינען די פאַרקלאַפּטע
הייזער, סטאַדאָלעס און שטאַלן געוואָרן פאַרוואָרלאָזט און געשעדיקט. עס
איז איצט נישט געווען קיינער וואָס זאָל אויף זיי אַכטונג געבן. אַלץ איז גע־
ווען איינזאַם און פאַריתומט. עס איז קענטיק אַז דער אוניווערס אין וועלכן
מיר לעבן, איז אָפּהענגיק פונם מענטש. מענטש איז פאַקטיש דער קייסער
פון דער ערד. ער קען יינג מאַכן אַ לאַנדשאַפט מיט זיין ליבשאַפט און זיין
אַרבעט און ער קען אַלט מאַכן אַ קעגנט און טרויעריק מאַכן אַ לאַנדשאַפט,
אויב זיינע הענט זיינען מיד...

* * *

נאָך לאַנגע חדשים פון מוראדיקע מלחמה־איבערלעבענישן, האָבן מיר
זיך אין סוף יאָר 1916 צוריקגעקערט קיין סאָסנאָווו. דער גאַנצער וועג דורך
פוילישע דערפער און פעלדער איז געווען ממש אויסגעווייקט אין בלוט.
אין די ראַוון, ביי דער זייט פון „פוילישן וועג", — ווי מען פלעגט אין פוילן
רופן דעם פּראָסטן, זייטיקן וועג, נישט דעם הויפּט־שאָסיי — זיינען געלעגן
פאַרבלוטיקטע היטלעך, הויזן, מאַרינאַרקעס און העמדער פון רוסישע, דייטשע
און עסטרייכישע סאָלדאַטן. די שטאַמען פון די בוימער זיינען געווען פול
באַזעצט מיט קוילן, מיט אייזן, מיט קופּער און מיט מעש, ווי עמעץ וואָלט
די בוימער פאַרמשפּט צום טויט און די עקזעקוציעס וואָלטן ערשט נישט
לאַנג צוריק פאַרגעקומען. דער וואַלד האָט געשוויגן מיט אַ מוראדיקער
שטילקייט, אַזוי ווי די פייגל וואָלטן זיך געהאַט דערשראָקן און וואָלטן אַלע
אַנטלאָפן פון די פוילישע וועלדער. די סלופּעס, הייזער און פּלויטן זיינען
געווען אַדורכגעשאָסן. אויף די פעלדער און וועגן זיינען געלעגן צעוואָרפענע
לעדערנע קוילנטאַשן, אויסגעשאָסענע גילזן פון פּאַטראָנעס, ריזיקע קופּערנע
קוגלען פון קאַנאָנען־קוילן, מעשענע קלומבעס מיט דראָט, גאַנצע ביילן
מיט שטעכעדיקע אייזערנע דראָט פאַר אָקאָפּעס־פאַרצוימונגען, שטיקער
פאַרבלוטיקטע ליינוואַנט און מעדיקאַמענטן, פלעשלעך פון מעדיצין, פאַר־
זשאַווערטע שערלעך און פינצעטן, רוקזעק און ראַניעצעס פון רויטע פוטער.
דאָס אַלץ איז געווען פאַרשפּרייט איבער דער פוילישער ערד, ווי נאָך אַ
בלוטיקער שלאַכט. כמעט אויף יעדער פּאָר שריט גאַנג האָט מען זיך אָנ־
געטראָפן אויף בערגלעך מיט קברים אין וועלכע עס האָבן געשטעקט געוויינ־
לעכע הילצערנע קרייצן, אויף שנעל אַריינגעשטעלטע אין דער ליימיקער
פוילישער ערד. אויך טאָפּעלע, פּראַוואָסלאַוונע קרייצן און ברעטלעך מיט
נומערן און מיט קורצע אויפשריפטן. אַ פאַרבלאַנדזשעטע וואָראָנע פלעגט
זיך פלוצלינג אָוועקשטעלן אויפן שפּיץ פון אַזאַ קרייץ און קראַקען אין

הימל אַריין... אַט אַזוי האָט אויסגעזען דער וועג אַהיים. עס איז געווען אַ פעלד פון חורבן און טויט, אויף צו באַשרייבן און שילדערן מיט דער גרויס־עפּישער פעדער פון אַ האָמער אָדער טאָלסטאָי.

אין סאָסנאָווו גופא זיינען אַ סך הייזער און שייערן און שטאַלן געווען אָפּגעברענט, די דעכער פאַרשרפהט, די ווענט אַרויסגעריסן. אַ סך געביידעס זיינען געשטאַנען אָפענע, אינגאַנצן אָן ווענט, ווי טעאַטראַלע דעקאָראַציעס. די שטאַלן זיינען געווען פול מיט פּגרים פון פערד, פון קי און פון חזירים. טויטע גופים פון מענטשן זיינען געלעגן צווישן פוילנדיקן חזיר און שעפּס. עס איז איצט נישט געווען קיינער וואָס זאָל באַגראָבן דאָס שטינקענדיקע פלייש פון מענטש און פון פיה. אַפילו די שוואַלבן זיינען אַנטלאָפן פון זייערע ליימיקע נעסטן אין די שפּאַרונעס, צווישן די ווענט פון דער שטאַל. דער ווינט האָט געוויינט און היניטיש געוואָיעט, רייסנדיק די צעקרישלטע ווענט און שטרויענע דעכער.

מיר האָבן זיך באַזעצט אין דער קאָלאָניע פון אַ דייטשע פאַמיליע, אין אַ גרויסן הויז וואָס איז געשטאַנען מיט אָפענע טירן און אַרויסגעריסענע פענצטער. עס איז פלוצלינג אויסגעבראָכן דער פרילינג, ווי אין ביאַליקס שחיטה־שטאָט... אַ רויטע זון, אַזוי ווי פון בלוט פאַרגאָסן, האָט מוראדיק אויפגעשטראַלט איבערן חרובדיקן דאָרף סאָסנאָווו. די שטראַלן פון דער זון זיינען געווען אויסערגעוויינלעך הייסע, בריענדיקע, שטעכיקע און גיהנום־דיקע. פון דער געשענדעטער ערד האָבן אָנגעהויבן אַרויסצווואַקסן בלומען און אַלערליי פלאַנצן און דערנער מיט געלע און מיט רויטע פנימער. ווילד־גראָז און קרזשאַקעס, ווי זיי וואָלטן אַרויסברעכן פון דער באַליידיקטער ערד ווי עפּעס שלעכטס, פון טייוולישע זוימען פון פאַרדאָרבענע מענטשן. פון צעפוילטע מענטשלעכע קערפּערס האָט געשפּראָצט מיט אַ ווילד שפּראָצעניש. איך האָב קיינמאָל פריער נישט געהאַט געזען אַזאַ געפלייץ פון אויסטערלישע בלומען און פלאַנצן, ווי פינצטערע שפּינען מיט מוראדיקע פיס, ווי אינסעקטן מיט מענטשלעכע פנימער. עס איז געווען אַן אָרגיע פון גיהנומדיקע קאָלירן. דאָרן און פלאַנץ, פאַרבלאָנדזשעטער קאָרזשן און קרומער וואָרצל, האָבן זיך ווי צוזאַמענגענומען אין אַ בונד נאָך אין דער אונטערערד. איינס האָט דאָס אַנדערע אויפגעפרעסן און אויסגעזויגן דאָס חיות. גאַנצע אַרמייען האָבן אַרויסגעשפּראָצט פון דער פייכטער, אָנגעגליטער ערד. פנימער האָבן זיך אויפגעבראָכן און הויך געיאָמערט. מענטשלעכע הענט האָבן אין תפילות פאַרקראַמפּטע אַרויסגעסטאַרטשעט פון פוילנס פאַרשאָלטענער ערד. עס האָבן פאַרצווייפלטע געשריגן אין דעם ווילדן און משוגענעם פרילינג קעמפנדיקער סאָלדאַט, הורישע ווייב, צעשמעטערטע קינד און אויפגעריסענע פערד. עס האָט דער רבונו של עולם פון מלחמה אַלע לעבנס געלאָזט זינקען אין דר׳ערד

און איצט האָט אַלץ גיהנומדיק צוריק אַרויסגעשפּאַרט מיטן רייטער־געשפּאַן, מיט דער שווערט און שפּיז, מיט קופּער און מיט אייזן. ווי רייכע וואָזאַנען האָבן נביאישע פּנימער אַרויסגעפּלאַמט אין עקסטאַז צום הימל. גיהנומדיקע פּרעסקאָ־גאָלעריי און סקולפּטור האָט געשרפהט מיט אַ מיליאָן פאַרבן און פאָרמען. די ערד איז געווען פעט און משוגע. בלוט האָט זיך רייך אַ גאָס געטאָן איבער פאַרשאָלטענעם פּלאַנעט. און איבער דעם אַלעם האָט גע־פּאַליעט אַ שרעקלעכע זון. אַ הייסע, בייזע זון פון צאָרן, פון פייער און פון בלוט. עס איז געווען אַ פרילינג צום געדענקען אויף גאַנצע טויזנט דורות. קיין שום קליינטשיק אינגל אין דער געשיכטע, מיר דאַכט זיך, האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזאַ ווילד־ראַסקאָשנעם און וואַנזיניקן פרילינג.

מיר האָבן פאַראַקערט און פאַרזייעט גאַנצע דרייסיק מאָרגעס פעלד. שנעל האָט אַלץ אָנגעהויבן רייך אַרויסצושפּראָצן, שאַרפע, שטעכעדיקע דער־נער, בייזע און עקשנות׳דיקע ווילד־גראָזן האָבן אַרויסגעשפּראָצט פון דער פעטער און פאַרבלוטיקטער ערד, פאַרגאָסן דאָס לאַנד מיטן האַרצנסבלוט פון יוגנט, מיט זייערע מענטשלעכע מאַרעך און מוחות. די ערד איז געווען ווייך און פינצטער און אָנגעזאַפּט מיט מענטשלעכן בלוט. אַ סך קברים זיינען בגנבה צעאַקערט געוואָרן דורך די נייע, פרעמדע בעלי־הבתים פון די קאָלאָניעס, וואָס האָבן זיי אַרענדירט ביי אַ ספּעציעלער קאָמיסיע. פּוילישער אַקער האָט געשניטן די ביינער און די קנאָכנס פון באַגראָבענעם יונגן, סאָלדאַטסקן פלייש. טאַטער און קירגיז, טיראָלער און הערצאָגווינער זין, האָבן דאָ פאַרפלאַנצט זייער זרע און זייער געביין. די הילצערנע קרייצן זיינען פאַרברענט געוואָרן אין היימישן אויוון. אָפטמאָל האָט אין פייער פון קאַמין הייס געפּלאַקערט אַ נאָמען פון אַ פאַרלוירענעם זעלנער פון דער היסטאָרישער גראַנד־אַרמיי... עס האָבן אותיות געיאָמערט אין פייער... עס האָט הייזעריק געכאַרכלט אין ווינטיקן פייער דער לעצטער אָנדענק און קרעכץ פון אַ דערשטאָכענעם נפש...

* * *

מיר באַנוצן זיך דאָ ווידער מיט אַ באַשרייבונג וואָס שילדערט די ליציטאַציעס פון די דייטשע קאָלאָניעס אונטער דער עסטרייכישער אַרמיי...

אין פרילינג זיינען זיך צוזאַמענגעקומען די ציווילע און מיליטערישע פאַרשטייער פון דער עסטרייכישער מאַכט אין פּוילן, צווישן וועלכע עס זיינען געווען אַ סך אידן, גאַליציאַנער און ווינער אידן. עס איז פאַר די אידן פון אַלע לענדער געווען אַ פּערמאַנענטער טרייסט וואָס אַפילו צווישן די סאַמע פיינטלעכסטע אַרמייען, וואָס פלעגן באַפאַלן און אָקופּירן אַ לאַנד, פלעגט פלוצלינג אויפשטראַלן אַ אידיש פּנים, אַ אידיש געשטאַלט. אַן איינזאַמער בחור, אָפּגעריסן פון זיינע עלטערנס טיש, איז פלוצלינג דער־

שינען מיטן אידישן, היסטאָריש־אידישן צער אין זיינע אויגן. און מען האָט אַזאַ חברהמאַן שוין אַהיימגענומען צום היימישן טיש, פאַרצושטעלן פאַרן ווייב און אַפּטמאַל איינציקע און איינזאַמע טאָכטער, וואָס האָט שטיל און צניעותדיק געשמייכלט און האָט שטילערהייט אין האַרצן געבענקט נאָך אַ אידישן בחור, ווייל די היימישע בחורים פונם שטעטל זיינען אַלע אַוועק מיט דער לאַנדס־אַרמיי... (גרעץ דערציילט אַז אַפילו אין כמעלניצקי׳ס אַרמיי, צווישן די בלוטיקע הײדעמאַקעס, האָבן געדינט אידן...)

אין דעם פּוילישן דרויסן האָט שוין געשמעקט מיט דעם אידעלן זייד פון פרילינג... עס האָט געשמעקט מיט פערדיש מיסט אין די שטאַלן, מיטן דיקן שטראָם פון פערדישער גרינער השתנה אויפן הויף, ביי ווענס הייסן און דיקן שוים עס פלעגן זיך אַוועקשטעלן אַלערליי גלאַנציק־פאַרביקע פליגן און אינסעקטן, אַזוי ווי קליינע, אַנגעצונדענע טראָפּנס מיט לעבעדיקן בראַנדז, וואָס אַן אומפאַרזיכטיקע האַנט האָט פאַרשפריצט. אין דער גרויסער וועלט זיינען ערשט פאַרגעקומען בלוטיקע שלאַכטן. אין די פרישע קברים האָבן געפוילט יונגע גופים. אָבער דער היימישער סאָד האָט געטאָן זיינס: די בוימער זיינען געוואָרן צאַרט פאַרצויגן מיט אַ נייער הויט. פּאָנקעס (קנאָספּן) זיינען געשוואָלן געוואָרן אַזוי ווי ניפּלען פון יונגע מיידלשע בריסטן. מיטן הימלעך־ווינטיקן שטראָם לופט האָט עס געשמעקט מיט קאָסמישער פרישקייט, וואָס האָט געגלעט דאָס פּנים פון פאַרחלשטן און באַליידיקטן מענטש... אויפן פעלד האָט מען געקענט זען ווי דער ברוינער אָגער שטעלט זיך פלוצלינג אָפּ ביי דער צאַרטער קאָבילע, הגם אַ גאַנץ יאָר מיידן זיי זיך גלייכגילטיק אויס. אָגער שטייט מיטן קאָפּ געבויגן ביי איר קאָפּ, לעקט איר מיט דער נאַסער צונג. עס איז ווי אײנער וואָלט זיך טיף צו־הערן צום לעבן וואָס שלאָגט אינם אַנדערנס גוף... די קעפּ פון ביידע חיות זיינען נידעריקע צו דער ערד געבויגן, אַזוי ווי אויספאָלגנדיק מיט טיפער הכנעה און געהאָרכזאַמקייט צו אַ קאָסמיש געזעץ, וואָס גייט דורך שיר־השירימדיק אין גאָר דעם לעבעדיקן לייב פון מענטש און חיה... צערט־לעכקייט צווישן אָגער און קאָבילע בלייבט אויף אייביק שטיין אין זכרון...

אויפן הויף זיינען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַן אימפּראָוויזירטער, גרויסער טיש פון ערשט־אָפּגעהובלעוועטע ברעטער און לאַנקע בענק. די פאַרזאַמלטע פויערן פון ווייטע און פון נאָענטע קאַנטן האָבן מיט זייערע שווערע שטי־וואַלעס געדעפּטשעט דאָס ערשט־אַרויסגעשפּראָצטע זייד־גראָז פון דער ווייכער, פרילינגדיק־צעשטראַלטער ערד, וואָס די זון האָט מיט דער מילך פון אירע גאָלדענע בריסטן גענערט און געצערטלט. עס האָט זיך צווישן די בוימער געהערט די קוקולקע מיט איר מאָנאָטאָנעם „קו־קו״ און שוין האָבן זיך באַוויזן דער באָטשאַן (שטאָרך) און דער האָלץ־פּיקער...

אויפן הילצערנעם טיש איז אָוועקגעשטעלט געוואָרן אַ גרויסער טינטער מיט טונקל־בלויע, זיידענע טינט און מיט אַ פּאָר רויטע סטאַלקעס, וועמענס פּענעס זיינען נאָך געווען העלע פון נאָך נישט גענוצטן, דינעם שטאָל. צוזאַמען מיט די פויערן איז געקומען דער איין־פוסיקער סאָלטעס פונם דאָרף סאָסנאָווו, מיט אַ שוואַרץ־פאַרקלעפּטן אויג ווי אַ פּיראַט, פון וועמענס מויל עס האָבן אַנטקעגנגעלויכטן דער זון צוויי שורות זילבערנע ציין.

עס האָבן זיך יחוס׳דיק אויסגעזעצט די עסטרייכישע באַאַמטע, אין זייערע העלע, בלויע קליידער. גלאַט געראָזירטע, מיט היפּשער עלעגאַנץ אין געשטאַלט און מאַניערן, ווי געוויינלעך אָפּיצערן און פאַרשטייער פון אַ פרעמדער מאַכט, וואָס קאָקעטירט מיט גבורה און וויל אויסנעמען ביים פּרוויענטום פון אַ באַזיגטן לאַנד מיט מענלעכן „שיק״... די זון האָט זיך דורשטיק אַ לאָז געטאָן צום פינצטערן טינטער און ביז וואַנזין־שיכרות געזשלאָקעט פון דער גאָלד־פּאַרטריפטער פלאַש מיט פינצטערן טינט...

די געשרייען און די געוואַלטענעס האָבן זיך אָנגעהויבן. פויערן האָבן זיך געאַמפּערט איבער די קאָלאָניעס וואָס מען האָט דאָ אויסגעליציטירט. רחבות׳דיקע קאָלאָניעס וועמענס דייטשע אייגנטימער האָבן זיך געפונען ערגעץ ווייט פאַרשיקטע אין טיפן ראַסיי. מען האָט געמאָסטן די וועליקעס און די מאָרגעס פעלדער. מען האָט אויסגערעכנט הייזער, סטאָדאָלעס (שייערן), שטאַלן און דעם גאַנצן אינוועטאַזש. מען האָט פאַרדונגען סעדער און שטיקער לאַנד און וועלדער פּאָר בחצי חנם. זילבערנע טייכן און סאַזשעלקעס מיט פיש האָבן אַרויסגעבלאָנקט פון די דערמאָנטע קאָלאָניעס.

אָבער, ווען די פויערן, וואָס האָבן זיך איינגעהאַנדלט די פּאַרמעגנס, האָבן זיך באַדאַרפט אונטערשרייבן אויף גרויסע, פּיל פאַרשריבענע בויגנס פּאַפּירן, איז געווען ביטער. גאָר ווייניק פּוילישע פויערן האָבן געוווּסט וואָס עס איז אַזוינס אַ צורה פון אַן אות. פויערן האָבן אויסגעטאָן קאַזשוכעס און קאַשולקעס. מען איז געבליבן שטיין אין בלויזע הויזן און העמדער, די צונגען האָבן נאָכגעהאַנגען אוממעכטיק איבער די אָפּענע, מיט געלער מאַכאָרקע פאַרקלעפּטע ליפּן ווי ביי הינט אין אַ גרויסער היץ, און מען האָט קוים מיט די אומגעוויינלעך ריזיקע הענט געקענט אָוועקשטעלן אַ קרייצעלע אויפן גרויסן שטיק פּאַפּיר. די הענט, די שווערע, פּויערישע הענט, צוגעוווינטע צום אַקער־אייזן און צו דער שאַרפער האַק, צו דער ווידלע און דער גראַבליע, האָבן אוממעכטיק געהאַלטן און געדריקט די סטאַלקע צווישן די פינגער אַזוי ווי אַ טייוולישן אינסטרומענט וואָס מען איז נישט אימשטאַנד צו באַהערשן... דער ערשט־געהובלעוועטער טיש איז געווען געדיכט פאַרגאָסן מיט טונקעלע טראָפּנס טינט וואָס האָבן זיך איינגעזויגן און איינגעגעסן אינ׳ם פרישן האָלץ און האָבן געשאַפן נאַטירלעכע מאַלע־

רייען. שטאַרקע, מעכטיקע כלאָפּעס האָבן זיך שווער געראַנגלט מיטן אות...
אויף די פּאַפּירן זיינען געבליבן שטיין שווערע, פויערישע צלמים, ווי די
ערשט־אַוועקגעשטעלטע הילצערנע קרייצן אויף פרישע מלחמה־קברים...
די עסטרייכישע באַאַמטע האָבן געלאַכט. פונדערווייטנס זיינען געשטאַנען
פּוילישע פרויען, די ווייבער און די טעכטער פון די פויערן, און געזען ווי
אַזוי זייערע מענער און טאַטעס האָרעווען נעבעך און זיי שוויצן איבערן
אַנשרייבן אַן אות...

דער גרויסער טאָג האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו דערנענטערן זיך צו
זיין אָנגעגליטן סוף. אויפן האָריזאָנט זיינען געשטאַנען די וועלדער אָנגעטאָן
אין גאָלד. עס איז אָפּגעטאָן געוואָרן אַ שטיק וויכטיקע אַרבעט: אַ סך
קאָלאָניעס זיינען פאַרקויפט געוואָרן יענעם טאָג. אַ ריזיקע שטיק זון האָט זיך
שווער געקאָלערט אויפן הימל צו מערב זייט צו ווי דער קאָ פּפון אַ געקוילעטן
אָקס. טינט־שוואַרצע, נעגערישע הענט פון דעם אַנקומענדיקן, סאַמעטענעם
אָוונט האָבן זי געקאָלערט איבערן הימלישן ליינוואַנט. אויפן הויף איז
געווען אָנגעשפּיגן און אָנגעכראַקעט מיט שטיקער געלע טיטון, מיט גאָל־
דענער מאַכאָרקע, וואָס די פויערן האָבן אין אויפרעגונג אויסגעשפּיגן. אויפן
טיש איז געבליבן שטיין דער גרויסער טינטער מיט טינט. ווען אַלע האָבן
זיך שוין גענומען צום פונאַנדערגיין זיך, גיי איך אין געהיים צו צום גרויסן,
טיפן טינטער מיט פינצטערן, בלויען ים טינט. איך נעם אין מיין קליינער
האַנט אַריין די גרויסע, רויטע סטאַלקע מיט דער ערשט־פּאַרפלעקטער, שטאָ־
לענער פּענע. די זון פאַרוואַנדלט דעם טינט אין אַ קליינעם אָקעאַן מיט
בלוט. איך פאַרשרייב עפּעס אַ גרויסן בויגן מיט פּאַפּיר. איך פאַרשמיר
זיינע בלויע ווירעס מיט דיקע שטיקער מאַסיווע אותיות. מיט וועלדער מיט
גאָלד־ליריק. מיט טייכן פּראָזע. איך שרייב ווילד און האַסטיק ווי מיט מיין
אייגענעם בלוט עפּעס אַ געוואַלטיקע אימפּראָוויזאַציע. איך ווייס קוים
וואָס איך שרייב. נאָר דאָס איז אַוודאי געווען דאָס ערשטע שטיק מאַסיווע
געשריפטס אין מיין לעבן. איך האָב צום ערשטן מאָל געטונקען די סטאַלקע
מיט די שאַרפע ליפּן פון דער פּענע אין דעם פינצטערן טינטער מיט טינט
און די גרויסע, ברייטע בלעטער זיינען צום ערשטן מאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן
אין געוואַלטיקע און פינצטערע שטיקער וועלדער מיט מאַנוסקריפּט. מיינע
הענט זיינען פאַרגאָסן געוואָרן מיט דיקע טראָפּנס טינט און זיי זיינען געווען
ווי איינגעוויקלט אין פינצטערע, סאַמעטענע הענטשקעס וואָס אַן אומ־
באַקאַנטער גייסט האָט מיר אָנגעטאָן. אַ קליינער, קינפּטיקער שרייבער איז
אין יענעם פאַרנאַכט — און שוין אַ שטיק אין דער פּויליש־דאָרפישער
נאַכט אַריין — געשטאַנען שריפטשטעלעריש־שיכור ביים גרויסן, טיפן טינטער
מיט חושכ׳דיקן־און־פייערדיקן טינט און האָט געשריבן זיין ערשטע שטיק

וווּלקאַניש־הייסע און מאַסיווע פּראָזע... אַ גרויס פייער האָט זיך דעמאָלט באַזעצט אין דעם אינגלס האַרצן...

* * *

די אידן פון די אַרומיקע שטעטלעך פלעגן אָפּדינגען ביי די פּויערים די סעדער. אויך די סעדער זיינען איצט געווען פרוכטבאַרע און פעטע. דיביימער זיינען געווען אָנגעטרונקען מיטן בלוט פון די צעשאָסענע און יונגע מענטשן, פון פערד, קי און חזירים. די פּערד, גילדערנע ווי פּעגאַזן, זיינען געפּאַלן מיט זייערע ריזיקע קאַרקעסעס אין דער ערד פון סאָד. די קאַרשן, די עפּל, די באַרנעס און די פלוימען זיינען געווען געשוואָלענע שיעור נישט ביז פּלאַצן. זיי זיינען אַרויסגעוואַקסן גרויסע און פולע און שווערע און זיי האָבן געצויגן צו דער ערד די צווייגן מיט זייער פיזישער און באַטעמטער שווערקייט. נאָך דער שלאַכט פון בלוט און פון טרערן פלעגן צוריק קומען פון די דרום־לענדער די פּוילישע פייגל און זיי פלעגן מיט עפּעס אַ געוואַלטיקן הונגער פּיקן די פּירות פון די שווער־באַלאָדענע צווייגן. עס איז געווען אַן אַלגעמיינע גבירה׳שע און מולטיקאַלירטע שפע. די אידן פון די שטעטלעך, די דורותדיקע סאַדאָווניקעס, האָבן שוין זינט אַ סך יאָרן נישט געהאַט און נישט געזען אַזאַ רייך גערעטעניש אין אויבסט. פילפּאַך האָט דער סאָד געצאָלט מיט זיין מעכטיקער שפע. יעדער איינציקער בוים האָט אַ קאָסמיש־פאַרכישופטער געצאָלט זיין בעל הבית מיט ריזיקע קערב מיט פּרוכטן, אַזוי ווי מיט זיסע, גאָלדענע רענדלעך און דוקאַטן.

אויסער דער פעטקייט פון פעלדער, וועלדער און סעדער, זיינען אין דער הייסער און שטיקנדיקער לופט געבוירן געוואָרן גאַנצע מחנות מיט פליגן, קאָמאַרעס, שרצים און אינסעקטן, וואָס האָבן ווילד געראַיעט אין דער לופט און אויף דער ערד, אויף די טייכן און איבער די זומפּן. גאַנצע וואָלקנס מיט שוואַרצע ראָבן מיט אָפּשרעקנדיקע און אָפענע שנאָבלען, גרייט אַלץ צו פאַרצוקן, האָבן מוראדיק געפלאַטערט איבערן אומפּריינטלעכן הימל, געקרייצט ווי אַרום צעפוילטע גופים, זיך אומגעשטערטע אַרונטער־געלאָזן איבער דער ערד, ווו קוים מיט אַ ביסל זאַמד און געלע ליים צוגע־שאַרטע, זיינען געלעגן די צעבראָכענע קנאָכנס פון מענטשן. די טינט־חושכ־דיקע ראָבן פלעגן מיט שטאַרקע, מיט אייזנפעסטע שנאָבלען אויפשאַרן דעם דינעם שיכט ערד און אויפפּיקן די געשוואָלענע בייכער פון פּגרים. פּוילישע וואָראַנע — זינט די גרינע טעג פון מיין פריער קינדהייט אַזוי מין ליב און היימיש, איז אַרויס פון דער וואַלד־טונקלעניש און האָט בלוטיק געזוכט און געבענטשטערט אין דער ערד. דאָס פעלד איז רייך מיט פוילנדיקן פלייש, אַ, באַקאַנטע וואָראַנע! דו האָסט פולע און קרעפטיקע שפע אין פּוילן איצט! די פּוילישע ערד האָט פאַר דיר פעטע שפּייז לרוב. דער טויט האָט

מיט זיין קאָסע דיר צוגעגרייט אַ ריזיקן שניט. קום צו נאָענט, וואָראָנע, צו מיין קליינעם פייער וואָס איך צינד איצט אָן אין פעלד צוזאַמען מיט אַנדערע אינגלעך פון מיין צאַרטן עלטער. שטעל זיך אַוועק נאָענט נעבן מיר. איך וויל דיך אַזוי שטאַרק אָנקוקן פון דער נאָענט. דיין טונקל־זיידענע בלויקייט איז מיר האַרציק־טייער. יוגנט־רעמיניסענס רינט ווי גאָלדענע טראָפּנס האָניק פון דיינע דיקע פליגל. מיין קינדהייט רינט וואַרם אויס פון דיינע פעדערן. טייערע ברודער און שוועסטער וואָראָנע, דו ביסט היימיש צוריקגעקומען צום אייגענעם דאָרפישן פעלד, וואָס האָט פאַר דיר צוגעגרייט אַ ראָסקאָשנע סעודה. דו האָסט אפשר נאָך קיינמאָל נישט אין דיין פיל טויזנטער יאָריקן לעבן אויף דעם אָרעמען, פוילישן פעלד נישט געהאַט אַזאַ רייכע און בלוטיקע שפע!...

* * *

באַלד ווי מיר זיינען צוריקגעקומען קיין סאָסנאָווו, האָב איך איינמאָל אין אַ זוניקן פרימאָרגן געזען ווי אַזוי די היימישע קינדער שפּילן זיך עפּעס זייער טומלדיק ביים וואַלדיקן וועג, אין דער טיפעניש פון אַ ראַווין. אַ טויטער קאָזאַק, נאָך אָנגעטאָן אין הויזן מיט רויטע פּאַסן און מיט אַ צעריסענע העמד אויף אַ צעכראַסטעטער ברוסט, וואָס איז שוין געווען צעפּיקט פון די שנאָבלען פון ראָבן, און מיט פאַרבלוטיקטע הענט, איז דאָ ברייט און פינצטער געלעגן. זיין פּנים איז געווען צעריבן און אָפּגעמעקט ווי דאָס קופּערנע פּנים פון אַ צעזאָר אויף אַ פאַרצייטישער מטבע. יאָ, דאָס איז דאָך געווען אַ מענטשלעך פּנים וואָס האָט ערשט נישט לאַנג צוריק נאָך באַזעסן פאָרם, אויסדרוק און שמייכל. עס האָט נאָך אויך געקענט וויינען, ווען עס איז געווען אין זיין האַרצן פינצטער ווי דער טויט. די צעריבענע ליפּן האָבן דאָך געקושט דאָס זייד פון אַ געליבטערס הייסע אַקסלען, וואָס האָבן געציטערט ביים געזעגענען זיך... זיינע ליפּן האָבן פאַרזוכט דעם אַראָמאַט פון אַ פרוי׳ס זיידענע בריסטן און דאָס זילבערנע צאַרטקייט פון אירע דין־און־לאַנגע מאַנאַ ליזישע הענט... די דאַזיקע טיפע לעכער פון אַ צעשמעטערט פּנים האָבן אַמאָל געהאַט זוניקע אויגן... זייערע שוואַרצאַפּלען האָבן פאַרן טויט אַוודאי אַריינגענומען די גרינע און ציטערנדיקע לאַנדשאַפט פון דער יוגנט. דער היימיש־צעשפּילטער גאָרטן האָט זיך פאַר אים צום לעצטן מאָל אָנטפּלעקט מיט אַלע מולטיקאָלירן און טונקעלע זון־פלעקן, ווי אַ לאַנדשאַפט פון סעזאַן אָדער פּיסאַראָ. דער דאָזיקער פאַרפוילטער מענטש, פון וועמענס פלייש די טינט־שוואַרצע קראָען האָבן אַרויסגעריסן גאַנצע שטיקער, האָט געזען ביי־נאַכט די לבנה און האָט זיך געבאָדן אין ים און האָט געלייענט פּאָעזיע...

איך בין געווען דער קליינער פּרינץ האַמלעט, נאָך פרע לייענען שעקס־פּירן... מיר האָבן אים מיט אייזערנע רידלעס ווי עס איז צונויפגעשאַרט

אַביסל גוטע ערד און מיר האָבן צוגעדעקט זיין אויסגעשטרעקטע פיגור, וואָס האָט געהאַט דעם שטאָלץ פון אַ מיטלאַלטערלעכן ריצערזש... עס האָט נאָר געפעלט די לאַנגע שווערט פון אייזן, ווי ביי די פּאַרצייטיש־פרעזער־ווירטע קברים אין מוזעאום.

— דאָ וועסטו שוין בלייבן ליגן, פּושקינס אָדער לערמאָנטאָווס קאָזאַק, אָן אַ לאַנגע אייזן־שווערט און אויך אָן אַ מצבה. ווינט און וועטער וועט זיין דיין מצבה. שוועבנדיקער וואָלקן וועט זיין דיין אָנדענק. דער שטורמיש־פאַלנדיקער שניי אין ווינטער־טעג וועט דיך דערמאָנען אין ווייטער, רוסי־שער לאַנדשאַפט פון דער גרינער קינדהייט. אַ מאָדנער גורל אַזאַ פון איינעם אַ רוסישן מענטש! פון די קליינע אינגלעך און מיידלעך פון דאָרף צו ווערן צוגעשאָרט אויף פרעמדער, פּוילישער ערד... אפשר זיינען דיינע קינדער אויך אַזוי קליין ווי מיר... און אפשר פאַרשאַרן זיי אויך אין זייער דאָרף אַ גערמאַנישן טאַטן, אַ געפאַלענעם אין דעם ווייטן רוסישן קאַנט...

די הינט פון דאָרף פלעגן יעדעס מאָל מיט זייערע פיס און מאָרדעס צעקאַפּען די דינע ערדישע שיכט און אויפדאַסניי אָפדעקן דעם אָרעמען קאָזאַק'ס צעשאָטענע ביינער און קנאָכנס. דער זון פון אַ גרויסן פאָלק, צאַלרייך ווי די שטערן אין הימל און ווי דאָס זאַמד פון דער ערד, וואָס האָט אָן צווייפל ערגעץ־ווו געהאַט אַ טאַטע־מאַמע, וואָס וועלן אייביק טרויערן נאָך אים; ער, וואָס האָט אַוודאי געהאַט אַ שטילע היים מיט אָן אידיליש־געפּאַרבטן גאָרטן — אַ קליינער אָקעאַן פון בלומען און בינען — איז אויך אַ סך מאָל געוועזן דאָ באַשערט צו זיין די מאָרבידע סעודה פאַר הינט און ראָבן, פאַר די הונגעריקע מייז און ראַצן און פאַר די אומשטערבלעכע, מיליאָנעניאָרן אַלטע ווערם פון פעלד...

ביסלעכוויין איז דער קאָזאַק דורכן הייסן זומער אָפּגעווישט געוואָרן פונם פּנים פון דער ערד...

* * *

אויפן הויף ווו מיר האָבן געוווינט האָט זיך חדשימלאַנג אַרומגעוואַלגערט אַ דייטשע קאַסקע, מיטן גערמאַניש־שטרענגן אָדלער אין מעטאַל. איך האָב אַ סך מאָל אויפגעהויבן די דייטשע קאַסקע, איך פלעג זי אָנמעסטן ווי אַן אַקטיאָר אויף מיין קעפּל. זי איז געווען שווער ווי אייזן און האָט אַזוי ווי אַראָפּגעשווערט מיין קאָפּ צו דער ערד און האָט פּאַראַליזירט מיינע געדאַנקען. איך פלעג צוריק אויסטאָן די קאַסקע און זי לאָזן ליגן אויפן זעלבן פּלאַץ, אינמיטן דעם צעגראָבענעם הויף. און קיינער האָט טאַקע די דייטשע קאַסקע נישט אָנגערירט און נישט באַזייטיקט פונם הויף... זי איז דאָרט געלעגן און געוועקט פּחד און אימה... זי האָט געדראָט די פּוילישע איינוואוינער. זי איז דאָרט געבליבן ווי אַ סימבאָל פון דעם ברוטאַלן דייטשן מיליטאַריזם.

דער קאָפּ וואָס האָט געטראָגן די דאָזיקע קאַסקע וועט אין איינעם אַ טאָג צוריקקומען קיין פּוילן און וועט מיט זיך ברענגען שלעכטע געדאַנקען און באַרבאַרישע מעשים... די פּוילישע ערד וועט אויפדאַסניי אויפציטערן און אויפשוידערן אונטער זייערע אייזערנע טריט. די דייטשע מערדער־אַרמיי וועט צוריקקומען און זי וועט שפּרייטן פייער און פאַרוויסטונג אויף פּוילישן לאַנד...

די דייטשע קאַסקע איז דאָרט, נעבן אונדזער הויז, לאַנג געלעגן און ווי אַ מוראדיקער צייכן פון גרויל און אומקום געוואָרנט גאַנץ פּוילן...

בלויז די ראָבן פלעגן צושטיין צו דער קאַסקע און מיט זייערע שנאָבלען פּיקן די פליגל פון דעם דייטשן אָדלער...

— קייזער ווילהעלמ׳ס קאַסקע! — האָבן זי מיט חוזק און מיט פאַראַכטונג גערופן די פּוילישע פּויערים...

* * *

די אָרעמיקע פּוילישע פּויערים פונם דערפל סאָסנאָוו האָבן זיך נישט באַמיט אָפּצוהיטן דאָס האָב־און־גוטס פון די דייטשע אייגנטימער, די פאַר־טריבענע קאָלאָניסטן. האָלץ איז אין מלחמה־צייט געווען טייער. פלעגן די פּויערים רייסן שטיקער פון די שטאַלן און די שייערן. זיי האָבן ווויל גע־ווּסט אַז יעדן טאָג קענען צוריקקומען די דייטשע קאָלאָניסטן. אַלע הייזער און געביידעס זיינען ביסלעכוויז חרוב געוואָרן. אין די פאַרוואָרלאָזטע וווינונ־גען פלעגט אַריינשנייען און אַריינרעגענען. קיינער האָט זיך נישט באַמיט צו פאַרלאַטען די לעכער פון פּולאָפּ, די ווונדן פון די ווענט...

די פּוילישע פּויערים פלעגן אויך צעשטערן דייטשע קונסטווערק און קולטור. די דייטשן האָבן פאַרן פאַרלאָזן זייערע קאָלאָניעס אַרויסגעטראָגן אויף די בוידעמער זייערע ביבליאָטעקן און אַנטיקן. זיי האָבן איינגעוויקלט אין טעפּיכער און אין קאָלדרעס זייערע גערמאַנישע מאַדאָנעס, זייערע סקולפּטורן און גאָלד־געראַמטע מאָלערייען און פאָרטרעטן פון זייערע עלטערן. דאָס אַלץ פלעגט ווערן ציניש געשענדעט און פאַרניכטעט. מיט העק פלעגן די פּויערים אַראָפּהאַקן די קעפּ פון די מאַדאָנעס, צעשמעטערן זייערע מאַר־מאָרנע בריסטן, צעברעכן זייערע הענט און פיס. זיי פלעגן אָפּטאָן מענטש־לעכע באַדערפענישן אויף די מאָלערייען און גאָבעלינען. אין די דאָזיקע מעשים פלעגן זיי אויסדריקן זייער דורות־אַלטע שנאה צו די דייטשן.

די פּויערים פלעגן אַרויסרייסן די זיידענע בלעטער פון די דייטשע קלאַסיקער־ביכער און זיי מערסטנס באַנוצן פאַר אשר־יצר־פּאַפּיר און מען פלעגט מיט זיי שפּייזן ווינטערצייט דאָס תמיד־הונגעריקע פייער פונם אויוון. אין די קאַמינס פון פּויערישע הייזער האָב איך געזען ווי עס ברענען די בליציקע פּנימער פון געטע, שיללער און פון היינע. לעסינג, בורגער און

קלאָפּשטאָק פלעגן אַרויסמאָנען פון די פלאַמען. די אײדלסטע דײטשע לירײקער װי העלדערלין, נאָװאַליס און װיעלאַנד פלעגן באַנוצט װערן אַנצוהײצן פויערישע כאַטעס. עס האָבן זיך געסמאַליעט אַ סך רעליגיעזע װערק — מאַרטין לוטערס ביבלס און דיקע געבעט־ביכער. איך געדענק זײערע פײנע האַלץ־שניטן און דורער־גראַװיורן... גאַנצע דײטשע ביבליאָטעקן זײנען אַװעק מיטן פײער אין די אױװנס פון פױלן...

יאָ, דאָס װאָס עס געהערט צו יענעם, דאָס װאָס אַנדערע פעלקער האָבן מיט מי און מאַטעריעל געשאַפן און אױפגעשטעלט, מוז חרוב װערן, מוז פאַרברענט װערן, מוז אָפּגעמעקט װערן פון דער ערד...

דערין זײנען די דײטשן אַלײן געװען גרױסע מײסטערס. נאָך פון די צײטן פון אַלטן רױם, װען דער היסטאָריקער טאַציטוס האָט זײ גרינטלעך באַשריבן, האָבן זײ זיך אױסגעצײכנט אין גרינטלעכער פאַרניכטונג. אָבער װעלכעס פאָלק אין דער געשיכטע האָט באַװיזן אַזאַ שװידערלעכע לעקציע פון װעלט־פאַרניכטונג װי די נאַציס אין דער צװײטער װעלט־מלחמה, אין די שחיטות אױף אידן?!... דער אוראַלטער, הערלעכער מחבר פון „ספר משלי״ האָט װעגן זײ געזאָגט אין אַ געװנג מעכטיק־קלאָרן לשון:

„... עס איז דאָ אַ דור װאָס זײערע צײן זײנען שװערטן און זײערע באַקצײנער — מעסערס, כדי צו פאַרצערן די אָרעמע פון דעם לאַנד און די באַדערפטיקע פון די מענטשן״...

בײ אונדז אין דער הײם זײנען געשװינט געװאָרן דײטשע ביכער. מײן טאַטע פלעגט אַפילו אַהײמברענגען שמות פון צעריסענע ביכער, װאָס פלעגן זיך אַרומװאַלגערן אין װאַלד און פעלד, און ער פלעגט זײ אָפּהיטן. ער פלעגט פון ברענענדיקע אױװנס, אין די הײזער פון פױלישע פױערים, אַרױסרײסן שױן אָפּגעסמאַליעטע דײטשע בענדער און איבער זײ פאַרלעשן דאָס פײער. װאַנדאַליזם און צעשטערונג פון יענעמ׳ס האָב און גוטס האָט אים תמיד מוראדיק װײ געטאָן.

איך האָב זיך אױסגעלערנט צו לײענען די דײטשע שפּראַך און פאַר מײנע עלטערן פאַרגעלײענט װיעלאַנדס און שאַמיסאָס לידער, בורגערס באַלאַדעס, העלדערלינס פּאָעזיעס, שילערס פרײהײטס־פּאָעמען און דראַמעס פון געטע; קלאָפּשטאָק׳ס „משיח״ און די פאַנטאַסטישע מעשות פון ט. ס. האָפמאַן און מאָמזענס געשיכטע פון רױם. איך פלעג װײזן מײנע עלטערן די מאַפּעס פון ירושלים. מיר האָבן אַװדאי אױך אָפּגעהיטן אַ היפּשע צאָל אַנטיסעמיטישע ביכער, קריטיקן אױף דעם תנך און אַלערלײ װערק װאָס האָבן זינט יאָרהונדערטער גענערט די גערמאַנישע שנאה אַנטקעגן די אידן. מיר האָבן אָפּגעהיטן פון צעשטערונג דײטשע ביבליאָטעקן און קונסט־װערק.

מיין טאַטע איז געווען דער אײנציקער מענטש וואָס האָט געשוינט דייטש'ס האָב און גוטס מיט עפּעס אַ פאַנאַטישער קרבנות־גרייטקייט. ער האָט זיך איינגעשפּאַרט אַז ער מוז כאַפּן ביי דער האַנט די פּויערים וועלכע רייסן די דעכער און צעשלעפּן טיר און פענצטער פון די דאָרפישע הייזער. ער פלעגט עפּעס אומבאַוווסטזיניק זיך קרוינען פאַרן וועכטער פון די פאַר־לאָזענע קאָלאָניעס. אַלץ וואָס איז געווען שלימזלדיק, איז געווען זיין פליכט אַדורכצופירן. ער איז געווען דער מאָדערנער דאָן קיכאָט. גאַנצע נעכט פלעגט מיין פאָטער וואַך זיין צוזאַמען מיט מיין ברודער דוד. איך געדענק נאָך גוט די דאָזיקע פינצטערע נעכט פון שניי, פון רעגן, פון האָגל און זאַווערוכע. דעם געוואַלטיקן פּחד וואָס איז געהאָנגען אין דער לופט פון אַ דאָרף אין פוילן. בישט נאָר איז געווען די סכנה צו וווינען אַלס איד צווישן פוילישע כלבים מיט זייערע אַנטיסעמיטישע הינט, אָנגעררייצטע אויף אידן. נייערט מיין טאַטע האָט נאָך געצויגן אויף זיך אַ ספּעציעלע שנאה צוליב זיין ווערן דער וועכטער פון פאַרהאַסטע דייטשע פאַרמעגנס.

ווי נאָר מיר פלעגן דערהערן דעם מינדעסטן טומל אין דרויסן, און ווי נאָר אונדזער שוואַרצער הונט ראָזעטקאַ פלעגט אָנפאַנגען אימה'דיק צו האַווקען אין דער נאַכט און זיך וואַרפן אויף דער אייזערנער קייט, פלעגן ביידע, מיין טאַטע און מיין עלטערער ברודער דוד אַרויסגיין אין דער מורא־דיקער פינצטערניש פון דער פּוילישער נאַכט מיט העק אין די הענט און זוכן די פאַרוויסטער און שענדער פון'ם דייטשן פאַרמעגן. אָפט זיינען מיין פאָטער און ברודער דוד געווען אין גרויס געפאַר. די פּויערים זיינען גרייט געווען זיי צו דערהרגענען. מערדער און רויבער האָבן געוואָלט פאַרניכטן אידיש געוויסן און אידישע גערעכטיקייט. מיין פאָטער איז געווען אַ שטע־רונג צו זייער משוגענער פּלינדערונג. עס איז גאָרנישט צו פאַרשטיין ווי אַזוי אַ קראַנקער, אָרעמער און הילפלאָזער איד, אָן געווער, האָט זיך גאָר געוואָגט צו נעמען צו אַזאַ מין אומדאַנקבאַרע ראָלע. מיין פאָטער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן קיין חורבן. ער האָט תמיד ליב געהאַט צו פאַריכטן, אויפצובויען, צו רעכט צו מאַכן און צו היילן. צעשטערונג און פאַרניכטונג האָט אים פיזיש וויי געטאָן. טאָג און נאַכט פלעגט ער קלאַפּן טשוועקעס אין די הייזער פון דאָרף. ער האָט פאַרנוצט גאַנצע קאַסטענס מיט אייזערנע טשוועקעס, וואָס האָבן אים אָפּגעקאָסט אַ פאַרמעגן. מיט די טשוועקעס האָט ער געשטאַרקט אַ סך ווענט פון הייזער, וואָס האָבן געהאַלטן ביים צעפאַלן. די פוילישע באַפעלקערונג איז אָבער כסדר, זינט דורות, געוווינט געווען צו פאַרניכטונג. עס איז געווען מיין פאָטערס אַ פאַנטאַסטישער און פאַר־שפּילטער קאַמף. יאָ, מיין פאָטער פלעגט כסדר מיט ברעטער און מיט לייסטן פאַרקלאַפּן די לעכער פון די הייזער. ער האָט געקעמפט מיט ווינט און מיט שרפה. ער האָט ממש צורעכט געמאַכט דעם אוניווערס. ער האָט

פאַרלאַטעט די בלוטיקע ווונדן פונם וועלטאַל. ער האָט געהאַט די געוואַגטע און מאָדנע אַמביציע צוריק אויפצושטעלן דערפער, שטעט און לענדער. ער האָט אויך געפּרוווט היילן די וועלדער אַרום. ביידע, מיין פאָטער און מיין ברודער דוד, פלעגן מיט צוואַנגען אַרויסציען די קוילן פון דער קאָרע פון די בוימער. מיין פאָטער איז געווען אַ באַרמהאַרציקער און מענטשלעכער רופא צו טויזנטער בוימער. ער האָט אַזוי ווי אַ דאָקטאָר, וואָס טראָגט יעדער רגע גאָט אין זיין רחמנותדיקן האַרצן צו גאָר די ליידנדיקע פון דער ערד, פאַרבאַנדאַזשירט די ווונדן פון וואַלד. ער האָט ממש מיט די ליפּן און מיטן האַרץ געוואַרעמט פּוילישע בוימער פון פאַרניכטונג, זיי קישנדיק די ווונדן פון די קוילן און אַריינהויכנדיק אין זיי וואַרעמען, מענטשלעכן אָטעם און מענטשלעך לעבן. ער האָט מיט די אייגענע הענט זיינע און מיט די הענט פון די פאַרשקלאַפטע ווייב און קינדער אויסגעקערט וועלדער און זיי גע־רייניקט פונם שעדלעכן מלחמה־איבערבלייבעכץ. ער האָט מיט עקשנות אַרויסגעריסן די שטיקער קופּער, אייזן, מעשוואַרג און שטאָל פון וואַלדישע וועגן און שטעגן. ער האָט געריייניקט און אויסגעקעמט מיט אייזערנע קאַמען וואַלדיקן שטח פון צעריסענעם גראַנאַט און צעשפּריצטן שראַפּנעל. איינער אַן איינזאַמער און ביזאַרער איד האָט מיט אַ מעכטיקן רחמנות און געפּירט פון עפּעס אַן אומבאַוווסטן אימפּעט און עקשנות געריייניקט פּוילישן וואַלד און פּוילישע לאַנקע־און־לאַנדשאַפט, כדי זי זאָל ווידער וואַקסן, בליען און לעבן איר גרויסן, ערדישן נאַטור־לעבן. —

* * *

עס איז ווידער געקומען דער פרילינג איבערן פּנים פונם פּוילישן לאַנד. און כמעט ביים סוף פונם זומער, ווען אַלץ איז שוין געווען צייטיק און רייף אויף די פעלדער און אין די פּעטע סעדער, זיינען איינמאָל פּלוצלינג אין אַ רעגנדיקער נאַכט פון שטורעם און פייערדיקע בליצן צוריקגעקומען די דייטשע קאָלאָניסטן קיין סאָסנאָווו. צוריקגעקומען זיינען מערסטנס די יינ־גערע דייטשע זין און טעכטער, בשעת די אַלטע לייט זיינען אַלע אויסגע־שטאָרבן אין רוסלאַנד, אין די יאָרן פון הונגער און טיפוס, זיך שלעפּנדיק מיט די מיליטערישע אָבאָזן. אַ סך פון די זיידעס און די טאַטעס, פון די באָבעס און די מאַמעס, זיינען אויסגעשטאָרבן פון הונגער און פון דאָרשט, פון קעלט און פון קראַנקהייטן, פון לייז און פון ווערם און פון די צרות פון זייער מוראדיקער עלטער אין אַ ווייטן און ברוטאַלן לאַנד, וואָס האָט מיט אַ הונדערט יאָר צוריק אויפגעגעסן באַנאַפּאַרטעס האַלב־מיליאָניקער גראַנד־אַרמיי... און וואָס וועט אין עטלעכע דעקאַדעס שפּעטער אויפגרי־זשן די לויזיקע ביינער פון היטלערס אַרמייען... אויך אַ סך יינגע קינדער און ניי־געבוירענע זיינען פאַרניכטעט געוואָרן אויף די וועגן פון גרויסן רוסלאַנד. די צוריקגעקומענע דייטשן זיינען געווען אויסגעדאַרטע, אָפּגע־

ריסענע, פאַרלייזיקטע, איינגעהילטע אין שמאַטעדיקע בגדים און האַלב־קראַנקע. אַוועקגעפאָרן זיינען זיי אין אַ בליענדיקן צושטאַנד און צוריקגעקומען זיינען זיי עלנטע און צעבראָכענע. זיי האָבן אויסגעזען ווי אַ מחנה צעפייניקטע אידן. די ליידן און גרויזאַמע איבערלעבענישן האָבן די פאַר־ביסענע און יונקערישע דייטשן פאַרוואַנדלט אין קראַנקע אידן. אַ סך פּנימער פון נאָך גאָר יינגע דייטשן האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט יוגענט און עלטער צוזאַמען. ביי איינעם איז איין אויג געווען אויסגעלאָשן ווי די נאַכט און דער טויט. אַ צווייטע אויג פון זעלבן פּנים האָט געבליצט מיט פלאַמען. איין האַלב פּנים איז געווען באַדעקט מיט אייזיקן שניי. דאָס צווייטע האַלבע פּנים איז געווען אַרומגענומען מיט פייער. איך האָב אין שפּעטערדיקע יאָרן געזען און געלייענט אין דאַנטע אַליגיערי׳ס „גיהנום״ ווי אַזוי די מענטשן וואָס זיינען באַגראָבן אין פינצטערע טאָלן פון יסורים, זעען אויס... די ליידן און די איבערלעבענישן האָבן פאַר אַלע ראָסן איין פינצטערע פאַרב פון עלנט און מיזערע. אָבער נישט אַלע פעלקער זיינען גרייט צו לערנען די גרויסע לעקציע פון מענטשלעכקייט אין ביטערע יסורים...

די דייטשן האָבן דערוואַרט די קאַלאַניעס אין אַ טרויעריקן צושטאַנד. די צייטווייליקע אַרענדאַרן האָבן זיי אויפגענומען מיט אָפענער שנאה און מיט גראָבער פאַראַכטונג. מען האָט זיי קוים אָפּגעגעבן צו איינצעלנע, חרוב־דיקע שטיבלעך אין זייערע אַמאָליקע אייגענע, געררוימע הייזער. די הייזער זיינען אגב געווען פאַרנומען נישט נאָר פון אַזוי גערופענע לעגאַלע אַרענ־דאַרן, נאָר אויך פון אַן ערב רב פון אַנגעלאָפענע פעלקער. עס זיינען אין דאָרף אויך געווען קאַצאַפּן פון טיף ראַסיי. איך געדענק שוין אייגנטלעך נישט ווי אַזוי די דאָזיקע קאַצאַפּן האָבן זיך דערנומען קיין פוילן. ווייזט אויס אַז די דייטשע אַרמייען האָבן זיי געבראַכט מיט זיך פון די באַלטישע קעגענטן. זייער עלנט איז נישט מעגלעך צו באַשרייבן. דער היימישער, דאָרפישער צעמענטאַזש, וואָס איז תמיד געווען ראַסנריין, אין וועמענס אָפּגעהיטענע און אַרומגעפּוצטע קברים עס זיינען בלויז געלעגן די ביינער פון פרייסישע מענטשן, איז איצט באַפעלקערט געוואָרן מיט אַ צאָל זין און טעכטער פון פרעמדע, אומבאַקאַנטע ראַסן. די שטערבלעכקייט צווישן די קאַצאַפּישע קינ־דער איז געווען אַן אומגעהויערע. הונגער, טיפוס און טויט האָבן געשלאָסן אַ געטרייען, פייערלעכן און הייליקן אָפּמאַך...

דער אַלטער קאַלאַניסט פּוד איז געשטאָרבן אין רוסלאַנד. מען האָט אים באַגראָבן ערגעץ אינמיטן וועג, אויף אַ פעלד. פון זיין גרויסער פאַ־מיליע האָבן זיך איצט צוריקגעקערט בלויז אַ זון און אַ טאָכטער. די איבע־ריקע ברידער און שוועסטער זייערע זיינען אומגעקומען אין די רוסישע פרעסט און שנייען. די בלאָנדע הענטשכען איז געווען צווישן די לעבנס־געבליבענע. דורך דער צייט איז זי געוואָרן פולער, פרוילעכער און רונדער.

איר פנימל איז געווען אויסגעבלייכט, אָבער אויך שטראַלנדיק מיט שיינ־קייט און מיט יוגענט. איר קעפל מיט האָר איז געווען אַ געדיכטע כוואַליע מיט דיקן גאָלד. די אויגן האָבן געלויכטן לעבעדיקע און צאַרטע, מיט אַן אויסדרוק פון מיידעלשער דערוואַכונג און פרויאישער בענקשאַפט. עפּעס איז שוין מיט איר געהאַט פּאַרגעקומען...

איך האָב זיך היימלעך דערפרייט ביים ווידערבאַקעגענען די ליבע הענטשכעך. באַלד דעם ערשטן טאָג האָב איך איר געוויזן די מערסטע חרוב־געוואָרענע און אָפּגעשרפה׳טע קאַלאַניעס. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן יעדער קבר אין פעלד. זי האָט געדולדיק באַטראַכט יעדער ליימיקן בערגל און הילצערנע מצבה. זי האָט געלייענט די אויפשריפטן אויף די מצבות אַזוי ווי בלעטער פון אַ נאָוועלע. אין די דאָזיקע נעמען פון טויט איז געווען אָנגעשריבן די געשיכטע פון די לעצטע עטלעכע יאָרן. דער מין מענטש באַצאָלט פאַר אַלע געשעענישן פון דער וועלט מיט זיין אייגענעם לעבן. נישט מיט גאָלד און ניט מיט זילבער צאָלט דער מענטש, נייערט מיט זיין טויט. זיין יעדער ערענסטע אַוואַנטיורע קאָסט אים דאָס וואַרעמע בלוט פון זיינע אַרטעריעס. וואָס דער מענטש נעמט נאָר אונטער אויסצופירן אונטער גאָט׳ס שטערן, פאַר דעם באַצאָלט ער מיטן טויט. דאָס איז זיין גזר. און דאָ, אויף די נאַקעטיקע פעלדער און אָפּגעברענטע לאַנקעס, ווי נאָך אַ מורא־דיקער ערדציטערניש, נישט אין געשריבענע וואָלומס, נאָר אין די אויפ־שריפטן אויף די ברעטלדיקע מצבות איז געווען פאַרשריבן די שטורעמדיקע עפּיק פון די מענטשן צווישן די יאָרן 1914 און 1918. און איינע אַ קליינע דייטשע מיידל הענטשכעך, ווי אַ משוגענע מאַדאָנע פון שאָנגאַוער, האָט צוזאַמען מיט מיר געלייענט די דאָזיקע עפּיק. זי איז געווען טרויעריק. אָפּטמאָל האָבן אירע אויגן געגאָסן געדיכטע מיט טרערן. איך פלעג איר אין אַזעלכע מאָמענטן צאַרט אַרומנעמען און איר קישן און האַלדזן. אָפט פלעגן מיר זיצן צוזאַמען איבער דעם בערגל פון אַ קבר און צוזאַמען קוקן ווי אַזוי די אומגעהויערע און אייביקע זון גייט אונטער, צינדט אָן די וואָלקנס אַזוי ווי ריזיקע זעגלען און אויפן פלאַט פון די וואָלקנדיקע שיפן זעגלט זי אַוועק צום ברעג פון אַן אַנדערן קאָנטינענט. און שווער פאַלט צו די נאַכט צו דער ערד, אַזוי ווי אַ פינצטערע כמאַרע פון אייזן און שטאָל, מוראַדיק און פלוצ־לינג דעקט זי איין אונדזער שטיק פאַרבלוטיקטע ערד...

בגנבה פלעג איך צו הענטשכען ברענגען פרוכטן פון אונדזער סאָד. זי איז געווען הונגעריק. זי פלעגט אַזאַ מוראַדיק־אויסגעהונגערטע כאַפּן די פרוכטן אין די הענט, זיך איינבייסן אין די בעקלעך פון די צייטיקע עפּל און באַרנעס און פלוימען מיט אירע ייִנגע ציינדלעך. דער זאַפט איז גערונען איבער אירע ליפּן, איבער איר גאָלדענעם מויל ווי זאַפטיקער און פינק־לענדיקער וויין פון בעכערס. איך האָב איר אויך געבראַכט שטיקער ברויט

מיט פוטער און מיט קעז, און אַפילו מילך און וויין. איך האָב ליב געהאַט דאָס דאָזיקע שטילע מיידל מיט אומבאַקאַנטע געפילן פון אַן ערשטער, קינ־דערישער ליבשאַפט. מיר זיינען ביידע געווען קינדער פון דער מוראַדיקער מלחמה, קינדער פון מענטשלעך־חיה'שער רציחה און גרויזאַמקייט. ביידע האָבן מיר דאָך נישט געוווסט פאַרוואָס דאָס אַלץ קומט פאָר אויף אַזאַ שרעקלעכן אופן. פאַרוואָס די מענטשן שעכטן זיך קעגנזייטיק אויס. פאַרוואָס אויף די פעלדער גיסט זיך טייכנווייז און פאַלט וואָלקנבראָכיק אַזוי פיל מענטשלעך בלוט. פאַרוואָס וואַנזיניקער מענטש פאַרמעסט זיך אַנטקעגן זיין ברודער מענטש אין אַזאַ פאַרביסענער און רציחה'דיקער שלאַכט...

* * *

איינמאָל, גייענדיק איבערן פעלד מיט דער ליבער הענטשכען איבם העלן מאַרגנדיקן ליכט, זיינען מיר אומבאַמערקט צוגעקומען צו אַ גרוב. אַ פינצטערער הונט האָט מיט זיין לאַנגער און פייכטער צונג געלעקט דעם שמוץ פון אַ פורפורענעם שאַרבן. הענטשכען האָט געפּרווט אַוועקיאָגן דעם שוואַרצן און קודלאַטן הונט, וואָס האָט אַזוי ווי אַ פאַרשאַלטענער און משו־געענער געהאַווקעט און אַלץ נישט געוואָלט אָפּלאָזן זיין „קרבן". דער הונט האָט אונדז ביידע אָנגעקוקט מיט צוויי גרויסע, טרערנפולע אויגן, אַזוי ווי ער וואָלט אונדז וועלן זאָגן:

— פאַרוואָס, מענטשן איר, טרייבט איר מיך אַוועק פון מיין מ'שטיינס געזאָגטער רויב? איך בין חיה'ש־הונגעריק!

הענטשכען האָט זיך אַראָפּגעבויגן צו דער טרויעריקער ערד. זי האָט מיט איר קליינער האַנט אויפגעהויבן דעם פורפורענעם שאַרבן, וואָס האָט ווי געשיינט נאָך מיט זיינע אַמאָליקע קעניגלעכע מחשבות... זי האָט אים פעסט געהאַלטן אין אירע בלייכע, דינע און קינדישע פינגער... דער שאַרבן האָט אפשר טיף געדאַנקט הענטשכען פאַרן וואַרעמען באַרירן אים מיט דער צערטלעכקייט פון ווייבלעכע פינגער... זיין אייגנטימער האָט אַוודאי געוואַכט איבער אונדז אין דעם מאָמענט, אין דער דורכזיכטיקער לופט, אַזוי ווי אַ פייערדיקער גייסט, און אין מאָמענט ווען הענטשכען האָט אָנגע־רירט מיט אירע צאַרטע פינגער דעם שאַרבן, האָבן זיינע אויגן־לעכער אויסגעבראָכן אין אַ שטראָם מיט הייסע טרערן און פון זיין האַלדז איז גע־גאַנגען אַ געשריי פון ווייטיק און מענטשלעכער דאַנקבאַרקייט צו אַ קליינער, שטערבלעכער פרוי... באַלד האָב איך אויך געהערט און פאַרנומען זיין האַרצרייסנדיקן יאָמערן, וואָס איז געקומען פון דער הויך, איבער אונדזערע געבויגענע פלייצעס...

אין ליכט פון דער זון האָט די ליבע הענטשכען געהאַלטן אין אירע דינע, איידעלע הענטלעך דעם שאַרבן, וואָס איז געווען צעריסן פון שראַפּ־נעלן און צעשפּאָלטן פון דעם בליץ פון מענטשלעכע געווער און ווידער

צונויפגעקלעפּט פון זיין אייגענעם בלוט. צו וועמען האָט געקענט געהערן דער דאָזיקער שאַרבן? מיר האָבן ביידע זיך געפּרוווט פאָרשטעלן דעם ייִנגען, אומבאַקאַנטן מענטש. אפשר פון אַ פּויערישן זון פון ווייטן און גרויסן רוסלאַנד, פון דער קעגנט פון וואַנען עס איז אויפגעשטאַנען דער פּאָעט סערגיי יעסענין, וואָס האָט זיך שפּעטער מיט יאָרן טיף פאַרנייגט פאַרן אָפּגעשניטענעם קאָפּ פון אַ היימישע קו אויף אַ שטאַטישן שילד איבער אַ יאַטקע־טיר... (און פון דעם קאָפּ האָבן נאָך געשטראָמט הייסע טראָפּנס בלוט איבער די קעפּ פון די קונים...) אָדער געהערט דער שאַרבן צו אַ ייִנגען סטודענט פון אַ פאָרשטאָט אין בערלין? ער האָט אַוודאי געשריבן נאָך צאַרטע, אינגלערישע בריוו אַהיים צו טאַטע־מאַמע און צום ייִנגסטן שוועסטערל. ער האָט געגריסט זיין מיידל מיט דעם פלאָם פון איר כלה׳שער יוגנט אויף איר גאָלד־געמאָלטן פּנים. ער האָט איר געשיקט צעשאָסענע בלומען, וואָס ער האָט מיט ציטערנדיקע הענט, פאַרברענטע פון דעם העלישן פייער פון שלאַכטן, געריסן פון שוין צעשטערטע און אָפּגעזונקטע לאַנקעס, וואָס זיינען אין באַגינען, ערב די שלאַכטן, נאָך געווען פייכטע פון דער היימי־שער, קילער ראָסע... און שרייבנדיק זיינע בריוו אַהיים מיט דער בליי־פעדער, אין אָוונט, נאָך דער בלוטיקער באַטאַיל, ווען די אַנדערע ברידער־סאָלדאַטן זיינען געבליבן פאַרזונקענע אין אַ טיפן שלאָף, ענלעך צום טויט, אַזוי ווי זייערע געהרגעטע חברים אין די פאַרשאָלטענע אָקאָפּעס, איז ער איינמאָל אין אַזאַ בלוטיקער מלחמהדיקער סצענע געפאַלן, געפאַלן צוליב גאָרנישט, בלויז זיך האַבנדיק צעריסן די ברוסט, בלויז אָפּשטראָמענדיק אין אַ דיקער ריטשקע בלוט, וואָס האָט פעט אַנגעטרונקען דאָס פרעמדע שטיק פעלד, אויף וועלכן זיין מאַמע האָט אים נישט געבוירן, נאָר וווּ ער האָט געפונען זיין טויט... און דער דאָזיקער סטודענט וואָס האָט געלייענט גאָר די ליבעס־בריוו פון דער וועלט־פּאָעזיע, האָט קיינמאָל נישט געקושט קיין מיידל אין זיין קורצן לעבן. אַפילו זיך נישט געוואַגט צו קושן מיט זיין כלה ביים געזעגענען זיך... צום ערשטן מאָל האָט איצט אַ פרעמדע מיידל, הענטשכען, געגלעט און געצערטלט מיט אירע ווייכע, ליבלעכע הענט זיין אויסגעטרוקנטן שאַרבן, אונטער וועלכן עס איז געווען אַמאָל אַ מענלעכער סיסטעם פון געהירן און די דאָזיקע יונגע געהירן האָבן געחלומט פון היים, פון טאַטע־מאַמע, פון אַ היימישן פעלד און גאָרטן און פון אַ מיידל, פונקט אַזאַ מין גאָלדיק־האָריקע ווי הענטשכען אָדער ווי טאַטיאַנאַ...

דער מחבר פון די שורות איז נישט שולדיק וואָס ער האָט שפּעטער מיט יאָרן געלייענט אַן ענלעכע סצענע ביים קייסער פון די דראַמאַטישע דיכטער, אין זיין אומשטערבלעכן „פּרינץ פון דענעמאַרק״. דער שרייבער איז אסור דאָ באַגאַנגען דאָס פאַרברעכן פון פּלאַגיאַט. גיכער שיינט עס צו זיין

אַ פאַקט אַז דער גראַנדיעזער שעקספּיר, מיט זיין מעכטיקן געניוס, האָט געצייכנט אַ סצענע אויפן בית עולם וואָס חזרט זיך צום באַדויערן איבער אין אַלע צייטן, ערב און נאָך דעם סטראַטפאָרדער דענקער. די געשיכטע פון דער מענטשהייט אימיטירט די געניאַלע דראַמעס... עס איז זי, די טראַגישע מענטשלעכע געשיכטע, וואָס קען גיכער באַשולדיקט ווערן אין אימיטאַציע, אין פּלאַגיאַט...

* * *

איך האָב ליב געהאַט העכסטע מיטן יוגנטלעכן פייער פון מיין האַרץ. אַוודאי איז נאָך דעמאָלט נישט געווען דאָס וואָרט. עס איז נאָך אויף מיין גומען נישט געווען דאָס רייכע, עלאָקווענטע און פּאָעטישע לשון פון ליד. עס האָט נאָך געפעלט אויף דער אינגלישער צונג די באַטעמטע שפּראַך פון שיר השירים. איך האָב נאָך מיטן טייוולישפאַרשווענדערישן כוח פון וואָרט נישט געפּרואווט פאַרלייגן די מעכטיקע נעץ פון ליבע-פּראָפּאַגאַנדע פאַר דעם האַרצנס אויסדערוויילטער דולציניע... דאָס לשון איז ערשט געקומען שפּעטער, אַ סך יאָרן שפּעטער, ווען נייע העכסטע זיינען וווּנדערלעך אויפגעשטאַנען, כדי באַגריסט צו ווערן פונעם דיכטער... די גערמאַנישע העכסטע, מיטן פּנים פון אַ מיטלאַלטערלעכער מאַדאָנע, וואָס זיצט אַן איינזאַמע אין וואַלד און האַלט אויף אירע קניעס אַ קינד — אַ זייער אַלטן, קראַנקן און צעבראָכענעם איד, וואָס טראָגט שוין קינדישערהייט דעם מורא-דיקן טויט אין זיינע אַלט-געוואָרענע גלידער און אין וועמענס ביינער עס איז מער נישט פאַראַן קיין כוח אויפצושטיין תחית המתים — די דאָזיקע העכסטע איז נאָך געווען קינד אַליין. יאָ, דאָס איז בלויז געווען קינדישע ליבע. אינטימע פריינטשאַפט, אַרויסגעוואַקסן אויפן פעלד פון בלוטיקע מענטשלעכע שאַרבנס. אַ נאַיווער, אינפאַנטילער עפּיזאָד וואָס האָט ווי אַ בלום געבליט רויט אויפן פעלד פון דער געשיכטע פון דער ערשטער וועלט-מלחמה...

* * *

די דייטשע אַרמיי האָט אויף אַ לענגערע צייט אָקופּירט דאָס פּוילישע לאַנד. אין איינעם אַ שטראַלנדיקן, זוניקן טאָג פון אָנהויב זומער זיינען פּלוצלינג קיין סאָסנאָווו אַראָפּגעקומען דייטשע אָפיצירן, די מערסטע הויכע, שטאַרקע און שטייפע יינגען, אין בלויע, ערשט-אויפגענייטע אָנצוגן און אין מיליטעריש-פּראַכטפולע מונדירן. זייערע אויגן האָבן געלויכטן מיטן פייער פון לוסט, אַזוי ווי זיי וואָלטן נאָך קיינמאָל נישט געזען קיין מלחמה. אפשר זיינען זיי שוין יאָ געווען אין דעם פייער און אין בלוט פון געפערלעכע שלאַכטן, נאָר זייער יוגנט איז געווען שטאַרקער ווי די איינדרוקן פון חורבן און טויט. זייער אויפגאַבע איז געווען אַ מאָדנע און אַ פאַנטאַסטישע:

אויפצוגראָבן די טויטע גופים פון די פאַרשידענע קברים וואָס זיינען געווען צעוואָרפן איבער די אַרומיקע פעלדער און וועלדער און זיי צונויפ־זאַמלען אין איין ריזיקן מאַסנקבר. דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון דער פאָפולערער דייטשער פּרעציזקייט, אָרדנונג און סיסטעם. עס איז נישט דערלויבט די טויטע ביינער צו פוילן אין פאַרשידענע קברים. אויך צו פוילן באַדאַרפן זיי צוזאַמען, אין קאָלעקטיוו... לויטן באַרימטן דייטשן מוסטער פון אַבסאָלוטער אָרדנונג. דער דייטשער געניוס איז געוואַלטיק! ער באַהערשט דאָס לעבן און דעם טויט פון זיינע אַרמייען... אמת, עס איז נאָך אין יענער צייט אַפילו אין דער לופט נישט פאַראַן דער רעיון פון גיהנומדיק־אָרגאַ־ניזירטע מאַסנפאַבריקן פון טויט, ווו גאַנצע פעלקער באַדאַרפן אַוועקלייגן זייערע צעשלאָגענע קעפּ... דער טעכנישער דייטשער געניוס האָט נאָך נישט די קאָנצעפּציע פון אומצוברענגען מאַסנווייז מיליאָנען אידישע מענער, פרויען און קינדער. עס איז נאָך נישט פאַראַן דער פינצטערער געדאַנק פון אויסצוּוואָרצלען מיט שווערט, מיט פייער פון מאַשינגעווער און מיט גאַז אויסצוּשטיקן גאַנצע פעלקער פונם פלאַנעט. אָבער אַ מוסטער פון דער דייטשער פּינקטלעכקייט און פלאַנמעסיקייט איז שוין יאָ פאַראַן. איך האָב עס שוין געזען אַלס אַ קליין אינגל...

אין דערפל סאָסנאָוו איז איצט געוואָרן אַ גרויסע באַוועגונג. יעדער פאַמיליע אין דער קעגנט האָט געמוזט אָפּגעבן אַ מאַן אויף איין טאָג אַרבעט אין דער וואָך, אויפגראָבנדיק הונדערטער פאַרוואָרלאָזטע קברים, וואָס דאָס גראָז און די דערנער האָבן שוין געהאַט אַסימילירט און אַריינגענומען אַלס זייער אייגנטום, און גראָבנדיק נייע קברים. דאָס איז געווען אַן אומגעוויינלעכע סאָרט אַרבעט, וואָס אַפילו אין מלחמה־צייט האָט עס געשמעקט מיט טייוולי־שער אומהיימלעכקייט. די פּויערישע יונגען האָבן צעגראָבן די ערדיקע בערגלעך, האָבן מיט די אייזערנע רידלעס אַרויסגענומען שטיקער פון די שוין צעפּאַלענע גופים, האָבן אָפּגעריסן גאַנצע שטיקער פראַגמענטן פון פאַרפוילטן פלייש פון די יונגע מענטשן, וואָס זיינען דאָ געפאַלן בשעת די שלאַכטן און זיינען אויף שנעל באַגראָבן געוואָרן, איינגעהילטע אין זייערע מונדירן, אין דיקע דיוואַנען, באַהאָפטענע מיטן געלן ליים און מיט דער ערד פון גאָט׳ס ערד. די ברוסטקאָסטנס וואָס האָבן נאָך געטראָגן די מע־טאַלענע מעדאַלן, זיינען שוין געווען פון לאַנג פאַרפוילטע, און די מעדאַלן פאַרזשאַווערטע... עס איז געווען אַן אמת׳ער גרויל אָנצוקוקן דאָס סאַמע פּנים פונם מייסטער — דעם טויט...

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז לעדער געווען מוראדיק טייער. מיר, קינדער אין דאָרף, האָבן געטראָגן אַ סאָרט הילצערנע טרעפּעס. די דאָזיקע הילצערנע טרעפּעס האָב איך געזען אין שפּעטערדיקע

יאָרן אין אַזעלכע לענדער ווי בעלגיע און האָלאַנד. זייענדיק אַ פּאַציענט אין סאַנאַטאָריום ברעכט, נעבן אַנטווערפּן, האָב איך אַליין געטראָגן אַזעלכע טרעפּעס צוזאַמען מיט די מערסטע פּלעמער. די דייטשע אָפיצירן און אויך די פּוילישע, פּויערישע יונגען, וואָס האָבן געאַרבעט ביי די קברים, פּלעגן אַראָפּרייסן די פּאָדעשוועס פון די צעפּוילטע שטיוול פון די טויטע זעלנער. זיי פּלעגן שפּעטער די פּאָדעשוועס פאַר וואָלוול פאַרקויפן צווישן די איינוואוינער פון די דערפער. די פּאָדעשוועס זיינען נאָך געווען פעסטע און שטאַרקע, הגם אַ גרויסער טייל פון זיי זיינען שוין געווען טיילווייז געשעדיקטע און אַדורכגעווייקטע, פון ליגן אין דער ערד אַזוי לאַנג צוזאַמען מיטן מענטשלעכן פוילנדיקן פלייש און בלוט. אין אַ קורצע צייט אַרום האָבן איצט די מערסטע פּויערים, וואָס האָבן פריער געטראָגן די הילצערנע טרעפּעס, געטראָגן די שיך מיט די פּאָדעשוועס פון די טויטע. מען האָט די פּאָדעשוועס, אויך אַרויסגעריסענע גאָלדענע ציין, קעמלעך און אַלערליי זאַכן פון היימישן געברויך, ווי אויך אָנגערויבטע לעפל, מעסערלעך, שפּיגעלעך און בריטוועס, וואָס מען האָט נאָך געפונען אין די קעשענעס פון די מתים, פאַרקויפט אין שטעטל פּולאָוו, און אין די אַנדערע אַרומיקע שטעטלעך. אַלע זיינען איצט געוואָרן מאַראָדערן. עטלעכע יאָר שפּעטער נאָך די בלוטיקע שלאַכטן איז די פּוילישע באַפעלקערונג אויפדאָסניי אַרויסגעגאַנגען כדי צו באַזוכן די טויטע און צו באַרויבן די געפאַלענע. מען האָט נאָך ביי אַ טייל מתים געפונען פאַרשטעקט אין די צעפּוילטע מלבושים רוסישע, דייטשע און עסטרייכישע באַנקנאָטן. אויך גאָלדענע, זילבערנע און קופּערנע מטבעות. וואָרים אין די טעג פון באַגראָבן זיי האָט מען זיך צו שטאַרק געאיילט. עס איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט אַרויסצורייסן פון טויט דעם גאַנצן פאַרמעגן...

אין שייכות צו די אויבנבאַשריבענע פּאָדעשוועס, בעט איך דעם ליבן לייענער מיר מוחל צו זיין אַ קליינע דיגרעסיע...

כדי נישט שנעל אויסצורייבן די פּאָדעשוועס פון די שיך, פּלעגט מען אַריינקלאַפּן אין זיי גרויסע, דיקע טשוועקעס. די קעפּ פון די אייזערנע טשוועקעס האָבן פאַרהיט די שיך פון אויסגעריבן צו ווערן אויפן היימישן, צעבראָכענעם טראָטואַר. אויף די האַרטע פּנימער פון די קיזלשטיינער פון די זייטיקע, שטאָטישע קעגנטן. די שיך פלעגן ממש צעפאַלן. די כאָלעוועס פלעגן צעריסן און צעפליקט ווערן. נאָר די פּאָדעשוועס זיינען געבליבן גאַנצע, צעשטאָכענע און צעפּייניקטע פון די טשוועקעס. מען פלעגט גיין אַזוי ווי די סאָלדאַטן. דאָס האָט מען זיך טאַקע אויסגעלערנט פון די זעלנער פון די פאַרשידענע אַרמייען. זייערע באַטשוועקלטע שיך זיינען געווען דער אידעאַלער מוסטער פאַר די שיך פון דער אָרעמער אידישער יוגנט אין פּוילן.

יעדער איינער האָט געהאַט אַ האַמער און ווו נאָר מען פלעגט געפינען אַ טשוואָק, פלעגט מען אים אַריינקלאַפּן אין די פּאָדעשוועס. ביינאַכט, עס פלעגט טרעפן, מען וויל גיין שטילערהייט מיט דער געליבטער דורך דעם היימישן געסל — מען וויל איר צודריקן צום ברוסט־קאַסטן מיט אַ טויזנט צאַרטע ווערטער פון שיר השירים — ערשט די שיך דיינע פאַראַטן דיך . . . זיי קלאַפּן איבערן טראָטואַר אַזוי ווי אַן אַרמיי וואָלט מאַרשירט . . . די טשוועקעס אין די פּאָדעשוועס צעשטערן די צאַרטקייט פונם ליבע־ליד און ליבע־קול . . . עס איז מלחמה־צייט! דו קענסט נישט טרעטן אויף דער פּוילישער ערד מיט דער שטילקייט און דעם רעווערענס ווי דו וואָלסט גיין אויף פּלושענע טעפּיכן אין אַ פּאַלאַץ . . . צי אויף דער ווייכער פּאָדלאָגע פון אַן אָריענטאַלישן טעמפּל, אין וועמענס פאַרבאָרגענעם טונקעל עס דרימלט אַ געטין . . .

דו מאַרשירסט גיכער ווי אויף אַ בלוטיקן שלאַכטפעלד. געליבטע! זיי מוחל מיין גרילצעדיקן סאָלדאַטסקן טראָט! טייערע, אַנטשולדיק די טשוועקעס פון מיינע אָנגעגליטע שיך! פאַרגיב דעם קלאַפּ פון אייזן אויף האַרטן שטיין! זע, איך וועל אויסטאָן מיינע געפּאַנצערטע שיך! איך וועל גיין מיט דיר באָרפוס דורך דעם לאַנד פון שטילקייט . . . די שטעגן פון ליבע פאָדערן קילע און רואיקע טריט! זיי מוחל וואָס מיינע פּאָדעשוועס פאַר־מאָגן אַ הונדערט טשוועקעס! מלאכים טייערע, היט אָפּ מיינע שווערע שיך וואָס איך לאָז שטיין אין דער נאַכט אונטער אַ בוי מאון וואָס פילן זיך אָן מיטן ליכט פון דער לבנה ווי מיט קלאָרע מילך . . . איך וויל באָרפוסערהייט גיין מיט מיין געליבטער דורך דער שמעקנדיקער נאַכט . . .

* * *

די בערג מיט אויפסניי־אויפגעגראָבענע טויטע פלעגט מען שטיקער־ווייז, אַזוי ווי מיסט, אָנוואַרפן אין גרויסע, הילצערנע קאַסטנס און זיי אַריבערפירן צו דעם קליינעם, דאָרפישן צעמענטאַזש. דער ריח פון דעם מענטשלעכן פלייש פלעגט זיין אַ שרעקלעכער. אין די מאָמענטן ווען מען פלעגט פאַרבייפירן די וועגענער מיט די הילצערנע קאַסטנס, אָנגעפולטע ביז אַרויף מיטן דרויב פון פעלקער, פלעגן מיר אַלע מוזן אַריינלויפן אין שטוב אַריין. מיין פאָטער פלעגט שנעל פאַרמאַכן די פענצטער און פאַר־האַקן די טירן. אָבער אַפילו דורך די שויבן האָט דאָס מוראדיקע מענטשנ־פלייש אַדורכגעשטונקען. דאָס פלייש האָט אויסגעזען ווי בערג מיט אַלטע, צעריסענע און צעשליסענע שמאַטעס. ווי דער ערגסטער סאָרט אָפּפאַל. די גרויסע פערד פלעגן מיט אַ מאָנאָטאָנעם ריטם שלעפּן די שווערע וועגע־נער מיט טרומנעס, טרומנעס און טרומנעס — אָן אַ סוף. דאָס איז געווען די צווייטע לויה פון די סאָלדאַטן. דאָס איז געווען דער וועג פונם טרויעריקן,

העלדישן פּליִיש... אויבן, איבער זייער געמיינזאַמען קבר, וועט מען אויפשטעלן אַ מאָנומענט פון גראַניט... אין הייסן גאָלד וועט זיין אויסגע־קריצט די באַרימטע פראַזע וואָס שיינט תמיד אַראָפּ פון דעם סאָרט היסטאָ־רישע מאָנומענטן: „די העלדישע זין פונם פאָטערלאַנד — געפאַלענע מיט גלאָריע און אין כבוד פאַר דער פרייהייט פון פאָלק"...

אָבער, דאָס איז געווען דער אמת'ער רעאַליזם פון די „העלדישע זין". זיי האָבן איצט געשטונקען פון אַ מייל ווייט... קיין איינציקער קערפּער איז נישט געווען קיין גאַנצער. איך האָב אָפּט געקוקט אויפן שטאָלצן דייטשן העלם, וואָס איז אומבאַרירט געלעגן אויף אונדזער הויף. דער מאַן וואָס האָט געטראָגן דעם דאָזיקן העלם, זיינע פיס מוזן זיך אַוודאי נאָכשלעפּן אויף איינעם פון די קאַסטנס מיט קנאָכנס. זיין שאַרבן האָט אַוודאי געמוזט אַרויס־פאַלן אויפן דאָרפישן וועג, איבערן גרינעם, זיידענעם גראָז . . . זיינע געדערים ווערן אַוודאי געריסן און געגריזשעט פון די הינט, פון די קעץ, פון ראָבן און פון מייז, וואָס פלעגן זיך מיט אַזאַ ווילדער שפע יאָווען פון די אַרומיקע קעגנטן, פון די וועלדערישע טיפענישן, פון די טייכן און זומפּן, און טאָג און נאָכט נאָרן און גראָבן מיט מאָרדע, מיט ציינער און מיט שנאָבל אין די אָפענע קברים, נישטערן און ראַיען אין די בערג מיט שמאַטעס פון די אַמאָליקע יונגע מענטשן, וואָס אַ סך פון זיי, ווי שוין געשריבן, האָבן אַהיימגעשיקט ליבעס־בריוו צו זייערע כלות און האָבן געשריבן זיידענע פּאָעזיעס... די פאַדעשוועס פון זייערע שטיוול האָט מען אַרונטערגעריסן מיט צוואַנגען און מען פירט מיט זיי אָן אַ גרויסן האַנדל צווישן די פּויערים...

אין אָוונט קומט אַהיים מיין עלטערער ברודער דוד פון דער אַרבעט ביי די קברים. זיינע קליידער זיינען פאַרקלעפּט מיטן פאַרגליווערטן בלוט און מיטן מאַרך, אַזוי ווי ער וואָלט אין גערשאַנגל צעשפּאָלטן מענטשלעכע מוחות... ער איז בלויז אַכצן יאָר אַלט. ער האָט אַ קאָפּ מיט גאָלדענע האָר, געקרויזלטע ווי די בוימער אין אַ וואַלד. נאָר אין זיין צאַרטן עלטער איז מיין ברודער שוין אַ באַגרעבער. זיינע פאַרשעמטע און באַליידיקטע הענט ציטערן און שטינקען פון דער מוראדיקער אַרבעט ביי די צעגריזשעטע סקעלעטן. ער ווייזט אונדז ביים שיין פונם דרייערלעמפּל די געפונענע אוצרות: די צעפוילטע פאַדעשוועס, אַדורכגעווייקטע אין מענטשנפוילעכץ. ער נעמט אַרויס פון זיינע נאַסע קעשענעס אַ קליינטשיק שפּיגעלע... אַ האָרנ־ביינערנע קעמעלע... אַט דאָס פאַרזשאַווערטע שפּיגעלע האָט געזען און האָט איינגעזאַפּט אין זיין זילבערנער טיפעניש דאָס פּנים פון דעם אומגעקומענעם... דאָס שפּיגעלע איז די גאַנצע צייט געלעגן באַהאַלטן אין זיין וועסטל־קע־שענע. ביים שפּיגעלע האָט ער זיך געראַזירט די יונגע, אָבער שוין עקשנות־

דיקע באָרד, האַרט אַזוי ווי דראָט. דאָס שפּיגעלע האָט אים געזען נאָך אַ לעבעדיקן. עס האָט אָפּגעשפּיגלט אין זיין שמייכלענדיקן תהום די גרויסע זון און דעם הערלעכן זומער און דאָס קאָכעדיקע בלוט פון יוגנט און די מוראדיקע שלאַכט־סצענעס פון יענע טעג פון באַטאַיל. דאָס שפּיגעלע איז אפשר אַ מתנה פון איר... און זי האָט איר פּנים, אַזוי ווי אַ פרישע בלום, אַריינגענומען אין זיין קוועקזילבער... אַ ,ווען דאָס דאָזיקע פּיצל שפּיגעלע וואָלט אימשטאַנד זיין צו רעדן, ווען עס וואָלט קענען דערציילן, וואָלט עס אַוודאי גערעדט מיט דעם גראַנדיעזן לשון פונם פאַרשאָלטענעם נביא. עס וואָלט געשריגן מיט אַ קלאָג־שפּראַך פון ירמיהו. עס וואָלט ווי האָמער עפּיש געדונערט און רייך געשילדערט פיל גרויזאַמערע שלאַכטן ווי די ביים דעראָבערן טראָי. מיין ברודער דוד וואַשט זיך זיין פּנים און זיינעביידע הענט מיט הייסע טעפּ וואַסער און מיט זייף. נאָר עס האָט דער ים נישט געגוג וואַסער אין זיינע ברייטע טיפענישן אָפּצוּוואַשן צוויי יונגע, אַכטצעניאָריקע, מענטשלעכע הענט פון בלוט און פון מענטשלעכן מאַרך. אין דעם ברוד פון זיינע גרויסע, האַרטע נעגל האָט זיך אַריינגעגנבעט דער הייליקער שטויב פון אַמאָל לעבעדיקע מענטשן. דאָס חלב פון די אַרדט׳ס מיט מענטשלעכע ביינער האָט פאַרטריפט זיינע פינגער. אין זיינע נאָזלעכער האָט אַריינגעדרונגען דאָס שוידערלעכע געשטאַנק פון די „העל־דישע״ אַרמייען און געבליבן שטיין אין זיין רויען האַלדז־און־גאָרגל. עס איז אפשר נויטיק דאָס פייער פון גיהנום אָפּצוּוואַשן זיינע אברים פון טויט. אפשר איז נייטיק אַ הייסער שלאַקסרעגן מיט בליצן אָפּצוּווישן דאָס טויטע פּעטס פון אַרום זיינע אויגן...

— דו שטינקסט דאָך אינגאַנצן ווי גרויס דו ביסט! — שרייט בייז מיין טאַטע און ער שילט מיין ברודער דוד מיט טויטלעכע קללות. — דו סרח׳עסט ווי אַ געפּגר׳ט פערד. גיי אַוועק, דו ביסט נישט מער מיין זון. לעג דיך אין דר׳ערד אַריין מיט די טויטע צוזאַמען!

עס ווײנט ווילד, עס העשעט ווינטיש מיין עלטערער ברודער דוד. ער פילט זיך מוראדיק געפאַלן. אַ ים מיט רחמנות רייסט זיך פון מיין נפש צום דאָזיקן ברודער, צו וועמען מיין טאַטע האָט אַזוי וויניק פאַרשטענדעניש אַלס מענטש אַפילו. בפרט אַלס פאָטער... זעט ער דען נישט ווי מיין ברודער איז געשלאָגן געוואָרן מיט טויזנט בייטשן? ווי זיין נשמה יאָמערט, כאָטש זיין גוף איז איינגעשמירט אין די טרערן און אין בלוט פון די טויטע. ניין, מיין טאַטע זעט טאַקע נישט. ער איז מוראדיק בלינד צו יסורים און פּיין. אַוודאי שטינקט מיין ברודער דוד. איך בין היינט צוגעגאַנגען נאָענט צו אים. האָט מיר אַ זעץ געטאָן אין די נאָזלעכער זיין פינצטערער ריח. איך האָב געזען ווי אַזוי אָן קאַרבאַל, אָן ווייסע, לייוואַנטענע קליידער

און שירצן, אָן אַ כירורגיש מעסער, בלויז מיט דער הילף פון פאַרזשאַווערטע שפּאַדלעס פירן זיי אַדורך אַ שרעקלעכע אָפּעראַציע אויף די מתים. ווי אַזוי זיי קלייבן בערגער מיט צעפוילטע און עיפּושדיקע פלייש און סקעלעטן. אָבער זיי קענען קיינמאָל נישט אויסריייניקן ריין געַנוג קיין שום קבר. הינט, קעץ, מייז און ראָבן — די פיר אַפּאָקאַליפּטישע רייטער פון פעלד — וועלן קומען און אויסרייניקן די קברים פון די רעשטלעך פון אַמאָל שטאָלצע און זיגרייכע אַרמייען.

זיגרייך קעגן מענטש. אָבער באַזיגבאַר דורך די אומשטערבלעכע ווערם... און צווישן דער מחנה גרעבער זע איך מיין לייבלעכן ברודער... מיין ברודער דוד האָט צוזאַמען מיט די אַנדערע פּויערים זיך באַנוצט מיטן רידל. צוזאַמען מיט זיי געבראָכן מענטשלעכע גלידער. צעטיילט מענטשלעכע גופים. מיין ברודער האָט געשלונגען אַ דאַרשטיקער פון אַ בלעכענער מענאַשקע דאָס ביסל וואַרעמע טיי, פאַרביסן מיטן נאַקעטן שטיק ראַזאַוואַנע ברויט, וואָס די מאַמע האָט אים מיטגעגעבן, און ער האָט געשעפּט כוח ווייטער צו טאָן די אוממענטשלעכע אַרבעט.

ביינאַכט, ווען ער קומט אַהיים, אַ אידישער באַרג מיט איבערלעבענישן און פּינצטערע יסורים, פאַלט ער ווי אַ שיכור אויפן געלעגער. ביינאַכט שנאַרכט ער געפּערלעך ווי אַ חיה, וואָס דער יעגער האָט לאַנג און מוראדיק געיאָגט דורך די דזשאַנגלדיקע פינצטערנישן. מיד פון דינען דעם מלאך המות. ער ליגט אַליין מיט זיין מוראדיקער שווערקייט אין אַ חדר. ער ליגט טיף אַריינגעגראָבן אין אַ ריזיקן קאַסטן, וואָס איז אַמאָל געווען אַ קאַנאַפּע. עס איז פאַרשווונדן דאָס שטאָלערנע ספּרונזשינע־איינגעווייד. און אויך דאָס אויסגעריבענע פּלוש איז נישטאָ מער. דאָס פּלוש וואָס האָט איינגעזאַפּט מענטשלעכע אינטימיטעט און מענטשלעך געמיט... דער קאַסטן איז טיף ווי אַ קבר. אונדזער ברודער ליגט ווילד־פרעמד צו אונדז. עפּעס געהערט ער נישט מער צו אונדזער משפּחה. זיין צורה איז פאַרענדערט. זיין צורה האָט אַנגענומען דאָס פּנים פון איינעם אַ מת וואָס ער האָט אויפגעגראָבן זיין געביין און צעבראָכן זיין פּאָרם און געשטערט זיין טויטע רו. ער האָט עפּעס געקראָגן אַ ניי געשטאַלט און אַ ניי פּנים און אפשר אויך נייע ביינער און אַ נייע נשמה... דער טאַטע האָט אים פאַרשאָלטן. דער טאַטע האָט אים פרעמד געמאַכט צו אונדזער אייגענעם בלוט און פלייש... אָבער די מאַמע פאַרראַט נישט איר טייערן זון דוד... אַ אידישע מאַמע פאַרראַט קיינמאָל נישט איר זון, מעג ער רויבן און גזלנען. מעג ער געפירט ווערן דורך פרעמדע הענט צו דער תליה אָדער צום עלעקטרישן שטול. זי בלייבט אים אייביק מוראדיק און געטלעך געטריי... די מאַמע קושט ביינאַכט דעם מיט טויט און מיט מענטשן־שטויב באַדעקטן זון.

דוד גייט איצט אָפּט אין שטאָט אַריין. ער האָט שוין פאַרקויפט אויפן פּולאָווער מאַרק אַ סך פאַדעשוועס. אויך איז ער פּטור געוואָרן פון דעם פיינעם שפּיגעלע, פון דעם קעמל וואָס איז געשניצט פון ווייסן האָרנבייך, פון אַ זייגערל מיט אַ מאָנאָגראַם און פון נאָך אַנדערע שמאַכטעס. אויף איינעם פון די צעבראָכענע הענט האָט ער געפונען אַ רינגל מיט אַ צאַרטן, איידעלן פּערעלע... און ביי איינעם אין מויל האָט נאָך געפינקלט אַנטקעגן דער העלער זון פון באַגינען אַ גילדערנער צאָן, וואָס די ערשטע באַגרעבער האָבן אַוודאי אין זייער איילעניש פאַרזען...

דוד זאַמלט זיך געלט כדי צו קויפן אַ פּאָר לייטישע שיך. אויך אַן אנצוג, אַ קאַפּעליוש און אַ קראַוואַט פון זייד. דוד חלומט אַפילו פון אַ דיאַמאַנטענע שפּילקע אין קראַוואַט... פון אַ ווייסן העמד מיט געקראָכמאַלעטע מאַנזשעטן און זילבערנע ספּינקעס. דעם איצטיקן פאַלטאָן האָט אים די מאַמע אויפגעניייט פון אַן אָפּגענוצטע וואָלענע קאָלדרע, וואָס שטאַמט נאָך פון איר זיידעס הויז... די שיך וואָס ער טראָגט, האָבן דיקע, הילצערנע פּאַדעשוועס. ער טראָגט מאָדנע זאָקן פון די אַרבל פון אַ גרויסן, צעשניטענעם העמד. ער באַנוצט זיך מיט נאָז־טיכלעך וואָס זיינען טיילן פון דעם זעלבן צעפּליקטן העמד. די מאַמע האָט גאָלדענע הענט. זי נעמט אַ צעריסענע איינשיט פון אַ קישן און זי פאַרוואַנדלט עס אין אַ נייע העמד... אַלע מיינע זאָקן, ווי שוין ערגעץ ווו אין דעם דאָזיקן בוך באַשריבן, זיינען צעשליסענע אַרבל פון מיין ברודערס און מיין טאַטנס מלבושים. קיינער ווייסט נישט מער פון וואָסאַראַ אָריגינעלן שטאָף מיין טאַטנס הויזן זיינען אַמאָל געווען. עס באַדעקן זיי אַ טויזנט קונציקע לאַטעס. מיר אַלע גייען אַרום אין אונדזער טייערער מאַמעס געניאַלע ווערק... דאָס זיינען אירע מייסטערווערק, אויסגעאַרבעטע אין שפּעטע נעכט, ווען אַלע שלאָפן שוין טיף... דעמאָלט זיצט ביים קאַמין די קליינע מאַמע און לאַטעט היסטאָריש־אַלטע בגדים...

מיין ברודער דוד וויל ווערן אַ חתן. דערפאַר וויל ער זיך קויפן זאַכן אויף זיך צו באַקליידן. דערווייל האָט ער שוין אויך אַהיימגעבראַכט אַ קאָלנער פון געלן צעלולאָיד. (אפשר פון אַ דייטשן גענעראַל ?...) ביסלעכווייז, זעט אויס, וועט ער זיך אָנזאַמלען אַביסל געלט און זיך אויסקליידן. ער פאַרטרעט אויך אַנדערע אידישע פאַמיליעס, און אַפילו פויערים, ביי דער אַרבעט. ער פאַרקויפט די איבעריקע אַרבעטס־טעג פון דער וואָך צו אַ סך מענטשן...

מיין ברודער דוד ברענגט אַהיים אויך פולע קעשענעס מיט אויסגעשאָסענע מעטאַלענע פּאַטראָנעס. מיט מעשענע גילזן. שטיקער צעבויגענע קופּער פון גראַנאַטן. לעדערנע קוילנטאַשן. אויך לעדערנע פּאַסקעס פון די טויטע. פאַרזשאַווערטע שינעלן־קנעפּ. צעבראָכענע בריטוועס. מעדאַלן

און מטבעות. אויפן פעלד ליגן ממש גאַנצע אוצרות. די מלחמה האָט דאָ געלאָזן שטיין וועגענער און קאַנאָנען; אויטאָמאָבילן און כל־ערליי אייזנוואַרגן; אין דר׳ערד וואַקסט אַריין ווי אַ נייע סאָרט פלאַנץ צעבראָכענער קופּערוואַרג, מעשוואַרג, אַלערליי כלים און אינסטרומענטן. מען האָט אויסגעשמעלצט אין דער צייט פון מלחמה ווו נאָר אַ שטיק בראָנדזענער מאָנומענט אויף שמעלץ. מען האָט קונסטווערק פאַרוואַנדלט אין טויטנמכשירים. גלאָקן וואָס רופן צו תפילה האָט מען פאַרוואַנדלט אין קוילן פאַר האַרמאַטן. פּיעדעסטאַלן שטייען ליידיקע, אָן סקולפּטורן און אָן דענקמעלער פון קעניגן און פילאָסאָפן. מען האָט אַלץ דאָ געלאָזן שטיין אויף הפקר אויפן פּוילישן פעלד און וואַלד.

ביינאַכט קומט מיין ברודער דוד אַהיים אָן איבערגעלאָדענער מיט די איבערבלייבענישן פון עפּישע שלאַכטן. ער איז שוין שיכור אויך. וואָרים זיי טרינקען בראָנפן ביי דער אַרבעט. די פּויערים ברענגען מיט מיט זיך „פּערטעלעך". מען טרינקט ביי דער טויטלעכער עבודה. מען וואַשט אויס די שאַרבנס און מען פילט זיי אָן מיט געטראַנקען. אָפטמאָל פאַלן הייסע טראָפּנס שנאַפּס אינם פאַרפוילטן מויל פון אַ צעבראָכענעם סקעלעט... מיין ברודער דוד, ווי שוין דאָ באַשריבן, קומט אַהיים צו אונדז אַ ווילדפרעמדער און אַלט־געוואָרענער מאַן. פון זיינע אַכטצן בליענדיקע יאָרן איז געוואָרן אַכציק און אַכט הונדערט יאָרן... אָבער, צו איין מענטש אויף דער גאַנצער ערד קען ער קיינמאָל נישט פרעמד ווערן: צו מיין מאַמען... ווען דוד, ווי שוין דערציילט, שלאָפט מיט אַ שווערן שלאָף, ווען ער שנאַרכט ווילד און ער רעדט מיט מאָדנע און פאַנטאַסטישע רייד, פול מיט גרויל פון זיין פינצטערער מלאכה, אָפטמאָל געמישט מיט אַ פּויערישן ניבול פּה — גנבעט זיך די מאַמע אַריין אין זיין צימערל, אַזוי ווי אַ הונגעריקע כלה, וואָס איז הונגעריק און דאַרשטיק נאָך ליבע און נאָך ליפּן, און זי קושט איר זון און זי האַלדזט אים... ניין, ער איז נישט דער פאַרשאָלטענער זון. פאַר איר איז ער נאָך אַלץ דאָס קליינטשיקע אינגעלע דוד... זי קושט אים אויס די פאַרשטויבטע אויגן, דאָס פאַרענדערטע פּנים, דעם האַלדז וואָס שטיקט זיך מיט טרערן. זי קניט און זי וויינט איבער זיין געלעגער מיט דעם פינצטערן געוויין פון אַ אידישער מאַמען, וואָס איז אַ באַרג מיט ליבשאַפט...

מיין טאַטע דער קינסטלער איז טאָג און נאַכט פאַרנומען מיט אַ נייעם סאָרט קונסטווערק. ער מאַכט מאָדנע ליולקעס פון קוילן. ער פאַרוואַנדלט אויסגערויכערטע גילזן אין אַנטיטשנע אינסטרומענטן. פון די געלע ראַניעצעס וואָס די סאַלדאַטן פלעגן טראָגן אויף די פּלייצעס, מאַכט מיין טאַטע ווונדערלעכע טייסטערס. ער וואַשט אויס די געלע פאַרב פון די פעלן פון לעבעדיקע

חיות. ער נייט אויף געלע טייסטערס און ער לעגט אין זיי אריין דאָס טויטע געלט וואָס ער זאַמלט: די צאַרישע באַנקנאָטן. די אוקראַאינישע קאַרבאָוואַנצעס. דאָס באָלשעוויסטישע געלט פון יאָר 1917. פון די צווייגן פון וואַלד שניצט מיין טאַטע אויס וווּנדערלעכע שטעקנס. גיב אים כוח און צייט — וועט ער דעם גאַנצן אומגעהויערן וואַלד פאַרוואַנדלען אין קונסטפולע שטעקנס. אָבער וועד באַדאַרף די שיינע שטעקנס אין מלחמה־צייטן פון הונגער, קעלט און טיפוס? ווער גייט דען היינט געמיטלעך שפּאַצירן אויפן פּלאַנעט? ווו איז דען נאָך פאַראַן די אידיליע, דאָס געמיט, די פיינע שטימונג און די ראַפינירטע געזעלשאַפט פון פאַר דער מלחמה?...

ביינאַכט זיץ איך אין אַ ווינקל און איך קוק נאָך אַ פאַרכישופטער די באַוועגונגען פון דעם טאַטנס פינגער. איך זע ווי אויפן וואַנט אַנטקעגנאיבער ווערן זיינע הענט און פינגער פאַרוואַנדלט אין טונקעלע, אין מאָדנע באַשעפענישן, אין נערוועזע פייגל. און זיין גאַנץ געשטאַלט זיצנדיקביים טיש ווערט אומגעהויער פאַרגרעסערט אויף דער ווייסער וואַנט. דאָרטן, אויף דער וואַנט, זיצט נישט מער מיין טאַטע — נאָר עפּעס אַן אומגעהויערער, פינצטערער פאַרשוין, אַ מוראדיק־גראָטעסקע געשטאַלט, וואָס באַזיצט אַן אויסטערלישע מאַכט און כישוף איבער מיר... שעהנלאַנג זיינען מיינע אויגן צוגעשמידט צו דעם דאָזיקן פרעמדן, טינט־שוואַרצן שאָטן פון מיין טאַטן... דאָס איז, ווייזט אויס, זיין אמת׳דיק געשטאַלט. דאָס איז ער ווי גאָט האָט אים באַשאַפן אין דער אמת׳ן... אַלס טאַטע איז ער בלויז פאַרשטעלט און פאַרמאַסקירט... ביינאַכט, ווען אַלע שלאָפן, נעמט ער אָן זיין אמת׳דיקע מאָנסטעריאָזע געשטאַלט אויף דער קאַלעכדיקער וואַנט...

איך שלאָף איין אויף אַ קורצער ווילע און איך כאַפּ זיך ווידער אויף. דער טאַטע זיצט נאָך אַן איינזאַמער ווי פּאָוסט ביים דעמבענעם טיש. עס אַנטפלעקט זיך פאַר מיר פּלוצלינג זיין פּנים. איז עס טאַקע מעגלעך אַז איך האָב פריער קיינמאָל זיין פּנים נישט געזען? עס איז מעגלעך. מען זעט קיינמאָל כמעט נישט דעם טאַטן בשעת׳ן פּיצל קינד זיין. (אַפילו מען זאָל זען אַרומשפּאַצירן גאָט אין דער היים, וואָלט מען עס נישט באַמערקט.) איצט דערזע איך עס פּלוצלינג: דעם טאַטנס פּנים איז מאָדנע געל ווי אַ שטיק ליים. געל, אויסגעצערט פון יסורים, פאַרהונגערט פון הונגער און פאַרדאַרשט פון ברענענדיקן לעבנס־דאַרשט. אוודאי איז דער טאַטע אַ שלעכטער, אַ בייזער, אַן אויפגערעגטער טיראַן — אָבער ער מוז אויך סוף־כל־סוף זיין אַ זייער אומגליקלעכער מענטש. דער טאַטע האָט דאָס פּנים פון קייסער נבוכדנאצר, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ משוגענער חיה אין וואַלד, וואָס קריכט אַרום אויף אַלע פיר און וואָס רעוועט ווי אַ בייזע חיה און האַוקעט ווי אַ הונט. דער טאַטע האָט אויך דאָס מוראדיק־אומגליקלעכע

פּנים פֿונ׳ם נביא ירמיהו. ער יאָמערט אַ פֿאַרשטיינערטער איבערן חורבן ירושלים. דער טאַטע האָט דאָס שטיינערנע האַרץ צו פֿאַרשעלטן זיין אייגע־נעם זון, וועמענס הענט סרח׳ען פֿון די טויטע. וועמענס בגדים וואָס ער טראָגט שטינקען פֿון פֿאַרפֿוילטע אַרמייען, פֿון די קנאָכנס פֿון די אַמאָל שטאָלץ־פֿאַריסענע און העלדיש־רייטנדיקע זעלנער און אָפֿיצערן. דעם טאַטנס הענט זיינען געלע, שפּיציקע און פֿינצטערע. מען זאָגט אַז דער טאַטע האָט „גאָלדענע הענט״. איך קוק אויף דעם טאַטנס שפּעט־ביינאַכטיקער מלאכה. עס קאָפּטשעט דער אויל־קאַגאַניטש מיטן שוואַרצן קאָפּעטש. פֿון די געלע ראַניעצעס, וועלכע דער טאַטע פֿאַרוואַנדלט אין סוחרישע טייסטערס און אין דאַמענטאַשן, גייען פֿלוצלינג אויף געלע, געשוואָלענע פֿערד, אַזוי ווי אָנגע־שטאָפּטע מיט שטרוי און מיט בליצן. אַזוי ווי וואָלקנדיקע פֿערד פֿאַרנאַכט אויפֿן שקיעה־אָנגעצונדענעם האָריזאָנט. געלע, פֿייערדיקע, בראָנדזענע סוסים, וואָס זיינען אין בהלה און אין שרעק פֿון מלחמה אַנטלאָפֿן פֿון שטיינערנע דענקמעלער און קייסערלעכע פּאַמניקעס. עס רייטן אויף זיי איצט ריזיקע אַרמייען. די פֿערד טופּן מיט די אייזערנע קאָפּיטעס צום טאַקט פֿון די קלאַפּנדיקע אָרקעסטערס. שטאָלץ רייט דער באַרימטער גענעראַל און זיין העלדישע סוויטע נאָשפּיץ פֿון דער מיליטערישער פּראָצעסיע. דאַן גייט דאָס מיליטער, דאָס אייביקע מיליטער, מיט פּנימלאָזע פּנימער, ווי דאָס זאַמד פֿון דער ערד, ווי די שטיינער פֿון מדבר. דאַן פֿאָרט נאָך די שוואַרצע קאַטש מיטן גענעראַלס שטראַלנדיקע ווייב און יונגע טאָכטער, ביידע באַ־האַנגענע מיט רייכע צירונג, אַזוי ווי די זון וואָלט זיי ערשט אָנגעצונדן און אויסגעכישופֿט מיט זיי די בויגעוודיק־צאַרטע און רייצנדיקע דאַמען...
און אַ ווילדע שפּעטער יאָמערן שוין די פֿערד אין דער מוראַדיקער שלאַכט...
אַ באַרג מיט בלוטיקע געדערים זעצט אַרויס פֿון אַ פֿערדס צעריסענעם, בראָנדזענעם בויך. אָ, איך געדענק ווי אַזוי די פֿערד יאָמערן נאָך האַרצ־רייסנדיקער ווי די מענטשן. זיי קענען זייער אייגענעם טויט נישט פֿאַר־טראָגן. איך האָב געזען אויף די פֿעלדער פֿוילן די ריזיקע פֿערד אַזוי ווי בערג מיט געשווילעכץ. גאַנצע אַרמייען מיט פֿליגן באַזעצן די פֿערדישע אינגעווײדן און ווונדן. דאָס טויטע פֿערד ווערט אַ לעבעדיקע קאָלאָניע פֿאַר די מיליאָנעניאָריקע אינסעקטן...

און פֿון דעם טאַטנס קונסטפֿול־געשניצטע שטעקנס שטייען צוריק אויף הערלעך־רוישנדיקע ביימער. עס רוישן אויף אין דער גאָלדענער לופֿט ריזיקע גרינע וועלדער. און עס שאַלן אויף מיט אַ גרויסן, פֿרילינגדיקן כאָר מחנות פֿייגל. אפֿשר הערט זיך אויך דאָס שטילע און איידעלע ליד פֿון דער נאַכטיגאַל? איר דינע און צאַרטע ליבע־ליד?... דער טאַטע אַרבעט אומדערמידלעך ביזן גרויען באַגינען, ווען עס הויבן אָן פֿלוצלינג צו שפּריצן

פון אַלע זייטן מיט קרוגן גאָלדענע מילך פון דער אויפגייענדיקער זון...
און איך שלאָף איין ערשט אין באַגינען, ווען דער טאַטע לעגט זיך ענדלעך
אַוועק אין די מלבושים אויפן אייזערנעם בעט און ווען אין מיינע אויערן
הער איך אַלץ דאָס רייטן פון פלאַמענדיקע סוסים אין די טיפע, גרינע
און באַלאַדיש־טונקעלע וועלדער... עס נעמט גאָר קיינמאָל קיין סוף נישט
צו זייער גערייטעריי, צו זייער ווילדן גאַלאָפּ... און אויף זייערע זאָטלען
וויגן זיך, שאָקלען זיך און ציטערן די שאָטנס פון מענטשן, די סקעלעטן פון
קריגערס... מיט געלע ראַניעצעס אויף די פּלייצעס...

* * *

איינמאָל אין אַ טאָג קומט דער טאַטע אַהיים פון די פּוילישע דערפער, ווו
ער גייט אַרום און ער „פּעדלט" מיט זיינע זייגערלעך. דער טאַטע דערציילט
דער מאַמען:

— הערסט, רחל־לאה! איך גיי מיר אַזוי אויפן וועג מיטן פּעקל
זייגערלעך אונטערן אָרעם, אַ פאַרטראַכטער... ערשט איך זע פונדערווייטנס
ווי אַ גרופּע כלאָפּעס שלעפּן עפּעס פאַרדעכטיקס... דאָס האַרץ זאָגט מיר
שוין נישט אָן קיין גוטס... דאָס האַרץ מיינע שרעקט מיך... איך קום אָן
נאָענט צו דער מחנה פּויערים און איך זע ווי זיי שלעפּן אַ טויטן דייטש,
אַ דייטשן גענעראַל, מיט לאַנגע וואָנסעס. דער שאַרבן איז אים אַראָפּ־
געפּליקט געוואָרן פון זיין קאָפּ. זיין ברוסט איז באַדעקט מיט פאַרזשאַ־
ווערטע מעדאַלן. עס לויפן נאָך אַ מחנה משוגענע כלבים און זיי רייסן פונם
טויטן גענעראַל גאַנצע שטיקער. זיי גראָבן אַרויס מיט די פּיסקעס די פאַר־
בלוטיקטע געדערים פון זיין צעפּוילטן בויך...

— וואוהין שלעפּט איר אים, פּאַנאָוויע! — פרעג איך די רוצחים. —
וואָס טויג אייך צו שלעפּן אַ פּגר אין אַזאַ מין מוראדיקן מעמד? איר לאָזט
דאָך איבער פון אים גאַנצע שטיקער אויפן וועג? קענט איר אים נישט
נעמען אויף אַ וואָגן? ווי וואַגט איר עס צו זיין אַזוי ברוטאַל? זענט איר
נישט קיין מענטשן מיט הערצער? פאַרוואָס אַזאַ בזיון המת? — פּרוּאוו
איך צו זיי מענטשלעך צו רעדן.

— פאַרשאָלטענער זשיד! פאַרמאַך דיין הינטישע מאָרדע! דו זעסט
דאָך אַז דאָס איז אַ „פּרזשיקלאַטי ניעמיעץ". ער האָט אויסגעשאָכטן גענוג
פּאָליאַקן. זאָלן די הינט עסן זיינע געדערים. ביז מיר וועלן אים ברענגען
צו זיין גרוב, זאָל גאָרנישט בלייבן פון זיין פאַרשאָלטענעם געביין!

מיין טאַטע טוט זיך אויס דעם שווערן פּאַלטאָן און דעם פוטערנעם הוט.
ער זעצט זיך אַוועק אויף אַ נידעריקער טאַבורעטקע. זיין שטערן איז פאַר־
שוויצט. איך זע אַז די איבערלעבענישן האָט אויף אים טיף געווירקט.
פלוצלינג איז מיין טאַטע אַלט געוואָרן מיט אַ טויזנט יאָר. איך זע ווי אַן אַלטער

און איינזאַמער איך זיצט פינצטער אין אַ ווינקל. מיין מאַמע פּרוווט אים אויפמונטערן מיט אַ ביסל הייסע טיי מיט פּסחדיקן סאַק. מיין טאַטע, ווייזט אויס, האָט היינט געזען דעם גיהנום... ווען מיין טאַטן זיינען אפשר אָנגעקומען די גראַנדיעזע שורות פון איכה (קאַפּיטל ג): „איך בין דער מאַן וואָס האָט געזען עלנט דורך דער רוט פון זיין גרימצאָרן. ער האָט מיך געפירט און געמאַכט גיין אין דער פינצטערניש, און נישט אינם ליכט. באמת, קעגן מיר קערט ער זיך אָפּ, ער קערט זיין האַנט דעם גאַנצן טאָג. ער האָט אַלט געמאַכט מיין פליש אויף מיין הויט. ער האָט צעבראָכן מיינע ביינער."

* * *

איינמאָל קומט אַריין צו אונדז אַ פּוילישע פּויערטע, וואַנדאַ סקאָווראָנעק, אַ שכנטע, און זי דערציילט:

— דאָס איז געווען אין די סאַמע פייערדיקע טעג פון די מלחמה־שלאַכטן. מיין מאַן און מיינע צוויי זין האָבן געפונען אין פעלד, זוכנדיק צירונג און געלט צווישן די מתים, אַ פאַרוווּנדעטן סאָלדאַט. ער איז געווען אינגאַנצן אַדורכגעפרוירן. מיט איין האַנט, דער רעכטער, האָט ער זיך צוגעהאַלטן ביים האַרצן. אַוודאי דאָרטן געהאַט אַ ווונד. מיט דער צווייטער האַנט, דער לינקער, האָט ער זיך פעסט צוגעהאַלטן ביים קאָפּ. אַוודאי דאָרט אויך געהאַט אַ לאָך. מיין מאַן און מיינע זין האָבן נישט געקענט אויסהאַלטן זיין בעטנדיקן בליק און זיי האָבן אים אַהיימגעשלעפּט. ער האָט נאָך געמורמלט אויף מאָדנע, אומפאַרשטענדלעכע רייד. מיר האָבן אים געזעצט ביים גרויסן פייער פונם אויוון. זיינע הענט זיינען געווען פאַרגליווערטע און פאַרפרוירענע, צוגעשמידטע אַזוי עקשנותדיק צום קאָפּ און צו זיין פאַרבלוטיקטן האַרצן. ביים פייער איז ער אַביסל צו זיך געקומען און ער האָט אָנגעהויבן צו רעדן און צו דערציילן פון זיינע איבערלעבענישן. מען האָט זיך שוין געקענט פאַרשטעלן וואָס דאָס צעשלאָגענע באַשעפעניש האָט איבערגעלעבט און ווי אַזוי זיין גוף איז אָפּגעברענט געוואָרן. ער האָט ביטער געקרעכצט. מיר האָבן אין זיין פאַרשטאַרטן מויל אַריינגעגאָסן בראַנפן און הייסע טיי. ער האָט געעפנט זיינע אויגן מיט אַ פייער פון האָפנונג און טיפע דאַנקבאַרקייט צו אונדז... אַזוי קוקט צו זיין רעטער אַ חיה, וואָס איז בלוטיק פאַרוווּנדעט און זי ווייסט אַז דער גוטער מענטש וויל איר רעטן... נאָר ווען מיר האָבן אים געוואָלט אָפּרייסן פונם פייער, האָט ער זיך עקשנותדיק געווערט. זיינע הענט זיינען אויפגעגאַנגען און ער האָט זיי אַראָפּגענומען פון די ווונדן. פון האַרץ און פון זיין קאָפּ זיינען רויערהייט אויפגעגאַנגען די לעכער פון שראַפּנעלן־שפּליטערס. בלוט האָט אָנגעהויבן צו רינען פון אים. דאָס פייער פון קאַמין האָט דערוועקט אין אים אַ ניי לעבן — אָבער אויך די טויטלעכע ווונדן זיינען געוואָרן לעבעדיקע... ער האָט זיך בקיין

שום אופן נישט געלאָזט אָוועקנעמען פונם פייער. ער האָט ממש געוואָלט שטאַרבן נעבן פייער... ווער ווייסט וויפיל טעג פון שניי און פראָסט ער איז אַזוי געלעגן אויפן פעלד... ווארים די שלאַכטן צווישן די רוסישע און דייטש־עסטרייכישע חיילות זיינען לאַנג אָנגעגאַנגען אָן אַן איבעררייס. אַלע אַנדערע סאָלדאַטן אויפן פעלד פון באַטאַיל זיינען געווען טויט... נאָר אין אים האָט נאָך, ווי געזאָגט, געזשיפּעט אַ פונק לעבן... און, אַזוי זיצנדיק און זיך וואַרעמענדיק ביים פייער איז ער שטילערהייט אויסגעגאַנגען. דאָס בלוט האָט זיך אָנגעהויבן הייס צו גיסן פון זיינע מוראדיקע ווונדן. ער איז געווען אַ איד. ווארים ווען מיר האָבן אים אויסגעטאָן נאַקעט, איז אויף זיין האַלדז געהאַנגען אַ זילבערנער „מגן־דוד"... און אַ בלעכל מיט זיין נאָמען, אַפּשטאַם און געבורטספּלאַץ. מיר האָבן דאָס אָפּגעגעבן צו די אויטאָ־ריטעטן... מיין מאַן און בײדע זין האָבן זיך צעטיילט מיט זיין וועש און זיינע קליידער. אויך מיט די שטיוול. איך געדענק זיין פּנים: טרערן האָבן געקאַפּעט פון זיינע אויגן ביים פייער. ווארים ער האָט אַוודאי געוווסט אַז ער שטאַרבט... אידישע אויגן זיינען דאָס געווען. און זיי האָבן אַוודאי פאַרן טויט געזען טאַטע־מאַמע, פרוי און קינדער... ווער ווייסט וואָס זיי האָבן אַלץ געזען, די דאָזיקע טרערנפאַרגאָסענע אויגן, וואָס איך וועל קיינמאָל שוין נישט פאַרגעסן... אָבער מאָדנע ווי ער האָט זיך נישט געלאָזט אָוועקנעמען פונם פייער... ער האָט געוואָלט אויסגיין ביים גרויסן פייער... מען האָט אים אַ נאַקעטיקן באַגראָבן אין איינעם פון די קברים אויפן הויף... איצט האָבן זיי אים אויפגעגראָבן. איך האָב אים געזען: עס איז נישט מער געווען קיין מענטשלעכער גוף, נאָר אַ הויפן מיט ביינער... — — —

די פרוי האָט גערעדט. טאַטע־מאַמע האָבן זיך טרויעריק צוגעהערט. איך בין געזעסן באַהאַלטן אין אַ ווינקל און געשלונגען אירע פּוילישע רייד וועגן איינעם אַן אומבאַקאַנטן איד וואָס איז אויסגעגאַנגען ביי אַ פרעמדן פייער, אין אַ פרעמדער כאַטע... וואָס איז פאַראַן צוצוגעבן צו דער פּויערטעס דערציילונג? זי האָט גערעדט מיט פאַרטיקע ליטעראַטור...

די דייטשע אָפיצירן זיינען געווען יונגע און לוסטיקע. אין די נעכט פלעגן זיי אַ סך טרינקען און זויפן, פרעסן שפּעק און אַלערליי ווורשטן. זיי זיינען פעט און געשוואָלן געוואָרן אויפן חשבון פון די טויטע ביינער. ווארים ווען נישט די דאָזיקע מאַרבידע אַרבעט אַרום די טויטע, וואָלטן זיי דאָך פאַר־בראַכט אויף די הייסע שלאַכטפעלדער. אין די געדיכטע נעכט פלעגן זיי זיך אַרומטראָגן איבער די דאָרפישע וועגן, זינגען אויסגעלאַסענע לידער, אויפ־וועקן די פּויערים מיט זייערע היסטערישע געשרייען און ווילדע געלעכטערן. פּלוצלינג פלעגן זיי אַריינפאַלן צו אונדז אין הויז אַריין און אויסטרינקען די פלעשער ביר, שפּעטער צעברעכן די קופלעס אין די טישן און אין די ווענט,

צעזעצן די פלעשער מיט זייערע פויסטן און ביים טאָטן זיך איינקויפן זייגער־לעך. אַלץ וואָס עס איז נאָר געווען אָנגעגרייט אין שטוב, פלעגן זיי פאַרצערן ווי די הונגעריקע חיות. די יוגנט האָט געשפּראָצט פון זייערע פלאַמיקע פּנימער.

אין סאָסנאָוו פלעגן זיך איצט באַווייזן פון די אַרומיקע דערפער און שטעט, און אַפילו פון אַנדערע מדינות, צוזאַמען מיט די הינט, קעץ, ראַצן און ראָבן, פאַרשייטע נקבות... עס האָט געשמעקט פון זייערע יונגע, הונ־געריקע לייבער מיט פּערפיום. זיי פלעגן ביים טאָטן קויפן זייגערלעך און פאָדערן אַלערליי צירונגען. דער טאַטע האָט פון שטאָט געבראַכט ביזשו־טעריע; בראַנזאַלעטן, אויעררינגלעך, פינגערלעך און בראָשקעס. זיי פלעגן זיך ווייניק דינגען וועגן פּרייז. זיי פלעגן אויפשאַרצן די זיידענע זאָקן און אַרויס־נעמען וואַרעמע באַנקנאָטן, אין טיכלעך פאַרוויקלטע, אָדער גאָלדענע מטבעות, וואָס זיי פלעגן טראָגן אין די שיך... זיי זיינען געווען הונגעריק נאָך קליי־דער, אונטערוועש, צירונג און זייגערלעך... זיי האָבן, ווייזט אויס, גוט פאַרדינט... זייערע האָר זיינען געווען נאַסע פון פּערפיום און פאַרצירט מיט דאָרפישע זון־בלומען... מיט צווייגלעך פרישע בעז און מיט גרינע בלעטלעך... אַ פאָלק פון גילדערנע פרויען האָט פאַרפלייצט סאָסנאָוו, אַזוי ווי אָפּצושוואַכן דעם מאָרבידן איינדרוק פון די מתים...

אָבער אַ סך פון די היימישע שיקסעס, שמייכלענדיקע מיט פרישע פּנימער אַזוי ווי ערשט־אויפגעשפּראָצטע בלומען אין דער זון, פלעגן זיך איבער־געבן צו די געזונטע און שטאַרקע אָפּיצירן בלויז פאַר שטיקער ברוינע, סאָלדאַטסקע ברויט... עס איז אָנגעגאַנגען אַ כסדרדיקע קאָנקורענץ צווישן די היימישע און די פרעמדע פרויען, וואָס האָבן באַלאַגערט די קעגנט אַזוי ווי אַמאַזאָנקעס פון אַ וויטן לאַנד, קעמפנדיק צווישן זיך מיט דעם וואָפן פון גאָט׳ס חן און מיט דער רייפער פולקייט פון זייערע בריסטן און היפטן... וויין, וועיב און געזאַנג האָט געהערשט אין די דאָרפישע נעכט. ביזן אויפגאַנג פון דער גאָלדענער זון אין באַגינען פלעגט מען הערן דאָס ליידנשאַפטלעכע געלעכטער, דאָס שטורמישע געזאַנג און די היסטערישע אויסגעשרייען פון די אָפיצירן און די פרויען, וואָס פלעגן געווינלעך זיך ליבן נעבן די ערשט־אויפגעריסענע קברים...

יאָ, אויפן חורבן און טויט פון די אַרמייען האָבן מאַן און פרוי, וואָס האָבן זיך קיינמאָל פריער נישט געקענט, געשלאָסן אַ בונד. אויפן מוראדיקן שלאַכטפעלד פון מלחמה־גאָט מאַרס שעכטן זיך די פעלקער קעגנזייטיק אויס. אין בעט און אויפן ליבע־פעלד קומען זיך די פעלקער ווידער צוזאַמען... עס זיינען די פרויען וואָס טראָגן נישט קיין שנאה, זייענדיק תמיד די הייליקע פּריסטערינס פון ליבע און זינד... דאָס פייערדיקע געשריי פון פלייש מאָנט

אין די סאַמעטענע נעכט. ברוטאַלע מלחמות קאָסיען אויס די בעסטע מענער און זין פון דער באַפעלקערונג. די כלות און די אלמנות גיבן זיך איבער צו די זיגער וואָס טיילן ברויט, צוקער, שאָקאָלאַדע און האָניק, און הענגען זאַקלאַדניקעס אויף גרינע, בליענדיקע ביימער פונם געשענדעטן לאַנד... נייַן, נישט די פרויען פירן מלחמות. נאַקעדיקע און הונגעריקע נאָך ברויט גיבן זיי זיך איבער צו די פאַרוויסטער פון זייער לאַנד, צו די מערדער פון זייערע מאַנען און קינדער. דאָס איז דאָס אוראַלטע געזעץ פון אוראַלטן, מענטשלעכן לעבן...

עס איז אַ פאַקט וואָס איך האָב געזען שוין אין דער קינדהייט: פוילישע פרויען האָבן פריי געלעבט מיט דער דייטשער, עסטרייכישער און אונגאַרי־שער אַרמיי.

— איר קומט אויפגראָבן אייערע מתים אויף די פוילישע פעלדער. אָבער איר זענט הונגעריק נאָך ווייבער. אַ סך פון אונדז זיינען דורך די גרויזאַמע מלחמה־יאָרן נישט אַנגערירט געוואָרן דורך קיין מענערישער האַנט... אונדזערע טייערסטע זיינען געפאַלן אין די שלאַכטן. מען האָט אונדזערע מענער גערויבט פון אונדז. אָפטמאָל אויך קומען אונדזערע מאַנען אַהיים — אימפּאָטענטע. איר האָט צעשאָסן מיט שראַפּנעלן זייערע טעסטיקלס. קומט, דייטשע אָפיצירן, קומט, איר האַנסעס און פריטצעס, אין אונדזערע בעטן. קומט שלאָפן מיט אונדז ביים שיין פון די שטערן. אויף די ווייכע און זיידענע געלעגערס פון גראָז. אַ, ווי עס באַגערט אונדזער קרעכצנדיק לייב נאָך מאַן, מעג ער זיין זיגער און באַזיגער... די פרוי איז אייביק אוני־ווערסאַל... זי ווייסט נישט פון קיין אונטערשיד אין בלוט. ראַסנשנאה איז איר פרעמד. פרעמדע אַרמייען, מיר גיבן זיך פריי איבער אין אייערע ברענענדיקע אָרעמס.. איר האָט באַזיגט אונדזער ערד צוזאַמען מיט אונדזער פלייש!...

דאָס אָנגעלויף פון אַלערליי פרויען אין סאָסנאָווו איז אָנגעגאַנגען לאַנגע וואָכן און חדשים. סאָסנאָווו איז געוואָרן איין גרויס הורנהויז, אַזוי ווי אַ פּאַר־צייטישע שטאָט אין אָריענט און אין די לענדער ווו עס שפּילן זיך אָפּ די געשעענישן פון תנך, ווי בבל און מצרים. איך האָב אָנגעקוקט די פרוי פון דער נאָענט. איך האָב אַריינגעקוקט אין איר פלאַמענדיקן פנים. אין אירע רייצנדיקע אויגן. פרוי האָט זיך אויסגעטאָן אַ מוטער־נאַקעטע אויף די קברים פון אירע מענער, ברידער, זין און פריינט. איך האָב געזען די וועלט־הור, וואָס די נביאים שילדערן מיט אַן עפּישער און מעכטיקער קראַפט אין זייערע שטאָלצע און פייערדיקע בלעטער. איך האָב געזען דאָס פעלד פון טויט און דאָס פעלד פון תאווה. דאָס פעלד פון טויט איז געוואָרן צום הורנבעט. אין די וועלדער זיינען אַרומגעגאַנגען נאַקעטע פרויען. ביי די טייכן זיינען

געלעגן פרעמדע ווייבער. דאָס פּוילישע פּרוויענטום האָט מזנה געווען מיטן גערמאַנישן באַגרעבער. דער טייטאָנער ברוט האָט געשאָכטן, האָט פאַרבלוטיקט און האָט באַגראָבן אין אָרדנונג. ער איז געקומען איבערשטעלן די קברים אויף די פּוילישע דערפער. ער איז געקומען כדי איבערצוענדערן בית עולמ׳ס. ער איז געקומען כדי רעראַגאַנזשירן פאַר דער געשיכטע דאָס פעלד פון טויט. און דערווייל איז די אַרמיי געשלאָפן מיט דער פּוילישער פרוי. מען האָט פון דעם הויז פון היימישער טאַטע־מאַמע, פון דע רקליינער שטוב וואָס האָט געלויכטן מיט איקאָנעס, באַקראַנצטע מיט פאַרטרוקנטע, גרינע צווייגן און מיט בלוט־רויטע קוויאַטן, אַרויסגעריסן דאָס שיקסל, די ווירגינע וואָס שמעקט מיטן ריח פון וואַלד, און זי אַטאַקירט אין דער פינצטערער נאַכט אויף אַ קבר. אויף די צעפוילטע ביינער און די צעבראָכענע קנאָכן פון אַ מאָסקאַלעץ האָט מען פאַרגאָסן די זוימען, פאַרשוועכנדיק די אומשולד פון ייִנגע טעכטער. די זשאַבעס אין די זומפּן האָבן געשאָלטן לויטן פאָלקלאָר. די טונקעל־בלויע וואראנעס מיט די קורצע, דיקע שנאָבלען האָבן געקראַקעט. די פערד האָבן געהירזשעט. די אינסעקטן האָבן געשריגן אין די נעכט. די גרילן האָבן הייזעריק געזעגט דורך דער לופט. אויף דעם פאַרבלוטיקטן פּוילישן פעלד האָבן זיך געגאָסן בעכערס מיט וויין, פלעשער מיט בראַנפן און ביר און פאַרשאָלטענע גערמאַנישע זוימען. עס איז דאָ אויף פרעמדער ערד איבערגעלאָזט געוואָרן אַ פאָלק מיט ממזרים און בענקאַרטעס. דייטשע זין און טעכטער זייַנען פאַרפלאַנצט געוואָרן אין ייִנגע טראָכטן פון פּוילישן פּרוויענטום. אַזוי ווי דאָס פּוילישע פאָלק וואָלט סיי ווי נישט געהאַט אין זייערע אָדערן שלעכט בלוט.

אָט אַזוי שלאָגן זיך פעלקער אין אַ מוראַדיקן געשלעג. און אַזוי האַלדזן זיך פעלקער אין דער נאַכט פון ליבע, ביים איבערשטעלן די קברים פון „העלדיש־געפאַלענע" זין פון נאַציאָנען...

און איך בין געווען קליינטשיק אינגעל. איך האָב דאָס אַלץ געזען מיט מייַנע אייגענע אויגן. דער קינפּטיקער שרייבער און פאַרשרייבער אין מיר האָט שוין אָנגעהויבן מיט שטוינונג אַריינצוקוקן אין אַ וועלט מיט מענטשן. אַזוי ביז היינטיקן טאָג. ווען איך שטיי נאָך אַלץ אין געוואַלטיקער איבעראַשונג פאַרן שטורעם פון מענטשן. און אין יעדער איינציקן מענטשנפּנים בליצט אַ שיקזאַל, לויכט אַ מזל, שטראַלט אויף אַ לוסטיק אָדער אַ פינצטער און אַ צעבראָכן לעבן. און וווהין גייען זיי אַלע? — פרעגט דער שרייבער. איין דור קען נישט דעם אַנדערן דור. איין דור איז מוראַדיק קאַלט און גלייכגילטיק צו די יסורים פונם פריערדיקן אָדער שפּעטערדיקן דור. און זיי יאָגן אַלץ ווי אַ פייערדיקער שטורעם פון יסורים און איינזאַמקייט. זיי יאָגן זיך, ווייזט אויס, צו ערגעץ אַ זון, ווי דער גאַנצער אוניווערס טראָגט זיך אין מוראַדיק־איינזאַמען רוים, אפשר צו גאָט צו?...

און אַצינד איז אויסגעגראָבן געוואָרן איין טיפער גרוב נעבן דעם פריערדיקן, אידילישן צעמענטאַזש, מיט זיינע פון ווינט און רעגן צעגריזשעטע מצבות, אַזוי ווי די אַרויסגעוואָקסענע ציין פון די טויטע. פונפצן הונדערט סקעלעטן זיינען צוזאַמען באַגראָבן געוואָרן. יעדעס מאָל וואָס מען האָט דאָ אַריינגעשאָטן די ביינער, זיינען אויף זיי אַרויפגעגאָסן געוואָרן שטראָמען מיט ווייסע, ברענענדיקע קאַלעך און צום סוף איז די שרעקלעכע מאַסע פון רוסישע, דייטשע, עסטרייכישע, אונגאַרישע, סערבישע און בולגאַרישע סאָלדאַטן — און פון נאָך אַ סך פעלקער, איינגעשלאָסן אידן — צוגעשיט געוואָרן מיט היימישע, פוילישע ערד. פון פופצן הונדערט לעבנס האָט מען צוזאַמענגעבראַכט שטיקלעך ביינער וואָס קיין שום מאַמע און קיין טאַטע וואָלט זיי נישט מער געקענט דערקענען. און וואָס דער רבונו של עולם, דער פאָטער פון אַלע ערדישע לעבנס, האָט אין פינצטערע נעכט אויך נישט געקענט דערקענען אַלס זיינע לייבלעכע קינדער, און וואָס דער נביא יחזקאל, מיט זיין פינצטער־צעאַקערטן פּנים פון ביטערן צווייפל, וואָלט אַוודאי ביים דאָזיקן באַרג מיט ביינער געשטאַנען אַ פאַרלוירענער און אַ פאַרזונקענער אין צווייפל און אין פּחד. דער נביא וואָלט בקיין שום אופן נישט געגלויבט אַז מען קען דאָס דאָזיקע פאָלק פון ביינער צוריק אַמאָל אויפשטעלן צו אַ לעבעדיקן פאָלק. אַזוי פאַרמישט זיינען די דאָזיקע ביינער געווען. אַזוי צוזאַמענגעקנאָדערט האָט זיי דער פייער־בלוטיקער גאָט מאַרס מיט זיינע פלאַם־פינצטערע און מוראדיקע הענט...

עס זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן צוויי בערגלעך, פיין־פאַרגלעטע און מיט גראָז און בלומען פאַרצירטע. אויבן, איבער אַ שפּליטער פון אַ רויען פעלדז, איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ קופּערנע פלאַטע מיט אַן אַ שיעור רוסישע און דייטשע נעמען. פאַרשטייט זיך אַז פון הונדערטער לעבנס איז אַפילו קיין שום נאָמען נישט געווען באַקאַנט. די נעמען זיינען געפאַרבט געוואָרן מיט זילבער. און מיט גרויסע, גילדענע און מאַסיווע אותיות איז געווען אויסגעקריצט די מכלומרשט שטאָלצע און היפּאָקריטישע פראַזע: „כבוד און רום צו די אומשטערבלעכע העלדן, אַלע דאָ געפאַלענע אויף פוילישן פעלד אין קאַמף פאַר דער פרייהייט און ווילזיין פון זייערע פאָטערלענדער"...

* * *

די דייטשע אָפּיצירן זיינען אַוועקגעפאָרן. עס איז פּלוצלינג שטיל געוואָרן אין סאָסנאָווו, ווי נאָך אַ גרויסן שטורעם אין דער נאַטור. דאָס זינדיקע פּרוויענטום איז צוריק אָפּגעטראָטן אין זייערע היימען, אין זייערע זומפּן און לעכער, ווי עס טרעטן צוריק אָפּ די פיש און כל־ערליי שרצים נאָך אַ פאַרפלייצונג און אַן אויסגוס פון ים. אַ סך היימישע שיקסעס זיינען אַרומגעגאַנגען שוואַנגערנדיקע איבערן דאָרף, מיט געשוואָלענע, שפּיציק־אויפ־

געבלאָזענע בייכער. פילע פרויען האָבן געבוירן קינדער פון דער דייטשער אַרמיי. און עס זיינען אַפילו געווען פאַלן ווען פוילישע פרויען האָבן זיך געוואָרפן אין די שטורעמדיקע כוואַליעס פון דער ווייכסל, בשעת בייזע גע־וויטערס. און פיל פרויען האָבן אויך חתונה געהאַט מיט פויערישע יינגען. די דייטשע קאָלאָניסטן האָבן ווי עס איז אויפדאָסניי רעמאָנטירט זייערע הייזער, שטאַלן און סטאָדאָלעס. מען האָט מיט גרויס פלייס אָנגעהויבן צו־ריק צו בעאַרבעטן דאָס אויף אַ צייט פאַרלאָזענע און געשענדעטע פעלד, וואָס איז ווידער געוואָרן געטריי צו זיין בעל־הבית און האָט אין טיפער דאַנקבאַרקייט אָפּגעדינט מיט ערדישער שפע.

די צוויי בערג זיינען פאַרצויגן געוואָרן מיט אַ גרינעם, זאַפטיקן און ריינעם גראָז. אַזוי ווי די מערסטע קברים־בערגלעך אין דער געשיכטע. אָבער די רו איז נאָר געווען, ווייזט אויס, אַן אויסערלעכע. די באַפעלקערונג האָט זיך אָנגעהויבן צו דערציילן פאַרשידענע מעשות און לעגענדעס וועגן דעם מוראדיקן אומרו פון די טויטע...

צום ביישפּיל: איינמאָל האָט אַ פוילישע פויערטע דערציילט אַז ווען זי איז אין איינעם אַ בלויען באַגינען אַדורכגעגאַנגען נישט ווייט פון בית עולם, האָט זי געהערט מאָדנע געשרייען פון דאָרט. סאָלדאַטן זיינען גע־גאַנגען אין אַ בלוטיקער שלאַכט, „נאַ שטיקי", אויף באַיאָנעטן. זיי האָבן מוראדיקע געשריגן „הורא" און אַן אָרקעסטער האָט שטורעמדיק געקלאַפּט און גערופן צו באַטאַיל... שווערטן און פיקעס האָבן זיך אָנגעשלאָגן און געבראָכן איינס דאָס אַנדערע. אויך צוריק לעבעדיקע פערד האָבן זיך באַ־טייליקט אין דער טויטער שלאַכט. די טויטע אַרמייען האָבן אויפדאָסניי גע־עפנט דאָס בלאַט פון מלחמה... ווארים אַפילו אין טויט האָבן זיי זיך בלו־טיק פיינט געהאַט איינס דאָס אַנדערע... אַוודאי זיינען זייערע ביינער מיט געוואַלט פאַראייניקט און אויסגעמישט געוואָרן. אָבער ווי נאָר עס פאַלט צו די נאַכט, ברעכט אויס דער אוראַלטער געשלעג צווישן די פעלקער. די נאַקעטע קנאָכנס, די פאַרפוילטע ביינער עפנען אַ נייע שלאַכט...

די פוילישע פויערטע איז שנעל אַנטלאָפן פונם פלאַץ פון באַטאַיל. זי האָט דערציילט אַז רוסישע קאָזאַקן, דייטשע גרענאַדירן און עסטרייכישע דראַגונער האָבן איר ווילדע נאָכגעיאָגט... די טויטע קריגערס האָבן גע־וואָלט אַטאַקירן אין טוי־שמעקנדיקן באַגינען אַ פוילישע פרוי... יאָ, אויך אין טויט ווערט אפשר דער מוראדיקער הונגער נאָך ווייב נישט אינגאַנצן אויסגעלאָשן... אין די ביינער אַפילו ברענט די תאווה...

* * *

עס איז אָנגעקומען דער ווינטער מיט זיינע טיפיש־פוילישע פרעסט און שנייען. און אויך דער פרילינג האָט אין איינעם אַ טאָג אָנגעקלאַפּט אין טיר־און־טויער פון פוילישן לאַנד. ווידער צינדט זיך אָן גאָר די נאַטור

אַזוי ווי אַ רייכע, פילפאַרביקע אילומינאַציע. אַלץ ברעכט אַרויס צום נייעם לעבן. די נאַטור ווערט תמיד געבוירן מיט אַ זעלטענער פרישקייט און כישופדיקער נייקייט, ווי אין די ערשטע גרויסע טעג פון מעשה בראשית. דער געניוס פון דער נאַטור ברעכט זיך אַרויס צום לעבן אין מיליאַנען קרעאַטורן: אין פייגל, קעץ, הינט, פערד, קי, שעפסן און הינער. אַלץ לעבט אויף און פרייט זיך מיט שטורעם און מערט זיך אין בונטער און פייערדיקער שפע, אַזוי זינט די גראַנדיעזע טעג פון וועלט־באַשאַפונג, ווען דער רבונו של עולם האָט זיך אויפן זיבעטן טאָג אָפּגערוט פון דער אומגעהויערער קאָסמישער פּראַצע. די ערד ווערט ווייבלעך־ווייך און רייף צום געבורט פון אַלע לעבנס און כל־ערליי שרצים און ווערמווארג קומען אויך אָן אין די מילי־מיליאָנען צאָלן... אויך זיי קומען אָן, די אמת'ע מחותנים פון לעבן און פון טויט... וואָרים די קלוגע זיגער און באַזיגער פון דער ערד, די צאַרן און צעזאַרן, זעען שוין צו זינט לאַנגע דורות אָן אַז די שרצים זאָלן תמיד האָבן וואָס צו קייען, וואָס צו גריזשן און צו פרעסן...

אויך העגטשכען איז געוואָרן שענער און ווייבלעכער. דער טרויער פון אירע בלויע, גערמאַנישע אויגן האָט אָנגעהויבן זיך אויסצוועפּן. זי האָט אויסגעבליט ווי אַ הערלעכע בלום אויף פעטער און פייכטער ערד. עס איז אויסגעוואַקסן אַ ווונדערלעכע טאָכטער פון די שטאָלצע און בלוטיקע טײַ־טאָנער שטאַמען. פון די טיפע פרייסישע וועלדער איז אַרויסגעגאַנגען אַ גערמאַנישע כלה מיט רויטע האָר, אַזוי ווי בלוט. בלוטיק און שיין ווי שאַנ־גאַוערס אַ מאַדאָנע... ווי היינריך היינעס יוגנט־פריינדין, דעם הענקערס טאָכטער...

איינמאָל אין אַ טאָג בין איך ווידער געגאַנגען מיט העגטשכען אין וואַלד אַריין, כדי אָנצוקלייבן שוואָמען. ערב דעם גרויסן וואַלד שטייט פּאַראַנ־קערט די מאָדנע שיף: דאָס אַלטע, אידילישע בית עולם און דאָס נייע, געוואַלטיקע מאַסנקבר. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביים אַלטן צעמענטאַזש. די קברים זיינען דאָ צעלעגט אין דער ערד מיט אַן אידילישער אָרדנונג און דורותדיק־אַלטער שטילקייט. די מענטשן פון דאָרף סאָסנאָוו האָבן לאַנגע יאָרן פרידלעך געלעבט און זיי זיינען אין די טעג פון זייער עלטער פריד־לעכע געשטאָרבן פון היימישע חולאַת'ן און פרידלעכע באַגראָבן געוואָרן. מען האָט זיי מיטגעגעבן דעם יאָמער וואָס עס איז זיי געקומען און מען האָט אויף זייערע בערגלעך געפלאַנצט מולטיקאָלירטע קוויאַטן. עס האָבן דאָ היימיש געוויאַנעט די קרענץ בלומען פון פּאַראַיאָרן און פון אַ יאָר־צענדליק צוריק. די ריזיקע ליפּעס רוישן אויס דייטשע תפילות. זייערע פייגל זינגען אויס לאַמענטאַציעס, פון דעם גרויסן קאָמפּאָזיטאָר „מענטש־לעכער טרויער" פאַרפאַסטע. די דיקע שאָטנס פון די בוימערשע שטאַמען און די מאַסיווע צווייגן מאַכן שטילער און אידילישער די קברים־בערגלעך.

דאָ איז נאָך דער טויט אידיליש און ער שמעקט מיט היימישקייט און מיט נאַטירלעכקייט...

באַלד גייען מיר אַריבער צו דעם נייעם מאַסנקבר. מיר זיצן צופיסנס פון די מאַסיווע בערג און שטיינערנע פּיעדעסטאַלן. נישט מיט קיין ווייסע בלומען פון פעלד און פון טייך־ברעג האָט מען דאָ באַגראָבן די טויטע, נאָר מיט שניי־ווייסן, ברענענדיקן קאַלעך. די וואָלקנס איבערן הימלישן לײַנוואַנט ציען פרייע און שטורעמדיקע אַוועק צו ערגעץ מיסטעריעזע זאַמלפּונקטן. די זון הויבט שוין אָן צו ברענען מיט אַ זומערדיקער היץ. העכטשכען זיצט מיט מיר אויף די שטיינערנע טרעפּלעך. פּלוצלינג ברעכט אויס דאָס דייטשע מיידל, מיט די בלוטיק־זײַדענע לאָקן, אין אַ שרעקלעכן יאָמער. איך נעם זי אײַן ווי אַ קינד. איך טוליע און ליולע זי צום אידישן האַרצן. איך וויש אָפּ מיטן זייד פון מײַנע הענט אירע ברענענדיקע טרערן. איך קוש אַראָפּ פון אירע פאַרטריפטע באַקן איר נאַסן שטראָם געוויין. ענדלעך, נאָך אַ לאַנגען שווײַגעניש, הויבט העכטשכען אָן צו רעדן:

— נעכטן בײַנאַכט האָט זיך מיר געחלומט אַז די סאָלדאַטן קומען צו מיר. זיי נעמען מיך אַ מוטער־נאַקעטע אַרויס פון דעם הייסן געלעגער. זיי טראָגן מיך אַזאַ דערשראָקענע אַוועק אין דער טיפעניש פון זייערע וועלדער. פאַרויס רײַט אַ טונקעלער ריטער און ער זינגט מיט אַ וויינענדיקן קול. איך ליג אין אַ טרומנע, אין אַ זײַדענעם העמדל און מען לעגט אַריבער מיר אַ ים מיט פרישע בלומענקרענץ... די אַרמיי האָט מיך ליב... די סאָלדאַטן ווילן מיך באַזיצן...

— גיי שוי, גיי, נאַרישע מיידל. דו באַדאַרפסט נישט חלומען אַזעלכע מאָדנע חלומות. עס איז אַ שאָד דײַנע שיינע אויגן צו טונקען אין ברענענדיקע טרערן! — פּרווו איך אידישלעך־נאַיוו אײַנשטילן די גערמאַנישע כלה, ווען עמנס עלטערן קומען פון פרײַסן, ווען עמנס אורעלטערן שטאַמען פון די געדיכטע טייטאָנער וועלדער, ווען עמנס אורזיידע רײַט מיט אַ פאַרבלוטיקטן קאָפּ פון אַ רוימער אויף זײַן פּיקע...

איך וויל אידישלעך־אידיליש אײַנשטילן די געהיימנישפולע באַגערעניש פון אַן אויפגייענדיקער דייטשער פרוי, וואָס האָט מורא צו חלומען פון איר בעט — חלומט זי פון דער טרומנע... וואָס וואָגט נישט צו חלומען פון איר געשלעכטלעכער באַפרידיקונג — חלומט זי פון טויט און פון טויטע דייטשע אַרמייען... אָבער דאָס רעדט שוין די פרוי איר גרויסן לשון. דאָס שמייכלט שוין די פרוי צו דער נייער אַרמיי, וואָס וועט אַ דור שפּעטער אויפדאָסניי באַפאַלן דאָס לאַנד און וועט מיט אַ מוראדיקער גרויזאַמקייט אויפדאָסניי שעכטן, שענדן און חרוב מאַכן... אָט אַזוי חלומט אַ דייטשע קינד אין די טעג פון מלחמה, אויף דער לאַנקע פון בלוט און טרערן...

מיר זײַנען איצט אַרײַנגעגאַנגען טיפער אינם געדיכטן וואַלד און גע־

קליבן דאָס גאָלד פון געלע, בראַנדזענע בלומען. דער וואַלד איז געווען אַ פּאַרוואָקסענער און אוראַלטער. פאַנטאַסטישער פויגל אין כל־ערליי קאָלירן האָבן אַרומגעהאָפּקעט אויף די צווייגן און געזונגען פינצטערע באַלאַדעס. רויטע וועווערקעס און גרינע יאַשצערקעס האָבן אונדז יעדער ווילע איבער־געשראָקן מיט זייער פלוצלינגער דערשיינונג... מיר האָבן דערהערט טריט צווישן די בוימער... אַ פּאַטשעריי פון מענטשלעכע הענט... מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין אונהיימלעכער שרעק. הענטשכען האָט פּאַר פחד אָנ־געהויבן שטיל צו וויינען און צו ציטערן מיט אַלע אירע גלידער. אויך איך בין געווען איינגעהילט אין לויטער פחד. שנעל זיינען מיר אַרויסגע־גאַנגען פון דער מוראַדיקער טונקלעניש פון וואַלד. די געהיימנישפולע טריט האָבן אונדז נאָכגעפאָלגט. אָט איז שוין דאָס מענטשלעכע פּאַטשעריי מיט די הענט געווען נאָענט צו אונדז. נישט קיין וואונדער, האָב איך געטראַכט מיט שרעק: מען קען די מענטשלעכע נשמה קיינמאָל נישט באַגראָבן. זייערע נישט־דערלעבטע לעבנס זעצן צוריק אַרויס פון די קברים און וואַנדערן קרעכצנדיקע און יאָמערנדיקע אַרום אין די וועלדער. די לופט איז פול מיט פייערדיקע נשמות. זייערע געשרייען און יסורימדיקע זיפצן דרינגען אַדורך דעם רוים און ציטערן פון איין עק וועלט ביז צום אַנדערן עק וועלט...

* * *

הענטשכען איז קראַנק געוואָרן מיט לונגענאָנצינדונג. זי ליגט אין בעט, די גאָלדענע מאַדאָנע, אין אַ פלאַם פון פיבער אַ פאַרשרפה׳טע. איך זיץ נעבן איר און איך דערצייל איר פאַנטאַסטישע מעשות. דער קינפּטיקער שרייבער אין מיר שפּינט שוין די זיידענע פעדים פון נאָוועלע... זי רעדט עפּעס פון היץ מיט אַ ניי־אָנגעצונדענעם לשון און זי דערמאָנט איר חלום, ווי אַזוי די סאָלדאַטן טראָגן איר אַזאַ מיט בלומען־באַקראַנצטע אין דער טרומנע... אויף די וועגט קלאָגן די מלאכים, די פרויען און די אַלטע לייט פון דירער׳ס „לאַמענטאַציע״. שאַנגאַוערס ווירגינע האַלט אין איין האַנט דאָס קינד — אָן אַלטן, שטאַרבנדיקן איד — און אין דער צווייטער דינער, פיין־געצייכנטער האַנט טראָגט זי אַ צאַרטע, איידעלע בלום... אויפן פענצטער שטייט אַ גרויסער וואַזאָן און די פלאַנצן שטייגן הויך אַרויף, ביז צום סופיט. זיי וועלן דאָך מאַכן אַ לאָך אין פולאָפּ, פּאַלט מיר איין...

אין דער נאַכט איז הענטשכען שטילערהייט אויסגעגאַנגען. איך האָב אַ סך געוויינט און פאַרגאָסן די טרערן פון מיין ערשטער, אינגלערישער ליבשאַפט... מען האָט הענטשכען באַגראָבן נעבן די קברים פון איר זיידען און באָבען, די ערשטע פּיאָנערן פון סאָסנאָוו, אויפן אַלטן און אידילישן צעמענטאַזש, אַנטקעגן דעם נייעם, גרויסן מאַסנקבר... ווען איך פלעג אין די שפּעטערע צייטן גיין געהיימנישפול שפּאַצירן איבער די פעלדער, כדי צו באַזוכן דאָס קליינטשיקע בערגל אונטער וועלכן עס איז געשלאָפן מיין

ערשטע געליבטע, הענטשכעך, האָבן זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן די מאַסיווע, גאָלדענע אותיות פונם מאָנומענט, אויף דער מעטאַלענער פּלאַטע:
„כבוד און רום צו די אומשטערבלעכע העלדן — אַלע דאָ געפאַלענע", א. א. וו.
די דאָזיקע פראַזע האָט מיר שוין דעמאָלט אויסגעזען צו זיין אַ פאַלטשע, באָמבאַסטישע און היפּאָקריטישע. אַ געשמאַקלאָזע שורה פון אַ נישט־טאָ־לאַנטפּולן ליד, געשטעלט אין אָנדענק פון יענע מענטשן וואָס האָבן בקיין שום אופן נישט געוואָלט שטאַרבן מיט קיין העלדישן טויט און זיי וואָלטן אַלע בעסער אויסגעוויילט דאָס געוויינלעכע לעבן, מיט טויזנט טריוויאַלי־טעטן... אָבער פאַרוואָס, האָב איך געפרעגט אין פולער נאַאיוויטעט, האָבן זיי צוגענומען הענטשכען צו זיך? פאַרוואָס האָבן זיי נישט געלאָזן דאָס ליבע, דייטשע מיידל אויסוואַקסן און ווערן צום פולן און מאַטורן ווייב און געניסן איר ווייבלעך לעבן און ירשענען דאָס גרינע פעלד פון אירע עלטערן...

דאָס קליינע בערגל איז נאָך אין דעם זעלביקן הייסן זומער גרין געוואָרן. איר קבֿרל האָט זיך אידיליש איינגעבירגערט צווישן די קבֿרים פון איר זיידען און באָבען, די ערשטע פּוד׳ס, און די אַנדערע פרייסישע איינוווינער פונם קליינעם דערפל סאָסנאָוו. איך האָב אויף הענטשכענס ליבן בערגל פאַרפלאַנצט בלומען. זיי האָבן שטילע און באַשיידענע אַרויסגעבליט פון דער ערד, די גאָלדענע קוויאַטן פון מיין ערשטער ליבע...

שוין לאַנג ווי איך האָב דאָס דאָזיקע קבֿר נישט געזען. שטורעמס און הוראַגאַנען זיינען דורך דער צייט אַריבער דער פּוילישער ערד. די קאָפּי־טעס פון פערד פון נייע אַרמייען האָבן דאָ ווידער געטראָטן מיט חוצפּה. דיין פאָלק, הענטשכען, איז דאָ ווידער געקומען און זיי האָבן ברוטאַל און אכזריות־דיק אַרויסגעריסן די לעבנס פון מיינע מיליאָנען ברידער און שוועסטער. דיין גרויזאַם פאָלק, האָט אין האַנט מיט די פּוילישע מערדער און פאַרע־טער, האָבן גערויבט, געשענדט, געברענט און געשאָכטן מיינע ברידער, מיינע שוועסטער און זייערע קליינע קינדער... אָבער דיך, קליינע און גאָלדענע הענטשכען־קינד, האָב איך מיט לירישן געמיט אַריינגעשטעלט אין די סאַמע ערשטע בלעטער פון דעם בוך פון מיין לעבן...

* * *

אין זכּרון זיינען געבליבן שטיין צוויי מענטשן, וואָס געהערן אויך צו דעם דאָזיקן קאַפּיטל און זיי קענען צוגעשטעלט ווערן ווי איידעלע וויניעטן, וועלכע שליסן אָפּ מיין טראַגישע יוגענט־אידיליע...

עס האָבן זיך אין סאָסנאָוו געיאָוועט צוויי פרויען, אַ מוטער און אַ טאָכטער, וואָס זיינען כּסדר פאַרביי געפאָרן אונדזער הויז אין אַ טונקעלע דראָשקע, פון און צום נייעם בית עולם...

איין פרוי איז געווען אַן עלטערע, אַן אַריסטאָקראַטיש־אויסזעענדיקע, אין טונקעלע, זשאַלאָבנע קליידער און באַהאָנגען מיט פאַנטאַסטישער צי־

רונג. די צווייטע פרוי איז געווען איר יינגע טאָכטער, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ געלער מלאך אויף איקאָנישע מאָלערייען... די זון איז קיינמאָל נישט אונטערגעגאַנגען אויף איר פּנים... זי האָט קיין שום צירונג נישט געטראָגן, ווייל זי איז געווען לויטער גאָלד סיי ווי... זי האָט זיך נישט גענויטיקט אין דעם ליכט און גלאַנץ פון ביזשוטעריע...

— וואָס האָבן די צוויי פרויען דאָ געטאָן, פרעמדע און איינזאַמע אין אַ פּוילישן דאָרף, צווישן דייטשן?

די פּויערים האָבן געשמועסט אַז זייער מאַן און פאָטער, אַ צאַרישער גענעראַל, איז דאָ געפאַלן בשעת די שלאַכטן... זיינעביינער רוען אין דעם גרויסן מאַסנקבר צוזאַמען מיט די ביינער פון זיינע אַרמייען... מוטער און טאָכטער זיינען געקומען באַזוכן זייער מאַן און טאַטן...

עטלעכע וואָכן צייט האָבן זיי פאַרבראַכט אין סאָסנאָווו... זיי האָבן אויך באַזוכט אונדזער שטוב און געקויפט ביי מיין טאַטן זייגערלעך און אַנדערע צירונג. דער טאַטע האָט גוט געקענט רוסיש און ער האָט מיט זיי פיל גערעדט, דערציילנדיק זיי פון זיינע אַמאָליקע אַוואַנטיורעס אין רוסלאַנד, וואַנדערנדיק אַלס סוחר אַזש ביזן ווייטן אוראַל...

איך געדענק: די עלטערע פרוי האָט רעדנדיק מיטן טאַטן זיך צעוויינט און פאַרהילט איר פּנים צווישן אירע טרויעריקע הענט... די טאָכטער האָט זיך געפרייט מיט איר צירונג און זיך היפּש געלאַנגווייליקט אין דער מאַמעס טרויער און צער... זי האָט אַוודאי קוים געדענקט איר טאַטן, דעם צאַרישן גענעראַל...

איך האָב אָפט געזען ביידע פרויען שפּאַצירן אין דער קעגנט פונם נייעם בית עולם... זיי פלעגן אויך זיצן ביים ריזיקן מאָנומענט... איינזאַמע און פאַרטרויערטע...

די ביינער פונם גענעראַל ליגן צוזאַמען מיט זיינע טויטע אַרמייען...
איך האָב געזען די דאָזיקע ביינער... איך האָב געזען דעם טויטן גענעראַל...

## דעם טאַטנס געהיימנישפולע קאַסע

מיין מוטער און מיין שוועסטער מירעלע האָבן געוווּסט אַז דער טאַטע האַלט אַן אַ קאַסע ערגעץ אין אַ באַנק אין די בראָנקס. אין די מורא׳דיקע טעג פון זיין שטאַרבן, ווען דער טאַטע איז געלעגן אין בעט, אַ שטאַרבנדיקער קייסער, ווע‏מענס פלייש יאָמערט אַראָפּ פון די ביינער, און ער פלעגט רעדן מיט אַ וויינענדיקער שטימע, פול מיט זעלבסט־רחמנות, פלעגט מיין שוועסטער אים ווע‏לן זאָגן:

— טאַטע! זאָג אונדז ווו דו האָסט דיין קאַסע? אין וועלכער באַנק? זיי אַזוי גוט און גיב אונדז איבער דעם שליסל... עס איז גוט אַז מיר זאָלן וויסן...

אבער, זי האָט עס קיינמאָל נישט געוואָגט צו טאָן. זי האָט ווייל געוווּסט אַז אַזאַ פּראַגע וואָלט ווי מיט אַ קיזלשטיין צעשמעטערט דעם טאַטנס שאַרבן. עס איז אמת אַז דער טאַטע האָט פינצטער געוווּסט פון זיין געפערלעכן צושטאַנד. פונדעסטוועגן האָט ער נישט באַזעסן די אָביעקטיווע קראַפט ניכטער און רואיק צו קענען זיך פאָרשטעלן זיין אייגענע נישט־עקזיסטענץ... דאָס איז געווען איבער זיינע כוחות... און ווער פון אונדז, שוואַכע מענטשן, איז דען אימשטאַנד זיך פאָרצושטעלן זיין אייגענע לויה? און ווער זעט די פּראָצעסיע פון די געטרייעסטע, וואָס גייען נאָך דעם אייגענעם ארון? און ווער קען באַגרייפן די גאַס, די שטאָט, די וועלט, דעם קאָסמאָס — אָן זיין פייער־זייליקע עקזיסטענץ? דערציילט דען נישט דער תנ״ך וועגן דעם געיאָמער פון קעניגן ערב־שטאַרבן?

צוליב דער זעלבער סיבה האָט מיין טאַטע נישט איבערגעלאָזט קיין שום שריפטלעכע צוואה... וועגן טויט האָט ער קיינמאָל אין זיין לאַנגן לעבן נישט געטראַכט. עס איז געווען איבער זיינע גייסטיקע מעגלעכקייטן צו טראַכטן פון דער מענטשהייטס עקזיסטענץ — אָן אים... ער איז געווען מעכטיק איינגעוועבט אין די געזעצן פון דער וועלט. ער איז געווען אַן אייביק־לעבעדיקער און שטורמיש־אַקטיווער טייל אין דער וועלט...

מיין שוועסטער מירעלע האָט דעריבער דעם טאַטן נישט געקענט שטעלן די דאָזיקע מורא׳דיקע פראַגע:

— ווו, אין וועלכער באַנק, האָסטו די קאַסע דיינע? ווו באַהאַלטסטו דאָס שליסעלע? צי ווייסטו נישט אַז דיינע לעבנס־טעג דערנענטערן זיך צו זייער סוף און דיין לעבן גייט זיך באַלד שליסן?!...

דער טאַטע איז געשטאָרבן און די קאַסע איז פאַרבליבן צו דער פאַמיליע אַן אייביקע געהיימניש. ווו געפינט זיך דעם טאַטנס קאַסע? און וואָס איז דאָרטן פאַראַן? באַרעס געלט — אָדער גאָלדענע און זילבערנע זייגערלעך? געפינט זיך דאָרטן אַ בערגל מיט גאָלדענע און בריליאַנטענע צירונג? אָדער קריכן דאָרטן אַרום שוואַרצע ווערם פון דעם טאַטנס לעבן? ווער ווייסט און ווער קען פאַרשטיין?! אין טאַטנס קבר איז מיטגעגאַנגען אַן אייביקע געהיימניש!...

## דער טויט פון קראַנקע זייגערס

מיין שוועסטער מירעלעס זון, לעאָן, איז געווען אַ גרויסער פּאַטריאָט פון זיין זיידן. און אָפט פלעגט ער מיר דערציילן מעשה׳לעך פון די לעצטע טעג פון מיין טאַטן. לעאָן און זיינע יונגע חברים פלעגן באַוווּנדערן מיין טאַטנס שטאָלצן גיין איבער דער גאַס. זיין הויכע און גענעראַלסקע פיגור.

די אויסגעשטערעקטקייט און דאָס האַלטן זיין גרייז־גרויען קאָפּ הויך אויף זיינע מעכטיקע פּלייצעס. זיין ביטערן קאַמף מיטן טויט. דאָס נישט וועלן אונטערגעבן זיך צום פירכטערלעכן מלאך המות. אין די סאַמע לעצטע טעג פון זיין לעבן האָט מיין טאַטע נאָך געפּרוווט גיין צום עלעווייטאָר און צו פאָרן אויף דער בויערי, כדי צו באַזוכן די אַנטיק־געשעפטן און די לאָמבאַרדן, ווו טויזנט אַנטיטשנע און פאַרבנרייצנדיקע זאַכן האָבן גע־שטראַלט צום אויג פון מיין טאַטן, וועלכער האָט דורך זיין גאַנץ לעבן באַוווּנדערט די גרויסקייט און די שיינקייט פון מענטשלעכע הענט. אפשר ווייניקער סענסיטיוו צו די מאַיעסטעטישע שאַפונגען פון גאָט — כאָטש ער איז אַוודאי געווען אַן ענטוזיאַסטישער באַוווּנדערער פון דער נאַטור און ער האָט ליב געהאַט די שיינע פּרוי — האָט ער אָבער תמיד נאָך מער באַוווּנדערט די מייסטערשאַפט פונם קינסטלער, די גלענצנדיקע אַרטי־זאַנישקייט פונם בעל־מלאכה, די פלינקייט פונם פאַכמאַן, דעם געדולד פונם ציזעלירער. ער האָט תמיד געזען שיינקייט דאָרט וואו דער געוויינלעכער מענטש גייט פאַרביי טעמפּ און גלייכגילטיק. ער פלעגט זיך אָפּשטעלן אויף דער גאַס פאַר אַ שיינער פּרוי און אַראָפּנעמען פאַר איר זיין הוט און לאַנג שטיין בלייבן מיטן נאַקעטן קאָפּ און זי באַוווּנדערן מיט בענקענדיקע אויגן און מיט אַנגעצונדענעם תהלים אין האַרצן. אָבער ווייז מיין טאַטן אַ קונסט־ווערק, אַ געשניצעכץ פון מענטשלעכע הענט, אַ שטיק גאָלדענעם גאָס פון טשעלינישער קונסט, און ער צעשמעלצט זיך פון גרויס מתיקות.

איינמאָל, שוין אין דער וואָך פון זיין שטאַרבן, דערציילט מיר מיין פּלימעניק לעאָן מאַנדעלבוים, האָט דער טאַטע זיך מיט גרויס שוועריקייטן אָנגעטאָן. די בגדים זיינען לויז געהאָנגען איבער זיין אויסגעמאַטערטן גוף, איבער זיין גוף וואָס איז געוואָרן נאַקעטיקער הויט און ביין, אַזוי ווי עס הענגען לויז די קליידער אויף אַ סטראַשידלע אינמיטן ווינטיקן, פּוילישן פעלד... אין זיינע פיבערישע אויגן איז געווען שטרענגקייט און אָנשטרענ־גונג. דאָס איז געווען מיין טאַטנס סאַמע לעצטער פאַרמעסט. אין דרויסן איז געגאַנגען אַ געדיכטער, יאַנואַרישער שניי. וואָס האָט מיט זיין נעץ, קעלט און שאַרפקייט דערמאָנט אין דעם ברוטאַלן ווינטער אין פּוילן. דער טאַטע שפּאַנט ווי אַ שווער פאַרווונדעטער איבער די ברודיקע בראָנקסער געסלעך.

ער גייט צו צום עלעווייטאָר פון דריטע עוועניו. ער שטעלט זיך אָפּ אַ ווילע. ער קוקט זיך אַרום אויף די הייזער. אויף דער ניו יאָרקער שטיינערנער לאַנדשאַפט. ער וואַקלט זיך מיט דער בלוטנדיקער ווונד אין האַרצן. ענדלעך נעמט ער זיך אָן מיט מוט און ער באַשטייגט מיט אַנטשלאָסנקייט די אייזערנע טרעפּ...

פאַרנאַכט האָט מען געזען דעם טאַטן צוריקקומען פון דער בויערי. ער האָט אונטער זיינע אָרעמס געטראָגן אַ רויטן, אַ מאָדנעם זייגער. דאָס איז שוין גאָר געווען אַן אַנטיק פון אַ זייגער! ערגעץ פון יאַפּאַן איז ער געבראַכט געוואָרן. דאָס הילצערנע געשטעל זיינס איז געווען ווי פון אַ פּאַגאָדאַ. פון פלאָם־רויטן האָלץ אויסגעשניצט דורך די דאַרע, ביינערדיקע הענט פון אַ פּאַרציייטישן, עקזאָטישן קינסטלער. און דער ציפערבלאַט איז געווען אַ געל, מענטשלעך און מאַנדאַריניש פּנים. דאָס פּנים פון אַן אויסגע־איידעלטן, זיידענעם מאַנדאַרין־פּרינץ וואָס איז אין יעדער מאָמענט פון זיין לעבן גרייט צו פירן די שאַרף פון דער שווערט איבער די געדערים פון זיין געלן בויך... קלאָר: דער זייגער שטאַמט פון אַ פּאַלאַץ. דער זייגער האָט זיין שטאָלצע געשיכטע. ער קען ווויל דערציילן אַן עפּישע מעשה פון קעניגלעכע אינטריגע... פון דער הייסער באַוועגונג פון מענטשלעכע הער־צער און נאַקעטיקע סאַבלעס...

דער טאַטע טראָגט קוים די לאַסט פון דעם רויטן זייגער. דער טאַטע, מען קען עס קלאָר זען, איז שרעקלעך פאַרמאַטערט. זיינע הענט זיינען אַזעלכע לאַנגע און פּאַגאַנינישע. דערלאַנגט דעם טאַטן אַצינד אַ רויטע פידל, אַן אויסגעאיידלטן סטראַדיוואַריוס, און ער וועט שפּילן אַ סאָנאַטע, ניין. דער מאָדנער יאַפּאַנישער זייגער איז טאַקע די פידל... עס ציט פאַנטאַסטיש און פויל איבער דער וועלט דער פאַרנאַכטיקער און דער טינט־בלוי־גע־מאַלעוועטער שניי... די בראָנקס איז ווייס אַזוי ווי אַ פּויליש פעלד... די טויבן שפּאַנען אין שניי ווי די היימישע וואָראָנעס. דער פאַרנאַכט ווערט איצט עטוואָס באַלויכטן פון אַ געהיימנישפולע, בורשטינענע זון, וואָס באַהאַלט זיך... דאָך גיסט זי טראָפּנס רובינרויטן שאַמפּאַניער איבערן טאַטן. די זון איז ווי אַ ריזיקער בעכער, וואָס קערט זיך איבער און פאַרלירט איבערן סיבירישן האָריזאָנט איר פלאַמיקן עסענץ. דער טאַטע גייט וואַקלענדיק זיך ווי ער וואָלט געווען פאַרכישופט אין עפּעס אַ חלום. ער האָט איצט קוים נאָך עטלעכע מאָגערע און געציילטע טעג צום לעבן. שטאַרבנדיקערהייט שטראַלט ער. ער האָט איצט פאַרמערט זיין זייגערישע קאָלעקציע מיט אַ יאַפּאַנישן, פייערדיק־רויטן זייגער. ווער ווייסט וויפיל ער האָט באַצאָלט פאַרן דאָזיקן זייגער... די גענגסטערס פון לאָמבאַרד האָבן דערזען אַ שטאַרבנדיקן קונה און האָבן אַוודאי ביי אים אַלץ אַרויסגעצויגן פון די קעשענעס. זיי האָבן אים פאַרשיכורט מיטן רויטן זייגער, וואָס זיי האָבן אַוועקגעשטעלט ווי אַ מאַגיע אַנטקעגן זיינע אויגן. מען האָט אים אַוודאי באַגנבעט און באַגזלט... ווי אין דער „דריי גראָשן־אָפּעראַ..."

אָבער, וויפיל איז עס ווערט געווען פאַרן טויט מאַגיש אויפגעריכט צו ווערן מיט אַזאַ וווּנדער־אַנטיק?! וויפיל איז עס ווערט געווען צו זיין

ערב־שטאַרבן אַזוי געטלעך פאַרשיכורט?! אַהיימצוטראָגן אין דעם שנייאיקן פאַרנאַכט צום אַלטן, מידן ווייב, וועמענס אויסגעמאַטערטע הענט שיילן זיך פון דעם הייסן וואַסער פון כסדרדיקן אויסדרייען די קאָמפּרעסן וואָס זי לעגט צו טאָג און נאַכט צום טאַטנס קאַנסערישן בויך, כדי צו שטילן זיינע ווילדע ווייטיקן, אַהיימצוברענגען אַט די מאָדנע, אַט די זעלטענע מתנה — אַ פאַר־כישופט־פלאַמיקן זייגער פון מאָנגאָלישן יאַפּאַן, פון דער אימפּעריע פון די מאָגולס, פון דעם לאַנד פון סאַמוראַי!?

* * *

דער טאַטע גייט אַזאַ שטאָלצער אין ווינט און אין שניי (עפּעס אַ מלאך טראָגט אומגעזען ביי זיין זייט די לאַנגע, שאַרפע שווערט...) און שוין קושט אים די טריט דער לעצטער קעניגלעכער אָוונט וואָס ער רירט אָן אין דרויסן. ער קומט אַריין אין שטוב אַ באַרעגנטער, באַווינטיקטער און באַשנייטער, ווי אין יענע טעג, (איצט שוין: אורטעג!) אין די פּוילישע דערפער, ווען ער קומט אַהיים אַ פאַרפרוירענער פון פּוילישן ווינט־און־וועטער־און־זאַווערוכעס. ווינטערדיקער פאַרנאַכט האָט זיך אין זילבער־אייזיקע טראָפּנס פאַרפרוירן און פאַראייזיקט מיט קליינער, קורצער אייביקייט אויף זיין באָרד. די מאַמע עפנט אויף פאַר אים די טיר... זי קוקט אים נעבעך טרויעריק אָן. זי בלייבט שטיין: זי זעט ווי איר טויטער מאַן — שווער און בלוטיק געראַניעט — טראָגט אונטערן אָרעם אַ רויטן זייגער — אַ יאַפּאַנישע פּאַגאָדאַ...ביידע זיינען טויט: דער טאַטע און דער זייגער... און שניי שיט זיך פוןביידן...

דאָס איז געווען דעם טאַטנס סאַמע לעצטער איינקויף אויף דער בויערי... די גענגסטערישע שאַרקס פון די לאָמבאַרדן האָבן פאַרקויפט און פאַרכישופט מיין טאַטן מיט אַן אַלטן, אַנטיטשנעם, יאַפּאַניש־קראַנקן זייגער... זיי האָבן אים פאַרזאָרגט מיט אַט דעם מאָדנעם זייגער — אַ יאַפּאַנישער טעמפּל־גן־עדן פאַר זיין אידישע נשמה...

דער טאַטע טוט זיך אויס. ער וועט מער קיינמאָל אין זיין לעבן די דאָזיקע אַלטע בגדים צוריק נישט אָנטאָן... ער לעגט זיך אין בעט — אַ קעניג מיט אַ דורכגעשאָסענער ברוסט... די קויל האָט אים טויטלעך פאַרוווּנדעט דאָס האַרץ... ער איז געגאַנגען אויף זייער אַ לאַנגער פּאָלע־וואַניע. ער האָט זיך ביטער געראַנגלט מיט פאַרמבולדיקע חיות. עס איז געווען אַ פירכטערלעכער קאַמף. ער האָט זיך שטאַלץ און העלדיש געשלאָגן. נאָר דער לעצטער טאָג איז געקומען. די יאָגד האָט זיך געענדיקט... דאָס פעלד פון שלאַכט איז שוין אויף אייביק אָפּגעשלאָסן. עס איז שוין פאַר־גליווערט געוואָרן אין געשיכטע... עס איז פאַרפרוירן געוואָרן אין פאַר־גאַנגענהייט. דער טאַטע איז אַהיימגעקומען פון דער בלוטיקער פּאָלעוואַניע

— שוואַר־געטראָפֿן פֿון אַ יעגערס פֿייל... נאָר זע: זיין פּנים שטראַלט מיט אַ הערלעכן, מאַנדאַרינישן שמייכל... דער פֿלאַמיק־רויטער זייגער ליגט נעבן אים, אויף אַ טאַבורעטקע... עס איז ווי דער זייגער וואָלט ווידער אָנפֿאַנגען צו גיין... איין קליינטשיקע אָפּעראַציע אין זיין טויטן און פֿאַר־שטייניקטן געווערק — און דער זייגער וועט אָנהייבן צוריק צו גיין מיטן גרויסן מאַרש פֿון צייט... איין קליינטשיקע אָפּעראַציע בלויז...

אָבער דעם טאַטנס הענט ליגן מידע און פֿאַרשמאַכטע... זיי וועלן מער קיינמאָל נישט עפֿענען דאָס טויטע געווערק פֿונם זייגער... אַן אַנדערער זייגערמאַכער, אַ צווייטער מייסטער, וועט באַוועגן דעם זייגער צוריק צו גיין... אָבער נישט ער, נישט מער מיין טאַטע...

און ערגעץ אין די ווינקלען פֿון דער ווינונג קלינגט אויס זיינע שעה׳ן אַן אַנדערער געטרייער זייגער... דער טאַטע דרימלט... אים חלומט זיך אַ וווּנדערלעכער חלום: אַז דער רויטער זייגער הענגט אויפֿן וואַנט... און ער קלינגט אויס אַזוי הערלעך די שעה׳ן פֿון זיין לעבן, ווען די שלאַכט איז ברייט און בלוטיק אָנגעגאַנגען.. יעדער האַלבע שטונדע גייט ממש אַ בעטהאָווענישע סימפֿאָניע פֿון זיין שטאָלץ און לעבעדיק געווערק...

נאָך בשעת דער טאַטע איז געלעגן אַ טויט־קראַנקער, אַ צעגריזשע־טער פֿון דעם אייזערנעם פּיסק פֿון אַ ראַק, אין דעם פֿינצטערן חדרל, וועמענס פֿענצטער האָבן נישט געהאַט נישט קיין שום לאַנדשאַפֿט און נישט קיין שום בלויען שטיק האָריזאָנט — בייערט אַ שוואַרצע, אַ פֿינצטערע און אַן אומפֿריינטלעכע וואַנט, זיינען געקומען די זין זיינע מיט זייערע ווילדע ווייבער, זיינע שנירן, און ווי פּיראַטן געטשאַטעוועט אויף זיינע אָנגעזאַמלטע אוצרות: די הונדערטער קליינע זייגערלעך און אויך די גרעסערע, די שטייענדיקע זייגערס. זיי האָבן געמיינט אַז די דאָזיקע פֿאַנטאַסטישע סחורה, די דאָזיקע מאַטעריעלע געשטאַלטונגען פֿון צייט, האָבן עפּעס אַ גרויסן ווערט... אפֿשר איז אין מיינע ברידער און שווע־גערינס געווען מער דער דראַנג נאָך נקמה ווי נאָך געלט. זיי האָבן געהאַט אַן אינסטינקטיוון פֿאַרלאַנג צו פֿאַרניכטן דעם טאַטנס פֿאַרמעגן, זיין מכלומר־שטע עשירות. זיי האָבן מיט אומפֿריינטלעכע, אויסגעקרימטע און גיריקע הענט גענישטערט אין דעם טאַטנס קליינע קונסטזאַמלונגען: סטאַטועטקעס פֿון פּרעכטיקע נוד׳ס, איבערגעפֿאַרבטע סקולפּטורקעס פֿון מיטאָלאָגישע באַשעפֿענישן, פּילפּאַרביקע, געשניצטע זאַכן און פֿלעשלעך, ביכער וועגן אַסטראָנאָמיע און וויסנשאַפֿט, אין וועלכן מיין טאַטע האָט געהאַט אַ גרויסן אינטערעס, זייגערלעך וואָס זיינען שוין זינט יאָרצענדליקער „נישט גע־גאַנגען". זיי האָבן אַרויסגעוואָרפֿן אויפֿן מיסט דעם טאַטנס זאַכן... ווי די ראַבן האָבן זיי ווילד געטשאַטעוועט אויפֿן טאַטנס ביליקע און אָרעמע

אַנטיקן. זיי האָבן געהאַט אַ פאַרלאַנג אַלץ צו צעברעכן און צו פאַרניכטן. זיי זיינען ענלעך געווען צו אַן אַרמיי פון וואַנדאַלן, וועלכע באַפאַלן אַ פרעמדע שטאָט און צעשטערן אַלע פּאַלאַצן און דענקמעלער, אָן שום באַציאונג צו דער קולטור און צו דעם נאַציאָנאַלן ווערט פון אַ פרעמדן פאָלק, מיט זייער קונסט און זייער היסטאָריע...

דער טאַטע האָט וויל געפילט די פייערדיקע שנאה וואָס גייט פון די שטובן, וואו עס זיצן איצט זיינע קינדער און זיי נישטערן דאָרט, אין אַלע ווינקלען, שופלאַדנס און קעסטלעך, וואו זייערע הענט און זייערע בליקן האָבן קיינמאָל פריער נישט געוואָגט אַריינצודרינגען. דער טאַטע איז אַוודאי איצט געווען מאַכטלאָז. טראַגיש אומבאַהאָלפן. ער האָט וויל און קלאָר געזען ווי עס גייט אויף אים דער פינצטערער מלאך המות מיט זיינע אומגעהויערע פינף און זיבעציק טויזנט בייזע און בליציקע אויגן... זיי זען אַ וועלט מיט לעבן וואָס זיי דאַרשטן צו פאַרניכטן... עס האָט דעם טאַטן געשווינדלט אין קאָפּ פון דעם געוואַלטיקן קאָסמישן ליכט... פון די אוימגעהויערע וועלדער פון וויסטעניש און טויט...

* * *

און ווען דער טאַטע איז נאָך נישט געווען אינגאַנצן טויט, האָבן די זין און די שנירן שוין געהאַט ביינאַכט אַרויסגעטראָגן די גרויסע און די קליינע זייגערס... ווען איך בין אָנגעקומען פון לאָס אַנגעלעסער סאַנאַטאָריום אין דער וואוינונג אויף ברוק עוועניו, האָט מיר די מאַמע דערציילט ווי אַזוי זיי האָבן זיך נעבעך אָפּגענאַרט מיט דער מאָדנער ירושה... די זייגערמאַכערס און די יובעלירן האָבן גאַרנישט געוואָלט קויפן... עס האָט געהאַט גאָר אַ קנאַפּן ווערט... נאָכן טויט פונם טאַטן האָט אַלץ געוויאַנעט און געזשאַווערט... אַזוי ווי אַלע רעדער וואָלטן זיך אָפּגעזאָגט צו באַוועגן זיך. אַלע ווערגן וואָלטן זיך אָפּגעשטעלט. מיטן טויט פון טאַטנס לעבן — האָבן זיך גלייכצייטיק אויסגעלאָשן אַלע לעבנס און די מעכאַנישע מאַשינעריעס. דער טויטער מייסטער האָט שטומערהייט באַפוילן זיין זייגערוועלט צו בלייבן שטיין שטום און טויב. עס איז ממש מיט אים צוזאַמען אונטערגעגאַנגען זיין וועלט... עס איז געווען איצט אַ בית עולם פון טויטע זייגערס... עס איז געווען ווי אין אַ פינצטערער נאַכט וואָלטן די שטערן זיך פאַרלאָשן און מיטגעשטאָרבן מיט גאָט...

די מאַמע האָט מיר דערציילט אַז מיין ברודער יעקב האָט אָוועקגעפירט אַ גאַנצן ריזיקן לאַסטוואָגן מיט די גרויסע זייגערס. אַז צווישן זיי האָבן זיך געפונען גאָר זעלטענע אַנטיקן; זייגערס פון פירשטן און פון קעניגן, וואָס דער טאַטע האָט אין משך פון לאַנגע יאָרן זיך איינגעהאַנדלט אויף ליציטאַציעס און אויף דער אומעטיקער בויערי, אין די לאָמבאַרדן. איך

בין געווען שטאַרק נייגעריק ווידער צו זען די דאָזיקע פאַנטאַסטישע זייגערס. איך האָב געבעטן מיין ברודער יעקב מיר צו ווייזן אויפדאָסניי די פנימער פון די דאָזיקע אַלטפרענקישע זייגערס.

מיין פאַרלאַנג האָט אים געמוזט היפש אויפרעגן. וואָרים ער האָט זיך אַוודאי שטאַרק געשעמט שוין מיטן פאַקט אַז ער האָט די דאָזיקע זייגערס אַרויסגעפירט אין אַ רעגנדיקע נאַכט באַלד ביים שטאַרבן פון מיין טאַטן, אַן זיך אַפילו אַנצופרעגן ביי די אַנדערע קינדער. (עס איז פשוט פאַרגעקומען אַ רעוואָלוציע אין הויז, נאָכן אַראָפּוואַרפן אַ מאָנאַרך פון זיין טראָן.) און יעקב האָט זיך טיף געשעמט מיט זיין כוונה צו פאַרקויפן די זייגערס, הגם ער אַליין האָט דאָך כמעט קיינמאָל נישט געשעטיצט מיינע עלטערן. דערצו האָט קיינער די דאָזיקע לייזמיקע, פאַראַליזירטע זייגערס נישט געוואָלט קויפן. מיין ברודער יעקב האָט דעריבער באַשלאָסן די זייגערס — דאָס דאָזיקע אומעטיקע פאָלק פון צייט — צוריקצוברענגען אין אונדזער וואוינונג און אַזוי אַרום זיך צו באַפרייען פון עפּעס אַ פינצטערן פלעק אויף זיין געוויסן. און אין איינער אַ פינצטערער נאַכט האָט ער זיין פּלאַן אויסגעפירט...

* * *

עס איז געווען אַ רעגנדיקע נאַכט אין די בראָנקס, ווען מיין ברודער יעקב, נאָכדעם ווי איך האָב אים עטלעכע מאָל געבעטן און אים דערמאָנט צו ברענגען דעם טאַטנס זייגערס, האָט זיי ענדלעך געבראַכט צו אונדז אין הויז אַריין, אויף 1407 ברוק עוועניו. מיין ברודער יעקב, אַריינפאַלנדיק ווי אַ שטורעם, איז געווען בייז און שטאַרק פאַרעלטערט. דערצו נישט קיין אָפּגעראַזירטער. די גרויסע האָר זיינע זיינען געווען גרויע ווי ברודיקער שניי, וואָס דער ווינט און די נאַכט האָבן געשלאָגן. פינצטערער מענטשנ־אומעט האָט זיך געגאָסן פון זיינע אויגן. פונם נאַסן, איינזאַמען וועג זיינען אים געבליבן שפורן: ס'האָבן זיך צו אים צוגעקלעפּט יאָמערנדיקע נשמות און געשפּענסטער. רוחות און שדים פון די וועגן האָבן פינצטער און מוראַ־דיק געדריקט זיין געמיט...

יעקב האָט אָנגעהויבן אַרייַנצוטראָגן די זייגערס. דעם טאַטנס זייגערס, וואָס זיינען מיר איצט עפּעס געווען מאָדנע פרעמד. די מאַמע, אַ שווער געדריקטע צו דער ערד מיט דער מעכטיקער לאַסט פון אירע יאָרן און מיט איר גאַנצן יסורימדיקן לעבן, איז שווייגנדיק געשטאַנען ביים קאַמין און האָט אַרויסגעקוקט אויף דער וועלט דורך די מאַטע און ברודיקע שויבן פון די קליינע, אַלטמאָדישע פענצטער. עס האָט זיך פאַר איר אויסגעשפּרייט די נאַסע גאַס, די ריבנדיקע דעכער מיט זייערע בלעכענע רינוועס, נעגערס און פאַרטאָריקאַנער האָבן זיך געשפּילט אויף די טראָטואַרן. אַ טונקל־קודלאָטער און היימלאָזער הונט האָט זיך עפּעס אַרומגעדרייט ווי אַ משוגע־

געוואָרענער צווישן די טונקעלע און אָרעמע קינדער. דער הימל איז געווען גרוי ווי בליי.

יעקב׳ס שטאַרקע, אָבער איצט מידע און אויסגעמאַטערטע הענט האָבן געשלעפּט די זייגערס. עס איז אין זיי געווען טויט און וויסטעניש. ביי קיין איינציקן זייגער האָט דאָס האַרץ נישט געשלאָגן. עס האָט זיך מער נישט באַוועגט זיין צייכן פון לעבן — דער אומרו. עס האָבן זיך די ווייזערס אויף זיין פּנים נישט געדרייט. עס זיינען די וואָגעס צו דער ערד נישט געפאַלן. עס איז אין זיין ציפערבלאַט נישט געווען קיין סימן פון קיין שום לעבן. די גאַנצע צייט זיינען זיי געשטאַנען ערגעץ אין אַ טיפן קעלער פון האָנטינג־טאָן, אין דעם פייכטן און נעפּלדיקן לאָנג איילאַנד. דאָס האָלץ פון די זייגערס האָט געפוילט. אין די מאַשינעריעס האָט דאָס מעשענע רעדערוואַרג געזשאַווערט. דאָס אייזן איז אין זייערע געווערגן געווען מענטשלעך מיד. קיין שליסלען צו די זייגערס האָט קיינער נישט געהאַט. עס איז געווען אַ פאַרשלאָסענע וועלט פון טויט. אַ קאָסמאָס פון טרויעריקן שווייגן. צוזאַמען מיטן מייסטער זיינען אָפּגעשטאָרבן זיינע אַמאָל לעבעדיקע זייגערס. עס האָט אין זיי איצט נישט געהויערט דער אָטעם פון לעבן, וואָס איז תמיד אַזוי שיין אין אַלע זאַכן און וואָס באַקרוינט מיט גאָלדענע שטראַלן זייערע עקזיס־טענצן. זיי האָבן געשוויגן מיט דעם מעכטיקן און מורא׳דיקן שווייגן פון אייביקייט . . .

* * *

מיין ברודער יעקב איז שנעל צוריק אַוועק אין דער נאַסער און פינצ־טערער נאַכט. אויף דער פּאָדלאָגע פון אונדזער קליינער שטוב איז איצט גע־בליבן שטיין אַ מאָדנע און אַ פינצטערע אויסשטעלונג פון זייגערס: פּאַראַ־ליזירטע און קאַליקעס. זקנים און זקנות. פון זייערע ברודיקע און שטויביקע ציפערבלעטער האָט געשלאָגן מיט מענטשלעכן טרויער. דאָס זיינען געווען זייגערס אין הילצערנע געביידעס, אין בראָנדזענע הייזער, אין קופּערנע קאַש־ציאָלן; גאָלדנגעפּאַרבטע זייגערס, אַרומגערינגעלטע מיט שלאַנקע, אַמאָל רייצנדיקע פרויען, וועמען עס פּאַסט ווויל צו צירן קעניגלעכע פּאַלאַצן. זייגערס פון שלעסער און פון פּויערישע כאַטקעס, פון טעמפּלען און פון אַלערליי אינסטיטוציעס, וואָס דאָס לעבן און די פּאָליטישע פּאַסירונגען האָבן אומגעשליידערט איבער דער וועלט, געטריבענע פון אייזערנע ווינטן און פון די מעכטיקע כוואַליעס פון וועלט־היסטאָריע. די שטורעמדיקע גע־שיכטע פון דער מענטשהייט האָט געקענט געשריבן ווערן פון די דאָזיקע זייגערס, ווען זיי זאָלן וועלן און אומשטאַנד זיין צו דערציילן זייערע וועלט־זכרונות. . . אָבער איצט זיינען זיי געשטאַנען אין אַ טייך מיט וואַסער אויף דער פּאָדלאָגע. וואַסער האָט זיך געגאָסן פון זייערע ווערגן, וואָרים זיי

זיינען אויסגעווייקט געוואָרן דורך נאַכט און רעגן, אויף זייער אומהיימלע־כער נסיעה. ס׳האָט אויסגעזעזן ווי פון שרעק זיינען זיי אַלע משתין...

די מידע און אַלטע מאַמע האָט זיך געלעגט אינם וואַנציקן בעט, אין איר אַלטן אָנטועכץ. זי האָט שטיל געוויינט, ווי אַ פאַרלאָזן און אָרעם פייגעלע. איך בין געוואָרן שטאַרק אומעטיק. דעם טאַטנס זייגערס האָבן עפּעס אויף מיר אָנגעוואָרפן אַ פינצטערע מרה־שחורה. צוליב די זייגערס איז געווען זייער אָפטע קריגעריי צווישן מיין טאַטן און זיינע זין, וועלכע האָבן אים געשטיצט און ווען עס האָט ביטער פאַרדראָסן פאַרוואָס ער פאַרטאַכלעוועט זייער געלט אויף די אַלטע, אימפּאָטענטע זייגערס. צוליב די זייגערס, געדענק איך, האָט מען אין שטוב אָפט געהונגערט. צוליב די זייגערס איז דער טאַטע געלאָפן אין שניי און אין רעגן, אין די שרעקלעכ־סטע וועטערן, צו די אַנטיק־געשעפטן אויף דער בויערי. ער האָט זיך תמיד פאַרפלאָנטערט און פאַרמשכונט אין חובות. זיי האָבן אים, די שאַרקס און די שאַרלאַטאַנעס, געדראָט מיטן טויט. אַן אייביקער אומעט האָט גע־הערשט אין דער פאַמיליע צוליב די דאָזיקע זייגערס, וואָס האָבן געמאַכט אַז די ברידער זאָלן ביים טאַטנס שטאַרבן זיך גאָרנישט שעמען מיט זייער הונגער נאָך ירושה... מיט זייער דראַנג צו נקמה און צו פאַרניכטונג. זיי האָבן אין דער נאַכט פון טאַטנס גסיסה צוגערויבט די זייגערס פון נעבן זיין טויטן, שטאַרן גוף, ווען ער איז אַ פאַרגליווערטער געלעגן אויפן אייזערנעם בעט מיט דער מידער מאַמען, וואָס איז געווען זיין ווייב און גלייכצייטיק זיין קראַנקענשוועסטער... און איצט, אין אַזאַ רעגנדיקער נאַכט, האָט יעקב צוריקגעבראַכט די טויטע זייגערס און ער האָט צוריקגעבראַכט אין שטוב אַריין דעם טאַטנס גסיסה און דעם טאַטנס לעצטע כאָרכלעניש. און איצט פאָרט ער דאָרט צוריק אַן איינזאַמער אויפן וועג, דורך באַרג און דורך טאָל און דורך נאַסער, נאַקטורנער לאַנדשאַפט. ער פאָרט אַהיים קיין לאָנג איילאַנד, אַזאַ טרויעריקער, אַזאַ פאַרשעמטער, אָן אַן איינציקן וואָרט צו האָבן גערעדט צו דער מאַמען און צו מיר...

* * *

אַ גאַנצע נאַכט האָב איך אים אין דמיון געזען פאָרן און מיין נשמה איז מיטגעפאָרן מיט אים דורך נאַכטיקע און אומעטיקע לאַנגאיילענדער לאַנד־שאַפטן... און גלייכצייטיק האָב איך דורך דער גאַנצער נאַכט געהערט דער מאַמע׳ס קרעכצן פונם אַלקערל אַרויס...

## אין דער נאַכט ווען די מאַמע ליגט טויט...

דאָס מענטשלעכע וואָרט איז שטאַרק אָרעם דאָרט וווּ עס קומט אויס צו באַשרייבן טיף אינטימע, פערזענלעכע איבערלעבענישן פון טרויער, פון ליבשאַפט, פון תאווה און פון טויט פון אַ נאָענטן, בפרט פון אַ מאַמען...

איך דערמאָן זיך אַז ווען איך בין צוגעגאַנגען צום פיונעראַל־הויז, אויף צווייטע וועניו, בין איך כמעט געגאַנגען מיט פעסטע טריט. מיט אַ געפיל און אַ באַגער זיך צו האַלטן. וואָרים איך האָב דאָך שוין געזען, אין פאַר־שידענע שפּיטעלער און סאַנאַטאָריומס אין מיין לעבן אַ סך טויט... אָבער, ווי נאָר דער פיונעראַל־מאַן האָט מיר געוויזן מיין מאַמען, איז פאָרגעקומען אין מיר עפּעס אַזוינס, וואָס איך בין נישט אימשטאַנד דאָ צו באַשרייבן. איך האָב דערזען מיין מאַמעס צעשלאָגן פּנים. צעשלאָגן פון איר אייגן אָרעם, ביטער און טרויעריקן לעבן. צעשלאָגן פון אירע זעקס און זיבעציק פינצ־טערע יאָרן פון זיין אַ ווייב און מוטער. איך ווייס נישט צי דער מאַן האָט פאַרשטאַנען וואָס אין מיר קומט פאָר. קודם כל: אַ געפיל פון חרטה וואָס איך האָב, אַזוי האָט זיך מיר אין דעם מאָמענט געדאַכט, געפּייניקט מיין מאַמען. אַ הייסער באַגער צוצופאַלן צו איר גוף און געביין און צו בעטן ביי איר מחילה. איך האָב אין דעם מאָמענט פאַרשטאַנען פאַרוואָס אידן אין די קליינע שטעטלעך פלעגן צופאַלן ביי אַ לויה צו אַ בר־מנן און אים שיעור נישט צערייסן מיט היסטערישע געבעטן און תחנונים. עפּעס אַזוי ווי אויף אַ באַרבאַרישן אופן. אָבער די מאַמע איז איצט געלעגן אונטער גלאָז... איך האָב זי נישט געקענט אָנרירן. איך האָב אויך פאַרשטאַנען די געפאַר פון אַריינפאַלן אין היסטעריע... עס איז אין מיר אויפגעגאַנגען אַ באַגער אַלע־מען צו האַלדזן. אַלעמען איינצוהילן אין אַ כוואַליע פון ליבשאַפט. איך האָב איצט עפּעס אַזוינס געזען און אינערלעך דורכגעלעבט וואָס האָט מיך פאַר־וואַנדלט אין איין מאָמענט פון אַ מכלומרשט זינדיקן אין אַ הייליקן... איך בין געוואָרן ממש אַ צדיק אין אַ סעקונדע. איך בין איצט דורכגעברענט געוואָרן אין זיבן און זיבעציק פייערן, שרפות און טאָרטורן. איך בין דאָ גע־שטאַנען פאַרן טויטן גוף פון מיין מאַמען. איך האָב איבערגעלעבט די פּרוי וואָס האָט מיר געגעבן לעבן פון די טיפענישן פון אירע אינגעווייד. איך שטיי איצט ביים טויטן גוף פון דער פרוי וואָס האָט מיך געבראַכט אין יסורים אויף דער וועלט. פון איצט אָן וועל איך ליב האָבן אַלע מענטשן. וואָרים זייערע קינפטיקע טויטן וועלן פאַר מיר תמיד שטיין פאַר די אויגן...

איך בין אַזוי לאַנג געשטאַנען אין שרעקלעכער אומבאַהאָלפנקייט, מיט געמישטע געפילן אין האַרצן. אָרעמע מאַמע! זי איז געווען אינגאַנצן לעב־לאָז. אָן אַן איינציקן טראָפּן בלוט אין איר אידיל־געשניצטן, מאַרטירערישן פּנים. די אויגן אירע שוין פעסט געשלאָסן. פאַרמאַכט און פאַרקלעפּט מיט אייזן צום אייביקן, איבערערדישן שלאָף. די הויט — דין און זיידנאַרטיק אָפּגעצויגן איבער איר אידעלן, ביינערדיקן פּנים. מיין אָרעמע מאַמע! מיין טייערע מאַמע! וויפיל זי האָט דאָס דורך איר גאַנץ לאַנג לעבן געליטן! און ווי זי האָט מיך ליב געהאַט. ווי זי פלעגט אויפציטערן ווען איך פלעג זיך באַווייזן נעבן איר. איצט דערוואַכט זי נישט מער — אַפילו הערנדיק מיין

קול. זי איז טויט, מיין מאַמע. זי איז צום ערשטן מאָל אין איר לאַנגען לעבן טויט, און דאָס מוטערלעכע האַרץ קען זיך נישט מער באַוועגן דורך דעם קול פון איר געליבטן, יינגסטן קינד...

מיך האָט באַהערשט אַן אומגעוויינלעכער רחמנות צו איר. איך וואָלט אויפגעבראָכן דאָס גלאָז כּדי זי זאָל קענען אָטעמען. איך זע ווי פון איר מויל רינט בלוט, שוים.

— פאַרוואָס איז עס אַזוי? ווער האָט געשלאָגן און פאַרבלוטיקט מיין מאַמען? — פרעג איך דעם וועכטער.

— צוליב דעם אייז.

אָבער איך זע אַז איר פּנים איז צעהאַקט. די אָרעמע פרוי האָט געמוזט חלושן. זי איז אַוודאי געפאַלן אויף די טרעפּ, טראַגנדיק טיי פאַר אַ קראַנקער חברטע אין מושב זקנים.

ווען איך גיי אַוועק פון דער מאַמען, שיינט די זון אין גרויסן דרויסן. מענטשן באַוועגן זיך אויף די גאַסן מיטן געוויינלעכן רעש און טומל. ווי פּוסט זעט צו מיט איצט אויס די מענטשלעכע באַוועגונג. ווי אומבאַדייטנדיק און זינלאָז. איך גיי ווי אין אַ געוואַלטיקן חלום. מעכאַניש טרעט איך אָפּ אין בידערמאַנ׳ס בוך־געשעפט. עס באַקעגנען מיך די געוויינלעכע ציניקער. מענטשן מיט זייערע שטענדיקע זאָרגן. שרייבער רעדן וועגן ליטעראַטור. מען דערציילט זיך ליטעראַרישע פּלאָטקעס. עס לעבט די קליינלעכע שנאה, קנאה און אינטריגע. אָבער אַלץ זעט מיר איצט אויס צו זיין אַזוי מאָדנע פּוסט. ווער עס האָט געזען אין אַ פרימאָרגן זיין מאַמעס טויטן פּנים, האָט געזען מער ווי די גאַנצע וועלט־ליטעראַטור איז אים אימשטאַנד צו דערציילן. פיל מער וויפיל עס איז פאַראַן אין די דאָזיקע אַלטע, פאַרגעלטע און שטויביקע ביכער, אויסגעשטעלטע אין אַלע פיר וועלט־זייטן פון דער בוכהאַנדלונג. מער ווי אין די העכסטע ביבליאָטעקן. ווען דער הימלישער האָריזאָנט זאָל זיין אויסגעפילט אין אַלע זיינע ריזיקע רוימען מיט ביכער — וואָלטן זיי נישט געקענט דערציילן דאָס וואָס איך האָב ערשט געזען און איבערגעלעבט. בלויז אין תנך איז אין פשוטע און אין מאַיעסטעטישע שורות אָנגערירט דאָס וואָס איך האָב ערשט געהאַט איבערגעלעבט...

אין בידערמאַנס בוכהאַנדלונג איז געווען דער שרייבער ל. פאַרעם. בלויז אים און איטשע וו. בידערמאַנען האָב איך דערציילט אַז איך קום פון מיין טויטער מאַמען. זייערע קאַרגע אויסדריקן פון מיטלייד, און נאָכמער: זייער רעספּעקטפול שווייגן וועל איך אויף אייביק געדענקען מיט טיפסטער דאַנקבאַרקייט...

איך גיי אַהיים איבער די צווייטע עוועניו צו מיין איינזאַמען, קליינעם צימער, אין וועלכן די מאַמע האָט געוואָלט טויזנט מאָל קומען צו מיר

פון דעם נאָענטן מושב זקנים... ווי ברוטאַל מיר זיינען! ווי פינצטער און באַרבאַריש! דאָס איז געווען בלויז אַ דיסטאַנץ פון עטלעכע קורצע בלאָק. צו זיין גענוי: פון דער צענטער גאַס ביז דער צוואַנציקסטער... און פונ־דעסטוועגן האָב איך דורך די אַלע חדשים מיין מאַמען קיינמאָל נישט איינגעלאַדן צו מיר אין שטיבל אַריין. די מאַמע האָט פשוט געוואָלט זיין אין מיין צימער. אפשר אָפּשיילן פאַר מיר, ווי אין די אַלטע צייטן, אַ פּאָר קאַרטאָפל; אפשר אָפּקאָכן פאַר מיר אַ טעפּעלע מיט עסן. אָנוואַרעמען טיי. טרינקען מיט מיר אַ ביסל טיי ווי אין די פריערדיקע וואָכן און לאַנגע, חדשים, דורך די דריי אומעטיקע יאָרן, וואָס איך האָב צוזאַמען מיט מיין מאַמען געוווינט אין די בראָנקס, און וואָס זיינען אָט ערשט געווען אַזוי נאָענט און איצט זיינען זיי געווען אַזוי ווייט... אָ, ווי אכזריותדיק מיר זיינען! עס איז גאָרנישט פאַראַן קיין גרענעץ צום שלעכטס פון אונדזער האַרץ...

און שלעכט זיינען מיר ווייל מיר זיינען פאַרנומען טאָג און נאַכט מיט זיך אַליין, מיט אונדזערע אייגענע זאָרגן. ליבע און ליטעראַטור מאַכן אונדז אכזריותדיק עגאָאיסטיש. אַנשטאָט וואָס ליבע און ליטעראַטור באַדאַרף עפענען אונדזערע האָריזאָנטן, באַדאַרף באַפרייען די אָטאָמען פון ליבשאַפט צו דער מענטשהייט אין אונדזערע הערצער... בפרט צו אונדזערע נאָענטסטע!

* * *

ווי שווער עס איז אין אַזאַ טאָג צו פאַרטראָגן מענטשן, מיט אַלע זייערע געוויינלעכע טריוויאַליטעטן, האָב איך אָבער נישט געקענט זיין מיט זיך אַליין אין מיין איינזאַמען צימער אויף צווייטע עוועניו, וואָס איך האָב געדונגען ביי דער פראַנצויזישער פאַמיליע גאַראַ, וועמענס מאַן איז געווען אַ שאָפער. דער געדאַנק אַז דאָ נישט ווייט, אינם פיונעראַל הויז, ליגט דער צעשלאָגענער און פאַרלאָזענער גוף פון דיין לייבלעכער מאַמען, פון וועמענס טראַכט דו ביסט אין אַ טאָג אַרויסגעגאַנגען אָנקוקן די וועלט און דאָס לעבן — איז עפּעס פינצטער־מורא׳דיק און גרוילהאַפט. איינמאָל אין דיין לעבן שטאַרבט דיין מאַמע. און דער דאָזיקער גרויליקסטער מאָמענט אין דיין לעבן איז איצט געשען. און דאָס איז דער טאָג. און די זון — גאָט׳ס פלאַמיק אויג — שיינט אין דאָזיקן טאָג. און די וועלט גייט אָן מיט איר געוויינלעכער און אומגעהויער־רער טעטיקייט אין דעם דאָזיקן טאָג. עס אַרבעטן און עס זיינען אַקטיוו גאָר די פעלקער פון דער גאַנצער ערד.

צום אָוונט צו בין איך אַראָפּגעגאַנגען אין גאַס אַריין צו זוכן אַ מענטש, כאָטש די וועלט איז מיר געווען, צו באַנוצן אַ שרעקלעך וואָרט: עקלהאַפט. איך בין מיט געבראָכענע קניעס צוגעגאַנגען צו פערצנטע גאַס. איך בין כמעט מעכאַניש אַריינגעגאַנגען אין דעם אויטאָמאַט אויף פערצנטע גאַס

און דריטע עוועניו. דאָ איז, אַזוי ווי תמיד, געזעסן אַן ערב־רב פון אָפּגע־ריבענע, אָפּגעבראָכענע, טרויעריקע פּנימער. דאָ איז געשטאַנען אַ געדיכטער רויך פון ציגאַרן, ציגאַרעטן און הילצערנע, טונקעלע ליולקעס. דאָ זיינען אויף די ווענט געשטאַנען די אָפּגעבלאָקירטע פּרעסקאָס פון מיין פריינט, דעם מאָלער ישראל לאָלאָ. מענער און פרויען האָבן אַראָפּגעקוקט פון די ריזיקע פרעסקאָס אַזוי ווי מיטגלידער פון עפּעס אַ פאַרצייטישער, הימלישער מענטשן־ראַסע. איך האָב זיך, אַזוי ווי שמשון הגיבור, אָנגעהאַלטן ביי די דיקע און מאַסיווע זיילן, כדי איך זאָל נישט אומפאַלן. ביי אַ טיש זיינען געזעסן גרשום באַדער, דער היסטאָריקער פון פוילישן אידנטום, מיט זיין פרוי, די דערציילערין שיינע רחל סעמקאָף־באַדער. די מענטשן ביים טיש האָבן גערעדט פון די געוויינלעכע ליטעראַרישע פּראָבלעמען. אָבער מיר זיינען איצט די דאָזיקע פּראָבלעמען עפּעס פאַרגעקומען קליין און נישטיק. מיט דער מאַמען אינם „פיונעראַל־האָום" בלויז אַ פּאָר שריט פון דאַנען לעבט מען אַנדערש איבער זאַכן... קוקט מען אויף זאַכן מיט גאָר אַנדערע אויגן...

* * *

אין די לעצטע פּאָר יאָרן וואָס איך האָב געוווינט מיט מיין מאַמען אויף 1407 ברוק עוועניו, אין די בראָנקס, — האָט די מאַמע זיך שטאַרק געהאַט פאַרעלטערט. זי האָט קודם כל שטאַרק געליטן צוליב מיר. די אַלטע פרוי האָט מיך צו שטאַרק ליב געהאַט. בשעת איך האָב איר גאָר ווייניק אויפמערקזאַמקייט געשאַנקען. אין דער פרי פלעג איך אויפשטיין אין באַגינען און שרייבן. די מאַמע פלעגט מיר דערלאַנגען דריי וווּנדער־לעכע גלעזער קאַווע, שטאַרק אָנגעצוקערטע. שפּעטער בין איך אַוועקגעפאָרן אין רעדאַקציע פון „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", אויף יוניאָן סקווער. אָדער צו מיינע הויכגעשעצטע פריינט, די ראָזנשטיינס, אין סאַניסאַיד, לאָנג איילאַנד. איך פלעג אַהיימקומען שפּעט ביינאַכט. איך פלעג דעמאָלט עסן דאָס אָרעמע, דאָס „פּאָסנע", אָבער מיט אַ סך ליבע צוגעגרייטן מאָלצייט, וואָס דער מאַמעס געטרייע און הייליקע הענט האָבן פאַר מיר מיט אַזוי פיל ליבשאַפט און מיט צערטלעכקייט צוגעגרייט. דער טיש, געדענק איך, אויף וועלכן איך פלעג עסן מיינע מאָלצייטן, איז געווען אַ מאַרמאָרנער. דער טאַטע האָט אים ערגעץ געקויפט אויף דער בויערי. שווער פאַר מיר געווען צו באַגרייפן ווי אַזוי דער טאַטע האָט דאָס דאָזיקע שטיק מאַסיווע מעבל, וואָס האָט וויל געפאַסט פאַר דעם גערוימען אויפנאַם־זאַל פון אַ פאַלאַץ — אַהיימגעבראַכט אין די דאָזיקע אָרעמע, קליינע און ענגע צימערן. די מאַמע איז שוין געהאַט געלעגן אויף איר אייזערנעם בעט, אונטער דער רויטער פערענע — אַ בינטל דאַרע, אָפּגעמאַגערטע ביינער. ווי אַן אייג־

זאָמער הונט אין דרויסן, אין אַ ווינט און רעגן, האָב איך שטילערהייט געגעסן מיין שפּעט־ביינאַכטיקן מאָלצייט. דעמאָלט פלעגט די מאַמע וואַכן און דאַרשטיק זיך איינהערן אין מיין עקזיסטענץ. הגם עס פלעגט אָפט קומען צו מיר העלענאַ ראָזנשטיין, די איינציקע טאָכטער פונם גרויסן סקולפּטאָר, און מיר פלעגן דאָ פאַרברענגען אַזוי פיל רעדנדיק וועגן דאָס לעבן און שאַפן פון איר באַרימטן פאָטער. — דאָך איז די מאַמע אויף איר נישט געווען אייפערזיכטיק. זי איז אָבער יאָ געווען אייפערזיכטיק אויף אַן אַנדערער פרוי — אויף מיין מוזע...

די מאַמע האָט ביטער געליטן וואָס איך שענק מיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט צו מיין שרייבן... זי איז ביז דעמאָלט גאָר קיינמאָל נישט געווען באַקאַנט מיט אַזאַ פייערדיקער ליידנשאַפט פון אַ מענטש: דאָס טאָג און נאַכטיקע שרייבן. דאָס אָנפילן ווייסע בויגנס פּאַפּיר מיט פאַרבלוטיקטע אותיות. דאָס כסדרדיקע לייענען אַלע רגעס און מינוטן פון טאָג. דאָס אומאויפהערלעכע און שיכורע לעבן מיט ליטעראַטור. אָפטמאָל פלעגט מיין מאַמע אַפילו וואַגן, קעגן איר אייגנטלעכער נאַטור, אויסדריקן איר אומצופרידנקייט דערמיט וואָס איך גיב אָפּ מיין גאַנצע צייט צו אַ פרעמדע פרוי — די גריכיש־געבוירענע מוזע, וואָס איז שוין אויף אייביק געוואָרן מיין אומגעזעצלעך ווייב. כאָטש אָן אַ חופּה — פאַרברענג איך מיט איר ספּיריטועל אַלע טעג און נעכט פון מיין לעבן... מיין מאַמע האָט די דאָזיקע געהיימניספולע פּאַסיע פון מיין נשמה נישט געקענט באַגרייפן...

אין די לעצטע פּאָר יאָר פון מיין צוזאַמענוואוינען מיט מיין מאַמען, האָט זי זיך, ווי שוין באַשריבן ,שטאַרק געעלטערט. איר ליבשאַפט צו מיר איז מאָדנע געקריוודעט געוואָרן. אין אונדזערע אַטאַקעס פון דער שרייבליידנשאַפט, אין אונדזערע יאָרן פון פייערדיקער און פיזישער פּאַסיע, ווען יעדער יונגע פרוי קען ווערן אונדזער געטין און געציך, צו וועמענס שיינקייט מיר זיינען גרייט צו שרייבן אַ טויזנט פלאַמיקע שיר השירים׳ס, לעגן מיר גאָר קיין שום אַכט נישט אויף עפּעס אַן אַלטער, איינזאַמער און מידער פרוי — אויף אונדזער מאַמען. מיר זיינען תמיד אומגליקלעך. די מאַמע איז די סאַמע לעצטע פּערזאָן וועלכע מיר זעען אויף דער וועלט... אָבער איך, איר ייִנגסטער זון, בין פאַר דער מאַמען געווען דער סאַמע ערשטער פּערזאָן אין דער וועלט. די מאַמע האָט מיך ליב געהאַט מיט אַ מורא׳דיקער ליבשאַפט...

יאָ, די מאַמע איז פינצטער אַלט געוואָרן, אַזוי ווי עס ווערט אַלט אַן אַלטע, מידע און קראַנקע שטאָט. און זי האָט געוווסט אַז זי גייט באַלד שטאַרבן. זי האָט געפילט אַז עס איז שוין דאָס לעצטע יאָר פון איר לעבן.

איר האַרץ האָט איר דערציילט פונם סוף. אירע גלידער איז באַפאַלן אַ פּעלזיקע מידיקייט. אין אירע פיס איז געווען אייזן.

דורך אַלע יאָרן, אַפילו אין די יאָרן פון מלחמה, האָט די מאַמע געטריי אָפּגעהיט דאָס פּסח׳דיקע געשיר. איז געקומען דער ליבער יום־טוב פּסח, דער יום־טוב פון באַפרייאונג און פון אוניווערסאַלן פרילינג, האָט די מאַמע זיך געשטעלט אויף אַ טיש און האָט הויך פונם פּיעקאַליק אַראָפּגענומען דאָס פּסח׳דיקע געשיר. ווי דורך אַ כּישוף איז דאָס הויז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין יום־טוב. איך געדענק יענע קלאָרע טעלערס, אַזוי ווי דינע זונען, מיט גאָלדענע בלומען געצייכנט. די זילבערנע מעסערס, גאָפּלס און לעפל. די ריינע טעם, די רייבדלעך אויף צו מאַכן כרעמזלעך, מצה־און־אייער־בראָטנס. דורך די אַלע יאָרן האָט די מאַמע געהיט ווי דאָס אויג אין קאָפּ דאָס דאָזיקע געשיר. באַלד נאָך יום־טוב פלעגט די מאַמע איינוויקלען דאָס דאָזיקע יום־טובדיקע געשיר אין ריינעם פּאַפּיר און צוריק אַרויפשטעלן אויפן פּיעקאַליק...

אָבער אין דעם לעצטן פּסח פון איר לעבן האָט די מאַמע דאָס געשיר מער נישט פאַרפּאַקט. זי האָט עס מער נישט אַרויפגעשטעלט הויך אויפן פּיעקאַליק. זי האָט די טעלערס און מעסערס און גאָפּלען און לעפל צעשענקט צו די שכנים. עס איז שוין געווען אַ שטיק צייט נאָך פּסח — און די מאַמע האָט נאָך אַלץ דאָס פּסח׳דיקע געשיר נישט אָפּגעטיילט פונם חמצ׳דיקן. דאָס איז געווען מורא׳דיק צוצוזען... איך האָב דעמאָלט קלאָר פאַרשטאַנען אַז די מאַמע גלויבט מער נישט אַז זי וועט דערלעבן דעם נעקסטן פּסח... זי האָט געענדיקט פאַרויסגעפילט איר שטאַרבן היינטיקן יאָר...

איינמאָל האָב איך באַדאַרפט צופירן מיין מאַמען צו עפּעס אַ פריינדינע אירע, וואָס איז געקומען צוגאַסט פון אַ ווייטער שטאָט. איך האָב גאַרנישט באַמערקט ווי אַזוי די מאַמע טוט זיך אָן. איך פלעג מיט איר זייער ווייניק אַרומגיין אין דרויסן. פּלוצלינג, בשעת מיר האָבן זיך שוין געפונען אין עלעווייטאָר פון דער דריטער עוועניו, וואָס איז שוין איצט אַראָפּגענומען פון דער גאַס — האָב איך דערזען מיין מאַמען. עס איז פאַר מיר געשטאַנען עפּעס אַ מאָדנער מענטש. איר קליידונג איז געווען שרעקלעך אָרעם און אָפּגעטראָגן. פּשוט: זי האָט נעבעך נישט געהאַט וואָס אָנצוטאָן. איר מאַנטל איז געווען פינצטער און צעריסן. פינצטער און צעריסן — איר פּנים. דאָס שייטל איז געווען צעשמעטערט. עפּעס אַ שוואַרץ, צעקנייטשט היטל איז געשטאַנען נידעריק איבער איר אַלט קעפּל, אַראָפּגערוקט ביז איבער די אויערן.

— דאָס איז מיין מאַמע?! — אַ שרעק האָט מיך באַהערשט. איך האָב געהאַט אַ געפיל אַז איך פאַר מיט עפּעס איינעם אַ מענטש פונם ניינצענטן

יאָרהונדערט... מען האָט די דאָזיקע פרוי אַרויסגענומען פון אַ קבר. אַ טיפּ פון די פאַרגאַנגענע דורות איז דאָ געזעסן מיט מיר. אַלע האָבן אונדז אָנגעקוקט. זי האָט אויסגעזען ווי אַלט צו זיין צוויי הונדערט יאָר... און איך האָב אויסגעזען אַ סך יינגער פאַר איר, ממש ווי איך וואָלט זיין אירס אַן אוראייניקל...

פאַרשטייט זיך אַז דאָס האָט געדויערט בלויז אַ מאָמענט. איך האָב זיך דערשראָקן פאַר דער פרעמדקייט צווישן אונדז. מיך האָט באַהערשט אַ טיף רחמנות צו מיין לייבלעכער מאַמען... איך האָב זי אַרומגענומען און גע־קושט אינם וואַגאָן, אַן איינגעהילטער אינם וויסטן פּחד פון מיין פרעמד־געפיל צו דער מאַמען. די מאַמע האָט מער נישט באַדאַרפט האָבן ווי אַזאַ סענטימענטאַלן אויסבראַך פון ליבשאַפט... זי האָט אָנגעהויבן צו וויינען און מיך דעם גאַנצן אָוונט שוין נישט אויפגעהערט צו קישן...

* * *

אויף ברוק עוועניו, אין דעם זעלבן הויז וווּ מיר האָבן געוווינט, האָט אויך געוווינט אַן אַלטער איד מיט זיין קראַנקער אידענע. די אידענע פלעגט אַריינקומען צו אונדז אין הויז אַריין. דער געלער טויט איז איר געלעגן אויפן דערשראָקענעם פּנים. איר געזיכט איז געווען ווי אַן אַלטער מאַנו־סקריפּט פון פּערגאַמענט, וואָס איז שוין געלעגן אי זדר׳ערד זינט אַ פּאָר טויזנט יאָר. קיינער איז ניט אימשטאַנד געווען צו באַשרייבן דעם שרעקלעכן אומעט וואָס עס קוקט אַרויס פון אַ פּאָר אַלטע אויגן פון אַ שטאַרבנדיקער פרוי... מיין מאַמע, ממש אַ הייליקע, פלעגט זיך קיינמאָל נישט מיאוסן אויסצו־שמירן דאָס אָרעמע לייב פון דער אַלטער פרוי... זי האָט זיך בכלל פון קיינעם נישט געמיאוסט... זי וואָלט אָן שום נאָכטראַכטונג אַפילו געוואַשן דאָס לייב פון אַ קרעציקן... זי האָט שוין אין איר לעבן געוואַשן די לייבער פון אַלערליי אומגליקלעכע חולאים. זי האָט נישט קיין מורא געהאַט פאַרן אָנשטעקן זיך... ווי אַזוי קען גאָט זיך לאָזן אַ מענטשן אָנשטעקן פון אַ קראַנקן מענטש ווען מען שמירט אויס מיט הענט פון לויטער ליבשאַפט זיין געפּייניקט לייב, זיין געשלאָגן פליייש?... די מאַמע פלעגט וואַשן מענטשלעך־קראַנקע גופים און זיי נאָך באַדעקן מיט הייסע קישן פון ליב־שאַפט...

איך געדענק אַ בלוי־גרינעם באַגינען. די עגלה שטייט שוין אויף ברוק עוועניו. די מאַמע שטייט אויף, ווי זי איז געווען געוווינט אַלע יאָרן, זייער פרי, מיטן קרייען פון די הענער. זי הערט שוין אַז מען פאָרעט זיך עפּעס פאַרדעכטיקט ביים שכן אינם חדר׳ל... באַלד טראָגן צוויי מענער אַרויס דעם פינצטערן, פאַרפרוירענעם און פאַרשטאַרטן גוף פון דער אַלטער פרוי... די מאַמע שטייט ביים פענצטער און זי קוקט, קוקט... זי קוקט אויף איר אייגענעם סוף, נעבעך... פרעמדע הענט רוקן אַריין אין דעם

לאַנגן, שוואַרצן אויטאָמאָביל אַ שטיק פאַרגליווערט גוף פון אַ פאַרמאַ־טערטן, אַלטן מענטשן... די מאַמע קוקט נאָך דעם אויטאָמאָביל, וואָס ווערט פאַרמאַכט און ווערט געריררט אין וועג אַריין... אָט דאָס איז דער סוף פון אַ מענטש! סוף כל אדם למות... ווער איז דען אימשטאַנד צו באַגרייפן דעם זין פון דעם דאָזיקן טרויעריקן סוף פון אַ מענטש? דער סוף פון יעדער מענטש פאַרוואַנדלט אים אין אַ מאַרטירער...

אין דרויסן טאָגט שוין... דער הימל זשאַרט אויף אין זיידענע, רויטע פלאַמען. שטראַלן פאַרשפּריצן מיט זייער וואַרעמען ליכט די נישט־געפּוצטע שויבן... זיי צינדן אָן די פּנימער פון זיידע און באָבע אויף די מאַסיווע פאָרטרעטן. זיי דרינגען אַריין אינם פינצטערן טינטער אין וועלכן איך טינק שוין די פעדער זינט די פריעסטע שעה׳ן פון באַגינען... אָבער ווער קען מיט געווּג כּוח באַשרייבן די אויבנדערמאָנטע סצענע?...

* * *

אין די לעצטע טעג און וואָכן פון מיין צוזאַמענוווינען מיט דער מאַמען, איז איינמאָל פאַרגעקומען אַ סצענע וואָס בעט זיך צו ווערן פאַרצייכנט פון דער פען...

ווי געזאָגט, די מאַמע איז שוין געווען זייער שטאַרק אָפּגעשוואַכט. (די סצענע מיטן פּסח׳דיקן געשיר באַווייזט אַז זי האָט מער נישט געגלויבט אין איר לאַנג לעבן...) זי האָט געהאַט גרויס קריינקונג פון מיר. פון מיין אומעטיקן לעבן און פון מיין אייביקן שרייבן. אויך האָט די מאַמע וויל באַ־מערקט אַז איך בין נישט צופיל גליקלעך אין מיינע באַציאונגען מיט דער פאַמיליע ראָזנשטיין. צו יענער צייט זיינען פּונקט געהאַט געקומען פון לאָס אַנגעלעס מיין ברודער ווילליע מיט זיין ווייב טיללי. זעענדיק וואָס דאָ קומט פאָר, האָבן זיי אָנגעהויבן צו אַרבעטן אַז מיין מוטער זאָל אַריינגענומען ווערן אין אַ מושב זקנים. איך האָב זיך נישט אַנטקעגנגע־שטעלט, כאָטש, דעם אמת געזאָגט, בין איך אויך געווען מיד פון די גע־ראַנגלענישן מיט מיין מאַמען. איך האָב ביי קיין שום אופן נישט געקענט אין אַ רייפן עלטער אין מיין לעבן צוריק ווערן קינד, צוריק ווערן אינגעל און זיך אָנהאַלטן אין דער מאַמעס קלייד... בשעת גייסטיק און מוטערלעך האָט מיין מאַמע זיך נישט געענדערט. מוטערלעכקייט גייט נישט אַדורך קיין שום מעטאַמאָרפאָזן. אַ מאַמע צו זיבעציק האָט די זעלבע באַציאונג און עמאָציעס צו אירע קינדער ווי צו אירע זיבעצן יאָר... צייט האָט נישט קיין שום שליטא אויף איר... עס איז צווישן אונדז ביידע, צום באַדויערן, נישט געווען קיין גליקלעך לעבן... וואָרים, ווען אַ זון ווערט רייף און ער הויבט אָן צו זען אַ פרעמדע פרוי, ווערט ער גלייכצייטיק אָפּגעריסן פון די עלטערן. זיין לעבן ווערט פול מיט אַ נייער מעכטיקער ראָמאַנטיק. אינמיטן פון זיין וועלט שטעלט די נאַטור אַוועק די גרויסע קעניגין — די פרוי...

מיין ברודער ווילליע און מיין שוועגערין טילליע, אויך די אַנדערע מיטגלידער פון דער פאַמיליע, האָבן אַלע געגלויבט אַז מיין מאַמע וועט באַלד שטאַרבן און אַזוי אַרום וועלן זיי פּטור ווערן אי פון איר — אי פון מיר, ווען זיי האַלטן אויס מיט חודשלעכע צאָלונגען, כדי אויפצוהאַלטן דאָס אָרעמע הויז... די אידעע אַז איך זיץ אין דאַזיקן הויז און „טו גאָר־נישט" און איך בין פאַרנומען טאָג און נאַכט מיט אַ זייער מאָדנער סאָרט מלאכה: מיט שרייבן — איז זיי געווען שטאַרק דערווידער. כאָטש מיין ברודער ווילליע, צוריקקומענדיק פון קאַליפאָרניע, האָט מיך דערווישט ליגנדיק אין בעט, טויטלעך קראַנק און שפּייענדיק מיט בלוט... איך האָב אין משך פון דריי חדשים יעדער באַגינען אויסגעשפּיגן מיט שטיקער טונקעלן בלוט... איך בין געווען דער סאַמע אומגליקלעכסטער מענטש אין דער וועלט... דער טויט איז פאַר מיר געווען ממש אַ זיסע פאַרשטע־לונג פון פרייהייט און אויסלייזונג פון די מאַטערנישן פון מיין שוואַכן גוף... דערצו איז אין דרויסן געשטאַנען אַ ווונדערלעכער פרילינג. די גאַסן פון ניו־יאָרק זיינען פאַרגאָסן געוואָרן מיט פרילינגדיקע שטיקער זון. דער זונס קאַלעך האָט זילבערדיק אָפּגעקאַלעכט אַ וועלט... פּלוצלינג, ווי אין איין סעקונדע, האָבן אַלע בוימער זיך געטאָן אַ טו אָן אין אַ פרישן גרין... מיין ליגן צוגעקרייציקט צום אייזערנעם בעטל, אין אַ שטיבל פול מיט וואַנצן, האָט מיר שרעקלעך וויי געטאָן. (איך מוז פאַרצייכענען די באַזוכן פון דריי מענטשן, וואָס האָבן מיר געבראַכט טרייסט: פון ה. לייוויק, יוסף ראָלניק און פון ענריקאָ גליצענשטיין...)

גלויבנדיק אַלזאָ אַז זיי וועלן באַלד פּטור ווערן פון דער מאַמען און אַז אַזוי אַרום וועט אויך ענדלעך צעפאַלן דאָס דאַזיקע אָרעמע הויז, צו וועלכן זיי האָבן געטראָגן אַ טיפע פאַראַכטונג, נאָך פון די צייטן ווען מיין טאַטע האָט געלעבט און וואָס זיי האַלטן אויס מיט קאַרגע חודשלעכע צאָלונגען פאַר די לעצטע צוואַנציק יאָר — האָבן מיינע ברידער און שוועסטער באַ־שלאָסן אין איין שבת׳דיקן נאָכמיטאָג, אונדז באַזוכנדיק, צו רופן אַ דאָקטאָר און הערן געגנוי פונם דאָקטאָרס ליפּן דער מאַמעס טויט־דיאַגנאָז...

דער דאָקטאָר, אַ לאַנגיאָריקער פריינט און פאַמיליענדאָקטאָר אין די בראָנקס, איז געקומען מיט זיין טונקעלן וואַליזקעלע מיט אינסטרומענטן. ער האָט אונטערזוכט די אַלטע מאַמע. די מאַמע האָט זיך נעבעך ביטער גע־שראָקן. זי האָט אינסטינקטיוו געפילט אַז מען וואַרט מיט גרויס האָפנונג און אָפּטימיזם אויף איר טויט־אורטייל. זי האָט געפילט ווי אַרום איר שטייען אירע אייגענע קינדער ווי פינצטערע קראָען, גרייטע צו צערייסן איר אָרעם פלייש נעבעך. און אָרעם און מיזעראַבל האָט די מאַמע אויסגעזעען אין איר האַלבער נאַקעטקייט, יעדער ביין פון איר לייב פראָמינענט אָפּגעצייכנט. די בריסטן — די אַמאָליקע מילך־פאָנטאַנען פאַר דרייצן־פערצן קינדערישע

מײלער — אויסגעטרוקנטע, ווי אַ טײכל צווישן פעלזיקע שטײנער איז געבליבן אויסגעטריקנט... די מאַמע איז איצט געווען דאָס סאַמע עלענטסטע באַשעפעניש אויף דער וועלט... אירע שאַרף־אַרויסשטאַרטשנדיקע בײנער זײַנען געווען די געשריבענע אותיות אויף אַ מאַנוסקריפּט פון אַ פינצטער לעבן.

אָבער, ווי ביטער און שרעקלעך אַנטוישט זײַנען אַלע קינדער געווען ווען דער דאָקטאָר, אין וועמענס האַרץ גאָט האָט אַרײַנגעטאָן אײַנזען און מענטשלעכקײט, האָט נאָך זײַן אונטערזוכונג רואיק דערקלערט אַז די מאַמע קען נאָך לעבן לאַנגע יאָרן... אַז די מאַמע האָט נאָך, דאַנקען גאָט, אַ געזונט האַרץ... אַז זײ זאָלן זיך נישט אײַנרעדן אַז די מאַמע זײערע גײט זיך שוין לעגן אויפן טויטנבעט... אַז זײ זאָלן זיך נישט לעגן קײן פײגעלעך אין בוזם אַרײַן... זײער אָרעמע מאַמע, כאָטש זי איז אַוודאי אַן אַלטע און אָפּגעשוואַכטע פרוי, דערצו נאָך פאַסטנדיק יעדער מאָנטיק און דאָנערשטיק, אַן אָפּגעווײנטע פון עסן שוין זינט אַ סך יאָרן — גרײט זיך נאָך ווײַט נישט צו באַטרעטן די טרעפּ צום גן־עדן...

דער בראָנקסער פאַמיליענדאָקטאָר האָט אַוודאי װויל געוווסט פון דערפאַרונג ווי אַזוי דערוואַקסענע, איבערהויפּט פאַרהײראַטע קינדער, קוקן אויס אויפן טויט פון זײערע איבעריקע און אַלט־געוואָרענע טאַטע־מאַמע... ער האָט זײערע פינצטערע האָפנונגען נעבעך צעשטערט... אַלע באַטײליקטע אין דער „פאַרשווערונג" אויף דער מאַמעס שטאַרבן, זײַנען איצט געווען שטאַרק אַנטוישט... בשעת דער אָרעמער מאַמען האָבן דעם דאָקטאָרס רײד אומגעהויער געשטאַרקט און געמוטיקט... בשעת די מאַמע האָט אויף זיך אָנגעהויבן אַרויפציען די צעקנײטשטע בגדים, האָט אַ קוים־מערקלעכער שמײכל באַלויכטן איר אויסגעמאַטערט פּנים...

פאַרשטײט זיך אַז בײַ אַזאַ לאַגע האָבן אַלע זין און שנירן און אײדעמס ווי אײן מענטש באַשלאָסן אַז מען מוז דער מאַמען „אויסליפערן" אין אַ מושב זקנים... איך האָב אָבער געפילט אַז ווי ביטער, צו זײַן אַבסאָלוט אויפריכטיק, עס איז דער מאַמען צו וווינען מיט מיר — וועט זי אָבער לאַנג נישט לעבן אין אַ מושב זקנים... עס איז זײער שווער, אָדער פּשוט אוממעגלעך, פאַר אַ מענטש וואָס האָט איר גאַנץ לעבן געלעבט אַלײן, פאַר זיך, ווי אַ קעניגין, כאָטש אין גרויס אָרעמקײט און מיט אַן אכזריותדיקן און טראַגישן מאַן — איבערצוגײן אויף דער עלטער אין אַ הויז מיט אַלערלײ עובר בטלדיקע און עלטערע, קראַנקע און זײער אָפט געפערלעך־משוגענע מענטשן. מײַן פאָטער איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך פיזיש־רײנער מענטש. טאָג און נאַכט פלעגט ער האַלטן אָפן די פענצטער. אַפילו אין די סאַמע ווינטערדיק־פראָסטיקע טעג פלעגט ער אויף עטלעכע מינוט יעדער פרימאָרגן עפענען דעם לופטשיק. און דאָ, אינם מושב זקנים, פלעגן די אידענעס

פאַרמאַכן די פענצטער פאַרן שלאָפן גיין. דער עפּוש פון אַזוי פיל מענטשן אין אַן ענגער שטוב איז געווען אַ שרעקלעכער.

איך האָב באַזוכט מיין מאַמען עטלעכע מאָל אַ וואָך. יעדעס מאָל, אַז איך פלעג דאָ קומען אינם מושב זקנים, צווישן צעבראָכענע מענטשן, פלעגט מיר שניידן ביים האַרצן... זיך צוקוקנדיק אין וואָסאַראַ ביטערע לאַגע, אין וועלכע טרויעריקע באַדינגונגען, מיין מאַמע לעבט אויף אירע עלטערע יאָרן...

* * *

אָבער, אויך אויף די דאָזיקע באַזוכן האָב איך נישט אַרויסגעוויזן די געהעריקע ליבשאַפט צו מיין מאַמען. מיין מאַמע איז איצט געווען אָרעם און פאַרלאָזן. זי וואָלט זיך איצט גענויטיקט אין אַ ביסל מענטשלעכע ליב־שאַפט. זי האָט די גאַנצע צייט געוואַרט אויף מיין באַזוך. מיר זיינען אָבער תמיד בלינד און פאַרבלענדט פון די אייגענע איבערלעבענישן און טרויע־ריקע מחשבות. מיר ווייסן נישט פון דער וויכטיקייט פון מאָמענט:

— פאַרגעס אויף אַ ווײַלע אין דיינע פערזענלעכע צרות! טו אָן כבוד דיין מאַמען! פרוּוו אויף דיין אופן צו פאַרזיסן די גאַלגנדיקע ביטערניש פון אירע לעצטע טעג. גיי מיט איר שפּאַצירן צום גרינעם גאָרטן. באַהאַנדל דיין מאַמען מיט אַ ביסל מענטשלעכע איינזעעניש. פאַרשטיי אַז די צייט וואָס דו פאַרברענגסט מיט דיין מאַמען איז וויכטיקער אַפילו ווי פאַרפאַסן ליטעראַטור. אָנשטאָט צו באַשרייבן די מענטשלעכע זינד און די צווייפל־האַפטע מעשים פון די מענטשן — גיב בעסער אָפּ כבוד צו אַ הייליקער פרוי, צו דיין לייבלעכער מאַמען, וואָס האָט דיך געקאָרמעט ווען דו ביסט געלעגן אין וויגל און וואָס האָט פאַר דיר אַ קינדערליד געזונגען. זי, וואָס איז איצט אַן אויסגעדאַרטער סקעלעט, בלויז הויט און ביינער — געדענק אַז ביי איר האָט אַמאָל געבליט אַ הערלעכע ברוסט, ווייס ווי די לבנה סוף חודש, פון וועלכער דו האָסט געזויגן די מילך פון ליבשאַפט, פון מאַמעשער ליבשאַפט. די העכסטע און געטלעכסטע ליבשאַפט פון אַלע מענטשלעך־מעגלעכע ליבשאַפטן...

אָבער, דו ביסט בלינד און מורא׳דיק טעמפּ און תמיד פאַרנומען מיט זיך, מיט דיין האַרץ און מיט דיינע מחשבות און מיטן אומענדלעכן שרייבן און פאַרשרייבן שטיקער פּאַפּיר — בשעת דו פאַרגעסט אייגנטלעך צו לעבן דיין לעבן... צווישן דיר און דיין מאַמען שטייט עפּעס אַ פרעמדע פרוי, וואָס צווינגט דיך איר צו ליבן מיט אַ מורא׳דיקע ליבשאַפט. איר צו געבן צו טרינקען דאָס בלוט פון דיין האַרצן... איר צו דינען מיט די נעכט פון דיין לעבן. דיין מוזעס קאַפּריזן ביסטו נישט אימשטאַנד אָפּצוזאָגן. די מוזע איז נישט קיין אויסגעטראַכט, מיטאַלאָגיש באַשעפעניש. זי וווינט שטענדיק מיט דיר. זי טיילט מיט דיר אַלע דיינע דאַך־שטיבלעך. דיינע פינצטערע

מאַנסאַרדעס, וועמענס פינצטערנישן דו באַלויכסט מיטן ליכט פון דיין לעבן... און בשעת עטלעכע בלאָק ווייטער, אין אַ מושב זקנים, וווינט אין איין צימער מיט פערציק אַלטע ווייבער, אַרויסגענומען פון אַ וואַלפּורגיס־נאַכט — אַן אָרעמע פרוי, אַ קעניגין — דיין אייגענע, דיין לייבלעכע מאַמע...

איך קען נישט זאָגן אַז איך בין כאָטש געווען גענוג פריינטלעך צו מיין מאַמען אין די דאָזיקע טעג. ווי שטענדיק, האָב איך געהאַט ווייניק געדולד צו איר. איך געדענק ווי איך גיי איינמאָל מיט דער מאַמען צום סלאָווישן גאָרטן אויף עווניו איי און צענטע גאַס. איך גיי מיט דער קליינגעוויקסיקער, איינגעשרומפּענער מאַמען און איך וואַג זיך צו בייזערן אַפילו אויף איר... אַן עלטערע פרוי דערזעט ווי אַזוי איך שריי אויף דער מאַמען, אין מיין פינצטערער אויפרעגונג און אומצופרידנקייט. זי קומט צו, די פרעמדע פרוי, און זי רעדט מיר אויס. זי האָט מיך באַשולדיקט אַז איך שילט דער מאַמען. די אידענע רופט צוזאַמען אַ כאָפּטע אידענעס פון גאַס. זיי מאַכן ווילדע געוואַלטן און זיי פּרובירן מיך ממש צו לינטשן. איך האָב זיך קוים אָפּגעטשעפּעט פון די ווילדע, צעהיצטע פרויען. אָבער איך האָב פאַרשטאַנען: עס איז אַוודאי געווען אַ שרעקלעכע זינד פון מיר זיך צו בייזערן אויף דער מאַמען. איך פּרוּוו דאָס איצט אַפילו נישט פאַרענטפערן. וואָרים די באַשולדיקונג שרייט אַ שרעקלעך געשריי אויף מיר... מיך האָט פאַרדראָסן וואָס די מאַמע האָט אויסגעמידן צו גיין מיט מיר גלייך אויפן טראָטואַר. בשעת איך פלעג גיין אויפן טראָטואַר, איז זי געגאַנגען אַביסל אויפן שאָסיי. די מאַמע האָט איר גאַנץ לעבן געליטן אויף אַ מורא׳דיקער מינדערווערטיקייטס־געפיל. זי האָט זיך אַוודאי פאַרגעשטעלט אַז מיר פאַסט נישט צו גיין מיט אַן אַלטער פרוי צוזאַמען... זי האָט אויך געהאַלטן פאַר אַ זינד צו גיין צוזאַמען מיט מיר, אַ יונגנמאַן, אויפן גאַס, כאָטש איך בין געווען איר אייגענער זון... אין איר איבערגעטריבענער פרומקייט האָט זי עס באַטראַכט ווי אַ קליין פאַרברעכן... אָבער מיך האָט שרעקלעך געאַרט וואָס די מאַמע גייט נישט גלייך מיט מיר אויפן וועג. אָבער, עס איז זיכער נישט געווען קלוג איצט, אין די סאַמע לעצטע וואָכן פון איר לעבן, צו גיין לערנען דער מאַמען ווי אַזוי צו גיין מיט מיר אויפן גאַס... גיכער קען מען באַזייטיקן אַ באַרג פון פעלד ווי עפּעס צו ענדערן אינם כאַראַקטער פון אַן עלטערן מענטש...

די מאַמע איז געווען זייער דערשלאָגן. זי האָט זיך מיט מיר אָוועקגעזעצט אויף אַ באַנק. זי פרעגט מיך וואָס עס איז מיט איר געשען. פאַרוואָס זי איז שלאַף. פלוצלינג האָט די מאַמע דערזען אין מושב זקנים, אַז זי ווערט אַלט און שוואַך. אירע גלידער ווערן ווי געליימט. די מאַמע ווייזט מיר אירע דאַרע, געלע און אַלטע הענט. דאָס זיינען באמת צוויי געניאַלע פאָרטרעטן

פון אַלטקייט. זי האָט מאָדנע אויסגעשטרעקט אירע הענט אַנטקעגן מיר און זי פרעגט אַ שווערע, אַ פינצטערע שאלה. זי פרעגט איר קינד, וואָס איז אַ שריפטשטעלער... עס איז געווען אַ זייער ריירנדיקער מאָמענט: די מאַמע שרעקט זיך שטאַרק און ביטער פאַרן אַנקומענדיקן טויט... אַרום זיצן אַלערליי פעלקער, ספּעציעל סלאַוון פון די אַלטע הייזער, פון די קרומע און צעבויגענע געסלעך. דער פּאַרק איז מאָגער. די גרעזלעך קוים זיי שפּראָצן, פאַרהלשטע פון דער היץ. די שטיקנדיקע ניו־יאָרקער היץ האָט אַרויס־געטריבן צו די פּאָר גרינעביימלעך די גאַנצע אָרעמע באַפעלקערונג דאָ. אַלטע, געלע לייט און קליינטשיקע פּיצעלעך קינדער. די מאַמע איז ממש צוריקגעקומען קיין אוקראַינע, קיין פּוילן, קיין ווייס־רוסלאַנד, אין די קרעסן. עס איז אַ באַפעלקערונג וואָס מיר קענען ווויל, פון אונדזער פּערזענלעכן פאַרצייטנס... און אַלץ איז דאָ געפּאַרבט אויף סלאַוויש: די קאַשציאָלן, די בוכהאַנדלונגען, די הייזער, די הויכע צלמים פון מאַטן מעש אויף די אַלטע צערקוועס. אָט גייט אַדורך אַ מאַן אין אַ ברוינעם, מאַנאַכישן מאַנטל. ער טראָגט אַ לאַנגע באָרד. די מאַמע מיינט: עס איז אַ היימישער רב. די מאַמע איז צוריקגעקומען צו דער קינדהייט. צו דער פריער יוגנט. צוריק־געקומען קיין געניוואַשאַף, קיין גאַרוואָלין, קיין מאַרקושאָף, קיין קאָנסקע־וואָליע, קיין קוראָוו. די זון זעצט זיך רויט און בלוטיק, ווי אין אַן אוקראַי־נישן אָבראַז... עס פעלט נאָר דער בלוטיקער הײַדעמאַקישער רייטער אין הינטערגרונט...

— פאַרוואָס בין איך שלאָף? — פרעגט מיך די מאַמע.

— מאַמע, דו ווייסט דען נישט אַז אַן עלטערער מענטש ווערט שלאָף?

— אָבער איך בין דאָך נישט אַזוי אַלט נאָך... — פּרוווט זיך די מאַמע ווערן אַנטקעגן איר עלטער.

איך קוק אָן די מאַמען... די מאַמע קוקט מיך אָן... וואָס העלפט דען דאָס צו פאַרלייקענען איר אמת'ע עלטער? אַ גאַנץ לעבן האָט זי פאַר־לייקנט אירע אמת'ע יאָרן. נישט ווי מערסטע פרויען, כדי צו זיין יינגער... נאָר זי האָט תמיד מורא געהאַט פאַרן מלאך המות... אַפילו דער רבונו של עולם אַליין באַדאַרף נישט וויסן אירע יאָרן. אָבער איצט האָט זי מיר אויפ־ריכטיק אויסגעזאָגט ווי אַלט זי איז. כאָטש איך האָב וווּיל געוווּסט ווי אַלט די מאַמע איז, בלויז איין יאָר יינגער פונם טאַטן, בין איך געווען איבערראַשט צו הערן פון אירע ליפּן די אמת'דיקע צאָל פון אירע יאָרן. נעמלעך: זעקס און זיבעציק יאָר... עס איז דאָס סאַמע ערשטע און דאָס לעצטע מאָל אין איר לעבן וואָס די מאַמע איז מודה אירע יאָרן... די דאָזיקע אויפ־ריכטיקייט האָט שוין אייגנטלעך געשמעקט מיט „יענער וועלטישקייט"... עס איז שוין נישט געווען קיין ערדישע אויפריכטיקייט... די מאַמע האָט

שוין איצט דערשמעקט אַז ריין־ערדישע צייט האָט פאַר איר מער קיין האָפט נישט. זי האָט שוין אגב דערפילט איבער זיך דעם אייזערנעם אָטעם פון דער אייביקייט... זי איז שוין מער נישט געווען פרוי וואָס פאַרלייקנט אַזוי חנעוודיק איר אמת'ע עלטער...

די דאָזיקע פוילישע, רוסישע און אוקראַיִנישע באַפעלקערונג דערמאָנט עפּעס מיין מאַמען. איינמאָל, אין איר טאַטנס קרעטשמע, ווען זי איז נאָך געווען אַ גאַנץ יונגע פרוי, מיטן בליִענדיקן פּנים און שטראַלנדיקן געזונט, זיינען אַריינגעקומען איר טאַטנס צוויי באַקאַנטע פּויערן, שטענדיקע געסט פון דער קרעטשמע. זיי האָבן אויסגעטרונקען צו עטלעכע הויכע קופּלעס מיט גרינעם ביר. און אומגעפּרעגט האָבן זיי זיך געווענדעט צו מיין יינגער מאַמען, זי רופנדיק אויפן ערשטן נאָמען פון מיין טאַטן, ווי עס איז געווען דער שטייגער אין פּוילן:

— פּאַני מאַטקאָווא, דו וועסט שטאַרבן נאָך דעם הייִנטיקן יאָר... גרייט זיך צו צום מלאך המות'ס לאַנגע שווערט...

די מאַמע האָט זיך שטאַרק דערשראָקן. ווען די פּויערן זיינען אַוועק, האָט זי זיך ביטער צעוויינט. און אַזוי האָט זי דורך איר גאַנץ לעבן ביטער געוויינט, זיך שרעקנדיק פאַרן נאָענטן טויט... זי האָט דאָס גאַנצע לעבן געלעבט אין צייכן פון טויט. די דאָזיקע פינצטערע נבואה פון די שיכורע פּויערים האָט דווקא געטריבן מיין מאַמען צו לעבן אַ שטאַרק אַקטיוון לעבן. יעדער טאָג צו באַטראַכטן ווי דעם סאַמע לעצטן טאָג... אַנשטאָט איר אַ פאַרצווייפלטע צו טרייבן אין די אָרעמס פונם מלאך המות, האָט מיין מאַמע שטענדיק עקשנות'דיק און באַוווּסטזיניק געקעמפט אַנטקעגן טויט. די צוויי מורא'דיקע פּויערים זיינען איר אייביק געשטאַנען פאַר די אויגן מיט זייער גרויזאַמער נבואה. זי האָט אַוודאי געגלויבט אַז זיי זיינען געשיקט געוואָרן פון הימל. צום גליק איז מיין מאַמעס רבונו של עולם נישט געווען שפּינאָזאַס גאָט, וואָס איז פאַטאַל געבונדן אין זיינע אייזערנע געזעצן. זי האָט געגלויבט אַז מען קען אָפּשרייען די גזרה. אַז מען קען מיט תפילות אומענדערן גאָט'ס מחשבות און באַפעלן. מיט פרומקייט און מיט גרויס מענטשנליבשאַפט האָט מיין מאַמע אָפּגעטריבן דעם מלאך המות. די ליבשאַפט צום מין מענטש איז געקומען אַלס רעזולטאַט פון זיין תמיד דורכגענומען פון דער אייטלקייט און פאַרגענגלעכקייט פון לעבן. דער באַוואוסטזיין פון טויט האָט איר אייביק געוויזן ווי אַזוי אָפּצושאַצן יעדער רגע פון אַ מענטשנס לעבן. דערביי האָט זי זיך אַליין קיינמאָל נישט געשוינט... אָבער אַנדערע מענטשן האָט זי באַקרוינט...

* * *

איינמאָל, דאָס איז געווען נאָך אין דערפל סאָסנאָוו, איז די מאַמע קראַנק

געוואָרן אויף איינער פון אירע געוויינלעכע, כראָנישע קראַנקהייטן. עס איז געווען, ווי מיר דאַכט, אין די ערשטע טעג פּסח. די מאַמע איז געלעגן אויפן בעט אַ ממש חרוב׳דיקע. די שרעק פאַרן טויט האָט תמיד פאַרערגערט אירע אָפטע קראַנקהייטן. זי האָט ביטער געשוואַנקט צווישן גלויבן און צווייפל. צווישן האָפנונג און מורא. צווישן דעם רחמים׳דיקן רבונו של עולם און דעם מערדערלעכן מלאך המות.

ווען דער טאַטע איז אויף אַ ווײַלע אַרויסגעגאַנגען פון שטוב, איז די מאַמע געוואָרן היסטעריש. זי האָט אָנגעהויבן אַזוי ביטער און מורא׳דיק צו יאָמערן אַז עס האָט מיך אויף אייביק אַדורכגענומען. איר יאָמער און איר שרעקלעך געשריי איז געבליבן שטעקן אין מײַנע ביינער ביז אויף היינטיקן טאָג. די מאַמע האָט ביטער וויגעשריגן אַז זי גייט באַלד שטאַרבן. אַז דער מלאך המות שטייט שוין ביי דער טיר... אַז זי זעט זיין מורא׳דיק געשטאַלט. זי האָט צוגערופן מיך און מיין עלטערן ברודער שלמה און זי האָט אונדז אַזוי ווי צום לעצטן מאָל געקושט און געהאַלדזט און זיך געזעגנט מיט אונדז אַזאַ יאָמערנדיקע. מיר, קינדער, זיינעןביידע געווען מאַכטלאָז אַנטקעגן אַזאַ שטיק מאַסיוו מענטשלעך געוויין פון אַ זייער אומגליקלעכער פרוי...

צום גליק איז באַלד דער טאַטע צוריק אַריינגעקומען אין שטוב אַריין. ער האָט, זאָגט ער, דערהערט דער מאַמעס יאָמערן און אונדזער קינדעריש געוויין אַזש „פון אַ מייל ווייט"... ער האָט ביטער געשאָלטן דער מאַמען. ער האָט אויף איר געשריגן און זי גוט אויסגעמוסרט פאַר איר יאָמערן. די מאַמע איז געבליבן ליגן אַ שטילע ווי אַ קעצל. איך בין שטאַרק חושד אַז אין דעם דאָזיקן מאָמענט זיינען דעם טאַטנס געשרייען געווען ממש נוצלעך... דער מאַמעס שטענדיקער שרעק פאַרן טאַטנס ברוטאַליטעט האָט איר איצט איינגעשטילט. אויסערדעם האָט זי אפשר דערפילט אַ געוויסן כוח אין זיין כוח. אפשר האָט עס אָפּגעשוואַכט אין איר די שרעק פאַרן מלאך המות. סיי ווי, די מאַמע האָט נאָך זינט דעם מאָמענט געלעבט אַ היפּשע פיר צענדליק יאָרן... אָבער די גאַנצע פערציק יאָרן האָט די מאַמע געלעבט מיטן מלאך המות. זי איז ממש מיט אים געשלאָפן אין איין בעט, אים געקושט, געהאַלדזט און געשלאָגן... די זייער קאַרגע אינדזלען זיסקייטן פון איר לעבן זיינען תמיד געווען פאַרבונדן מיט דער גאַליקער ביטערניש פון איר טאָג־און־נאַכ־טיקער מורא און פינצטערע אימה פאַרן טויט...

איך האָב געהאַט אַ היימיש און ליב געפיל צו די הויכע באַטשאַנעס. וואָרים זיי, פון אַלע מינים וווּנדערלעכע פייגל אין פּוילישן לאַנד, האָבן דאָך מיך געטראָגן קליינערהייט, ווען איך בין געווען כמעט נאָך בלינד, דורך ווינט און וואַלד און פעלד צו מיין מוטער... עס זיינען זיי וואָס האָבן מיך

וואַרם באַשיצט מיט זייערע ליבע און וואַרעמע פליגל... זיי האָבן מיך געטראָגן דורך שטורעם, שניי און רעגן און דאָס מילכדיקע ליכט פון דער לבנה... שניי און האַגל, שטורעם און רעגן און דער שאָטן און דאָס ליכט פון דער לבנה זײַנען טאָקע דעמאָלט שוין אויף אייביק אַרײַן אין דער טיפעניש פון מײַנע ביינער... האָבן אָנגעטרונקען מײַן זעל מיט פינצטערע נעכט און מיטן אויפלויכט פון בליץ...

אין יאָרן אַרום, אַז איך בין שוין געוווּר געוואָרן אַז נישט די באַטשאַ־נעס, נייערט אַז אַ שטערבלעכע מענטשנפרוי, מײַן מאַמע, האָט מיך „געהאַט", בין איך געווען אַ ביסל אַנטוישט. וואָרים עס איז מיר פאָרגעקומען עפּעס מאָדנע אַז אַ מענטשלעכע ווייב, וואָס איז אַזוי געטלעך שיין, זאָל האָבן דאָס קינד אירס פּונקט אַזוי ווי אַ חיה. דאָס איז עפּעס געווען אַ זייער טיפע דערנידעריקונג: צו טראַכטן אַז די פרוי איז עפּעס אַ מין חיה. אַז זי איז שוואַנגער און אַז זי טראָגט אויס דאָס קינד אין איר געבער־מוטער פּונקט ווי אַ ווילדישע חיה... די נאַאיווע פאָעזיע פונם שטאָרך וואָס טראָגט הויך נעבן דעם הימל דאָס ניי־געבוירענע קינד צו זײַן מוטער, דורכן שיקזאַל באַשטימט, איז מיר עפּעס אויסגעקומען פיל שענער און ראָמאַנטישער... איך בין געווען שטאַרק אַנטוישט און דערשלאָגן אין מײַן שטאָלץ און געמיט... זאָל אָט דאָס דאָזיקע שוואַכע באַשעפעניש, מײַן קליינע מאַמע, האָבן אויס־געטראָגן אין איר בויך גאַנצע פערצן קינדער... און זאָלע אַזעלכע גרויסע, גיבורים ממש... (אויסער מײַן ווייניקייט — דער סאַמער ייִנגסטער זון, דער „ווייסקראָבעק"...).

איך פלעג קוקן אויף מײַנע שוועסטערן, דינע און איידעלע, און איך פלעג טראַכטן:

— אויך זיי וועלן אַזוי ווי די ווילדע חיות אויסטראָגן קינדער אין זייערע צאַרטע בײַכער?...

איך בין געווען מוראדיק אַנטוישט...

און ערשט אין די שפּעטערדיקע יאָרן פון מײַן לעבן האָב איך וויל פאַרשטאַנען די גאַנצע גרויסקייט פון דער מאַמען און פון דעם געטלעכן פּראָצעס פון געבורט, נישט נאָר ביים מענטש, נייערט ביי גאָר די באַשעפענישן פון דער גאַנצער ערד... זאָל עס טאָקע מעגלעך זײַן אַז אָט די קליינע, שוואַכע פרוי, מײַן מאַמע, זאָל האָבן געגעבן לעבן און געבורט צו אַ גאַנצע רייע פון זין און טעכטער?! און זיי זאָלן ווײַטער טראָגן דאָס לעבן אין דער צוקונפט אַרײַן מיט אַזאַ מאַכטיקן אימפּעט און געוואַלטיקער דינאַמיק?!

איך האָב אָנגעהויבן צו באַוווּנדערן די פרוי דווקא ווייל זי איז עפּעס

ווי אַ מין געטלעכע חיה, וועלכע מען מוז ליב האָבן מיט אַ געטלעכער ליבע און הויך באַוווּנדערן איר שעפערישן כוח. איך האָב געטראַכט: די פרוי פאַרדינט טיפע אַכטונג און צערטלעכקייט, ווייל זי טראָגט אין איר בלוט אַ געטלעכע שליחות, פונקט ווי דער נביא טראָגט די שליחות פון גייסט. די פרוי איז אַוודאי עגאָאיסטיש און אַפילו אָפטמאָל באַרבאַריש צום מאַן, ווייל דער רבונו של עולם האָט איר געצוווּנגען אַזוי צו זיין. זי דינט אַ געוואָלטיקן צוועק. זי גייט צו איר ציל דירעקט און אינסטינקטיוו, אַזוי ווי באַפוילן דורך אַ העכערער קראַפט און מיט אַן אימפּעט וואָס איז ענלעך צום נביא׳ס פייערדיקן אימפּעט, מיט וועלכן ער טראָגט אַדורך גאָט׳ס וואָרט צו די פעלקער. זי איז פאַקטיש באַוואָפנט מיט אַ קאָסמישער שליחות...

און מיין מוטער און אויך מיינע שוועסטערן און אַלע די פרויען וואָס איך האָב אין יאָרן שפּעטער באַקעגנט אויפן וועג פון מיין לעבן, זיינען אויסגעוואקסן אין מיינע אויגן צו גראַנדיעזע און הייליקע געשטאַלטן, באַזעסענע מיט דער גרויסקייט פון גאָט און באַשטראַלט מיט אַ מעכטיקן פאַנאַטיזם...

מיינע טייערע שוועסטערן האָבן תמיד גערעדט פון מיין הייבאַם. איך האָב קליינערהייט געזען דער הייבאַמס גרויסע, האַריקע און אַדערדיקע הענט, שוואַרצע ווי די ראָבן. זי האָט געהאַט האַרטע ,מענלעכע הענט, אַזוי ווי ביי אַ קאָוואַל. זי האָט מיך אָנגענומען ביים קאָפּ און האָט מיך שיעור נישט צעקוועטשט, שלעפּנדיק מיך מיט געוואַלט. איך האָב נישט געוואָלט, אָבער איך האָב געמוזט אַרויסקומען פון דער הייסער מאַמעס טראַכט. עס איז שוין נישט געווען קיין שום אויסוועג. צוריקגיין איז ממש געווען אוממעגלעך. די אייביקייט האָט פאַר מיר געעפנט איר טראַכט מיט אייזערנע הענט.

שרה קיילע מינקעס, אַזוי האָט מען די הייבאַם גערופן, האָט געוווינט מיט איר מאַן, איינעם אַ פערדשינדער, בערל דעם דאַראַשקאַרזש, און ער איז געווען אַן אויסגעדינטער ניקאָלאַיעווסקי סאָלדאַט. די מאַמע האָט דערציילט אַז איך בין אַרויסגעקומען אַ טויטער. שרה קיילע מינקעס האָט מיך געשלאָגן און געפּאַטשט מיט אירע גרויסע הענט. זי האָט מיך אַריינגעלאָזט אין אַ צינענעם בעקן מיט אייז־קאַלטע וואַסער. איך האָב אויסגעשריגן דעם ערשטן מענטשלעכן געשריי און — איך בין געבליבן לעבן...

די מאַמע איז געווען מוראדיק אָפּגעשוואַכט. אַ פרוי איז אַריינגעקומען מיך אָנזויגן אַ פּאָר מאָל אַ וואָך. די אַם האָט געהאַט געטלעכע בריסטן. אַ סך פון די קינדער פון דעם שטעטל באַבריניק האָט די אַם געזויגן מיט איר מילך. פילע פון די קינדער וואָס זי האָט געזויגן אין משך פון איר לעבן, זיינען שוין כמעט געווען גרויע אידן. איין אויג, דאָס רעכטע, איז ביי איר געווען בלינד. דאָס האָט איינס פון די קינדער, וועלכע זי האָט געהאַלטן אין אָנזויגן, ביי איר אויסגעגראַטשעט אַן אויג, ווי אַ קאַץ. דאָס

צווייטע אויג האָט געהאָט אַלע מינים בלויקייטן פונעם הימל. די אַם פלעגט זאָגן:

— שיעלע איז אייביק דאָרשטיק נאָך מיין מילך. ער האָט מיך ליב ווי דאָס לעבן. אַ סימן: ער בייסט מיר איין די נאָפּלען ביים זייגן...

די אַם האָט געהייסן רחל־לאה, פונקט ווי מיין מאַמע. און תמיד, ווען איך פלעג אין אונדזער שטוב הערן רעדן וועגן איר, האָט מיך באַהערשט אַ געפיל פון אומבאַשרייבלעכע ליבשאַפט און דאַנקבאַרקייט צו דער אומבאַקאַנטער פרוי, וואָס האָט געזויגן מיט איר הייסע און קרעפטיקע מילך אַ שטעטל מיט קינדער, מיט מיידלעך און אינגלעך... ווער פאַרדינט אַ דענקמאָל ביים פאָלק: דער גענעראַל וואָס מאַכט חרוב שטעט און לענדער און פירט זיינע אַרמייען צו טויטן פרעמדע פעלקער — אָדער איינע אַ פשוטע פרוי פון פאָלק, מיט אַ בלינד אויג, וואָס זויגט אָן קיין עין הרע אַ שטאָט מיט אידן פון אירע שפּעדיקע בריסט?!...

אפשר, טראַכט איך, אַז איך וועל אַמאָל אין גן־עדן, איבער 120 יאָר, באַקעגענען די אַם, רחל־לאה, וועל איך איר האַרציק אָפּדאַנקען פאַרן זויגן מיך... תמיד, אַז איך טרינק אַ גלאָז מיט פרישע מילך, דערמאָנט עס מיך אין יענער זילבערנער מילך פון רחל־לאה׳ס געטלעכע בריסטן...

* * *

די מאַמע טראָגט אייביק אַ גרויסע, דיקע און אַ טונקעלע פאַטשיילע. די פאַטשיילע באַדאַרף עס איר באַשיצן פאַרן פוילישן פראָסט. די פאַטשיילע נעמט אַריין אין זיך אַ טויזנט שנייען און אַ טויזנט האָגלען. אַזוי ווי אַ נאַס פעלד, האָט די פאַטשיילע איינגעזאַפּט אין זיך אַלע רעגנס פון יאָר און פון אַ סך יאָרן. מאַמע טראָגט מיך אונטער דער געדיכטער פאַטשיילע. אַ וואַרעמער וואָלקן איז די פאַטשיילע. זי איז מיין ערשטע מאַמעשע וואַרעמקייט. עס שטראָמט דער מאַמעס וואַרעמקייט פון דער פאַטשיילע. עס גייט פון איר מאַמעשע וואַרעמקייט געמישט מיט אַ אידישער פרוי׳ס צער און שרעק. דאָ ליגן פאַרדריקט און איינגעשלאָפן אַלע מיינע קינדערישע שלאָפקייטן. ווען די מאַמע לויפט מיט מיר דורך וועלדער שניי און האָגל און רעגן צום שטאָטישן פעלדשער, טראָגט זי מיך אונטער דער פאַטשיילע ווי אַ גאָלדענעם מלאך. פאַטשיילע איז מיין מעשה בראשית. גאָט׳ס וואַרעמער וואָלקן וואָס טוליעט און ליולעט מיך צום אורבאַשאַף. פאַטשיילע הילט איין דער מאַמען ווי גאָט׳ס הייסער וואָלקן־הימלישער לאַנדשאַפט. איך האָב ליב אין דער פאַטשיילע אַ שטיק מאַמען. די פאַטשיילע איז די מאַמע. ווען מיר, קינדער, וואַרטן זי אָפּ ביים וואַלדיקן ברעג, אין פאַרנאַכט, ווען זי גייט אַהיים פון שטעטל, איז קוקן מיר נישט אויף איר אויסגעמאַטערט פנים, נאָר אויף דער טונקעלער פאַטשיילע. דאָרטן, אין דער פאַטשיילע, איז ערגעץ

איר פּנים אויך פאַראַן, צום ערשט באַוויזט זיך איר פּאַטשיילע, ס׳איז שוין נישט וויכטיק איר פּנים, איר מאַרטירעריש־געשלאָגענער גוף. די פּאַטשיילע איז מיין היימישע לאַנדשאַפט. איך האָב אין איר אַריינגעוויינט מיין גרינגע קינדהייט. איבער מיין קינדישן וויגעלע איז די פּאַטשיילע געלעגן נידעריק אַזוי ווי דער היימישער אידישער הימל פון מיין מאַמעס פרומקייט און וועלט־פאַרשטעלונג. און פאַרנאַכט זע איך אויפן הימל די ערדישע, די מאַמעשע פּאַטשיילע. די מאַמע פליט אויפן הימל שווער און טרויעריק. דער מאַמעס פּאַטשיילע איז גאָט׳ס טונקעלע און מרה־שחורה׳דיקע לאַנד־שאַפט. פעלקער גייען אַרויס פון אירע טונקעלע, אומעטיקע קנייטשן. אַ, קינדישע, עפּישע מעשה פון דער מאַמעס הייליקער פּאַטשיילע. אין איר איז אויסגעדריקט מאַמעשע געטריישאַפט און קינדישער גלויבן אין דער מאַמעס נעבעך בידנעם כוח. צו איר גייט מיין הימן פון וואָרט. מאַטורער אידישער שרייבער ווידמעט זיין גאַנץ מאַטוריש וואָרט דער מאַמעס וואַ־רעמער, נעבולאַרישער, קאָסמישער פּאַטשיילע. זי איז די וואַרעמע פּאַרט־זעצונג פון דער מאַמעס שוואַנגערשאַפט. אין דער פּאַטשיילעס פייכטער וואַרעמקייט בין איך נאָך אַלץ עמבריאָן. מאַמעס בלוט־געפעסן רינען אויף מיר מיט דער הייסער שטראָמיקייט פון פייערדיקע אורטייכן. קינפּטיקער חלום פון גן־עדן, איז דער מאַמעס פּאַטשיילע. קאָסמאָס איז נאָך אַלץ דער מאַמעס הייסער, בלוטיקער טראַכט. דו ביסט שוין אַזוי אוראַלט. אָבער דו ביסט נאָך אַלץ עמבריאָנישער ערב־מענטש אין דער מאַמעס אינגעווייַדן, אין די בלוט־געפעסן פון מעשה בראשית. פאַרמבולדיקע גיגאַנטן באַוועגן דיך אין דיין חלום. דיין טויט איז דאָס צוריק ווערן עמבריאָניש אין דער מאַמעס הייסער פּאַטשיילע־טראַכט. די קברדיקע ערד איז דיין מאַמעס צווייטע שוואַנגערשאַפט מיט דיר...

* * *

יעדן שבת צונאַכטס, פאַרן זאָגן „גאָט פון אברהם״, פלעגט די מאַמע אין דער טונקלקייט צוגיין צו דער מיט איז און שניי פאַרפרוירענער שויב. אויסציען אירע דינע פינגער צו די בלויע קוויאַטן (בלומען), וואָס דער פראָסט האָט געמאָלן אויף די שויבן, און זיי באַנעצן. דאַן פלעגט זי איינ־רייבןביידע הענט אירע מיטן אַראָפּגעקראַצטן, טונקעלן שניי און שטילער־הייט, מיט אַ פרומען ניגון, זאָגן „גאָט פון אברהם און יצחק און יעקב״...

און איבער די שויבן זיינען שטיין געבליבן אין אייזיקע מאַלערייען די צייכנס פון דער מאַמעס נעגל...

די מאַמע פלעגט תמיד זאָגן:

— פון איין עק וועלט ביז צו דעם אַנדערן עק וועלט איז פינף הונדערט יאָר גאַנג!

— פון איין הימל ביזן אַנדערן הימל איז פינף הונדערט יאָר גאַנג!
— פון דער ערד ביזן הימל איז פינף הונדערט יאָר גאַנג...

און אין מיין קינדערישן מוח איז געבליבן אויף אייביק פאַרצייכנט: פינף הונדערט יאָר גאַנג... עס איז געווען קליין די וועלט און זייער נאָענט צו גאָט... די וועלט איז נאָך געווען אַזאַ פאָלקסטימלעכע. זי האָט געשמעקט מיט נאַאיוון פאָלקלאָר. און אין מיין קינדערישן דמיון איז געבליבן שטיין אַן איינזאַמער מענטש וואָס גייט און גייט דעם גאַנג פון מענטש צו גאָט גאַנצע פינף הונדערט יאָר גאַנג... און ווען ער ווערט מיד, שטעלט ער זיך אָפּ ערגעץ אויף אַ פונקט פון דער הויכער הימלישער לייטער... און קייט שטילערהייט אַ שטיקל פאַרדאַרט ברויט...

איך האָב געחלומט: ווען איך וועל ווערן גרעסער, וועל איך אפשר נעמען גיין אַזאַ מין גאַנג אין הימל אַריין, צום רבונו של עולם...

— און דאָס געשריי פון אַ געווינערין איז געגאַנגען פון איין עק וועלט ביזן אַנדערן עק וועלט!...

און אויך דאָס געשריי פון אַ מענטש ווען ער שטאַרבט האָט דורכגע־דרונגען די גאַנצע וועלט, פון איין עק וועלט ביזן אַנדערן עק וועלט...

דאָס איז געווען אַמאָל...

* * *

דורך דער נאַכט פלעגט ווינטער־צייט אָנפאַלן אַרום הויז אַ גרויסער שניי. דער שניי פלעגט פאַרדעקן די וועגן, די שטיינער, די שטאַכעטן, די בוימער. די ערשטע פלעגט זיין, פאַרשטייט זיך, די מאַמע ,וואָס פלעגט אָנטאָן אירע צעריסענע כאַדאַקעס (שיך) און אויסטרעטן אַ וועג אין שניי. די מאַמע האָט קיינמאָל נישט געוואַרט אַז עמעצער אַנדערש זאָל פאַר איר טאָן די אַרבעט. יעדער אַרבעט מוז די מאַמע אַליין טאָן. איך געדענק ווי אַזוי די מאַמע בראָדזשעט אין דעם געדיכטן שניי. ווי זי פאַלט אַריין אין די הויכע שניי־בערג, אַ קליינע, אַ שוואַכע פרוי. זי גייט אַריין אין גרויסן, טיפן וואַלד־און־וועלט פון שניי. זי פאַרשווינדט אין דער ווייטקייט. איך האָב מורא אַז די מאַמע זאָל חלילה נישט פאַרפרוירן ווערן אין דעם שניי־טאָל. אינם שניי־אָפּגרונט. שפּעטער קומט זי צוריק, אַ נאַסע, אַ דורכ־געפלייצטע מיט פייכטקייט, ווי פון טויזנט וואַסערן. איר פּנים — איין שטיק אייז. פון די אויגן קאַפּן טרערן. דער טאַטע בייזערט זיך נאָך.

אויף שטענדיק שטייען מיר פאַר די אויגן דער מאַמעס טריט אין שניי. די טיפע טריט פון אירע גרויסע, הילצערנע שיך, וועלכע מען רופט „טרע־פּעס". לאַנג שטייען אירע טריט אין גרויסן, אומענדלעכן שניי. ס'איז געגוג לאַנג דער אומברחמנותדיקער, פּוילישער ווינטער. און דער שניי ווערט נישט אַזוי שנעל צעשמאָלצן. און ווער עס גייט אַרויס אין דרויסן, מוז

גיין אין דער מאַמעס טיפע טריט. אַפילו דער הונט גייט אין דער מאַמעס פאַרפרוירענע טריט...

די זון שיינט אויף. דאָס אייז און שניי ווערט ליכטיק ווי בריליאַנט. די צווייגן פון די בוימער ברעכן זיך אונטער דער שווערער לאַסט פון שניי. די מאַמע קלייבט אויף יעדער צווייג אויפן פעלד, טראָגט עס אַריין אין שטוב אַריין, זי וועט איינהייצן אַ פייער. דאָס פייער פון די נאַסע צווייגן וועט דערוואַרעמען דאָס הויז, וועט וואַרעמען איר מאַן, וואָס שילט טאָג און נאַכט, און אירע קינדער. עס איז ביי מיר קלאָר: ווען עס וועלן נישט זיין קיין צווייגן אין הויז, וועט די מאַמע אַליין זיך אַריינרוקן אין אויוון אַריין, זי וועט מיט אירע מוטערלעכע, ברענענדיקע גלידער אונדז דערוואַרעמען אין דער גרויסער, ביטערער, פוילישער פראָסט. דערביי וועלן אירע גוטע אויגן אַרויסקוקן פונם פייער און טרערן וועלן רינען פון זיי, מוטערלעכע טרערן פון אומענדלעכער ליבשאַפט. זי וועט אונדז מיט זשעדנעקייט אָנקוקן. אירע אויגן וועלן זאָגן:

— האָט הנאה פון מיין פייער, קינדערלעך טייערע! וואַרעמט זיך די געפרוירענע הענטלעך ביי מיינע אָנגעצונדענע אברים! דאָס איז די גאַנצע וואַרעמקייט מיינע וואָס איך פאַרמאָג. איך שענק אייך די וואַרעמקייט פון מיין האַרץ. מיין בלוט פלאַמט כדי אייך זאָל זיין וואַרעם, טייערע קינ־דערלעך מיינע. קיין שום קרבן איז נישט גרויס גענוג פון מיר פאַר אייך, האַרציקע קינדער. איך האָב אייך ליב ווי דאָס לעבן. און מיין לעבן גיב איך אייך אַוועק מיטן גאַנצן האַרצן!...

אַט אַזוי רעדט די מאַמע, דאַכט זיך, פונם גרויסן פייער פון אויוון אַרויס. און מיר נעמען עס אָן פאַר ליב. פאַר נאַטירלעך. אַזוי באַדאַרף עס זיין. אַזוי איז אונדזער מאַמע. דאָס איז די אידישע מאַמע פון פוילן. דער סימבאָל פון אַלע אידישע מאַמעס פון פוילישן אידנטום. אין פיין און אין יסורים, אין דערנידעריקונג און באַליידיקונג מצד די פּאַליאַקן, אוקראַאינער און ליטווינער, האָט דער פאַרפאָלגטער איד אַלץ אַדורכגעטראָגן מיטן כוח פון דער מאַמעס ליבשאַפט צו אים. איר ליבשאַפט האָט הייס געטליעט אין דעם אידנס בלוט. ס'איז געווען זיין פאַנצער וואָס האָט אים אייביק באַשיצט.

* * *

מיין ברודער יעקב, אָדער יאַנקעלע, ווי מען פלעגט אים רופן אין דער היים, איז אַוועק פון דער היים ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין אינגל. דאָס איז געווען עטלעכע יאָר פאַר מיין געבוירן ווערן. צוואַנציק יאָר צייט האָט מען פון אים נישט געהערט. די מאַמע האָט געוויינט און געקלאָגט. זי איז געפאָרן צו „גוטע אידן", צו זנאַכערס. אָבער קיינער האָט איר נישט געקענט זאָגן ווו יאַנקעלע'ס געביין איז אַהינגעקומען. אַלע האָבן שוין געהאַט

אויפגעגעבן יאַנקעלעס לעבן. אָבער נישט די מאַמע... אַ מאַמע גיט קיינמאָל נישט אויף איר געליבט קינד... זי האָפט תמיד...

איינמאָל האָט געטראָפן אַז עס האָבן אָנגעקלאַפּט אין אונדזער טיר צוויי ציגאַנקעס. זיי ווילן לעגן דער מאַמען קאָרטן. די מאַמע איז דאָך אַ פרומע און אַ גאַטספאַרכטיקע פרוי. זי האַלט נישט פון קיין שום טרעפערס און קיין כישופמאַכערס. אָבער מײַנע בײדע שוועסטערן מירעלע און חיהלע שטייען צו צו איר:

— סטייטש, מאַמע, אפשר וועלן זיי עפּעס דערציילן פון יאַנקעלען...

דאָס איז געווען אַ שטאַרקע „קאָרט" אין מײַנע שוועסטערלעכס הענט: די מאַמע, אין איר ביטערער פאַרצווייפלונג און בענקשאַפט, האָט אײַנגעוויליקט זיך צו לאָזן לעגן קאָרטן דורך די ציגאַנקעס...

די צוויי ציגאַנקעס זײַנען געווען ווי צוויי זײַדענע פּרינצעסינס, יונגע און שיינע. מיט קעפּ געדיכטע האָר און אויגן טיפע ווי הונדערט פינצטערע נעכט. זיי צעלעגן פלינק דאָס טעשל קאָרטן מיט זייערע גאָלדיקע פינגער, אָנגעטאָן אין גרויסע גאָלדענע רינגען און זיי זאָגן צו דער וויינענדיקער מאַמען:

— מיר ווייסן ווײַל אַז דײַן האַרץ בלוטיקט פונוועגן דײַן קינד יאַנקעלעס גורל... מיר זעען עס קלאָר אין די קאָרטן. אָבער זאָל זיך דײַן האַרץ דערפרייען. מיר קענען דיר אָנזאָגן אַ פריילעכע בשורה: יאַנקעלע לעבט און ער האָט חתונה געהאַט מיט דער יינגסטער טאָכטער פון אַ גראַף...

— מזל־טוב, מאַמע! — האָבן די שוועסטערן אויסגעשריגן.

די מאַמע האָט אויפגעלעבט. אָבער נאָך דער מעשה מיט די ציגאַנקעס און זייערע וווּנדערלעכע קאָרטן זײַנען אויפּדאַסניי אַדורך לאַנגע יאָרן און מען האָט פון יאַנקעלען נישט געהערט... די מאַמע איז ווידער אַרומגעגאַנגען אַ דערשלאָגענע. אָבער איר האָפנונג צו זען יאַנקעלען אַ לעבעדיקן האָט זי נישט אויפגעגעבן...

איינמאָל אין אַ נאַכט חלומט זיך מיר אַזאַ מין מאָדנער חלום: אַז יאַנקעלע איז אַהיימגעקומען צו אונדז צו גאַסט...

איך דערצייל מײַנע ליבע שוועסטערן דעם חלום. איך דערצייל דער מאַמען. און איר קוואַל פון טרערן עפנט זיך אויפּדאַסניי. די מאַמע וויינט...

אַרום נאָכמיטאָגצייט שטיי איך מיר פאַרן הויז אונטער דער זון און איך קוק זיך צו ווי אַזוי דאָס אייז צעגייט. ווי דער שניי אויף די צווייגן צעשמעלצט זיך... און ווי אַזוי דער גוטער פרילינג שפּאַצירט אין לאַנד אַריין... פּלוצלינג קומט צו צו מיר אַ הויכער רוסישער אָפיצער, אין אַ מיליטערישן שינעל און ער פרעגט מיך ווו עס וווינט דאָ מאָטל טענענבוים, דאָס הייסט: מײַן טאַטע...

— איך בין זיין זון! — זאָג איך מיט שרעק פאַרן הויכן אָפיצער...

— ווי אַזוי הייסטו, אינגעלע?

— די מאַמע רופט מיך שיעלע!

— איך בין דיין ברודער יאַקוב! — זאָגט דער צאַרישער אָפיצער...

ער הויבט מיך אויף אין דער הויך און ער נעמט מיך קושן...

מיינע שוועסטערן זעען דורך דעם פענצטער די דאָזיקע סצענע און זיי דערשרעקן זיך: אַ רוסישער אָפיצער... עס שמעקט חלילה מיט אַ פּאָגראָם אויף אידן... ווער ווייסט וואָס דער אָפיצער גייט טאָן מיט מיר.

אָבער די מאַמע קוקט אַרויס דורך די שויבן און, זי דערקענט איר זון יאַנקעלן. זי לויפט אַרויס צו אונדז און פאַלט אַוועק אין חלשות... יאַקוב האַלדזט די מאַמע און קושט איר. דערביי פאַרלירט ער דעם מיליטערישן הוט מיט דער קאָקאַרדע...

— יעקוב! האָסט שוין חתונה געהאַט? — פרעגט די מאַמע נאָך אַלץ אַ וויינענדיקע...

— יאָ, מיט דער יינגסטער טאָכטער פון דער רייכער פאַמיליע, גראַף...

— אוי, טאָקע אַ גראַפ'ס אַ טאָכטער, ווי די ציגאַנקעס האָבן פאָרויס־געזאָגט! — כאַפּן אונטער מיינע ביידע שוועסטערן און זיי צעטאַנצן זיך מיט דער מאַמען און מיט יאַנקעלן אינמיטן.

— מיט אַ גראַפיניע! — כאַפּט אונטער מיין עלטערער ברודער שלמה.

— און ווו בין איך? מיר האָט זיך דאָך היינט אין באַגינען געחלומט אַז יאַקוב איז געקומען צו גאַסט צו אונדז אַהיים! — רוף איך זיך אָן אַ ביסעלע אַ בייזלעכער פאַר וואָס מען האָט ביי דער גרויסער שמחה אין מיר אינגאַנצן פאַרגעסן.

— טאָקע יאָ! — זאָגט די מאַמע. — שיעלעס חלום האָט פאַרווירק־לעכט דעם שענסטן חלום אין מיין לעבן: אַז מיין טייער קינד יאַנקעלע לעבט, צו דאַנקען דעם וואָס לעבט אייביק! — — —

מען איז אַריינגעגאַנגען פריילעכע אין שטוב אַריין מיטן רוסישן אָפיצער... מען האָט געטרונקען ווישניאַק און געגעסן לעקעך. שכנים זיינען אַריינגעקומען און געוואונטשן. יאַקוב האָט געוויזן פאָטאָגראַפיעס פון זיין שיינער גיטעלען, די טאָכטער פון דער משפחה גראַף... גיטעלע גראַף האַלט אין אירע הענט אַ גרויסן בוקעט מיט קוויאַטן און זי שטייט אויף אַ הינטערגרונט פון אַ טייך אין וועלכן עס שווימט אַרום אַ גרויסע, שניי־ווייסע שוואַן...

* * *

די מאַמע האַלט אין דער האַנט אַ פלעשל מילך. זי וויגט עס און זי וואַרפט עס אַרום. שפּעטער דערלאַנגט זי מיר צו טרייסלען דאָס פלעשל

מיט מילך אַזוי לאַנג, ביז די מילך וועט ווערן געדיכט ווי דאָס פֿאַלן פֿון אַ שוועבל, דיקן שניי אין אַ טונקעלן, ווינטערדיקן טאָג, און עס וועט זיך ענדלעך פֿאַרוואַנדלען אין געדיכטן צוואַרעך.

— מאַמע! איך וועל גאַרנישט טאָן ביז דו וועסט מיר דערציילן אַ מעשה׳לע. — סטראַשע איך מיין מאַמען...

די מאַמע קנייטשט דעם שטערן, וואָס איז שוין פֿון פֿריער צעקנייטשט און צעאַקערט. ענדלעך זאָגט די מאַמע:

— שיעלע קרוין! איך האָב דיר שוין דערציילט אַלע מעשה׳לעך... אָבער איין קליינטשיק מעשה׳לע האָט זיך נאָך פֿאַרוואַלגערט ביי מיר אין זכרון. מיר האָבן דעמאָלט געוווינט אין בערקאָוויץ, ביים טייך. מיר האָבן געהאָט אַ וואַסער מיל. און אין יענעם זומער איז אויסגעבראָכן אַ ווילדע מגפֿה. אין די שטעטלעך זיינען לא עלינו געשטאָרבן מאַסן מענטשן. מען פֿלעגט די אידן נעבעך באַגראָבן מאַסנווייז אין געמיינזאַמע קברים: ווייבער, מענער, קינדער און אַלטע לייט. אין די דערפֿער איז געווען אַביסל לייכטער צו לעבן. ס׳איז נישט געווען אַזוי פֿיל מענטשן. יעדער פּויער איז זיך געזעסן אין זיין כאַלופּע און האָט זיך באַהאַלטן פֿאַרן פֿייערדיקן מלאך המות.

אין איין טאָג, דאָס איז געווען אין אַ שבת קודש, האָבן די פּויערים געיאָגט איבערן דאָרף אַ אידישע פֿאַמיליע, וואָס איז אַנטלאָפֿן פֿון דער מגפֿה אין שטעטל. עס איז געווען אַ יונגע פֿרוי מיט צוויי קינדער, אַ מיידל און אַ אינגל. די פֿרוי און די קינדער זיינען מיט זייערע לעצטע כוחות געלאָפֿן איבערן דאָרף און די רוצחישע פּויערים נאָך זיי, מיט העק, מיט ווידלעס און מיט שפּאַדלעס...

— זיי ברענגען צו אונדז די מגפֿה, די פֿאַרשאָלטענע זשידעס! — האָבן זיי געשריגן. — פֿאַריאָגט די כאָליערע פֿון בערקאָוויץ! פֿאַרטרייבט די „זשידאָווקע" מיט אירע „בענקאַרטעס" (ממזרים). זי טראָגט דעם טויט מיט זיך!...

מיר האָבן אַרויסגעקוקט דורך די פֿענצטער און געהאַט גרויס רחמנות אויף דער אָרעמער אידישער פֿאַמיליע, וואָס איז אַנטלאָפֿן פֿון טויט. מיר האָבן אָבער מיט גאַרנישט זיי געקענט העלפֿן, ווייל די צאָרנדיקע פּויערים וואָלטן אונדז געלינטשט. אויסערדעם, וואָלטן זיי באַיקאָטירט אונדזער מיל און נישט געמאָלן ביי אונדז קיין קאָרן, קיין ווייץ און קיין גערשטן. דאָס האַרץ אין מיר האָט ביטער געוויינט אויף זייער וויסטן גורל... איך האָב שוין געוואָלט עפֿענען די טיר און אַריינלאָזן אין שטוב אַריין די פֿאַרפֿאָלגטע אידישע פֿאַמיליע. אָבער, דער טאַטע האָט נישט געלאָזט...

די פֿרוי איז מיט אירע צוויי פּיצעלעך קינדער אַנטלאָפֿן אין וואַלד אַריין

און דאָרטן, ווי די פאַרפאַלגטע חיות, האָבן זיי זיך אויסבאַהאַלטן אין די הייל. די פויערים האָבן זיי אַרומגעזוכט און נישט געקענט געפינען. אַלע נייע פאַרטיעס גויים זיינען אַוועק אין וואַלד אַריין, גרייט נהרג צו זיין די אידישע פאַמיליע....

און די מאַמע האָט אָנגעהויבן צו וויינען און זי האָט מיר ווייטער דערציילט:

— מיין האַרץ, שיעלע קרויז, האָט מיר זייער ווי געטאָן און געבלוטיקט אויפן גורל פון דער פאַמיליע. אָבער, איך האָב זייער שטאַרק מורא געהאַט פאַר די בייזע פויערים און — פאַרן טאָטן... דאָך, איינמאָל ביי דער נאַכט, האָב איך אַריינגעלעגט אין אַ קיישעלע אַ שטיקל שבת'דיקע חלה, אַ קריגעלע מיט מילך און אַ פלעשעלע מיט האָניק. אויך אַ שטיקל פיש פונם שבת'דיקן מאָלצייט. מיט אַ פאָר אָפּגעקאָכטע אייער. און אַזוי ווי ס'איז געשטאַנען אין הימל אַ ליכטיקע לבנה, האָב איך קלאָר געזען פאַר זיך דעם וועג אין וואַלד אַריין. מיין האַרץ האָט געציטערט פון גרויס פּחד... ווען אַ פויעריש אויג וואָלט מיך חלילה דעמאָלט דערזען, וואָלטן זיי מיך פאַרשטיינערט אָדער פאַרשמיסן צום טויט...

אַזוי בין איך, אַן איינזאַמע און אַ דערשראָקענע, געגאַנגען צום וואַלד צו. די געשרייען פון די ווערם אין די זומפּן און אין די גריבער האָט אויף מיר אָנגעיאָגט אַ ווילדע שרעק. געקומען אין פינצטערן וואַלד אַריין, בין איך ממש בלינדערהייט געגאַנגען צווישן די בוימער, אין געדיכטן חושך, ווי געפירט דורך אַ מלאך, וואָס האָלט מיך ביי דער האַנט... איך בין, ווי געזאָגט, שיעור געשטאָרבן פון אימה... אָבער דער מעכטיקער גלויבן אַז אי דאָ אַ גרויסע זאַך פאַרן לעבן פון אַן אומגליקלעכע אידישע פרוי און פאַר אירע קליינע קינדער, האָט מיך געשטאַרקט. דער וואָס לעבט אייביק אין הימל, וועט מיך חלילה נישט פאַרלאָזן אין דער ביטערער שעה פון מיין לעבן...

— שמע ישראל! — האָב איך אויסגערופן ווי נישט מיט מיין קול אין דער געדיכטער פינצטערניש פון וואַלד. אַזוי עטלעכע מאָל. ביז אַ קול האָט מיר געענטפערט:

— שמע ישראל אדוני אלהינו אדוני אחד! איך בין פאַרציטערט געוואָרן און געבליבן שטיין אַ ווילע אין הוילער שרעק. ענדלעך האָט זיך אויסגעשיילט אַ דינע געשטאַלט צווישן די בוימער, אין ווייסן לבנה־ליכט. די פרוי איז דערשינען און האָט זיך אָנגעהויבן צו דערנענטערן צו מיר... ווען זי איז שוין נאָענט געהאַט צוגעקומען, האָבן מיר זיך ביידע אַרומ־געכאַפּט. מיר האָבן גאָרנישט גערעדט... איך האָב איר באַלד דערלאַנגט דאָס קיישעלע מיט שפּייז און כ'האָב איר אָנגעזאָגט צו פאַרבלייבן אין דער

באַהעלטעניש אַזוי לאַנג ביז די שוידערלעכע מגפה וועט אַדורך... די פרוי, וואָס האָט געהייסן רחל, האָט מיך געקושט און געוויינט פאַר פרייד... און ווו זיינען די קינדערלעך אירע? זיי שלאָפן אין אַ טיפער הייל, וואָס איז פאַרשאָטן מיט בלעטער...

יעדער נאַכט, ווען דער טאַטע איז איינגעשלאָפן, בין איך פאַרשוווּנדן געוואָרן פון הויז מיט אַביסל שפייז, מיט קליידער און מיט בעטגעוואַנט... אַזוי האָב איך אויפגעהאַלטן דאָס לעבן פון דער פרוי מיט אירע ביידע קיינדער וואָכנלאַנג, ביז די מגפה האָט אויפגעהערט... און זיי האָבן שוין געקענט פאַרלאָזן דעם וואַלד און זיך אומקערן צוריק אַהיים, אין שטעטל אַריין. און די פרוי האָט מיך געקושט און געהאַלדזט און האָט מיר טויזנט מאָל שוועסטערלעך געדאַנקט... — — —

פון דער מילך אין פלעשל איז שוין לאַנג געוואָרן געדיכטער צוואָרעך. און איך בין צוגעפאַלן צו דער מאַמען און זי אויסגעקושט מיט טויזנטער קושן פאַר דער אומגעהויערער גרויסקייט פון איר מענטשלעך האַרץ, פון איר אידיש האַרץ... און מיר האָבן ביידע געוויינט מיט אַ גרויס געוויין — פאַר פרייד...

* * *

איך געדענק איינעם אַ זייער זוניקן און הערבסטיקן טאָג אין מיין פריען לעבן. דאָס איז געווען אינם דערפל סאָסנאָווו. דער שיינער נאָמען פונם דערפל שטאַמט אָוודאי פונם סאָסנאָוון וואַלד, וואָס איז דאָ אַמאָל געוואַקסן, איידער עס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ישוב. ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות ערב־טאָג, אין גרויסן און בלויען באַגינען, גייען טאַקע אויף אין מיין זכרון די סאָסנעס פון דאָרף. און זיי פאַרשמעקן מיין שטוב. די הויכע, שלאַנקע סאָסנעס פון מיין קינדהייט אין דער אַלטער מדינה פוילן, ווו אידן האָבן געלעבט און געשאַפן אַ גאַנצן יאָרטויזנט און ווו אַ איד, פאָן וואָל, האָט גע־קעניגט אַ גאַנצע נאַכט... איך קוש איצט מיט בענקשאַפט יעדער איינציקע סאָסנע...

עס איז געווען נאָכמיטאָג. איך זע פאַר זיך אַ גרויסע, ברייטע און אויס־געקעמטע לאָנקע. עס איז ברוין און זוניק פאַרברענט דאָס צאַרטע, דאָס היימיש־פשוטע גראָז. אַ וועלט מיט בלעטער זיינען אָנגעלעגט אויפן פעלד קופּעסווייז, אין סאָד, ביים שוין ברוינעם, בורשטיניקן וואַלד, אומעטום ווו דאָס אויג גרייכט. איך און די מאַמע, ביידע שאַרן מיר מיט הילצערנע גראַב־לעס די בערג מיט טויטע בלעטער. די בלעטער פאַלן פון די בוימער אַזוי ווי אַ געלער שניי. איך בין מאָדנע איבעראַשט און פאַרוווּנדערט פון וואַנען עס קומען אַזוי פיל בלעטער. פון ווו האָבן זיי זיך פלוצלינג געיאָוועט? און צו וואָס שאַרט זיי די מאַמע אַראָפּ פונם פעלד, ווען זיי זיינען אַזאַ הערלעכע

און טרויעריקע צירונג? דאָס ערשט־דערוואַכטע, אָבסערווירנדיקע אינגעל אין מיר ווייסט נאָך נישט דעם קלאָרן צוזאַמענהאַנג פון זאַכן, בילדער און דערשיינונגען. אַט פליען די גרויסע, שוואַרצע וואָראַנעס און קראַקן אומ־היימלעך און שטעלן זיך אָפּ אין גאַנצע, שוואַרצע מחנות, נישט ווייט פון אונדז. אַזעלכע מאָדנע פייגל! דאָס צירונג פון פוילישן וואַלד און פעלד. אַן אָרעמער, נאַקעטער פויגל וואָס פּאַסט אַזוי שטאַרק פאַר דער אומעטיקער פוילנלאַנדשאַפט. — אַט קריכן די לעצטע אינסעקטן אויף דער ערד און איך קוק זיי נאָך מיט אַ סך סימפּאַטיע. אַט וואַקסן נאָך אַלץ די קליינע, ליבע און גאָלדענע זון־בלומען ווו נאָר זיי האָבן אַ שטיקל פרייע ערד. די גאָלדענע בינען זויגן נאָך פון זיי דעם זיסן נעקטאַר. איך בין טיף געריערט אין דאָזיקן שיינעם, הערבסטיקן טאָג נאָך אַלץ צו זען די דאָזיקע פּאַטעטישע זון־בלימ־לעך וואָס זיי בליען אַרויס די ערשטע פונם זומער, אין די סאַמע בליענדיקע טעג פון פרילינג, און ווי זיי בלייבן איבער אויפן פעלד, די סאַמע לעצטע... און אַט רוישן און יאָמערן די בלעטער אונטער אונדזערע פיס אַזוי ווי עס וואָלט זיי נעבעך שרעקלעך ווי טאָן... פּלוצלינג באַפאַלט מיך אַ טיפע מידיקייט. איך לעג זיך אַביסל צו אויפן הערבסטיקן פעלד. צוקאָפּנס: אַ באַרג מיט אויסגעטרוקנטע בלעטער, אַזוי ווי געלע שמות. קילקייט גייט פון די בלעטער. די בלעטער זיינען מאָדנע קאַלט. אַ גאַנצן זומער האָבן זיי זיך געוואַרעמט אין דער זון און זיי זיינען איצט פאַרבליבן קאַלט. די זון זעצט זיך רויט אויפן האָריזאָנט. איך דרימל איין אונטער די געשרייען פון די בלעטער. שוין בין איך מאָדנע מיד. אַ גאַנץ לעבן וועל איך זיין מיד. דאָס איז מיין גורל! אייביקע מידיקייט! אָבער אויך אַ סך מאָמענטן פון ענטוז־זיאַזם. געוואַלטיקער אויפשטראָם פון ווולקאַנישער ענערגיע. גייסטיקע שיכרות. אַן אומאויפהערלעכער יום־טוב פון קרעאַציע... דאָס טרינקען פון לעבנסבעכער טרויער און פרייד ווי ביטערע גאַל־און־גיפט און ווי שאַמפּאַניער...

ווייכע קראַליקעס לויפן פאַרביי מיט הערלעכע, זוניקע, אומשולדיקע אויגן. פונדערווייטנס ציטערט אויף אַ קראַליק, פאַרשט אויס פאַרזיכטיק, די קעגנט פון אַלע זייטן מיט זיין שאַרפער ראיה, האַלטנדיק אַ לאַפּקעלע אין דער הויך און ער ציט באַלד אָפּ. קוראַפּאַטוועס דערהייבן זיך פון די הויכע סאָסנעס. אַ קופער־רויטע וועווערקע קריכט פלינק אויף דער דיקער קאָרע פון אַ מעכטיקן דעמבאַוון בוים. אין הימל שטייען פאַרגליווערטע און פאַרטראַכטע די וואָלקנס. זיי האָבן פאַרגעסן זייער קאָסמישן אַדרעס. אָבער פּלוצלינג, באַוועגטע פונם ווינט, נעמען זיי גיין, זיי מאַרשירן נאָך אַלץ נאַכלעסיק איבער דער הימלישער לאַנקע. רויט זעצט זיך די זון אין אַ ים פון גאָלד. איך קוק אויף דער וועלט און אויף דער מאַמען. ווען אייגנט־לעך בין איך דאָ געווען? וואָס פּלוצלינג בין איך עפּעס אַריינגעפאַלן אין

דער וועלט, וועלכע איך דערקען קוים? ווער האָט מיך געהאַט? וועמענס אומגעהויערע הענט האָבן מיך געקנאָטן אַ יאָרטויזנט לאַנג? ווער האָט מיך אויסגעטראַכט? וועלכער געהיימנישפולער מחבר האָט פון מיר געחלומט און האָט מיך פאַרשריבן? וואָס זאָל זיין מיין גורל, מיין ראָלע און מיין צוועק אין דער וועלט? דאָ ליג איך אויפן באַרג מיט גאָלדענע בלעטער. ווער איז איינגנטלעך די דאָזיקע פרוי וואָס שאַרט צונויף מיט דער הילצערנער גראַב־לע די בלעטער פונם פעלד? די מאַמע האָט מיר קיינמאָל קיין ליד ביים וויגעלע נישט געזונגען. זי קען נישט זינגען. זי האָט נישט קיין שטימע. זי איז נישט קיין שיינע, ווי די אַנדערע פרויען פון דאָרף. אָבער קוקנדיק אויף איר צערפּול פנים גלוסט זיך מיר צום אויסברעכן אין אַ געוויין. דאָס איז דיין אייגענע מאַמע. גאָט האָט זי צו דיר אַרויסגעשיקט פון דעם איי־ביקן גאַנג פון די דורות. דו וועסט איר פנים אויף אייביק אַריינגעמען אין דיין זכרון און אין דיין געביין. דו וועסט זי שוין קיינמאָל נישט פאַרגעסן. זע, ווי זי ווערט נישט מיד צונויפשאַרנדיק די בלעטער. זי איז קראַנק. אָבער זי ווייסט נישט פון קיין מידיקייט. דו קענסט זיך דערלויבן צו זיין מענטשלעך מיד. אָבער אַ אידישע מאַמע ווערט קיינמאָל נישט מיד. זי דער־לויבט זיך דאָס נישט. דאָס איז אפשר אַ מין לוקסוס פאַר געוויסע טאַטעס. אָבער די מאַמע אַרבעט אייביק. די מאַמע וואַכט אייביק איבער דיר. שלאָף רואיק איין, קינד, קליינטשיק אינגעלע אויפן אומפריינטלעכן, היסטאָרישן פוילישן פעלד. די מאַמע וואַכט אייביק איבער דיר. עס איז נישט קיין הערבסטיק פעלד — עס איז אַ געלע וויגל. עס וואַכט איבער דיין וויגל שוין טויזנט יאָר צייט די העלדישע מאַמע. איר לייב האָט דיך געחלומט נאָך מששת ימי בראשית. נאָך ווען זי אַליין איז געווען פאַרוועבט און פאַר־קנאָכנט און אַ טייל פון דער נעבולאַ פון דער זון און פלאַנעטן־ראַשציניע. זי האָט מיט דיר שוין געשוואַנגערט אַ מיליאָן יאָר פריער פאַר דיין גע־בורט. דאָס איז דיין קאָסמישע מאַמע. זי האָט דיך אַרויסגענומען פון דעם קאָסמישן שטויב און האָט דיך מיט איר אומגעהויערער ליבע אויסגעפאַרעמט און אויסגעוועלגערט אויפן גרויסן לאָקשנברעט פונ׳ם קאָסמאָס. זי האָט דיך אין אור־פינצטערע נעכט איינגעקנאָטן מיט שטערן אינם בלוט און אין גע־ביין. דו לויכטסט מיט שטערן אין דיין לייב ווי מיט איינגעקריצטע וווּנדן. דו ביסט אויף אייביק — דיין מאַמעס זון. שלאָף איין פעסט און רואיק, וואָרים עס וואַכט איבער דיין לעבעדיק געביין דיין מאַמע צוזאַמען מיט גאָטס גאַנצן הימל מיט שטערן!

און, איך בין איינגעשלאָפן אויפן באַרג מיט בלעטער, ווי יעקב אבינו אין באר־שבע, אויף דעם האַרטן געלעגער פון קיזלשטיינער. אין שלאָף האָב איך דערפילט דער מאַמעס ברענענדיקע קישן אויף מיין הייסן פנים.

ס'האָט ווי די זון געגליט און געפּלאַמט איר מיליאָנעניאָריק, מוטערלעך ליב... און איך האָב פון שלאָף געמורמלט:

— אָ, מאַמע, מאַמע מיין אייביקע!

* * *

איך זע ווי אַזוי די מאַמע זיצט אויף אַ נידעריקער טאַבורעטקע. זי זיצט אַזוי קליין און אַזוי נידעריק געבויגן צו דער גרויסער ערד. תמיד אַזוי נאָענט אין לעבן צו דער ערד, כאָטש די מאַמע איז אָנגעטאָן אין הימלישע שטראַלן, ווי אַ הייליקע פרוי. איך זע עפּעס אַ מאָדנע זעעכץ: אַ קליינטשיקע דייטשקע מיט אַ בלאַסן פּנים ווי פון קרייד, מיט געלע, אַרויסשטאַרטשנדיקע ציין און מיט העל־בלאָנדע, גלייכע האָר אַזוי ווי דאָס שטרוי פונם דאָרפישן דאַך, פאָרעט זיך עפּעס פינצטער און געהיימנישפול אַרום דער מאַמעס קאָפּ. עס איז זיכער אַז זי טוט נישט אָן קיין גאָלדענע קרוין אויף מיין מאַמעס טרויעריקן קאָפּ. איך הער ווי די מאַמע שרייט עפּעס אויס אַ שטילן, אַ פאַרשטיקטן געשריי. איך פאַרנעם דער מאַמעס שוואַכן, אינערלעכן שמערץ און אַ יאָמער וואָס ברעכט זיך אַרויס פון אירע יסורימדיקע אברים. דער מאַמעס ווייִנען רירט אָן מיינע ביינער און מאַכט אַלט מיין קינדעריש־יינגען פלייש, ווי דער נביא זאָגט. די מאַמע, זע איך, ווערט זיך עפּעס זייער שוואַך און הילפלאָז אַנטקעגן דער „טויטער" דייטשקע וואָס באַוועגט זיך מעכאַניש. אָבער די דייטשקע איז שטאַרקער ווי מיין מאַמע...

איך זע אַז די דייטשקע וויל עפּעס אָפּטאָן דער מאַמען אַזוי ווי אויף צו להכעיס. ווען דאָס דייטשקעלע גייט ענדלעך אַוועק פון דער מאַמען, זע איך ווי צוויי קליינע פינצטערנישן נאָגן דאָס בלוט פון דער מאַמעס איידעלע און בלויע שליפן. זיי ציִען דאָס בלוט מיט אַ רואיקייט און אַ טעמפּקייט פון ריזיקע ווערם. די ווערם „ווייסן" אַז דער קרבן וועט זיך זיי נישט אַנטקעגנשטעלן. די ווערם האָבן לאַנג געוואַרט אויף דער דאָזיקער געלעגנהייט... ווערם האָבן גרויס געדולד. זיי ליגן אין די פינצטערע זומפּן און זיי גראָבן טיף. די ווערם זיינען געוואָרן דייטשע דאָקטוירים. מיט דער געדולדיקייט פון פינצטערע ווערב נאָגן זיי און טרינקען פּאַוואָליע פון דער מאַמעס ריינסטע בלוט. דאָס באַדאַרפן זיי, די ווערם, אויסהיילן מכלומרשט דער מאַמען פונם אייביקן קאָפּווייטיק. פונם הויכן בלוטדרוק. דאָס באַדאַרפן זיי אויסטרינקען דער מאַמעס „שלעכטן בלוט". און די מאַמע זיצט נעבעך אַזאַ מין פינצטער־באַקרוינטע מיט די צוויי גרויסע און פּעטע פּיאַווקעס, וואָס ווערן אַלץ דיקער און געשוואָלענער און זייער מערדערישע חוצפּה האָט גאָרנישט קיין גרענעץ. די מאַמע האָט דאָך תמיד געדולד אין לעבן. זי האָט, אַ שטייגער, גרויס געדולד צום טאַטן. האָט זי איצט אויך

גרויס געדולד צו די בלוט־נאַגנדיקע פּיאַווקעס. וואָס איז דען דאָס גאַנצע מ׳שטיינסגעזאָגטע לעבן פון דער מאַמען אויב נישט אין לאַנגע קייט פון אומגעהויערן און אונמענטשלעכן געדולד?!...

דאָס דאָרף פון דער דאַזיקער סצענע הייסט טאָמאַשאָף און עס איז אין דיסטאַנץ בלויז עטלעכע פּוילישע וויאָרסטן פונם דערפל נאָוואַגורא, ווו מיר ווינען שוין עטלעכע יאָר. די צייט פון דער וועלט איז אינמיטן זומער און ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה. די נאַטור שטייט אין איר שענסטער רייפקייט. אויף דער מערב־זייט בלוטיקט אַ גרויסע, רונדע זון ווי אַ ראָד. זי ציטערט גאָלדן און פלאַמיק אויפן ברענענדיקן האָריזאָנט. אָט דאַכט זיך מיר אַז זי גייט אויסגיסן אירע געוואַלטיקע קופּערנע קעסלען מיט פייער. זי גייט פאַרפלייצן די גאַנצע ערד מיט הייסער לאַווע. און די ביימער ברענען ווי מנורות אין בית המקדש מיטן גאָלד פון דער זון. פייגל שטייען אויף די דאָרפישע טעלעגראַפישע דראָטן און שוויגן אַ גרויס, קאָס־מיש געשוויגעניש. ווי נאָטן פון אַ בוך פון מוזיק זעען אויס די פייגלשע אותיות אויף די שוואַרצע דראָטן... און די מאַמע נעבעך זיצט זיך אַזאַ מין מאַדנע, רואיקע און אַ שטילע. זי לאָזט אַזוי די צווי שוואַרצע ווערם מיט די קליינע צווי שאַרפע וואָנסעס אויסזויגן דאָס הייסע און דאָס מעכ־טיקסטע בלוט פון איר מוח... די מאַמע איז שוין אַצינד פּיטשנאַס און אויסגעווייקט אין איר אייגענעם וואָרעם־פלייצנדיקן בלוט. איר קלייד, וואָס זי האָט נאָך געטראָגן אין טאָג פון איר חתונה, דאָס געלע קלייד, איז ממש אויסגעווייקט אין בלוט. עס איז נאָס געוואָרן ווי נאָך אַ בלוטיקן, אַ פלאַ־מענדיקן רעגן. אירע האָר, דאָס געלע שייטל, איז שווער און רויט פונם וואָרעמען מאַמעשן בלוט. דער מאַמעס בלוט רינט פון איר קאָפּ, פון אירע אַקסלען, פון אירע שלייפן... יעדעס מאָל גייט צו די ביינערנע דייטשקע, ווי אַ מאַנעקין, וועלכע מען רופט עלזאַ, און זי „פּיקסט״, זי שטעלט אויפ־דאָסניי ריכטיק אַוועק די פּיאַווקעס אויף דער מאַמעס געלעכערטן שטערן, און די מאַמע איז קליין און זי האָט גרויס, זייער גרויס געדולד. וואָס וועט זי דען אַלץ נישט, די מאַמע, צו ווערן געגעזן, צו קענען זיין אַ געזונטע מאַמע צו אירע קינדער און אַ גוטע, אַ געטריייע ווייב צו איר מאַן...

עטלעכע שעה איז די מאַמע זיך אַזוי געזעסן אויף דער גהינומדיקער טאַבורעטקע. די זון איז שוין געהאַט פאַרגאַנגען. נאָר דער האָריזאָנט האָט נאָך אַלץ געלויכטן, געלויכטן, געלויכטן... האָט זיך נישט געוואָלט באַ־רואיקן... ענדלעך קומט אָן עלזאַ און זי רייסט אַוועק מיט געוואַלט די פּיאַווקעס פון דער מאַמעס ווייסן, קאַלעכדיקן און קליינטשיק געוואָרענעם פּנים. צווי שאַרפע, דינע צייכנס אויף די שלייפן פון די פּיאַווקעס זיינען געבליבן שטיין — צווי בלוטיקע פלעקן, צווי שרעקלעכע אותיות... די

פיאַוועקעס האָבן זיך שוין אַזוי ווי אויף אייביק צוגעקלעפּט צו דער מאַמעס בלויע, וואַרעמע שלייפן. די דייטשקע קוועטשט אויס אַ גלייכגילטיקע מיט אירע דינע, קאַלטע פינגער דער מאַמעס אָנגעטרונקענעם בלוט פון די געשוואָלענע פּיאַוועקעס און זי לאָזט זיי בײדע אַריין אין אַ גלאָז מיט ריינע וואַסער. ווערים די פּיאַוועקעס קענען אויסגיין מיט דער מאַמעס בלוט אין זיי. זיי קענען דערשטיקט ווערן מיט מענטשלעכן, מיט אידישן בלוט, די דייטשקע פּיאַוועקעס. (אַזוי הער איך רעדן אַרום מיר...)

און איצט איז אַוודאי שוין צייט אַז די מאַמע זאָל אַוועקחלשן... מען באַגיסט דער מאַמען מיט אַ קיבעל וואַסער. זי קומט קוים צו זיך און זי דערמאָנט זיך פלוצלינג מיט איר לעצטע ביסל בלוט אין מוח אַז דער טאַטע איז שוין צו לאַנג געבליבן אַליין אין דער היים... אַז ער מוז זי שוין גוט און געשמאַק שעלטן מיט טויטע קללות... און די מאַמע, ווי ווויל זי ווינטשט שוין מיטן טאַטן אַ היפּשע פּאָר יאָר, איז נאָך אַלץ סענסיטיוו צום מענטשלעכן וואָרט... זי ווייסט אַז דער טאַטע האָט פאַרשאָלטן צום טויט אַ פּאָר פון אונדזערע פריינט, שכנים און אויך עטלעכע נאָענטע קרובים... יעדער קללה פונם טאַטנס מעכטיקן און בייזן מויל ברעכט אויס ווי אַ דונער פון הימל. אַ קללה מאַכט אָן אַ טיפע לאָך אין הימל. עס ברענט אויס אַ וווּנד אין לעבן. דעם טאַטנס קללות ווערן אַרויסגעדונערט מיט דער מוראַדיקער קראַפט פון אַן ערדציטערניש...

די מאַמע באַצאָלט דער דאַרער דייטשקע מיט קופּערנע מטבעות. די מאַמע דאַנקט אָפּ זייער פריינטלעך די דייטשן. די דייטשן האָבן גרויס רעספּעקט פאַר דער מאַמען, פאַר דער „פּאַני מאַרדקאָווא", ווי זיי רופן זי אויף מיין טאַטנס ערשטן נאָמען מרדכי. די מאַמע צעקושט זיך אַפילו מיט דער ברוטאַלער עלזאַ...

די מאַמע נעמט מיך אָן פאַרן הענטל און זי פירט מיך אויפן פרעמדן, פוילישן וועג. דער גרויסער הימל איז אַצינד געמאַלעוועט אויף אַ טונקעלן און טושאַוון בלאָ. דער הימל איז געפאַרבט אין נאַכט. די מאַמע גייט קוים מיט אירע צעבראָכענע פיס און זי וויינט און זי שלוכצט. ערשט איצט קומט די געוואַלטיקע איבערלעבעניש; ערשט אַצינד זעט זי ווי די פּיאַוועקעס נאָגן איר בלוט פון די שלייפן. איך פיל ווי איר האַנט קלעפּט אַזאַ מיין פאַרבלוטיקטע און וואַרעם־קלעפּעדיקע אין מיין דערשראָקענעם, קינדישן הענטל. די מאַמע איז בוכשטעבלעך אויסגעווייקט אין בלוט, פון קאָפּ ביז צו די פיס איז זי איינגעטונקען אין בלוט. זי איז אַדורכגעווייקט געוואָרן אין אַ טייך פון בלוט און שווייס און טרערן... און אַלץ וואָס עס קומט מיט איר פאַר, לעב איך איבער אין מיין פלייש און געביין. ווארים עס איז

דאָך די מאַמע וואָס האָט מיר געגעבן דאָס פלייש און דאָס געביין און דאָס בלוט און דעם מאַרך און גאָר די געוועבן פון מיין גוף...

מיר גייען אַזוי און מיר שלייכן טויט־צעקרימטע אין די אומענדלעכע פינצטערנישן. די מאַמע שלעפּט קוים אירע קראַנקע, געשוואָלענע פיס. ענדלעך, שפּעט אין דער נאַכט, קומען מיר אָן צום ווייסן הויז אין נאָוואָ־גוראַ. די מאַמע ווישט זיך אָפּ מיט אַ טיכעלע דאָס פּנים פון די בלוטיקע פלעקן. זי מוז דאָך תמיד זיין שיין פאַרן טאַטן... זי מוז דאָך שטענדיק זיין רייצנדיקע ווייב, אַנציענדיקע פרוי... זי פאַרגעסט דאָס קיינמאָל נישט... מיר קומען אַריין אין שטוב. דער טאַטע שעלט און ער מאַכט מוראדיקע געוואַלטן. פאַרוואָס איז די מאַמע געווען אַזוי לאַנג אַוועק פונם הויז?... ווו האָט די מאַמע, דער אייביקער שקלאַף זיינער, געשיכורט און געהוליעט?...

— מאַטלשי, באַרואיק זיך, איך בעט דיך... מען האָט מיר אויסגע־צאַפּט דאָס „שלעכטע בלוט". די דייטשן האָבן מיר צוגעלעגט פּיאַווקעס צו די שלייפן...

דעם טאַטנס כעס שטייגט נאָך מער, אַנשטאָט צו ווערן באַרואיקט פון דער מאַמעס טרויעריקע, אונטערטעניקע און שקלאַפישע רייד. די מאַמע ציטערט און זי וויינט איינערלעך מיט אַ מוראדיק און ספּאַזמאַטיש געוויין. עס איז שוין שפּעט ביינאַכט. איך ליג אין בעט מיט דער מאַמען. די מאַמע שלוכצט און העשעט. איך אָבער ווין נישט. איך האָב עפּעס איבערגעלעבט אַזוינס וואָס עס איז אַריין אין די סאַמע טיפענישן פון מיין געביין. אפשר בין איך היינט פאַרנאַכט פאַרמשפּט געוואָרן צו ווערן שרייבער. איך בין געוואָרן צום נביא פון יסורים. איך האָב געזען אַזוינס געשען צו מיין מאַמען וואָס האָט מיך אין איין רגע געמאַכט צו אַן אַנדערן מענטש. וואָס האָט אויס־געטוישט מיין נשמה און האָט פאַרקערט מיין האַרץ. וואָס האָט מיך פאַר־וואַנדלט אין אַ שאָטן פון אַ מענטש. עס איז עפּעס מיט מיר געשען, דער רבונו של עולם האָט געעפנט אַ פענצטער און האָט מיר צום ערשטן מאָל באַוויזן דאָס פּנים פון מענטשלעכע יסורים. אין יאָרן שפּעטער לייען איך אין „איכה" די ריכטיקע רייד:

„איך בין דער מאַן וואָס האָט געזען עלנט דורך דעם רוט פון זיין גרימ־צאָרן. ער האָט מיך געפירט און געמאַכט גיין אין דער פינצטערניש, און ניט אין ליכט. באמת, קעגן מיר קערט ער זיך אָפּ, ער קערט זיינע האַנט דעם גאַנצן טאָג. ער האָט אַלט געמאַכט מיין פלייש און מיינע הויט, ער האָט צעבראָכן מיינע ביינער"... — — —

דער זון־אונטערגאַנג און דער מאַמעס בלוט וואָס טריפט אַראָפּ פון אירע בלויע ריינע שלייפן, אונטער דעם ווערמדיקן נאָגן פון די שוואַרצע

פיאַוקעס — דאָס אַלץ וועל איך שוין אין מיין לעבן קיינמאָל נישט קענען פאַרגעסן. גאָט האָט מיר דאָס אָנגעשריבן און איינגעקריצט מיט אַ פייער־דיקער האַנט אין מיין נשמה. עס איז אויף תמיד געבליבן שטיין אין מיין געדעכעניש מיט אותיות ווי בלוטיקע ווונדן. אַ גורלדיקע האַנט האָט עס אָנגעשריבן אין מיינע אָדערן און פייערדיק פאַרצייכנט אין מיין בלוט...

* * *

איך געדענק מיין שוועסטער חייעלע׳ס חתונה... די גאַנצע וואָך האָבן פאַרשידענע, מאָדנע און פאַנטאַסטישע ווייבער צוגעגרייט די מאכלים מ׳שטיינסגעזאָגט, כאָטש די אָרעמקייט אין אונדזער שטוב איז געווען אומ־געהויער גרויס. אַן אָרעמקייט וואָס איז ממש פון וויגל אָן געווען צוגע־וואַקסן צום מענטש, אַזוי ווי משה און אהרנס קליידער זיינען געווען צו־געוואָקסן צו זייערע לייבער, צו זייערע ביינער. אין פינצטערער אָרעמקייט זיינען מיר געבוירן געוואָרן. אין פינצטערער אָרעמקייט האָבן מיר כל־ימיו געלעבט. אונדז איז געווען ביטער. אָבער איר אַליין, דער אָרעמקייט, איז געווען באַקוועם מיט אונדז צו זיין, אונדז צו פייניקן, צו טרינקען אונדזער אָרעמען בלוט. די גרויע, קאַלטע אָרעמקייט האָט זיך ממש געהאָט איינ־געלעבט מיט אונדז פון די קאַלטע וויגן אָן. ביינאַכט פלעגן מיר זיצן אין דער געדיכטער פוילישער נאַכט־פינצטערניש. אויפן שטייגער ווי די פוילישע פויערים פלעגן טאָן, האָבן מיר אַ דינע שוועבעלע צעטיילט און צעפערטלט אויף פיר טיילן שוועבעלעך. די ביטערע קעלט האָט אונדז תמיד געגעסן די ביינער. עס איז געווען אַ שטענדיקער דוחק אין נאָפּט און אין האָלץ. עס איז אַבסאָלוט נישט געווען קיין שום האָפנונג פונוואַנען די ישועה זאָל קומען. און מענטשן אָן שום האָפנונג זיינען פאַרלוירענע מענטשן אין אַ פינצטערן אָפּגרונט. ס׳איז נישטאָ קיין מער אומגליקלעך באַשעפעניש ווי אַ מענטש אָן האָפנונג...

דאָך האָט מען עפּעס געמוזט צוגרייטן צו חייעלעס חתונה. איך בין געווען קליין. איך בין אַרומגעלאָפן אַ באַרפוסער איבערן פעלד דורכן גאַנצן זומער. האָט די מאַמע געטראַכט און געטראַכט און האָט געפּאַסט אַ באַשלוס: זי האָט אָפּגעשניטן פון טאַטנס אַן אַלטן און צעריסענעם העמד די ברייטע אַרבל און האָט פאַרנייט די עקן און אַזוי אַרום זיי פאַרוואַנדלט אין זאָקן פאַר מיינע דינע און ברודיקע פיסלעך. ווי נאָר די שוואַרצע דראַשקע מיט מיינע דינע און שלאַנקע שוועסטערן איז אָנגעקומען, האָבן חייעלע און מירעלע באַלד דערקענט אַז איך טראָג די אַרבל פונם טאַטנס אַ העמד פאַרוואַנדלטע אין זאָקן... ווי טרויעריק אַ סצענע דאָס איז געווען, האָט מען דאָך געמוזט שטאַרק לאַכן... און דאָס געלעכטער פון מיינע שוועסטערן

האָט געקלונגען ווי מוזיק. ס׳האָט הימלעך איבערגעשלאָגן די דאָרפֿישע מאַנאָטאָניע...

מיין שוועסטער הייעלע איז געווען בלייך ווי קאַלעך. אַן אויסגעמאַטערטע פֿון די אויפֿרעגונגען און קריינקונגען. זי האָט די גאַנצע צייט פֿון דער חתונה כמעט נישט אַרויסגערעדט קיין איינציק וואָרט. ס׳איז נישט געווען קיין פֿרייד און קיין גליק אין איר האַרצן. און אַוודאי אויך נישט קיין ליבשאַפֿט צו איר חתן. עס זיינען צוזאַמען מיט הייעלען מיטגעקומען פֿון דער שטאָט אַ פּאָר יונגע פֿרויען. אַלע האָבן זיי אויסגעזען גענזינטער און לוסטיקער ווי הייעלע. דאָס צימער אין אונדזער הויז, ווו הייעלע און די יונגע פֿרויען זיינען געזעסן, אַפּוואַרטנדיק אויף דער חופּה, איז געווען גרוי און אומעטיק. הייעלע האָט אויסגעזען אַזוי ווי אַ יונגע פֿרוי וואָס איז פֿאַרמשפּט צום שטאַרבן אין געציילטע שעהן אויפֿן עשאַפֿאָט. (אין שפּעטערדיקע יאָרן, נאָכן האָבן געלייענט סטעפֿאַן צוויי׳גס באַרימטע נאָוועלע וועגן דער טראַגישער סקאָטלענדישער קעניגין, וואָלט איך זי פֿאַרגליכן צו מאַריאַ פֿון סקאָטלאַנד...) אַזאַ שטימונג הערשט געוויינלעך ביי דער לויה פֿון אַ נאָענטן מענטש, אָדער אַ קרוב. אפֿשר האָט טאַקע הייעלע דאָ פֿאַרויסגעפֿילט איר אייגענע לויה אין קוים עטלעכע יאָר אַרום...

איך האָב די גאַנצע צייט געהאַט דעם איינדרוק אַז דאָ זיצן פֿאַנטאַס־טישע שדים און רוחות. די מענטשן האָבן צו מיר אויסגעזען מאָדנע און געהיימניספֿול. עפּעס אַזוי ווי פֿאַרקליידעטע פֿרויען, וואָס כאָטש זיי זיינען אָנגעטאָן אין זייד און אין סאַמעט, אַפֿילו אין שטיקלעך אַלטפֿרענקישע צירונג און אין קרוינען אויף זייערע קעפּ, דערקענט מען ווויל אויף זיי דאָס אַש פֿון חורבות. דעם געדיכטן, בלויען רויך פֿון פּוסטע קרעטשמעס, דעם געלן פֿאָספֿאָר פֿון אויסגעהוילטע, אַלטע בוימער־שטאַמען, די שופּן פֿון פֿיש אין די טיפֿענישן פֿון די טייכן... און צווישן זיי אַלע זיצט עפּעס מאָדנע ביים הילצערנעם טיש אַ שוויגנדיקע קעניגין — מיין שטילע שוועסטער הייעלע. מיט אַ שטיקל קרייד אין דער האַנט שרייבט זי אויפֿן נאַקעדיקן טיש־ברעט מאָדנע אותיות... אַזוי ווי די טרויעריקע האַנט פֿון אַ מצבה־קריצער וואָלט קריצן אין שטיין די אותיות פֿון אַ נאָמען...

און איך געדענק דעם מאַרש צו דער חופּה. די מאַמע מיט די אידענעס זיינען געגאַנגען פֿאָרויס און זיי האָבן ווילד און מורא׳דיק געקלאַפּט און געפּויקט אויף קופּערנע פֿאַנען, אויף אייזערנע טעפּ און בלעכענע רייבדלעך. דאָס איז שוין איינמאָל געווען אַזאַ מאָדנע, כינעזישע קאַצנמוזיק... קיין איינציקער טראַדיציאָנעלער, אידישער כלי־זמר פֿון שטעטל איז דאָ נישט געווען אָנצוזען. און וואָס איז דען, מ׳שטיינס געזאָגט, אַ אידישע חתונה

אָן כלי־זמרים? איך האָב צום ערשטן מאָל פאַרשטאַנען וואָס עס מיינט אַזוינס „אַ שטילע חתונה", ווי מען פלעגט זאָגן אין שטעטל.

דורך נאַכט און דורך ווינט פירט מען די כלה צום טונקעלן סאָד. אַ קאַפּטע צעהיצטע ווייבער, מערסטנס עלטערע פישער־אידענעס פונם חתנ׳ס צד, קרובים פונם חתנ׳ס פישער־משפּחה פון גאַלאַמבּ, מיט מיין ווייגענדיקער, דערשלאָגענער מאַמען, פירן אַ זייער דינע, שלאַנקע און שטראַלנדיקע כלה... מען זעט נישט אָן איר קאַלעך־בלאַסן פּנים אונטערן וואַל... מען זעט אָבער איר זייער צאַרטע, נאָבעלע געשטאַלט... איך זע די הויט פון אירע הענט אַזוי ווי ווייסער קרייד... איך זע ווי אַזוי מיין שוועסטער׳ס הענט ציטערן... איך זע נאָך עפּעס: ווי די כלה וואַקלט זיך... אַט וועט זי חלילה אומפאַלן אינמיטן מאַרש צו דער חופּה... קיינער פאַרדעכטיקט נישט אַ זייער פּשוטע זאַך: אַז די כלה קען נעבעך נישט גיין. אַז אירע פיס זיינען שלאַפע. אַז זי האָט נישט קיין כוח צו שלעפּן אירע מידע און אויסגעמאַטערטע פיס צו דער חופּה...

די בוימער פונם סאָד רוישן שטיל און געהיימניספול. אַ טונקעלע און מוראדיקע באַלאַדע ציטערט אויף אין דעם מיסטעריעזן גערויש פון די צווייגן. איבער די קעפּ פון די צעיאַכמערטע אידן פליט גערוישלאָז אַ פינצטערע קראָ. די ליכט אין די הענט פון די אידן טריפן און שפּריצן מיט טראָפּנס הייסע חלב אין קילן ווינט פון דער נאַכט. גראָטעסקע וואָלקנס רייטן אויף וואָלקנס. די נאַטור איז פינצטער און מורא׳דיק. די צעהיצטע ווייבער באַראַבאַנעווען אויף די אייזערנע טעפּ, טשייניקעס, קופּערנע פאַנען און ריינדלעך. די לבנה איז נישטאָ אין הימל. עפּעס אַ אידענע מיט היפּשע בראָדעווקעס אויף איר פאַרמעטענער גאָמבע, ווי שטיקער פאַרבלאָנדזשעטע מאַנסביל׳שע באָרד און פּאות, קלאַפּט דאָ אין איר, אין דער אַראָפּגעפאַלענער לבנה — אַ צעבויגענע פאַן פון מאָסיוון קופּער. מען שטעלט אויף די חופּה. איך זע אידן מיט צעפלויגענע בערד־שפּיצן. אַנטשלס, דעם חתנ׳ס ברייטער טאַטע, אַ פישער פון דור־דורות, האָט אַ ריזיקע באָרד אַזוי ווי משה רבינו. מיט אַזאַ באָרד קען מען אַרויפגיין גלייך אין הימל אַריין און זיך שטעלן שטעלן פאַרן רבונו של עולם. זיין באָרד פלאַטערט אין נאַכטיקן ווינט ווי אויף דער ווייכסל, ווען ער כאַפּט פיש און ווען דער רבונו של עולם שלאָפט נאָך אין די הימלען און די מחנות מלאכים שנאָרכן נאָך היפּש... ר׳ ברוך פישער, אַנטשלס טאַטע, האָט עפּעס אָנגעבראַכט זיין מעכטיקע משפּחה צו־זאַמען מיט אַ מחנה פון זיינע אידן — לויטער פישער פון דער אוראַלטער, פּוילישער ווייכסל. און זייערע געדיכטע בערד, פאַרוועבטע מיט נאַכט און מיט ווינט און מיט געלע, פאַלנדיקע בלעטער, פלאַנטערן זיך אַזוי ווי נעצן מיט פיש און מיט שטיקער מילכדיקע ווייכסל. דער גריכישער גאָט פון ים,

פּאַסיידאָן, האָט אַזאַ ברייטע באָרד... איך פֿיל: זיי האָבן געפּאַנגען מיין שוועסטער... די פישער־שדים מיט זייערע קאַלטענעוואַטע בערד האָבן געפּאַנגען אין זייער אייזערנער נעץ מיין שיינע שוועסטער... דעריבער איז זי נעבעך אַזוי מורא׳דיק דערשלאָגן... קיין שום צווייפל: זי איז ביי די שדים אַ שטומע, געפאַנגענע פּרינצעסין... נישט די פריידּ פון אַ אידישע, טראַדיציאָנעלע חתונה האָט דאָ געהערשט, אין דער מאָדנער און מורא׳דיקער נאַכט, נאָר אַ טיפער טרויער און אַן אומעט. אין דער שוואַרצער לופט האָט מען ממש געקענט אָנטאַפּן דעם טראַגיזם פונם דאָ געשעענעם. און דער חתן האָט אַפילו נישט קיין שמייכל געטאָן...

אינם פינצטערן הינטערגרונט און נאָך טיפער האָב איך געזען און באַנומען די אָנוועזנקייט פון ווייטע, היסטאָרישע זיידעס און באָבעס. גאַנצע דורות אידן, ביז צו דער שפּאַנישער אינקוויזיציע, גזרות ת״ח, קרייץ־צוגן און ביז צו די מלחמות פוןביידע קיסרים: דוד המלך און שלמה המלך — זיינען געקומען צו מיין שוועסטער חייעלעס חתונה, מיט זייערע ריזיקע משפּחות, מיט אייניקלעך און אוראייניקלעך — גאַנצע וועלדער מיט אידן זיינען דאָ ציטערנדיק געשטאַנען צווישן די בוימער פונם סאָד... איך האָב באַנומען דעם גאַנצן הימל מיט יאָמערנדיקע נשמות, וואָס האָט זיך אויסגע־שפּרייט אַרום דער חופּה, אויבן און אונטן, ווי אַן אומענדלעכער ים מיט זיינע אומצאָליקע כוואַליעס...

אין מיין זכרון און אין האַרצן איז אויף אייביק שטיין געבליבן די דאָזיקע חתונה... זי שוועבט אין צייט צו די שטערן, די קאָסמישע ווינטן קענען איר אומעט קיינמאָל נישט אויסוועפּן און נישט אויסטרינקען אין זייערע גלעזערנע בעכערס. אַזאַ שרעקלעכן אומעט אויף אַ אידישע חתונה האָב איך זעלטן געזען...

עס איז איצט פאָרגעקומען די סעודה... אַן אָרעמע סעודה. מען האָט געגעסן שפּינגעוועבס פון אָרעמקייט און פאַרטרונקען מיט בעכערס גאַל פון ביטערניש... מען האָט צום סוף פונם משטיינסגעזאָגטן מאָלצייט גע־שטעלט הייסע גלעזער טיי. איך געדענק דעם געשמאַקן ריח פון דער ערשט־פאַרבריטער, שטאַרקער טיי. דער ריח איז מיר געבליבן שטיין וואונדערלעך ביז אויף היינטיקן טאָג — דער שמעקעדיקער ריח פון פריש־פאַרבריטע טיי — אין דער נאַכטיקער לופט...

וואָס שפּעטער איז געשען, געדענק איך שוין נישט. וואָרים ס׳איז שוין געווען שפּעט ביינאַכט... און עס איז געווען די סאַמע ערשטע נאַכט אין מיין לעבן, ווען איך בין געווען אַזוי לאַנג וואַך... אָבער די אויגן האָבן זיך מיר אָנגעהויבן צו קלעפּן פון שלעפעריקייט... אַ מלאך האָט מיך געלעגט שלאָפן אינם בעטל... ס׳האָט עמעצס אַ זייער געליבט מויל מיר געקושט

אין די ליפּן. און דאָס מויל האָט געשמעקט מיט דעם הערלעכן פּערפיום פון ליבשאַפט... אפשר איז עס געווען מיין שוועסטער חייעלע׳ס זיסע מויל...

אויף צו מאָרגנס אינ׳ם באַגינען, ווען דער הימל איז נאָך געווען בלוי־נאַכטיש פאַרשלאָפן, זיינען זיך אַלע צעפאָרן: די מחותנים, די אידענעס מיט די שווערע שייטלען אויף די קעפּ. די אידן מיט די לאַנגע בערד זיינען געזעסן אויף די שווערע, דראבינאַסטע וועגן. אויפן הויף האָבן נאָך אַרומגעשוועבט די פעדערן פון די עטלעכע דאַרע און הונגעריקע הינער, וואָס מען האָט געהאַט אָפּגעשאָכטן ערב דער חתונה. אַפילו דעם שוחט׳ס ווייסער און אייז־קאַלטער חלף האָט נישט געקענט שטילן זייער הונגער...

אָט קומט אַרויס פון שטוב חייעלע, אַזאַ בלאַסע און אַן אויסגעמאַטערטע. אין דער דאָזיקער נאַכט איז חייעלע געוואָרן פון אַ כלה צו אַ ווייב... זי קען נישט אַרויפשטייגן אויף דער הויכער דראָשקע. עטלעכע אידן העלפן איר... די ווייבער רעדן אינם צווייטן וואָגן עפּעס צווישן זיך: וואָס קען עפּעס אַ יונגע פרוי נישט אַרויפשטייגן אויף דער דראָשקע? קיינער פאַרדעכטיקט נישט אַז חייעלע האָט קראַנקע פיס...

אין אַ ווײַלע אַרום זע איך ווי אַזוי מיין שוועסטער און איר פריש־געבאַקענער מאַן, אַנטשל שערמאַן, זיצן שוין אויף דעם דראָשקע. (שפּע־טער מיט יאָרן פלעג איך לייענען אין דיקע ראָמאַנען ווי אַזוי די הויפּט־כאַראַקטערן פאָרן אין שוואַרצע און אין פייערלעכע קאַרעטעס, מיט פאַר־שלייערטע טונקעלע פערד...) איך זע ווי אויפן סטאַנגרעט זיצט אַ מאָדנע, גראָטעסקע געשטאַלט: דער קוטשער... אָבער ער זעט אויס ווי דער מלאך המות... ס׳איז אין דער אמת׳ן געווען די חתונה פון טויט... נאָר אַ קינד באַדאַרף ערשט געבוירן ווערן פון מיין שוועסטערס טראַכט, וואָס וועט שטאַרבן אין דער קינדהייט...

די מאַמע וויינט און יאָמערט. זי נעמט אַרום און זי האַלדזט ספּאַזמאַ־טיש איר געליבטע קינד, וואָס זעט עפּעס אויס אַזוי ווי זי וואָלט געווען אַ געשאָכטענע... מיט דער בלאַסער, לאַנגער האַנט האַלט זי זיך צו דעם בלוטיקן, שאַרפן שניט אין איר פרומען, איידעלן האַלדז... אויך מיין שוועסטער מירעלע וויינט... וואָרים שוין יאָרן ווי זי איז איינזאַם, אַן איר מאַן... עוזר, איר מאַן, איז אַ געפאַנגענער רוסישער סאָלדאַט אין אונגאַרן, ערגעץ אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער אינ׳ם שטעטל פּאַפּא, נישט ווייט פון דער הויפּטשטאָט בודאַפּעשט... איך זע ווי ביידע שוועסטערן צעקושן זיך... און ביידע שוועסטערן וויינען ביטער...

איך זע איצט ווי די אידן צעפאָרן זיך. עס צעפאָרן זיך אויך די סאַמע נאָענטסטע: דאָס ערשטע חתונה־געמאַכטע פּאָרפאָלק... מען זעט זיי נאָך קוים אַן פון דערווייטנס אויפן וועג... לאַנג, לאַנג האַלט איך זיי קאָנצענ־

טרירט אויפן אויג, ביז זיי ווערן אַלץ קלענער און קלענער, ביז זיי ווערן בלויז נישטיקע פּינטעלעך און דינע פלעקן, און ביז זיי ווערן אינגאַנצן פאַרשוווּנדן אין דער גרויקייט פון דיסטאַנץ... ביז זיי ווערן אינגאַנצן אָפּגעמעקט פונם האָריזאָנט...

די חתונה איז מיר געבליבן שטיין, ווי געזאָגט, אויף אייביק אין זכרון. שפּעטער מיט יאָרן, שוין דאָ אין ניו־יאָרק, האָט מיין ברודער וואָליע מיר איבערגעגעבן אַ פּעקל מיט פאַרגעלטע משפּחה־בריוו. דערינען איז געווען אַ בריוו פון חייעלען צו מיין שוועסטער מירעלע, וואָס איז געפאָרן קיין אונגאַרן, צו איר מאַן עוזר. דער בריוו דריקט קלאָר אויס די געפילן וואָס האָבן באַהערשט חייעלען אין יענע טעג און נעכט... דער בריוו איז געשריבן געוואָרן בלויז געציילטע טעג נאָך דער חתונה...

* * *

צו אַלע שלאָפקייטן און חלאַת׳ן פלעגט זיין אין הויז בלויז איין און איינציק מיטל: באַנקעס שטעלן. די באַנקעס זיינען געשטאַנען אין אַ גרויסן, אייזערנעם טאָפּ, אונטערן בעט. נאָר ווען עס פלעגט דער טאַטע, צי אַ קינד, קראַנק ווערן, דעמאָלט פלעגט מען אין איילעניש אַרויסנעמען די באַנקעס פון אונטערן בעט. דער גרויסער טאָפּ פלעגט זיך אויפקאָכן מיט הייסע, מיט קאָכעדיקע וואַסער. די באַנקעס פלעגן געוואַשן ווערן אויף ריין. יעדער באַנקע האָט ממש געגלאַנצט און געלויכטן. די מאַמע פלעגט פלוצלינג פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ דאָקטאָר. די הענט אירע זיינען געווען פאַרשאַרצטע. קיין סימן נישט פון קיין סענטימענט. דאָס איז די באַרבאַרישע, די חיה׳שע מאַמע, וואָס קעמפט פאַר איר הויזגעזינט ווי אַ לייב, ווי אַ לעמפּערט.

אויף אַ נידעריקער טאַבורעטקע ברענען חלבנע ליכט. די מאַמע, געוויינ־לעך נישט קיין איבעריקס „זגראַבנע״ (פּעאיקע) מיט אירע מידע, אויס־געאַרבעטע, צעבראָכענע און צעשפּאָלטענע הענט, מיט צעפּאַדערטע בעגל, פלעגט אָבער אַלץ אָפּטאָן פּערפעקט, שלימות׳דיק, ווייל די פינצטערע נויט האָט אַזוי געפאָדערט. ווייל די מענטשן זיינען צוגעוווינט געוואָרן פון קליי־נערהייט אָן צו זיין סאָלדאַטן, צו זיין באַשיצערס, צו זיין מוטיקע וועכטער פון דער היים, פון דעם אייגענעם הויזגעזינד. אַ אידישע מאַמע איז געווען אַזוי ווי אַ לייבעכע וואָס קעמפט מוטיק פאַר איר פאַמיליע, כאָטש אָפט שלאָגט זי דער מאַן ביטער, כאָטש די קינדער פאַרשטייען נישט איר ווערט, און זיינען בלינד אויף דער עקשנות׳דיקער פּערזענלעכקייט פון זייער הע־ראָישער מאַמען.

ערשט שפּעטער אין יאָרן, ווען די גאַנצע לאַנדשאַפט פון לעבן דעקט זיך אָפּ פאַר אונדז אין דעם גאַנצן ערנסט און גרויסקייט, פאַרשטייען מיר די פולע באַדייטונג פון עלטערן...

די מאַמע טונקט איין דאָס שטעקעלע מיט וואַטע אינם טערפּענטין, טוט אַ גיי אַדורך געשווינדט דערמיט דורכן פייער פונם ליכט. די וואַטע צינדט זיך אָן מיט אַ גרויס פייער וואָס שפּריצט מיט נאַסע, אָנגעגליטע טראָפּנס פלאַם אין אַלע זייטן. אָבער יעדעס מאָל לעשט עס די מאַמע אויס מיט אַ שטאַרקן בלאָז. די הייסע, נאַסע באַנקע פאַרציט זיך אויפן טאַטנס פלייש. דאָס פלייש אין דער באַנקע איז רויט אָנגעצויגן. כמעט ביז צום פּלאַצן. אַ צוועלף, דרייצן באַנקעס האָבן זיך פעסט און עקשנותדיק באַזעצט אויף דער טעריטאָריע פונם טאַטנס פּלייצע. ריזיק איז דעם טאַטנס אויפגעגליטע פּלייצע. און די מאַמע דעקט איין די פּלייצע מיט אַ סך וואַרעמע קאָלדרעס. דער טאַטע שרייט און שילט אַרויס פונם באָרדיקן מויל, איינגעגראָבן אינם קישן. דער טאַטע דער הערשער. דער אייביקער דעספּאָט. אָבער די מאַמע טוט זיך אירס. זי איז ווי אַ נאַטור עלעמענט. זי מוז טאָן דאָס איריקע, דאָס אייביקע, דאָס מענטשלעך־געטלעכע. זי שטראַלט אַרויס פון אַלע אירע פּשוטע טאַטן פון לעבן מיט דער הויכקייט און פעלזיקער מאַסיווקייט פון אַ באַרג. שווער צו פאַרשטיין פונוואַנען אַזאַ שוואַך, קרייגקלעך, הונגעריק און אָפּגעצערט לעבן שעפּט אַזעלכע געוואַלטיקע כוחות, אַזאַ געטלעכע עקשנות...

דעם טאַטנס געשרייען שטילן זיך ביסלעכווייז איין. ער רוט אונטער אַ באַרג מיט צעוואָרפענעם בעטגעוואַנט. ער שוויצט און ער אָטעמט שווער. די מאַמע קוקט אויפן זייגער. זי וואַרפט אַראָפּ דעם באַרג מיט שמאַטעס פון דעם טאַטנס העלדישע און שווער־מיט־הייסן־גלאָז באַלאָדענע פּלייצעס. אונטער יעדער באַנקע איז די הויט שוואַרץ און פינצטער. עס מיינט: דאָס באַנקעס שטעלן איז געלונגען. עס מיינט: דער טאַטע האָט היץ און די באַנקעס האָבן פעסט אָנגעצויגן אויפן לייב. עס מיינט: די באַנקעס האָבן געבראַכט היילונג...

די מאַמע פּליקט די באַנקעס פון דעם טאַטנס פלייש. גאָר אָן שום צערעמאָניעס. עס איז גאָרנישט די אייביק־זיך־שרעקנדיקע מאַמע. יעדעס מאָל וואָס זי טוט אַ פּליק די באַנקע, טוט דאָס פלייש אַ פּיף. די באַנקעס לאָזט די מאַמע אַריין אין אַ גרויסע שיסל מיט וואַסער, צום וואַשן זיי. דעם טאַטנס פּלייצע איז פול מיט שוואַרצע רעדער. מיט פינצטערע רונדע בערג. איך קוק און איך שטוין: דער געוויינלעך תמיד בייזער טאַטע איז איצט שטיל ווי אַ לעמל. און די צאַרטע מאַמע אַרבעט מאַמע מעשים, ווי עפּעס אַ רוצח. זי נעמט אַ פלעשל טערפּענטין, גיסט עס אויף אירעביידע הענט און רייבט איין דערמיט דעם טאַטנס פיבערישן לייב. דעם טאַטנס פלייש איז גלאַנציק. זי רייבט מיט גרויס כוח. און זי באַגרענעצט זיך נישט דווקא אויף דער פּלייצע. זי דעקט ברייט אָפּ דעם טאַטן ביז צו די היפּטן... אַזאַ וואַגע־

ניש! איך קען זיך נישט אָפּוווּנדערן: ווי די מאַמע האָט גאָרנישט קיין מורא פאַרן טאַטן. זי רייבט זיין לייב מיט אירע מעכטיקע הענט. זי שלאָגט אים ממש מיט אירע פעסטע, מאַמעשע און פרויאישע הענט...

ווען דער טאַטע שטייט אויף נאָך אַזאַ אָפּעראַציע, קוק איך אויפן טאַטן: עפּעס איז ער אין מיינע אויגן קלענער געוואָרן. ער האָט פאַרלוירן פון זיין דעספּאָטיזם, פון זיין מאַכט. וואָרים אויב די מאַמע קען אים אַזוי רייבן, אַזוי מין אָפּדעקן, ביז צו די היפּטן אַזש, אַזוי באַהאַנדלען אים ווי עפּעס אַ אינגל — טאָ וואָס פאַר אַ בייזער און מוראדיקער העלד איז ער שוין! און ווי אַזוי וואַגט ער בכלל זיך צו בייזערן אויף דער מאַמען, וואָס קעמפּט אַזוי חיה׳ש־עקשנותדיק פאַר זיין געזונט?! אין מיינע אויגן פאַרלירט ער פיל פון זיין אויטאָריטעט אַלס טאַטע און אַלס שטרענגער הערשער פון דער פאַמיליע...

דאַקעגן די מאַמע, זי וואַקסט אויס אין מיינע אויגן צו אַ העלדינע. דאָס איז אויך די מאַמע: אַ דאָקטאָר וואָס רייסט ממש שטיקער פונם טאַטנס לייב. וואָס מאַכט פינצטערע קוגלען אויף זיין פּלייצע. וואָס מאַכט אים נאַס מיט טערפּענטין. וואָס שלאָגט זיין פלייש מיט די מאַמעשע קלעפּ פון געזונג. דאָס איז אויך די מאַמע! דאָס איז דער העלד פון דער פאַמיליע. כבוד און רעספּעקט צו אַ געוואַלטיקער געשטאַלט פון אַ פרוי וואָס קעמפט אַזוי הערויאיש מיט קראַנקהייטן, מיט אָרעמקייטן, מיט הונגער און נויט, מיט מנהגים פון מיטלאַלטער, מיטן מאַנס טראַגישן צאָרן... אָ, ווי גרויסאַרטיק מיין מאַמעס ליכטיק געשטאַלט שטייגט אויס און טורעמט אויס הויך אַריבער אַלע מענטשן וואָס איך קען — ביז אויף היינטיקן טאָג. און איר געשטאַלט האַלט אַלץ אין איין שטייגן ביזן הימל הויך... גאָט אַליין מיט זיינע אומגעהויערע הענט טוט אָן דער מאַמען אויפן קאָפּ אַ גאָלדענע קרוין... און ער זעצט זי אַוועק צווישן צוויי גרויסע מלכים: דוד המלך און שלמה המלך...

* * *

מיט יאָרן צוריק, נאָך אין שטעטל פּולאַווי, האָט נעבן אונדז געוווינט אַ פּוילישע פאַמיליע. דער מאַן, יאַן קאָוואַלעק, איז שוין געווען אַן אויפגעקלערטער מענטש, וואָס האָט געקענט גוט די קלאַסישע פּוילישע ליטעראַטור און איז געווען אַן אָנגעשטעלטער אין דער שטאָטישער פּאָטשט. ער איז געווען אַ ביסל ענלעך צום פּאָעט אַדאַם מיצקעוויטש. זיין פרוי איז געווען אַ ווייטע קרובה פון די טשאַרטאָריסקיס, די הערשנדיקע פּריצים פון היסטאָרישן פּולאַווו. אַזוי האָט זי זיך יעדנפאַלס באַרימט. זיי האָבן געהאַט צוויי קליינע אינגלעך: אַלעק און סטאַשעק. איך פלעג זיך מיט ביידע אינגלעך שפּילן אויפן הויף.

די פרוי, פעליאַ קאָוואַלעק, פלעגט זיך נייען אירע קליידער ביי מיינע ביידע יונגע שוועסטערן, די באַוווּסטע נייטאָרינס פונם שטעטל. זי און איר מאַן זיינען געווען זייער פריינטלעכע מענטשן און מיר האָבן געהאַט אַ גוטן גרונט צו דענקען אַז זיי האָבן אַ פיינע באַציונג צו אידן. זיי פלעגן אָנרופן אידן „סטאַרי זאַקאָנניך" — נישט „זשידי", ווי דאָס פּראָסטע פאָלק פלעגט רופן די אידן.

איינמאָל האָט געטראָפן אַז מיין מאַמע האָט באַדאַרפט אין אָוונט אַריינגיין אין הויז פון די קאָוואַלעקס. אין יענער צייט איז דאָך קיין טעלעפאָן אין געוויינלעכע פאָלקס־הייזער פון שטעטל נישט געווען. מען פלעגט געוויינלעך איידל אָנקלאַפּן אין טיר ביים אַריינקומען אין אַ פרעמדער שטוב אַריין.

אָבער דאָסמאָל, אַריינקומענדיק אינם פאָרהויז און וועלנדיק אָנקלאַפּן אין טיר, האָט מיין מאַמע אַ ווײַלע געוואַרט: זי האָט געהערט ווי אַזוי די אויפגעקלערטע און מכלומרשטיקע פריינטלעכע פּאַני פעליאַ קאָוואַלעק זאָגט „פּאַציערזש" (אָוונט־תפילה) מיט אירע צוויי קליינע אינגלעך פאַרן שלאָפן גיין. מיין מאַמע איז געווען שטאַרק איבערראַשט צו הערן ווי אַזוי זי זאָגט אַריין אין אירע קינדערס אויערן, צוזאַמען מיטן „פּאַציערזש", שרעקלעכע רייד וועגן די אידן: אַז די אידן האָבן אכזריות'דיק פאַרגאָסן דאָס בלוט פון „אונדזער דערלייזער יעזוס קריסטוס..." אַז די אידן „באַראַבעווען אונדז, גיבן פאַלשע געוויכטער, טרינקען אונדזער בלוט און נעמען צו אונדזער ברויט..." אַז „די אידן שעכטן אונדזערע זין אויף פּסח..." אַז די אידן פאַרסמען די ברונימער, פון וועלכע עס טרינקען ערלעכע פּאָליאַקן... אַז זיי, אירע ביידע אינגלעך, ווען זיי וועלן אויסוואַקסן צו זיין גרויסע פּאָלאַקן, זאָלן אַלעמען ליב האָבן: טאַטע־מאַמע, זייערע ברידער און שוועסטער פון גאַנץ פּוילן, און אַלע פּאָליאַקן פון דער וועלט... אָבער אידן זאָלן זיי ביטער פיינט האָבן... אידן זאָלן זיי פאַראַכטן. אין אידן זאָלן זיי תּמיד זוכן נקמה צו נעמען פאַרן פאַרגאָסענעם בלוט פון קריסטוסן... מיט אידן זאָלן זיי נישט האַנדלען און נישט האָבן קיין שום עסקים — קיינמאָל נישט!...

מיין מאַמע האָט שוין פאַרשפּאָרט אָנצוקלאַפּן אין דער קריסטלעכער טיר. זי האָט זיך צוריקגעקערט אין איר אייגענער שטוב אַריין און האָט מיט גרויס אומעט אין איר קול דערציילט פון איר גרויסער אַנטוישונג...

יאָרנלאַנג האָב איך ביי אונדז אין שטוב געהערט דערציילן די דאָזיקע פּאַסירונג. דאָס האָט געגעבן אַ באַגריף ווי אַזוי פּוילישע קינדער האָבן צוזאַמען מיט דער מאַמעס מילך, קען מען זאָגן, איינגעזויגן אין זיך דעם פינצטערן און פייערדיקן גיפט פון אידנשנאה און פון נידעריקסטן סאָרט אַנטיסעמיטיזם און פּשוטע העצעריי צו פּאָגראָמען...

און די פּאַני פּעליא קאָוואַלעק האָט ווייטער צו אונדז פריינטלעך גע־שמייכלט און האָט אונדז מכלומרשט געדופן: „סטאָרי זאַקאָניך״...

אָט אַזוי האָט אויסגעזען אונדזער פריינטשאַפט מ׳שטיינס געזאָגט, מיט די פּאָליאַקן אין פּוילן, מיט וועמען אונדזערע זיידעס און באָבעס האָבן צוזאַמען געלעבט טויזנט יאָר צייט אויף איין געמיינזאַמער ערד...

מיין מאַמע האָט קיינמאָל ביי קיין שום אופן נישט געקענט פאַרשטיין ווי אַזוי מען קען פיינט האָבן אַ מענטש. זי האָט נישט געהאַט קיין שום באַגריף ווי אַזוי מענטש קען זיין ברוטאַל און פינצטער גרויזאַם צום מין מענטש. שנאה האָט קיין פּלאַץ נישט געפונען אין איר כאַראַקטער. איר גאַנץ לעבן איז זי געשווומען אין אַ ים פון לויטער ליבשאַפט צום מין מענטש. אָט איז איין ביישפּיל פון מיין מאַמעס גרויסן לעבנס־ספר:

אין די בראָנקס, ביי דער דריטער עוועניו, ווו מיר האָבן געוווינט זינט מיינע עלטערנס אָנקומען קיין ניו־יאָרק, האָט אויך געוווינט אַ דייטשע פאַמיליע וואָס האָט געשטאַמט פון בייערן. דער מאַן, אַ ריזיקער און בייכיקער טראַמוויי־קאָנדוקטאָר, פלעגט ס׳רוב שיכורן. ער האָט געוווגן איבער צוויי הונדערט פונט און ער איז געווען אָנגעבלאָזן פון טייכן גרינעם ביר. זיין פרוי האָט געהייסן מאַטילדע און זי איז געווען אַ דאַרע, אַ הויכע ווי אַ שפּאָן און זי האָט געהאַט אַ טרוקענעם, באַדייטונגסלאָזן פּנים אַזוי ווי אַ רויער קיזלשטיין. זיי האָבן אויך געהאַט צוויי זין: יונגע גענגסטערס, וואָס האָבן טעראָריזירט די שכנים און האָבן געהאַלטן אין שטענדיקער שרעק די מיידלעך פון דער קעגנט. אין משך פון מיין זיין אין ניו־יאָרק, אין הויז פון מיינע עלטערן, איז דער מאַן, האַנס, געפּגר׳ט פונם זשלאָקן גאַנצע פעסער מיט ביר און בראָנפן. ער האָט פּשוט געפּלאַצט פון פעטקייט, ווי אַ באַלאָן. איין זון, היינריך, איז שוין דעמאָלט געזעסן אין סינג־סינג. דער צווייטער זון, פרידריך, ווי שוין געזאָגט, איז אויך געגאַנגען אויף קרומע וועגן. מאַטילדע, די מוטער, איז געוואָרן אַ פאַרביסענע נאַציכע. זי פלעגט אָפן און אומפאַרשעמט באַרעכטיקן אַלע היטלעריסטישע פאַרברעכנס. מען האָט שוין דעמאָלט אויך געוווסט אַז די נאַציס באַנוצן גאַז־קאַמערן פאַר מיליאָנען אידן...

לאָגיש וואָלט אַוודאי מיין מאַמע זיך נישט געווען באַדאַרפט חברן מיט אַזאַ מין מיאוסן אויסוואָרף פון אַ פרוי. אָבער מאַטילדע פלעגט אָפט אַריינ־קומען צו אונדז, כדי צו פּלוידערן, צו טרינקען גוט־געצוקערטע טיי און צו־צועסן פּלאַדן און צום סוף מיטצונעמען איינע פון דעם טאַטנס איבערגע־בליבענע וואַזאָנען וואָס האָבן איצט היפּש געוויאַנעט, נישט האָבנדיק קיינעם וואָס זאָל זיי באַגיסן מיט קילע וואַסער. יעדעס מאָל, אַז מאַטילדע פלעגט ענדלעך פאַרלאָזן אונדזער שטוב, פלעג איך גרויזאַם פייניקן מיין מאַמען:

איך פלעג אויסרעכענען די נאַצישע פאַרברעכנס קעגן אידן. איך פלעג איר דערציילן אַז די נאַציס האָבן אין פולאַוו צעשטערט חייעלעס קבר, וואָס דאָס פלעגט פאַרשאַפן שרעקלעכע יסורים דער צער־פולער מוטער... איך פלעג איר דערציילן אַז חייעלע, שרה׳לעס טאָכטער, האָבן די נאַציס אומ־געבראַכט צוזאַמען מיט איר מאַן און איינציק גאָלדענע טעכטערל אין מאַי־דאַנעק... אוודאי בין איך געווען גרויזאַם צו מיין מאַמען... אין מיין ווילן פאַרצושטעלן פאַר איר די נאַציכע אין איר אמת׳ער געשטאַלט, האָב איך דערוויל שרעקלעך געפייניקט מיין מאַמען. אָבער דאָס אַלץ פלעגט דאָך נישט העלפן אויף דאָס מינדעסטע אָפּצושוואַכן אין מיין גוטער מאַמען דעם אינ־סטינקטיוון באַגער אָנצוהאַלטן מענטשלעכע באַציאונגען מיט דער דאָרער נאַציכע מאַטילדע...

איינמאָל, ווען די נאַציכע איז פּלוצלינג געקומען צו גיין אין אונדזער שטוב מיט אַ באַריכט פונם דאָקטאָר אַז זי ליידט אויף אַ ראַק, האָט מיין מאַמע, אין גרויס מיטלייד מיט אַ אויף טויט־דערשראָקענער פרוי, זיך צעקושט מיט מאַטילדען... דאָס האָט מיר ביטער ווי געטאָן... איך האָב איר שטרענג געפרעגט ווי אַזוי מיין מאַמע, אַ פרומע, גאָטספאָרכטיקע אידישע פרוי, קען וואַגן היינטיקע צייטן זיך צו קושן מיט אַ דייטשקע, וועלכע באַרעכטיקט היטלערס מאָרד אויף מיליאָנען אידן, צווישן זיי: פון אונדזער לייבלעכער משפחה אין קוראָוו און אין וואַרשע, אין פולאַוו, אין מאַרקושאָוו, אין לובלין און אין קאָנסקע־וואָליע...

מיין מאַמע האָט שטיל און ביטער געוויינט אין איר קליינעם צימערל. אָבער ענדערן איר באַציונג צו מענטשן האָט זי דאָך נישט געקענט. און ווען די נאַציכע איז אַן איינזאַמע געלעגן אַ קראַנקע אויף קענסער אין איר פוסטער וווינונג, האָט די מאַמע איר באַדינט ווי אַ שוועסטער... ביזן לעצטן טאָג פון דער נאַציכעס העסלעך לעבן האָט די קליינע מאַמע פאַר איר געקאָכט, געראַמט די שטוב, געגאַנגען אַ גאַנג נאָך מעדיצין, איינגעקויפט שפייז און אַפילו איר אויסגעוואַשן אַ העמד און אַ קלייד... איינמאָל האָב איך זי געטראָפן גיין אין גאַס — טראָגן דער נאַציכעס שיך, כדי צו פאַרריכטן ביים שוסטער...

עס איז קיין שום צווייפל נישט אַז די מאַמע האָט ביטער געליטן פון די אומגליקן פון די אידן אין פוילן. אָבער זי האָט מיט ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט זיך תמיד באַצויגן צו אַ געפלאָגט באַשעפעניש, ווען אַפילו דאָס דאָזיקע פאַרדאָרבענע און פאַרשאָלטענע באַשעפעניש האָט גע־פילט און געדענקט ווי אַ מערדער... זי האָט פשוט אַנדערש נישט געקענט האַנדלען אין לעבן. ליבע האָט תמיד געפלאַמט אין איר בלוט. און מיין פייניקן דער מאַמען פאַרוואָס זי איז פריינטלעך צו דער נאַציכע איז געווען

זייער גרויזאַם און זייער מיאוס פון מיין זייט... איך האָב אָן שום ספק ברוטאַל באַהאַנדלט מיין מאַמען...

אָט אַזוי איז געווען מיין מאַמע. אַפילו שונאים האָט זי באַהאַנדלט ווי קעניגן... אַפילו אויף חיות אין גאָט׳ס געשטאַלט האָט זי געהאַט מיט־לייד...

* * *

די מאַמע פלעגט מיך תמיד רופן: „שיעלע קרוין". עס פלעגט אַמאָל טרעפן אַז איך פלעג ווערן אין כעס און זיך בייזערן אויף דער מאַמען. אָבער, ווי נאָר איך האָב דערהערט איר ליב און היימלעך קול, וואָס פלעגט קומען פון דער סאַמע טיפעניש פון דעם מאַמעשן האַרצן: „שיעלע קרוין", פלעגט מיין מכלומרשטיקער כעס אַפגיין און אַ געפיל פון גרויס ליבשאַפט צו דער מאַמען פלעגט מיך באַהערשן...

עס טרעפט אַמאָל: פון אַ שכנות׳דיקן הויז רופט אַ מוטער פון דער הויך פון אַ פענצטער איר קליינטשיק אינגעל און דאָס אינגעל הייסט צו־פעליק שיעלע. די מוטער רופט איר קינד אַהיימצוקומען צום מאַלצייט אָדער שלאָפן צו גיין... אָבער, ווען איך, שוין אַ דערוואַקסענער מאַן, דער־הער אין דרויסן דעם נאָמען „שיעלע", דאַכט זיך מיר אַז מיין מאַמע רופט מיך. אַז די מאַמע מיינע לעבט נאָך... און אַז איך בין נאָך אַלץ דאָס קליינע אינגעל פון דער ליבער און היימישער שטוב...

יאָ, אַ מאַן ווערט קיינמאָל נישט אַלט געווג, כדי ער זאָל זיך נישט פילן אַלס קליינטשיק אינגעל אין דער מוטערס אָנוועזנקייט... און די מאַמע שטייט תמיד מיטן דאָזיקן מאַן, אַפילו ווען ער איז שוין אַלט און גרוי. פון גן־עדן אַרויס וואַכט אייביק די גוטהאַרציקע מאַמע איבערן גרויען, איינזאַמען מאַן, איר זון...

— שיעלע קרוין! — רופט מיך אַלץ נאָך די מאַמע פון ערגעץ אַ הויכן פענצטער אין דער גאַס פון דער וועלט... און איך ציטער אויף... בין איך טאַקע אַזאַ מין גאָלדענע קרוין, אָ, מיין טייערע מאַמע... אין ליכטיקען גן־עדן?!...

* * *

איך צייל קיינמאָל נישט מיין געלט אין לעדערנעם טייסטערל. וואָרים די מאַמע פלעגט תמיד איבערחזרן דאָס טייערע ווערטל:

— עס קומט אַריין די ברכה...

אָבער, עס טרעפט אַמאָל, אַז איך צייל אַמאָל איבער מיין געלט, ווייל איך וויל וויסן געווי צי איך האָב ביי זיך געווג געלט כדי פאַר עפעס צו באַצאָלן אין קראָם. דעמאָלט דערפיל איך זיך שטאַרק שולדיק... וואָרים איך ווייס אַז די גאָלדענע ברכה וועט שוין אין מיין טייסטערל נישט אַריינ־קומען... די גוטע מלאכים האָבן נישט ליב אַז מען ווייסט געווי וויפיל

געלט מען האָט אין טאַש... דעמאָלט קענען דאָך די מלאכים נישט אָנגיין מיט זייערע טובות לטובת די אָרעמע אידן...

— עס קומט אָריין די ברכה! — פלעגט די מאַמע זאָגן. און איך גלויב אין מיין מאַמעס זאָג ביזן היינטיקן טאָג... און נישט בלויז אין באַרעס געלט קומט אָריין די ברכה פון הימל... אויך אין לעבן, אין דער ליבשאַפט צו — מענטשן, אין גוטסקייט וואָס מען טוט צו נויטבאַדערפטיקע לייט... אין אַלע דיינע גוטע מעשים, מענטש, קומט אַריין די געטלעכע ברכה... איך בין דערינען איבערצייגט...

— נישט אין זאַמלען רייכטימער פאַר זיך אַליין איז דאָס מענטשלעכע גליק! — רעדט צו מיר מיין קלוגע מאַמע. — נייערט אין דעם וואָס דו שענקסט אַוועק צו אָרעמע לייט און פאַר די וואָס ווילן לערנען תורה, אין דעם איז די זיכערקייט פון דיין לעבן און הקדוש ברוך הוא גיט דיר תמיד צוריק מיט גאָלדענע אוצרות... און ער האַלט אויף דיר אַ וואַכזאַם אויג...

* * *

אַז די גוטע מאַמע פלעגט אויסזאַלצן דאָס פלייש, פלעגט זי מיך בעטן איר צו דערמאָנען ווען געענוי אָפּצוגיסן דאָס פלייש. דאָס פלעגט מיך מאַכן שטאָלץ. די גאַנצע קומענדיקע האַלבע שעה האָב איך געהיטן די ווייזערס אויף אַ טוצנד ציפערבלעטער פון אונדזערע וואַנט־זייגערס. די מאַמע פלעגט זיך געווייגלעך מאַכן פאַרגעסן, כדי איך זאָל האָבן די מעגלעכקייט איר צו דערמאָנען פינקטלעך צו דער מינוט אָפּצוגיסן דאָס אויסגעזאַלצענע פלייש...

און נאָך איצט אַפילו קוק איך אויפן זייגער, בדי די נאָענטע מענטשן אין עפּעס וויכטיקעס צו דערמאָנען... מיין טאַטע האָט ליב געהאַט די זייגערס אין שטוב צוליב ריין עסטעטישע און מעכאַנישע טעמים. ער האָט באַוווּנדערט דאָס וויסנשאַפטלעכע ווונדער פונם געווערק און די קינסט־לערישע שיינקייט פון דעם אויסערלעכן און דעקאָראַטיוון פון אַ זייגער... אָבער די מאַמע האָט דעם זייגער אַפילו רעכט נישט אָנגעקוקט. פאַר איר איז געווען וויכטיק דורך צייט צו רעגולירן דאָס לעבן. צו דינען כל־ימיו די הייליקע פליכטן פון לעבן. צייט האָט איר דערמאָנט צו זיין אַ מוטער, אַ ווייב, אַ שוועסטער, אַ פריינדין פון אַלע געשלאָגענע מענטשן, אַ געהאָרכ־זאַמע און געטרייע דינערין פונם רבונו של עולם... זי האָט אויסגענוצט יעדער רגע פון איר לעבן פאַר איר מאַן, פאַר אירע קינדער, פאַר דער וועלט. פאַר דער געוואַלטיקער וויכטיקייט פון לעבן!...

ווי שוין באַשריבן אויף די צאַלרייכע בלעטער פונם דאָזיקן בוך, האָב איך אין דעם געשטאַלט פון מיין מוטער געזען די געוואַלטיקע נאָענטקייט פונ׳ם מיין מענטש מיט גאָט. די טיפע מורא פאַר גאָט אין אַ אידישן יום־טוב, ספּעציעל די גרויסע פאָרכט אין די הייליקע טעג פון ראש השנה

און יום־כיפור. דאָס זיין איבערצייגט אין דער אַבסאָלוטער עקזיסטענץ פון גאָט. דאָס ווירקלעך פיזישע שפירן גאָט׳ס אומגעהויערע ווירקונג אין גאָר דעם ערדישן לעבן. דאָס אַריינוואַקסן אין דעם רבונו של עולם און דאָס לעבן מיט אים.

יאָ, טראָץ דער מורא׳דיקער גויאישער וועלט האָבן אידן פעסט געגלויבט אין משך פון לאַנגע יאָרהונדערטער, דורך אַ סך דורות, אַז עס איז אַ אידישער קאָסמאָס. און אַז אין דעם דאָזיקן קאָסמאָס וווינט אַ דורכאויס אידישער גאָט, אַ גאָט אַ איד, וואָס האָט אַבסאָלוט די וועלט באַשאַפן צוליב אידן. און פון אַזאַ אידישלעכן, פרומען און פאָלקטימלעכן אוניווערס איז מיין מאַמע געווען אַ נאַטירלעכע, שטאָלצע בירגערין, פונקט ווי זי איז איצט אַ הערלעכע בירגערין פונם אידישן גן־עדן...

* * *

אין פריען באַגינען פלעגט די מאַמע זיך אָפגיסן די נעגל. איך טו עס איצט נאָך ביזן היינטיקן טאָג. ווען אַלע מענטשן שלאָפן נאָך, שטייט שוין די מאַמע פרי אויף און זי גיסט אָפּ אירע נעגל. זי איז שוין טעטיק מיט איר גרויסער לעבנס־טעטיקייט...

דו האָסט געגלויבט אַז זי פירט זיך אַזוי ווי גאָט. ווי נאָר דער רבונו של עולם שטייט אויף אין באַגינען, כדי אויסצולעשן אין הימל די בליציקע שטערן־לאָמפּן, גיסט ער זיך אָפּ זיינע גרויסע נעגל און ער ווישט זיך אָפּ די הענט און דאָס געטלעכע פנים מיט אַן אומגעהויערן וואָלקנדיקן האַנדטוך... יאָ, אַלץ וואָס די ליבע מאַמע האָט געטאָן, איז געווען גרויס און מענטשלעך. און אַלע אירע מעשים, אַפילו די סאַמע קלענסטע און אומבאַדייטנדיקסטע, לויכטן איצט אויף פאַר מיינע אויגן ווי גרויסע געזעצן פון לעבן, פול מיט חכמה און מיט הערלעכע פּאָעזיע... זי האָט אַוודאי געהאַנדלט געגוי אין דער טראַדיציע פון אירע מאַמעס פון מיט הונדערטער און טויזנטער יאָרן צוריק. זי האָט זיך געפירט לויט זייער גייסט און לויט זייער דרך... נישט טראַכטנדיק איז זי געגאַנגען דעם גרויסן וועג אין לעבן, וועלכן עס האָבן געהאַט אויסגעטראָטן אונדזערע הייליקע אורמאַמעס, פון די אמהות אָן...

דאָס לעבן פון מיין מאַמען שטראַלט און באַשטראַלט מיך ווי אַ גרויסע, ליכטיקע זון...

* * *

יעדער פרייטיק פאַרנאַכט, איידער די גוטע זון פלעגט אונטערגיין אויפן אידישן שטיק הימל אין שטעטל, פלעגט די מאַמע זיך אָפּשערן אירע נעגל. דאָס איז געווען אַ טייל פון דער מאַמעס רייניקן זיך פיזיש און גייסטיק צום הערלעכן שבת. עס איז גאָרנישט מעגלעך צו באַשרייבן ווי געטריי זי האָט

געדינט דעם שבת. פרייטיק פרי פלעגט זי אויפשטיין אין באַגינען, נאָך פריער פון אַלע טעג פון דער וואָך. טויזנט זאַכן אין הויז האָבן געוואַרט אָפּגעטאָן צו ווערן.

און איך טראַכט איצט ווי אַזוי מיין מאַמעס לעבן איז געווען גאַנץ. יעדער איינציקע רגע און מינוט פון איר לעבן האָט געהאַט אַ זין און אַ צוועק. זי האָט תמיד געלעבט ווי לויט אַן אומגעהויערן קאָדעקס־בוך. שטרענגע אָרדנונג איז געווען אין איר לעבן. אָרדנונג, סיסטעם און הימליש געזעץ. דאָס פרומע, דאָס רעליגיעזע געפיל האָט איר שטענדיק דערהויבן אי־בער דעם אַלטעגלעכן. איבער יסורים און אומגליקן. זי איז בייגעשטאַנען אַלע ליידן און קאַטאַסטראָפעס. זיך פירנדיק לויט אַן אייזערנער דיסציפלין, וואָס איז געווען אין איר נשמה — אַ גייסטיקע ירושה פון פרומע זיידעס און באָבעס. דאָס גאַנצע לעבן אירס איז אַוודאי געווען אַ באַוווסטזיניק צוגרייטן זיך צו „יע־נער וועלט". אָבער יעדע רגע פון איר ערדיקן לעבן איז געווען מיט גרויס באַ־וווסטזיין פון דער געוואַלטיקער וויכטיקייט און חשיבות פון לעבן. יעדער מינוט פון איר לעבן איז געווען פייערלעכער יום־טוב און ערנסט פון זיך צוגרייטן צום גרויסן יום־טוב פון יענער, פון דער הימלישער וועלט... דאָס ער־דיקע לעבן איז געווען פאַר איר נישט מער ווי אַ פּרוזדור. אָבער דער פּרוזדור אַליין האָט אומגעהויערע וויכטיקייט. עס איז וויכטיק דאָס וואויל־זיין פון מאַן און קינדער. עס איז וויכטיק פיזישע ריינקייט, וואָס צייכנט אַזוי שטאַרק אויס דאָס אידישע פאַמיליענלעבן. עס איז וויכטיק דאָס ריינע און שטענדיק קלאָר־געוואַשענע טישטוך אויפן הילצערנעם טיש, וואָס עפנט אויף די לאַנדשאַפט פון יום־טוב. עס זיינען וויכטיק די זילבערנע, ריין־אָפּגעפוצטע לייכטער מיט ברענענדיקע ליכט. עס איז וויכטיק דאָס בידנע, דאָס שרעקלעך־אָרעמע לעבן צו דערהויבן צו גאָט, צום הימל, צו נאַציאָנאַלן יום־טוב וואָס שטאַרקט דאָס געמיט פון די עלטערן און פון די יינגע, צאַרטע קינדער. עס איז שטענדיק וויכטיק צו טריאומפירן איבער ערדישער אָרעמקייט און איבער פינצטערע יסורים. אָ, גרעסער און הער־לעכער ווי אַ קייסערינע איז געווען מיין מאַמע. דער גאַנצער הימל מיטן ליכט פון זיינע צעבליצטע שטערן קאַנדעלאַברעס האָט געלויכטן איבער מיין מאַמעס אידעלן, פון טיפן צער געשניצטן פנים אין יעדער פּראָסטן און גרויען טאָג, בפרט אין ערב שבת, אין דער צוגרייטונג צום שעדעווער פון איר לעבן — צום הערלעכן און קעניגלעכן שבת...

* * *

איך געדענק דער מאַמעס שייטל. עס האָט זיך כל ימיו אַרומגעוואַל־גערט אין דער היים, אין אַלע ווינקלען פון שטוב. אייגנטלעך: אַ פּאַרוק אַזאַ! ווי עס האָבן געטראָגן די אַריסטאָקראַטן אַרום דער צייט פון ערב

דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. דאָס שייטל פון מיין מאַמען, אַ געלע, האָניק־ברוינע לאַנדשאַפט, אָפּגעבלאַקירט פון צייט. אָבער איך פלעג זען דער מאַמעס גאָלד־האָר פון די טעג פון איר מיידלשאַפט. יאָ, אַלע זאָגן עדות: די מאַמע האָט אַמאָל געהאַט שטראַלדיקע, גאָלדענע האָר. אָבער דאָס געלע שייטל האָט זיי צוגעדעקט. און איצט דעקן זיי צו אירע גרויע, פאַרבלאַזטע האָר. דאָס שייטל ווערט קיינמאָל נישט גרוי. דאָס שייטל ווייס נישט וואָס צייט איז. אָפּטמאָל רעדט די מאַמע אַז זי וועט זיך קויפן אַ ניי שייטל. אָבער דאָס געשעט קיינמאָל נישט. ווו וועט די מאַמע נעמען געלט אויף אַ ניי שייטל, ווען די קינדער זיינען אייביק הונגעריק?

אייגנטלעך איז דאָס שייטל אַ שטיק טעאַטראַלישער רעקוויזיט. וואַל־גערט זיך אַרום אין אונדזער שטוב אַ שטיק ברוינער פּאַרוק. אַזוי האָבן אַוודאי אויך אויסגעזען דער מאַמעס גאָלדענע האָר, אירע אָריגינעלע האָר, אַמאָל, אַמאָל... (כאָטש זי איז נאָך איצט אַ יונגע פרוי, קלעפּט מען שוין צו דער מאַמען דעם טרויעריקן „אַמאָל”. מען ווייסט נישט אַז מען פאַרגיסט איר מענטשלעך בלוט מיטן דאָזיקן אומסימפּאַטישן אויסדרוק!...) איצט פאַר־שטיי איך ערשט די גאַנצע ברוטאַליטעט פון דער זאַך: אַ יינגע פרוי האָט פון די טעג פון איר חתונה אָן אויף איר יינג־פרויאישן קאָפּ געטראָגן אַ פּאָק פרעמדע, קאַלטע האָר! צוליב איר פאַנאַטיזם, איר טיפן, רעליגיעזן געפיל, האָט זי אַליין, מיט אירע אייגענע הענט, אַ מעכטיקן שטיק פרויען־שיינקייט און פרויען־רייץ פאַרניכטעט. די קרוין פון איר יינגען, ווייבלעכן קאָפּ אָפּגעשוירן מיט אַ ברוטאַל־אייזערנער שער — און האָט אַלץ אָנגענו־מען פאַר ליב און פאַר נאַטירלעך...

איצט, אַזוי פיל יאָרן שפּעטער, ווען איך זע אַ וואַלד אין ברוינעם הערבסט, צי אַ גאָלדענעם זון־אונטערגאַנג ביים פאַרלעשן זיך, דערמאָן איך זיך באַלד אין דער מאַמעס געלן און מאַטן שייטל... און מיר דאַכט זיך אַז עס איז אַרויסגעפלויגן ווי אַ פליגל פון אונדזער שטוב. עס איז געוואָרן אַ געלער וואָלקן אין הימל. און עס שוועבט אייביק אַרום מיט די וואָלקנס — אין די ווינטן... מיין מאַמעס געלע, טרויעריקע און אָרעמע שייטל...

* * *

דער טאַטע האָט געקושט די תורה אין שמחת תורה, בשעת׳ן לייענען דעם ליכטיקן פאַרמעט מיט די טינט־שוואַרצע, הייליקע אותיות, בשעת אַן עליה אין אַ פראָסטן טאָג פון דער מיטוואָך. אָבער זיין קישן די תורה האָט דאָך נישט באַזעסן יענעם געפיל פון גרויס ליבשאַפט צו דער תורה, פון דער הייליקייט און דער פאַרכטיקייט —

ווי ווען די טייערע מאַמע האָט אַ קוש געטאָן ביים טיר די מזוזה אָדער

דאָס געלע טייטש־חומש ביים פּאַרמאַכן עס נאָכן לייענען שבת נאָכמיטאָג. דאָס איז געווען אַ ציטערנדיקער און אַ הייליקער קוש פון ליבלעכער ליב־שאַפט צו דער תורה, צום הקדוש ברוך הוא, צום טייטש־חומש. ווערים וויפיל אותיות עס זיינען פאַראַן אינם טייטש־חומש, צי אין דער הגדה, מיט פּונקט אַזוי פיל קישן פון ליבשאַפט האָט די מאַמע עס איינגעהילט... די קליינ־טשיקע מזוזה ביים טיר האָט געדולדיק געטראָגן די לאַסט פון דער מאַמעס מיליאָנען קישן... פּאַקטיש איז דער מאַמעס גאַנץ לעבן געווען איין גרויסער קוש צו גאָט און צו אירע קינדער און צו אַלע טייערע אידן פון גאָט׳ס אויסדערוויילטן פאָלק...

* * *

דאָס טייטש־חומש וועל איך אייביק געדענקען. עס איז געווען אַן אומגעוויינלעך־גרויס טייטש־חומש, מיט געלע, אָפּגעריבענע טאָוולען, וועמענס דינע לעדער האָט זיך שוין זינט היפּשע יאָרן געשיילט. אָבער עס איז געווען פעסט געבונדן, אַזוי ווי דער אַלטפּרענקישער איינבינדער וואָלט וויל געוווסט אַז די דאָזיקע מאַסיווע ספרים וועלן אַ סך גענוצט אין טראַדיציאָנעלע אידישע היימען. שבת נאָכן טשאָלנט, ווען דער טאַטע פלעגט זיך אַביסל צולעגן, פלעגט די מאַמע, אין די זומערדיקע, וואַרעמע טעג, אַריינגיין אינם טיפן, געדיכטן סאָד און לייענען פון דעם גרויסן טייטש־חומש. די מעשה׳לעך זיינען געווען זיס ווי צוקער און זיי האָבן געהאַט דעם באַטעמטן ריח פון צימערינג. די בלעטער פלעגן זיך בויגן אַזוי ווי צאַרטער זייד אונטער מיין מאַמעס געלע פינגער, אויסגעאַרבעטע פון שווערער האַרעוואַניע, מיט אַ צעשניטענער הויט. אירע ליפּן פלעגן ציטערן און זאָגן שטילערהייט די הייליקע ווערטער. איר פּנים האָט אויפגעשטראַלט ווען זי האָט געלייענט פון אונדזערע הייס־געליבטע און גאָטספאָרכטיקע אבות. דאָרטן, אין די געלע, ברייטע בלעטער, אַזוי ווי פּאַרמעטענע, זיינען געווען אירע גוטע שוועסטערן... די טייערע אמהות שרה, רבקה, רחל און לאה זיינען געווען ענלעך צו מיין מאַמען אין ריינקייט און אין צניעות׳דיקייט. ליבע און ליבשאַפט אין איר האַרצן האָט מיין מאַמע געהאַט אַזוי פיל וויפיל שרה, רבקה, רחל און לאה... זי איז געווען אַזוי אידל ווי זיי. אַזוי טיף מענטשלעך... און האָט ליב געהאַט דעם וואָס לעבט אייביק אַזוי ווי זיי...

די מאַמע איז געווען גליקלעך וואָס דער טאַטע שלאָפט. וואָס ער דונערט נישט מיט קיין ביטערע קללות, ווי דער סמביון, אין אַ וואָכנטאָג. איצט האָט געהערשט דער הייליקער שבת קודש מיט זיין הימלישער רו. די מאַמע האָט אויפגעשטראַלט אין גרויס נחת וואָס זי האָט פאַר זיך אַ מאָמענט פון רו, פון גייסטיקער דערהויבנקייט, אַ רגעלע שטילקייט, ווען זי קען רואיק פאַרברענגען מיט איר באַליבטן און טייערן טייטש־חומש. מיט דער הערלעכער וועלט פון די אבות. דער טאַטע פלעגט גיין אָפּט אין גאָס, צווישן

אידן, אין בית המדרש. אָבער די מאַמע האָט זעלטן געהאַט איר דערהוי־בענעם מאָמענט, איר גייסטיקע צעשטרייאונג. און דער רייך־צעבליטער, פוילישער סאָד איז געווען אַ נאַטירלעכער הינטערגרונט פאַרן תנ״ך... דאָס איז געווען די אידילישע בינע פאַר די גרויסע, עפּישע מעשה׳לעך. דאָ, אויף די גרינע לאָנקעס, האָבן פאַרבייגעצויגן פאַרצייטישע פעלקער און שטאַמען. דאָ ציען פאַרביי אברהם אבינו און מוטער שרה, בשעת זי פאָזירט אַלס אברהמ׳ס שוועסטער... דאָ ציט דער גאָלד־געלאָקטער יעקב אבינו קיין באר־שבע... דאָ פּאַשעט יעקב אבינו די שעפּסן פּערצן יאָר צייט אויף די פרוכטבאַרע פעלדער פון לבנען... דאָ זיצט די באַטריבטע, שיינע דינסט הגר מיט איר קליינטשיקן, ברוינעם אינגעל ישמעאל אונטער אַ גאָלדענעם פייגנבוים... די זון פאַרגייט אין סאָד, ווי אין די ברייטע, זאַפטיקע בלע־טער פון חומש...

גרויס און הערלעך איז דער פאַרנאַכט... דער ווונדערלעכער רעזשי־סאָר שפּילט רייך אויף די גרויסע, תנכ׳ישע אידיליע. ער פאַראייניקט פוילישן הינטערגרונט מיט פאַסירונגען פון חומש. אַ גאָלדענע בין קריכט אַרויף אויפן בלאַט וואָס די מאַמע האַלט פּונקט אין לייענען. די בין זשומעט מוראדיק און זי פאַרשטעלט מיט זיך די הייליקע נעמען פון מענטשן און פלעצער אין ארץ ישראל... די מאַמע יאָגט צוריק אַראָפּ די בין. „משה רבינו׳ס קיעלע״ געפּעלט דווקא זיך אָפּצושטעלן אויף דער שטעלע ווו אברהם אבינו פירט זיין פיל־געליבטן זון יצחק צו דער עקדה... אַ געוואַל־טיקער מאָמענט! די מאַמע איז פאַרטראַכט און זי יאָגט אַראָפּ „משה רבינו׳ס קיעלע״ אין דעם סאַמע לעצטן מאָמענט, ווען זי לייענט שוין און מורמלט שוין די ווערטער ווי אַזוי אברהם אבינו ווערט באַפוילן פונם מלאך אָפּ־צושטעלן די שחיטה איבער זיין זון יצחק... איצט טוט זיך דאָס קליינטשיקע און חנעוודיקע קיעלע אַ פלי אַוועק... עס האָבן זיך ביים קיעלע געיאַוועט גאָר דינינקע פליגעלעך, אַזוי ווי אַ טונקעלע, אַטלעסענע קאַפּאָטקעלע אונטער דעם רויטן מענטעלע... אויפן געלן בלאַט פונם טייטש־חומש בלייבט שטיין אָנגעטאָן אין פייער דער הימלישער מלאך... אין זיין גאַנ־צענער פּראַכט און שיינקייט... דער מאַמעס פּנים שטראַלט... אַ שטיק פלאָם פונם הימלישן מלאך איז געפאַלן ווי אַ גאָלדענער, זיידענער שלייער אויף מיין מאַמעס געלן קלייד, אויף איר בלייכן פאַרמטענעם פּנים, אויף אירע שווער־פאַרהאָרעוועטע הענט...

עס איז שוין פאַרנאַכט. די אינסעקטן אין סאָד גייען שוין שלאָפן. די פייגל און די נאַכטיגאַלן זינגען און זאָגן שוין זייערע שטילע אָוונט־תפילות, פאַרן נאַכטיקן שלאָפן גיין. אַ גרויסע, מעשענע זון זינקט אין מערב־זייט. אַזוי פאַרגייט די זון איבערן קאָפּ פון יעקב׳ן, ווען ער לעגט זיך אויף די

קלוגע שטיינער אין באר־שבע... מיטן בלויען אָוונט און מיטן אויפגאַנג פון די שטערן גייט אויך אויף אויפן הימלישן האָריזאָנט די גאָלדענע לייטער, וואָס טורעמט אַריין אין די שטורעמדיקע הימלען... און איך, אַן אָנגעצונדענער פון דעם זון־אונטערגאַנג, טרייב אַ גרויסע רייף איבערן דאָרפישן וועג... איך טרייב די רייף מיט אַזוי פיל ענערגיע און פאַרנעם. איך טו אַריין אין דער אַרבעט מיין גאַנצן ביסל כוח. אַנטקעגן גאָט'ס אומגעהויערער רייף — די זון — טרייב איך מיין קליינע רייף אַזוי ווי אַ פּריוואַטן פּלאַנעט... איך טרייב מיין וועלט אין דעם אומגעהויערן רוים אַריין... איך טרייב די רייף איבער די שטילע, פאַרנאַכטיקע, דאָרפישע וועגן...

מיין מאַמע קושט מיט אַ פרומען קוש דאָס געלע טייטש־חומש און זי פאַרמאַכט פרום די יידענע בלעטער, ביז, מען זאָל אַלע דערלעבן אין נחת און אין פריידן, דעם קומענדיקן שבת קודש, מען זאָל לעבן פון גאָט און מען זאָל זיין געזונט. אוי, דער וואָס לעבט אייביק, וואָס איך וויל זיין ליבן נאָמען נישט דערמאָנען, דער הקדוש ברוך הוא זאָל אונדז אַלע צושיקן אַ ליכטיקע וואָך פון געזונט, נחת און פרנסה. עס קומט צוגיין די שווערע וואָך פון זאָרגן, פון דאַגות, פון אַרבעט און פון פינצטערער האָרעוואַניע, פון נעבעך שיילן קאַרטאָפל מיט אירע שטייפע הענט, פאַרגליווערטע אין די יסורים פון שווערן רעוומאַטיזם. די פינגער ביים שיילן די קאַרטאָפל בויגן זיך אויס און שפעטער קומט אָן קריאת ים סוף זיי צוריק אויסצובויגן... עס קומט אָן די גרויע וואָך פון פיין און פון שרעק. אויס קעניגין איז איצט די טייערע מאַמע, אויס שבת־פרינצעסין... זי איז צוריק אַן אָרעמע, שלאָפע און געפּלאָגטע פרוי...

די מאַמע זאָגט איצט שטילערהייט „גאָט פון אברהם" און אויפן הימל ציטערן באַלד אויף די ערשטע דריי בלויע שטערן... איך קוק זיי שוין אויס זינט לאַנגע שעה'ן... וואָרים איך וויל אַז מען זאָל שוין אָנצינדן דאָס ליכט... אין דער אמת'ן איז צוקער־זיס די דאָזיקע יידענע פינצטערניש אין דרויסן... עס איז זיס דאָס פאַרטראַכטע, קינדערישע קוקן אין הימל אַריין... און ווען די דריי שטערן פיקן זיך ענדלעך קוים־קוים אויס — מאַכט דער טאַטע הבדלה. אין זיין ווייסער האַנט שטייט געוויינלעך דער כוס מיטן זאַפט פון עפּל־און פלוימען־קאָמפּאָט. — וואָרים שוין זינט עטלעכע יאָרן, זינט די מלחמה איז אויסגעבראָכן, ווי קיין פלעשל בראָנפן, און אַפילו נישט קיין וויין, איז פאַראַן אין אונדזער הויז... דער טאַטע האַלט דעם גרויסן כוס אין זיין פעסטער, גרויסער האַנט...

אָבער היינט איז געשען אַ נס: אַ פריינט, אונדזערס אַ שכן, האָט געבראַכט אַ ביסל בראַנפן פאַרן טאַטן כדי צו מאַכן הבדלה... דער טאַטע

גיסט אויס אַ ביסל בראָנפן אויף דער גלאַנציקער צעראַטע... ער צינדט עס אָן מיטן ברענענדיקן, חלב־טריפנדיקן ליכט... עפּעס אַ שוואַך, אַנע־מיש, בלוי פּייערל טאַנצט אויף דער גלאַנציקער און צעשניטענער צע־ראַטע... דאָס פּייערל גייט ממש אויף דער צעראַטע אַרום... דאָס חלב טריפט אין דיקע טראָפּנס פונם ברענענדיקן ליכטל... דאָס פּייערל נעמט מיט אין ליכטיקן גן־עדן אַריין אַלע דיקע אותיות וואָס איך האָב דורך דער וואָך אָנגעשריבן און אָנגעמאָדזשגעט אויפן טיש. אַלע פאַנטאַסטישע ריסונ־קעס (צייכנונגען) פון הייזער און פון מענטשן און פון חיות וואָס איך האָב געמאַכט אין די לאַנגע, דאַרפישע אָוונטן... אַלע פינצטערע, טינטישע טראָפּנס צינדן זיך איצט אָן... מיין קינדישע, קרומע שריפט גייט גלייך אין גן־־עדן אַריין מיטן הייליקן הבדלה־פּייערל...

* * *

די מאַמע האָט תמיד חוזק געמאַכט פון „זייערע״ געצן. זי פלעגט שיילן די קאַרטאָפל מיט אירע פון רעוומאַטיזם צעקרימטע פינגער, מיט אירע הענט וואָס זיינען געווען צעדראַפּעט און צעשפּאָלטן פון די מורא׳דיקע פוילישע פרעסט, פון די אייז־קאַלטע וואַסערן אין וועלכע זי האָט געוואַשן גרעט. די מאַמע פלעגט צוגרייטן דאָס אָרעמע מאָלצייט און בשעת מעשה ביטער חוזק מאַכן פון זייערע געצן:

— זיי האָבן אויגן און זיי זעען נישט. זיי האָבן אויערן און זיי קענען נעבעך נישט הערן... זיי האָבן מיילער און זיי עסן נישט. זיי האָבן פיס און זיי זיינען נישט אימשטאַנד צו שטעלן אַפילו אַן איינציקן טריט. זיי האָבן הענט און זיי זיינען געליימט. אָט דאָס, מ׳שטיינס געזאָגט, זיינען זייערע וויסטע געטער...

אין פּשוטע ווערטער האָט זיך אויסגעגאָסן דער מאַמעס מעכטיקע און אייביקע סאַטירע אויף די גויאישע געטער און געצן.

דער גאַנצער גרויסער דרויסן האָט געהערט צו די גוים. די זון און די שטערן זיינען געווען זייערע. די לופט איז געווען זייער לופט. אין שיינע טעג פלעגן זיי אַרויסטראָגן די יויזלעך אויף די גאַסן פונם שטעטל. ביי זיי איז געווען גלאַנץ און צירונג. בלומען און קאָלירן. די ביסקופּן און די גלחים האָבן געטראָגן קעניגלעכע קליידער. די מאַנאַשקעס האָבן געטראָגן שווערע גאָלדענע קרייצן צווישן די בריסטן. די יויזלעך זיינען געווען געצירטע אין רייכן גאָלד. יעזוס׳ס וווּנדן האָבן געטריפט מיט בלוט, מיט בראָנדז און מיט שטראַלן. אין די אָדערן פון די הייליקע איז, אַנשטאָט בלוט, געפלאָסן גאָלד. ריטלעך און בלומענקראַנצן האָבן דעקאָרירט געפאַרבטע און פלאַמיקע מאַר־טירער־קעפּ. בריליאַנטן האָבן געלויכטן און רייך געפינקלט אין די אויגן פון מאַדאָנעס. דער יונגפרויס פיס זיינען געווען באַרפוס, אָבער געפאַרבט

מיט גאָלד, אויפן שטייגער פון די פרי־רענעסאַנסישע קינסטלערס. זיי זיינען געגאַנגען אין דעם גרויסן פרילינגס־טאָג מיטן זיכערן טראָט: די וועלט איז זייער! אין די פאַרנאַכטן פלעגן זיי פאַרענדיקן די פּראָצעסיעס מיט פּאָגראָמען אויף אידן.

אָבער, ווען אַהיינגעקומען צו דער אָרעמער מאַמען, האָט דאָס איינגעל דערזען די גאַנצע לעכערלעכקייט פון דער גויאישער וועלט. דער רייכער געצנדינסט אין גאָר זיין גלאַנץ און גלאָריע איז זיך צעפאַלן ווי אַ דינער שפּינגעוועבס. אַ מעכטיקער חוזק האָט אויפגעגעסן זייער גאָלדענעם גלאַנץ. אברהם אבינו האָט צאָרנדיק צעהאַקט די שטומע און גולמ׳דיקע געצן פון זיין פאָטער תרח. זיי האָבן זיך מכלומרשט צעקריגט פון וועגן די שיסל מיט עסן און זיי האָבן זיך מיט אייזערנע העק קעגנזייטיק צעשמעטערט... און נח פאַנדרע אַליין פאַלט מיטן פנים צו דר׳ערד... די אייזערנע פליגל זיינע האָבן נישט דעם פייערדיקן און געטלעכן כוח פונם שם המפורש...

די מאַמע, אַזוי ווי יעדן טאָג, שיילט די קאַרטאָפל. אין דרויסן זשאַרט איבער אַ האַלבן פוילישן הימל די פאַרגייענדיקע זון. אויפן האָריזאָנט גייט דער טאַטע מיט אַ פּעקל זייגערלעך אונטערן אָרעם. די זייגערלעך קנאַקן אינעווייניק ווי זיי וואָלטן שפּאַלטן סעמעטשקעס. פאַר די היימישע פוילישע פויערן פאַרקויפט ער זייגערלעך. פאַרקויפט שטערבלעכע צייט... אָבער די מאַמע טראָגט אונדז, אירע קליינע צוויי אינגלעך, אַנטקעגן אייביקייט... און אַ געוואַלטיקן גאָט אין די אומזיכטבאַרע הימלען, דעם רבונו של עולם פון אונדזערע שטאָלצע אָבות...

די געצינס ליגן אין קאָשטשיאָל פאַרגליווערטע און גולמ׳דיקע. זיי זיינען נישט מער ווי געפאַרבטע ליים, שטיין און ערד. זיי האָבן דאָס פינצטערע געביין פון מתים. זייער „גאָט" ליגט מיט זיי צוזאַמען אין דר׳ערד, אַ פאַרשטויבטער. אָבער אונדזער גאָט, איז אייביק ניי און פריש. ער קיניגט אין די הימלען אַלס דער געאַכפּערטער און הערלעכער מלך מלאָכי השרת...

און דער מאַמעס פשוטער און ליבער הומאָר איז מיר אויף אייביק אַריין אין דער טיפעניש פון האַרצן...

* * *

ביינאַכט פלעגט די מאַמע צוגיין צום פענצטער און אַרויסקוקן צום לעצטן מאָל דורך די מוטנע שויבן צום גרויסן לעבן פון מענטש און וועלט... מיך פלעגט אַרן און היפש פאַרדריסן וואָס די מאַמע ליגט נישט אויף איר אייזערנעם בעטל, אין איר קליינעם צימערל, אַוועקגעוואָרפן צו ווּיסטער און ווילדער איינזאַמקייט. ס׳האָט מיך פאַרדראָסן פאַרוואָס די מאַמע שטערט מיר מיין גייסטיקע רו און מיין שעפערישע איינזאַמקייט. פאַקטיש שיקן מיר אָפּ אונדזערע סאַמע טייערסטע צום בית עולם נאָך איידער זיי שטאַרבן. מיר

דענקען אַז אַלטע לייט טאָרן מער נישט האָבן קיין שום אינטערעס אינם לעבן. אַז זיי באַדאַרפֿן זיין בלינד, טויב און שטום. מיר זיינען מורא׳דיק גרויזאַם און פּשוט מענטשלעך־אומפּריינטלעך צו אונדזערע זקנים פֿון אייגענעם בלוט. און ווען איך טראַכט אַצינד ווי אַזוי די מאַמע קוקט אַרויס צו דער גאַס אין דער נאַכט, ווי אַזוי זי באַטראַכט מיט זשעדנעקייט די פֿרייעלעכע יוגענט, וואָס קען זיין לוסטיק און גליקלעך מיט גאָרנישט, אָן אַ שום סיבה, און דאָך זאָל זייער הילכיקער געלעכטער קלינגען ווי אַן אָרקעסטער. און ווי אַזוי אַלץ איז פֿאַר דער מאַמען ווערט צו ווערן באַוווּנדערט און באַטראַכט און טיף אָפּגעשאַצט, ווי גאָלד פֿונם גאָלדהענדלער. ווי אַזוי די מאַמע שענקט גרויס אויפֿמערקזאַמקייט צו אַלע נישטיקע לעבנס־פּראָצעסן אַפֿילו. און ווי אַזוי די לבנה באַגיסט איר קליין, אויסגעצערט געשטאַלט מיט בלאַסע קאַלעך.

דאָס אַלץ איז פּאַטעטיש. און ווי אַזוי מיר ווערן ענדלעך באַרואיקט ווען די מאַמע גייט צוריק אַוועק פֿון פֿענצטער... גייט צוריק אין איר איינזאַמען חדרל אַריין און זי לעגט זיך צוריק אַוועק אויפֿן אייזערנעם און וואַנציקן בעטל, ווו דער טאַטע איז געלעגן און איז געשטאָרבן —

ערשט דעמאָלט שלאָפֿן מיר אַ באַרואיקטער איין... יאָ, מיר ווילן אַז די מאַמע זאָל שוין זיין אין שטוב אינגאַנצן טויב און שטום און בלינד... מיר ווילן נישט אַז די מאַמע זאָל זיך אומקוקן, אַזוי ווי דעם באַרימטן לוט׳ס ווייב... דערמיט, מיט אַזאַ מין גרויזאַמע באַציאונג צו דער מאַמען, באַליידיקן מיר זי טיף און אויפֿן סאַמע שרעקלעכסטן אופֿן. מיר גיבן איר פּאַקטיש די עקזיסטענץ פֿון אַ מת...

* * *

אַ טויטלעך־מידע פֿון אַ גאַנצן טאָג אַרבעט און האָרעוואַניע אין הויז, אין שלאַכט מיט דער אייביק גריזשנדיקער מידיקייט, אין מלחמה מיט דער אָרעמקייט פֿון אונדזער קאַלעך־בלייכער שטוב, פֿלעג איך זען ווי די מאַמע פֿלעגט זיך אַוועקזעצן אין אַ ווינקעל פֿון דער קיך און טרינקען זייער הייסע טיי מיט ציטרין און האַלטן אונטערן צונג אַ שטיקל ווייסן צוקער. דאָס הייסע גלעזל טיי מיטן קלעצל צוקער איז געווען איר באַלוינונג פֿאַר אַ טאָג מיט שווערער פּראַצע פֿון קאָכן, רייבן די טעפּ, וואַשן די פּאַדלאָגעס, איינקויפֿן פֿאַרן הויזגעזונד, וואַשן די באַליע מיט וועש, שיילן קאַרטאָפֿל פֿאַרן מאַרגנדיקן מאָלצייט, איינווייקן דאָס פֿלייש, אַרומווישן דעם שטויב פֿון די ווענט, צירעוון, פֿאַריכטן און מאַכן גרויסע לאַטעס אויף אָפּגעטראָגענע מלבושים און העמדער...

איך פֿלעג דעמאָלט טראַכטן:

— אָט דאָס איז דער דור וואָס האָט געלעבט מיט אַ גלעזל הייסע טיי

און מיט אַ קלעצל ווייסן צוקער אונטערן צונג און מיט אַ דינעם פּענעצל ציטרין. דאָס איז דער דור וואָס האָט אַזוי שרעקלעך ווייניק געגאָסן און האָט אַרויסגעוויזן אַזוי פּיל מוט אין לעבן. דאָס איז די אידישע מאָדערנע גליקעל פון האַמעלן... זי, מיין מאַמע, וואָס האָט זיך געספּראַוועט אין געוואַלטיקער אָרעמקייט מיט אַ וועלט מיט פּראָבלעמען און מיט פאַמיליען־הצטרכות'ן. טונק איין די פּען דיינע, מיט וועלכער דו האָסט ביז איצט באַשריבן און באַזונגען אַלערליי מענטשלעכע גדולים. זינג איצט און באַשרייב ערלעך דעם גרעסטן פון אַלע מענטשלעכע פּערזענלעכקייטן: דיין אייגענער מאַמען!...

איך האָב נישט געוואָגט אַ טריט צו שטעלן, כדי מיטן רויש פון מיין גוף נישט צו באַאומרואיקן מיין מאַמען, וואָס פייערט איר נאַכטיקע אָפּרו — מיטן אָרעמען גלעזל הייסע טיי און שטיקל שניי־ווייסן צוקער און דעם גאָלדענעם פּענעצל ציטרין...

* * *

דאָס איז געווען אין חודש מערץ פון יאָר 1941. איך בין דעמאָלט געלעגן אַ קראַנקער אין דעם קליינעם שטיבל אויף 1407 ברוק עוועניו, די בראָנקס, וווינענדיק צוזאַמען מיט מיין גאָטזעליקער מאַמען. יעדן אין דער פרי, אויפשטייענדיק, האָב איך אויסגעשפּיגן מיט בלוט. איך בין געווען מורא'דיק איבערגעשראָקן, וואָרים איך בין ערשט געהאַט געקומען פון סאַנאַטאָריום אין דענווער, ווו איך בין געווען גאַנצע פיר יאָר אַ פּאַציענט. אין מיין רעכטער לונג האָב איך געהאַט אַן אָפענע וווּנד, וואָס האָט פון צייט צו צייט געבלוטיקט. כדי צו פאַרהיילן מיין וווּנד, האָבן די דאָקטוירים פון סאַנאַטאָריום מיר כסדר געעצה'ט איך זאָל זיך לאָזן מאַכן אַ ריפּן־אָפּעראַציע. אין משך פון יאָרן האָב איך געהאַט גענוג דערפאַרונג וואָס שייך אָפּעראַציעס אין סאַנאַטאָריום. די בליענדיקע, כאָטש קראַנקע, יוגענט איז געגאַנגען אונטערן מעסער פונם דאָקטאָר זייפערט, אַ דייטש, ווי אַרמייען גייען צום טויט אין אַ בלוטיקער מלחמה, נישט פרייוויליקערהייט... דאָס דייטשע כירורגישע מעסער האָט געשניטן אומברחמנותדיק יינגע לעבנס, נישט אַכטנדיק אין טויזנטער פאַלן צי די אָפּעראַציע וועט ברענגען נוצן און גענעזונג צום איינצעלנעם פּאַציענט... די אָפּעראַציעס האָבן געדאַרפט דינען דער מענטשהייט פון דער צוקונפט... די אָפּעראַציעס האָבן געדאַרפט „ראַטעווען" די ווייטע, אומבאַקאַנטע דורות, פונקט ווי די רעוואָלוציעס האָבן באַדאַרפט דורך פייער און בלוט ברענגען פרייהייט צו דער מענטשהייט פון שפּעטערדיקע צייטן... תמיד פאַר דער אומבאַקאַנטער מענטשהייט פון דער אומבאַקאַנטער צוקונפט...

ביידע, די אָפּעראַציעס און די רעוואָלוציעס, ווער עס האָט זיי נאָענט אָנגעקוקט אין זייער בלוטיקן געשען, זיינען געווען מוראדיק ברוטאַל און

באַרבאַריש. אין די יאָרן ווען איך האָב געלעבט אַלס פּאַציענט אין סאַנאַ־טאָריום, און איך האָב זיך טאָג־טעגלעך צוגעקוקט צו די פינצטערע מאַ־סאַקרעס פון ייִנגע מענטשן אויפן מזבח פון העלפן דער „מענטשהייט אין דער צוקונפט״, האָב איך געטראַכט פון אָנשרייבן אַ בוך און אויפדעקן די דאָזיקע מכלומרשט אידעאַליסטישע טעטיקייט פון די דאָקטוירים אין די סאַנאַטאָריעס. אָבער, דאָס איז טאַקע אַ טעמע פאַר זיך...

ווי געזאָגט, איך האָב צו יענער צייט, זייענדיק צוזאַמען מיט מיין מוטער אויף ברוק עווענין, שרעקלעך שלעכט געפילט, אַזוי שלעכט אַז אויף וויפיל איך געדענק, איז עס געווען די איינציקע צייט אין מיין לעבן ווען איך האָב אויף זיך געבעטן דעם טויט. און ווען אַזעלכע ווערטער פון דעם ספר „איוב״ זיינען צו מיר געווען קלאָרע און פאַרשטענדלעכע פּראָזע:

„... וואָס פרייען זיך מיט אַ פרייד, און זיינען פריילעך ווען זיי גע־פינען אַ קבר״...

איך בין געלעגן אויפן שמאָלן און אייזערנעם בעטל, פונקט אַזוי לאַנג און שמאָל ווי אַ קבר, און איך האָב זיך אַפילו געוווּנדערט ווי „גרינג״ עס קומט אָן צו וועלן אָנטאָן דעם טויט אויף זיך... ווי „לייכט״ מען איז עס גרייט, ביי אַזאַ געוואַלטיקן ווילן צו לעבן ווי ביי מיר, דאָך איינצולאַדן דעם מלאך המות אין מיינע ביינער...

דאָס שפייען מיט בלוט האָט ביי קיין שום אופן נישט געוואָלט אויפהערן. כ׳בין געווען מוראַדיק פאַרצווייפלט. איך האָב אַפילו שוין זינט גאַנצע צווי חדשים נישט גערעדט קיין וואָרט, וואָס דאָס לעצטע איז דער בעסטער באַווייז, אין מיין געוואַלטיקן הונגער צום וואָרט און צו דער פען, ווי שטאַרק שלאַף איך בין געווען. נישט שרייבן און פילן ביי זיך צו קענען שטאַרבן — דאָס זיינען די העכסטע סמנים פון מיין פאַרצווייפלטער לאַגע. דערווייל איז אין ניו יאָרק געבוירן געוואָרן דער פרילינג, איינער פון די טויזנטער פרילינגען אין גאַנג פון צייט. אָבער דער דאָזיקער פרילינג האָט מיר אומ־ענדלעך פיל מער וויי געטאָן ווי אַנדערע פרילינגען אין מיין לעבן. דער איינציקער בוים ביים סאַבוויי־אַפּגרונט האָט אַזוי ווי פּלוצלינג איבערנאַכט אָנגעטאָן אַ גרינע, רייצנדיקע פאַרב. דער דאָזיקער בוים האָט מיר געבראַכט אַ סך טרויער און פרייד אין יענע טעג. מיין אויג איז פאַקטיש געווען אויף אים קאָנצענטרירט גאַנצע צוויי חדשים אָן אויפהער, מחמת עס איז אין דער קעגנט נישט געווען קיין שום אַנדערער בוים וואָס זאָל מיט אים קאָנקורירן. אויף אים פלעגט זיך אויפהאַלטן גאָר דאָס באַפליגלטע פויגל־וואָרג פון דער קעגנט. ווען די פענצטער פון מיין שטיבל פלעגן זיין אָפענע, האָט דער בוים אריינגעשיקט צו מיר ממש אַ גאַנצע סימפאָניע... אין אַ גערטל ביים שכנותדיקן הויז, נישט ווייט פונם איינציקן און איינזאַמען

בוים, איז געוואָרן אַ גרינגע באַוועגונג און פלירטעניש צווישן הינט, קעץ, הינער, קרוליק, פייגל און גענדז. אַ קליינע מיידל פון אונדזערס אַ אידישן שכן וואָס האָט געהאַט אַ ווינקעלער דאַנעבן, האָט פּלוצלינג היינטיקן פרילינג אויפגעבליט מיט גאָר איר מיידלשער פּראַכט און האָט קאָקעטיש יעדעס מאָל פאַרביישפּאַצירט דורך מיין פענצטערל, געגוי פילנדיק דעם הייסן פייער פון מיין בליק... איך האָב געלייענט די פּאָעזיע פון ניידוס און ווערלען. מיין בעט איז געווען אַ בית עולם פון צייטונגען... אָבער איך האָב פינצטער געליטן... איך בין, ווי שוין געזאָגט, געלעגן צו בעט צוויי חדשים צייט: אַפּריל און מערץ מיט אַלע זייערע זעכציק טעגלעכע דעפּילאַדעס פון פרילינגסקאָנצערטן און נאַטור־קאַפּריזן, באַמערקנדיק די סאַמע מינ־דעסטע ניואַנסן פון וועלט־און־וועטער.

די גאַנצע זאַך באַשרייב איך צוליב איין שרעקלעכע נאַכט וואָס איך וויל דאָ שילדערן מיט דער באַגרענעצטער מענטשלעכער פעדער. מיין מורא־דיק־געטרייע מאַמע איז מיט מיר געווען די גאַנצע צייט, דורך טאָג און נאַכט. זי איז אַפילו שבת נישט געגאַנגען אין שול אַריין צום דאַווענען, אַ זאַך וואָס אַפילו מיין נישט צו פריינטלעכער טאַטע, ווי מיינע לייענער ווייסן שוין פון דעם גאַנץ רעאַליסטישן פּאָרטרעט וואָס איך האָב אין דאָזיקן בוך געשילדערט פון אים, האָט איר נישט געקענט אַפּהאַלטן... אין די שפּעט־טערדיקע שבתים, ווען די מאַמע האָט שטאַרק געבענקט צו גאָט און צו אַביסל שבתדיקע סביבה פון מתפללים אין די ווענט פון דעם שולכל, און זי האָט שוין יאָ געוואָלט גיין דאַווענען, האָב איך גאַנץ אָפן געקעמפּט מיט איר אַז זי זאָל בלייבן מיט מיר... איך האָב פּשוט מורא געהאַט צו פאַרבלייבן אַליין אין שטוב, טאָמער קריג איך אַ בלוטשטורץ... עס איז נישט קיין ליטעראַרישע גוזמא צו זאָגן אַז אין די ניין חדשים וואָס די מאַמע האָט מיט מיר געשוואַנגערט, איז זי קיינמאָל נישט געווען אַזוי שטאַרק צוזאַמען מיט מיר ווי אין דערדאָזיקער צייט... די מאַמע האָט טאָג און נאַכט מיר צוגעלעגט אייז צו די לונגען... אירע רעוומאַטיש־צעבראָכענע הענט זיינען פּשוט אויפדאָסניי צעבראָכן און פאַרפרוירן געוואָרן ביים ברעכן דאָס אייז אויף קליינע שטיקלעך... איך האָב געפילט ווי אין די פּעקלעך צעשטויסענע אייז אַרום מיין פיבערנדיקן גוף ליגן מיין מאַמעס צעדריקטע און צעשמעטערטע פינגער...

אין דער דערמאָנטער נאַכט האָב איך זיך אויפגעכאַפּט נאָענט צום באַגינען און איך האָב פּלוצלינג דערפילט אַ פול מויל מיט בלוט. איך האָב זיך, פאַרשטייט זיך, מוראדיק דערשראָקן... וואָרים אַ בלוט־שטורץ איז די אייביקע שרעק פון די קרבנות פון שווינדזוכט... אַ בלוט־שטורץ

קען אָפּטמאָל זיין פאַטאַל... מיין גוטע, קליינע מאַמע איז באַלד געווען נעבן מיר, אויסוואַקסנדיק אין איר מאַמעשער געטריישאַפט ווי אַ באַרג מיט באַשיצונג. ווי גרויס אַ זון זאָל נישט אויסוואַקסן, אַפילו ווען זיין קאָפּ זאָל ממש אָנרירן די שטערן, פאַרבלייבט ער צו אַ מאַמען תמיד דער עמבריאָן וואָס האָט זיך געוויקעלט אין דער פינצטערער פייכטקייט פון איר בלוט...

איך האָב די גאַנצע צייט געדריגעט פון שרעק. הענט און פיס האָבן זיך מיר געוואָרפן פון אַ טויטלעכן פחד באַהערשט. און איך האָב אין יענעם מאָמענט אַפילו נישט געפּרווווט אויף דאָס מינדעסטע פאַרהוילן אָדער פאַר־מאַסקירן מיין אומגעהויערע מורא פאַרן טויט. מיך דערזעענדיק אין אַזאַ וויסטן מעמד האָט די מאַמע אויפגעציטערט פאַר שרעק. דער שרייבער אין מיר האָט דאָך, אינמיטן פון מוראדיקן אַנגסט און ציטערניש, אָבסערווירט דער מאַמען. זי איז געווען פאַרגליווערט און געליימט פון שרעק. זי איז געזעסן אויף אַ קליינער טאַבורעטקע נעבן מיין בעטל, ווי נעבן איר יינגסטן זונס קבר... איך האָב געציטערט, געדריגעט מיט גאָר די ביינער פון מיין לייב, און איך האָב גלייכצייטיק געזען ווי יעדער רגע בוכשטעבלעך ווערט די מאַמע עלטער מיט יאָרהונדערטער און מיט יאָרטויזנטער... זי זעט שוין איצט אויס ווי אַ קליינער פויגל וועמען די שטורעמווינטן פון אַלע פיר זייטן פון דער וועלט האָבן אויסגעפליקט די פעדערן און וועמען רעגן, שניי און האָגל האָבן ברוטאַל געשלאָגן. יעדער איינציקער האָגל איז געווען אַן אייזערנער שטיין אויף איר קאָפּ... איך האָב געזען ווי אַזוי איך אַליין, מיט מיינע אייגענע חושכ׳דיקע הענט דערהרגע דער מאַמען מיט מיין טויט־לעכן פחד. איך האָב נישט געהאַט, צו מיין טיפער חרפה, דעם מוט איר צו טרייסטן, איר כאָטש מיט אַן אומשולדיקן וואָרט צו פאַרזיכערן אַז „איך פיל אַ ביסל בעסער". אַזאַ וואָרט, ווען עס וואָלט אַפילו זיין פאַלש און פון אַקטיאָרישן שטאַנדפונקט גאַ רשלעכט געשפּילט און שוואַך אַרויסגעזאָגט, וואָלט אויך געווען אַן ספק פאַרלייכטערט מיין מאַמעס מוראדיקע איבערלעבענישן. אָבער איך בין געווען אינגאַנצן פאַרנומען מיט זיך אַליין, מיט מיין אייגענעם לייב־און־נפש. איך האָב נישט געהאַט קיין כוח און קיין קוראַזש איר צו טרייסטן. איך האָב געלאָזן אין פאַרלויף פון דער דאָזיקער נאַכט אַלט ווערן מיין מאַמען אויף הונדערטער און טויזנטער יאָרן. דאָס אוראַלטע וואָרט „גראָ ווי אַ טויב" האָט זיך ווויל געפּאַסט אין דעם דאָזיקן מאָמענט. נאָך אַזאַ נאַכט, עס איז געווען קלאָר, האָט מיין מאַמע שוין לאַנג נישט געקענט לעבן. איך האָב געלאָזט דער מאַמען גרויזאַם אַלט ווערן נעבן מיר, ווי נעבן מיין אָפענעם קבר. זי איז געזעסן, אַן איינגעבויגענע זקנה, איבער מיר, ווי איבערן וויגעלע פון אַ ניי־געבוירן קינד וואָס איז אין דער זעלבער רגע געשטאָרבן. זי פון איר זייט איז געווען זיכער אַז איך שטאַרב אָפּ

טאָקע היינטיקע נאַכט. און זי איז אינסטינקטיוו, מיט איר גאַנץ פליש און געביין, מיטגעשטאָרבן מיט מיר...

אין וואָלקנדיקן באַגינען איז די מאַמע, ווי אַ חיה, שוווער געטראָפן פון אַ יעגערס פייל און אַן אינערלעך פּאַרבלוטיקטע, צוריקגעגאַנגען זיך אַביסל צולעגן אין איר קליינעם חדרל, וווּ דער טאַטע איז אַ שטאַרבנדיקער געלעגן צווישן פאַפירענע זיילן מיט טויטע, צאַרישע געלט... און ער האָט געזען ווי דער מלאך המות, אַ רוסישער צאַר איוואַן גראָזני, פּאַרעט זיך עפּעס אַרום זיין בעט... מיר איז אַביסל לייכטער געוואָרן. שוין דער פאַקט אַז איך בין נישט אויסגעגאַנגען אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט, האָט מיך אַ ביסל געשטאַרקט. איך אויך האָב אַוודאי איינגעדרימלט, ליגנדיק אַ נאַסער פון די ביינאַכטיקע אַנגסטן. אין בלויען דרויסן האָבן די פייגל שוין געזונגען היימלעכע פרימאָרגן־לידער. איך האָב געפילט אַז אויך אין די דאָזיקע מאָמענטן שטייט די מאַמע יעדעס מאָל אויף און קוקט אויף מיר, צו זען צי איך לעב, צי איך אָטעם...

און איך בין זיכער אַז ווען איך וואָלט חלילה געשטאָרבן אין יענעם באַגינען, וואָלט אויך מיין חיה׳שגעטרייע מאַמע געווען מיטגעשטאָרבן מיט מיר... זי וואָלט אַן אַ ציטער מיט דער ברעם און אַן אַ צאַפּל מיטן אויג געווען צוגעפאַלן צו מיר ווי אַ פעלז און אויף אייביק וואָלט זי געבליבן ליגן אַ הורג נעבן מיין פאַרשטאַרטן געביין...

יענע מוראדיקע נאַכט וועל איך אויף אייביק אַרומטראָגן אין זכרון, ווי לאַנג עס וועט מיר באַשערט זיין צו לעבן...

* * *

מיין מאַמע האָט דורך אַ גאַנץ לעבן געצונדן אירע ליכט, יעדן פרייטיק אויפדערנאַכט, ווען דער גרויסער, הייליקער שבת פלעגט אַראָפּנידערן פון הימל אויף דער ערד, אַזוי ווי אַ הערלעכער גייסט, וואָס הילט איין גאָטס־פאָרכטיק און הייליק יעדער אידנס זעל. זי פלעגט אָנצינדן די שבת׳דיקע ליכט מיט טיפן ערנסט און מיט אַ צעשטראַלטער נשמה. אומעטום, אין דער היים, אויפן דאָרף, וווּ מיר האָבן געוווינט; דורך די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין פרעמדע שטיבער, וווּ מיר האָבן געוואָגלט און געוואַנדערט, היימלאָזע און דערשלאָגענע; אומעטום, אין אַלע באַדינגונגען, האָט די מאַמע אָנגעצונדן פרייטיק צו נאַכטס די ליכט, קיינמאָל נישט ברעכנדיק די טראַ־דיציע.

די ליכטלעך זיינען געווען לויט דער צאָל פון אירע קינדער. און געצונדן האָט זי נאָר דעמאָלט מיט וויניקער אַ ליכט, ווען אַ קינד איז חלילה געשטאָרבן. דעמאָלט פלעגט די מאַמע בענטשן די ליכט מיט אַ טיף געוויין אין איר פאַרבלוטיקטן האַרצן, אַ געוויין וואָס האָט דערגרייכט צו איר פנים,

וואָס זי פלעגט שטענדיק פאַרשטעלן מיט אירע צוויי צערפּולע, אויסדרוקספולע הענט ווי צוויי געלע, הערבסטיקע בלעטער, מיט די אָדערן בלוי און בולט אויפגעצויגן, מיט יסורים און פּראַצע איינגעגראַווירט אין זיי, ווי דורך אַ גרויסן קינסטלער. פאַר די לעצטע גראָשנס האָט די מאַמע געקויפט ליכטלעך. ברויט פלעגט יאָרן לאַנג נישט זיין אין הויז. אָבער ליכט פלעגן מוזן זיין אין שטוב. ווען איך בין געווען אַ קליין אינגל, פלעג איך אָפט גיין קויפן ליכט. אַנטקעגן קויפן ליכט פאַר די לעצטע גראָשנס האָט אַפילו מיין נישט איבעריק פריינטלעכער פאָטער נישט געקענט פּראָטעסטירן.

די לעצטע צוויי־דריי יאָר, וווינענדיק מיט דער מאַמען אויף ברוק עוועניו, האָב איך זיך צוגעזען נאָענט ווי אַזוי זי צינדט ליכט אין צוויי אַלטע, זילבערנע לייכטער, וואָס זיינען אונדז איבערגעבליבן פון אַמאָליקע צייטן. דאָס איז געווען דער מאַמעס יום־טוב צום סוף פון אַ גרויער וואָך, פול מיט ליידן און האָרעוואַניע. מורא האָבנדיק פאַר אַ שרפה אין דעם אַלטן, מיט אָפּגעקרישעלטע ווענט, שטומען הויז, האָט די מאַמע זיי געהיטן דורכן גאַנצן אָוונט. זי האָט נישט פאַרלאָזן אויף קיין איינציקע רגע די שטוב, אַפילו אין מורא׳דיקע זומערדיקע היצן. אין שיין פון די ציטערנדיקע און צאַנקענדיקע ליכט, פלעג איך זען ווי אַזוי אַ זייער אַלטע פרוי זיצט אין אַ ווינקל, מיד און טרויעריק, אַוועקגעוואָרפן אויף אַ הילצערנע טאַבורעטקע. אין אירע געלע, פאַרוויאַנעטע הענט דאָס צעבראָכענע סידור, וועמענס בלעטלעך די מאַמע האָט אויסגעלייענט, אויסגעזאָגט און אויסגעדאַוונט טויזנטער מאָל און יעדעס אות אויסגעוויינט מיט אירע אַלטע אויגן. די טריפנדיקע ליכט פרעגן ציטערן אין דער טונקלקייט פון חדר און זיי פלעגן מאַכן ציטערן איר אויסגעמאַטערטן גוף, איר אומעטיקן פּנים. דאָ זיצט אַן אַלטע אידישע מאַמע, דורכן לעבן שווער געשלאָגן און פאַרפּייניקט. קיין שום רעזשיסאָר איז קיינמאָל נישט אימשטאַנד צו גרימירן אַזאַ טראַגישע מאַסקע, אַזוי נאַטירלעך דורכן לעבן געקנאָטן און סקולפּטירט.

און ווען די שבתדיקע ליכט פלעגן אויסגיין, זיך איינציקווייז אויסלעשן ווי די שטערן אויפן הימל אין באַגינען, פלעג איך זען אין דער פינצטערניש פון שטוב מיין מאַמען, אַזוי ווי אַ שאָטן, פאַרשווינדן ווערן אין דער נאַכט. זיך פאַרלעשן צוזאַמען מיטן ליכט. אָבער מיטאַמאָל נעמט זיך דער שאָטן באַוועגן. די מאַמע גייט צו צום פענצטער און קוקט אַרויס צו דער גאַס. זי קוקט ווי אַזוי די קינדער שפּילן זיך. ווי עס באַקעגענען זיך אויף ברוק עוועניו, ביי טשאַרלי׳ס ווורשט־ און לעמאָנאַדע־קרעמל, די מיידלעך און אינגלעך. זי קוקט צו די אַלטע, גרייז־גרויע שטערן אין פינצטערן הימל, וואָס זיינען נאָך געווען אַלט מיט טויזנטער און מיליאָנען יאָרן פאַר איר געבורט, פאַרן געבורט פון אירע אורעלטערן. וואָס זיינען שוין געווען

אַלט מיליאָנען יאָרן פאַרן געבורט פון אָדם און פון חוה׳ן, ווען די שלאַנג האָט צוגערעדט צו דער זינד...

אַזוי זיצט זי, מיין גוטע מאַמע, ביים נידעריקן פענצטער און קוקט אַרויס אין דער גאַס אַריין. קוקט אַריין אין דער נאַכט מיט טרויעריקע אויגן. זי זעט די קינדער. זי זעט איר אייגענע קינדהייט. אָט זיינען אירע עלטערן, ווען זי האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט. און אָט זיינען די ווייטע זיידעס און באָבעס. זי זעט זיי אַלע. אַלע דורות פון אידישן פאָלק. דאָס איז אַ שטאָלצער מאַרש, פול מיט קידוש השם און אייזערנעם עקשנות, דורך דער אייביקייט... — — —

אָבער אַנדערש איז געווען דאָס ערב שבת׳דיקע ליכט־צינדן פון מיין מוטער אין דעם מושב זקנים, אויף סעקאָנד עוועניו. אין איינעם אַ פּרייטיק צו נאַכטס האָב איך באַזוכט מיין מאַמען. און איך געדענק איצט: אויף ריזיקע בלעכן פלעגן די אַלטע פרויען צוגיין און אָנצינדן מיט געלע, דינע הענט זייערע אָרעמע ליכטלעך. ביי אַ סך פרויען פלעגן די ליכט אַרויספאַלן פון זייערע אַלטע, ציטערנדיקע הענט. פילע זקנות פלעגן שטיין פאַר די ליכט, זיי טרויעריק באַטראַכטן, אַזוי ווי זיי וואָלטן וועלן זאָגן:

— דאָס לעבן איז אַזוי שנעל פאַרבייגעגאַנגען. עס איז געווען אַ חלום. ווו איז אַהינגעקומען דאָס פאַרגאַנגענע לעבן? כאָטש די טעג און די נעכט זיינען געווען אויסגעפילט מיט יסורים, דאָך איז עס אַן שאָד. מיר זיינען געווען אין אונדזערע אייגענע הייזער, אַזוי ווי די קעניגינס, און איצט?!...

פילע ליכטלעך אויף די אָנגעגליטע בלעכן פלעגן אומפאַלן און צע־שמאָלצן ווערן. פילע ליכטלעך, וואָס זיינען לכתחילה נאַכלעסיק און אָן שום מוט געצונדן געוואָרן פון די אַלטע פרויען, האָבן זיך אויסגעבויגן און זיינען באַלד פאַרלאָשן געוואָרן. אין דעם ברענען, צאַנקען און אויסגיין פון די ליכט האָט מען געקענט לייענען די געשיכטע פון די מענטשן, דאָס לעבן פון די אומגליקלעכע.

אָבער, די איינציקע איז געווען מיין מאַמע וואָס פלעגט צוגיין צום מיט חלב פאַרטריפטן, הילצערנעם טיש, צו די פאַרטריפטע בלעכן, מיט ערנסט־קייט און מיט פאַרכט אויף איר דינעם פנים, וואָס איז געווען קלאָר געוואַשן. זי האָט נאָך געטראָגן דאָס געלע, טרוקענע שייטל, אַ פאַרוויאַנעטס פון אַ סך יאָרן טראָגן עס. די האָר פונם שייטל האָבן נישט געהאַט קיין גלאַנץ און קיין לעבן, ווייל עס האָט נישט געהאַט פון וואַנען צו ציען יניקה. די מאַמע פלעגט אָנצינדן מיט גרויס ווירדע צוויי קליינע ליכטלעך. (אַ קול אין מיר האָט געפרעגט: ווו איז די אילומינאַציע ליכט פון אַמאָל, וואָס האָבן קעניגלעך געברענט אין די שטאָלצע זילבערנע לייכטער?) אָבער די צוויי ליכט האָבן די גאַנצע צייט געברענט אָן אַן איינציקן ציטער צו טאָן. מיין

מאַמע, אויס געוווינהייט שוין, ווי אין איר אייגענער שטוב, פלעגט זיי היטן דורך דער גאַנצער צייט. איצט האָט די מאַמע געהיטן נישט בלויז אירע אייגענע, נאָר אַלעמענס ליכט. זי פלעגט היטן אַ גאַנצע גרויסע אילומי־נאַציע מיט ברענענדיקע ליכט. זי איז געווען אַלעמענס מליץ יושר. ווי געזאָגט: די פרויען פלעגן קומען, אָנצינדן די ליכט און באַלד אַוועקשאַרן זיך, יעדער אין זיין ווינקל, מידע פונם לאַנגן טאָג און מידע פונם לעבן. פלעגט אומפּאַלן עמעצנס אַ ליכט, פלעגט מיין מוטער עס באַלד אויפהייבן, עס ווידער אָנצינדן. אַלע ליכט האָבן געמוזט ברענען און זיך איינגאַנצן אויסברענען. זי האָט די אילומינאַציע פאַראייגנט. געמאַכט ווי איר אייגענעם ליכט־צינדן, פאַר אירע אייגענע קינדער, פאַר אַלעמענס אידישע קינדער. און אַזוי, ביז שפּעט אין דער נאַכט, פלעגט די מאַמע זיצן, אַזוי ווי די מוטער רחל, אין גאָלדענעם שיין פון די פילע ליכט. פלעגט זי שטיין ביים קליינעם וואַלד פון חלבנע ליכט פון די אַלטע פרויען, און באַלויכטן ווערן אַזוי ווי ביי רעמבראַנדטן ווערט די אַלטע פרוי באַלויכטן פון אַ געהיימניש־פול ליכט, וואָס טריפט נישט פון קיין שום ערגעץ — נאָר פונם האַרצן פון דעם גרויסן קינסטלער. און איך האָב גוט באַטראַכט מיין מאַמען: אַזוי ווי אַ געטלעך ליכט האָט פון איר אינערלעך אַרויסגעלויכטן. און אין איינזאַמקייט פון מושב זקנים, אין טיפער געפאַלנקייט, צווישן אַלערליי ווייבער וואָס זיינען קראַנק און אָפּט אויך וואַנזיניק און ווי מיט קיזלשטיינער געשלאָגן פון דער עלטער — דערהייבט זי זיך צו אַ העכערן באַנעמען פונם לעבן, שלום מאַכנדיק מיט איר גורל. פאַרלירנדיק די פאַרהעלטנישמעסיקע געמיטלעכ־קייט פון אַן אייגענער פאַמיליע, פון זיין תמיד אַ באַלעבאָסטע פון אַן אייגענער שטוב, ווערן איצט אַלע אַלטע פרויען אירע הייליקע און געשלאָגענע שוועסטערן. און, ווי אין אַ גרויסן טעמפּל, זיצט זי, די גרויסאַרטיקע פּריס־טערין, פון די יסורים און פון חרפה געלייטערט און געהייליקט, זיצט זי נעבן די אוצרות פון פלאַמען, וואָס שטייגן דאָ אַרויס פון פילע ליכט — סימבאָלן פון אַ סך גורלות, פון אַ סך טראַגישע לעבנס. און זי היט זיי אָפּ, די הייליקע ליכט, מיט גרויס ערפורכט אין איר האַרצן. און ווען די ליכט לעשן זיך ענדלעך אויס, בלייבט זי זיצן בלייך און לעבלאָז אין דער טונקל־קייט, אַזוי ווי פאַרלירנדיק דעם שבת׳דיק־דערהויבענעם גייסט אין איר האַרצן. אַזוי ווי דאָס ליכט וואָלט זיין איר לעבן, איר אָטעם, איר נשמה. און ביי די אויסגייענדיקע, ביי די צאַנקענדיקע ליכט, זיצט איצט אַן אַלטע פרוי, שיעור נישט אַ סקעלעט, זיצט רחל, מיין מוטער, ווי די מוטער רחל פון אידישן פאָלק, די הערלעכע, די בלייכע און די שלאַנקע מוטער רחל, מיט טרערנפולע אויגן, מיט אַ ביסל צעלאָזטע האָר פון איר געלן שייטל, אַזוי ווי אַ פעלד אין הערבסט. אַזוי ווי די פרי־אַלט־געוואָרענע, די יונג־

פאַרשטאַרבענע העלדינע פון אונדזער אוראַלטן, טייערן ספר — דעם תנך...

און ווען אַלע ליכט זיינען פאַרלאָשן, גייט דעמאָלט אַ טונקעלע און אַ געבויגענע מיין מאַמע אַוועק צו איר אייזערנעם בעטל, צו דער פולער, וואַקסענער לבנה וואָס לויכט אינם פענצטער מיט פרומקייט, צו די פרויען־שאָטנס אין די ווינקלען, צו דער גרויער און מורא׳דיקער נאַכט פון יסורים אין אַ מושב זקנים... צו דער פינצטערניש פון איר לעבן אויף די אַלטע יאָרן אירע...

יאָ, ליכט־צינדן איז געווען מיין מאַמעס יום־טוב. איר קונסט, איר דראַמע. מען קען אַפילו דרייסט זאָגן: איר איינציקע פרייד און אויפלויכט אין לעבן. אין ליכט־צינדן איז זי געווען די אַקטריסע, די דיכטערין, די געקרוינטע פון גאָט. דאָס פאַרהעלטנישמעסיק קורצע ספּעקטאַקל פון ערב שבת׳דיקן ליכט צינדן זיינען געווען די איינציקע זעלטענע מאָמענטן אין איר לעבן ווען זי איז געווען פריי פונם וואָכעדיקן יאָך און האָט זיך זעלבסט אויסגעדריקט. עס איז געווען דאָס איינציקע ביסל זון אין איר פאַרחושכט לעבן. דאָ האָט זי געחלומט און געיומטובט. דאָ האָט זי געטראַכט פון די גיגאַנטישע ליכט אין די גאָלדענע מנורות פונם בית המקדש. דאָ האָט זי באַנומען די פייערלעכקייט פונם כסא הכבוד. די געוואַלטיקע הימלישע סביבה פון רבונו של עולם, ווי די נביאים האָבן געזען אין פייער און פלאַמען. און אַזוי ווי אַ שמעטערלינג, אַזוי ווי אַ העליאָטראָפּיש פליגעלע, וואָס טוליעט זיך אין דער נאַכט צום גרויסן לאָמפּ אינמיטן שטוב, האָט די מאַמע זיך געטוליעט צום ציטערנדיקן גאָלד־פלאַם פון די ליכט, וואָס האָבן אַרום איר קאָפּ געשאַפן אַן אָרעאָל, ווי אַרום אַ הייליקער. זי האָט צו גוט געוווּסט אַז אַביסל ווייטער פון די טריפנדיקע ליכט איז בלויז הוילע פינצטערניש. פאַר אָט דער פינצטערניש, וואָס האָט איר גאַנץ לעבן אַרומגענומען, האָט זי זיך געשראָקן... און דאָס פייער פון די הייליקע ליכטלעך האָבן געשאַפן און אַקצענטירט נאָך מער די טרויעריקע און די פינצטערע שאָטנס אַרום... די מאַמע איז אַנטלאָפן פון די שאָטנס... זי האָט ווויל געוווּסט אַז ווען די ליכט וועלן זיך אויסלעשן, וועט זי בלייבן אַן איינגעהילטע אין דיקער פינצטערניש. די שאָטנס וועלן איר באַפאַלן, אַזוי ווי מורא׳דיקע גייסטער...

און דערפאַר האָט זי זיך אַזוי שטאַרק געטוליעט צו די ליכט, ווי עס וואָלט איר תמיד זיין שרעקלעך קאַלט אין די ביינער אירע. און אין דער קורצער ווײַלע פון העלער ליכט־ברענעניש איז זי געווען צעלויכטן און האָט געהאַט אַ וווּנדערלעך־זיסן, אַ גליקזעלישן שמייכל אויף איר זייער איידעלן, דין־געשניצטן פּנים...

* * *

און איצט, אין דער ניו יאָרקער קאַפעטעריע, אין דער נאַכט פון דער

מאַמעס ליגן אַ טויטע, אַ געשטאָרבענע אינם „פיונעראַל היים", ווו עס איז מיט עטלעכע יאָר צוריק געלעגן דער אויסגעמאַטערטער גוף פון מיין טאַטן — גייט מיר דאָס אַלץ לעבעדיק און פּלאַסטיש אַנטקעגן... סצענע נאָך סצענע עפנט זיך... קלאָר אַזוי ווי עס וואָלט ערשט נעכטן געשען... און בשעת דער היסטאָריקער גרשום באַדער רעדט וועגן היסטאָריע פון די אידן אין פּוילן און די אַנדערע שרייבער רעדן וועגן די געוויינלעכע פּראָבלעמען פון ליטעראַטור און קונסט — זיץ איך טיף פאַרזונקען אין מיינע אומעטיקע מחשבות. עפּעס זע איך די אייטלקייט און די נישטיקייט פון אַלע ווערטער... אַ שיין פון אייביקייט באַלויכט אַלע ווערטן... און דאָס וואָס עס האָט אַן אייביקע באַדייטונג בלייבט שטיין מעכטיק און מאָנומענטאַל, פון דער זון פון אייביקייט באַלויכטן... בשעת די מערסטע פּסיידאָ־שאַפונגען ווערן דין און פאַרגענגלעך אַזוי ווי שפּינגעוועבס... איך זיץ אַן איינזאַמער צווישן אַזוי פיל מענטשן און איך הער דעם פינצטערן יאָמער פון דער מאַמעס טויטע ביינער אַזוי ווי אַ רוישן פון פילע ימים... קיין שום וואָרט און קיין שום ווינט פון מענטשן און פון זייערע רייד איז נישט אימשטאַנד צו פאַרטויבן דעם טויט־יאָמער וואָס שפּאַרט צו מיר אַדורך דורך אַלע פינצטערע גאַסן פון דער מאַמעס אָרעמען, וויינענדיקן גוף, אַ גוף וואָס האָ טגעוווסט פון פיל, פיל מער תעניתים ווי טעג פון קאַרגער זעטיקייט... וואָרים מיין מאַמע האָט אין פאַרלויף פון אַ סך יאָרן געפאַסט יעדער אַנדערן טאָג... און אין די טעג פון איר פאַסטן איז געווען אַ געט־לעכער, אַ גליקזעליקער שמייכל צעגאָסן ווי אַ געהיימניספול ליכט פון גאָט איבער איר צאַרטן, איידעלן און אַסקעטישן פּנים... אַזאַ ליכט האָט גיכער, ווי געזאָגט, געלויכטן אויף איר אין די תעניתים־טעג ווי אין די טעג פון איר מכלומרשטיקער זעטיקייט...

* * *

בין איך געשלאָפן? האָב איך אַ גאַנצע נאַכט בלויז געוואַכט און גע־לייענט דעם דאַזיקן באַרג מיט ספרים, וואָס ליגט צעוואָרפן אַרום מיר? דאָס עלעקטרישע ליכט איז געבליבן ברענען אין מיין חדר. און עס בלויערט שוין אויסערגעוויינלעך איידל דער טאָג. די פייגל זינגען נישט. זיי יאָמערן. ווען איך האָבן מוט דורכצוגיין דעם דאָזיקן מורא׳דיקן טאָג? וועל איך קענען פּשוט צוזען ווי אַזוי מיין מאַמע ווערט באַגראָבן? וועל איך אימשטאַנד זיין צו קוקן ווי אַזוי מען לעגט אַריין אין דר׳ערד אַריין דאָס שטומע געביין פון מיין אָרעמער מאַמען? מיך פּייניקט אַ שרעקלעכער רחמנות צו מיין וווּנדערלעכער מאַמען. מיך נעמט אַרום אַ טיף מיטלייד צו דער פרוי וואָס האָט אַזוי פיל געליטן און אַזוי וויניק, אַזוי אויסטערליש וויניק זיך קיינמאָל

נישט באַקלאָגט אויף איר שיקזאַל. אַזוי וווּנדערלעך נישט באַקלאָגט זיך פֿאַר גאָט!

דער טאָג ווערט אַלץ בלויער, אַלץ רעאַליסטישער, אַלץ ברוטאַלער. שטיקער זיידענע נאַכט טרעטן אָפּ פֿאַר דער ניכטערקייט פֿון טאָג. און דער דאָזיקער טאָג דערנענטערט מיך מיט אַ פֿאַטאַלער קראַפֿט צו עפּעס מורא־דיקעס וואָס עס גייט באַלד געשען. צו עפּעס וואָס איז גרויזאַם און אומ־פֿאַרשעמט און באַליידיקנדיק. קינדער גייען באַגראָבן זייער אייגענער מאַמען. קינדער, וואָס זיינען געווען אומבאַהאָלפֿן ביי אירע בריסט אַזוי ווי די ווערם — גייען איצט באַרבאַריש אַרונטערלאָזן זייער מאַמען אין דר׳ערד אַריין, צו די ווערם...

אָבער, איך מוטיק זיך, איך שטאַרק זיך, איך גורט אָן די לענדן מיט אַן אייזערנעם גאַרטל, איך גרייט זיך צו גייסטיק. איך טו זיך אָן די קליידער אין דער טונקלקייט. אין דער טונקלקייט האָבן די קליידער איין גרויע פֿאַרב. איך וואַש זיך אַרום דאָס לייב מיט אייז־קאַלטע וואַסער. מיינע הענט וואָס וואַשן מיך, זיינען מיר פֿרעמד. עפּעס אַזעלכע קאַלטע, פֿרעמדע מענטשנ־הענט. ווי די מורא׳דיקע הענט וואָס וועלן מיך וואַשן נאָך מיין שטאַרבן. ווי די הענט וואָס האָבן מיך געוואַשן ביי מיין געבורט. איך טרינק אויס אַן אייזערנע טעפּל מיט מילך. שוין פֿילט זיך אין דרויסן דער אָנפֿאַנג פֿון אַ טיפּישער שטיקנדיקער ניו־יאָרקישער היץ. אויפֿן קאַלענדאַר שטייט דאָס בלאַט: אַכטער יולי פֿון יאָר 1942. דער טאָג ברעכט אויס ווי אַ שטורעם איבער די גאַסן. אָט איז שוין גרויסער טאָג. דאָס ליכט דעקט אומפֿאַרשעמט אַלץ אָפּ וואָס די נאַכט האָט געהאַלטן אין זיך פֿאַרבאָרגן. האָט שטום און קאַלט געהאַלטן פֿאַרהוילן אונטער אירע בלויע פֿליגל. עס דעקט איצט אַלץ פֿרעך און ציניש אָפּ. עס אַנטבלויזט אַלע נאַקעטקייטן...

שוין געפֿין איך זיך אינם אָמניבוס. אַ סך מענטשן פֿאָרן צו דער אַרבעט. עס פֿאָרן מערסטנס די איטאַליענישע באַפֿעלקערונג, וואָס וווינט אין די אַרומיקע גאַסן. מען פֿילט דעם ריח פֿון שווייסיקע לייבער. אויף די פּנימער פֿון יונגע פֿרויען וואַכן נאָך שטיקער צאַרטער חלום פֿון ליבע. מיר דאַכט אַז איך האָב זיי געזען אַלע ביים ברעג פֿון ים. אין ברייטאָן ביטש. אין קוני איילאַנד. אין די ראַקאַוויים. עס איז נאָך פֿריש אויף זיי דער מעכטיקער שפּריץ פֿון ים. דאָס געזאַלצענע שמייסן פֿון די גרוי־שטאָלערנע כוואַליעס אויף זייערע פּלייצעס. די קושן פֿון געליבטע אויף זייערע פֿריש־און־אינ־איילעניש־געזרוזשטע ליפּן. איך קריג ליב די דאָזיקע פֿרויען און די דאָזיקע גאַסן. איך טראַכט: ווען איך וועל זיין ווייט פֿון ניו יאָרק, וועל איך בענקען נאָך זיי. מענטשן און גאַסן ניו־יאָרקישע ווערן מיר ליב און היימיש...

אין אַ ווינקל זיצט אַ קליינע איטאַליענישע מיידל מיט בלומען אין די

האָר. איך דערמאָן זיך עפּעס: עס איז געווען אין דער נאַכט פון ניי־יאָר. אין דעם טומל פון שיכורים. אין דעם שטורעם פון קאַרנאַוואַלישע פּנימער. אין דער אָנגעגליטער אַטמאָספערע פון ווילדע לײדנשאַפטן. אין דעם רעגן פון טרערן אויף אָפּגעבלאַקירטע פּנימער. אין דעם פרעכן געלעכטער פון צינישע מאַסקעס. פּלוצלינג שטעלט מיך אָפּ אויפן גאַס אַ קליינע מיידל. זי פרעגט מיך ווו עס איז דאָ דער פּיונעראַל־פּאַרלאָר... איר מאַמע איז געשטאָרבן. און זי איז אינגאַנצן אַליין. די מאַמע ליגט אַזאַ איינזאַמע אין איר לעצטער וווינונג. און זי איז אַרויסגעגאַנגען אין דער ניי־יאָר־נאַכט צו זוכן דעם באַגראָבער און צו זוכן דעם טרומנע־מאַכער. און איצט, מיר דאַכט זיך, זע איך דאָס קליינע איטאַליענישע מיידל. זי פּאַרט צו דער אַרבעט. זי קוקט מיך גוט אָן. יאָ, זי האָט מיך דערקענט...

— קליינע און טייערע בעאַטריטשע! אויך מיין מאַמע איז געשטאָרבן... און איך פאָר איצט צום פּיונעראַל־מאַן... איך פאָר צום באַגראָבן ווערן פון מיין מוטער. ווי געמיין און ווי כוליגאַניש איך בין! און אפשר זע איך נישט אויס ערגער ווי די אַנדערע. זיי פאָרן מיט אַ באַשטימטן ציל... און אויך איך: איך גיי באַגראָבן מיין מאַמען אין אַ גרויען, ניו־יאָרקישן יולי־פרימאָרגן... און אַלע מיינע ביינער ציטערן מיט אַ גרויס ציטערניש אין מיין פלייש...

איך שטעל זיך אָפּ אין אַ סאַלון. איך טרינק אַריין אין זיך שווערע קופלעס ביר. מיר דאַכט: ס׳איז דער ביר פון מיינע עלטערנס קרעטשמע, וואָס קורסירט אין אונדזער היימישן פאַמיליענפאָלקלאָר. איך געדענק ווי די מאַמע פלעגט דערציילן ווי אין קרעטשמע קומען אינמיטן נאַכט דער פריץ מיט זיינע מענטשן. זיי טרינקען און זיי הוליען ביז טאָג. צום סוף צעברעכן זיי אַלע קופלעס. עס ווערט אַ באַרג מיט גרינע גלאָז אין דער קרעטשמע. דער פריץ און זיינע מענטשן זיינען טויט־שיכור. זייערע הענט זיינען פאַרבלוטיקט פון די צעבראָכענע גלעזער. אין דרויסן שטייט אַ גרויסע לבנה ווי אַ ריזיקע ראָד פון אַ וואָגן. אינם ראָד איז איינגעפּאַסט אַ מענטש־לעך פּנים מיט פלעקן...

אין סאַלון זיצן שיכורים. עס איז די אַטמאָספערע פון וואַן גאָג׳ס געמאָלטער קאַפע. די אייביקע שיכורים און אַפּאַטישע מענטשן־פּנימער. און שיכורע פּראָסטיטוטקעס, נאָך שיכור פון נעכטן ביינאַכט, פון היינטיקן באַ־גינען. עס איז שוין ניין אַ זייגער מיט דרייסיק מינוט אין דער פרי... עס איז פּונקט די שטונדע ווען איר לויה איז אַנאָנסירט. וועלכע מערדער־לעכע שטונדע! איך זע אַ באַקאַנטן איד: מיין ברודער יעקב זוכט מיך אַרום אין די גאַסן. ער איז איינער פון מיין מאַמעס פערצן קינדער. דער־זעענדיק מיך, מיטן קופּעל ביר אין דער האַנט, בייזערט ער זיך פאַרוואָס

איך האָב פּאַרשפּעטיקט... איך בין דאָ, הייסט עס, אַ וויכטיקער חתן. אַ צד אין דער משפּחה... אַ מיטגליד פון דער טרויעריקער פּייערלעכקייט. אַן אָנטיילנעמער אין דעם באַנקעט פון טויט. מען צווינגט מיך צו באַגראָבן מיין מוטער. איך מוז באַגראָבן מיין מאַמען. איך מוז טאָן מיין „רעכט" מ׳שטיינסגעזאָגט און מיין הייליקע „פליכט". איך מוז געבוירן ווערן פון איר טראַכט. איך מוז זויגן אירע בריסט. דאָס בלוט פון אירע ביינער. איך מוז אין אַ שטורעמדיקער נאַכט פאַרפּלאַנצט ווערן אין אירע טיפענישן. איך מוז וואַקסן און שפּראָצן אין איר מוטערלייב ניין חדשים לאַנג. טאָג און נאַכט מוז איך אין איר זיין און ווינען אין איר בלוט. און איצט איז געקומען די צייט: איך מוז באַגראָבן מיין מאַמען. ווי ברוטאַל איז דאָס דאָזיקע אַרויפצווינגעניש אויף מיר!

איך קוק אָן מיין ברודער יעקב. איך דערקען אים ממש נישט. עס איז האַרט ווי אייזן זיין באָרד. עס וואַקסט אויף אים אַן אייזערנע באָרד. דאָס מעסער האָט אים היינטיקן פרימאָרגן נישט אָפּגעגאָלט. ער איז מיר מורא׳דיק נאָענט און פרעמד. מיר זיינען ביידע, אַזוי ווי יעקב און עשיו, צוזאַמען געלעגן אין דערזעלבער בלוטיקער טראַכט פון דער מאַמען. עס איז עפּעס אכזריותדיק זיין אויסזען. עס איז קענטיק אין אים דאָס אויסליגן מיט אַ הונדערט ווייבער אין דער וועלט. אין טונקעלע פאָרטן, אין פאַר־דעכטיקטע גאַסן, אין די הורנווועלדער פון דער וועלט...

שיכורערהייט גיי איך מיט מיין ברודער יעקב אין דעם פיונעראַל־פּאַרלאָר. עס זיינען שוין פאַרזאַמלט אַ סך מענטשן אין דער טונקעלער, זשאַלאָבנער אַטמאָספערע פון פּאַרלאָר. פאַרן אָרון ליגט מיין מוטער — אין אַ שוואַרץ־איבערגעדעקטן קאַסטן. עס וויינט איר טויט לייב אין דער טרונע. צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן קען איך נישט צוגיין צו דער מאַמען און זי פרעגן ווי אַזוי זי פילט דעם היינטיקן פרימאָרגן. עס זיינען דאָ פאַראַן: מיין שוועסטער מירעלע, וואָס וויינט זייער אַ סך און שטעלט יעדעס מאָל פלוצלינג אָפּ איר געוויין כדי צו רעדן מכלומרשט „זאַכלעך", אַז מיר האָבן נישט מער קיין מוטער און אַז זי האָט זיך אַליין פאַראורזאַכט דעם טויט. עס שמעקט פון מיין שוועסטער מיט טרערן און מיט ווייבלעכן שווייס. מיר דאַכט אַז מיין מאַמע לעבט איצט אין מיין שוועסטערס ווייבלעכן גוף. אין מיין שוועסטערס לעבן שטייט די מאַמע אויף תחית המתים. מיין שוועסטער וועט אַפילו ווייטער הנאה האָבן פון דעם פאַרשאָלטענעם יאָמער אין אירע גלידער. פון דעם טרויער אין דעם איינזאַמען חוה׳ס פלייש אירן... בשעת די שוועסטער מירעלע רעדט ווי פון אַ תחינה אַרויס, ווי מיט אַ בוימלדיקן לשון, קוק איך אויפן גרויסן ספר וואָס ליגט נעבן דער מאַמעס קאַסטן. פון האַלץ דאָס באַפליגלטע טויטנפּנים יאָמערט. די הילצערנע, האַניק־

ברוינע פליגל ממש שמעלצן. דורך שפּאַרונעס פון די פענצטער שפּארן אַריין שטיקלעך געלייטערטע גאָלד פון דער דרויסנדיקער זון, וואָס צעלעגט זיך איבער אַלעמענס געלע, וואַקסענע פּנימער...

עס איז דאָ מיין ברודער שלמה, פון דער שטאָט שיקאַגאָ, אַן עלע־גאַנטער און נעטער יונגערמאַן, וואָס האָט זיך געטראָגן אַ גאַנצע נאַכט קיין ניו יאָרק מיט דעם עראָפּלאַן. ער איז געווען הויך ביי די וואָלקנס. ער שמעקט פון דער מאָדנער אַדיסעע מיט שטיקער גרויע הימל און מיט שטיקער פינצטערע נאַכט. זיינע נאַקטורנע איבערלעבענישן קען מען לייענען אויף זיין פּנים. ער טראָגט אויפן קאָפּ אַ יאַמעלקע, כדי זי אויסצוטאָן אַזוי שנעל ווי די „צערעמאָניעס" וועלן זיך ענדיקן. מיט אים, קען מען דרייסט זאָגן, האָב איך געפּאַשעט אויפן היימישן פעלד אונדזערע קי און אונדזערע שעפּסן. מיט אים האָב איך געקליבן יאַגדעס אין פּוילישן וואַלד. אין וואַלד פון ייִנגלערישע שרעק און נאַציאָנאַלן פּחד. זשיוויצע האָט זיך געגאָסן ווי האָניק פון די בוימער. גרזשיבעס לויכטן צווישן די קזשאקעס. איך הער נאָך איצט ווי די קוקאָווקע זינגט אומעטיק צווישן די צווייגן. די וואַלדישקייט שמעקט פאַרשיכורנדיק מיט ווונדערלעכן וויין און מעד...

און אָט איז מיין ברודער וואָליע, דער עלטסטער זון, וואָס איז פון זיינע יינגסטע יאָרן אָן דער פּראָפּעסיאָנעלער סוחר. דער בכור לויפט דאָ אַרום פון מענטש צו מענטש, אַזוי ווי די לויה וואָלט אויך זיין אַ מין „ביזנעס". ער איז דער ערשטער אַרויסגעגאַנגען אין אַ נאַכט פון דער מאַמעס פאַר־בלוטיקטער טראַכט. ער איז דער בכור, דער ערשטער מאַן פון אירע זין. ער האָט געזען דער מאַמען ווען זי איז נאָך געווען יונג און שיין. ער איז דער אָנפאַנג פון איר מוטערלעכער קאַריערע. מיט אים האָט זיך אָנגעהויבן דער לאַנגער און יסורימדיקער וועג פון אַ פרוי, צו שוואַנגערן אין ביטערער אָרעמקייט מיט פערצן קינדער... און ער וועט זיין דאָס זעקסטע קינד פון דער משפחה זיך צו לעגן אין דער ערד נעבן איר קבר צוזאַמען מיט זיין פרוי טילליע...

און אָט איז אויך דאָ פאַרזאַמלט מיין שוואָגער עוזר וואָס האָט דורך דער גאַנצער נאַכט געאַרבעט אַ טאָפּעלע שיכט אין דער בעקעריי, כדי צו קענען קומען דאָ אַהער און צו געבן זיין שוויגער די לעצטע פליכטן... עס לוינט זיך דאָך אָפּצורייסן אַ ביסל צייט פאַר אַ לוויה, ווען מען באַרעכנט אַז מיליאָנען יאָרן וועט מען זיין פריי פון דעם דאָזיקן מענטש... און מען וועט מער נישט באַלעסטיקט ווערן פון אים... אין מיין שוואָגערס אויגן גליט נאָך דאָס לעבעדיקע פייער פונם באַק־אויוון. ער שמעקט מיטן באַטעמטן געבעקס. ער שמעקט אָנגענעם מיט צימערינג און מיט געלן צוקער. אויף זיינע מאָזאָליעס איז פאַרבליבן דאָס מעל און דאָס טייג פון דער

ראַשציניע. אפשר זיינען דאָ אויך אַנוועזנדיק די נשמות פון זיינע אַלטע טאַטע־מאַמע — טיפּישע פּישערלייט פון גאַלאַמב...

עס איז דאָ אויך אַנוועזנדיק יעקב׳ס ווייב, פּעי, וואָס איצט האָט זי אַן אידעאַלע ווייבלעכע געלעגנהייט צו וויינען אויפן טויט פון איר אייגענער מאַמען, וואָס איז געשטאָרבן מיט בלויז איין יאָר צוריק. דו קוקסט אויף איר ריזיקער געשטאַלט און דו ווייסט באמת נישט אויף וועמענס טויט זי וויינט. אפשר אויף איר אייגענעם שטאַרבן. וואָרים זי וועט זיין די ערשטע שנור זיך צו לעגן אין דר׳ערד אַריין מיט איר שוויגער. אין איר קול מישן זיך אויס אַ סך מענטשלעכע יאָמערן. די פּרוי קען וויינען. זי איז געענדיקטע מייסטערין פון יאָמער. זי גייט אַרויס פון אַלע אירע יאָמערן און יללות אַ וווּנדערלעך־דערפרישטע, ווי די געצין אַפּראָדיטע פון ימיקן שוים. תאווה שטראַלט אויף האָניק־שווער אין אירע גלידער. עס איז גוט צו וויינען אויפן טויט פון אַ מאַמען און עס איז גוט זיך צו טוליען אין פּאַסיע צום מאַן אינמיטן פינצטערע נאַכט. איר טאַטע האָט זיך געהאַנגען אין איינעם אַ גרויען באַ־גינען און מיין ברודער יעקב דער באַרבער האָט אים אָפּגעשניטן פון דער תליה אַ פאַרשטייפטן. זיין גוף איז געווען האַרט ווי פּעלז. ס׳איז נישט מער געווען זיין שווער — נאָר אַ ווילד־פרעמדער, געפרוירענער איד. מיט אַ געלער, פאַרשטיינערטער באָרד. מיין ברודער יעקב דעם באַרבערס גאָלמעסער האָט נישט געוואָלט „נעמען״ זיין באָרד. זיין גאָמבע איז געווען ווי אַ האַרטער קיזלשטיין. ער האָט געוואָלט קומען פאַר גאָט מיט אַ שטיק באָרד־שפּראָץ אויף זיין פּנים... אַזוי דערציילט וויציק מיין ברודער יעקב דער באַרבער ביי דער געוויינלעכער פאַמיליענפאַרזאַמלונג...

אין יענעם פאַרנאַכט האָט דער הימל זיך אומהיימלעך רויט צעשרפהט און פון די פענצטער פון הימל איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן אַ מחנה ווילדע וואָיענדיקע ווינטן און זיי האָבן געיאָגט איבער דער ערד מיט ווינטער־דיקער אומהיימלעכקייט... דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען צוליב איינעם אַ געהאָנגענעם בראָנקסער איד...

עס איז דאָ אויך פאַראַן פלאָרענס, מיין ברודער פּיניעס ווייב, פון טשערנאָוויץ, בעסאַראַביע. אַן אויסגעשלייערטע אין איר שענסטן קלייד, נאָך פון בוענאָס איירעס, אַזוי ווי צו אַן אָוונטיקער פּאַרטי... רייך דעקאָרירט, אַזוי ווי אַ ביליקע שאַנסאָנעטקע, און רייך גרימירט דאָס אָפּגעבלאָקירטע פּנים. איר האַלדז, וואָס קען שוין ציילן אַ סך טיפע קנייטשן, איז דע־קאָרירט מיט אַ שנירל געלע, האָניקדיק־גלאַנציקע טורקאָזן. די מיאוסע און פאַרקרימטע פינגער פון די הענט — אַרעסטירטע און דיקע, גאָלדענע רינגען — אין געשוואָלענעם גאָלד, מיט גרויסע, שווערע פעלזיקע שטיינער. זי שמעקט מיט ביליקן, רייצנדיקן פּערפיום. זי האָט שמעקעדיק געבאָדן

איר אַלטן גוף פֿאַרן קומען אַהער. די דאָזיקע פּרוי איז קיינמאָל נאָך נישט אַרויס פֿון דער אַטמאָספֿערע פֿון קאַבאַרעט... עס גייט איר תּמיד נאָך בוענאָס איירעס׳עס פֿינצטערע און תּאווה׳דיקע גאַס. זי געדענקט נאָך ווייל די צירקן, ווו זי פֿלעגט פֿלאַמיק רייטן אויף צעהיצטע פֿערדלעך... איר סאַמע דערשיינונג דאָ איז אַ פֿינצטערע און טרויעריקע באַליידיקונג צו דער ריינער, פֿרומער און טויטער מאַמען...

עס איז דאָ אויך געקומען ווילליאַס אַן עקס־שותּף, מר. הילקוויט, אַ קאַראַקטער און אַן אידיאַטישער דזשענטלמאַן, מיט זיין פּרוי, אין גאָלדענע ברילן. זיי זעען אויס אָפֿיציעל, ווי אַטאַשעס פֿון אַ פֿרעמדער און אַ פּריינט־לעכער מלוכה, אויף צו זיין אַנוועזנדיק און צו צאָלן טריבוט צו דער מוטער פֿון זיין געשעפֿטס־פּאַרטנער, מר. וויליאַם טענענבוים...

צווישן די אַנוועזנדיקע ביי דער מאַמעס לויה זיינען אויך פֿאַראַן אירע אַנדערע קינדער, וואָס זיינען געקומען פֿון הימל: מען קען זען זייערע אויסגעבלייכטע, הימלישע פּנימער: מיין עלטסטע שוועסטער, שרה יערקע ווײַנטרויב, מיט אַ קאָפּ בלאָנדע האָר; מיין שוועסטער חיה פֿייגע שערמאַן, בלייך און שלאַנק ווי אַ שאַגאַלישע מאַדאָנע פֿון שטעטל; מיין קליין שוועס־טערל חנה׳לע יענטע וואָס איז בלויז אַלט געווען פֿיר יאָר, ווען זי איז אַוועק פֿון דער דאָזיקער גיהנומדיקער וועלט. און אויך דבורה׳לע, מיין שוועסטערל, וואָס איז געשטאָרבן אַלס איינ־יאָריק קינד... און יונה טענענבוים, מיין ברודער אין גן־עדן... און צוזאַמען מיט זיי שוועבן די נשמות פֿון טייערע זיידעס און באָבעס... זיי זיינען אַלע געקומען פֿירן דער מאַמעס נשמה אין גן־עדן אַריין...

דער ראַביי, שוין צוגעוואוינט צו זיין מלאכה, וואַרט געדולדיק און ער האַלט אונטער די „געסט”... זיין אָפּגעפּוצטע בערדל און זיין שלאַנקע געשטאַלט באַווייזט אַז ער איז שוין צוגעוווינט צו די דאָזיקע אומעטיקע זאַכן... ער איז דאָס געווען מיין מאַמעס „ספּיריטועלער” פּריינט אין מושב זקנים... פֿאַר אים האָט זי טאַקע געזאַמלט צו ביסלעך געלט, כּדי צו געפֿינען חן אין זיינע מענעריש־שיינע אויגן... זי איז דאָך אויך געווען אַ פּרוי... ווי אָפּט פֿאַרגעסן מיר, דערוואַקסענע קינדער, אַז די מאַמע איז דאָך אויך אַ פּרוי... מיט אַ פּרוי׳ס אייגנשאַפֿטן, קאַפּריזן און גראַ־ציעזקייטן... מיט אַ פּרוי׳ס אינטימע פֿאַרלאַנגען און לוסטן... און מיר טראַכטן ווייניק אַז אַ שמייכל פֿון אַ שלאַנקן, הויכן מאַן איז וויכטיק פֿאַר דער מאַמען... ווי ברוטאַל־קאַלט, מיר קינדער, זיינען צו דער מאַמעס ראָמאַנטישן כאַראַקטער... מיר דענקען — אָדער מיר דענקען גאָרנישט אין דער דאָזיקער ריכטונג — אַז די מאַמע, וואָס האָט געבוירן גאַנצע פֿערצן

קינדער, בלויז מיט צווי מער ווי די צוועלף שבטים, האָט אויך באַזעסן חוה׳ס אייגנשאַפטן און סענטימענטאַלע שטימונגען...

און דאָ, ביים אָרון, קומען צו די פרויען פונם מושב זקנים — דער מאַמעס חברטעס און טרויעריקע שוועסטערן פון די לעצטע חדשים, וואָכן און טעג... אָרעמע, שטומע און פאַרלוירענע, געפירט פון זייערע אַלטע פריינדינס, גייען זי צו צום אָרון און זיי בעטן ביי איר, ביי דער גוטער מאַמען, זיך ברעכנדיק אין יאָמער זייערע דאַרע און געלע הענט. עס איז אַ רירנדיקע סצענע! אין די עטלעכע חדשים וואָס מיין מאַמע האָט זיך אויפגעהאַלטן אין דעם זקנים־הויז, אין דער „האָום", האָט זי היפש באַדינט די דאָזיקע אַלע פרויען... זי האָט טאָג און נאַכט נעבעך אויסגעהערט אַלע זייערע לעבנס־היסטאָריעס. זי האָט זיי ליב געהאַט מיט איר גרויסער מענטשנליבשאַפט. זי איז דאָ פאַרגעטערט געוואָרן ווי אַן הייליקע. זי האָט זייערע לעבנס אין זיך אַריינגענומען. זי האָט געטרונקען זייער מענטש־לעך־ערדיקן אומעט אַזוי ווי ווין און האָט געגעסן זייער טרויער ווי לעקעך. זי האָט זיי געוואַשן די אַלטע גופים מיט זייף און אויסגעשמירט מיט טערפּענטין. זי האָט זיי געבראַכט טיי און פרוכטן פון דער קיך. זי האָט פון די דאָזיקע אָרעמע מענטשן זיך פאַרשאַפט גאַנצע שטיקער טעריטאָ־ריעס אין גן־עדן. און איצט קומען זיי צו איר, כדי אַריינצונעמען איר טויט אין זייערע ביינער, כדי צו בעטן מחילה ביי איר, און כדי צו בעטן אַז זי, די מאַמע, זאָל זיך דאָרט אין הימל, אַזוי שנעל ווי זי קומט נאָר אַריבער אויף „יענער וועלט", זיך מיען פאַר זיי אַלע. אַ טרויעריקע, אַ רירנדיקע סצענע, ווי אַזוי די דאָזיקע וואָס זיינען אַזוי שרעקלעך אומבאַהאָלפן, אַלטע און קראַנקע — בעטן פאַר זיך ביי זייערס אַ חברטע, וואָס איז דאָך אין אַ פיל ערגערער לאַגע, נאָך פיל מער אומבאַהאָלפן און געליימט און נאָך טיפער אומגליקלעך... וואָרים זי איז דאָך נעבעך טויט...

אַלטע פרויען פירן צו זייערע אַלטע, בלינדע און פאַראַליזירטע שוועס־טערן; זייערע געליימטע און זייערע אויסגעקרימטע חברטעס, זייערע געלע און איינגעהויקערטע מאַדאַנעס פון דעם גרויסן טעמפּל פון דער מענטש־לעכער עלטער — צו דער מאַמעס ארון... און זיי אַלע קרעכצן און חזרן איבער וויינענדיקע, ווי אין אַ כאָר:

— גוטע מלאכים זאָלן איר אַנטקעגנגיין!"

צווישן די אַנוועזנדיקע לייט איז פאַראַן, ווי שוין אין די דאָזיקע קאַפּיט־לען געווען פאַרצייכנטע, דער וועלט־באַרימטער סקולפּטאָר הענעך גליצענ־שטיין. עס איז דער קינסטלער וואָס האָט געצייכנט צוויי מאָל בשעת איר לעבן מיין מאַמעס פאָרטרעטן. די אַלטע פרוי האָט פּאָזירט פאַר אים, אין איר באַשיידענער היים, אויף ברוק עוועניו. איצט, באַלד אין דער פרי, איז דער

קינסטלער געקומען מיטן אַלבאָם אונטערן אָרעם... ער איז געקומען צייכענען דאָס לעצטע ביסל פּיזיק וואָס עס איז פון מיין מאַמען נאָך איבער־געבליבן, איידער מען גייט זי אַרונטערלאָזן אין דר׳ערד אַריין, צו די ווערם...

איינער פון די שמשים דעקט אָפּ מיין מאַמעס פּנים. עס איז איצט רונד און ווייס, ווי ווייסע, פּויערישע ליינוואַנט. עס איז קלאָר אָפּגעוואַשן, אַזוי ווי אַ לאַנדשאַפט נאָך דעם ביינאַכטיקן רעגן און בליץ. עס איז געוואַשן אין אַ טייך פון אייגענע טרערן. אַזוי האָט אַוודאי מיין מאַמע נאָך נעכטן נישט אויסגעזען. נעכטן איז זי געווען אַזוי ווי אַן ערשט־אַנטבינדן קינד, נאָך פול מיט די ווונדן און בלוטפלעקן פון געבורט... ווען די מאַמע איז געלעגן מיט שטיקער אייז אַרום איר צעשלאָגענעם און צעבראָכענעם פּנים, אַרום אירע טויטע ביינער, האָט זיך מיר דערמאָנט דער מאַמעס אָרעמע קיך אויף ברוק עוועניו. דער אַלטמאָדישער „אייז־באָקס"... אַ פּאָר טעג אין דער וואָך האָט די מאַמע אָנגעפילט דעם „אייז־באָקס" מיט פּירקאַנטיקע שטיקער אייז, וואָס מייק דער אייזמאַן פלעגט ברענגען. די פיר קאַנטיקע אייז־בלאָקן האָבן אויסגעזען ווי משה׳ס לוחות, וואָס ער האָט געבראַכט פון הימל... די צען געבאָטן זיינען געווען אין זיי איינגעקריצט ווי מיט שטראַלן... די מאַמע פלעגט איינהילן אין אידישע צייטונגען די שטיקער אייז, אַזוי ווי גיגאַנטישע שטיקער קרישטאָל, כדי זיי זאָלן זיך נישט אַזוי גיך צעשמעלצן. די צייטונגען פלעגן פייכט ווערן. די אותיות פלעגן צע־שווימען ווערן און אַרויסגיין פון זאַץ אַזוי ווי ווערם וואָס וואַנדערן אין די פינצטערנישן. די אידישע אותיות פלעגן אַרומשווימען אין דעם אייז־קאַסטן אַזוי ווי שוואַרצע שפּינען, צעטראָגנדיק און צעררייסנדיק די נייעס פון היטלערס גרויזאַמע מעשים. די מאַמע האָט נעבעך געוואָלט פּרעזערווירן וואָס לענגער דאָס אָרעמע, פּראַגילע אייז אין די ניו יאָרקער היצן...

לעצטנס בין איך געווען אַנגענעם איבערראַשט, ווען באַזוכנדיק מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק דעם קראָטאָנאַ פּאַרק, אין שכנות פון אונדזער אַמאָליקער היים אויף ברוק עוועניו, האָב איך דאָרט באַקעגנט מייקן דעם אייז־מאַן... ער איז שוין געווען גרוי און אַלט. איך בין געזעסן אויף אַ הילצערנער באַנק אין פּאַרק און לאַנג אים נאָכגעקוקט, ווי ער באַוועגט זיך, וואַקלענדיק זיך, איבער דעם האַרטן, פעלזיקן באָדן, זוכנדיק אַ שאָטן אונטער אַ בוים, כדי זיך צו באַשיצן פון דער שרעקלעכער היץ... אָבער די צוויי שווערע קאַסטענעס מיט „אייז־קריעם", וואָס ער טראָגט אויף די פּלייצעס, טרייבן אים אַרויס אונטער דער זון, ווו מענטשן ליגן און שמאַכטן נאָך אַ ביסל אָפּקילונג... דער דאָזיקער קראָטאָנאַ פּאַרק, מיט זיינע נאַקעטע, ברוטאַלע שטיינער, האָב איך געטראַכט, איז ווי אַ לאַנדשאַפט וואָס דעקאָרירט מיט זיין האַרטקייט דאָס האַרטע לעבן פון די מייקס, דאָס גיהנומדיקע לעבן

פון די אידישע אימיגראַנטן, וואָס האָבן באַטראַכטן מיט אַזוי פיל האָפענונג די ערד פון אַמעריקע. זייער לעבן איז געווען שווער און ברוטאַל אַזוי ווי די דאָזיקע שטיינערנע פּאַרק־לאַנדשאַפט...

און, ווען איך האָב איצט אָנגעקוקט מיין מאַמען, האָב איך געטראַכט:

— אַצינד שטימט איר אויסזען מיט איר גייסטיקער רואיקייט ביים לעבן. מיט איר רעליגיעזער נאַטור. אָבער, דער וואָס האָט געזען איר פּנים באַלד נאָך איר שטאַרבן, רוי און באַרבאַריש צעשלאָגן ווי מיט אַן אייזערנער פויסט און באַדעקט מיט אַ בלוטיקן שוים, דער דאָזיקער מענטש קען שוין קיינמאָל נישט באַהערשט ווערן פון איר רואיקן פּנים, ווי עס זעט היינט אויס... אַזוי ווי אויסגעגלעט, אויסגעשטאָפּט און קינסטלעך צוגעגרייט צו דער לויה, אַזוי ווי צו אַ לעצטער פייערלעכקייט פון אויפנעמען אירע לעצטע געסט, פאַר וועמען עס איז אַ הייליקע פליכט צו דערשיינען רואיק און שיין. עס איז ווי די טויטע מאַמע וואָלט נאָך אַלץ באַדאַרפט טרייסטן און באַרואיקן די איבערגעבליבענע קינדער. אין דערווירקלעכקייט: אַ מאַמעס מוטערלעכע ליבשאַפט טאָר זיך טאַקע קיינמאָל נישט ענדיקן. זי באַדאַרף קומען אַפילו פון הימל און ווייטער זאָרגן פאַר איר היים, פאַר איר הויזגעזינד, פאַר אירע קינדער... זי טאָר אַפילו איר אייגענעם טויט נישט נעמען ערנסט...

דאָס אויפדעקן מיין מאַמעס פּנים איז דער קלימאַקס פון איר לויה... איך גיי פאַרביי איר ארון. איך באַמי זיך צו זיין אויסערלעך רואיק. אָבער אין האַרצן קומט פאַר אַזוינס וואָס מענטשלעך־לשון און טינט־באַטרונקענע פּענע איז נישט אימשטאַנד צו באַשרייבן. די אַנדערע קינדער פאַלן צו צו דער מאַמעס ארון און זיי וויינען ביטער. מיין ברודער שלמה וויל קושן דער מאַמעס קאַלטן, פאַרשטאַרטן פּנים. עס לויפט צו שנעל דער חזן און ער רייסט אים אַוועק פון אָרון... קיין טרער, אַפילו נישט די טרער פון אַן אייגענעם זון, — זאָגט ער שטרענג און פאַרכטיק, — טאָר נישט באַפלעקן איר פּנים... מיין ברודער שלמה טאָר דער מאַמען נישט קושן... מיר קומט דאָס פאַר זייער מאָדנע און פּשוט אכזריותדיק! וועמענס דען טרער זאָל אָנרירן הייס צום לעצטן מאָל מיין מאַמעס בלוטלאָזן פּנים?

די פּראָצעסיע, מ׳שטיינס געזאָגט, גייט אַדורך געבראָכן. די לעצטע פּראָצעסיע פון לעבן. מענטשן זיינען תמיד געווען מיין מאַמעס ליכטיקער יום־טוב. דאָס איז שוין איר לעצטער יום־טוב. אויף דער ערד פון יסורים. אָבער ביי די טויערן פון גן־עדן וואַרטן שוין אויף איר אַלע יענע פריינט וואָס האָבן איר ליב געהאַט און האָבן הויך געשעצט איר כאַראַקטער. עס וואַרטן אויף איר די נשמות פון גאַנצע מחנות בעטלערס און וואַגאַבונדן, וועמען זי האָט געטריי און פריינטלעך אויפגענומען אין שטוב ווי אברהם

אבינו האָט אויפגענומען די דריי מלאכים מיט האָניק און מיט קוכן. עס וואַרטן אָפּ דער מאַמען אַלע די איינזאַמע מיידלעך און דינסטן וואָס האָבן זיך פּאַר איר אַראָפּגערעדט פון האַרצן...

און, איידער עס האָט נאָך דער פֿאַרבלאָנדזשעטער זון־שטראַל באַוויזן העל צו באַלויכטן איר הייליק פּנים, האָבן די באַגראָבער ברוטאַל פֿאַרהאַקט איר אָרון. מיין מוטערס פּנים איז איינגעהילט געוואָרן אין אַ סך ווייסע תכריכים־ליינוואַנט ווי אין אַ גרויסן שניי. פֿאַרוואָס אַזוי יסורימדיק־ענג און ברוטאַל צודעקן און צוקלעמען אַ מענטשן? ער קען דאָך נישט אָטעמען אונטער די שווערע תכריכים. ער קען דאָך נישט זען מער דעם בלויען הימל איבער זיין מידן קאָפּ. ער קען דאָך מער נישט אָנקוקן די שטערן ביי־דערנאַכט...

און איצט פּירט מען לאַנגזאַם אַרויס דעם אָרון פונם זאַל. ווי טרויעריק די סצענע איז געווען, איז עס דאָך געווען „גוט" אַנטקעגן דעם וואָס גייט באַלד געשען... די שמשים רוקן אַריין דער מאַמעס אָרון אינם שוואַרצן אויטאָמאָביל. עס איז דער מאַמעס לעצטע רייזע. און, אויך דאָס: די לעצטע רייזע דורך די ניו־יאָרקישע גאַסן, אין אַ לאַנגן און טונקעלן סאַמאָכאָד, אין דעם ליכט פון דער שטראָמענדיקער יוליקער זון — אויך דאָס איז אַפילו נאָך „זיס" און „וווּנדערלעך" אין שרעקלעכן פֿאַרגלייך צו דער איי־ביקער, שטייניקער „רו" פון אַ פינצטערן קבר, אין דער טויטנערד פונם בית עולם... אינמיטן פון אַ טרויעריקער מענטשהייט מיט אָפּגעריבענע נעז, מיט צעקלאָפּטע פּנימער, מיט צעבראָכענע מיילער, מיט צעשמעטערטע ציין, מיט איינגעזונקענע באַקן ווי די גריבער, מיט פֿאַרמעקטע אויגן, מיט פֿאַרוויכטע קינבאַקן און מיט צעהאַקטע גאָמבעס... וואָרים, ווי נאָר עס טרעט איין דער טויט — אַזוי שנעל פֿאַלן איין די מענטשלעכע פּנימער. אַפילו די מעכטיקסטע געזיכטער פון קעניגן און פון „פּרייז־פייטערס" הייבן באַלד אָן צו זינקען ווי די כוואַליעס אין ים... הייבן באַלד אָן צו פֿאַרלירן כאַראַקטער און אויסדרוק. די האַנט פון מלאך המות מעקט זיי באַרבאַריש אָפּ און צעשלאָגט די שטריכן פון זייערע פּנימער, וואָס האָבן זיי אַמאָל געמאַכט אַזוי רייצנדיק און אַזוי כשופדיק אויפן פייערלעכן און מיסטעריעזן באַל פון לעבן...

אינם אויטאָמאָביל, צוזאַמען מיט מיר, זיצט דער ראַביי פרענקעל, וואָס רעדט וועגן מיין מאַמען מיט אַזעלכע וווּנדערלעכע ווערטער... עס זיצן דאָ אויך מיין שוועסטער מירעלע, מיין שוואָגער עוזר, מיין שוועגערין פּעי און דער שוין דערמאָנטער סקולפּטאָר הענעך גליצענשטיין. אין פֿאָרויס, אויפן לאַנגן וועג, טראָגט זיך דער פעד־שוואַרצער אויטאָמאָביל מיטן גוף פון מיין מאַמען, פון מיין וווּנדערלעך־טייערער מוטער... עס איז, ווי שוין

געשריבן, איר סאַמע לעצטע רייזע אויף דער לעבעדיקער אויבערפלאַך פון דער ערד... זי האָט ליב געהאַט אַמאָל זיך דורכצופאָרן אויף אַ היימישן פערד־און־וואָגן... זי האָט ליב געהאַט זון, לופט און רוים... זי האָט ליב געהאַט צו זען ווי אַזוי פשוט פעלד און וואַלד שווימט פאַרביי דעם לויפנדיקן וואָגן אַזוי ווי אַ ים מיט זיינע בלוי־געפאַרבטע כוואַליעס... זי דערמאָנט זיך אוודאי איצט די ערשטע רייזע, נאָך אַלס מיידל, מיט איר מאַמען, זכרונו לברכה... מיטן טאַטן... מיט אַ זיבעציק יאָר צוריק... אין קליינעם שטעטל מאַרקושאָף...

עס דערנענטערט זיך דאָס בית עולם. עס גייען אַנטקעגן ביים פּלויט די ערשטע רייען קברים, מיט דער סימעטרישער אָרדנונג פון די מצבות. איך בין צופרידן וואָס דער שרעקלעך נאַרישער שמועס אין אויטאָמאָביל ווערט זיך ענדיקן. אַ פּוסטער שמועס אין וועלכן יעדער איינער באַמיט זיך צו דעמאַנסטרירן אַ וואָס גרעסערן טרויער, אַ וואָס טיפערן צער, וואָס איז היפּשלעך פאַלש... און וועלכע אייביק־באַנאַלע אויסדריקן דאָ פאַלן, ווי, אַ שטייגער: „דאָס לעבן גייט פאַרביי אַזוי ווי אַ חלום"; „זאָל איר די ערד גרינג זיין"; „זי זאָל זיך מיען פאַר אונדז" און ענלעכע שאַבלאָנע רייד, וואָס פאַרמאַסקירן די טראַגישקייט פונם מאָמענט...

עס טוט אַ לויכט אַנטקעגן די פרישע, די זיידענע, די טונקעלע גרינקייט פון בית עולם. ווי אַנגענעם איז דער שמעקנדיקער פּערפיום פון פעלד. ווי דערפרישנדיק דאָס אייביקע, דאָס שטילע גראָז, וואָס פאַרציט אַזוי ווי מיט פּלוש אַלע שלאַכטפעלדער פונם פּלאַנעט. עס גייט ווידער אויף די גרויסע פשטות פון פשוטע און פון היימישע ערד. די ערד אויף וועלכער מען האָט זיך געשפּילט אַלס קינד. פון דער ערד קומט מען און צו דער ערד קערט מען זיך נעבעך צוריק אום, נאַקעט און באָרפוס, אַזוי ווי מען ווערט געבוירן פון דער ברענענדיקער מאַמעשער טראַכט. און אַצינד גייט דאָ צוריק צו דער ערד די פּרוי וואָס האָט דיך געבוירן. די מאַמע גייט צוריק צו דער מאַמעשער ערד. זי קומט צוריק צום סאַמע שורש. צום אָנהויב. צום בראשית פון אונדזער לעבן... דאָס קערט זיך אַ מענטש אום צוריק צו גאָט פון דער לאַנגער און ביטערער רייזע פונם לעבן. אַ צעשמעטערטער אין די ביינער, אַן אָפּגעמעקטער אין זיין פּנים, אַן איינגעפאַלענער אין זיינע שטומע אברים, קומט אַ מענטש צוריק צו גאָט מיט אַ גרויסן, אַ פאַרשטיי־נערטן געוויין אין זיין פאַרשטיינערטן האַרצן. זיינע אויגן זיינען אויס־געלאָשן און וויסט. די פיס זיינען אונטערגעבראָכן און זיי קענען נעבעך מער נישט שטיין אויף זיך אַליין. די הענט וואָס האָבן אויסגעהאָרעוועט אַ לאַנג לעבן, זיינען טויטע שטיינערנע הענט. און זי קומט ווייזן איר פּנים פון פאַר גאָט. איר פּנים וואָס איז פול מיט ביטערע טרערן פאַרגאָסן. און

גאָט קוקט זי אָן. גאָט זעט וואָס ער האָט געטאָן מיט אַן אָרעמען מענטש און גאָט שווייגט ביטער. וואָרים גאָט שעמט זיך מיט זיין ווייסטער און מורא־דיקער גרויזאַמקייט...

און שוין טראָגן פרעמדע, פעסטע הענט אייגענער מאַמעס גוף־און־געביין צו איר אָנגעצייכענטן קבר. און שוין וויל מען דער מאַמעס גוף אַרונטערלאָזן אין פינצטערן און ווערמדיקן גרוב. ווי עס איילן זיך די קאַלטע טעכניקער פון אַ מענטשנס לעצטער סצענע פון לעבן!

עס איז אַן אויסגעווייילטער, זוניקער טאָג פון חודש יולי. און דאָס קבר איז ווי אַ גיגאַנטישע רויע וווּנד אין דר׳ערד. דאָס זאַמד איז פייכט און גאָלדיק אַזוי ווי ליכטיקער בראַנדז. און דאָס קבר פון מיין טאַטן זעט אויס אַזוי אַלט און אַזוי פאַרוואָרלאָזט און פון לעבעדיקע מענטשן פאַרגעסן, אין פאַרגלייך צום נייעם, נאָך פוסטן קבר. גראָזן און ווילדע פלאַנצן, פּאָקשיווע און דערנער, וואַקסן אַרום דער געמיינזאַמער מצבה און זיין ווייסן פון גאָרנישט. גראָז און פלאַנץ ווייסט אָסור נישט ווו עס גייט אויף און ווו עס שפּראָצט און פון וועמענסביינער און מאַרעך עס ציט זיין זאַפטיקע יניקה... האַרץ און מוח קענען זיך נישט אָפּטשעפּען פון דער פינצטערער מחשבה: דיין קעניגלעכער טאַטע פוילט דאָ אין זיין טרויעריקער פּראַכט... און איצט ליגט אויך זי אין דר׳ערד — די מאַמע דיינע. דאָ ליגט זי אין דר׳ערד, די פרוי וואָס האָט דיך אויף דער וועלט געבראַכט. זי וואָס האָט דיך אָנגעטרונקען מיט דעם שאַמפּאַניער־בלוט פון לעבן. דו האָסט געזויגן מילך פון דעם הייסן בלוט פון אירע מוטערלעכע בריסטן. דו ביסט אַמאָל געלעגן אין אירע יונגע ביינער. דו האָסט זיך מעכטיק געפּורעמט אין איר לייב. דו ביסט געוואָרן צום מענטש אין איר געבער־מוטער. דיך האָט אַ האַנט געקנאָטן און געהאַמערט און דיך צונויפגעטשעפּעט אַלע דיינע ביינער און גלידער אַזוי ווי די רינגען אין אַן אייזערנער קייט. איין זייט פון דיין פנים האָט געגליט מיט שיכרות, מיט שאַפונג און מיט אייביקער יוגנט. און דאָס צווייטע זייט פנים איז געווען פאַרגאָסן מיט גאַליקע טרערן, פאַר־פינצטערט מיטן אייביקן שטאַרבן און תמיד איינגעהילט אין מרה־שחורה פונם קהלת־אונטערגאַנג...

און ווידער עפּענען פרעמדע, קאַלטע און מעכאַנישע הענט די טרומנע — און איך כאַפּ אַ בליק אויפן אויסגעמאַגערטן און אויסגעפּייניקטן קערפּער פון דער מאַמען. און נאָך איידער מען לאָזט אים אַרונטער, איידער מען נידערט מאַמעס קאַסטן מיט שטאַרקע שטריק אַראָפּצוצו — לייען איך מיינע לעצטע ווערטער צו איר... זי האָט אַזאַ לאַנגע צייט מיך ליב געהאַט און האָט פאַר מיר שווער געהאָרעוועט און האָט געוואַשן מיינע העמדער, און פאַרצירעוועט מיינע זאָקן, און האָט צוגעגרייט מיינע מאָלצייטן...

עס איז מער ווי רעכט אַז דער מאַמעס ייִנגסטער זון, דער „וויסקראָבעק״, דער פּראָפעסיאָנעלער שרייבער, זאָל זאָגן עטלעכע ווערטער פאַרן אָפענעם קבר פון דער מאַמען...

נעכטן ביינאַכט, ווען ס׳איז דער קליינער ווייזער געשטאַנען אינמיטן פונם ציפערבלאַט, און ער האָט זיך שוין גענייגט צום אַנדערן האַלבן טאָג, בשעת די זון האָט נאָך רעכט געבלאַנדזשעט אויף אייראָפּאָס פאַרנאַכטיקן הימל — האָב איך מיט אַ פּענע, נאָס פון בלוט און פון געזאַלצענע טרערן, געשריבן דעם דאָזיקן הספד... אָנגעשריבן, ווייל פאַרט קען מען זיך נישט דערלויבן דעם לוקסוס צו רעדן צעבראָכענע און אומפינקטלעכע רייד נעבן דעם ארון פון דער טויטער מאַמעס געביין... די סאַמע לעצטע ווערטער, כאָטש פון צעבראָכענעם האַרצן, דאַרפן זיין באַרעכנטע... די ווערטער פון סאַמע האַרצנטיפעניש באַדאַרפן זיין געלייטערטע און ריינע, ווי דער מאַמעס לעבן איז געווען ריין און ציכטיק. ווי עס איז געווען ריין און זגעוואַשן דאָס טישטוך אויף דעם הילצערנעם טיש אין אַ טאָג פון שבת און פון יום־טוב... וואָרים די מאַמע וועט די דאָזיקע ווערטער מיטנעמען אויף יענער וועלט... זי וועט זיי אייביק געדענקען, די דאָזיקע מענטשלעך־לעצטע ווערטער — צו איר מיט אַזוי פיל ליבשאַפט און פּיעטעט געווידמעט...

רבונו של עולם! באַהיט מיך אָבער פון פּוסטער רעטאָריק און מליצה — די דאָזיקע צווייַ אייביקע פּינצטערע געפאַרן פונם שרייבער, און בפרט פון דעם שרייבער פון די שורות — וואָס שטייען איבער זיין קאָפּ טאָג און נאַכט און זוכן אים צו מאַכן זינדיקן... פאַרהיט מיך כאָטש אין דאָזיקן מאָמענט פון די ביידע פאַלש־געקרוינטע שדים!...

און, בשעת איך לייען פונם גרויסן פּאַפּיר אַרויס, ציטערנדיק און צאַפּ־לענדיק מיט דער מעכטיקער אומגעלומפּערטקייט פון טיפסטן, מענטשלעכן צער, פיל איך ווי עס שטייען אומגעלומפּערטע די טינט־שוואַרצע, נעגע־רישע באַגראַבערס מיט זייערע אייזערנע לאָפּעטעס, באַקלעפּטע מיט פאַר־טריקנטער ליים־און־ערד, אין זייערע גרויסע, שווערע און שטיינערנע הענט...

## איך לייען דעם הספד איבער מיין מוטערס אָרון

ווען מען קומט אַריין אין די רייפע יאָרן, גייען אַוועק אין דער אייביקייט אַ סך נאָענטע מענטשן, פריינט און מיטגלידער פון דער פאַמיליע. דו ליידסט אויף אַזוי פיל אויף וויפיל דער דאָזיקער מענטש איז דיר געווען נאָענט און אינטים. די צייט הייבט אָן צו פאַרהיילן די ווונד נאָך דעם באַטרעפנדיקן מענטש לויט דער ליבשאַפט און דעם שמערץ אין דיין האַרצן, אים באַ־וויינענדיק. נאָר ווען עס שטאַרבט דיין מאַמע, שטייסטו אַזוי קליין און אומבאַהאָלפן פאַר איר טויטן גוף און געביין. עפּעס שעמסטו זיך איצט צו

בלייבן לעבן. דו שטייסט ביי איר פינצטערן קבר אַ פּאַרקלעמטער. דו פילסט דיך אומגעוויינלעך שולדיק. זי, דיין מאַמע, וואָס האָט דיר געשענקט דאָס לעבן פון איר לעבן — זאָל איצט זיין טויט, בשעת דו אַליין, וואָס דו האָסט זיך אָפּגעריסן פון אונטער איר הארצן, זאָל בלייבן לעבן. עפּעס פילסטו ווי אַ שטיק פון דיר, ווי אַ טייל פון דיין אייגענע פּערזענלעכקייט, גייט דאָ באַגראָבן ווערן.

ווייל דער בונד צווישן אַ מוטער און אַ קינד איז דער נאָענטסטער בונד צווישן מענטשן. און ווען אונדזער מוטער איז טויט, פיל איך אַזוי ווי אַ שטיק פון מיר גייט אַוועק מיט איר אין קבר אַריין!

אַ סך מענטשן שטאַרבן און מען קען נאָכזאָגן נאָך זיי אַזאַ אָדער אַן אַנדער שבח. צו דיר, מיין טייערע מאַמע, קען איך בלויז זאָגן די דאָזיקע רייד:

— דיין לעבן איז געווען דאָס לעבן פון אַ הייליקער פרוי. דו האָסט אַ סך יאָרן פון דיין לעבן געהונגערט. און ווען דו האָסט שוין געהאַט עפּעס צו עסן, האָסטו נישט מער געקענט עסן. וואָרים דיינעם געדערים זיינען שוין געווען פאַרטריקנטע. דו האָסט געטריי געדינט דיין מאַן, אונדזער פאָטער. דו האָסט אים געדינט מיט דיין גאַנצן לייב און נפש, מיט דיין גאַנץ לעבן, מיט יעדער שעה און מינוט פון דיינע יאָרן. דו האָסט געטריי געדינט צו דיינע קינדער: צו דיינע זין און צו דיינע טעכטער. יעדער איינציק קינד זעט אַוודאי אין זיין מוטער די סאַמע בעסטע מאַמע. דו האָסט אַליין בלוטיק געהונגערט. אָבער דו האָסט געגעבן צו זויגן דאָס מילך פון דיינע אויסגעטריקנטע בריסט. דו האָסט געשאָנקען שפּייז און מילך צו דיינע קינדער. די מילך וואָס מיר האָבן פון דיר געטרונקען, איז געווען זיס ווי האָניק. דו האָסט שווער און ביטער געהאָרעוועט דורך די אַלע טעג און נעכט פון דיין אָרעמען לעבן. דו האָסט געטריי באַדינט דיין מאַן און דיינע קינדער אין אַלע צייטן: ווען זיי זיינען געווען געזונט און ווען זיי זיינען געווען שלאַף.

ווען מענטשן זיינען געקומען אין דיין הויז, איז געווען יום־טוב. דיין יום־טוב איז תמיד געווען צו זיין צווישן מענטשן. דו האָסט ליב געהאַט מענטשן. דו האָסט זיך וווּנדערלעך געפרייט מיט יעדער פּיצל לעבן. מיט אַלטע לייט אַזוי ווי מיט קליינע קינדער. מיט די סאַמע אָרעמסטע לייט. אַפילו מיט קרעציקע און מיט צום טויט־פאַרמשפּטע.

און, עס איז באמת אַ גרויס וווּנדער ווי אַזוי אַ פּשוטע מיידל פון אַ קליין שטעטל, געבוירן געוואָרן מיט זעקס און זיבעציק יאָר צוריק אין אַ אידישן הויז, האָלט אויס אָט דעם געוואַלטיק־ביטערן לעבנס־עקזאַמען מיט אַזאַ מערקווירדיקער ריינקייט און מוטיקייט פון כאַראַקטער. אַן אַוועקגעשליידערטע פון דער היים אין איר פערצן אָדער פופצניאָריקן עלטער, נאָך

גאָרנישט ווויסנדיק פון די סודות פון לעבן, די פליכטן צו זיך און צו מענטשן, גייט זי געטריי אַדורך דאָס לעבן אַזוי ווי אַ העלדינע, אַזוי ביז צום סאַמע לעצטן אָוונט. אָן אַ שום צוגרייטונג — בלויז געפירט דורך אַן אינערלעכער מאָראַל. אַ יתומה פון איר קינדהייט אָן, שטענדיק, אַפילו אויף די עלטערע יאָרן, הייס ליבהאָבנדיק איר מוטער, וועמענס לויטער און הייליק בילד איז מיט אַזוי פיל ליבשאַפט געבליבן שטיין אין דיין זכרון — שלאָגסטו דיך אַדורך דורכן לעבן, קיינמאָל נישט געשטרויכלט ווערנדיק, קיינמאָל נישט קיין שלעכטן, אָדער אומפּאַרזיכטיקן וואָרט אויף קיין שום מענטשן נישט אויסרעדנדיק און אַלע שוועריקייטן און פּראָבלעמען פון לעבן לייזט זי אויף אַן אופן ווי עס זיינען געוווינט צו לייזן בלויז הייליקע און געטלעכע מענטשן. איך זאָג: עס איז אַ וווּנדער, אַ נס ממש, ווי אַזוי אַ יינגע יתומה גייט אַדורך דורך דעם לאַנגן שפּאַן פון איר לעבן מיט אַזאַ מעכטיקער כאַראַקטער־שטאַרקייט, מיט אַזאַ געוואַגטקייט פון דער נשמה, שטאָלץ טריאומפירנדיק איבער אַלע מענטשלעכע יסורים און לײדן, זיך דערהויבנדיק צו אַ נשמה־דיקער ריינקייט פאַר וועלכן אַפילו הקדוש ברוך הוא בלייבט שטיין אין וווּנדער!

און ליידנדיק ביטערע ליידן דורך דיין גאַנצן לעבן, האָסטו זיך קיינמאָל נישט פאַרקלאָגט פאַר מענטשן. בלויז פאַר גאָט האָסטו אין איינצעלנע קורצע רגעס אויסגעגאָסן דיין צער. דו האָסט געטריי געדינט צום רבונו של עולם — דו האָסט תפילה געטאָן צו אים נישט בלויז דורך האַרצרייסנדיקע תפילות, נאָר דורך נדבות פאַר אָרעמעלייט, דורך אַרבעטן און באַדינען קראַנקע שכנים, דורך געבוירן פערצן קינדער און זיי אויסהאָדעווענדיק אין פינצ־טערע באַדינגונגען פון אָרעמקייט, אָן מילך און אָן ברויט, אַזוי דורך דיין גאַנץ לעבן וואָס איז געווען אַזוי ריין ווי די ריינסטע תפילה...

און, אַזוי קען מען זאָגן אַז דיין גאַנץ לעבן איז געווען אויסגעפילט מיט די פליכטן פון אַ געטריי ווייב און אַ הייסע מוטער. פון אַ פרומע אידישע פרוי וואָס בלייבט אייביק געטריי צו איר פאָלק און צו איר גאָט. דו ביסט געקומען אויף דער וועלט כדי צו אַרבעטן פאַר מענטשן. דו האָסט געבוירן קינדער, און ווען עטלעכע קינדער פון דיין בלוט און פלייש זיינען געשטאָרבן אין יסורים, האָסטו אינערלעך טיף פאַרבלוטיקט און דו האָסט געוויינט מיט אַ מורא'דיק און שרעקלעך מענטשן געוויין. אָבער, ווי איוב, האָסטו צום רבונו של עולם קיין שום פּרעטענזיעס נישט געהאַט. דו האָסט קיינמאָל אין דיין לעבן צו קיין שום מענטש קיין שום פּרעטענזיעס נישט געהאַט. דו האָסט נאָר מיט אַ רירנדיקן געבעט געבעטן טיף אין דיין נפש פאַרן געזונט און פאַרן ווווילזיין פון דיינע קינדער. פאַרן גורל פון אידישן פאָלק.

אויב אַנדערע מענטשן גייען אַוועק אין דער אייביקייט צעריסענע, צע־

בראָכענע און אַנטוישטע, איז דאָס נישט דער פאַל מיט דיר, טייערע מאַמע! דו האָסט תמיד געלעבט אין האַרמאָניע מיט גאָט, מיט מענטש און מיט נאַטור. דאָס עטישע איז געווען אין דיר אַזוי נאַטירלעך ווי דער אָטעם. און אַלע מענטשן וואָס זיינען געקומען מיט דיר אין קאָנטאַקט, האָבן דיך ליב געהאַט. אַפילו די שכנים אין דיין הויז האָבן דיך באַוואונדערט. אַפילו די פרויען אינם מושב זקנים ווו דו האָסט פאַרבראַכט. אַלע האָבן גערעדט וועגן דיר ווי וועגן אַ צדיקת. די ביסט דאָס געווען. וואָרים דו ביסט געווען אַ הייליקע. דו ביסט ענלעך געווען צו דער מוטער רחל, וועמענס נאָמען דו האָסט שטאָלץ געטראָגן. און אויך צו דער מוטער לאה, וועמענס נאָמען ס'האָט דיך אויך באַצירט אַזוי ווי אַ טייערע שטיק צירונג...

אַ ריינע און אַ לויטערע גייסטו איצט אַוועק פון אונדז, טייערע מאַמע! דיין גאַנץ לעבן, הגם אויסגעפילט מיט ביטערע ליידן, מיט שלאַפקייטן און מיט צערן נאָך געשטאָרבענע יונגע קינדער, איז געווען לויט די הייליקע געבאָטן פון גאָט, לויט די דינים פון דער תורה. וואָסאַראַ בעסערע און ריינערע רייד קען איך דיר דאָ צוואַרפן, אַזוי ווי ריינע פערל, אין דעם דאַזיקן לעצטן טאָג פון אַלע דיינע טעג, ווען מיר שטייען דאָ אַזעלכע נידער־ריקע, געפאַלענע און טיף־שולדיקע נעבן דיין הייליקן גוף און געביין — ווי די דאָזיקע לעצטע ווערטער:

— דו ביסט געווען אַ גוטע מוטער צו אונדז. דו ביסט געווען אַ געטרייע ווייב צו אונדזער פאָטער. דו ביסט געווען אַ ערלעכע פריינדין צו די מענטשן. דו האָסט ליב געהאַט קינד־און־קייט און דו האָסט ערלעך און הייליק געהאַלטן דאָס לעבן פון פרעמדע מענטשן. דו ביסט געווען אַ ריינע און אַ געטרייע טאָכטער פון דיין פאָלק. די ליידן פון אידישן פאָלק אין די לעצטע יאָרן פון דיין לעבן האָבן צעריסן דיין הייס, אידיש האַרץ. דו ביסט געווען אַ געלייטערטער, אַ זיסער, אַ קרישטאָליק־ריינער מענטש. אַ גרויסער מענטש! און אַלע די דאָזיקע מענטשן וואָס האָבן דיך געקענט, וואָס האָבן דיך נאָר איינמאָל אין לעבן אָנגעזעזן, זיי קאָרטשען זיך אין פינצטערן ווייטיק, פאַרנעמענדיק די טרויעריקע נייעס וואָס עס איז מיט דיר געשען.

און, נישט אַליין מיט דער טיפסטער ליבשאַפט וועלן מיר דיך אייביק טראָגן אין אונדזערע הערצער, טייערע מאַמע, גוטע מאַמע, נאָר מיר בויגן זיך פאַר דיר איצט, אין געוואַלטיקן דרך־ארץ פאַר אַ העלדישן מענטש! מיר בויגן אונדזערע פאַרצערטע קעפּ פאַר דיין ליכטיק געשטאַלט, אויף וועלכן פינצטערע ליידן און אַ שווערער שיקזאַל האָבן זיך דערויף געלעגט ווי אַ באַרג. מיר בייגן זיך ביז צו דער ליימיק־ברוינער ערד פון דיין ערשט־אויפגעגראָבענעם קבר, פאַר דיין האַרץ, דאָס גראַנדיעזע האַרץ פון אַ מאַמען, אַ פרוי, אַ אידישע טאָכטער, אַ פרומע און גאָטספאָרכטיקע דינערין

פון איר אייביקן פאָלק און פון איר רעליגיע. אַ הייליקער מענטש פון דער אידישער געשיכטע!

אָט דאָס איז אונדזער איינציקער טרייסט איצט, טייערע מאַמע, אין דעם ים פון טרויער, דיך באַוויינענדיק!

(געשריבן אין ניו־יאָרק, דעם 8טן יולי, 1942, 12 ביינאַכט, ערב דער מאַמעס לויה אין דער פרי פון דעם 9טן יולי, פון יאָר 1942.)

* * *

און איצט, נאָך מיין הספד, איז שנעל צוגעגאַנגען די לויה. מען האָט יעדער איינעם פון די פיר אָנוועזנדיקע זין צעשניטן די קראַוואַטן... ס'האָבן זיך אַלע פיר זין אויסגעשטעלט און ציטערנדיקע געזאָגט קדיש נאָך זייער מאַמען. די קברנים האָבן שנעל, ווי זיך ווילד איילנדיק, אַרונטערגעלאָזן דעם אָרון אין קבר. אין דעם פינצטערן גרוב. אין דעם זעלבן קבר אין וועלכן מענטשן מיט מיליאָנען יאָרן צוריק זיינען אַריינגעוואָרפן געוואָרן, אַזוי ביז אויף אונדזערע טעג. די נייע טרומנע מיט דער מאַמען רירט אָן דעם טאַטנס צעפוילטע טרומנע. עס טוען אַ ציטער דעם טאַטנס צעפאַלענע ביינער. עס שרעקן זיך איבער אויף זיין גוף די ווערם...

די צוויי באַגרעבערס, נישט קיין אידן, מיט שטייפע, לאַנגע הענט, מיט קאַלטע און פלעגמאַטישע פנימער, מיט מיטליידסלאָזע אויגן, וואַרפן מיט די אייזערנע שפאַדלעס די ערד אויפן קבר און באַלד ווערט געבוירן אַ פרישע, ליימיקע בערגל ערד... דאָס בערגל ערד באַדאַרף פאַרקערפּערן מיין מאַמעס טייערן גוף...

אייגענע און נאָענטע העלפן אויך צום פאַרשיטן מיט בראַנדזענע, מיט ליימיקע ערד דער טייערער מאַמען...

די צוויי באַגרעבערס, ווי ענלעך זיינען זיי צו די קברנים פון „האַמלעט״. דער קלאַסיקער רירט שטענדיק אָן אייביקע עסענצן. דער גרויסער שריפט־שטעלער, אין וועלכן לשון ער זאָל נישט שרייבן, שרייבט ער תמיד מיט אַ הערלעכער שפּראַך ווי מיט דער שפּראַך פון זיין פאָלק: ער שרייבט מיטן לשון פון דער אייביקייט און פאַר דער אייביקייט. זיין פען איז געוואַשן אין אַ באָד פון פייער און ער האָט געגעבן אַ שבועה: צו שרייבן וועגן זיך, וועגן מענטש און פאָלק מיט באַרבאַרישער אָביעקטיוויטעט...

* * *

די קומענדיקע נאַכט קומט מיר מיין מאַמע צו חלום. איר קאָפּ, וועמענס האָר זיינען אַביסל צעלאָזן, איז איינגעהילט אינם אָפּגעבלאַקירטן שייטל. איר פנים איז געל ווי דאָס ליים פון איר קבר. און עס איז אומגעוויינלעך טרויעריק און דערשראָקן. אַלץ אין איר דריקט אויס מאָדנע פאַרוווּנדערונג:

— וואָס איז מיט מיר פּלוצלינג געשען? — שיינט זי צו פרעגן. —

ווו בין איך ? ווען בין איך געשטאָרבן, שיעלע ? פאַרוואָס, קינד, האָסטו מיך געלאָזט שטאַרבן ?

די מאַמע האָט נעבעך אויסגעזען שרעקלעך איבעראַשט צו זיין טויט...

און נעכטן פאַרנאַכט איז פּלוצלינג אַריינגעפאַלן אַ טויב אין מיין צימער. אַ קראַנקע, אַ מידע און אַן אומעטיקע טויב. זי איז געווען צופרידן אַזאַ איינזאַמע צו שטיין אין אַ ווינקל פון חדר׳ל. זי האָט קיין שום קלאַנג נישט אַרויסגעלאָזן. זי האָט אויסגעזען צו זיין אַזוי שרעקלעך עלנט...

מיין מאַמע האָט אָפט געוואָלט קומען צו מיר פון׳ם מושב זקנים. נאָר זי איז געווען אַן אומבאַהאָלפענע. זי האָט נישט געקענט פאַרטראָגן דעם טומל פון די ניו־יאָרקער גאַסן. זי האָט זיך געשראָקן פאַר די ווילדע, שטאָלערנע חיות פון די גרויסע שטעט: די אויטאָמאָבילן. די אָרעמע פרוי האָט צו מיר נישט געקענט קומען אַזוי אָפט ווי זי האָט געוואָלט... און איצט פיל איך אַז עס איז מיין מוטער וואָס שטייט דאָ אַזאַ איינזאַמע אין אַ ווינקל... מיין מאַמע, אין דער פאַרוואַנדלונג פון אַ טויב...

אַ גאַנצע נאַכט איז די טויב געשטאַנען אין אַ ווינקל, נעבן מיין בעט. אין דער פרי איז זי פאַרשוווּנדן געוואָרן...

* * *

אויף דער ערד, נעבן מיין בעט, נעמט די מאַמע אָן דאָס געשטאַלט פון אַן אומשולדיקער און איינזאַמער טויב. אָבער אין הימל לויכט די מאַמע ווי אַ שטערן. זי שטייט נאָענט צום רבונו של עולם. זי האַלט אין אירע דינע הענט אַ גרויסן, געלן סידור, מיט צעבראָכענע בלעטלעך. זי זאָגט מיט גרויס פאַרכטיקייט די אוראַלטע תפילות. זי זאָגט אייביק תהלים. דער רבונו של עולם באַוווּנדערט שטאַרק מיין מאַמען. ער באַוויליקט זי אַריינצונעמען אין דער הייליקער מחנה פון די אבות און פון די מלאכים. צוזאַמען מיט משה און אהרן, מיט דוד המלך און שלמה המלך, און מיט שרה, רבקה, רחל און לאה זינגט מיין מאַמע איביקע שירה צו גאָט... דער רבונו של עולם פילט זיך שטאַרק שולדיק אַנטקעגן איר... אָבער די מאַמע נעבעך פאַרגיט שטענדיק... זי פאַרגעסט תמיד אירע יסורים. די מאַמע האָט זיך געבאָדן אין אַ באָד פון פייער... די מאַמע געהערט צו דער אייביקייט...

* * *

מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער, נאָך דער לויה, באַזוך איך מיין שוועסטער מירעלע. מיר רעדן ווידער און ווידער וועגן אונדזער מאַמען... די זון לויכט אַריין אין די גרויסע פענצטער. דאָס ליכט רירט אָן די גרינע וואַזאָנען. דעם טאַטנס וואַזאַנען. די קליינטשיקע, פאַרביקע וועלדער פון מיין טאַטנס שטוב. דאָס ליכט רירט אָן ווי מיט פאַנטאַסטישע הענט די מאַסיווע מעבל־שטיקער. און עס גייען אויף אין אַ סך זאַכן מיין טאַטנס גאָלדענע הענט,

וואָס האָבן געפּאַרבט, געבויט, געטעסעט און געמייסטערט. מיין שוועסטער מירעלע דערציילט מיר:

— איך האָב געגעבן צו דער מאַמען די גאָלדענע אויערינגלעך. מיט אַ סך יאָרן צוריק האָט זיי געגעבן אונדזער עלטסטע שוועסטער שרה׳לע צו חייעלען, ווען חייעלע האָט זיך צעבליט אַלס כלה־מיידל... שרה׳לע איז געשטאָרבן פון שווינדזוכט. חייעלע האָט דערנאָך חתונה געהאַט, ווי דו ווייסט, און זי האָט געבוירן אַ קינד, אַ אינגעלע, וועמען זי האָט אַ נאָמען געגעבן נאָך אונדזער זיידען, לייבישל. ווען איך בין געגאַנגען חתונה האָבן, האָט חייעלע געגעבן די אויערינגלעך צו מיר, מיר זאָגנדיק אַז זיי זיינען פון שרה׳לען, אונדזער עלטסטע שוועסטער... ווען חייעלע איז געשטאָרבן, האָב איך זיי איבערגעגעבן צו דער מאַמען... איצט איז די מאַמע גע־שטאָרבן און די אויערינגלעך זיינען מיט דער מאַמען ערגעץ פאַרלוירן געוואָרן... אָדער מען האָט זיי ביי איר צוגענומען נאָך אין מושב זקנים — אָדער אין „פּיונעראַל־האָום” האָט מען די אויערינגלעך פון איר אויסגעטאָן... און אַזוי זיינען זיי אויף אייביק פאַרלוירן געוואָרן, צוזאַמען מיט דער מאַמען, וואָס וועט זיך נישט מער ווידערקערן צו אונדז...

איך דערמאָן זיך: איך פלעג גיין מיט דער מאַמען שפּאַצירן אין די פאַרנאַכטן, אין זון־אונטערגאַנג, און איך זע ווי די אויערינגלעך בלישצען אין אירע קליינע אויערן. און דאָס אַלט־פרענקישע גאָלד פרייט זיך מיט דער זון, מיטן אייביק־יונגן גאָלד פון דער זון... איך געדענק דער מאַמען תמיד מיט די גאָלדענע אויערינגלעך...

* * *

מיין שוועסטער מירעלע דערציילט מיר: — אַנומלט האָט גערעגנט, שרעקלעך גערעגנט, אַזוי ווי אין פּוילישן דאָרף, ווי אין באָוואָגורא, אין גאָלאָמב צי אין בערקאָוויץ. איך האָב באַלד איינגעדרימלט. עס איז געווען נאָך זייער פרי, אין באַגינען. איינצלנע פייגעלעך האָבן שוין גענומען זינגען. פּלוצלינג דערזע איך אונדזער מאַמען. איך האָב זיך דערשראָקן, ווייל איך האָב דאָך געוווסט אַז זי איז טויט. איך הייב אָן צו טענהן מיט איר אין שרעק:

— „מאַמע, וואָס טוסטו דאָ? דו באַדאַרפסט דאָך זיין ערגעץ אַנדערש?! געוואַלט, מאַמע, וואָס טוסטו דאָ?

די אָרעמע פרוי האָט מיט טרערן אין אירע אויגן אָנגעקוקט מיין שוועסטער מירעלע און זי האָט געזאָגט:

— ביין, מירעלע, טאָכטערשי־קרוין, איך בין נישט מער דאָרטן... עס האָט מיך געקאָסט אַ סך מיה, אָבער איך בין אַרויס פון דאָרט... פון מיין קבר... איך בין נישט מער דאָרטן, מירעלע!

און, זי איז פֿאַרשוואונדן געוואָרן...

מיט יאָרן צוריק פֿלעגט מיין מאַמע דערציילן מיין שוועסטער מירעלען אַז ריינע און הייליקע מענטשן זיינען נישט אין דר׳ערד — נייערט אין הימל... אַ שטייגער: פּרעה׳ס טאָכטער, די עגיפּטישע פּרינצעסין, וואָס האָט אויסגעצויגן איר קלאָרע האַנט כדי צו גרייפן דאָס קעסטעלע פון פּימסנ־האָלץ, ווו דאָס פּיטשינקע קינד משה איז געלעגן באַהאַלטן, און וואָס האָט געקרוגן אַ ריזיק־לאַנגע האַנט ביים אויסציען זי איבערן געלן נילוס — די מצרי׳שע פּרינצעסין איז אויך אין הימל... נישט נאָר זי פּוילט נישט אין דר׳ערד — נאָר זי איז אַפילו נישט פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מומיע, ערגעץ אונטער אַ פּיראַמידע...

— און משה! — גיט צו מיין שוועסטער מיט אַ נאַיוון, שמייכלענדיקן פּנים, איז דאָך אַוודאי אין הימל...

און צוזאַמען מיט משה רבינו און דער בלייכער, עגיפּטישער פּרינצעסין מיט דער אויסגעצויגענער, שניי־ווייסער האַנט, איז אויך מיין מאַמע אין די בלויע הימלען, אונטער ריזיקע סאַמעטענע פּאַלמען און ציפּרעסנבוימער, זיצנדיק אויף גאָלדענע שטולן, אַזוי ווי פֿאַרגליווערטע אינקאַ־מומיעס...

* * *

אַ צווייטן מאָל איז מיין מאַמע שטיל געזעסן ביים גרויסן, דעמבאָוון טיש, בשעת מיין שוועסטער מירעלע איז נאָך געשלאָפֿן. אָרעמע מאַמע! זי קען אַפילו קיין מאָמענט רויק נישט פֿאַרברענגען אינם הויז פון אַ קינד! מיין שוועסטער, פֿאַרשטייט זיך, האָט זיך באַלד דערשראָקן, וויסנדיק גענוי אַז די מאַמע באַדאַרף דאָך ליגן אויפן בית עולם... מירעלע האָט געוואָלט שרייען און האָט נישט געקענט... האָט זי זיך האַסטיק אויפגעזעצט אויפן בעט און האָט פֿאַרטריבן אונדזער אָרעמער מאַמען...

ווי ברוטאַל זיינען די לעבעדיקע צו די טויטע... מען לאָזט זיי נישט קומען אויף דער שיין אַפילו. מיר פֿאַרטרייבן אונדזערע טייערסטע צוריק אין דר׳ערד אַריין... וואָס, מ׳שטיינס געזאָגט, דענקען שוין די מתים וועגן אונדז, לעבעדיקע?!...

* * *

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער בין איך איינמאָל פֿאַרבייגעפֿאָרן מיט אַן אָמניבוס דאָס הויז אויף 353 צווייטע עוועניו, ווו איך האָב אַמאָל געוווינט. אין אַלע טעג פון מיין לעבן קוק איך מיט טיפער נאָסטאַלגיע צו די הייזער ווו איך האָב געוווינט, ווו צייט און אומעט האָבן אויפגעגעסן די יאָרן פון מיין לעבן... ווי לאַנג איז דען אינגאַנצן אַן אָרעם מענטשנלעבן? דאָ פֿאַרלוירן עטלעכע יאָר, דאָרטן געפּטרט נאָענט צו אַ צענדליק יאָר... דאָ

מוראדיק געבענקט און דאָרטן פייערלעך געליבט און אומעטום געוועזן איינזאַם און מרה־שחורהדיק און גיהנומדיקע יסורים געליטן...

איז, פאַר איך מיר אַזוי פאַרביי דאָס הויז ווו איך האָב געוווינט אין דער צייט ווען מיין מאַמע איז געווען אינם מושב זקנים־הויז, אַביסל ווייטער מיט עטלעכע בלאָק אויף דער צווייטער עוועניו און ווו זי איז אין אַ שפּעטער נאַכט געשטאָרבן. און אין דער זעלבער קעגנט אין האַרץ פון גערדיכטן און בונטן אידישן לעבן געפינט זיך דאָס לוויה־הײם, וואו עס זיינען פאַר־געקומען די לוויות פון מיינע עלטערן... און וואָס זע איך? פּורפּורענע אותיות אין קאַלטן, עלעקטרישן ליכט זאָגן אָן דעם נאָמען פון אַ קריסטלעכן בית־עולם...

דאָס גאַנצע הויז איז אַלזאָ פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ הויז ווו מען גרייט צו קאַטוילישע מתים פאַרן בית עולם...

נו, האָב איך זיך געטראַכט, איז דען בויטיק אַ שרייבערס פאַנטאַזיע כדי אויסצוטראַכטן גראָטעסק, ציניזם און טראַגעדיע? דאָס ברוטאַלע לעבן אַליין, דאָס איז שוין פון לאַנג אָן באַקאַנט, באַזיצט די רייכסטע און ביזאַרסטע פאַנטאַזיע...

„פּיליפּינאָ'ס לוויה־הײם"... דאָ, ווו איך האָב געוווינט אַרום דריי יאָר צייט, ווו איך האָב טאָג־טעגלעך געשריבן, געשריבן טאָג און נאַכט און איך האָב אויפגענומען פריינט און פרויען, און איך האָב אַריינגענומען אין מיינע דערציילונגען אַלס העלדן סילועטן פון שכנים, ביזאַרע כאַראַקטערן, וואָס פלעגן תמיד אַרויסשטעקן די קעפּ פון די פענצטער, אַזוי ווי וואַלפישן וואָס שטעקן אַרויס די קעפּ פונם ים יעדער ווײלע, כדי אָנצושעפּן פרישן אָטעם... דאָס דאָזיקע הויז ווו עס האָט געוווינט אַ שרייבער, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טויטנהויז...

אסור צי איך וואָלט דאָס געגלויבט, ווען איך וואָלט עס לייענען אין אַ נאָוועלע...

## דער טאַטע ווערט גרוי איבער נאַכט

עס איז פיר אַזייגער אין באַגינען. אין דרויסן גייט גאָט'ס אָן אומעטי־קער רעגן. דער רעגן דרינגט אַריין אין מיין שטוב. דער שטורעמווינט האָט מיך ביינאַכט אָנגערירט מיט גאָט'ס מוראדיקע און הייסע הענט. איך בין אומרואיק. אין דער האַנט שטעקט מיין שר מיר אַריין די פּענע. אַ שטיק פינצטערע נאַכט בידערט אַראָפּ צו מיר — דער טינטער מיט טינט. פאַרוואָס פייניקט עס מיך אַזוי שטאַרק און איך מוז אָנשרייבן דעם טאַטנס מעשה וועגן דעם מאָדנעם דייטשל?...

דער טאַטע פלעגט שטיין ביים קאַפּלאַנאָון אויוון, מיט די הענט אונ־

טער דער פּלייצע, אַזאַ מרה־שחורה׳דיקער. ער פלעגט דעמאָלט אויסזען אַ סך העכער ווי עס איז געווען זיין געוויינלעכער וווקס. אפשר מיט אַ גאַנצן קאָפּ העכער פון זיך אַליין. און זיין קול איז אויך געווען מאָדנע פאַרענדערט. מיר פלעגט דעמאָלט איינפאַלן: ער זעט אויס אַזוי ווי שאול המלך... אַ פינצטערע מרה־שחורה יאָמערט אין זיינע ביינער...

און דער טאַטע דערציילט די מעשה: — עס איז שוין געווען פאַרנאַכט־צו. איך בין געווען דער איינציקער איד צווישן אַ גרופּע פּויערים, וואָס זיינען אַהיימגעפאָרן פונם יאַריד. איך בין געפאָרן מיטן טאַטנס פערד־און־וועגעלע. אין אַ שליחות פאַרן טאַטן. פּלוצלינג פאַלט איין די פּויערים אַז מען זאָל צופאָרן צום נאָענטן טייך אויפן וועג, כדי אָנצופּויען אונדזערע פערד. די פערד זיינען געווען דאָרשטיקע. וואָרים דער טאָג איז געווען אַזאַ ברענענדיקער...

און דער טאַטע דערציילט אַז ער און די פּויערים מיט זייערע פערד־און־וועגענער זיינען צוגעפאָרן צום טייך און זיי האָבן אָנגעפּויעט די פערד. דער טאַטע איז דאָך אָבער געווען אַ איד... האָט ער געלאָזט שטיין דאָס פערד ביים טונקעלן טייך. און ער האָט זיך דערוויל פילאָסאָפיש פאַרטראַכט... אַ איד האָט פון וואָס צו טראַכטן... עס איז דאָך געווען פאַרנאַכט־צו. דער טאַטע איז נאָך יינג. פיל יינגער ווי זיין זון וואָס שרייבט די דאָזיקע שורות... ער האָט ערשט נאָרוואָס חתונה געהאַט און ער אַרבעט אין זיין טאַטנס מיל. זיין ברודער משה׳ל איז דער שרייבער אין טאַטנס מיל... ער פירט די בוכהאַלטעריע. אגב האָבן לעצטנס, זינט דער טאַטע האָט חתונה געהאַט, זיך אַריינגעגנבעט די שדים אין דער מיל... ביינאַכט הערט מען ווי זיי מאָלן קאָרן און ווייץ. די שדים נעמען ביינאַכט איבער די מיל, ווען אַלע שלאָפן שוין... אין דער פרי, ווען מען גייט אַהין אַריין, זעט מען ווי די זעק מיט תבואה זיינען צעוואָרפן... אַלץ איז איבערגעדרייט: טישן, בענק און לייטערס... איינמאָל ביינאַכט איז דער טאַטע געזעסן אין חדר און האָט געשריבן אַ בריוו... פּלוצלינג זעט ער ווי אויפן פולאָפּ דראַפּעט זיך אַ ריזיקע קאַץ. און נאָך איידער ער האָט רעכט צייט געהאַט אָנצוקוקן די פרעמדע און הערלעכע קאַץ, וואָס האָט אויסגעזען ווי איין גרויס שטיק בריליאַנט, פאַרשווינדט זי אין אַ דיגער שפּאַרונע אויפן געקאַלעכטן סופיט... אירע גרויסע, פינקלענדיקע אויגן האָט שוין דער טאַטע קיינמאָל נישט געקענט פאַרגעסן...

דער זיידע, ר׳ לייבוש יואל׳קעס, האָט אַפילו אָנגעזאָגט זיינע פאַראָבקעס אַז מען זאָל די שדים נישט טשעפּן... אויב זיי האָבן האַלד צו מאָלן אין דער מיל, זאָלן זיי... סוף־כל־סוף זיינען זיי אומגליקלעכע נשמות און מען טאָר זיי נישט פּייניקן... גאָט האָט נישט געדאַנקשעט זיי צו שענקען מענטשלעך־וואַרעמע גופים... וואָרים עס איז שוין געווען ערב־שבת...

דער טאַטע טראַכט און טראַכט וועגן זיין צוקונפט... אין דער היים וואַרט אויף אים זיין יינגע פרוי רחל־לאה... זי איז שוין שוואַנגער מיטן ערשטן קינד... וועט עס זיין אַ יינגל אָדער אַ מיידל? וועט זי האָבן נאָך קינדער? יאָ, מיט גאַנצע פערצן קינדער וועט דער רבונו של עולם מאַכן פרוכטבאַר איר טראַכט...

און וואָס אייגנטלעך איז זיין תכלית אין דער וועלט? ווער איז ער דאָס, דער טאַטע? פונוואַנען קומט ער „פלוצלינג" אין דער וועלט אַריין און וווהין גייט ער? ווער האָט אים דען אַרויסגעכישופט מיט אַן אייזערנעם ווילן און אַ מוראדיקן באַפעל פון הימל, פון דעם ים מיט נאַקעטע נשמות, און האָט אים טיראַניש געצווונגען צו ווערן, צו זיין און צו טראָגן איצט דעם עול פרנסה און צו ווערן אַ טאַטע פון קומענדיקע זין און טעכטער? און פאַרוואָס הילט אים איין אַזאַ פינצטערע מרה־שחורה, ווען ער טראַכט פון זיין לעבן? פאַרוואָס ווייגט עפּעס אין זיין גאַנצן יסורימדיקן געביין?

דער טאַטע דרימלט איין ביים טונקעלן טייך. פלוצלינג הערט ער ווי דאָס פערד הירזשעט אומגעווײנלעך. ער כאַפּט זיך אויף און ער זעט מיט פּחד אַז ער איז געבליבן שטיין איינער אַליין אויף אַ פעלד... די פויערים האָבן אים אָפּגעטאָן אַ קונץ און זיי זיינען אַלע אַוועקגעפאָרן. דער טאַטע מיטן געלן פערד שטייען אַליין ביים ברעג פונם טייך. שנעל טוט ער אַ שמיץ מיט דער בייטש דאָס פערדל און ער נעמט פאָרן אין טיפער איינזאַמקייט און שרעק. דער טאַטע וויל אָניאָגן די פויערים פאַר הימלעכקייטס־וועגן. אָבער פון די פויערישע וועגענער איז שוין לאַנג נישטאָ קיין שפור. זיי האָבן וויל געוווסט אין וואָסאַראַ מעמד זיי לאָזן דאָ איבער דעם טאַטן, אַליין, אויף פוילישע פעלדער... אין דער פינצטערניש פון דער צופאַלנדיקער נאַכט... דאָס פערדל לויפט ווי אַ מענטש, ווי אַ געפּייניקטע נשמה, איבער די פייכטע און מוראדיקע פעלדער... פייערפליגעלעך פינקלען אין דער נאַכט, ווי מענטשן וואָלטן זיצן און רויכערן ציגאַרעטן...

פלוצלינג הערט דער טאַטע ווי עמעץ רופט: — „פאַניע מאַטעק! פאַניע מאַטעק!" ער קוקט זיך אַרום און ער זעט ווי אַ גרופּע מענטשן זיצן אויפן פעלד און זיי זיינען מיט עפּעס פאַרנומען... און באַלד טאַקע דערנענטערט ער זיך מיטן פערד־און־וועגעלע צום פלאַץ פון דער סצענע.

ער זעט ווי דער דאָקטאָר פון שטעטל איוואַנגאַראָד און נאָך אַ פּאָר מאָדנע מענטשן מיט פאַרשאַרצטע אַרבל פּאַלמעסן אַ הרוג... דער הרוג ליגט אין גראָז און זיין בויך איז אָפן. און דער דאָקטאָר מיט זיינע צוהעלפערס האַלטן אין די הענט די טויטע געדערים פון אַן אומבאַקאַנטן מענטש, אַ פרוי, אַ יינגע פרוי...

דער טאַטע ציטערט אויף פון דעם אומהיימלעכן בילד... דער דאָקטאָר קען אים, דעם טאַטן, נאָך ווען ער איז געווען אַ קליינטשיק אינגעל... די

באָבע רייזל האָט דערציילט ווי אַזוי דער טאַטע איז איינמאָל געווען מסוכן קראַנק און דער דאָקטאָר האָט אים געהיילט מיט קרייטעכצער... דער דאָקטאָר, האָט מען דערציילט אין שטעטל, האָט אַזאַ מין עליקסיר וואָס אַז מען טרינקט דאָס, לעבט מען אייביק...

אָבער דער דאָקטאָר אַליין איז שוין געווען זייער אַלט. אַזוי אַלט אַז זיין געביין איז שוין געוואָרן אויסגעקרומט און זיין גאַנץ געשטאַלט האָט זיך שוין גענומען בויגן צו דר׳ערד. זיינע געלע הענט ציטערן ווי פון שטורעם־ווינט באַוועגט און זיין קאָפּ איז גראָ ווי אַ טויב... איצט, ווען ער פאַלמעסט אַ יינגע פרוי דאָ, אַוודאי אַ דערטרונקענע פרוי, וואָס מען האָט אַרויסגעצויגן פון טייך, ציטערן זיינע אַלטע און טרויעריקע הענט נאָך מער ווי תמיד... פאַרוואָס טרינקט נישט דער דאָקטאָר זיין אייגענעם עליקסיר כדי צו לעבן אייביק? וויל אפשר דער חשובער דאָקטאָר מיט זיין אַלט־געוואָרענעם גוף מער נישט לעבן?...

שיין איז די דאָזיקע פרוי וואָס מען פאַלמעסט אַצינד אין זון־אונטערגאַנג. ווער האָט איר געשלאָגן איבער די אויגן, וואָס עס דאַכט זיך אַז זיי וועלן זיך באַלד עפענען ווי צוויי גרויסע שטערן אויפן פינצטערן הימל... אַז זיי דרימלען בלויז אַ ווײַלע... באַלד וועט זי עפענען אַ פּאָר הערלעכע אויגן ווי צוויי גאָלדענע שטערן אין אַ פינצטערער נאַכט אויף גאָט׳ס אייביקן הימל... זי וועט עפענען אירע גרויסע ברילִיאַנטן — אירע אויגן — און זי וועט אַלעמען אָנקוקן מיט איבעראַשונג און זי וועט צוזען ווי מען טרייבערט דאָ אירע גדערים און, ווער ווייסט, אפשר וועט זי דאָ אַלעמען פאַרשעלטן און אַלץ וועט דאָ בלייבן שטיין פאַרגליווערט און פאַרשטיינערט... די גאַנצע סצענע וועט ווערן צו קאַלטן מאַרמאָר... און אויך ער, דער טאַטע, וועט ווערן פאַרשטיינערט צוזאַמען מיט זיין פערד־און־וועגעלע... אָבער די פרוי איז געטלעך־שיין און נישט קיין קללה רוט אויף אירע איידעלע ליפּן, נייערט אַ שטילע, אַ טרויעריקע תפלה...

און דעם טאַטן האָט זיך געדאַכט אַז דער גאַנצער האָריזאָנט בלוטיקט אָפּ מיט די בלוטיקע פלעקן פונם געפּאַלמעסטן הרוג. און וואָלקנס אויפן הימל האָבן זיך געעפנט אַזוי ווי ריזיקע בלעטער פון געהיימנישפולע, פאַרצייטישע ספרים, וואָס האָבן דערציילט די מעשה פון דעם דאָ צעשניטענעם מענטש און פון זיין שיקזאַל. דער טאַטע האָט געזען די איינזאַמע לאַנדשאַפט פון אַ טויטן, צעבראָכענעם מענטש: ער האָט געזען אַרום די שטראַלדיקע פרוי די מענער מיט רויטע, פאַרבלוטיקטע פינגער... אים האָט זיך געדאַכט אַז ער איז אויך איינגעריסט אין דעם פינצטערן און טרויעריקן בלוט... ער האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג אַריינצולויפן אין די שוימיקע כוואַליעס פון טייך, זיך אָפּצוּוואַשן, זיך צו רייניקן און אַראָפּשווענקען דאָס בלוט פון זיין פלייש, פון זיין געביין און פון זיינע מחשבות... ער האָט געזען ווי איבער דער

טויטער פרוי׳ס גוף זאָגט קדיש און יאָמערט אַ זייער שיינער און שטראַלנ־דיקער מלאך... עמעץ האָט גערעדט צום טאַטן... אָבער, ער האָט נישט געוווסט ווער עס רעדט... אפשר רעדט די נשמה פון דער טויטער פרוי צום טאַטן?

אַ וויסטער פחד האָט אים באַהערשט און ער האָט גענומען האַסטיק טרייבן דאָס פערדל פאַרויס אויפן אומהיימלעכן וועג... מען האָט אים נאָכגעשריגן און געוואָרנט... ער האָט געהערט קולות וואָס דראָען אים... אָבער דער טאַטע האָט שוין איצט מער נישט געטריבן דאָס פערד. נייערט דאָס פערד האָט אים געטריבן... אָט איז דער טאַטע דאָס אָרעמע פערד און ער לויפט העגדום־פּעגדום איבערן נאַכטיקן, איינזאַמען און פאַרבלו־טיקטן פעלד... דער טאַטע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן צום פערד זעלבסט און ער לויפט אָן אַן אָטעם... און אויפן וואָגן, פילט ער, זיצט עמעץ, זיצט איינער אַ פירכטערלעכער מאַן, זיין שר, זיין שיקזאַל און ער שמייסט אים מיט דער בייטש איבער דער פּלייצע און ער שלאָגט אים, פאַרמוטשעט אים און טרייבט אים פאָרויס פון זיין לעבן...

דער טאַטע איז אַזוי אָפּגעפאָרן אַ היפּשע צייט... און, ווען ער איז אַביסל געקומען צו זיך, זעט ער אַז ער פאָרט פאַרביי אַ זייער גרויסן בית־עולם... ער האָט גאָרנישט געדענקט אַז דאָ, אויפן וועג אַהיים צום זיידן, געפינט זיך אַזאַ ריזיקער בית־עולם... עס ציען זיך גאַנצע פעלדער מיט מצבות, מיט פּאַמניקעס און מיט דענקמעלער אָן אַ סוף... אַזוי ווי דאָ וואָלטן אַלע מענטשלעכע דורות געוועזן באַגראָבן... ווי די גאַנצע טויטע מענטש־הייט וואָלט דאָ געפוילט מיט אירע סקעלעטן...

דער טאַטע טרייבט דאָס פערדל וואָס שוועבט אין וואַלד, ווי אַ גייסט, פאַרביי די מיליאָנען מצבות מיט אַלערליי טונקעלע אויפשריפטן...

און אַזוי ווי דאָס פערדל לויפט און עס האָפקעט און שוועבט אין דער נאַכט ווי אַ שיכורער גייסט, זעט דער טאַטע ווי עס גייט אַרויס פון צווישן די קברים און מצבות אַ געשטאַלט אַזאַ... עס דערנענטערט זיך גלייך צו אים. עס איז אַ טונקעל דייטשל מיט אַ האַרט קאַפּעלושל אויפן קאָפּ. מיט גאָלדענע פאַנסנע אויפן נעזל. מיט אַ דיגעם שטעקעלע אין דער האַנט. דאָס דייטשל נעמט אָן דאָס פערד פאַרן צוימל און פירט עס דורכן וואַלד... — —

דער טאַטע דערציילט און מיר, קינדער, שוידערן... מיר הערן זיך צו צו דער מעשה שוין צום ווייפילטן מאָל... אָבער יעדעס מאָל, ווען מיר קומען צו צום דייטשל, שוידערט עס אין אונדזערע ביינער... און עס שוידערט מיך אַוודאי איצט אויך, ביים אָנשרייבן אין פריען באַגינען די געשיכטע...

דער טאַטע זיצט אויפן וואָגן — אַ צום־טויט־פאַרגליווערטער... די צייט ציט זיך אויס מיט אַ מוראדיקער דויערהאַפטיקייט. אין הימל בליצן

גרויסע, אימה׳דיקע שטערן. דער וואַלד איז איין שטיק אורנאַכט און טינט־פינצטערניש. און דאָס דייטשל שווייגט און פירט אַזוי שטומערהייט דעם טאַטנס פערד־און־וועגעלע... עס פירט דעם טאַטנס לעבן דורך מוראדיקע וועלדער פון לעבן... פירט אים אפשר פאַרביי דורך אַלע זיינע קומענדיקע איבערלעבענישן?...

ביים ברעג פון וואַלד האָט דאָס דייטשל זיך העפלעך פאַרנויגט צום טאַטן און עס איז פאַרשוווּנדן געוואָרן. דאָס פערד איז איצט אַליין געלאָפן אָן אָן אָטעם און אָן אַן אָפּשטעל... דאָס פערד האָט אַליין געוווּסט דעם וועג. און ווען זיי האָבן זיך דערנענטערט צום זיידענס הויף, האָט דאָס פערד אַפילו נישט געוואַרט אַז מען זאָל עס עפנען דאָס טויער. נייערט עס האָט געטאָן אַ שפּרינג אַריבער דעם שטאַכעט און עס האָט זיך אָפּגעשטעלט האַרט ביי דער טיר פון זיידענס הויז...

דער זיידע איז דער ערשטער אַרויסגעשפּרונגען פון שטוב. און דער טאַטע, דערזעענדיק זיין טאַטן, האָט געגומען חלש׳ן. אַ סך וואַסער איז אויף אים פאַרגאָסן געוואָרן, ביז מען האָט דעם טאַטן קוים אָפּגעמינטערט... אָבער זיין קאָפּ האָר איז געווען גרוי ווי ביי אַ טויב...

און דער טאַטע האָט זיין גאַנץ לעבן געדענקט די פּאַסירונג מיטן פּאַלמעסן פון דער שטראַלנדיקער פרוי און מיטן דייטשל אין וואַלד... און ער האָט אַלע יאָרן אַריינגעטייטשט דערין אַלע געהיימנישפולע טייטשן... און אַלע שפּעטערדיקע פּאַסירונגען פון זיין לעבן, האָט ער געהאַלטן, זיינען געווען אַ רעזולטאַט פון דער דאָזיקער מאָדנער איבערלעבעניש... אין יענער נאַכט איז געשריבן געוואָרן אין הימל מיט די אותיות פון שיקזאַל זיין גאַנץ לעבן... (און, ווער ווייסט, אפשר אויך דאָס לעבן פון דעם שרייבער פון דעם דאָזיקן בוך...)

---

## נאָכוואָרט

דער שרייבער פון די שורות, ווי מען קען עס קלאָר זען אינם דאָזיקן בוך, האָט אַ געוואַלטיקע ליבשאַפט און יראת־הכבוד צו זיין מוטער, די צדיקת, און אַ טיפע באַוווּנדערונג און דרך־ארץ צו זיין פאָטער, דעם קאָמפּליצירטן מענטש און אומגעהויער־פּילפּאַרביקן כאַראַקטער. ווען מיר לייענען איצט די מאַנוסקריפּטן וועגן דעם טאַטן, געשריבענע צו פאַרשידענע צייטן און פעריאָדן פון אונדזער לעבן, דערשרעקן מיר זיך ממש פאַר דער געוואַגטקייט אַנטקעגנצוטרעטן נאָך זיין טויט אַן אייגענעם טאַטן. עס שאָקירט אָן ספק דעם ליבן לייענער און אויך דער מחבר, אפשר נאָך מער ווי דער לייענער, איז נישט פריי פון אַזאַ מין געפיל צו זיין ווערק... אָבער, וואָס קען דער מחבר טאָן ווען ער וויל פאָרט ערלעך פאַרשרייבן אַן אייגע־

נעם טאַטן און ווען ער וויל מאָלן זיין פּאָרטרעט מיט די פאַרבן פון אַבסאָ־לוטן אמת ? !

אין משך פון צייט גייט דיר נאָך דאָס מעכטיקע און דאָס טראַגישע גע־שטאַלט פון דיין טאַטן. עפּעס ווי אַ מיטאָס ווערט עס אין דיר געבויט, גע־האַמערט און געדענקמאָלט מיט אייזערנע ציגעל און מיט גאָלדענע שטאַבעס. דיין טאַטע שטייגט אויף אין דיין זכרון ווי אַ מין מיטלאַלטערלעכער דאָקטאָר פאַאוסטוס, וואָס גייט אַדורך די שרפות פון גהנום און פון גן עדן, טרינקענדיק דעם גרויסן כוס מיט פייער פון וויסן און פון הונגער, כדי אַלע מענטשלעכע פאַזן איבערצולעבן. דו קריגסט אַ מערקווירדיקן דרך־ארץ צו דיין טאַטן, אַפילו ווען ער עפנט זיך פאַר דיר ווי אַ בליציק־אָנגעצונדענע, שעקספּירישע געשטאַלט, אַמאָל ווי אַ קעניג מאַקבעט, אַן אַנדערשמאָל ווי אַ טראַגישער פּרינץ האַמלעט דער פילאָסאָף און מאָראַליסט און דאַן ווידער ווי דער אומגליקלעכער און גרייז־גרויער קייסער ליר, אין קריינקונג טראַכטנדיק פון דער מענטשלעכער אומדאַנקבאַרקייט און ווילדער באַרבאַ־רישקייט. זיינע געראַנגלען פאַר פּשוטער פּרנסה, זיין מוראדיקע אָרעמקייט און זיינע שלאַכטן מיטן לעבן ווערן דיר אַלץ קלאָרער מיט יעדן טאָג. דו זעסט די ביטערע שטאָק־פינצטערניש פון זיינע האָפנונגסלאָזע נעכט. ער וואַקסט אויס אין דיין שפּערישער פאַנטאַזיע ווי אַ גראַנדיעזע סאָפאָקלעס־געשטאַלט. דו האָסט דרך־ארץ פאַר זיין ליבשאַפט צו וועלט־געשיכטע און פאַר זיין פאַרצייכענען אין טויזנטער בריוו און אויף די מאַרגינעזן פון ספרים די היסטאָרישע כראָניק פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אַוודאי איז מיר דערוווידער זיין פאַרערונג פון די רוסישע צאַרן, זיין „רעאַקציאָנערער״ גייסט, זיין זינלאָזער ראָיאַליזם און זיין שטרעבונג צו מאַכט. אָבער דאָס איז סוף־כל־סוף די ראָמאַנטישע פאַרערונג צו לוקסוס, צו רייכקייט, צו גלאַנץ און גלאָריע, און אויך צו מאַכט, פון אַן אָרעמען און אַ געפאַלענעם מענטש, פון אַן איינזאַמען איד, וואָס איז אין זיין סביבה אָפט אויסגע־חוזקט געוואָרן. די אויסאיבונג פון ברוטאַלער מאַכט און פון יעדער מין ברוטאַליטעט האָט מיין טאַטע פיינט געהאַט. ער איז געווען סיי ווי אויף זיין אופן אַ פריַיהייטס־מענטש, וואָס האָט פאַראַכט דעספּאָטיזם, האָט גע־שוידערט פון דער אידעע צו שיקן זיינע זין אין דער צאַרישער אַרמיי אַלס סאָלדאַטן און ער האָט זיי אַרויסגעשמוגלט קיין אַמעריקע. דער טאַטע האָט פּאַקטיש אַלע יאָרן פון זיין לעבן געקעמפט קעגן יעדער מין פאַרשקלאַ־פונג, סיי אַלס יחיד, סיי אין דער געזעלשאַפט. ער האָט פיינט געהאַט צו ווערן אַ דינער ביי דער פרוי, ביי די קינדער, ביי דער פּאַרטיי, ביי רעליגיע, ביים רב, ביי דער געמיינדע, ביי אַרבעט און ביי דער מלוכה. ער האָט, ווי עס ווערט דערציילט אין דאָזיקן בוך, נישט געלאָזט קויפן אַפילו קיין קו, כדי נישט צו ווערן קיין דינער ביי איר... ער האָט אויך נישט געהאַלטן

פון אַ פאַרם, אָדער פון אַ סאַד, ווייל דאָס פאָדערט אַ וועלט מיט אַרבעט און שקלאַפעריי. ער האָט חוזק געמאַכט פון כלי־קודש, פון חברה־קדישה, פון אַנגענומענע פאַרטיי־דאָקטרינען און פון אַלערליי מענטשלעכע אָפּגע־טער... נייך. ער איז נישט געווען זיס ווי די מאַמע... ווי אַזוי קען ער זיין זיס ווען זיין לעבן איז תמיד געווען אַזוי פינצטער פונקט ווי ער וואָלט געהאַנגען אויף אַ תליה, הויך, אין שניי און אין ווינט און תמיד אַרומגע־רינגעלט פון דער שנאה פון די מענטשן?

אַוודאי איז ער געווען שלעכט און דעספּאָטיש. אָבער, מיט דער צייט פאַרלירט דאָס שלעכטס זיינס די ביטערניש און די גאַליקע קוואַליטעט. דו הויבסט אָן צו פאַרשטיין זיין ביטערניש, אַפילו זיין רשעות, אויך זיינע גע־ראַנגלען. וואָרים, ווי קייסער שלמה, האָט אים דער אשמדאי אויסגעשפּיגן אין דעם מדבר פון לעבן... און ווי חוני המעגל, קומט ער אַ פאַרטיקער פרעמ־דער אין מיטן פון זיין דור... און ווי ירמיהו'ן, שלאָגן אים אַלע הערשער... דו לערנסט אים צו באַוווּנדערן ווי אַ מאָנומענטאַל געשטאַלט אין דיין לעבן. צו וועמען דו אַליין, אין דיינע גייסטיקע וואַנדערונגען, ווערסט אַלץ מער ענלעך... דאָס לעבן מיט זיינע בעכערס גיפט־און־גאַל עפנט אויף פאַר דיר דיין טאַטנס וועגן און זיינע פינצטערע־פייערדיקע מלחמות. און דו קומסט צו גיין צו אַ טיפער פאַרשטענדעניש פון דיין טאַטנס געשטאַלט און שיקזאַל. דו הויבסט אָן אייגצווזען אין לייטזעליקע מאָמענטן אַז אַפילו זיינע קללות זיינען די דונערנדיקע אויסדריקן פון זיין שטאָלצן, איינזאַמען און אומגליקלעכן לעבן. דו ביסט צייטנווייז, גרייט צו גיין אין דער פינצטערער נאַכט צו זיין קבר, אים אויסצוגראָבן אין דער פאַרשטעלונג פון דעם זומפּ פון טויט און פון טאָל פון טרערן. אים אָננעמען ביי די נאַקעטע ביינער און צו אים אַריינשרייען אין די טויבע און צעשמעטערטע אויערן: — טאַטע, איך פאַרשטיי דיך אַציגד. טאַטע! איך גיי אַליין איצט אויף אַלע דיינע וועגן, וואָס דו האָסט אָפּטמאָל פאַרגאָסן מיט בלוט און מיט טרערן. און דו גייסט מיר יעדן טאָג אַנטקעגן אַזוי ווי אַ גרויסאַרטיקער קייסער — באַ־לאָדן און געקרוינט מיט יסורים... צייט האָט מיט טויזנט שלאַקסרעגנס געוואַשן דיין געשטאַלט און הערלעך געמאַכט דיין פּנים!...

אָבער, שוין אַפילו מיט אָט דער געוואַלטיקער באַוווּנדערונג און דרך־ארץ צו דיין טאַטן, צווייפלסט דו אַלץ נאָך: צי וועט דער חשובער לייענער רעספּעקטירן די דאָזיקע פאָטער־קאַפּיטלעך? איז עס פאַרט נישט געוואָגט אַזוי צו שרייבן וועגן דיין אייגענעם טאַטן?...

עס איז מיר, פאַרשטייט זיך, שווער צו באַשליסן געגנוי וואָס צו טאָן. און דעם ריינעם אמת ווילט זיך פאַרט שרייבן. וואָרים אָן דעם אמת פאַרלירט אַלץ די אמת'ע פאַרב, כאַראַקטער און געשטאַלט. עס ווערט רעדוצירט צו אַ ביליקע זשורנאַליסטישע פאָטאָגראַפיע — אָן די עלעמענטן פון גרויס־

מאַלעריי, וואָס באַפּליגלט און באַפּלאַמט די נשמה פון דער געשילדערטער פּערזענלעכקייט... און דער זין פון דיין לעבנסגעשיכטע פאַרלירט איר באַדייטונג און צוועק. —

דער מחבר פון דעם בוך, דער סאַמע יינגסטער פון דער פאַמיליע, שטייט — אויב נישטביים געבורט, איז ביים אַלט ווערן און אויסשטאַרבן פון די מיטגלידער פון זיין משפחה, אַזוי ווי אַ רעפּאָרטער שטייט ביים אָפּשיין פון אַ שרפה, אָדער ביים אויפשטורץ און אויסבראָך פון פייער און לאַווע פון אַ וואולקאַן, ווי ביים אונטערגאַנג פון אַ וועלט. עפּעס פילט ער אַז ער מוז שרייבן דעם רעפּאָרטאַזש פון זיין פאַמיליע. אַז ער מוז אָפּגעבן חשבון פון זיין משפחה׳ס איבערלעבענישן. ער, וואָס באַגלייט זיינע טאַטע־מאַמע און זיינע ברידער און שוועסטער צו די קברים — קומט ביינאַכט אַהיים, אַן איינזאַמער מאַן, און ביים שיין פון אַ ליכטל, וואָס בלייבט אים דען איבער מער צו טאָן, אויב נישט צו שרייבן דעם סך־הכל און דעם חשבון הנפש פון זיין דור, זיין צייט און פון זיין אייגענעם לעבן...

וואָס און ווי אַזוי אַן אויטאָביאָגראַפיע זאָל געשריבן ווערן, איז דער סאַמע ערשטער און וויכטיקסטער געבאָט, דענק איך, אַז מען זאָל ווערן דיק־טירט פונעם ריינעם אמת. דער אמת איז דער בעסטער מורה־דרך אין אַ בוך פון דעם זשאַנר.

מען קען מאַכן אַ סך טעותים בנוגע פאַרשידענע פּראָבלעמען. אָבער אויב מען האָט זיך בשעתן שרייבן באַנוצט מיטן ריינעם אמת, וועט עס סוף־כל־סוף בשלימות אַרויפפירן אויפן ריכטיקן וועג אינם פינצטערן וואַלד פון אַלערליי מענטשלעכע און ליטעראַרישע בלאָנדזשעניש. — דער אמת זאָל זיין דיין ליכט, דיין פייערדיקער שטערן אין דער טיפער נאַכט פון דיין לעבן. —

דאָס איצטיקע אויטאָביאָגראַפישע ווערק מיינס איז אויסגעוואַקסן צו אַ ריזיקן מאַנוסקריפּט פון איבער דריי טויזנט זייטן, וואָס איך האָף אַז דער מאַטעריאַל וועט זיך ווויל אַריינפּאַסן אין דריי סאָלידע בענדער, פון אַרום טויזנט זייטן שריפט אין יעדער איינעם באַנד. אַזוי ווי דער איצטיקער באַנד, אין זיין ערשטער און ברייטערער העלפט, שטייט מיט אַלע זיינע גרעסערע און קלענערע קאַפּיטלעך אין צייכן פון מיין טאַטן, וואָס איז מיט צייט און וואָרט אויסגעוואַקסן אין מיין שעפערישער פּסיכיק צו אַ געשטאַלט פון גרויסן געראַנגעל און פון טראַגישן פאַרמעסט מיט די כוחות פון וועלט און פון זיין שיקזאַל, אַזוי שטייט דער צווייטער טייל פונם בוך אין צייכן פון מיין מאַמען, וואָס איז לויט איר כאַראַקטער, לויט איר האַרץ און נשמה אין שאַרפע קאָנטראַסט צו מיין טאַטנס אומרואיקן און העראָאישן כאַראַק־טער. די מאַמע צייכנט זיך אויס מיט געוואַלטיקער מענטשלעכער גרויסקייט לויט איר רחמנות צום ליידנדיקן מענטש, לויט איר טראָגן מיט שטילקייט און מיט טיפער הכנעה דעם ביטערן יאָך פון איר אָרעמען לעבן און דורכ־

גייענדיק די יאָרן מיט אַ מאַן וואָס איז, מילד גערעדט, נישט געווען איר זיווג...

ערשט אין צווייטן באַנד וועט ווערן געשילדערט די קינדהייט, די יוגנט און די רייפע יאָרן פון דעם מחבר פון דעם איצטיקן בוך, ווי ער איז געקומען אויף דער וועלט און געבליבן שטיין ביז צום מאָמענט ווען זיינע עלטערן האָבן שוין מער פיזיש נישט עקזיסטירט. אין צווייטן באַנד וועט נאָך אַלץ ווערן דערציילט פון פוילישן שטעטל, ווו איך האָב פאַרבראַכט ביז צו מיין זעכצענטן יאָר. —

אויך וועט אין צווייטן באַנד באַשריבן ווערן דאָס לעבן פון מיינע ברידער און מיינע שוועסטערן. אין דריטן באַנד וועל איך צייכענען מיינע איבערלעבענישן אין בעלגיע, ווו איך האָב געלעבט איבער צען יאָר, און דעם פאַרגאַנגענעם פערטל יאָרהונדערט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. —

פאַרשטייט זיך, אַז ווי די שוין דערמאָנטע אַמאָליקע עפּישע דיכטער, וואָס האָבן געעפנט זייערע גרויסע געזאַנגען מיט אַ ווענדונג צו דער מוזע, אַזוי ווענד איך זיך איצט, און די גאַנצע צייט בשעת׳ן שרייבן דעם דאָזיקן מאַנוסקריפּט, צום רבונו של עולם, מיט אַ שטילער תפילה אין מיין ציטערנדיקן האַרצן, אַז דער וואָס לעבט אייביק זאָל מיר שענקען לעבן, געזונט און כוח צו פאַרווירקלעכן דאָס אַרויסגעבן פון אַלע דריי בענדער...

און, פאַרשטייט זיך, אַז דער ליבער אידישער לייענער, וואָס האָט אַ וואַרעמע באַציאונג צו מיר און צום אידישן וואָרט בכלל, וועט, האָף איך, מיט מיר ווייטער גיין אויפן שווערן וועג פון רעאַליזירן מיין ווערק. זיין הילף, דעם טייערן לייענערס, וועט, אַזוי ווי תמיד, געפינען דעם וואַרעמסטן רעספּאָנס — און, פּשוטער גערעדט, אַ זייער טיפן דאַנקבאַרקייטס־געפיל אין דער סאַמע טיפעניש פון מיין האַרצן... וואָרים עס איז דער אמת אַז די גאַנצע צייט וואָס איך לעב פון דער פען, פּרעציזער גערעדט: פון דעם פאַרקויף פון מיינע ביכער, האָב איך נישט געהאַט קיין שום הילף פון קיין שום אינסטיטוציע, כדי צו דעקן די ריזיקע הוצאות פאַר מיינע ביכער...

איך דערלויב זיך צו זאָגן דעם ריינעם אמת אַז מיינע ביכער דערשיינען אויסשליסלעך אַדאַנק דער פאַרשטענדעניש פונם איינצעלנעם אינטעליגענטן אידישן לייענער און נאָר צום דאָזיקן אידישן פריינט מיינעם, דעם לייענער און קויפער פון מיינע ביכער, איז געווענדט מיין האַרציקסטער דאַנק און מיין האָפנונג...

**ש. טענענבוים.**

ניו־יאָרק, 22 יוני, 1960

# ליד

עס ווילט זיך רעדן מיט דיר שטילע רייד.
עס ווילט זיך גיין מיט דיר אויפן אומענדלעכן וועג
און פאַר דיר אַנטפּלעקן אַלע הערלעכע זאַכן פון דער וועלט
ווי דער פּאָעט ווירגילוס האָט געוויזן דעם בלייכן דיכטער דאַנטע
די טאָלן פון הייסן פייער און פון מענטשלעכע יסורים
און אויך די פרייד־זעאונגען פון גן־עדן.
געטלעכע פרוי! דו האָסט אין מיר מאַגיש אויפגעוועקט אַ טיפע רו
און אַ געוואַלטיקע שטילקייט וואָס עס ווייסן
פון איר בלויז די אומרואיקע גייסטער
און די מענער וואָס די פינצטערניש האָט אָנגערירט
און וואָס האָבן געטרונקען גרויסע בעכערס מיט גאַל און מיט ביטערניש.
דו ביסט אַריינגעגאַנגען אין די ביינער פון מיין לעבן
מיט דער פלושענער שטילקייט פון אַ לאַנדשאַפט
אין אָוונט, ווען די זון ברענט פון איין זייט פעלד
און די צווייטע זייט איז איינגעהילט אין דעם שאָטן פון דער נאַכט.

יאָ, טייערע! זינט דיין דערשיינונג אין מיין לעבן
האָסטו אויפגעוועקט אין האַרצנס־טיפעניש אַן אוצר בענקשאַפט
און אַ ברענענדיקן הונגער דיך תמיד צו זען
און רעדן צו דיר פּשוטע רייד אַזוי ווי דאָס גראָז
וואָס וואַקסט אומפּרעטענציעז ביים זייט פון וועג
מיטן אומשולדיקן פּנים פון קינדער און פון גאָט.
איך דענק אַז דער דאָזיקער אומגעשטילטער הונגער אין מיר
וועט שוין קיינמאָל נישט געזעטיקט ווערן.
און עס איז גוט, אַזוי ווי גאָט, אייביק הונגעריק צו זיין
און דאָס האַרץ צו באַרוישן מיט בענקשאַפט געטלעכער.
אַזוי ווי דער פייערדיקער וואָלקנזייל וואָס איז פאָרויסגעגאַנגען
די אידן אין דעם מדבר —
אַזוי וועסטו אייביק שטיין פאַר מיין דמיון
און פאָרויסגיין פון מיין לעבן,
דו, שטראַלנדיקער זייל פון שטילקייט
וועמענס גילדערנע קרוין עס איז די זון אַליין. —

ניו־יאָרק, 24 דעצעמבער, 1959

# אינהאַלט:

| | |
|---|---|
| | זייט |
| דאָס טויטע געלט פון אַן אימפּעריע | 3 |
| אין ליכטיקן אָפּשיין פון דורות | 24 |
| דער רבי האָט פאַרשאָלטן מיין טאַטן | 69 |
| מיין טאַטע דער פריינט פון געראַניעטע פערד | 72 |
| אַ לוויה אינמיטן דעם קאָכעדיקן ים | 83 |
| מיין טאַטנס אַוואַנטיורעס אין צאַרישן רוסלאַנד | 86 |
| מיין טאַטע שפּילט אין קאָרטן | 87 |
| איך ווער געוואויר פון מיין טאַטן | 89 |
| דער טאַטע איז פאַרכישופט פון דער פינצטערניש | 104 |
| מיין טאַטנס בריטשקע | 106 |
| דער טאַטע איז מחדש די לבנה | 108 |
| דער טאַטע האָט פיינט לוויות | 109 |
| דער טאַטע ברענגט אַהיים אַ באַפליגלטע באַשעפעניש | 111 |
| מיין טאַטנס טינט און פעדער | 120 |
| דער טאַטע קעמפט מיט די ווערם | 124 |
| ווייניקע אויסצוגן פון טאַטנס רייכן פאָלקלאָר | 127 |
| דער טאַטע רעדט צופיל פאַר די צאַרישע אָפיצערן | 131 |
| דעם זיידענס יינגסטע טאָכטער געניע | 134 |
| דער טאַטע זעט אין וואַרשע אַ מאָדנעם מאַן | 158 |
| דער טאַטע חוזקט פון מיין שרייבן | 161 |
| צום טאַטן קומט געשלאָגענער מענטש | 166 |
| דער טאַטע באַנדאַזשירט די ביימער | 168 |
| דעם טאַטנס געהיימנישפולע קאַסע | 230 |
| דער טויט פון קראַנקע זייגערס | 231 |
| אין דער נאַכט ווען די מאַמע ליגט טויט | 239 |
| דער טאַטע ווערט גרוי איבער נאַכט | 324 |
| נאָכוואָרט | 329 |
| ליד | 334 |

## ביכער פון ש. טענענבוים

„עאופּאַריאָן"
פּאָעמע, אַנטווערפּן, 1931.

„ביי דער וועלט צוגאַסט"
רעפּאָרטאַזשן און דערציילונגען, וואַרשע, 1937.

„דער ספינקס"
נאָוועלע, שיקאַגאָ, 1938.

„קינדער פון דער זון"
עסייען, מעקסיקאָ סיטי, 1942.

„גאָלד און זשאַווער"
דערציילונגען, מעקסיקאָ סיטי, 1943.

„די שריפט אויפן האָריזאָנט"
דערציילונגען און עסייען, ניו־יאָרק, 1947.

„שניט פון מיין פעלד"
עסייען, דערציילונגען און מיניאַטורן, ניו־יאָרק, 1949.

„אין גאָט'ס געשטאַלט"
עסייען און מיניאַטורן, ניו־יאָרק, 1951.

„אַ האַנט פאַרשרייבט"
מיניאַטורן, ניו־יאָרק, 1953.

„דיכטער און דורות"
עסייען, ניו־יאָרק, 1955.

„און די ערד באַשטייט אויף אייביק"
דערציילונגען, ניו־יאָרק, 1957.

„אַנאַ פראַנק, דו וואָס האָסט געטרונקען פון גאָט'ס האַנט"
עסייען, דערציילונגען און מיניאַטורן, ניו־יאָרק, 1958.

„דער אמת זאָל זיין דיין שטערן"
אויטאָביאָגראַפיע, ניו־יאָרק, 1960.